# פערדינאַנד לאַסאַל

# געקליבענע שריפטען

## די וויסענשאַפט און די אַרבייטער

איבערזעצט פון דר. י. א. מעריסאָן.

## באַסט אַ־שולצע אָדער קאַפּיטאַל און אַרבייט

איבערזעצט פון א. א. ראבאק.


ארויסגעגעבען פון דער

קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט

ניו־יאָרק 1916




# אינהאַלט:

זייט

# פון די אַרויסגעבער.

---

די האָפנונג צו קאָנען איבערגעבען פערגרעסערן די טהעטיגקייט פון אונזער געזעלשאַפט, וואָס מיר האָבען אויסגעדריקט ביי דער אַרויסגאַבע פון שטירנער׳ס בוך, איז צו אונזער פרייד פערווירקליכט געוואָרן. דער פאָרליגענדער באַנד פון לאַסאַל׳ס שריפטען איז דאָס ערשטע פון די צוויי ביכער, וועלכע וועלען פון איצט אָן ערשיינען רעגעלמעסיג יעדען יאָהר; דאָס צווייטע בוך, וואָס ווערט שוין פערפערטיגט צום דרוק, וועט זיין פרודאָן׳ס „וואָס איז אייגענטום?” און וועט ערשיינען אין אַפּריל 1917, צו אונזער יעהרליכער געגעראַל פערזאַמלונג.

מיר ווילען דערביי אויסדריקען אונזער דאַנק און אָנדערקענונג די איבערגעבענע פערטרעטער פון דער קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט אין די פערשיידענע שטעדט, ווי אויך די ראַדיקאַלע אַרבייטער אָרגאַני־זאַציעס פון לאַנד, פאַר זייער געטרייער אַרבייט און שטיצע, וועלכע מאַכט מעגליך אונזער ערפאָלג. דען נאָר צו פערדאַנקען דער אונאויי־געגוציגער אַרבייט פון די פריינד פון דער געזעלשאַפט און די בעמיהונגען פון איהרע פערטרעטער צוזוציהען וואָס מעהר מיטגליעדער, זיינען מיר אימשטאַנד צו פערטאָפּלען אונזער טהעטיגקייט אין אַזאַ קורצער צייט, און בעזונדערס היינטיגס יאָהר, ווען די בוך־קאָסטען זיינען אַזוי אונ־געהויער געשטיגען.

אויך ווילען מיר אויפמערקזאַם מאַכען, אַז אין איינקלאַנג מיט אונזער פּראָגראַם אַריינצוברענגען אַ ל ע סאָציאַליסטישע קלאַסיקער אין אידיש, האָבען מיר זיך שוין גענומען פאַר דער ריעזיגער אַרבייט אַרויסצוגעבען קאַרל מאַרקס׳ „ק אַ פּ י ט אַ ל” אין אידיש, און די ערשטע העלפט פון דעם מאָנומענטאַלען ווערק וועט פּאָזיטיוו ערשיינען אין אָקטאָבער 1917. —

דער פערוואַלטונגסראַטה.

# די וויסענשאַפט און די אַרבייטער

---

**א** פערטיידיגונגס־רעדע געהאַלטען פאַר דעם בערלינער קרימינאַל־געריכט, אַנטקעגען דער בעשולדיגונג, אַז ער האָט עפענטליך אויפגערייצט די אָרימע קלאַסען צו האַסען און פעראַכטען די רייכע.

---

מיינע העררען פּרעזידענט און ריכטער!

איך מוז אָנהויבען דערמיט, אַז איך פערלאָז זיך אויף אייער איינזעהעניש. מיין פערטיידיגונג וועט זיין אַ גרינדליכע. דער־יבער טאַקע וועט זי מוזען זיין גאָר ניט קיין קורצע. אָבער איך האַלט זיך בערעכטיגט דערצו, ערשטענס מחמת דעם הויכען פּסק, מיט וועלכען דער פּאַראַגראַף 100 פון שטראָף־געזעצבוך דראָהעט מיך; צווייטענס און בעזאָנדערס דערפאַר, וואָס דאָ האַנ־דעלט זיך היינט נאָך וועגען עפּעס גאַנץ אַנדערש, איידער וועגען איין שטראָף און איין מענשען!

ערלויבט מיר גלייך אַריבערצוטראָגען די דעבאַטע פון דעם קרייז פון געוועהנליכע פּראָצעס־פאָרמען און זי דערהויבען צו דער הויך און ווערדע, וואָס עס פּאַסט פאַר איהר.

די אָנקלאַגע, אונטער וועלכער איך בין געשטעלט געוואָרען איז אַ שלימער און טרויעריגער צייכען פון דער איצטיגער לאַגע.

זי פערלעצט ניט נאָר די געוועהנליכע געזעצען; זי גרייפט אפילו אָן גאַנץ בעשטימט די קאָנסטיטוציע גופא; און דאָס איז דער ערשטער פערטיידיגונגס־מיטעל, וואָס איך שטעל איהר אַנט־קעגען.

1. דער אַרטיקעל 20 פון דער קאָנסטיטוציע זאָגט:

„די וויסענשאַפט און איהר לעהרע איז פריי."

וואָס קאָנען און זאָלען די ווערטער „איז פריי", וועלכע די קאָנסטיטוציע פּראָקלאַמירט, בעטייטען, אויב ניט אַז די וויסענ־שאַפט און איהר לעהרע זאָלען ניט זיין געבונדען צו דעם אַלגע־מיינעם שטראָף־געזעץ?

זאָלען אפשר די ווערטער „די וויסענשאַפט און איהר לעהרע איז פריי“ בעטייטען „פריי אין די גרעניצען פון דעם אַלגעמיינעם שטראַף־געזעצבוך“? אין די דאָזיגע גרעניצען אָבער איז דאָך דער אויסדרוק פון יעדער מיינונג, ניט בלויז די וויסענשאַפט און איהר לעהרע, פאָלקאָמען פריי. אין די גרעניצען פון דעם אַלגעמיינעם שטראַף־געזעצבוך איז יעדער צייטונג־שרייבער און אפילו יעדע מארק־פרוי פריי צו שרייבען און צו רעדען וואָס זיי ווילען. די פרייהייט, וועלכע יעדער סאָרט מיינונג־אויסדרוק האָט, דאַרף דאָך ניט און קאָן ניט דערקלערט ווערן פאַר „דער וויסענשאַפט און איהר לעהרע“ דורך אַ בעזונדער ארטיקעל אין דער קאָנסטיטוציע.

אויסטייטשען יענעם ארטיקעל פון דער קאָנסטיטוציע אין אָט דעם זין, וואָלט געהייסען פשוט איהם אוועקלייקענען, איהם אַזוי אוועקטייטשען, ווי ער וואָלט איבערהויפט דאָרט גאָר ניט געווען געשריבען — אַ מין מאָדע בשתיקה צו בעזייטיגען די קאָנסטיטוציע, וועלכע מען האָט היינטיגע צייט טאַקע גאָר ניט פיינט.

עס איז אַלזאָ קיין ספק ניט — אַזוי ווי דער ערשטער כלל פון אַ יוריסטישען פירוש, איז ניט אריינצוטייטשען קיין אבסורדען זין און איבערפליסיגקייט אין קיין געזעץ־בעשטימונג, שוין ניט צו רעדען אין אַן ארטיקעל פון דער קאָנסטיטוציע — עס איז דעריבער, זאָג איך, קיין ספק ניט, אַז דער ארטיקעל פון דער קאָנסטיטוציע מיינט אַקוראַט וואָס ער זאָגט: אַז די וויסענשאַפט און איהר לעהרע זאָלען זיין פריי און ניט־געבונדען צו דעם געוועהנליכען שטראַף־געזעץ.

און עס איז אויך קיין ספק ניט, מיינע הערערן, אַז דאָס איז טאַקע געווען די כונה פון אָט דער קאָנסטיטוציע־בעשטימונג, צו געבען דער וויסענשאַפט דעם פאָררעכט, זי זאָל ניט זיין געבונדען צו די בעשרענקונגען, וועלכע דער פשוט'ער שטראַף־געזעץ לעגט ארויף אויף דעם געוועהנליכען אויסדרוק פון מיינונגען.

ווען די געזעצגעבונג זוכט צו בעשיצען די אינסטיטוציעס פון אַ לאַנד, איז עס אַ זאַך, וואָס מען קאָן בעגרייפען. עס איז נאַטירליך, ווען די געזעצען פערבאָטען אויפצופאָדערן די בירגער זיך אויפצוהויבען מיט געוואַלט אנטקעגען די בעשטעהענדע איינריכטונגען. אָננעהמענדיג געוויסע אַנזיכטען איבער'ן רעכט, קאָן

מען נאך אפילו דערקלערן, פאר וואס די געזעצען פערבאָטען אָנצו־ווענדען גערדאנקענלאָזע ליידענשאפטען, צו פערברייטען זלזולים און פערשפּאָטונגען אַנטקעגען בעשטעהענדע אינסטיטוציעס, אויפצובלאָזען די געפיהלען פון האס און פעראכטונג, אפעלירענדיג צו די לייכט־בעוועגליכע, דירעקטע עמפפינדונג־כחות פון דער מאַסע. אָבער וואס עס מוז אויביג זיין לכתחילה פריי און טאָר ניט זיין געשמידט אין קיינע קייטען; וואס עס איז פאר׳ן שטאַאט גופא וויכטיגער איידער יעדער איינצעלנער געזעץ און טאר ניט זיין געבונדען צו קיין איינצעלנעם געזעץ אלס גרעניץ צו זיין פרייער טהעטיגקייט — דאס איז דער טריעב צו וויסענשאפטליכער דערקענטעניש!

אַלע צושטאנדען זיינען ניט פאלקאם. עס קאן זיך טרעפען, אז אינסטיטוציעס, וועלכע מיר האלטען פאר די היילינגסטע און נויטוועגדיגסטע, זיינען די שעדליכסטע און נויטיגען זיך אם מעהרסטען אין אן אומענדערונג. וועלכער מענש, וואס זיין בליק פאסט אום די פערענדערונגען פון דער געשיכטע זינט די צייטען פון די אינדיער און עגיפטיאנער; וועלכער מענש, וואס פאסט גענוי אום אפילו נישט מעהר ווי דעם בעשרענקטען צייט־רוים פון איין יאָהר־הונדערט, קאן דאס לייקענען?

דער עגיפטישער פעללאך (פויער) הייצט דעם אויוען פון זיין עלענדען ליימענעם הייזעל מיט די מומיעס פון די עגיפטישע פרעה׳ס, די אלמעכטיגע אויפבויער פון די אייביגע פיראמידען. מנהגים, אינסטיטוציעס, געזעץ־ביכער, קעניגליכע פאמיליען, שטאאַטען, פעלקער — זיינען פערשוואונדען געוואָרן אין דעם ראשיגען איבערבייט. אָבער וואס איז מעכטיגער פאר זיי אלעמען, און איז קיינמאל ניט פערשוואונדען, נאר אלעמאל געוואקסען; וואס האט זינט די עלטסטע צייטען פון דער גריכישער פילאזאפיע, אריבערלעבענדיג אלעס אנדערע, אימער נאר זיך פאנאנדערגעוויקעלט אין א שטענדיגען צו־וואוקס; וואס איז איבערגעליפערט געוואָרן מיט א היילינגער עהרפורכט פון איין שטאאט צום אנדערן, פון איין צייט צו דער אנדערער — דאס איז דער שטאלץ־ארויפוואקסענדער בוים פון דער וויסענשאפטליכער דערקענטעניש!

און וועלכער דען איז דער קוואל פון אלע אונאויפהערליךפראגרעסיווע, פון אלע אנהאלטענדע און שטילערהייט זיך פער־

מעהרענדע, פון אלע פריעדליך זיך פערווירקליכענדע פערבעסערונגען אין דער געשיכטע, אויב ניט די וויסענשאפטליכע דערקענטעניש? זי מוז דעריבער הערשען אהן בעשרענקונגען; פאר איהר דארף ניט זיין קיין פעסטע זאך, וואס זי זאל ניט קאנען אריינציהען אין דעם פראצעס פון איהר בעמישער אונטערזוכונג, קיין זאך צו וואס זי זאל זיך ניט טארן צוריהרן, קיין „ריהר־מיך־ניט־אן“־הייליגקייט. אהן דער פרייהייט פון וויסענשאפטליכער דערקענטעניש איז דעריבער נאר שטילשטאנד, פערזומפפונג, בארבארייי! און אזוי ווי זי איז דער אהן־אן־אויפהער פליסענדער קוואל פון אלע פערפאלקאמונגען פון די מענשליכע צושטענדען, אזוי איז זי און איהר מאכט, וואס געווינט לאנגזאם אלע איבערצייגונגען, אין דערזעלבער צייט די איינציגע גאראנטיע פאר א פריעדליכער ענטוויקלונג. דעריבער, איז ווער עס פערשטאפּט אט דעם קוואל, ווער עס פערבאט איהם צו פליסען בנוגע צו וועלכען עס איז צושטאנד, אדער אויף וועלכען עס איז פונקט, דער האט ניט נאר אבגעשניטען דעם קוואל פון פערפאלקאמענונג און ארויסגערופען פינסטערניש און בארבאריי — דער האט צעררייסען דעם עפענטליכען פריעדען און געבראכט דעם שטאאט * צו דער לאגע פון א געוואלטזאמען אומשטורץ און חורבן! ווארים ער האט פערשלאסען דעם זיכערהייטס־דעקעל, דורך וועלכען די געזעלשאפט נעהמט ביסלעכווייז אריין אין זיך, ווי עס פאסט זיך צו איהר לאגע, אלץ וואס ענדערט זיך אונמערקליך, דאס וואס ווערט לאנגזאם ארויסגעוואקסען דורך דער קראפט פון דער וויסענשאפט און געהט אריבער פאמעלאך אבער זיכער אין די קעפ און די צושטענדען. ער האט פערשלאסען דעם זיכערהייטס־דעקעל און געשטעלט דעם שטאאט אין א לאגע פון עקספּלאזיאן! ער האט די וויסענשאפט פערבאטען אויפצוצייגען די וואונדען און די הייל־מיטלען, און האט געבראכט די גסיסה־קאנוואולסיעס, וואס קומען ענדליך פון דער פערבארגענגעהאלטענער וואונד, אנשטאט די פארשונג פון דער קראנקהייט און איהר היילונג.

די אונבעגרענעצטע פרייהייט פון דער וויסענשאפטליכער

---

* דער פערפאסער געברויכט כמעט אומעטום דאס ווארט שטאאט אין דעם זין פון כלל, געזעלשאפט. — י. א. מ.

לעהרע איז דעריבער ניט נאָר אַ רעכט, וואָס קאָן ניט אָבגענומען ווערן פון דעם יחיד, נאָר זי איז קודם־כל און אין נאָך אַ גרע־סערן גראַד די לעבענסבעדינגונג פון'ם כלל, דער לעבענס אינטע־רעס פון דעם שטאַאַט גופא.

דעריבער פערקינדיגט די געזעלשאַפט דעם זאַץ „די וויסענ־שאַפט און איהר לעהרע איז פריי" — פריי אָהן אַ צוזאַץ, אָהן אַ תנאי, אָהן אַ בעגרעניצונג — און כדי צו צייגען, אַז אפילו דער געזעצגעבער טאָר ניט פוגע זיין אין איהם, אַז אפילו ער טאָר אין קיין מאָמענט איהם ניט פערגעסען און פערלעצען, האָט זי דעריבער אַוועקגעשטעלט דעם זאַץ וויט העכער איידער דער גאַנ־צער געזעצגעבונג אין דער קאָנסטיטוציע, ווי אַ פריידיגע הבטחה פון אַ פריעדליכער ענטוויקלונג פון געזעלשאַפטליכען לעבען ביז אין די ווייטעסטע צייטען אַוועק!

אָבער ווי מיינט איהר, מיינע הערען? שטעל איך אפשר דאָ אויף אַ שפּאָגעל־נייע און מאָדנע טעאָריע? מיסברויך איך אפשר דעם וואָרט־קלאַנג פון דער קאָנסטיטוציע, כדי זיך אַרויס־צוהעלפען פון אַ פּראָצעס־פערלעגענהייט?

עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי צו ברענגען פאַר אייך די היסטאָרישע ראיות, אַז אָט די בעשטימונג פון דער קאָנסטיטוציע איז קיינמאָל אַנדערש ניט אויפגעפאַסט געוואָרן; אַז אָט די טע־אָריע איז פון אייביג און הונדערטער יאָהרען פאַר דער קאָנסטיטו־ציע געוועזען ביי אונז אַן אָנגענומענע זאַך; אַז זי איז אַ טראַדיציאָ־נעלער און כאַראַקטעריסטישער גרונד־שטריך פון אַלע גערמאַנישע פעלקער פון די פריהעסטע צייטען אָן.

אין סאָקראַטעס' צייט האָט מען נאָך געקאָנט אָנגעקלאָגט ווערן אַלס לעהרער פון נייע געטער — און סאָקראַטעס האָט גע־טרונקען דעם גיפט־בעכער אונטער דער דאָזיגער בעשולדיגונג.

אין אַלטערטום איז דאָס געוועזען נאַטירליך. דער אַלט־צייטיגער גייסט איז אַזויפיעל געוועזען איינס און דאָסזעלבע ווי די צושטאַנדען פון שטאַאַט — און די רעליגיאָן האָט דאָך געהערט צו די יסודות פון'ם שטאַאַט — אַז ער האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט פון איהם אַרויסשעהלען, ניט געקאָנט אַרויסגעהן פון זיין הויט. ער האָט געמוזט שטעהן און פאַלען מיט די דאָזיגע שטאַאַט־אינסטי־טוציעס, און ער איז מיט זיי געפאַלען! אין אָט אַזאַ פאָלקס־גייסט

איז יערע וויסענשאַפטליכע לעהרע, וועלכע האָט ענטהאַלטען אַ פערלייקענונג פון איינעם פון די יסודות פון׳ם שטאַאט, געווען אַן אָנגריף אויף דעם לעבענספרינציפּ פון דעם דאָזיגען פאָלק גופא, און האָט אַלס אַזעלכער געקאָנט בעהאַנדעלט ווערן.

נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט, איז מיט די גערמאַנישע פעלקער ארויפגעקומען אַ גאַנץ אַנדער ערשיינונג. דאָס זיינען פעלקער, וועלכע קאָנען זיך אויסשעהלען און בייטען די הויט, וועלכע טראָגען אין זיך, בנוגע דער ענטוויקלונגספעהיגקייט פון זייער לעבענספרינציפּ, פון זייער סוביעקטיווען גייסט, די בויג־זאַמקייט דורכצומאַכען די פערשיידענארטיגסטע וואַנדלונגען; פעלקער, וועלכע האָבען שוין דורכגעמאַכט די מעהרסטע און די גרעסטע פון די דאָזיגע וואַנדלונגען, און אַנשטאַט טויט און אונ־טערגאַנג, האָבען זיי אַלעמאָל נאָר געפונען אין זיי דעם יסוד פון אַ העכערער ענטוויקלונג און אַ העכערער בליהונג.

דעם מיטעל צו פאַרברייטען און דורכפיהרען די וואַנדלונגען, וואָס פיהרען צו אַ שטענדיג־העכערער בליהונג, די עלעמענטען פון וועלכע זיי טראָגען אין זיך, בעזיצען די דאָזיגע פעלקער אין דעם פּרינציפּ פון דער אונבעשרענקטער פרייהייט פון דער ווי־סענשאַפטליכער פאָרשונג און לעהרע.

פריהער, אַלזאָ, אַ סך פריהער ווי מען מיינט בכלל אין דער היינטיגער געבילדעטער וועלט, וועלכע איז געוועהנט צו רעכענען די פרייהייט פון דער וויסענשאַפט אַלס איינע פון די מאָדערנע נצחונות — אַ סך פריהער, זאָג איך, האָט זיך דורכגעבראָכען דער אינסטינקט ביי די דאָזיגע פעלקער, אַז די פרייהייט פון דער וויסענשאַפט טאָר ניט זיין געבונדען, ניט פון דער אויטאָריטעט פון איין פערזאָן און ניט פון אַ מענשליכער אינסטיטוציע; אַז זי איז אדרבא נאָר אַ קראַפט, וואָס שטעהט העכער און קומט פריי־הער איידער אַלע מענשליכע אינסטיטוציעס, אַ קראַפט וואָס שטיצט זיך אויף אַ געטליכען רעכט.

„אַזוי ווי דער עץ החיים“ זאָגט דער פּויפּסט אַלעקסאַנדער דער פערטער אין אַ קאָנסטיטוציע, וואָס איז געגעבען געוואָרן אין יאָהר 1255 דער פּאַריזער אוניווערזיטעט — וואָרים אַזוי ווי אַלץ האָט אין מיטעלאַלטער געהאַט נאָר אַ קאָרפּאָראַטיווען קיום, אַזוי האָט דאַמאָלסט די וויסענשאַפט געהאַט אַ קיום נאָר אַלס אוני־

ווערזיטעט — „אזוי ווי דער עץ החיים אין גן עדן פון גאט און אזוי ווי דאס לייכטען פון דער שכינה אין גאט דעם הארן׳ס הויז, אזוי איז דער אינסטיטוט פון פאריזער סטודיום אין דער הייליגער קירך“.

און עס וואלט געווען א גרויסער טעות צו מיינען, אז די אוניווערזיטעטען פון מיטעלאלטער האבען געשטיצט דאס רעכט פון דער וויסענשאפטליכער צענזור, וואס זיי האבען בעהויפטעט אין אזא מערקווירדיג־ברייטער מאס, אויף אזוינע און ענגליכע פויפסטליכע אדער קייזערליכע און קעניגליכע קאנסטיטוציעס. „ניט פון מענשליכען רעכט“ זאגט פעטרוס אלליאצענזיס — א מאן וועלכער איז אין יאהר 1331 געוועהלט געווארן אלס מאגנום מאגיסטער פון דער פאריזער אוניווערזיטעט, און איז געווען אן ערץ־בישאף און דערנאך א קארדינאל — „ניט פון מענשליכען רעכט“ האט ער געזאגט, און אלע שפעטערדיגע סכאלאסטיקער האבען מיט איהם איינגעשטימט, „זאנדערן פון געטליכען רעכט שטאמט די אויטאריטעט פון דער וויסענשאפט אויסצואיבען איהר צענזור“. די צוגעטיילטע פריווילעגיעס און קאנסטיטוציעס פון די פויפסטען, קסרים און קעניגע זיינען נאר די אנערקענונג פון דעם „געטליכען רעכט“, אדער ווי זיי דריקען זיך אויך אויס, פון דעם נ א ט ו ר־ר ע כ ט, פון וועלכען די וויסענשאפט שעפט איהר רעכט.

מיר זיינען געוועהנט, מיינע הערען, צו קוקען אויף דעם מיטעלאלטער הויפטזעכליך ווי אויף א צייט פון פינסטערניש און בארבאריי. אבער אין פיעלע פרטים מיט גרויס אונרעכט, און אין קיין פרט ניט מיט א גרעסערן אונרעכט, ווי בנוגע צו דעם דאמאלסדיגען אנדערקענטען רעכט פון דער וויסענשאפט צו דערהויבען איהר פייערליכע שטימע, ניט קוקענדיג אויף קיין זאך, און אפילו אנטקעגען דעם קעניג און דעם פויפסט.

מיר האבען דא ניט לאנג דורכגעלעבט א קאנפליקט צווישען דער רעגיערונג און דעם פארלאמענט וועגען א בעשטרייטונג פון אויסגאבען, וועלכע די קאממער האט ניט בעוויליגט. מען האט פרובירט צו פערשפרייטען אין לאנד ווער־ווייס וואס פאר א מיינונג מכח דער גרויסער העזה און די בונטאווסקע טענדענצען פון דעם פארלאמענט; און מסתמא האבען זיך געפונען אפילו גענוג

אבגעאָרדענטע, וועלכע האָבען זיך אַליין געוואונדערט אויף זייער איינענער העזה, און זיינען געווען שטאָלץ אויף דעם.

אָבער, מיינע העררען, אין פעברואר פון יאָהר 1412 האָט זיך ערלויבט די פּאריזער אוניווערזיטעט, וועלכע האָט לחלוטין גאָרנישט געהאַט צו טהאָן מיט דער פינאַנץ־פערוואַלטונג פון לאַנד, אָדער מיט דעם קאָנטראָל פון די פינאַנצען, צו אדרעסירען אַ שריפט צו דעם קעניג פון פראנקרייך, קאַרל דעם זעקסטען, ווי זי האָט עס אַליין אָנגערופען „אין די עפענטליכע אינטערעסען פון'ם קעניגרייך". זי האָט אין דער שריפט ספּעציעל אונטערגעוואָרפען אונטער דער שאַרפסטער קריטיק די פינאַנץ־פערוואַלטונג פון לאַנד, און דאַן אויך אַלע אַנדערע צווייגען פון דער פערוואַלטונג, און האָט אויסגעשפּראָכען איבער זיי אַ העכסט־פערניכטענדען אורטייל. און צו וואָס פאַר אַן אַנדער סאָרט געוואַגטקייט פון שפּראַך און פון פאָדערונגען איידער די, צו וועלכע אונזער פּאַרלאַמענט האָט זיך דערהויבען, האָט זיך אין דער דאָזיגער שריפט אויפגעהויבען די פּאַריזער אוניווערזיטעט!

זי ווייזט אָן דעם קעניג, אַז די שטאַאַט־הכנסות ווערן ניט פערווענדעט לויט זייער בעשטימונג, און שליסט דעם דאָזיגען אָנווייז מיט דעם פּעסט־ענטשלאָסענעם אויסרוף: „און מען מוז ווי־סען וואו דאָס געלד איז געבליבען". זי שילדערט פאַר איהם זיין גאַנצע פינאַנץ־פערוואַלטונג און דערהויפט זיינע העכסטע בעאַמטע, די פינאַנץ־מיניסטאָרען, גאָווערנערען און די קרוין־שאַצמייסטער אַלס אַ באַנדע געזעצלאָזע פערברעכער, אַלס אַ באַנדע שווינדלער, וועלכע האָבען זיך אַלע אָהן אויסנאַהם פערשוואָרן צו רואינירען דאָס לאַנד! זי וואַרפט פאָר דעם קעניג מיט וואָסערע מענשען ער האָט בעזעצט דעם העכסטען געריכטסהויז, דעם פּאַרלאַמענט פון פּאַריז, און האָט דורכדעם פערשוועכט דעם נאָמען פון רעכט! זי האַלט איהם פאָר מיט וויפיעל קלענערע סומען זיין פאָרגענגער האָט רעגירט, „און וועלכער צייט דאָס קעניגרייך איז טאַקע געווען גוט רעגירט, גאַנץ אַנדערש ווי איצטער".

זי שילדערט פאַר איהם די לאַסט, וואָס עס דריקט אויף די אָרימע, וועלכע מען מוז דורכאויס אָבשאַפען, און צוליעב וועלכען צוועק זי פערלאַנגט מען זאָל אַרויפלעגען אַ צוואַנג־אָנלייהע אויף די רייכע. און זי דערקלעהרט איהם, אַז אַלץ וואָס זי האָט גע־

גאַנץ אין איהר לאַנגער רעמאָנסטראַנס (מוסר־שריפט). איז אין אמת'ן ווייט ניט גענוג. וואָרים טעג גאַנצע וואָלטען ניט קלעקען וואָרהאַפטיג צו בעשרייבען די מיסרעגירונג פון לאַנד.

איהר רעכט איהם צו מאַכען די דאָזיגע פאָרוואורפען בויט די אוניווערזיטעט אויסדריקליך אויף קיין אנדער זאַך ניט, אחוץ אויף דעם, וואָס זי איז די וויסענשאַפט, וועגען וועלכער אַלע ווייסען, אַז זי איז פאַלשטענדיג אונאייגענוציג, אַז עס איז ניט איהר געוועהנהייט צו האַלטען פאַר זיך די עמטער און די פּראָפיטען, אָדער צו בעשעפטיגען זיך מיט זיי אויף אַנאַנדער אופן אחוץ מיט זייער שטודיום, און דעריבער טאַקע איז עס איהר פליכט צו רעדען, ווען דער פאַל פאָדערט עס.

און זי פאָדערט דעריבער צום שלום ניט ווייניגער ווי דאָס פאָלגענדע: דער קעניג זאָל תיכף ומיד אַלע גאָווערנערען פון די פינאַנצען גאָר אָהן אויסנאַהם אַרונטערזעצען פון זייערע עמטער, פערהאַפטען זיי און אַרויפלעגען אויף זייערע גיטער אַ דערווייליגען אַרעסט, און פערבאָטען אונטער דער שטראָף פון טויט און קאָנפיסקאַציע פון פערמעגען, אַז קיין איינער פון די נידעריגערע פינאַנץ־בעאַמטע זאָל ניט קאָנפערירען און זיך האַלטען עצות מיט די דאָזיגע גאָווערנערען.

ווען איהר לעזט אָט די לאַנגע רעמאָנסטראַנס, מיינע הערען, וועט איהר מוזען מודה זיין, אַז אויב אַזא שריפט וואָלט אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין אונזער צייט, צ. ב. ש. פון דער בערלינער אוניווערזיטעט, וואָלט קוים געבליבען איין פערברעכען אין שטראָף־קאָדעקס, וועלכען דער פּראָקוראָר וואָלט ניט געפונען אין איהר!

האָט מען דאָך ווייניגער ווי אַ יאָהר צוריק, ווי די צייטונגען האָבען דערצעהלט, אַנגעפיהרט אַ דיסציפּלינאַר־אונטערזוכונג וועגען אַ שריפט פון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט, אין וועלכער איינע פון אונזערע אוניווערזיטעטען האָט צוריקגעוויזען דעם מיניסטער'ס אַ וואַהל־אויפפאָרדערונג.

דאַמאָלסט אָבער, אין די פינסטערע צייטען, האָט מען זיך נאָך ניט געפיהרט אַזוי. אַדרבא, פערקעהרט, מען האָט טאַקע געטאָן, אַזוי ווי די אוניווערזיטעט האָט פערלאַנגט: דער שאַטצמייסטער פון דער קרוין, אַנדרי גריפּפּאַרט, ווי פיעלע אַנדערע פון די העכסטע פינאַנץ־בעאַמטע, איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענ־

שאפט, און אנדערע האבען זיך אויסגעדרעהט פון אזא שיקזאל נאר דורכדעם, וואס זיי זיינען באלד אנטלאפען אין א קירך, וועלכע האט זיי בעשיצט מיט איהר אזיל־רעכט.

דאס איז געווען אין יאהר 1412. אבער שוין מיט אכטציג יאהר פריהער איז פארגעקומען אנאנדער פאל, נאך אפשר א מעהר בעדייטענדער, וועלכען איך וועל בעריהרן מעהר בקיצור.

דער פויפסט יאהאן דער 22־טער האט ארויסגעגעבען א נייע אויפפאסונג פון דער דאגמא וועגען דער „וויזיא בעאטיפיקא“ (זיו השכינה) און געהייסען זי פרעדיגען אין די קירכען. די אוניווער־זיטעט פון פאריז — ניט צוריקהאלטענדיג זיך, למען האמת, אפילו פאר דער יראת הכבוד פון היילינען פאטער, און הגם עס האט זיך דא געהאנדעלט וועגען אן עיקר אין דער אמונה, וואס איז א געביעט, אויף וועלכען עס האט קיין ספק ניט געקאנט זיין אין דעם פויפסט׳ס קאמפעטענץ — האט זי ארויסגעלאזט דעם 2טען יאנואר 1332 א דעקרעט, אין וועלכען זי האט די דאזיגע אויפפאסונג פון דער דאגמא דערקלערט פאר א טעות.

דער קעניג פיליפ דער זעקסטער האט איבערגעגעבען דעם דאזיגען דעקרעט צום פויפסט, וועלכער האט זיך דאן געפונען אין אוויניאן, מיט דער דערקלערונג, אז אויב ער וועט זיין אויפפאסונג ניט צוריקרופען, וועט ער, דער קעניג, איהם לאזען פערברע־נען ווי א כופר בעיקר. און דער פויפסט האט עס טאקע צוריקגערופען, הגם ער איז שוין דאן געלעגען אויף זיין טויטען־בעט, ווי איהר קענט מיט מעהר איינצעלהייטען געפינען די גאנצע מעשה ביי בולעאוס אין זיין „היסטאריע פון פאריזער אוניווערזיטעט“, געדרוקט אין יאהר 1668.

אט די ביישפיעלען, וועלכע מען וואלט אגב געקאנט ברענגען פיעל מעהר, וועלען זיין גענוג צו בעווייזען, ווי די פרייהייט פון דער וויסענשאפט איז שוין אין פריהען מיטעלאלטער געווען אונ־בעשרענקט און ניט־געבונדען צו קיינע שטראף־רעכטליכע גרעני־צען אפילו גענענאיבער דעם פויפסט און קעניג — די וויסענשאפט, איך זאג עס נאך אמאל, וועלכע האט אין מיטעלאלטער טאקע נאר געהאט א קארפאראטיווען קיום.

די טעאריע, וואס איך שטעל דא אויף, האט שוין מעהר ווי

מיט 500 יאהר צוריק, זאגאר אין קאטוילישע צייטען און ביי די ראמאנישע פעלקער, געהאט איהר פראקטיקע.

קומט דער פראטעסטאנטיזם און בויט די שטאאט־געביידע גופא, וועלכע ער שאפט, אויף דעם פרינציפ פון פרייער פארשונג! אט דער פרינציפ איז פון דאן אן דער יסוד פון אונזער גאנצער שטאאטליכער עקזיסטענץ. די פראטעסטאנטישע שטאאטען האבען ניט קיין רעכט צו עקזיסטירען אהן איהם, האבען קיין מעגליכקייט ניט דערצו! ווען איז עס אין פרייסען זייט דאן געהערט געוועז, מען זאל מאכען א שטראף־געזעצליכע אנקלאגע אנטקעגען א וויסענשאפטליכע לעהרע?

ווען קריסטיאן וואלף האט אין האללע פאפולאריזירט לייבניץ'ס פילאזאפיע, האט מען איינגערעדט דעם דאמאלסטיגען סאלדאטען קעניג, פריעדריך ווילהעלם דעם 1־טען, אז לויט וואלף'ס לעהרע וועגען דער „פרעסטאבילירטער הארמאניע", דעזערטירען ניט די סאלדאטען פון זייער פרייען ווילען, זאנדערן אין דעם כח פון דער דאזיגער ספעציעלער איינריכטונג פון גאט, און דעריבער, ווען די דאזיגע לעהרע ווערט פערשפרייט אין דער מיליטער, מוז זי האבען א העכסט געפעהרליכע ווירקונג. עס איז אמת, אז אט דער סאלדאטען־קעניג, וועלכער האט געמיינט, אז זיינע רעגימענטען זיינען דער שטאאט, איז אויפגעבראכט געווארן פון דער מעשה ביז גאר און האט, אין נאוועמבער 1723, גלייך ארויסגעלאזט א קאבינעט־ארדער צו וואלף'ן, אין וועלכען ער האט איהם בעפוילען, מיט דער דראהונג פון תליה, צו פערלאזען פרייסען איז צוויי מאל 24 שטונדען — און וואלף האט געמוזט אנטלויפען. אבער אויב עס איז ניטא אנטקעגען די „לעטטערס דע קאשעט" פון די קעניגע קיין אפעלאציע אין דער צייט, האבען זיי דערפאר ניט קיין אנזעהן און קיין בעדייטונג אין דער געשיכטע. א חוץ דעם האט יענער סאלדאטען־קעניג בעגאנגען אן א פ ע נ ע און פרייע געוואלדטהאט און האט ניט געשענדעט די פארמען פון רעכט. ער האט געסטראשעט אז ער וועט וואלף'ן לאזען הענגען, און האט דעם פסק געקאנט לאזען אויספיהרען דורך זיינע סאלדאטען. אפילו די געוואלט האט נאך א געוויסע ווירדע, ווען זי טרעט ארויס אפען. ער האט אבער ניט בעליידיגט זיינע ריכטער־קאלעגיען דורך דער פאדערונג, זיי זאלען פעראורטיילען די וויסענ־

שאַפט! עס איז איהם **ניט** איינגעפאַלען אַנצוטאָן די געוואַלט אין אַ קלייד פון רעכט!

דערצו, ווי נאָר פריעדריך דער גרויסער, וועלכער האָט טאַקע אויך בענוצט סאָלדאַטען, אָבער איז פונדעסטוועגען דאָך געוועזען אַ שטאַאַטס־קעניג און ניט קיין סאָלדאַטען־קעניג, איז בעשטיגען דעם טהראָן, דעם 31טען מאַי 1740, האָט ער מיט זעקס טעג שפּע־טער אליין געשריבען וועגען וואָלף׳ן — (אַגב, פריעדריך וויליהעלם דער 1טער האָט שוין אליין אויף חרטה געהאַט אויף זיין געוואַלט־טהאַט און האָט שפּעטער אַרויסגעלאָזט זעהר עהרענהאַפטע אָבער אומזיסטע צוריקרוף־בריעף צו וואָלף׳ן) — צו דעם קאָנסיסטאָ־ריאַל־ראַטה רייגבעק ווי פאָלגט:—

> „איך בעט איך זיך מטריח צו זיין וועגען וואָלף׳ן. אַ מענש, וועלכער זוכט און ליעבט די וואַרהייט, מוז אין יעדער מענשליכער געזעלשאַפט געהאַלטען ווערן בכבוד; און איך גלויב, אַז איהר וועט האָבען געוואונען אַ נצחון אין לאַנד פון דער וואַרהייט, ווען איהר וועט איבעררעדען וואָלף׳ן, ער זאָל אַהער צוריקקומען.“

אָט אַזוי האָט אויך דער קאָנפליקט נאָר געהאַט די פּעולה אַרומצורינגלען דעם אַלטען גרונדזאַץ, — אַז די וויסענשאַפטליכע פאָרשונג און פערקינדונג פון דער וואַרהייט איז ניט געבונדען צו קיינע גרעניצען און ריקזיכטען, נאָר איז אַליין איהר איינציגע און העכסטע ריקזיכט, — מיט אַ נייעם גלאַנץ און צו ווערן אָנ־דערקענט פון דער הויף פון טהראָן גופא.

אָפּילו דער גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון גאָט איז ניט געווען בעשיצט אַנטקעגען דער לעהרע פון דער וויסענשאַפט! זי האָט געקאָנט פריי ברענגען איהרע בעווייזען אַנטקעגען זיין עקזיס־טענץ, און קאָן נאָך היינט טהאָן דאָסזעלבע, אפילו לויט דעם נייעם שטראָף־געזעצבוך. וואָס פערבאָט נאָר די ל ע ס ט ע ר ו נ ג, די בעשימפּפונג פון גאָט, וואָס איז אַ קרענקונג פאַר די, וואָס גלויבען אַנדערש, אָבער ניט די פערלייקענונג פון זיין עקזיסטענץ.

צעהנדליגע יאָהרען פאַר דער קאָנסטיטוציע איז די אונבע־דינגטע פרייהייט פון דער וויסענשאַפט אין פּרייסען געווען דער לעצטער ענטרינונג־פּלאַץ, וואו די פּרייסישע לויב־זינגער פּלעגען זיך ראַטעווען, דער לעצטער שטאָלץ, מיט וועלכען זיי האָבען פּאַראַדירט.

איהר אַלע געדענקט נאָך דעם געוואַלדיגען טומעל, וואָס די מעשה מיט ברונאָ בויער, דעם פּריוואַט־דאָצענט פון דעם טעאָלאָגישען פאַקולטעט אין באָנן, האָט אַרויסגערופען, בעת מען האָט געזאָלט, אונטער דער אבסאָלוטיסטיש־פּיעטיסטישען מיניסטעריום פון אייכהאָרן, אָבנעהמען ביי איהם די לעהרער־ערלויבניש צוליעב זיין עוואַנגעליען־לעהרע: דער ערשטער פאַל אין אָט דעם יאָהר־הונדערט, ווען מען האָט געוואַגט — און דאָך אויף אַזויפיעל אַ קלענערן אופן — אָנצוריהרן די פרייהייט פון דער וויסענשאַפט. די פאַקולטעטען זיינען געוואָרן אויפגערעגט, מאָנאַטען־לאַנג האָבען זיך די מיינונגען און אורטיילען אַרומגעטראָגען הין און צוריק; מענער מיט די בעריהמטעסטע נעמען, ווי מאַרהיינעקע און אַנדרע, האָבען דערקלערט, אַז די יסודות פון פּראָטעסטאַנטיזם און אינטעליגענץ וועלען געשטעלט ווערן אין געפאַהר, ווען אַזאַ אָנגריף, וואָס איז קיינמאָל אין פּרייסען ניט געהערט געוואָרן, זאָל קאָנען האָבען אָן ערפאָלג; און אפילו יענע מענשען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט מיינונגען, וואָס האָבען געהאָרזאַם געשטימט מיט דעם וואונש פון מיניסטעריום, האָבען געבויט זייערע שלוסען דאָך נאָר אויף דעם פּונקט, וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען אַ לעהרער־ערלויבניש אין דעם *טעאָלאָגישען פאַקולטעט*, מיט וועמעס גרונדפּרינציפּען ברונאָ בויער'ס עוואַנגעליען־לעהרע שטעהט אין אַ ווידערשפּרוך, און האָבען אויסדריקליך דערקלערט, אַז ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ לעהרער־ערלויבניש אין אַ ניט־טעאָלאָגישען, אין אַ פילאָזאָפישען פאַקולטעט, וואָלט זייער פּסק פּאָזיטיוו געווען אַ פערקעהרטער. קיינעם אָבער, און אייכהאָרנ'ען אַליין אויך ניט, איז דער געדאַנק גאָר אויפ'ן זין ניט געקומען צו שטעלען יענע לעהרע פאַר'ן געריכט פון שטראָף־געזעץ! מען האָט אָבגענומען אַ טעאָלאָגישען לעהר־שטוהל פון דעם לעהרער פון ניט־טעאָלאָגישע, וויסענשאַפטליכע רעזולטאַטען; בעקעמפען אָבער די דאָזיגע רעזולטאַטען מיט דער פּאָליציי — *אַזוי ווייט* איז מען אונטער דעם אבסאָלוטיזם נאָך ניט געווען דערוואַקסען!

ווארום האָט אייכהאָרן, דער אַזויפיעל־בעשימפּטער, ניט דערלעבט אָט דעם טאָג! מיט וואָס פאַר אַ בעוואונדערונג און מיט וואָס פאַר אַ שפּאָטישען נחת אין דערזעלביגער צייט ער וואָלט דאָס געקוקט אויף זיינע קאָנסטיטוציאָנעלע נאָכפאָלגער!

אפילו אונטער אייכהאָרן'ס פּיעטיסטישען אבסאָלוטיזם — אונטער דער דאָזיגער קאמף לוכטיגער קירך פון פערפינסטערונג — האָט מען דאָך נאָך אויף אזוי פיעל בושה געהאט פאר די אַלטע טראַדיציעס, אז מען האָט געוואָלט בעוואָרענען די ווירדע און פרייהייט פון דער וויסענשאַפט אויך אַנטקעגען דער לאסט פון דער פאר־צענזור, וועלכער האָט אין יענער צייט געמאכט די אונטער־דריקונג־געזעצען פאר אַן איבערפלּיסיגע זאַך. אַנכאַפּענדיג זיך פאר עפּעס אַן אויסערליכען קריטעריום פון דער וויסענשאַפטליכקייט פון א בוך, האָט מען געזוכט פעסטצושטעלען אזא קריטעריום, ווי אומגעלומפּערט דאָס האָט ניט געמעגט זיין, אין דעם אויסערן אומפאַנג פון א ווערק, און מען האָט בעשטימט: ביכער איבער 20 בויגען זיינען צענזור־פריי.

די דאָזיגע אריבער פינף הונדערט יעהריגע טראַדיציעס; אַט דער זאַץ, וועלכער לאנג פריהער איידער ער איז געוואָרן א געזעץ, האָט געגאָלטען ביי אַלע מאָדערנע פעלקער דורך פּראַקסיס און געברויך; אַט די אוראַלטע איבערליפערונג פון דעם גייסטיגען לעבענספּראָצעס פון די גערמאַנישע פעלקער — אַט דאָס איז עס, וואָס די געזעלשאַפט האָט ענדליך צונויפגעפאַסט אין דעם אַרטיקעל 20 פון דער קאָנסטיטוציע, אוועקשטעלענדיג עס אַלס נאָרמע פאר יעדען שפּעטיגערן געזעצגעבער גופא: „די וויסענשאַפט און איהר לעהרע איז פריי".

זי איז פריי אָהן בעשרענקונגען, פריי אָהן גרעניצען, פריי אָהן ריעגלען! אַלץ האָט א גרעניץ אין געזעצליכע צושטענדען: יעדע מאַכט, יעדע פונקציע, יעדע עובדא. דאָס איינציגע, וואָס איז אַליין אָהן א גרעניץ און אונענדליך, און וואָס דארף שוועבען אין גרעניץ־לאָזער און אונענדליכער פרייהייט, ווי די זון שוועבט אין דעם עטהער איבער אַלע פעסטע צושטענדען — דאָס איז דאָס ז ו נ ע ן ־ א ו י ג פ ו ן ד ע ר ט ע אָ ר ע ט י ש ע ר ד ע ר ־ ק ע נ ט ע נ י ש!

פריי דארף זי זיין, פריי אפילו ביז צום מיסברויך! וואָרים ווען עס וואָלט אפילו יאָ געקענט זיין די רעד פון א מיסברויך ביי דער וויסענשאַפט און איהר לעהרע — וואָס מען קאָן אויף א העכסט ערנסטען אופן בעשטרייטען, מיינע הערען, — איז אַקוראַט דאָ דער פאַל, וואו די פערהיטונג פון מ י ס ב ר ו י ך אין איין

פּרט, וואָלט געקאָנט שטערן די ברכות פון געברויך אין מיליאָנען פּרטים. ווען ווען ווע'כע עס איז שטאַאַט־אינסטיטוציעס, ווע'כע עס איז קאַסען־איינריכטונגען וואָלטען געווען בעשיצט אַנטקעגען דער וויסענשאַפט, אַזוי אַז זי זאָל ניט טאָרען לערנען, אַז די דאָזיגע אינסטיטוציעס זיינען פעהלערהאַפטיג אָדער שעדליך, אומגערעכט אָדער פערדערבליך — וועמעס גייסט וואָלט דאַן געווען אַזוי גרויס, אַזוי אַלץ אומפאַסענד, אַזוי פעהיג צו זעהן איבער די גייסטער פון זיינע צייט־גענאָסען און פון די שפּעטיגערע דורות, אַז ער זאָל קאָנען האָבען אפילו בלויז אַן אהנונג, וועלכע מזל־ברכה'דיגע ענט־דעקונגען, וועלכע העכסט־פּרוכטבאַרע ענטוויקלונגען, וועלכע בע־רייכערונגען פון גייסט קאָנען דערשטיקט ווערן אין וואָרצעל דורך אַט דעם א י י ן פעסטען גרעניץ אַנטקעגען מיסברויך, וועלכע געוואָלטטהעטיגע אויפטרייסלונגען אָדער וועלכען חורבן עס וואָלט דורך דעם געקאָנט אַרויסגערופען ווערן אויפ'ן שטאַאַט ?!

אַחוץ דעם, וואָס הייסט ג ע ב ר ו י ך און וואָס הייסט מ י ס ב ר ו י ך אין דער וויסענשאַפט ? ו ו א ו שיידען זיך אָב די ביידע בעגריפען, און ו ו ע ר קאָן עס בעשטימען ? דאָס — ווי אויפגעקלערט איהר, מיינע הערען פּרעזידענט און ריכטער, זאָלט אָהן שום ספק ניט זיין, און אדרבא וואָס מעהר אויפגעקלערט איהר זייט, אַלץ שטאַרקער וועט איהר דאָס אַליין פיהלען — דאָס קאָן ניט איין געריכט־הויז בעשטימען, נאָר אַ הויז וואָס איז צו־נויפגעשטעלט פון די גרעסטע וויסענשאַפטליכע גאונים פון דער צייט אין אַלע פאַכען און צווייגען פון דער וויסענשאַפט. וואָס זאָג איך ? פון די גרעסטע פון אַלע גאונים פון דער צייט ? ניין, אויך פון אַלע קומענדע צייטען ! וואָרים ווי אָפט בעווייזט אונז די געשיכטע, אַז גראָד די אָריגינעלע דענקער פון דער וויסענ־שאַפט שטעהען אין אַ פיינדליכער געגנערשאַפט צו דער וויסענ־שאַפט פון זייער צייט !

אָפטמאָל איז ערשט נאָך פופציג, נאָך הונדערט יאָהריגע דע־באַטען, פעסטגעשטעלט געוואָרן אין דער וויסענשאַפט, וואָס עס איז געווען געברויך און וואָס איז געווען מיסברויך. —

פאַקטיש איז טאַקע זינט דער קאָנסטיטוציע נאָך קיינמאָל ניט פּרובירט געוואָרן צו ברענגען אַ קלאַגע געגען אַ וויסענשאַפט־ליכער לעהרע.

מיר האבען, מיינע העררען, זינט די יאהרען 1848, 1850 געטראגען אין פרייסען הארטע און שווערע לאסטען, און אונזערע שולטערען זיינען מיעד און פערוואונדעט פון דעם טראגען! אבער אפילו אונטער מאנטייפעל־וועסטפאלען און ביז אויף היינטיגען טאג זיינען מיר נאך פון אם דער איין לאסט בעהיט געווארן, צו זעהן ווי מען שטעלט א וויסענשאפטליכע לעהרע אונטער אנקלאגע.

אנגריפען פון דעם שארפסטען כאראקטער, אנגריפען, וועלכע וואלטען פאר זיך גענומען זעהר לייכט געקאנט אויסגעזעצט ווערן צו א שטראף־געזעצליכער פערפאלגונג, זיינען געבליבען ניט פערפאלגט, ווען זיי זיינען ארויסגעטראטען אין א וויסענשאפטליכען ווערק, ווען זיי זיינען ארויסגעטראטען אלס וויסענשאפטליכע לעהרע.

איך אליין בין אין דער לאגע צו זאגען עדות דערויף.

נאך ניט קיין פולע צוויי יאהר צוריק האב איך פערעפענטליכט א ווערק, אין וועלכען עס איז מיר אפשר געלונגען צו מאכען וויפיעל עס איז פארטשריט אין אייער אייגענער וויסענשאפט, מיינע העררען, די וויסענשאפט, פון וועלכער די אויסאיבונג פון געזעץ קומט ארויס — מיין „סיסטעם פון די ערווארבענע רעכטע“. אין דעם דאזיגען בוך זאג איך (באנד 1, ז. 238) : „די וויסענשאפט, וואס איהר ערשטער חוב איז דאס שארפסטע דענקען, קאן דעריבער גאר ניט מוחל זיין אויף איהר רעכט איבערצוגעבען די שארפקייט פון די בעגריף־בעשטימונגען אין אזוינע שארפע און בעשטימטע אויסדרוקען, ווי עס פאסט איהר אליין.“ און געשטיצט אויף דעם, ווייז איך אן אין דעם דאזיגען ווערק, אז די פרייסישע אגראר־געזעצגעבונג זינט 1850 איז מעהר גארנישט ווי — איך נעברויך דארט בוכשטעבליך אט די ווערטער — א געגען־רעכטליכע און געגען דעם אייגענעם רעכט־בעוואוסטזיין בעגאנגענער רויב אנטקעגען דעם ארימען מענשען צו גונסטען פון דער רייכער לאנד־אריסטאקראטיע!

ווי לייכט וואלט עס געווען צו זעהן אין אט די ווערטער, ווען זיי וואלטען געשטאנען אנדערשוואו, אן עפענטליכע בעשימפונג פון די איינריכטונגען פון׳ם שטאאט, אדער אן אויפרייצונג צו האס און פעראכטונג אנטקעגען די תקנות פון דער ממשלה! זיי

זיינען אָבער געשטאַנען אין אַ וויסענשאַפֿטליכען ווערק, זיי זיינען געווען אַ רעזולטאַט פֿון אַ גענוי אויסגעפֿיהרטער וויסענשאַפֿטליכער לעהרע — און זיי זיינען דעריבער געבליבען ניט פֿערפֿאָלגט!

אָבער, פֿערשטעהט זיך, דאָס איז נאָך געווען פֿאַר צוויי יאָהרען!

דער אָנקלאַגע, וואָס איז אויפֿגעהויבען געוואָרן אַנטקעגען מיר, שליידער איך פֿון מיין זייט צוריק די אָנקלאַגע, אַז מיט היינטיגען טאָג איז אויף פֿרייסען געבראַכט געוואָרן די שאַנדע, וואָס צום ערשטען מאָל זינט אָט דער שטאַאַט עקזיסטירט, איז די לעהרע פֿון דער וויסענשאַפֿט געשטעלט געוואָרן פֿאַר'ן געריכט פֿון שטראָף־געזעץ!

וואָס וועט מיר דער פּראָקוראָר ענטפֿערן, ווען ער מוז אין עצם מודה זיין, אַז מיינע אויספֿיהרונגען זיינען ריכטיג; ווען ער מוז אָנדערקענען, אַז די וויסענשאַפֿט און איהר לעהרע איז פֿריי, און פֿאָלגליך פֿריי פֿון יעדער שטראָף־געזעצליכער בעגרעניצונג?

וועט ער אפשר ווֶעלען בעשטרייטען, אַז איך בין אַ פֿערטרעטער פֿון דער וויסענשאַפֿט? אָדער ער וועט אפשר ווֶעלען לייקענען, אַז דאָס ווערק, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך אין אָט דער אָנקלאַגע, איז אַ וויסענשאַפֿטליכע אַרבייט?

דער פּראָקוראָר, ווייזט אויס, פֿיהלט זיך אַליין אונבעקוועם, דורכדעם וואָס ער האָט דאָ צו טהאָן מיט אַ וויסענשאַפֿטליכען ווערק, וואָרים ער פֿאַנגט אָן דעם אָנקלאַגע־אַקט מיט די ווערטער: „הגם דער אָנגעקלאָגטער האָט זיך געגעבען דעם שיין פֿון וויסענשאַפֿטליכקייט, דאָך האָט ער אַ דורך און דורך פּראַקטישע טענדענץ".

דעם שיין פֿון וויסענשאַפֿטליכקייט? פֿאַר וואָס עפּעס נאָר דעם שיין? איך פֿאָרדער אויף דעם פּראָקוראָר מיר צו דערווייזען, וואָרום זאָל אָט דער וויסענשאַפֿטליכער לייסטונג נאָר קומען דער נאָמען שיין פֿון וויסענשאַפֿטליכקייט!

איך גלויב, אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דער פֿראַגע, וואָס וויסענשאַפֿט איז אָדער ניט, בין איך מעהר קאָמפּעטענט אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג איידער דער פּראָקוראָר.

אויף פֿערשיידענע געביטען פֿון דער וויסענשאַפֿט האָב איך

גרויסע ווערק אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט; האָב זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר קיין מיה, פאַר קיין זיצען דורך די נעכט אויסצוברייטען די סאַמע גרעניצען פון דער וויסענשאַפט, און איך קאָן אפשר צוזאַמען מיט האָראַץ זאָגען: „מיליטאַווי נאָן סינע גלאָריאַ“ (איך האָב געקעמפט ניט אָהן בעריהמטקייט).

אָבער איך אַליין דערקלער אייך: קיינמאָל ניט, אפילו אין מיינע גרעסטע ווערק, האָב איך ניט איין שורה געשריבען, וואָס קאָן בעטראַכט ווערן פאַר שטרענגער וויסענשאַפטליך, איידער אַט די אַרבייט פון איהר ערשטער ביז לעצטער זייט.

איך בעהויפט ווייטער, אַז אַט די בראָשור איז ניט נאָר אַ וויסענשאַפטליך ווערק ווי פיעלע אַנדערע, וועלכע פאַסען צוזאַמען גאַנץ־בעקאַנטע רעזולטאַטען, נאָר אַז זי איז זאָגאָר אין פיעלערליי הינזיכטען אַ וויסענשאַפטליכער אויפטהו, אַן ענטוויקלונג פון נייע וויסענשאַפטליכע געדאַנקען.

וואָס איז דער קריטעריום פון דער וויסענשאַפטליכקייט פון אַ בוך? — עס קאָן דאָך ניט זיין קיין אַנדערער, אַחוץ זיין אינהאַלט. גיט אַ קוק, אַלזאָ, אויף דעם אינהאַלט פון אַט דער בראָשור.

44 דער דאָזיגער אינהאַלט איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אין זייטען אַ צוזאַמענגעפרעסטע פילאָזאָפיע דער געשיכטע, וואָס הויבט אָן מיט דעם מיטעלאַלטער און קומט אַרויף ביז דער היינטיגער צייט. עס איז אַן ענטוויקלונג פון דעם אָביעקטיווען, שכל'דיגען געדאַנקען־פּראָצעס, וועלכער ליעגט אין גרונד פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע פון איבער טויזענד יאָהר; עס איז אַ פאַנאַנדערוויקלונג פון דער אינערליכער נשמה, וועלכע ליעגט אין עצם פון דאָס, וואָס זעהט אויס נאָר ווי אַ פאַקטישע, נאָר ווי אַן עמפּירישע, היסטאָרישע ווירקליכקייט, און וועלכע האָט די דאָזיגע ווירקליכקייט אַרויסגעבראַכט פון זיך אַלס איהר בעוועגענדע און שאַפענדע מאַכט. עס איז, טראָץ דער קורצקייט פון דער בראָשור, דער גענוי־ענטוויקעלטער בעווייז, אַז די געשיכטע איז ניט אַנדערש ווי אַ שטענדיגע, זיך־פערווירקליכענדע ווייטער־ענטוויקלונג פון דער פערנונפט און דער פרייהייט, וואָס קומט פאָר דורך אַן אינערער נויטווענדיגקייט און אונטער דער פערקליידונג פון בלומרשט ריין־אויסערליכע און מאַטעריעלע פערהעלטניסען.

דריי גרויסע וועלט־פעריאָדען פיהר איך פערביי דעם לעזער אין די קורצע ראהמען פון דער דאָזיגער בראָש.ר, בעווייזענדיג וועגען יעדער איינצעלנער פעריאָדע, אז זי רוהט אויף אן איינהייטליכען געדאַנק, וועלכער בעהערשט אַלע געביטען, ווי ווייט זיי זאָלען ניט ליגען איינע פון די אנדערע, און בעהערשט אַלע ערשיינונגען פון דער דאָזיגער פעריאָדע, ווי פערשיידען און צוואוואָרפען זיי זאָלען ניט זיין. איך בעווייז ווייטער וועגען אַלע דריי פעריאָדען צו־זאמענגענומען, אז יעדע פריהער־קומענדע פעריאָדע איז נאָר די נויטווענדיגע וועג־אויסטרעטונג און פּאַרברייטונג פון דער נאָכ־פאָלגענדער; יעדע נאָכפאָלגענדע איז נאָר די אייגענע אימאַנענטע ווייטער־עטוויקלונג, די כסדר'דיגע פאָלגע און אָבענדיגונג פון דער פריהערדיגער — אַלע דריי, אַלזאָ, ווידער אמאָל צוזאמענגענומען, בילדען אַ העכערע איינהייט און פערנינפטיגע נויטווענדיגקייט.

צוערשט די פעריאָדע פון פעאָדאַליזם אָדער פון דעם לעהן־סיסטעם. איך בעווייז, אז אַט די פעריאָדע איז געבויט אין אַלע איהרע ערשיינונגען אויף דעם איין פרינציפּ פון דער הערשאַפט פון גרונד־בעזיץ, און בעווייז גלייך מיט דעם, פאַרוואָס אין יענער צייט — מחמת די פּראָדוקציאָן פון דער געזעלשאַפט בעשטעהט נאָך כמעט איינגאַנצען פון ערד־ארבייט — האָט דער גרונד־בעזיץ געמוזט נויטווענדיג זיין דער הערשענדער עלעמענט, ד. ה. דער אָבשאַצער פון אַלע שטאַאטליכע און געזעלשאַפטליכע ווערטהען.

און בעמערקט, מיינע הערען, מיט וואָס פאַר אַ שטרענגער וויסענשאַפטליכער אָביעקטיוויטעט איך בעהאַנדעל די פראַגע, און ווי ווייט דאָס איז פון אַלערליי טענדענץ־מאַכעריי.

אויב עס איז פאַרהאַן איין פאַקט, וואָס האָט געפּאַסט אָנצו־בינדען אָן איהם יענע טענדענץ, וועלכע דער פּראָקוראָר וויל ארייג־לעגען אין דער דאָזיגער בראָשור — אויפרייצען די בעזיצלאָזע קלאַסען צו האַסען די בעזיצענדע — זיינען עס די ב ו י ע ר ע ן ־ק ר י ע ג !

אויב עס איז פאַרהאַן איין פאַקט, וועלכער איז ביזאָהער אין דער וויכענשאַפט, אזוי גוט ווי אין דער פאָלקס־מיינונג, און אויך ביי די בעזיצלאָזע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, געוועזן בעצייגען מיט דעם גרעסטען חן, וואָס האָט דערמאַנט אָן אַ נאַציאָנאַלען

אויפשטאנד, וועלכער איז אונגערעכטערהייט מיט גוואלט אונ־
טערדריקט געוואָרן — זיינען דאָס די ב ו י ע ר ן ־ ק ר י ע ג!

איצט זעהט־זשע — ניט קימערענדיג זיך וועגען דעם דאָזיגען חן און דעם גלאַנץ, מיט וועלכען די וויסענשאַפט און די פּאָפּולערע מיינונג האָבען אדומגערינגעלט די בויערן־קריעג, רייס איך אַרונ־טער פון זיי דעם דאָזיגען פאַלשען שיין און בעווייז, אַז זיי זיינען אין טיעפסטען תוך געווען אַ ר ע א ק צ י אָ נ ע ר ע בעוועגונג, וועלכע האָט אין די אינטערעסען פון דער פרייהייטס־ענטוויקלונג ע מ ו ז ט האָבען אַ מפּלה.

ווייטער: אויב עס איז פאַרהאַן איין אינסטיטוציע אין דייטשלאַנד, וואָס איך בין איהר פאַר דער ג ע ג ע נ ו ו א ר ט אַ פיינד פון טיעפסטען הארצען און וואָס איך בעטראַכט זי פאַר דער אורזאַך פון אונזער נאַציאָנאַלער שפל׳קייט, פון אונזער שאַנדע און שוואַכקייט — איז דאָס די אינסטיטוציע פון דעם טעריטאָ־ריאַלען פירשטענטום!

נו גוט, יענע בראָשור איז אַזוי שטרענג און אָביעקטיוו ווי־סענשאַפטליך, אַזוי דורכאויס ווייט פון יעדער פערזענליכער טענ־דענץ, אַז איך בעווייז דאָרטן גופא, ווי פ אַ ר י ע נ ע ר צייט איז די ענטשטעהונג פון דעם טעריטאָריאַלען פירשטענטום געווען אַ היסטאָריש בערעכטיגטער און רעוואָלוציאָנערער מאָמענט, ווי אויך אַן א י ד ע א ל ע ר פ אָ ר ט ש ר י ט, דערמיט וואָס ער האָט קלאָר געשטעלט און ענטוויקעלט דעם גערדאַנק פון אַ שטאַאַט־אידעע, וואָס איז אונאָבהענגיק פון די אייגענטהום־פערהעלטנישען, בעת אפילו די בויערן־קריעג האָבען געוואָלט גרינדען דעם שטאַאַט און די בערעכטיגונג פון שטאַאַט אויף דעם פרינציפּ פון גרונד־אייגענ־טום.

איך בעווייז דאַן ווייטער, אַז נאָך דער פעריאָדע פון לעהן־סיסטעם איז געקומען אַ צווייטע פעריאָדע; איך בעווייז, ווי בעת די בויערן־קריעג זיינען געווען רעוואָלוציאָנער נאָר אין זייער איינ־בילדונג, האָט זיך אומגעפעהר אין דערזעלבער צייט מיט זיי אָנגע־הויבען אַווירקליכע רעוואָלוציע. דאָס איז געווען דער קאַפּיטאַל־רייכטום, וואָס איז ענטשטאַנען דורך דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און דער בירגערליכער פּראָדוקציאָן, וועלכער ברענגט אריין אַ פאָלשטענדיגען איבערבייט פון אַלע פערהעלטנישען, און

וועלכער האָט אין דער פראנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789 נאָר געפייערט זיין לעצטען אקט, זיין געזעצליכע סאנקציע, אָבער פ א ק ט י ש איז ער ביסלעכווייז אויסגעוואקסען שוין זינט דריי יאָהר־הונדערטען פריהער.

איך ווייז אויף, אריינגעהענדיג טיעפער אין דעם ענין, (וועל־כען איך וויל איצט ניט איבער'חזר'ן בקיצור, כדי אייך ניט צו בע־לעסטיגען) די נאציאָנאל־עקאָנאָמישע פאקטאָרען, די ענטוויקלונג, וואָס איז געקומען דורך נייע פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען, און די נייע אופנים פון דער פּראָדוקציאָן, וואָס הענגען אָב פון זיי; ווי אָט די ענטוויקלונג האָט געמוזט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציאָן מאכען פאר דעם וויכטיגסטען אויפהויבער און טרעגער פון געזעל־שאפטליכען רייכטום, אוועקשטעלען דעם גרונדבעזיץ אין שאָטען און איהם ארונטערדריקען צו א פערהעלטניסמעסיגער מאכטלאָזיג־קייט.

איך ווייז אָן, ווי מחמת דעם מוז איצטער דאָס קאפּיטאל, אלס דער הערשענדער עלעמענט פון אָט דער צווייטער וועלט־פעריאָדע, פונקט אזוי זיך מאכען נויטוועהנדיג אין דער עפענטליכער יוסטיץ: צו זיין דער פּריווילעגירטער בעדינג פון דער שטאאטלי־כער בערעכטיגונג, צו זיין דער בעדינג פון נעהמען אנטייל אין דער בעשטימונג פון דעם שטאאטס־ווילען און שטאאטס־צוועק, ווי דער גרונד־בעזיץ איז פריהער געווען אין דער עפענטליכער יוס־טיץ פון דער פעאָדאלער צייט. איך ווייז אָן, ווי אין דעם דירעק־טען אָדער אינדירעקטען צינז, אין די קאוציאָן־און־שטעמפּעל־גע־זעצען פאר דער פּרעסע, אין דעם אינדירעקטען שטייער א. אז. וו. מוז דאָס קאפּיטאל, אלס בעדינג אויף צו נעהמען אָנטייל אין דער געזעלשאפטליכער הערשאפט, זיך ענטוויקלען מיט דערזעלביגער קאָנזעקווענץ און היסטאָרישער נויטוועהנדיגקייט ווי דער גרונד־בע־זיץ האָט זיך ענטוויקעלט פריהער.

אויך אָט די צווייטע וועלט־פעריאָדע, וועלכע האָט פערנומען 350 יאָהר, זאָג איך ווייטער, האָט שוין אין עצם אויסגעלעבט איה־רע יאָהרען. מיט דער פראנצויזישער רעוואָלוציע פון יאָהר 1848 איז אויפגעגאנגען דער מאָרגען־שטערן פון א נייער און דריטער וועלט־פעריאָדע, וועלכע פערזיכערט יעדען איינעם, דורך דעם פּראָ־קלאמירטען אלגעמיינעם וואהל־רעכט, אָהן קיין שום חלוק פון

וועלכע עס איז בעזיץ־פערהעלטנישען, א גלייכען חלק אין דער הערשאפט איבער'ן שטאאט, אין דער בעשטימונג פון דעם שטאאטס ווילען און דעם שטאאטס־צוועק. דערמיט איז די פ ר י י ע א ר ב י י ט, וועלכע איז ניט געבונדען צו די בעדינגען, ניט פון גרונד־בעזיץ און ניט פון קאפיטאל־בעזיץ, אויפגעריכט געוואָרן אלס דער הערשענדער פרינציפ פון דער געזעלשאפט.

איך ענטוויקעל דאן דעם אונטערשייד צווישען דער מאָראלער אידעע פון דער בורזשואזיע און דער מאָראלער אידעע פון דעם ארבייטער־קלאס, און דערנאָך דעם אונטערשייד, וואָס נעהמט זיך דערפון, אין דער אויפפאסונג פון דעם צוועק פון שטאאט ביי די דאָזיגעביידע קלאסען. אויב די אידעע פון דעם אדעל האָט צונויפגעבונדען דעם ווערטה פון דעם אינדיווידום מיט א בעשטימטער נאטירליכער אָבשטאמונג און א געוויסער געזעלשאפט־לאגע, איז די מאָראלע אידעע פון דער בורזשואזיע, אז אזא רעכט־ליכע בעשרענקונג איז אַן אונרעכט, אז דער אינדיווידום מוז פיעל־מעהר האָבען א ווערטה איינפאך אלס אזעלכער, און מעהר ווי די אונגעשטערטע בעשעפטיגונג פון זיינע קרעפטען אלס איינצעלנער דארף איהם ניט זיין גאראנטירט. וואָלטען מיר אלע געווען, זאָג איך, פון דער נאטור גלייך רייך, גלייך געשייט, גלייך געבילדעט, דאן וואָלט אָט די מאָראלע אידעע געווען גוט גענוג. אָזוי ווי אָבער אָט די גלייכהייט איז ניט בנמצא, און ק אָ ן גאָר ניט זיין; אזוי ווי מיר קומען ניט אויף דער וועלט אלס סתם אינדיווידומען, נאָר מיט בעשטימטע אונטערשיידען פון בעזיץ און פון מעגליכקייטען, וועלכע בעשטימען שפּעטער אויך די אונטערשיידען פון בילדונג, איז דעריבער אָט די מאָראלע אידעע נאָך ניט קיין גענוג ברייטע. וואָרים ווען עס וואָלט פונדעסטוועגען גאָר ניט געווען צו גאראנ־טירען אין דער געזעלשאפט א חוץ די אונגעשטערטע זעלבסט־בעשעפטיגונג פון דעם אינדיווידום, דאן וואָלט עס פאָלגליך געמוזט פיהרען צו אַן אויסבייטונג פון דעם שוואכערן דורך דעם שטאר־קערן. דעריבער איז די מאָראלע אידעע פון דעם ארבייטער־קלאס, אז די אונגעשטערטע, פרייע בעשעפטיגונג פון די אינדיווידועלע כחות דורך דעם אינדיווידום פאר זיך אליין איז נאָך ניט גענוג, נאָר אז צו א י ה ר מוז אין א מאָראליש־איינגעאָרדענטע קהל'שען לעבען נאָך צ ו ־ ק ו מ ע ן : די ס א ל י ד א ר י ט ע ט פון

די אינטערעסען, די געמיינשאפטליכקייט און נעגענזייטיגקייט אין דער ענטוויקלונג.

פון אָט דעם אונטערשייד אין דער מאָראַלער אידעע קומט אויך גלייך ארויס דער אונטערשייד ביי ביידע קלאסען אין דער אויס־פאסונג פון דעם צוועק פון'ם שטאאט.

די בורזשואזיע האָט ארויסגעבראכט די לעהרע: די אויפגאבע פון שטאאט בעשטעהט אין דעריין, אז ער זאָל בעשיצען די פער־זענליכע פרייהייט פון דעם איינצעלנעם און זיין אייגענטום! דאָס איז די לעהרע פון די וויסענשאפטליכע פערטרעטער פון דער בור־זשואזיע, דאָס איז די לעהרע פון איהרע פאָליטישע פיהרער אָדער פון דעם ליבעראליזם.

דאָס איז אָבער אַ העכסט פעהלערהאפטיגע, אונוויסענשאפט־ליכע טעאָריע, וועלכע שטימט ניט מיט דעם אמת'ן כאראקטער פון דעם שטאאט.

די מענשליכע געשיכטע איז די געשיכטע פון אַ קאמף מיט דער נאטור, מיט דעם עלענד, מיט דער אונוויסענהייט, מיט דער מאכט־לאָזיגקייט, און בכן מיט דער אונפרייהייט פון אלערליי סאָרטען, אין וועלכע מיר געפינען זיך אין דעם נאטור־צושטאנד, אין אָנ־פאנג פון דער געשיכטע. דער פראָגרעסיווער נצחון איבער דער דאָזיגער מאכטלאָזיגקייט — דאָס איז די ענטוויקלונג פון דער פרייהייט, וועלכע די געשיכטע שטעלט ארויס. אין אָט דעם קאמף וואָלטען מיר קיינמאָל ניט געמאכט קיין איין שריט פאָרווערטס, אָדער וועלען ווען עס איז ווייטער ניט מאכען אַ שריט פאָרווערטס, ווען מיר וואָלטען איהם געפיהרט אָדער וועלען איהם פיהרען ווייטער אלס איינצעלנע, יעדער פאר זיך און יעדער אליין.

דער שטאאט איז אַקוראַט אָט די איינהייט און פערבינדונג פון די יחידים אין איין מאָראלען גאנצעם, וועלכעס האָט די פונק־ציע אָנצופיהרן אָט דעם קאמף; עס איז אַ פעראייניגונג, וועלכע פערמעהרט די קרעפטען פון אלע איינצעלנע, וואָס זיינען אין איהר איינגעשלאָסען, מיליאָנען־פאכיג, און פערגרעסערט מיליאָנען־פאכיג די קרעפטען, וואָס קאָנען דיענען זיי אַלעמען אלס איינצעלנע.

דער צוועק פון שטאאט איז אלזאָ ניט, בלויז צו בעשיצען די פערזענליכע פרייהייט און דאָס אייגענטום פון דעם איינצעלנעם,

וועלכער, לויט דער אנגענומענער אידעע פון דער בורזשואזיע, טרעט מיט זיי שוין אריין אין דעם שטאאט, בעת אין דער אמת'ן שאפט ער ערשט ביידען, די פרייהייט און דאס אייגענטום, א י ן דעם שטאאט און ד ו ר ך דעם שטאאט. דער צוועק פון שטאאט קאן אדרבא ניט זיין קיין אנדערער, ווי נאר ארויסצוברענגען ד א ס, וואס עס איז ל כ ת ח י ל ה זיין פונקציע, דאס הייסט פארמעל ארויסגעזאגט: צו מאכען דורך דער שטאאטס־פעראייניגונג, אז די איינצעלנע זאלען זיין אימשטאנד צו דערגרייכען אזוינע צוועקען און אזא שטופע פון עקזיסטענץ, וועלכע זיי וואלטען א ל ס א י י נ־צ ע ל נ ע קיינמאל ניט געקאנט דערגרייכען.

דער לעצטער און אינהאלטדיגער צוועק פון שטאאט איז בכן אט דער: צו ברענגען דעם עצם מענש צו דער פ א ז י ט י ו ו ע ר פ ו נ א נ ד ע ר ו ו י ק ל ו נ ג א ו ן פ ר א ג ר ע ס י ו ו ע ר ע נ ט ו ו י ק ע ל ו נ ג. מיט אנדערע ווערטער: די מענשליכע ב ע ש ט י מ ו נ ג, ד. ה. יעדע קולטור, אויף וועלכער דער מענש־ליכער מין איז פעהיג, ארויסצובעקומען און געשטאלטען צו א ו ו י ר ק ל י כ ע ן קיום. דער צוועק איז די ערציהונג און ענט־וויקלונג פון דעם מענשליכען מין צו פרייהייט.

פאקטיש האט ביי אונז שוין שטארק געארבייט אויף אט דער אויפפאסונג פון'ם שטאאט די אלטע בילדונג, וועלכע איז שוין גע־ווארן די אונפערלירבארע גרונדלאגע פון דעם דייטשען גייסט, פאר וועלכער איך ברענג די ווערטער פון דעם גרויסען קאפ פון אונזער וויסענשאפט, אויגוסט באקי'ס: — „דער בעגריף פון'ם שטאאט מוז נאך איהם נאך אזוי אויסגעברייט ווערן, אז דער שטאאט דארף זיין די אינסטיטוציע, אין וועלכער עס זאלען זיך פערווירקליכען אלע גוטע מדות פון דער מענשהייט".

קודם אבער מוז מען אט די ענטוויקעלטע שטאאט־אידעע אנ־רופען די אידעע פון דעם ארבייטערקלאס. ווארים ווען אפילו יע־דער אנדער קלאס קאן זיך דורך איינזיכט און בילדונג דערהויבען צו אט דער דערקענטעניש, ליעגט זי שוין אבער אין דעם ארביי־טער־קלאס, מחמת דער הילפלאזער לאגע, אין וועלכער זיינע מיט־גליעדער געפינען זיך אלס איינצעלנע, אינסטינקט־מעסיג, מאטע־ריעל און עקאנאמיש.

די דאזיגע עקאנאמישע לאגע רופט נויטיגערווייז ארויס אין

אַט דעם קלאַס דעם טיפען אינסטינקט, אַז די אויפגאַבע פון שטאַאט איז און מוז זיין, צו פערהעלפען די איינצעלנע, דורך א פעראייניגונג פון אַלע, צו אזא ענטוויקלונג, צו וועלכער ער אַלס איינציגער איז ניט בכח צו דערלאַנגען.

אין דער אמת'ן אָבער שטעלט אַט די מאָראַלע שטאַאט־אידעע ניט פאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין אויך ביז איצטער ניט געוועזען די אָנפיהרענדע אידעע פון'ם שטאַאט. אַדרבא פער־קעהרט, דאָס איז, ווי מען קאָן עס זעהן פון דעם וואָס איז פריהער געזאָגט געוואָרן, פון אייביג אָן געוועזען נאָר די א ו נ ב ע־ ו ו א ו ס ט ע נאַטור פון שטאַאט, וועלכע האָט זיך מעהר אָדער ווייניגער אַלעמאָל אויסגעפיהרט, דורך דעם פערנינפטינען צוואַנג פון די זאכען, אפילו אָ ה ן דעם ווילען פון שטאַאט, אפילו ג ע־ ג ע ן דעם ווילען פון זיינע אָנפיהרער.

דערמיט וואָס די אידעע פון'ם אַרבייטער־קלאַס ווערט אויפ־געשטעלט אַלס די הערשענדע אידעע פון'ם שטאַאט, ווערט אַלזאָ דאָס, וואָס איז פון אייביג אָן געוועזען די טונקעלע אָרגאַנישע נאַטור פון'ם שטאַאט, נאָר געבראַכט צו דער ד ע ר ק ע נ ט ע נ י ש און אַרויסגעקעמפּפט צום ב ע ו ו א ו ס ט ז י נ י ג ע ן צוועק פון דער געזעלשאַפט.

דאָס איז די גרויסע פאָרטזעטצונג און איינהייט פון יעדער מענשליכער ענטוויקלונג, וואָס פלוצלונג פון הימעל פאַלט אין איהר קיין נייעס ניט אריין; וואָס עס ווערט אין איהר אַלעמאָל געבראַכט צו אַ בעוואוסטזיניגער דערקענטעניש און דערנאָך פער־ווירקליכט מיט אַ ו ו י ל ע ן־ פ ר י י ה י י ט נאָר דאָס, וואָס איז פון אייביג־אָן שוין געוועזען די אונבעוואוסטזיניג־ווירקענדע אָרגאַנישע נאַטור פון דער זאַך אין זיך אַליין.

מיט דער פראַנצויזישער פעברואַר־רעוואָלוציע פון יאָהר 1848 איז אָבער דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין טאַקע אריינגעטראָטען און דערקלערט געוואָרן. וואָרים צוערשט האָט מען עס פאָרגעשטעלט סימבאָליש, דערמיט וואָס מען האָט אריינגענומען אַן אַרבייטער אין דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג, און דאַן האָט מען פּראָקלאַ־מירט דאָס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואהלרעכט, וואָס איז דער פאָרמעלער מיטעל צו דער פערווירקליכונג פון דער דאָ־זיגער אידעע. מיט דעם מאָנאַט פעברואַר 1848 קומט אַלזאָ אָן

די געשיכטס־פעריאָדע, אין וועלכער די מאָראַלע אידעע פון׳ם אר־בייטער־קלאַס ווערט מיט בעוואוסטזיין דערקלערט אַלס די הערשענדע אידעע פון דער געזעלשאַפט.

מיר קאָנען זיך גראַטולירען, וואָס מיר לעבען אין אַ געשיכטס־פעריאָדע, וועלכע איז געהייליגט געוואָרן צו פערווירקליכען אַט דעם הויכען ציעל. פריהער ווי אַלץ אָבער נעהמט זיך דערפון פאַר דעם ארבייטער־קלאַס — היות ווי עס איז די מיסיאָן פון אַט דער געשיכטס־פעריאָדע די אידעע פון זיין קלאַס צו מאַכען פאַר דער הערשענדער אידעע פון דער געזעלשאַפט — דער חוב אָנצונעהמען די זיטליכסטע, פייערליכסטע און ערנסט פון געדאַנק פערטיעפטע האַלטונג.

אַט דאָס איז אין דעם קאָנצענטרירטסטען קצור דער אינהאַלט און געדאַנקען־גאַנג פון יענעם געדרוקטען פאָרטראַג.

וואָס איך האָב געזוכט צו פועל׳ן אין יענעם פאָרטראַג איז נישט מעהר, ווי צו פאַנאַנדערפענען פאַר דעם צוהערער דאָס טיעפע פילאָזאָפישע פערשטענדניס פון דער געשיכטע, פון אַט דער שווערסטער פון אַלע וויסענשאַפטען; ברענגען איהר צו זיין בעוואוסטזיין אַלס אַ פערנינפטיג גאַנצעס, וואָס ענטוויקעלט זיך שטופענווייז אָן און פאַר זיך לויט נויטווענדיגע געזעצען.

איינער, וואָס איז פערטיעפט אין אַזאַ אויפגאַבע, האָט זיכער דאָס רעכט אויסצורופען צום פּראָקוראָר דיזעלבע ווערטער וואָס אַרכימעד, וועלכער איז געזעסען אַ טיעף־פערטראַכטער איבער די מאַטעמאַטישע פיגורען, וואָס ער האָט געמאַכט אין זאַמד, בעת סיראַקוז איז איינגענומען געוואָרן, האָט אויסגערופען צום גראָבען סאָלדאַט, וועלכער איז אַרויפגעפאַלען אויף איהם מיט׳ן שווערד: נאָלי טורבארע צירקולאָס מעאָס — „צערשטער ניט מיינע צירקלען“!

מעהר ווי פינף וויסענשאַפטען — געשיכטע אין ענגערן זין, די וויסענשאַפט פון יוסטיץ, נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע, פינאַנץ, און ענדליך די לעצטע און שווערסטע פון אַלע וויסענשאַפטען, די געדאַנקען־וויסענשאַפט אָדער פילאָזאָפיע — האָבען זיך געמוזט די הענד דערלאַנגען, האָבען געמוזט בעהערשט ווערן, כדי איך זאָל זיין אימשטאַנד צו פערפאַסען די דאָזיגע בראָשור.

וואָס פאַר אַ מוסטער פון וויסענשאַפט דער פּראָקוראָר מוז

זיין, ווען אַט דאָס אַלעס איז נאָך ניט גענוג, אַז אַ ווערק זאָל אין זיינע אויגען פערדיענען דעם נאָמען וויסענשאפטליך!

דער אָנקלאָג־אַקט אָבער, בעטראַכטענדיג איהם גענויער, גיט אַליין אָן דעם גרונד פאר וואָס דעם דאָזיגען ווערק קומט ניט דער טיטול וויסענשאפטליך.

ער זאָגט: „הגם דער אָנגעקלאָגטער לאסאַל האָט זיך געגעבען אין דעם פאָרטראג דעם שיין פון וויסענשאפטליכקייט, דאָך אָבער האָט דער פאָרטראַג — דורכאויס אַ פּראַקטישע טענדענץ."

אַלזאָ, ווייל דער פאָרטראַג האָט בעשיינפערליך אַ פּראַקטישע טענדענץ, דעריבער איז ער לויט דעם פּראָקוראָר'ס מיינונג ניט וויסענשאפטליך! דער נויטיגער פּונקט, דער תנאי פון וויסענשאַפטליכקייט איז לויט דעם פּראָקוראָר, עס זאָל קיין פּראַקטישע טענדענץ ניט האָבען! איך וואָלט דעם פּראָקוראָר — אַ שעללינג האָט אונטערגעשריבען דעם אַקט געגען מיר — געוואָלט פרעגען: וואו האָט ער דאָס געלערנט? ביי זיין פאָטער — געוויס ניט! שעללינג דער פאָטער שרייבט צו צו דער פילאָזאָפיע ניט קיין קלענערן צוועק ווי — דיגאַנצע צייט איבערצומאַכען. „עס הייסט — זאָגט ער, אַז מען וועט איהם אפשר דערויף ענטפערן — צופיעל צו דערוואַרטען פון דער פילאָזאָפיע, אויב מען האַלט פאר מעגליך דורך איהר וויעדער אויפצושטעלען די צייט". „אָבער — ענטפערט ער דערויף — אויב איך זעה אין דער פילאָזאָפיע דעם היילונג־מיטעל פאר דער צוריסענקייט פון אונזער צייט, מיין איך נאַטירליך ניט דערמיט אַ שוואַכליכע פילאָזאָפיע, אַ נאָכגעמאַכטע זאַך; איך מיין אַ שטאַרקע פילאָזאָפיע, וועלכע קאָן זיך מעסטען מיט דעם לעבען, וועלכע, אָנשטאָט זיך צו פיהלען אונמעכטיג אַנטקעגען־איבער דעם לעבען און זיין אונגעהויערער ווירקליכקייט, אָדער אָנשטאָט צו זיין בעשרענקט אויף דער טרויעריגער ארבייט פון בלויזער פערלייקענונג און צערשטערונג, שעפּט איהר קראַפט פון דער ווירקליכקייט גופא און דעריבער ברענגט זי אַליין אויך וויעדער ארויס עטוואָס ווירקענדעס און דויערהאַפטיגעס".

און געוויס וועט דער פּראָקוראָר האָבען וועניג גליק מיט אַט

דער שפּאַגעל־נייער און מערקווירדיגער ענטדעקונג אויף ביי אַנדערע מענער פון וויסענשאַפט!

„וואָס בעצוועקען אין לעצטער ליניע — זאָגט פיכטע אין זיינע רעדען צום דייטשען פאָלק — אַלע אונזערע בעמיהונגען אין די אבסטראַקטעסטע וויסענשאַפטען? זאָל זיין, אַז דער *נעהענטסטער* צוועק פון די דאָזיגע בעמיהונגען איז, פאָרטצופלאַנצען די וויסענשאַפט פון דור צו דור און איהר אויפצוהאַלטען אויף דער וועלט — אָבער פאַר וואָס זאָל זי גאָר אויפגעהאַלטען ווערן? עס איז קלאָר, נאָר צוליעב דעם, כדי אין דער *רעכטער צייט צו געשטאַלטען דאָס אַלגעמיינע לעבען און די גאַנצע מענשליכע אָרדנונג.* — אָט דאָס איז איהר לעצטער צוועק; אינדירעקט, און זאָל עס אפילו זיין ערשט אין דער וויטער צוקונפט, דיענט אויף דעם אופן *יעדע* וויסענשאַפטליכע בעשטרעבונג דעם שטאַאַט“.

אַזוי זאָגט פיכטע!

מיינע הערען פּרעזידענט און ריכטער! עס וואָלט געמיינט אַ פּחיתת־הכבוד אַנטקעגען אייער אייגענעם אויפגעקלערטען בליק, ווען איך וואָלט גערעכענט, אַז עס איז ווערטה צו פערלירן נאָך איין איינציג וואָרט, כדי צו בעווייזען די ניט־גערעכטיגקייט פון דער פּראָקוראָרישער ענטדעקונג, אַז *ניט האָבען* קיין פּראַקטישע טענדענץ איז אַ נויטוועודיגער בעדינג פון וויסענשאַפט.

איך האָב מיט דער בהאָשור פּאָקטיש געהאַט די אויסדריקליכע פּראַקטישע טענדענץ צו ברענגען מיינע לעזער צו אַ פערשטענדניש פון זייער צייט, און דורכדעם צו האָבען אַלעמאָל אַ בעשטימענדע ווירקונג אויף אַלע האַנדלונגען, וועלכע זיי נעהמען פאָר זייער גאַנצען לעבען לאַנג.

וואָס אָבער *איז* די נויטיגע פאָדערונג פאַר אַ וויסענשאַפט, וועלכע דער פּראָקוראָר קאָן דאָ פערפעהלען צו געפינען? איז עס אפשר דער, לויט זיין מיינונג נאָך, נויטיגער *אויסערליכער אומפאַנג* פון ווערק? דער אומשטאַנד, וואָס אָט די אַרבייט בעשטעהט נאָר אין אַ בראָשור פון דריי בויגען און ניט אין אַ בוך פון אַ פּאָליאָ־גרויס אין דריי דיקע בענדער?

פון ווען אָן אָבער איז דער אומפאַנג אָנשטאָט דעם אינהאַלט

געוואָרן דער מאָסשטאַב פאַר דער וויסענשאַפטליכקייט פון א ווערק?

וועט אפשר דער פּראָקוראָר וועלען אָבלייקענען, אז די פאַר־טרעגע, וועלכע די מיטגליעדער פון דער קייזערליכער אקאדעמיע דער וויסענשאפטען האַלטען אויף זייערע זיצונגען, און וועלכע זיינען כמעט אַלע א סך קירצער פאַר מיין פּאָרטראַג, זיינען וויסענשאפט־ליכע פּראָדוקטען?

דעם פאָריגען יאָהר האָב איך געהאַלטען, אלס רעדנער פון דער פילאָזאָפישער געזעלשאַפט, א פעסט־רעדע ביי דער פייערונג פון פיכטע'ס געבורטסטאַג, אין וועלכער איך האָב געדאַרפט געבען די אינערע געשיכטע פון דער דייטשישער מעטאפיזיק. די דאָזיגע בראָשור פערנעהמט גאָר ניט מעהר ווי 35 זייטען, בעת אָט די בראָשור צעהלט 44 זייטען. — וועט דער פּראָקוראָר לייקענען, אז זי איז געווען א וויסענשאַפטליכע אַרבייט, ווייל זי איז געווען אזוי קורץ?

ווער זעהט אדרבא ניט איין, אז די וויסענשאַפטליכע לייס־טונג, וועגען וועלכער עס רעדט זיך דאָ, איז גראָד דעריבער געווען פולער און שווערער, ווייל איך האָב ערשטענס געמוזט צונויפ־קוועטשען מיינע אויספיהרונגען אין א צוויי־שטונדיגען פּאָרטראַג, אין דעם רוים פון א 44־זייטיגער בראָשור; און צווייטענס, ווייל איך האָב גערעדט צו א פּובליקום, פון וועלכען איך האָב ניט געקאָנט דערוואַרטען קיין וויסענשאַפטליכע פּאָרברייטונג. די בעזיעגונג פון די דאָזיגע שוועריגקייטען, ווען די וויסענשאַפטליכע טיעפקייט ווערט דאַביי ניט געשאָפּערט, פאָדערט אזא פּרעציזקייט, אזא קאָנ־צענטרירונג און קלאָרקייט פון געדאַנק, וועלכע שטייגט ווייט אַרי־בער די וויסענשאַפטליכע אָנשטרענגונג, וואָס איז בדרך כלל נויטיג צו מאַכען אין אומפאַנגרייכע ווערק.

וואָס איז, אַלזאָ, פרעג איך נאָך אַמאָל, דער נויטיגער בעדינג פון וויסענשאַפטליכקייט, וועלכער פעהלט אָט דעם פּאָרטראַג?

זאָל דאָס אפשר זיין ד ע ר א ָ ר ט, וואו איך האָב דעם פּאָר־טראַג געהאַלטען? — און דאָ ריהר איך פאַקטיש אָן דעם ס א מ ע ה ע ר ן, אָבער אויך דעם ו ו א ו נ ד י ג ס ט ע ן פ ל א ץ פון אָט דער אָנקלאָגע.

דער דאָזיגער פּאָרטראַג — אזוי טראַכט זיך מסתמא דער

פראָקוראָר — האָט, צו אַלע גוטע יאָהר, געקאָנט געהאַלטען ווערן וואו ער האָט געוואָלט, פון דעם קאַטהעדער פון אוניווערזיטעט, אָדער אין דער זינג־אַקאַדעמיע פאַר דער אַזויגערופענער „סמעטענע“ פון אַ געבילדעטען פובליקום; אָבער מען זאָל אָט דעם פאָרטראַג האַלטען פאַר דעם אמת'ן פ אָ ל ק, פאַר א ר ב י י ט ע ר, און אַדרעסירען איהם צ ו א ר ב י י ט ע ר — אָט דאָס מאַכט איהם פאַר אַ ניט־וויסענשאַפטליכען, דאָס מאַכט איהם פאַר אַ פערברעכען! אַ נייער, אונערהערטער פערברעכען!

איך האָב מיך געקאָנט בענוגענען מיט דעם ענטפער, אַז פאַר דעם א י נ ה א ל ט פון אַ פאָרטראַג, און בכן פאַר זיין וויסענשאַפטליכקייט, איז גאַנץ עגאַל אין וועלכען אָ ר ט ער איז געהאַלטען געוואָרן, צי אין דער קייזערליכער אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפטען פאַר די גרעסטע פון די געלעהרטע, צי אין אַ זאַאַל פון פאָרשטאָדט פאַר די מאַשין־אַרבייטער.

אָבער איך בין אייך שולדיג, מיינע הערּרען, אַ פולערן ענטפער. — קודם מוז איך אייך אויסדריקען מיין ערשטוינונג, אַז דאָ אין בערלין, אין דער שטאָדט וואו פיכטע האָט פאַר אַלערליי טיילען פון פובליקום געהאַלטען זיינע אונשטערבליכע פּאָפּולער־פילאָזאָפישע פאָרטרעגע, זיינע רעדעס איבער די גרונד־צוגען פון דער געגענוואַרטיגער צייט און זיינע רעדעס צו דער דייטשער נאַציאָן — אַז דאָ זאָל אפילו נאָר ביי וועמען עס איז זיין מעגליך אַזאַ מין מיינונג, וואָס בינדט צונויף די וויסענשאַפטליכקייט מיט דעם אָ ר ט!

גראָד דאָס איז די גרויסקייט פון דער מיסיאָן פון אָט דער צייט, אויסצופיהרן וואָס די פינסטערע יאָהרהונדערטען האָבען ניט געהאַלטען פאַר מעגליך אפילו צו דענקען וועגען דעם — צו ברענגען די וויסענשאַפט צום פאָלק!

מען מעג זיך פאָרשטעלען די שוועריגקייטען פון אָט דער אויפגאַבע ווי גרויס מען וויל — אונזערע אָנשטרענגונגען זיינען גרייט זיך מיט זיי צו ראַנגלען, אונזער וואַכזאַמקייט ווערט דערויף אָבגעגעבען זיי בייצוקומען!

צ ו ו י י ז א כ ע ן אַליין זיינען געבליבען גרויס אין דער אַלגעמיינער געפאַלענקייט, וואָס דער טיעפער קענער פון דער געשיכטע זעהט אין אַלע צושטענדען פון אייראָפּעאישען לעבען;

צוויי זאכען אליין זיינען געבליבען פריש און פרוכטבאר אין מיטען פון דער לאנגזאמער אויסצעהרונג פון עגאאיזם, וועלכע האט דורכ־ג־דרונגען אלע אדערען פון אייראפעאישען לעבען — די וויסענ־שאפט און דאס פאלק, די וויסענשאפט און די ארבייטער!

די פעראייניגונג פון אט דיביידע איז דאס איינציגע, וואס קאן בעפרוכטען דאס לייב פון די אייראפעאישע צושטענדען מיט נייעם לעבען. די אלליאנץ פון דער וויסענשאפט מיט די ארביי־טער — פון אט די ביידע געגענגעזעצטע עקען פון דער געזעלשאפט, וועלכע, ווען זיי נעהמען זיך ארום, וועלען אין זייערע אייזערנע אר־עמס צערדריקען אלע קולטור־שטערונגען — אט דאס איז דער ציעל, פאר וועלכען איך האב בעשלאסען אבצוגעבען מיין לעבען ביז דעם לעצטען אטהעם!

ווי מיינט איהר, אבער, מיינע הערען, איז אפשר אט די לעהרע א גאנץ נייע און אונערהערטע אין די אנגאלען פון דער וויסענשאפט?

הערט זיך צו, וואס פיכטע אליין האט געזאגט (אין זיינע „רעדען אן די דייטשע נאציאן") צו די געבילדעטע קלאסען, צו וועלכע ער האט אדרעסירט זיינע פארטרעגע: „בעזונדערס ווענדט זיך איצט מיין רעדע מיט אט דעם פארשלאג צו די געבילדעטע קלא־סען פון דייטשלאנד, ווייל זי האפט צום ערשטען פון זיי פערשטא־נען צו ווערן, און זי מאכט זיי קודם דעם פארשלאג צו ווערן די אנפיהרער פון אט דער נייער שעפפונג, און דורכדעם טיילווייז אויסגלייכען די וועלט מיט זייער ביזאהעריגער ווירקזאמקייט, און טיילווייז פערדיענען זייער קיום אין דער צוקונפט. מיר וועלען אין המשך פון די רעדעס איינזעהן, אז ביז אהער איז יעדע וועיטערע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט אין דער דייטשער נאציאן ארויס־געגאנגען פון'ם פאלק, און אז אלעמאל זיינען צוערשט אלע נאציא־נאלע אנגעלעגענהייטען געבראכט געווארן צו איהם און זיינען פון איהם וועיטער געטריבען געווארן. אויך אז עס פאסירט איצט צום ערשטען מאל, אז עס ווערט אנגעבאטען צו די געבילדעטע קלאסען די אורשפרינגליכע פארטבילדונג פון דער נאציאן, און אז ווען זיי וואלטען אט דעם פארשלאג ווירקליך אנגענומען, וואלט דאס גופא געוועזען א זאך, וואס פאסירט צום ערשטען מאל. מיר וועלען זעהען,

אז אָט די קלאַסען קאָנען ניט בערעכענען, ווי לאַנג עס וועט נאָך שטעהן אין זייער מאכט צו שטעלען זיך אַן דער שפּיץ פון דער דאָזיגער אַנגעלעגענהייט, היות ווי זי איז שוין כמעט פאַרבערייטעט און צייטיג צו ברענגען זי צום פאָלק און ווערט שוין געאיבט אויף אייניגע גליעדער פון'ם פאָלק, און דאָס דאָזיגע פאָלק וועט אין א קורצער צייט זיך אליין קאָנען העלפען גאָר אָהן אונזער מיטהילף." *

דאָס האָט, אַלזאָ, פיכטע געוואוסט און אָנגעזאָגט, אַז די גרויסע נאַציאָנאַל-אָנגעלעגענהייטען ווערן אַלעמאָל גענומען אין די הענד נאָר פון פאָלק, און קיינמאָל ניט פון די געבילדעטע קלאַסען. אויב ער האָט טראָץ דעם זיך געווענדט צו די געביל-דעטע קלאַסען, איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל, ווי ער אליין זאָגט, ער האָט נאָך געהאָפט, אַז זיי וועלען איהם פריהער פערשטעהן; ווייל ער האָט געהאלטען, אַז דאָס ברענגען די וויסענשאַפט צום פאָלק איז שוין כמעט גרייט און צייטיג, אָבער נאָך ניט ווירק-ליך גרייט און צייטיג.

אַז היינט טהוט מען ווירקליך דאָס, וואָס אין פיכטע'ס צייטען האָט מען שוין איינגעזעהן אלס די איינציג-פּרוכטבארע ארבייט, נאָר מען האָט עס דאַמאַלסט געהאל-טען פאַר נאָך ניט גענוג פאָרבערייטעט און צייטיג, פאַר נאָך גאָר צו-שווער — דאָס בעווייזט טאַקע דאָס גאַנצע ביסעל פאָרטשריט, וואָס זינט פיכטע'ס צייט (וואָרים אין די דייטשע רעגירונגען וועט איהר אומזיסט זוכען אפילו וועלכען עס איז פאָרטשריט), דאָס הייסט, זינט די לעצטע 50 יאָהר, איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד!

פיכטע אַליין זאָגט אָן אין יענעם פּלאַץ, אַז אָט דער פאָרטשריט וועט „אין א קורצער צייט" אָנקומען. אָט די קורצע צייט האָט געדויערט פופציג יאָהר, און איך האָף, מיינע הערן פרעזידענט און ריכטער, אַז די „קורצע צייט" וועט ביי אייך אַלעמען אויסקומען שוין לאַנג גענוג.

די מענשען אָבער, וועלכע נעהמען אויף זיך די אויפגאַבע אריינצוברענגען וויסענשאַפט און וויסענשאַפטליכען דענקען אין פאָלק, ניט קוקענדיג אויף אַלע שוועריגקייטען, און קעמפענדיג מיט

* פיכטע, געזאַמעלטע ווערקע, באַנד 7, ז. 278.

אלע כחות פון זייער גייסט — פערדיענען זיי ווירקליך דערפאר די בעשולדיגונג, אז זיי ווילען אנרייצען די בעזיצלאזע צו האבען א האס אויף די בעזיצענדע, אדער פערדיענען זיי ניט דערפאר פיעל מעהר דעם דאנק און די ליעבע גראד פון די בעזיצענדע קלאסען, גראד פון דער בורזשואזיע מעהר פון אלעמען?

פון וואנען קומט די פאליטישע מורא, וואס די בורזשואזיע האט פאר דעם פאלק?

ווארפט נאר א בליק פון דעראינערונג אויף די מאנאטען מערץ, אפריל און מאי פון יאהר 1848.

האט איהר פערגעסען, ווי עס האט דא יעמאלט אויסגעזעהען?

די פאליציי־מאכט איז געווען געבראכען, דאס פאלק איז געווען פול אין אלע גאסען און עפענטליכע פלעצער. און אלע גאסען, אלע עפענטליכע פלעצער און דאס גאנצע פאלק זיינען געלעגען אין די הענד פון א ק א ר ב ע, א ל י נ ד ע נ מ י ל ע ר און נאך אזעלכע גערדאנקענלאזע אגיטאטארם; מענשען אהן וויסען, אהן בילדונג, אהן איינזעהעניש, וואס זיינען געווען אנגעטריבען פון דעם שטורם, וועלכער האט אויפגערודערט דאס פאליטישע לעבען ביז אין זיינע טיעפעניששען! די בורזשואזיע, פול מורא און פחד, איז געלעגען אין הויז, ציטערענדיג יעדען אויגענבליק פאר איהר אייגענטום און איהר לעבען, וואס זי האט געזעהן ליעגענדיג אין די הענט פון גראבע אגיטאטארס, וועלכע האבען זיך ניט בענוצט מיט זייער מאכט נאר דערפאר, ווייל זיי זיינען געווען צו־גוטמוטיג. די בורזשואזיע האט אין הארצען גאט געבעטען, דער פאליציי־צוואנג זאל זיך אומקעהרען צוריק, ציטערענדיג אונטער דעם שרעק, וועלכען זי האט נאך ביז היינטיגען טאג ניט פערגעסען, און וואס זיין אנדענקען מאכט איהר נאך ביז היינטיגען טאג אונפעהיג פאר'ן פאליטישען קאמף!

ווי אזוי איז עס געקומען, אז אין א שטאדט, וועלכע רופט זיך שטאלץ די הויפט־שטאדט פון אינטעליגענץ, אין אזא גרויסער שטאדט, אין דעם וואוין־ארט פון די לייכטענדסטע גייסטער, זאל דאס פאלק מאנאטען־לאנג געהערן צו א קארבע און א לינדענמילער, און זי, די אינטעליגענץ, זאל ציטערן פאר איהר לעבען און אייגענטום?

וואו זיינען געווען די אינטעליגענץ פון בערלין, די מענער פון

וויסענשאַפט און געדאַנקען — וואו זיינען זיי אַלע געווען, מיינע הערען?

אַ גאַנצע שטאָדט איז ניט שרעקעדיג.

אָבער זיי האָבען זיך געטראַכט: דאָס פאָלק פערשטעהט אונז ניט, פערשטעהט ניט אפילו אונזער שפּראַך. עס ליעגט אַן אָב־גרונד צווישען אונזער וויסענשאַפטליכען דענקען און דער בילדונג פון דעם המון, צווישען דער שפּראַך פון דעם וויסענשאַפטליכען געדאַנק און די פאָרשטעלונגען פון׳ם פאָלק. עס וועט אונז ניט בעגרייפען. דעריבער געהערט דעם גרעבסטען די טריבונע!

אָט דאָס האָבען זיי זיך געטראַכט און האָבען געשוויגען! — נון, מיינע הערען, זיינט איהר אַזוי זיכער, אַז עס וועט קיינמאָל ניט וויעדער קומען אַ פּאָליטישע אויפטרייסלונג? ווילט איהר שווערען, אַז איהר שטעהט איצט ביים סוף פון די געשיכטליכע בע־וועגונגען?

וואָלט איהר וויעדער געוואָלט זעהן אייער לעבען און אייגענ־טום ליעגען אין די הענד פון אַ קאַרבע און אַ לינדענמילער?

אויב ניט, דאַן דאַנקט די מענשען, וועלכע האָבען זיך אָבגעגע־בען מיט דער ארבייט צו פערשיטען יענעם אָבגרונד, וואָס טיילט אָב דאָס וויסענשאַפטליכע דענקען און די וויסענשאַפטליכע שפּראַך פון דעם פאָלק, און אויף דעם אופן צוברעכען דעם באַריער, וואָס האַלט אָבגעזונדערט די בורזשואַזיע און דעם פאָלק! דאַנקט יענע מענשען, וועלכע האָבען אויף די קאָסטען פון זייערע אייגענע אָנ־שטרענגונגען איבערגענומען די ארבייט, וואָס איהרע רעזולטאַטען וועלען זיין אַ טובה פאַר אייך אַלעמען און פאַר יעדען איינציגען פון אייך!

שפּייזט אָט די מענער אין דעם פּריטאַנעאום * — און שטעלט זיי ניט אַלס אָנגעקלאַגטע פאַר׳ן געריכט!

אַלזאָ, דער אָ ר ט, וואו דער פאָרטראַג איז געהאַלטען גע־וואָרען, קאַן פּונקט אַזוי וועניג דיענען פאַר אַ גרונד פון איינוווענדונג אַנטקעגען זיין וויסענשאַפטליכקייט.

איך האָב, דאַכט זיך, גרינדליך בעוויזען, אַז די דאָזיגע אַר־בייט איז אַ וויסענשאַפטליכע.

* פּריטאַנעאום — אַ געביידע אין די אַלט־גריכישע שטעדט, וואו די סענאַטאָרען פלעגען עסען אויפ׳ן קהל׳שען חשבון. — י. א. מ.

זאָל מען אָבער נעגען אַלע ערוואַרטונגען דאָס נאָך וועלען בע־שטרייטען, הגם איך קאָן דאָס אין ערנסט ניט האַלטען פאַר מעגליך אַפּילו אויף איין רגע בנוגע צו אייך, מיינע הערען פּרעזידענט און ריכטער, דאַן וועל איך זיך בענוצען מיט'ן רעכט, וואָס יעדער שום־טער האָט, און אין וועלכען איהר וועט נאָך וועניגער מיר קאָנען אָבזאָגען: דורך אַן עקספּערטען־מיינונג פון פאַך־לייט צו דערווייזען די עקזיסטענץ פון אַ פאַכמעסיגער אַרבייט.

אין לעצטער ליניע איז די פראַגע, צי אַן אַרבייט איז אַ ווי־סענשאַפטליכע, אַ פאַך פראַגע, איבער וועלכער די אַלגעמיינע ביל־דונג קאָן ניט ענטשיידען, און אין דעם פאַל — אויך ניט קיין ריכ־טער־קאָלעגיום, ווייל דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען רעכט־וויסענ־שאַפט, אין וועלכער זיי מוזען זיין געלערנט, נאָר וועגען אַנ־דערע וויסענשאַפטען, אין וועלכע זיי מעגען אויך ניט זיין בעהאַ־ווענט, און אויב זיי האָבען יאָ אַן ערפאַהרונג דעריין, איז עס נאָר צופעליג און אין זייער פּריוואַט־אייגענשאַפט, ניט אין זייער ריכ־טערליכער קוואַליטעט.

ענטפערן יאָ אויף דער פראַגע קאָנט איהר, דערצו זיינט איהר קאָמפּעטענט. וואָרים אין די מעהרסטע פעלען קאָן אַפּילו די אַל־געמיינע בילדונג דערקענען די עקזיסטענץ פון וויסענשאַפט אין אַ ווערק. ענטפערן ניין אויף דער פראַגע אַנטקעגען דעם עקספּערטען־בעוויז, וועלכען איך פאָדער אַרויס סובסידיאַריש * — דאָס קאָנט איהר נ י ט. וואָרים צי דער טיעפסטער זין פון וויסענשאַפט האָט זיך אַרויסבעקומען אין דער גאַנץ לייכטער און פּאָפּולערער פאָרם, וואָס איז געברויכט געוואָרן, כדי צו מאַכען דעם ענין מעהר פער־שטענדליך; צי עס איז ניט אדרבא גאָר אויף אַזוי פיעל אַ פּולערע לייסטונג פון דעם וויסענשאַפטליכען געדאַנק, אויף וויפיעל עס איז דעם דאָזיגען געדאַנק געלונגען אָבצוּווישען יעדען שפּור פון קאַמף מיט זיך אַליין, יעדע שווערינקייט און טרוקענקייט פון דעם געגענ־שטאַנד — ד. ה. אויף וויפיעל עס איז דעם געדאַנק געלונגען זיך צו ברענגען צו דער קלאָרסטער דורכזיכטיגקייט, צו ווערן אַ ווי־סענשאַפטליך קונסטווערק, וואָס האָט, ווי שיללער זאָגט, אַרויס־געטריבען יעדען בעוויז פון מענשליכער פעהלערהאַפטיגקייט און

---

* אין פאַל אויב עס וועט זיין נויטיג.

שיינט זיך פונאנדערצו־וויקלען פריי און לייכט, שפיעלענדיג און אליין־פון־זיך, אלס דעם צוהערער׳ס אייגען דענקען — צי עס גע־פינט זיך ניט ערגעץ־וואו אט אזא שווערסטע וויסענשאפטליכע לייסטונג, דאס וועט קאנען מיט זיכערקייט, און דערהויפט מיט יענער זיכערקייט, וואס איז נויטיג פאר א פעראורטיילונג, נאר דעם וויסענשאפטליכען אויג זיין קלאר.

איך שלאג אלזא סובסידיאריש פאר די פאלגענדע הערען: דעם געהיימראטה אוגוסט בעקה, דעם ווירקליכען גע־היימראטה יאהאנעס שולצע, דעם פריהערדיגען די־רעקטאר פון בילדונגס־מיניסטעריום, דעם פראפעסאר אדאלף טרענדעלענבורג, דעם געהיימראטה און אבער־ביבליא־טהעקאר דר. פערטץ, דעם פראפעסאר לעאפאלד ראנקע, דעם פראפעסאר טהעאדאר מאמזען, דעם געהיימראטה פראפעסאר האנסען — אלע די אנגערופענע מיטגליעדער פון דער קעניגליכער אקאדעמיע דער וויסענשאפטען,— זיי זאלען אלס זאכפערשטענדיגע ארויסזאגען זייער מיינונג, צי דאס ווערק, וועגען וועלכען עס רעדט זיך דא, איז ניט א שטרענג־וויסענשאפטליכע ארבייט.

אין דעם דאזיגען פאל אבער, האט זי, ווי איך האב פריהער אויסגעפיהרט, גאר ניט צו טהאן מיט׳ן שטראף־געזעץ.

איך האב זיך ארייגגעלאזען אין אט אזא גרינדליכער אויס־פיהרונג פון אט דעם ערשטען פערטיידיגונגס־מיטעל מיינעם, ווייל איך מוז אין די אינטערעסען פון לאנד, אין די אינטערעסען פון דער ווערדע און פרייהייט פון דער וויסענשאפט, און כדי איינמאל פאר אלע מאל פעסטצושטעלען א פרעצעדענט אנטקעגען אלע צו־קינפטיגע בעשטרעבונגען פון דער פראקוראטור, אייך ערשטענס מא־כען דעם אנטראג מיך פרייצושפרעכען אויף גרונד פון דעם אר־טיקעל 20 פון דער קאנסטיטוציע.

אבער ניט דערפאר ווייל איך נויטיג זיך אין דעם צו דעקען מיין פערזענליכען פאל. ווארים ווען אפילו דאס שטראף־געזעץ וואלט איבערהויפט דא געקאנט ארויסגערופען ווערן, איז עס דאך אבער אויף קיין פאל גאר ניט פערלעצט געווארן, און דער פארא־גראף, וואס דער פראקוראר האט דא ארייגעשלעפט, האט בשום אופן דערצו קיין שיכות ניט.

שוין אַט דער ארגומענט אַליין מוז זיין גענוג צו בעזייטיגען די אַנקלאַגע, וואָס קיין א י י נ צ י ג ע ש ט ע ל ע, ניט אפילו אַן א י י נ צ י ג ע ר ז א ץ ווערט בעצייכענט ווי עס וואָלט אין איהם געלעגען אַ פערברעכען; וואָס דאָ ליעגט גאָר פאָר נישט מעהר ווי אַ טענדענץ־פּראָצעס אין דער אָפענסטער פאָרם. אַ טענ־דענץ איז דאָ אַנגעקלאָגט, מעהר גאָרנישט. און טענדענצען קאָנען קיינמאָל ניט זיין שטראָפבאַר.

עס לאָזט זיך מיר אָבער ניט מאַכען מיין פערטיידיגונג אַזוי לייכט. די אַנקלאָגע צו האָבען געוואָלט אויפרייצען די בעזיצלאָזע צו אַ האַס אנטקעגען די בעזיצענדע איז אַזאַ, וואָס אפילו אָבגעזעהן פון דער שטראָף, שטעלט אויך אין געפאַהר דעם בירגער׳ס נאָמען און רעפּוטאַציע. זי איז אַזעלכע, וואָס אפילו ווען זי ווערט אָב־געוויזען פון ריין יוריסטיש־פאָרמעלע גרונדען, קאָן זי נאָך אַלץ איבערלאָזען אַ חשד אויף דעם אָנגעקלאָגטען. איהר ווערט דעריבער, מיינע הערען פּרעזידענט און ריכטער, איינזעהן אין דעם נאָר אַ בעוויז פון מיין אכטונג צו אייך, ווען איך פערטיידיג פאַר אייך מיין ע ה ר ע פונקט מיט אַזויפיעל זאָרג ווי מיין פ ר י י ה י י ט, און וועל דעריבער פונקט אַזוי זאָרגפעלטיג ענטוויקלען די פ א ק־ט י ש ע, ווי די ר ע כ ט ל י כ ע גרונדען, וועלכע שלאָגען אָב די אַנקלאָגע; און איהר וועט דעריבער צוגעבען, איך בין בטוח אין דעם, מיט דער אייגענער איינזעהעניש, אז אַט דער צווייטער טייל פון מיין פערטיידיגונג קאָן אויך ניט אויספאַלען פיעל קירצער, ווי דער ערשטער.

איך בין אָנגעקלאָגט צו האָבען עובר געווען אויפ׳ן פּאַראַגראַף 100 פון שטראָף־געזעצבוך. דער דאָזיגער פּאַראַגראַף זאָגט: —

„יעדערער וואָס שטעלט אין געפאַהר דעם עפענטליכען פריעדען דורכדעם, וואָס ער רייצט עפענטליך אויף די אַנגעהעריגע פון שטאַאַט צו האַס אָדער פעראַכטונג איינע געגען די אַנדערע, ווערט בעשטראָפט מיט אַ געלד־קנס פון 20 ביז 200 טהאַלער, אָדער מיט געפענגניש פון איין מאָנאַט ביז צוויי יאָהר".

אַט דער געזעץ־אַרטיקעל שטעלט אַלזאָ אויף דריי תנאים (רעקוויזיטען), וועלכע מוזען קומען צוזאַמען, כדי ער זאָל קאָנען אָנגעוועגדט ווערן. עס מוז —

1. האָבען אויפגערייצט געוואָרן צו האַס און פעראַכטונג.

2. די דאָזיגע אויפרייצונג מוז זיין געריכטעט געגען קלאַסען פון שטאַאט־אַנגעהעריגע; ווי דער פּראָקוראָר קלאָגט מיך אין פאַקט טאַקע אָן, צו האָבען אויפגערייצט דעם בעזיצלאָזען קלאַס אַנטקעגען דעם קלאַס פון בעזיצענדע. און

3. די דאָזיגע אויפרייצונג מוז זיין אַזוינע, וואָס איז קאַפּאַבעל צו שטעלען אין געפאַהר דעם עפענטליכען פריעדען.

אַלע די דריי תנאים מוזען זיך טרעפען צוזאַמען, מוזען זיך פ ע ר א י י נ י ג ע ן, כדי דער געזעץ־אַרטיקעל זאָל קאָנען אַנגעוועג־דעט ווערן — און פון די אַלע דריי תנאים האָט ק י י ן א י י נ צ י ג ע ר נ י ט קיין שייכות צו מיין פאַל!

פונקט 1. עס מוז זיין אַן אויפרייצונג צו האַס און פעראַכטונג.

דערפון אָבער קאָן אין אונזער פאַל גאָר קיין רעד ניט זיין, און טאַקע ווידער אמאָל מחמת מעהרערע טעמים.

1) דאָס פערברעכען פון § 100 קאָן ניט פאָרקומען אָהן דער א ב ז י כ ט אויפצורייצען צו האַס און פעראַכטונג. אַ בשוגג׳דיגע אויפרייצונג צו האַס און פעראַכטונג איז ניט דענקבאַר. ווען אַ בשוגג׳דיגע, ניט־אַבזיכטליכע אויפרייצונג צו האַס און פעראַכטונג וואָלט געווען דענקבאַר — וועלכע קאָנזעקווענצען וואָלטען דאַן געמוזט אַרויסקומען? מיר אַלע צ. ב. ש. האָבען אַנומעלט געלעזען געוויסע רעדעס פון דעם העררען־הויז, וועלכע האָבען אפשר מיך — און אפשר ניט מיך אליין, מיינע הערען, נאָר אַ זעהר גרויסען טייל פון דער נאַציאָן מיט מיר — אָנגעפילט מיט האַס און פעראַכטונג ביז צו בערוישונג! פאָלגט דערפון, אַז דער פּראָקוראָר קאָן עפּעס טהאָן אַנטקעגען יענע רעדנער? ער וואָלט גאָרנישט געקאָנט טהאָן, אָבגעזעהן אפילו פון זייער פּאָליטישען פריווילעגיום; וואָרים ווען אפילו דאָס איז געווען די ו ו י ר ק ו נ ג פון יענע רעדעס, איז דאָך אָבער די א ב ז י כ ט פון יענע הערען געוויס ניט געווען דערויף געציעלט, אַרויסצוברענגען האַס און פעראַכטונג. פונקט אַזוי וועניג אָבער וועט ווער עס איז קאָנען לייקענען, אַז די אָבזיכט פון מיין פאָרטראַג איז געווען געציעלט אַרויסצוברענגען ד ע ר ק ע נ ט ע נ י ש. העכסטענס וואָלט דער פּראָקוראָר געקאָנט דערצו נאָך בעהויפּטען, אַז עס איז מיר געווען ג ל י י כ ג י ל ט י ג, צי פון דער דאָזיגער דערקענטעניש וועט זיך אויך ניט צופלאַקערן

האס און פעראכטונג — א בעהויפטונג וואס וואלט געווען גאנץ גלייכגילטיג, היות ווי קיין מיטשולדיגע אויפרייצונג צו האס און פעראכטונג איז דא ניטא.

אין פאקט אבער איז די אבזיכט צו אזא אויפרייצונג דא אבסאלוט אויסגעשלאסען דורך אנאנדער גרונד, וועלכער בעווייזט אין דערזעלביגער צייט, אז די ווירקונג פון האס און פעראכטונג האט אויך גארניט געקאנט ארויסגעבראכט ווערן דורך אט דעם פארטראג. איך וועל דעריבער בעהאנדלען אט דעם גרונד, כדי אויסצומיידען ווידערהאלונגען, אינאיינעם מיט אט דעם צווייטען פונקט.

איך זאג, אלזא, צווייטענס, אז עס איז אונמעגליך, דער פארטראג זאל קאנען הָבען געהאט די ווירקונג אויפצורייצען צו האס און פעראכטונג, זון עס איז פונקט אזוי אונמעגליך, ער זאל האבען געהאט די אבזיכט דערצו.

דורך וואס אליין קאן מען פערדיענען האס און אכטונג ?

דורך שלעכטסקייט, וועלכע ווידער אמאל קאן נאר בעשטעהן אין מענשענ'ס ווילקירליך־פרייע האנדלונגען.

איך אבער בעווייז אין מיין פארטראג, אז די הערשאפט פון דעם פרינציפ פון דער בורזשואזיע, אנטקעגען וועלכער איך האב, לויט דעם פראקוראר, געזאלט האבען אויפגערייצט צו האס, איז א וועלט־היסטאריש־נויטווענדיגע, עקאנמישע און מאראלע ענטוויקלונגס־שטופע; אז זי האט גארניט געקאנט ניט זיין, און אז זי טראגט אויף זיך דיזעלבע נאטור־נויטווענדיגקייט, ווי די פיזישע ענטוויקלונג־פראצעסען פון דער ערד.

האסט מען דען די נאטור, ווייל מען קעמפט מיט איהר, ווייל מען שטרעבט אנצופיהרן איהרע פראצעסען, צו פערבעסערן איהרע פראדוקציאנען ?

אבער ווייטער: ווי אזוי האט דער פראקוראר בעגריפען מיין לעהרע!

דער גרונד־געדאנק פון מיין פארטראג איז, אז די בעזיצענדע האבען בעוואוסטזיינג און פריי, אבזיכטליך און פעראנטווארטליך, אויף קיין אופן ניט געשאפען די הערשאפט פון דער בורזשואזיע, נאר אדרבא פערקעהרט, זיי, די בורזשואען, זיינען נאר די אונבע־

וואוסטזיניגע, ווילענלאָזע און דריבער אונפעראַנטוואָרטליכע פּראָדוקטען, ניט פּראָדוצירער, פון דער דאָזיגער וועלט־לאַגע, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט פון גאַנץ אַנדערע געזעצען אייזער פון דעם סוביעקטיווען ווילען. אַפּילו דאָס וואָס זיי דער־לאָזען ניט אָבשאַפען די דאָזיגע הערשאַפט, האָב איך אויך דער־קלערט דורך דעם געזעץ פון דער מענשליכער נאַטור, אין וועלכער עס ליעגט צו האַלטען זיך ביי דאָס וואָס איז דאָ און בעטראַכטען עס פאַר דאָס נויטוועגדיגע. און אַ לעהרע, וועלכע בעפרייט די בע־זיצענדע אַפּילו פון דער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם בעשטעה־ענדען צושטאַנד, וועלכע מאַכט זיי פון פּראָדוצירער פון דעם צו־שטאַנד פאַר זיינע פּראָדוקטען, וויל דער פּראָקוראָר בעשולדיגען צו האָבען אויפגערייצט צו האַס און פעראַכטונג אַנטקעגען די דאָזיגע פערזאָנען ? !

וואָרים מיר האָבען, לויט דעם § 100, צו טהאָן מיט פער־זאָנען און קלאַסען פון פערזאָנען, ניט מיט אינסטיטוציעס פון שטאַאט, מיט וועלכע עס האָט צו טהאָן דער § 101.

קיין אַרבייטער האָט מיין פאָרטראַג ניט אַזוי שלעכט פער־שטאַנען ווי דער פּראָקוראָר, און איך לאָז איהם איבער די ברירה צו זאָגען, צי זיין פעהיגקייט צו פערשטעהן, צי זיין ווילען דערצו איז אַזוי קליין.

אָבער נאָך מעהר: איך בעווייז, אַז די הערשאַפט פון דער אידעע פון דער בורזשואַזיע איז אַ וועלט־בעפרייענדע, היסטאָרישע טהאַט; אַז זי איז געוועזען דער געוואַלטיגסטער מאָ־ראַלער און קולטור־היסטאָרישער פאָרטשריט; אַז זי איז אַפּילו געוועזען די דורכאויס נויטווענדיגע וועלט־געשיכטליכע פאָרבעדינגונג און דורכגאַנג־שטופע, כדי צו פיהרען צו דער ענטוויקלונג פון דער אידעע פון'ם אַרבייטער־קלאַס.

איך מאַך אָט אַזוי שלום צווישען דעם אַרבייטער קלאַס מיט דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע אין דער געשיכטע, דערמיט וואָס איך וויין אויף די אָביעקטיווע פערנינפטיגקייט פון דער דאָ־זיגער הערשאַפט. איך בערוהיג איהם דערמיט, וואָרים עס איז די העכסטע בערוהיגונג, ווען מיר בעגרייפען די פערנינפטיג־קייט פון דאָס, וואָס עס דריקט אונז.

און ווען איך בעווייז דאן ווייטער, אז די אידעע פון דער בורזשואזיע איז נאך אויך ניט די העכסטע שטופע פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג, נאך ניט די לעצטע פראכט פון מענשליכער פאָל־קאָמענהייט — אז הינטער איהר שטעהט נאך א העכערע פאָרם פון דאָס מענשליכע, פאר וועלכער אָט די פריהערע שטופע האָט געלעגט דעם פונדאמענט, הייסט דאָס אויפרייצען אנטקעגען איהר האַס און פעראכטונג ?

פונקט אזוי גוט וואָלטען די ארבייטער געמוזט האסען און פעראכטען זיך אליין און די גאנצע מענשליכע נאטור, אין זיך ווי אין אנדערע, ווייל עס איז אקוראט דאָס געזעץ פון דער מענשליכער נאטור נאך טריטווייז זיך צו פאנאנדערוויקלען און צו געפינען אין יעדער פריהערדיגער ענטוויקלונג די נויטווענדיגע בעדינגונג פון דער קומענדיגער.

ווען איך וואָלט ליעב געהאט דעם גלח'ישען סטיל, מיינע הערדען, וועלכען איך האָב ניט ליעב, וואָלט איך גאנץ גוט געקאָנט זאָגען, אז דורך דעם בעווייז, אז די הערשאפט פון דער בורזשואזיע איז די אבסאָלוט־נויטיגע דורכגאנג־שטופע און וועלט־געשיכטליכע פאָרבעדינגונג, פון וועלכער די אידעע פונ'ם ארבייטער קלאַס קאָן ערשט איבערהויפט געשאפען ווערן, האָב איך ניכער די ארבייטער אויפגעפאָדערט ארויסצוווייזען א היסטאָרישע פרומקייט לגבי דער בורזשואזיע. וואָרים ווען דער זוהן, א דאנק זיין פרייערער און רייכערער בילדונג און קרעפטיגערן קערפער, שטרעבט אריבער דעם פאָטער, פערגעסט ער פונדעסטוועגען קיינמאָל ניט צו זעהן אין איהם דעם מקור פון זיין בלוט און דעם שאפער פון זיין עקזיסטענץ. אין וואָס פאר א בלאָטע וויל מען פערשלעפען די העכסטע פון אַלע וויסענשאפטען, אויב מען קלאָגט אָן די לעהרע פון דער געשיכטע אלס א שטופענווייזע ענטוויקלונג פון פערנונפט און פרייהייט, אין פערברעכערישער אויפרייצונג ?

א לאנגע צייט האָב איך ניט געקאָנט בעגרייפען, ווי אזוי קאָן דאָ דער פראָקוראָר גאָר רעדען וועגען האס און פעראכטונג. ענדליך האָב איך מיר דאָס געקאָנט דערקלערן נאָר דורך א השערה. דער פראָקוראָר האָט געמוזט פרובירען, לעזענדיג די שריפט, זיך

אריינטאָן אין דער נשמה פון אַן ארבייטער און האָט אודאי גע־פיהלט, אז ער, דער פּראָקוראָר, וואָלט — געהאסט!

דער פּראָקוראָר, הייסט עס, פיהלט, אז ער וואָלט געהאסט!

נו, מיינע הערדען, איך וואָלט געקאָנט זאָגען, אז דאָס מוז ליעגען אין זיין אייגענארטיגען געמיטה, און ער וועט שוין מוזען בלייבען דערביי. איך וויל אָבער דעם פּראָקוראָר קומען צו הילף! איך וויל פיהרען די אָנקלאגע געגען מיר שארפער ווי ער האָט זי געקאָנט פיהרען; איך וויל זי אַזוי בעגרינדען, ווי זי מוז באמת געפיהרט ווערן, אויב זי דארף גאָר אינגאנצען געפיהרט ווערן. וואָס שארפער איך וועל דורכדעם ארויסברענגען פאר׳ן שיין די אינערליכע נאַטור פון אָט דער אָנקלאגע, אַלץ שאַרפער וועל איך זי קאָנען פערניכטען.

דער פּראָקוראָר וואָלט געמוזט אזוי זאָגען:

עס איז אמת, אז דער פאָרטראג, וואָס לאסאל האָט געהאַל־טען, ווענדעט זיך צו דער טעאָרעטישער דערקענטניס־קראפט, ניט צו דעם פּראקטישען ווילען און צו די געפיהלען פון די צוהערער. עס איז בכן אמת, אז לויט דעם נאָך, פאַלט דער דאָזיגער פאָרטראג ניט אריין אין דעם קרייז פון שטראַף־געזעץ.

אָבער אין אַ נאָרמאַל־פיהלענדען מענשען זיינען דער־קענטניס, ווילען און עמפּינדונג ניט קיין אָבגעטרענטע ראָק־קעשענס, וועלכע האָבען איינע מיט די אנדערע גאָרניט צו טהאָן. זאָנדערן מיט וואָס איין כלי איז פול, דאָס קוועלט נוי־טיגערוויז אריבער אין דער אנדערער. ווילען און עמפינדונג שטעהען אין דיענסט פון דער ערקענטניס און ווערן פון איהר בע־הערשט.

לאסאל רעדט טאקע אין זיין פאָרטראג ניט ארויס קיין וואָרט פון האס און פעראכטונג; ער בעווייזט נאָר טעאָרעטיש, אז גע־וויסע איינריכטונגען, ווי צ. ב. ש. דאָס דריי קלאסען־וואהל־געזעץ א. ד. ג. זיינען שעדליך און פערדערבליך. אָבשלאָגען אָט די לעה־רע קאָן איך ניט. אָבער דאָס מוז איך, צוליעב יענעם נויטווענ־דיגען צוזאמענהאנג אין דער מענשליכער נאטור, מודה זיין: איז זי נאָר אמת, דאַן מוז יעדער ארבייטער, אלס נאָרמאַל פיהלענ־דער מענש, ניט נאָר אָט די איינריכטונגען, נאָר אויך יענע מענ־שען, וועלכע ציהען נוצען פון זיי, האסען און פעראכטען!

דאָס איז דער לאָגישער בנין־געשטעל, וואָס ליגט אין גרונד פון אָט דער אָנקלאַגע; דאָס איז דער אויספיהר, וועלכער, מיט אויסדריקליכע ווערטער אָדער ניט, ווערט אויף אַן אופן, וואָס מען קאָן זיך ניט העלפען, און וואָס איז לאָגיש אונפערמיידליך, ארויס־געזאָגט דורך אָט דער אָנקלאַגע!

ניט איך, דער פּראָקוראָר פון זיין אמט־שטוהל רופט אויס צו די ארבייטער־קלאסען די שרעקליכע לעהרע: איהר יוזט האסען און פעראכטען!

ניט איך, דער פּראָקוראָר מעג זיך וועגען דעם אויסטענה'ן מיט דער בורזשואזיע!

וואָסער ענטפער אָבער וועל איך האָבען צו געבען דעם פּראָ־קוראָר אויף אָט דער אָנקלאַגע, וועלכע בעשולדיגט מיך אין דאָס, וואָס ער אליין טהוט אָב?

א פּיערפאַכען ענטפער.

דער ערשטער ענטפער איז, אַז די איינמאָל געגרייכטע דער־קענטעניש וועגען דער פעהלערהאַפטיגקייט אָדער שעדליכקייט פון א בעשטעהענדער אינסטיטוציע מוז גאַנץ געווים ארויסרופען אין יעדען פיהלענדען מענשען אויף זיין גאַנצען לעבען דעם ווילען צו ענדערן די דאָזיגע אינסטוטוציע, אויב עס איז נאָר מעגליך; און אַז דער צוועק פון מיין טהעטיגקייט, ווי פון יעדער אַנדער ווי־סענשאַפטליכער טהעטיגקייט, איז נויטיגערווייז געווען ארויסצו־רופען דעם דאָזיגען ווילען אין מיינע צוהערער אויף זייער גאַנצען לעבען לאַנג. דער דאָזיגער ווילען אָבער, אויב ער דריקט זיך ניט אויס אין שטאַאטליך אונ־ערלויבטע האַנדלונגען, איז שטאַאט־ליך בּאַלקאָמען פריי; און פּונקט אַזוי פריי איז די אויפפאָדערונג צו דעם ווילען, אויב זי ווענדעט זיך ניט צו אונ־ערלויבטע מיט־לען. פון דער אַנדער זייט ווידער, איז דער ווילען אויסצובעסערן אַן אָנדערקענטע פעהלערהאַפטיגקייט ניט דורכאויס בעגלייט מיט די עמפינדונגען פון האַס און פעראכטונג צו איהר, היות ווי די דאָזיגע פעהלערהאַפטיגקייט האָט געקאָנט זיין א היסטאָריש בע־רעכטיגטע, א היסטאָריש נויטווענדיגע, אפילו גאָר א היסטאָריש בעפרייענדע, און אין העכסטען גראַד א קולטור־היסטאָריש פּראָגרע־סיווע אָדער צוליעב אַנדערע, שוין פריהער געבראַכטע טעמים,

וואס איך וויל אייך איצט ניט אויפהאלטען מיט זייער וויעדער־האלונג און ווייטערער אויספיהרונג. אלזא, אט דא, הייסט עס, קומט פאר דעם פראקוראר׳ס ערשטער שפרונג.

דער צווייטער ענטפער איז, אז אויב אין א וועלכען עס איז פאל איז האס און פעראכטונג אין א נארמאל־פיהלענדען מענשען ווירקליך די נויטווענדיגע פאלגע פון דער טעארעטישער וויסענשאפטליכער דער־קענטניש — דאן קאן דער דאזיגער האס און די דאזיגע פער־אכטונג בשום אופן פון געזעצגעבער ניט ווערן פערבאטען!

דאס וואס איז אזוי שלעכט, אז ווען מען דערקענט עס, מוז עס אנצינדען האס און פעראכטונג — דאס זאלען מיר האַ־סען און פעראכטען!

דער געזעצגעבער פערבאט דעם האס און די פעראכטונג, וועלכע זיינען א פאלגע פון אויפרייצען די בלויזע עמפינדונגען און ליידענשאפטען. אבער ער פערבאט ניט די פערנונפט און די מאראלענאטור פון׳ם מענשען! ער פערבאט ניט דערמיט אזא האס און פעראכטונג, וועלכע זיינען נאר דער פועל יוצא פון דער פערנונפט און דעם מענשען׳ס מאראלער נאטור. דער פראקוראר פאסט אויף דעם § 100 אזוי, ווי דער געזעצגע־בער וואלט דורכדעם די פערנונפט פערבאטען און די מענשליכע מאראליטעט אריינגעלעגט אין חרם! דאס איז אבער דעם גע־זעצגעבער נאר אויפ׳ן זינען ניט געקומען. קיין ריכטער וועט ניט אויסטייטשען דאס געזעץ אזוי, אז ער זאל דורכדעם מאכען דעם געזעצגעבער פאר אן אפענעם פעראכטער פון פערנונפט און וויסענ־שאפט — און דא קומען צוריק אלע אויספיהרונגען, וואס איך האב אייך געמאכט אין מיין ערשטען פערטיידיגונגס־מיטעל וועגען דעם ארטיקעל 20 פון דער קאנסטיטוציע. איהר האט דא דעם זין, אז ווען די וויסענשאפט און איהר לעהרע וואלטען דורך יענעם ארטיקעל איבערהויפט ניט געשטעלט געווארן אויסערהאלב דעם שטראף־געזעץ, וואלט דאך דער § 100 פון זעלבען שטראף־גע־זעץ, ניט וועלענדיג רואינירן פון גרונדאויס די מענשליכע נאטור, קיינמאל ניט געקאנט האבען אין אויג אזא האס און אזא פעראכ־טונג, וועלכע וואלטען נאר געווען דער נויטווענדיגער פועל יוצא פון דער וויסענשאפט און איהר דערקענטעניש.

דער דריטער ענטפער איז, אז האס און פעראכטונג אנטקעגען אָן אָביעקטיווער אינסטיטוציע מיינט נאָך דורכאויס ניט א האס און פעראכטונג אנטקעגען די פערזאָנען, וועלכע ציהען נוצען פון דער דאָזיגע אינסטיטוציע; דער § 100 אָבער רעדט נאָר פון אזא האס אנטקעגען פ ע ר ז אָ נ ע ן: הייסט עס, אז דאָ קומט פאָר דעם פראָקוראָר'ס דריטער שפרונג — און נאָך וואָס פאר א שפרונג! — אן אמת'ער סאַלטאָ־מאָרטאַלע.*

דער פערטער ענטפער, וואָס איך וועל געבען דעם פראָקוראָר, איז לויט זיין גרונדלאגע נאָך פון א פאקטישען כאראקטער. ער בעשטעהט אין דעם, וואָס אָט די אַנקלאגע נעהמט פאָר דאָס מערקווירדיגסטע „קוויד פראָ קוואָ",** וואָס איז מיר ווען־עס־איז פאָרגעקומען אין געריכטליכע דעבאטען. דער ענטפער בילדעט דעם איבערגאנג צו דעם בעווייז, אז עס פעהלט אויך דער צווייטער תנאי (רעקוויזיט) פון דער אַנקלאגע, נעמליך — אויב דאָ וואָלט שוין יאָ געקאָנט זיין א וועלכע עס איז רעדע פון האס און פעראכטונג, איז דאָך אָבער קיינמאָל ניט אויפגערייצט געוואָרן קיין האס און פעראכטונג א נ ט ק ע ג ע ן ד אָ ס, ג ע ג ע ן ו ו אָ ס איך בין אַנגעקלאָגט צו האָבען אויפגערייצט.

פונקט 2. איך בין אַנגעקלאָגט צו האָבען אויפגערייצט די בעזיצלאָזע צו האס און פעראכטונג אנטקעגען די בעזיצענדע קלאסען.

„דורך דער דאָזיגער דערקלערונג — זאָגט די אַנקלאגע אין איהר בעגרינדונג — ווערן אָבער די ארבייטער גאנץ קלאָר אויפגערייצט צו האס און צו פעראכטונג אנטקעגען דער בורזשואזיע, ד. ה. די בעזיצלאָזע קלאסען ווערן אויפגערייצט אנטקעגען די ב ע ז י צ ע נ ד ע קלאסען". און נאָכדעם ווי די אַנקלאגע האָט זאכט און ניט־בעמערקליך אריינגעפיהרט אין דעם פּלאַץ אָט די דעפיניציאָן פון'ם וואָרט „בורזשואזיע", ציהט זי פאָרמעל דעם שלום ביים ענדע אזוי צו זאָגען:

„דער פריוואטמאן פ. ל. ווערט בכן אַנגעקלאָגט: 1) דורך

* א ווילדער שפרונג, פון וועלכען מען קען ברעכען האלז און נאקען.

** פערוועקסלונג פון זאכען אָדער בעגריפען. אין גמרא: „טוען בחיטין והודה לו בשעורין" — מען מאָהנט ביי איהם ווייץ, איז ער מודה, אז עס קומט פון איהם גערשטען.

זיין פּאָרטראַג א. אז. וו., 2) דורך דער פערעפענטליכונג פון דער בראָשור, וואָס ענטהאַלט דעם פּאָרטראַג, צו האָבען עפענטליך אויפ־געריייצט די בעזיצלאָזע קלאַסען פון די אַנגעהעריגע פון שטאַט צו האַס און פעראַכטונג אנטקעגען די בעזיצענדע".

איך רעד גאַנץ געוויס אין מיין פּאָרטראַג וועגען דער „בור־זשואַזיע". ווי אָבער דעפינירט איך דאָס דאָזיגע וואָרט? עס וועט זיין גענוג צו ברענגען איין איינציגע שטעלע פון דער דאָזיגער בראָשור, וואו איך גיב אַן אויסדריקליכע דעפיניציאָן פון וואָרט בורזשואַזיע, כדי צו בעווייזען וואָס פאַר־א אונבעגרייפליכען, וואָס פאַר־א אונערהערטען, וואָס פאַר־א מין „קוויד פּראָ קוואָ", פאַר וועלכען עס איז גאָר קיין נאָמען ניטאָ, דער פּראָקוראָר האָט דאָ פּראָבירט מיר אונטערצורוקען, דערמיט וואָס ער בעשולדיגט מיך צו האָבען אַנגערייצט די בעזיצלאָזע קלאַסען צו האַס און פעראַכטונג אנטקעגען די בעזיצענדע.

איך זאָג אויף זייט 20 פון יענער בראָשור ווערטליך:

„דאָ איז די צייט, מיינע הערען, אויב איך וויל ניט ריזיקי־רען, אז מיין פּאָרטראַג זאָל אפשר זיין אויסגעזעצט צו גרויסע מיס־פערשטענדעניסען, אויסצושפּרעכען זיך וועגען דער בעדייטונג פון וואָרט בורזשואַזיע, אָדער גרויס־בורזשואַזיע, אלס פּאָליטישע פּאַר־טיי־בעצייכענונג: צו דערקלערן די בעדייטונג, וואָס דאָס וואָרט בורזשואַזיע האָט אין מיין מויל. —

אין דער דייטשער שפּראַך וואָלט מען געקאָנט איבערזעצען דאָס וואָרט בורזשואַזיע מיט'ן וואָרט בירגערטום. אָבער אָט די בעדייטונג האָט עס ביי מיר ניט. בירגער זיי־נען מיר אַלע — דער ארבייטער, דער קליין־בירגער, דער גרויס־בירגער א. אז. וו. דאָס וואָרט בורזשואַזיע האָט, ריכ־טיגער געזאָגט, אַנגענומען אין לויף פון דער געשיכטע א בעדיי־טונג, וואָס בעצייכענט א גאַנץ בעשטימטע פּאָליטישע ריכטונג, וועלכע איך וויל דאָ באַלד דערקלערן.

דער גאַנצער ניט־אדעליגער בירגערליכער קלאַס איז געוועזן צוטיילט, בעת די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז אַנגעקומען, און איז נאָך בכלל היינט אויך צוטיילט, אין צוויי אונטער־קלאַסען: ערשטענס, דער קלאַס פון די, וועלכע ציהען איינגאַנצען אָדער צום

גרעסטען טייל זייער הכנסה פון זייער ארבייט, און אדער זיי קור־מען אוים איינגאנצען אהן קאפיטאל, אדער זיי ווערען געשטיצט פון א גאנץ ווייניגען קאפיטאל, וואס גיט זיי די מעגליכקייט אנצו־פיהרן א פראדוקטיווע טהעטיגקייט צו דערנעהרן זיך און די פאמיליע. אין אט דעם קלאס געהערן, הייסט עס, די ארבייטער, די קליין־בירגער און בעלי מלאכות, און בכלל אויך די פויערים. און צווייטענס, דער קלאס פון די, וועלכע האבען צו זאגען איבער א גרויסען בירגערליכען בעזיץ, איבער דאס גרויס־קאפיטאל, און אויפ'ן גרונד פון אט אזא גרויסען קאפיטאל־באזים פראדוצירען זיי אדער ציהען פון דעם א גרויסע רענטען־הכנסה. זיי וואלט מען געקאנט אנרופען די גרויס־בירגער. אבער אפילו א גרויס־בירגער, מיינע הערען, איז צוליעב דעם אליין נאך דורכאויס ניט קיין בורזשוא! קיין בירגערליכער האט גארנישט דאגעגען, ווען אן אדעליגער פרעהט זיך ביי זיך אין צי־מער מיט דעם יחוס פון זיינע עלטערן און מיט זיין גרונד־בעזיץ. ווען אבער דער אדעליגער וויל אט דעם יחוס אדער דעם דאזיגען גרונד־בעזיץ מאכען פאר א תנאי צו האבען א בעזונדער גילטיגקייט אדער בערעכטיגונג אין דעם שטאאט, פאר א תנאי פון הערשאפט איבער דעם שטאאט־ווילען, דאן פאנגט זיך אן דער כעס פון דעם בירגערליכען אנטקעגען דעם אדעליגען, און ער רופט איהם אן פעאדאל.

דיזעלבע זאך קומט אוים אויך ביי די פאקטישע חלוקים פון בעזיץ אין דער בירגערליכער וועלט גופא. ווען דער גרויס־בירגער ביי זיך אין צימער פרעהט זיך מיט דעם גרויסען תענוג און די גרויסע נוצען, וואס א גרויסער בירגערליכער בעזיץ גיט דעם בע־זיצער — איז ניטא קיין איינפאכערע, קיין נאטירליכערע און קיין רעכטמעסיגערע זאך ווי דאס!"

פערבייגעהענדיג, מיינע הערען — אזוי שטארק רייץ איך אויף אין דער דאזיגער בראשור די בעזיצלאזע קלאסען צו א האס אנטקעגען די בעזיצענדע, אז איך שטעל זיך איין אויסדריקליך פאר דער רעכטמעסיגקייט פון דעם דאזיגען בעזיץ, און דערקלער די פרייד איבער די נוצען און דעם תענוג, וואס ער האט, פאר דער נאטירליכסטער און רעכטמעסיגסטער זאך אין דער וועלט!

איך געה דירעקט אָן ווייטער מיט דער דעפיניציאָן: — .

„ווי פיעל דער ארבייטער און דער קליין־בירגער, מיט איין ווארט, דער גאנצער ניט־קאפּיטאל־בעזיצענדער קלאס, איז ניט בערעכטיגט צו פערלאנגען פון שטאאט, אז ער זאָל נאָכאנאנד דענקען און טראכטען, ווי צו פערבעסערן די טרויעריגע און נויט־שווערע מאטעריעלע לאגע פון דעם ארבייטענדען קלאס; ווי צו פערהעלפען זיי, דורך וועמעס הענד עס ווערן פּראָדוצירט אלע רייכטימער, מיט וועלכע עס גלאנצט אונזער ציוויליזאציע, וועמען אלע פּראָדוקטען האָבען צו פערדאנקען פאר זייער ענטשטעהונג, און וואָס אָהן זיי וואָלט די גאנצע געזעלשאפט קיין איין טאָג ניט געקאָנט עקזיסטירען: צו העלפען זיי קריגען א בשפע'דיגע און גע־זיכערטע חיונה, און דערמיט זיי געבען די מעגליכקייט פון גייסטיגער בילדונג, וואָס דאָס איז ערשט אָן אמת'ע מענשענווירדיגע עקזיסטענץ — ווי פיעל, זאָג איך, די ארבייטענדע קלאסען זאָלען ניט זיין בערעכטיגט דאָס צו פאָדערן פון שטאאט און דאָס אויפ־צושטעלען אלס זיין אמת'ען צוועק, דעננאָך טאָר און וועט דער ארבייטער קיינמאָל ניט פערגעסען, אז יעדעס אייגענטום, וואָס איז איינמאָל געזעצליך ערוואָרבען גע־וואָרן, איז פאָלשטענדיג אונבעריהרליך און רעכטמעסיג".

אזוי שטארק, הייסט עס, רייץ איך אויף די בעזיצלאָזע קלאסען צום האַס אנטקעגען די בעזיצענדע, אז איך פּרעדיג צו זיי נאָכ־אנאנד די אונבעריהרליכקייט און הייליגקייט פון יעדעס אייגענטום, וואָס דער בעזיצענדער קלאס האָט איינמאָל געזעצליך ערוואָרבען, און רוף זיי אויף צו אכטען דאָס דאָזיגע אייגענטום!

„ווען אָבער — שרייב איך ווייטער אין יענער בראָשור — דער גרויס־בירגער, ניט בענוגענדיג זיך מיט דעם פאקטישען תענוג פון א גרויסען בעזיץ, וויל נאָך אויפשטעלען דעם בירגערליכען בעזיץ, דאָס קאפּיטאל, אויך אלס תנאי פון נעה־מען אנטייל אין דער הערשאפט איבער'ן שטאאט, אין דער בעשטימונג פון דעם שטאאטס־ווילען און דעם שטאאטס־צוועק, דאַן ערשט ווערט דער גרויסבירגער א בורזשוא, דאַן מאכט ער דעם פאקט פון בעזיץ פאר א רעכטליכער בעדינגונג פון דער פּאָליטישער

הערשאפט, דאן כאראקטעריזירט ער זיך אלס א פריווילעגירטער קלאס אין פאלק, וועלכער וויל פונקט אזוי ארויפדריקען דעם הער־שענדען שטעמפעל פון זיין פריווילעגיום אויף אלע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, ווי דאס האט געטאן, ווי מיר האבען געזעהן, דער אדעל אין מיטעלאלטער מיט דעם פריווילעגיום פון גרונד־בעזיץ".

יעמאלט ערשט, הייסט עס, גילט פאר מיר, ווי איך דעפיניר עס א ו י ס ד ר י ק ל י ך און פארזיכטיג, דער גרויס־בירגער אלס ב ו ר ז ש ו א, ווען ער נעהמט זיך אונטער אויפצושטעלען דעם שטילען, רוהיגען פאקט פון זיין גרעסערן בעזיץ פאר א רעכטלי־כען תנאי אויף צו נעהמען אן אנטייל אין דער בעשטימונג פון שטאאטס־ווילען; קורץ, ווען ער נעהמט זיך אונטער צו מאכען דעם קאפיטאל־בעזיץ פאר א רעכטליכען, פאליטישען פריווילעגיום, צו אבשאפען די ר ע כ ט ־ ג ל י י כ ה י י ט צווישען בעזיצענדע און ניט־בעזיצענדע, און צו קאנפיסקירען דורכדעם די פרייהייט און ענטוויקלונג פון פאלק צו גונסטען פון דעם גרעסערן בעזיץ און זיין פעסטער הערשאפט. ערשט ד ו ר כ ד ע ם, ווי איך ברענג עס אויסדריקליך ארויס, ווערט איבערהויפט די בורזשואזיע א פריווילעגירטער ק ל א ס, וואס ביז דאמאלסט, טראץ דער גאנ־צער, בלויז פאקטישער, אונגלייכהייט פון בעזיץ, איז זי עס ניט.

איך צייג אין דער בראשור, ווי אט דאס אלעס קומט ארויס אין דעם צענז, דורך וועלכען דער האזיגער תנאי צו נעהמען אנטייל אין דער בעשטימונג פון שטאאטס־ווילען און שטאאטס־צוועק דורך די וואהלען צו די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען, ווערט געבונדען צו א בעשטימטען בעזיץ פון קאפיטאל. איך בעווייז ווייטער, אז דאס איז פונקט אזויפיעל דער פאל ביי דעם דירעקטען, ניט־בע־האלטענעם צענז, ווי ביי דעם פערדעקטען; און ענדליך, אז אונזער איצטיגער, לויט שטייערן בעשטימטער דריי־קלאסען־וואהלגעזעץ פון יאהר 1849, שטעלט מיט זיך פאר אט אזא פערמאסקירטען צענז.

דער אנגריף, הגם נישט מעהר ווי א ריין־טעארעטישער, וואס יענע בראשור ענטהאלט, איז אויף דעם אופן געריכטעט אנטקעגען דעם דריי־קלאסען וואהלגעזעץ, קיינמאל ניט אנטקעגען די בעזיצענ־דע קלאסען, וועמעס פאקטישעס בעזיץ איך פערטיידיג אדרבא וויע־דער און אבער אלס א זאך, וואס מען קאן ניט בעקעמפפען, אנפא־

לען און ארויפלעגען א האנד אויף דעם, און וואס איז פאלקאם רעכט־מעסיג.

דאס דריי־קלאסען־וואהלגעזעץ איז אן אינסטיטוציע פון אונזער שטאאט.

ווארום, אלזא, קלאגט מיך דער פראקוראר בעסער ניט אן פאר עובר זיין אויף דעם § 101 פון שטראף־געזעצבוך — „צו האבען אויסגעזעצט די אינסטיטוציעס פון שטאאט צו האס אדער פעראכטונג“? זיכער, ווען דער פראקוראר וואלט אויסגעקליבען אט די אנקלאגע, וואלט איך אויך געוואוסט וואס איהם צו ענטפערן! איצט זיך פערנעהמען דערמיט איז איבעריג, ווארים איך בין אין דעם ניט אנגעקלאגט, און אט די פערטיידיגונג וואלט זיך אוועקגעצויגען אין דער אונענדליכקייט, ווען איך וואלט זיך גענומען פערטיידיגען אויף פאר די עבירות, אין וועלכע איך בין נ י ט אנגעקלאגט.

פארוואס קלייבט אבער דער פראקוראר אויס פון אלע אונמעגליכע אנקלאגעס גראד די אונמעגליכסטע? פאר וואס פערבייט ער נאר דעם אביעקט פון מיין אנגריף? איינער קומט און ווייזט אויף, אז דאס דריי־קלאסען־וואהל־געזעץ איז אן אומרעכט, דערפאר ווייל ער מאכט די אונטערשיידען פון פאקטישען בעזיץ, וועלכע ער דערקלערט אלס גאנץ ניט־וויכטיגע, פאר דעם רעכטליכען תנאי פון דער פאליטישער הערשאפט איבער'ן שטאאט — און מען ווארפט גאר אויף איהם די פערגיפטעטע בעשולדיגונג, אז ער האט אנגערייצט די בעזיצלאזע קלאסען צום האס אנטקעגען די בעזיצענדע!

איז גאר ניטא קיין מ י ט ע ל, מיינע העררען, אנטקעגען אזא פערלוימדונג פון איינעמס נאמען און רעפוטאציע פאר'ן גאנצען פאלק?

קאן מען נאר ביי אונז אליין זאגען, אז דער איינפיהר פון דעם דריי־קלאסען־וואהלגעזעץ פאלט צו לאסט אויף די ב ע ז י צ ע נ ד ע ק ל א ס ע ן, אויף דעם דייטשען בירגערטום? וועגען דער פראנצויזישער בורזשואזיע קאן מען דאס אייגענע זאגען. דארט האט האט שוין די „אסעמבלי קאנסטיטואנט“ איינגעפיהרט דעם צענז. וועגען די דייטשען האט מען דאס אבער ביז איצט ניט געקאנט זאגען.

ווען די פּרייסישע בורזשואזיע איז דורך דער מערץ־רעוואָלו־ציע פון יאָהר 1848 געקומען ביי אונז צו דער הערשאַפט, האָט זי דורכ'ן געזעץ פון 8טען אַפּריל, 1848, איינגעפיהרט דאָס אַלגע־מיינע גלייכע וואהלרעכט!

די דייטשע בורזשואזיע אין דער פּאָול־קירך אין פראנקפורט האָט דעקרעטירט דאָס אַלגעמיינע גלייכע וואהלרעכט!

די פּרייסישע רעוויזיאָנס־קאַמער פון 1849 האָט בעשטעטיגט דאָס אַלגעמיינע גלייכע וואהלרעכט!

מיט א שטייער־צענז בעלעגט, **פון דער רעגיערונג**

מיט א שטייער־צענז בעלעגט, איז געוואָרן דאָס דריי־קלאַסען־וואהל־געזעץ, וואָס מיר האָבען איצטער!

ווארום פערדעקט דער פּראָקוראָר די רעגירונג מיט דעם רוקען פון דער פּרייסישער בורזשואזיע?

**עהרע וועמען עהרע געהערט!**

**עס איז די פּרייסישע רעגיערונג, ניט די בעזיצענדע קלאַסען אין פּרייסען, וועלכע וועט פאר אלע צייטען און פארן גאנצען פאָלק טראָגען די שולד און פער־אַנטוואָרטליכקייט פון דעם מיט שטייער־צענז בעלעגטען דריי־קלאַסען־וואהל־געזעץ!**

וואָס עס זיינען אָבער ניט געוועזען די גרונדען, וועלכע האָבען געפיהרט דעם פּראָקוראָר צו אָט דער מאָדנער פערוועקסלונג — אפשר וועלען זיי נאָך אונז אַרויסווייזען זיך שפּעטער — יעדענ־פאַלס פעהלט אויך אָט דער צווייטער רעקוויזיט פון דער אַנקלאַגע. עס איז ניט אַנטקעגען די בעזיצענדע קלאַסען פון דער נאַציאָן, עס איז ניט אָנגערייצט געוואָרן אנטקעגען דאָס, געגען וואָס די אַנקלאַגע בעשולדיגט מיך צו האָבען אָנגערייצט.

עס פעהלט אָבער ענדליך אויך דער דריטער רעקוויזיט — דאָס שטעלען אין געפאַהר דעם עפענטליכען פּריעדען.

פונקט 3. דער § 100 זאָגט: יעדערער, וואָס שטעלט אין געפאַהר דעם עפענטליכען פּריעדען דורכדעם, וואָס ער רייצט עפּ־ענטליך אויף די אָנגעהעריגע פון שטאַאט צו האס און פעראַכטונג איינע אנטקעגען די אנדערע, ווערט בעשטראָפט.

ווען דער שטאאט רעדט וועגן עפענטליכען פ ר י ע ד ע ן, מיינט ער ניט דעם פ ר י ע ד ע ן פ ו ן ד י ג ע מ י ט ה ע ר, ווארים דער שטאאט איז ניט קיין פרומער משגיח, וואס עס זאל איהם עפעס אהרען דער פריעדען פון די געמיטהער און די ספערע פון דעם אינערליכען נחת־רוח. נאר פשוט, ער מיינט ד ע ם פ ר י ע־ ד ע ן א ו י ף ד י ג א ס ע ן. ער מאכט עס טאקע קלאר אויפ'ן דייטליכסטען אופן דורך דעם צוגעגעבענעם ווארט: „דעם ע פ ע נ־ ט ל י כ ע ן פריעדען".

דאס אייגענע אבער פאדערן אויך אלע געזעץ־פרינציפען. די ריינע אינערליכקייט פון געמיטה געהט גאר ניט אן דעם שטאאט, וועלכער דארף זיך בעקימערן נאר וועגן האנדלונגען. איהם גע־ הען אלזא אויך ניט אן קיין האס און פעראכטונג און ניט די אנ־ רייצונג דערצו, אויף ווי וויט זיי האלטען זיך נאר אין דעם קרייז פון דער אינערליכער עמפינדונג; די דאזיגע אנרייצונג ווערט נאר דאן פערבאטען, ווען זי האט די טבע צ ו פ י ה ר ן צ ו א ו י־ ס ע ר ל י כ ע ה א נ ד ל ו נ ג ע ן. ענדליך מאכט דאס דער געזעצגעבער נאך דורכדעם גאנץ בעשטימט קלאר, וואס ער גע־ ברויכט דעם אויסדרוק: יעדערער, וואס שטעלט דעם עפענטליכען פריעדען א י ן ג ע פ א ה ר. דער געזעצגעבער זאגט ניט: יע־ דערער וואס ש ט ע ר ט, נאר: וואס ש ט ע ל ט א י ן ג ע־ פ א ה ר.

אויב אין זין פון געזעץ וואלט יעדע אנרייצונג צו האס און פעראכטונג געווען שטראפבאר; אויב אין זין פון געזעץ וואלט שוין דורך דער בלויזער אנרייצונג צו אט די בלויזע אינערליכע עמפינדונגען דער עפענטליכער פריעדען געווען געשטערט, דאן וואלט דער געזעצגעבער געמוזט גענוי זאגען: יעדערער וואס שטערט דעם עפענטליכען פריעדען, דערמיט וואס ער רייצט אויף. דאן וואלט עס אפשר געקאנט אויסווייזען, אז אט אזא שטערונג קומט י ע ד ע ס מ א ל פאר, ווען עס ווערט נאר אנגערייצט צו האס און פעראכטונג.

ש ט ע ל ע ן א י ן ג ע פ א ה ר אבער הייסט: מיטצו־ ברענגען די מ ע ג ל י כ ק י י ט פון א שטערונג, און דער געזעצ־ געבער צייגט דורך אט דעם אויסדרוק, אז ער פערשטעהט אונטער די ווערטער „דעם עפענטליכען פריעדען" ניט די פריעדליכע רוה פון

די געמיטהער — וועלכע וואָלט דאָך דורכדעם שוין געשטערט געווען, ניט בלויז געווען אין געפאַהר געשטערט צו ווערן — נאָר דעם פריעדען אויף די גאַסען; אז ער האַלט ניט, אז די שטערונג פון דעם עפענטליכען פריעדען קומט נויטיגערווייז פאַר דורכדעם, וואָס עס ווערט אָנגערייצט צו די איינערליכע עמפינדונגען פון האַס און פעראַכטונג; און אז דעריבער דאַרף ניט יעדע אָט אזא אָנרייצונג זיין שטראָפבאַר, זאָנדערן נאָר דאַן, ווען זי זעצט אויס דעם פריעדען אויף די גאַסען צו דער געפאַהר פון אזא שטערונג. מיט אַנדערע ווערטער: זי איז שטראָפבאַר נאָר דאַן, ווען זי, די אָנרייצונג צו האַס און פעראַכטונג, האָט אזא גראַד פון געפעהרליכקייט, אז עס איז אַ מורא זי וועט קומען, ד. ה. אז זי קאָן פיהרען צו אויסערליכע, ניט־ערלויבטע האַנדלונגען.

מען דאַרף אַלזאָ, דעם § 100 ניט פערשטעהן אין דעם זין: ווער עס רייצט אויף צו האַס און פעראַכטונג, דער שטעלט אין געפאַהר דעם עפענטליכען פריעדען און זאָל בעשטראָפט ווערן. דאָס וואָלט געווען פונקט אזא באַדענקלאָז־פאַלשע אויסטייטשונג יוריסטיש, ווי דאָס איז פאַלש גראַמאַטיש. מען דאַרף איהם נאָר פערשטעהן: ווען ווער עס איז ברענגט דעם עפענטליכען פריעדען דורכדעם אין געפאַהר, וואָס ער רייצט אָן צו האַס אָדער פעראַכטונג; ווען, הייסט עס, די אָנרייצונג איז פון אזא סאָרט, אז זי שליעסט איין אין זיך אַ געפאַהר פאַר דעם עפענטליכען פריעדען, דאַן זאָל ער בעשטראָפט ווערן. דאָס געזעץ שטעלט, אַלזאָ, אויף אין דעם וואָרט „שטעלען אין געפאַהר" אַ רעקוויזיט, אַ בעדינג, פאַר דער אָנרייצונג: זי מוז זיין פון אזא סאָרט, אז זי קאָן פיהרען, ווענינסטענס מעגליכערווייז, צו אויסערליכע האַנדלונגען, צו אַ סכנה פאַר דעם פריעדען אין די גאַסען, כדי זי זאָל זיין שטראָפבאַר.

ווי וועניג, אַלזאָ, אָט דער דריטער רעקוויזיט פאַסט זיך דאָ צו, ווי וועניג מיין כלומר'שטדיגע אויפרייצונג איז געווען פון דעם סאָרט, וואָס קאָן אפילו אין דמיון פיהרען צו אַקטועלע האַנדלונגען — צו שטעלען אין געפאַהר דעם שטאַאַטליכען פריעדען, דעם פריעדען אויף די גאַסען — וועגען דעם לאָזט מיר

איינפאך אָנווייזען, אז אין מיין גאנצען פאָרטראג בעשעפטיג איך זיך נאָר מיט הונדערטיאָהריגע געשיכטס־פעריאָדען, און צום סוף נאָך פון פאָרטראג זאָג איך ארויס אויסדריקליך: פאר איין זונען־אויפגאנג פון דער וועלט־געשיכטע זיינען איינער אָדער צוויי צעהנד־ליג יאָהרען דאָס, וואָס איין שטונדע איז אין דעם נאטור־שוישפיעל פון איין טאָג!

אָט אזוי ליעגט דאָ פאר אן אָנקלאגע, וואָס פון אַלע איהרע רעקוויזיטען, וועלכע מוזען זיין פעראייניגט, כדי זי צו בעגרינדען, פאסט זיך ניט צו אפילו קיין איינציגער צו מיין פאל!

אז אָנקלאגען זיינען אויפגעהויבען געוואָרן, אין וועלכע דער אָדער יענער רעקוויזיט האָט געפעהלט, איז אָפט פאָרגעקומען. אָבער אן אָנקלאגע, אין וועלכער פון אַלע געפאָדערטע רעקוויזיטען פאסט זיך אפילו איינער ניט צו — אזא אָנקלאגע פער־דיענט אן איינגענעם, און אין יעדען זין פון וואָרט אן איינגענטימליכען עהרענפלאַץ אין דעם טעמפעל פון דער יוריספרודענץ.

דערוויילע — לאָמיר אויך הערן די אנדער זייט! לאָמיר נאָך ווארפען א לעצטען בליק אויף דאָס, וואָס דער אָנקלאָג־אקט אליין זאָגט פאר זיין בעגרינדונג. אפשר וועט זיך ארויסווייזען דערביי, אז איך האָב — איך וויים נאָר ניט דורך וואָס פאר א קינסטליכער פאָרשטעלונג — פארבעהאלטען די עקזיסטענץ און די נויטיגע תנאים פון דעם פערברעכען. אָדער אפשר וועט זיך נאָר דערביי ארויסווייזען די גאנצע נישטיגקייט פון אָט דער אָנ־קלאגע, נאָך אויף א גרעבערן אופן, ווי עס האָט זיך שוין ארויסגע־צייגט ביז אהער.

די אָנקלאגע ענטהאלט איין איינציגען זאַץ, וועלכער דאַרף זיין איהר צענטער־באלקען. דערפאר אָבער מוז אָט דער זאַץ אודאי טאקע זיין אויסגעשטאָלערט פון דעם עכטען הארטען האָלץ! די אָנקלאגע־שריפט זאָגט גלייך נאָך אין אָנהויב: „די לייטענדע גע־דאנקען פון דעם פאָרטראג זיינען די פאָלגענדע“, און נאָכדעם ווי זי האָט געגעבען דאָס, וואָס זאָל זיין א רעזומע פון די דאָזיגע גע־דאנקען, זעצט זי פאָרט אזוי צו זאָגען: „דורך אָט די דאר־שטעלונג און דורך די אָנווייזונגען, צו וועלכע ער קעהרט זיך מעהרערע מאָל ווידער אום, אויף א סאָציאַלער רעוואָלוציע,

וואס דארף באלד אנקומען, ווערן אבער גאנץ קלאר די ארבייטער אויפגערייצט צום האס און צו דער פעראכטונג אנטקעגען דער בור־זשואזיע, ד. ה. די בעזיצלאזע קלאסען ווערן אויפגערייצט אנטקעגען די בעזיצענדע, און דורכדעם ווערט דער עפענטליכער פריעדען געשטעלט אין געפאהר, מחמת אין דעריין* ליעגט די דירעקטע אויפפאדערונג צו פערפאלגען מיט דער היציגסטער און העכסט פערצעהרענדער ליידענשאפט דעם ציעל פון א הערשאפט פון די אר־בייטער־קלאסען איבער די אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט."

דאס איז דער איינציגער זאץ פון דער רעכטליכער בעגרינדונג, וואס די אנקלאג־שריפט ענטהאלט. ווען מיר קלייבען פונאנדער אט דעם זאץ, וועלכער וואלט געקאנט געבען אן אנפאל פון אסטהמא דעם, וואס פערמאגט ניט א פאר עקסטרא־שטארקע לונגען־בלאזערס, און וועלכער איז גראד אזוי געשריבען, אז ער קאן פערבארגען אונ־טער דער בלישצעדיגער אונדייטליכקייט פון דעם געדאנקען־וויר־ואר, וואס ע[illegible]ופט ארויס, זיין באלשטענדיגע אינהאלטלאזיגקייט — ווען מיר קלייבען נעהנטער פונאנדער אט דעם זאץ, וועט איהר ערשטוינט ווערן, מיינע העררן, פון דער מאסע יוריסטישע שוידער־ליכקייטען, פאקטישע אונוואהרהייטען און פערדרעהענישען, און ענדליך שרייענדע אונזיניגקייטען, וואס ער ענטהאלט!

ד ו ר ך ו ו א ס זאל איך אלזא האבען אנגערייצט, לויט דעם זאץ נאך, צו האס און פעראכטונג? „ד ו ר ך א ט ד י ד א ר־ש ט ע ל ו נ ג ע ן", זאגט דער זאץ; אלזא, דורך א ריין־טעארע־טישע, דורך א ריין אביעקטיוו־היסטארישע דארשטעלונג, דורך דאס, וואס דער אנקלאג־אקט אליין רופט אן די דארשטעלונג פון מיינע לייטענדע געדאנקען, דורך קיין אנדער זאך ניט ווי דורך ד ע ר ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י כ ע ר ל ע ה ר ע גופא זאל איך האבען אנגערייצט צו האס און פעראכטונג! דער אנקלאג־אקט מעג זיך אלזא דרעהען ווי ער וויל — ער מוז מודה זיין, אז ער קלאגט קיין אנדער זאך ניט אן אויסער ריין־וויסענשאפטליכע ענטוויק־לונגען, אז ער שטעלט די וויסענשאפט און איהר לעהרע אונטער אנקלאגע!

---

* אין דייטשען אריגינאל: „נ א מ ע נ ט ל י ך ד א ד ע ר י י ן." —איבערז.

אָבער דער זאַץ לעגט נאָך צו א „און“. דורך אָט די דאַר־שטעלונגען „א ו ן דורך די אָנווייזונגען, צו וועלכע ער קעהרט זיך מעהרערע מאָל ווידער אום, אויף א סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף באַלד אָנקומען“ איז די אָנרייצונג דורכגעפיהרט געוואָרן.

וועלכע זיינען דאָס די אָנווייזונגען אויף א „ב א ל ד ־ אָ נ ־ ק ו מ ע נ ד ע ר ס אָ צ י א ל ע ר ר ע וו אָ ל ו צ י ע“? וואו שטעהען זיי? ווארום ציטירט זיי ניט דער פּראָקוראָר? איך פאָדער איהם אויף דאָס צו טהאָן! ער ק אָ ן זיי ניט ציטירן. עס געפינען זיך ניט קיינע שטעלען אין דער דאָזיגער בראָשור, וועלכע זאָלען קאָנען אונטערשטיצען זיינע אינסינואַציעס.

געוויס געבריוך איך, ווען אפילו איך רעד ניט פון א „באַלד־אָנקומענדער סאָציאַלער רעוואָלוציע“, ווי דער פּראָקוראָר בעהויפּ־טעט, — איך רעד גאָר פון א שוין־געקומענער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע אין דעם מאָנאַט פעברואַר 1848 — געוויס געבריוך איך זעהר אָפט אין לויף פון דער גאַנצער בראָשור דאָס וואָרט „רעוואָלו־ציאָנער“ און „רעוואָלוציאָן“. מיט אָט דעם ו ו אָ ר ט וויל דער פּראָקוראָר מיך דערהרג'נען! ווארים ער, וועלכער נעהמט דאָס וואָרט שטענדיג אין זיין ענגער יוריסטישער בעדייטונג, קאָן ניט איבערלעזען דאָס וואָרט „רעוואָלוציאָן“ אוואו ער זאָל ניט זעהן אין זיין פאַנטאַזיע ווי עס פליהען היי־גאָפּלען אין דער לופט! דאָס איז אָבער ניט די וויסענשאַפטליכע בעדייטונג פון דעם וואָרט, און שוין אליין פון דעם שטענדיגען שפּראַך־געבריוך אין מיין שריפט האָט דער פּראָקוראָר זיך געקאָנט אויסלערנען, אַז דאָס וואָרט ווערט דאָ גענומען אין זיין אַנדער זין, דעם וויסענשאַפט־ליכען. אַזוי רוף איך דאָרט אָן די ענטוויקלונג פון לאַנד־פּירשטענ־טום א ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ערשיינונג.

אַזוי דערקלער איך אויסדריקליך די בויערן־קריעג, וועלכע זיי־נען דאָך זיכער אריינגעטראָטען אין לעבען מיט גענוג געוואַלט און בלוט־פערגיסונג, פאַר א בעוועגונג, וואָס איז געווען רעוואָלוציאָ־נער נאָר אין זייער א י י נ ב י ל ד ו נ ג, פאַר א בעוועגונג, אין דער אמת'ן ג אָ ר נ י ט קיין רעוואָלוציאָנערע, פאַר א ר ע א ק־צ י אָ נ ע ר ע בעוועגונג.

דאַגעגען, דעם פאָרטשריט פון דער אינדוסטריע, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט אין 16טען יאָהרהונדערט, הגם עס איז דאָך דער־

ביי קיין שווערד פון שייד ניט געצויגען געוואָרן, רוף איך אָן כסדר און נאָכאַנאַנד „אווירקליכער און רעוואָלו־ציאָנערער פאַקט" (ז. 7); אַזוי אויך רוף איך אָן (ז. 17) די ערפינדונג פון דער באַוועל־שפּינמאַשין פון יאָהר 1775 אַ פאָל־שטענדיגע, אַ פּאַקטיש איינגעטרעטענע רעוואָלוציע.

מיסברויך איך אפשר די שפּראַך, אָדער פיהר איך נאָר איין אַ נייעם שפּראַך־געברויך, דערמיט וואָס איך נעהם דאָס וואָרט „רע־וואָלוציאָן" אין אַט דעם זין? דערמיט וואָס איך ווענד עס אָן אויף די פריעדליכסטע ערשיינונגען און געברויך עס ניט פאַר די בלוטיגסטע אויפשטאַנדען?

שעללינג, דער פאָטער, זאָגט (אונטערזוכונגען איבער דעם עצם פון דער מענשליכער פרייהייט, באַנד 7, ז. 351): „דער געדאַנק צו מאַכען די פרייהייט פאַר דעם עיקר פון דער פילאָזאָ־פיע האָט דעם מענשליכען גייסט איבערהויפּט פריי געמאַכט ניט נאָר בנוגע צו זיך אליין, און האָט דער וויסענשאַפט אין אַלע איהרע טיילען געגעבען אַ שטאַרקערן שוואונג איידער וועלכע ניט־איז פריהערדיגע רעוואָלוציאָן", — שעללינג דער פאָטער זעהט אַלזאָ ניט ביי דעם וואָרט „רעוואָלוציאָן" קיין היי־גאָפּלען בליצען פאַר זיינע אויגען, ווי דער פּראָקוראָר זעהט אין זיין פאַנטאַזיע. אָנ־ווענדענדיג דאָס וואָרט אויף דער ווירקונג פון פילאָזאָפישען גרונד־פרינציפּ, נעהמט ער עס, אַזוי ווי איך, אין אַ זין, וואָס האָט גאָרניט צו טהאָן מיט מאַטעריעלער געוואַלט.

וואָס איז דער וויסענשאַפטליכער זין פון וואָרט „רעוואָלו־ציאָן" און ווי אונטערשיידט זיך רעוואָלוציאָן פון רעפאָרם?

רעוואָלוציאָן מיינט איבערקעהרעניש, און אַלעמאָל הייסט עס אַז עס איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָן, גאַנץ גלייך צי מיט געוואַלט אָדער אָהן געוואַלט — די מיטלען מאַכען דערביי קיין אונטער־שייד ניט — ווען אַ גאַנץ נייער פרינציפּ איז אריינגע־טראָטען אויפ'ן אָרט פון דעם בעשטעהענדען צושטאַנד. רעפאָרם, דאַגעגען, קומט דאַן פאָר, ווען דער פרינציפּ פון דעם בעשטעהענ־דען צושטאַנד בלייבט דערזעלביגער, נאָר ער ווערט ענטוויקעלט אַרויסצוברענגען מילדערע אָדער קאָנזעקווענטערע און גערעכטערע פאָלגען. די מיטלען מאַכען דערביי ווידער אַמאָל קיין אונטער־שייד ניט. אַ רעפאָרם קאָן ווערן איינגעפיהרט דורך אַן אויפ־

שטאנד און בלוט־פערגיסונג, און א רעוואָלוציאָן — אין דעם גרעסטען פריעדען. די בויערן־קריעג זיינען געווען אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט געזוכט איינצופיהרן א רעפאָרם דורך דער געוואַלט פון וואַפען. די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז געווען א פאָלשטענדיגע רעוואָלוציע, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרן אויפ'ן פריעדליכסטען אופן, וואָרים עס איז דורכגעפיהרט געוואָרן א גאַנץ נייער פּרינציפּ אַנשטאַט דעם פריהער עקזיסטירענדען צושטאַנד. ביידע געדאַנקען ווערן טאַקע גענוי און פול ענטוויקעלט אין דער דאָזיגער בראָשור.

פאַרוואָס האָט נאָר דער פּראָקוראָר אליין מיך ניט פערשטאַנען? פאַרוואָס איז נאָר פאַר איהם אליין געבליבען אונפערשטענדליך דאָס, וואָס יעדער ארבייטסמאַן האָט פערשטאַנען?

ווען איך וואָלט, אלזאָ, אפילו גערעדט פון א „באַלד־אַנקומענדער סאָציאַלער רעוואָלוציע“, וואָס אין אמת'ן האָב איך וועגען דעם ניט גערעדט, וואָלט איך דען דעריבער געמוזט נויטיגערווייז טראַכטען וועגען א געוואַלטזאַמען אומשטורץ, וועגען היי־גאַפּלען און באַיאָנעטען?

פּראָפעסאָר הובער, א דורך־און־דורך קאָנסערוואַטיווער מענש, א שטרענגער ראָיאַליסט, א מאַן, וועלכער האָט אויפגעגעבען זיין פּראָפעסאָר־שטעלע אין בערלינער אוניווערזיטעט, בעת עס איז איינגעפיהרט געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון יאָהר 1850, ווייל ער איז ניט געווען זיכער, אז ער קאָן איהר שווערן טרייהייט; אָבער אויך א מאַן, וואָס איז מיט א ריהרענדער ליעבע איבערגעגעבען דעם וואוילזיין פון דעם ארבייטער־קלאַס, וואָס שטודירט זיין ענטוויקלונג מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און האָט וועגען דעם, ספּעציעל וועגען דער געשיכטע פון דער קאָרפּאָראַטיווער בעוועגונג אָדער דער אינדוסטריעלער אַסאָציאַציאָן צווישען די ארבייטער, געשריבען די בעסטע ווערק, — זאָגט אין דעם לעצטען פון די דאָזיגע ווערק (קאָנקאָרדיא ז. 24), נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעוויזען, אַז די ארבייטער־אַסאָציאַציעס אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבען אַן אומזאַץ פון כמעט 50 מיליאָן טהאַלער קאַפּיטאַל, ווערטליך ווי פאָלגט:

„אונטער אַט די אומשטענדען און איינפלוסען, און אין אַנ־

געזיכט פון די ערפאהרונגען, וואס זיינען אין אלגעמיין אויבען אנ־
געדייטעט געוואָרן, וועט האפענטליך ניט זיין נויטיג צו בעוואָרע־
נען זיך אנטקעגען דעם פאָרוואָרף פון אוטאָפּיסטישע חלומות וועגען
אן אלגעמיינער וועלט־בעגליקונג, ווען מיר דערווארטען א זעהר
וועזענטליכע און פאָלשטענדיגע סאָציאלע און פאָלקסווירטשאפט־
ליכע רעפאָרם, וואס וועט דערהויבען דעם ביזאהעריגען גרינדליך־
פּראָלעטארישען צושטאנד פון דער פאבריק־בעפעלקערונג, ניט
נאָר אלס א פּראקטיש־מעגליכע, נאָר אלס א זיכערע פאָלגע
פון דער קאָאָפּעראטיווער ענטוויקלונג
אין איהר געוועהנליכען גאנג".

דאָ ווערט, אלזאָ, א גרינדליכע סאָציאלע איבערקעהרעניש
פאָראויסגעזאָגט אלס פאָלשטענדיג זיכער, און אז זי וועט אָנקו־
מען אין געוועהנליכען פריעדליכען גאנג פון דער ענטוויקלונג, ווי
א פאָלגע פון דער אסאָסיאציאָנס־בעוועגונג. ווי איז, ווען איך
האָב, נאָך בעסער, דערוואַרט אזא איבערקעהרעניש פון דער פער־
איינינגטער מאכט פוןביידע פאקטאָרען — פון דער אסאָציאצ־
יאָנס־בעוועגונג און פון דעם אלגעמיינעם שטים־רעכט?

וואס בין איך שולדיג פאר דער ליטערארישער אונבעלעזענ־
קייט פון דעם פּראָקוראָר? פאר זיין אונבעקאנטשאפט מיט
דאָס, וואס ווערט שוין דורכגעפיהרט אין אלע ריכטונגען פון דער
געגנוואַרט און וואס איז שוין אפילו פון דער וויסענשאפט אָנ־
דערקענט און רעגיסטרירט געוואָרן? בין איך דעם פּראָקוראָר'ס
וויסענשאפטליכער שמיץ־אינגעל? * יא, ווען איך וואלט דאָס
געוועזן, ווען איך וואלט געהאט אויסצושטעהן פאר אָט דער
אונבעקאנטשאפט זיינער מיט אלץ, וואס האָט שוין געפונען אן
אויסדרוק און א אנדערקענונג אויף פערשיידענערליי געביטען פון
דער וויסענשאפט — וואלטען די שטראָפען, וועלכע איהר, מיינע
הערען פּרעזידענט און ריכטער, וואלטען דאן אין אייער צאָרן
מיר געמעגט צו'פּסק'נען, געקאנט זיין מורא'דיגע!

---

* אמאָל פלעגט מען מיטשיקען אין שולע מיט'ן פּריצישען זוהן אן
אָרימען אינגעל, וועלכער זאָל קריגען די שמיץ, ווען יענער פערזינדיגט
זיך. — איבערזעצער.

אָבער אפילו שוין נים קוקענדיג אויף דעם אלעמען, ווי אזוי קאָן די אָנווייזונג אויף א באלד־אָנקומענדער סאָציאלער רעוואָלוציע — אפילו אין דעם היי־נאָפּלען זין — אָ נ ר י י צ ע ן צ ו ה א ס און פ ע ר א כ ט ו נ ג א נ ט ק ע ג ע ן ד ע ר ב ו ר ז ש ו א ז י ע? און דאָס איז עס דאָך, וואָס דער פּראָקוראָר מוז בעהויפּטען און בעהויפּטעט ווירקליך אין יעדען זאַץ. האס און פעראכטונג אנטקעגען וועמען עס איז קאָנען ארויסגערופען ווערן נאָר דורך זיינע אייגענע האנדלונגען, ווען זיי ווערן בעקאנט געמאכט. ווי אזוי קאָן אָבער דאָס, וואָס חיים טהוט, שאַפען האס און פעראכטונג אָנטקעגען יאנקלען? ווען ווער־עס־איז זאָגט: „די א ר ב י י ט ע ר וועלען מאכען א סאָציאלע רעוואָלוציע", ווי אזוי קאָן אָט די ידיעה אויפרעגען צו האס און פעראכטונג אנטקעגען דער ב ו ר ז ש ו א ז י ע? אַזאַ זאַץ האָט דאָך אפילו נים קיין גראמאטיש־לאָגישען זין. ער איז נים נאָר דריי מאָל נים־אמת, ער איז זאָגאר זינלאָז און כנגד השכל. וועניגסטענס פאר מיר איז ער אונפערשטענדליך. איך פערשטעה דעם פּראָקוראָר'ס שפּראַך פּונקט אזוי ווענינ ווי ער פערשטעהט מיינע. אין גריכיש האָט מען גערופען „בארבאראָס", א בארבאר, דעם וואָס האָט א ו נ ז ע ר שפּראַך נים פערשטאנען און וואָס מיר האָבען ז י י ן שפּראַך נים פערשטאנען. און אָט אזוי זיינען מירביידע, דער פּראָקוראָר און איך, איינער פאר דעם אנדערן ב א ר ב א ר ע ן!

אָבער ענדליך ווייזט אָן יענער זאַץ פון דער אָנקלאָגע־שריפט, וועלכען איך אנאליזיר דאָ, נאָך א דריטען מאָמענט, לויט וועלכען נאָך איך זאָל האָבען אָנגערייצט צו האס און פעראכטונג אנטקעגען דער בורזשואזיע. ער פיהרט עס אריין מיט א „מחמת" („נאָמענטליך"). דורך אָט די דארשטעלונגען און אָט די אָנווייזונגען איז אָנגערייצט געוואָרן צו האס און פעראכטונג, „מ ח מ ת אין דעריין ליעגט די דירעקטע אויפפאָדערונג צו פערפאָלגען מיט דער היציגסטער און העכסט פערצעהרענדער ליידענשאפט דעם ציעל פון א הערשאפט פון די ארבייטער־קלאסען איבער די אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט".

אָנגענומען אז עס איז אזוי — נו, דאן וואָלט די אויפאָדערונג

צו איין קלאַס פון דער געזעלשאַפט, צו פערפאָלגען דעם עהרגייציגען ציעל פון אַ הערשאַפט איבער די אַנדערע קלאַסען, געמוזט פערדיענען אויף אַלערליי אופנים געטאַדעלט צו ווערן, אָבער *געזעצליך* וואָלט זי אַלץ געווען אַ גאַנץ־ערלויבטע זאַך, אויב זי רייצט ניט אָן צו בעגעהן שטראָפבאַרע האַנדלונגען. יעדער קלאַס פון דער געזעלשאַפט קאָן *שטרעבען* צו דער הערשאַפט איבער'ן שטאַאט, כל זמן ער כאַפּט זיך ניט פאַר אונערלויבטע *מיטלען* אויף צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען ציעל. קיין ציעל איז פון שטאַאט ניט שטראָפבאַר, נאָר די *מיטלען*. דער ריינער טענדענץ־פּראָצעס, מיט וועלכן מיר האָבען דאָ צו טהאָן, מוז כדרך הטבע אַרויסקומען פאַר'ן שיין אין יעדער שורה פון דער אָנקלאָגשריפט, דערמיט וואָס זי קלאָגט רק אָן צו האָבען אויפגעפאָדערט *צו ציעלען*, אָבער פּרובירט קיינמאָל ניט נאָכצו־ווייזען אין מיין פּאָרטראַג שטראָפבאַרע *מיטלען* אָדער די אויפפאָדערונג צו געברויכען אַזוינע מיטלען. און ווען אפילו איך וואָלט געהאַט אויפגעפאָדערט צו פערפאָלגען דעם ציעל פון דער הערשאַפט פון די אַרבייטער־קלאַסען איבער די אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט דורך שטראָפבאַרע מיטלען, דאַן וואָלט איך אונטער די דאָזיגע אומשטענדען געקאָנט אָנגעקלאָגט ווערן אויפ'ן גרונד פון אַרטיקעל 61 (אין הויך־פעררעטה), אָדער אויף אַנדערע אַרטיקלען פון שטראָף־געזעץ, קיינמאָל אָבער ניט אויף דעם §100, קיינמאָל ניט אויף דעם גרונד, אַז איך האָב אָנגערייצט די אַרבייטער צו האַס און פעראַכטונג. וואָרים דורך דער אויפפאָדערונג צו שטרעבען צו אַ הערשאַפט איבער די אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, וואָלטען די אַרבייטער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו *עהרגייץ*, אָבער קיינמאָל ניט צו האַס און פעראַכטונג אַנטקעגען דריטע פּערזאָנען. מען קאָן דאָך דער בורזשואַזיע ניט חושד זיין, אַז זי האָט דעם *עהרגייץ פון די אַרבייטער*, און וויבאַלד אַז עס קאָן אַזאַ חשד אפילו אויף איהר ניט פאַלען, קאָנען דאָך דורכדעם קיין האַס און פעראַכטונג אַנטקעגען איהר ניט אויפגערעגט ווערן! אין דעם זאַץ איז ווידער אַמאָל ניטאָ קיין גראַמאַטיש־לאָגישער זין. דער „נאָמענטליך“, מיט וועלכען די אָנקלאָג־שריפט פיהרט אַריין אָט דעם לעצטען בעוויז פון דער אָנרייצונג צום האַס,

איז פיעל ריכטיגער א „נ א מ ע נ ל א ז“, ד. ה. א נ א מ ע נ ל א ז ע, כ נ ג ד ה ש כ ל ’ ד י ג ע ב ע ה ו י פ ט ו נ ג. וואו אָבער האָט ענדליך דער פּראָקוראָר ארויסגעלעזען פון מיין שריפט, אז איך האָב אויפגעפאָדערט „צו פערפאָלגען דעם ציעל פון א הערשאפט פון די ארבייטער קלאסען איבער די אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט“ ?

אין מיין גאנצער בראָשור רעד איך נאָר וועגען דעם, אז עס איז די מיסיאָן פון דער וועלט־פעריאָדע, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען מיט דעם מאָנאט פעברואר 1848, צו מאכען דעם מ אָ ר א ל ע ן פ ר י נ צ י פ פון'ם ארבייטער־קלאס, — ד י א י ד ע ע פון'ם ארבייטער־קלאס, וואָס איך האָב ענטוויקעלט אין מיין בראָשור און פאר איך רעקאפיטולירט אין אָנהויב פון אָט דער רעדע, — פאר דעם הערשענדען פרינציפ פון דער געזעלשאפט, צו מאכען די דאָזיגע אידעע פאר דער הויפט ש ט א א ט ס ־ א י ד ע ע.

איך דריק זיך אָט אזוי אויס אויף דעם שארפסטען און בעשטימסטען אופן. איך זאָג (ז. 31), אזוי ווי 1789 איז געווען די רעוואָלוציאָן פון דריטען שטאנד, אזוי איז עס דאָס מאָל דער פערטער שטאנד, „וועלכער וויל דערהויבען זיין פ ר י נ צ י פ צום הערשענדען פרינציפ פון דער געזעלשאפט און דורכדרינגען מיט איהם אלע איהרע אינסטיטוציעס“. אָדער אויף ז. 32 : „ווער עס רופט אָן די אידעע פון ארבייטער־קלאס אלס דער הערשענדער פ ר י נ צ י פ פון דער געזעלשאפט“, און אויף דערזעלביגער זייט : „דער פ ר י נ צ י פ פון דעם ארבייטער־קלאס אלס דער הערשענדער פ ר י נ צ י פ פון דער געזעלשאפט דארף איצטער פון אונז בעטראכט ווערן אין דרייערליי בעציהונגען“. און אויף זייט 33 : „דער געדאנק צו מאכען דעם פ ר י נ צ י פ פון די אונטערשטע קלאסען פון דער געזעלשאפט פאר דעם הערשענדען פ ר י נ צ י פ פ ו ן ש ט א א ט און פון דער געזעלשאפט, קאָן אפשר פאָרקומען אלס א זעהר געפעהרליכער געדאנק“. איך ענטוויקעל דאן, פון זייט 39 און ווייטער, דעם אונטערשייד צווישען דער מאָראלער און פּאָליטישער אידעע פון דער בורזשואזיע און דער מאָראלער און פּאָליטישער אידעע פון דעם ארבייטער־קלאס, און שליס ז. 42 מיט די ווער־

טער : „דאָס איז עס, מיינע הערען, וואָס די שטאַאטס־אידעע פון אַרבייטער־קלאַס מוז אָנגערופען ווערן“, א. אז. וו.

און דערפון וואָס איך דערקלער אַ הויכע, מאָראַלע אידעע אַלס אַזעלכע, וואָס איז בערופען צו ווערן די הויפּט שטאַאטס־אידעע אין דער איצטיגער געשיכטס־פּעריאָדע — די העכסטע מאָראַלע אידעע, וואָס מיין פערשטאַנד קאָן אומפאַסען, די העכסטע מאָראַלע אידעע, וועלכע איז ביז איצטער אַרויסגעקעמפּפט געוואָרן פון דער שטאַאטס־פילאָזאָפיע — ; און דערפון וואָס איך פיהר אַרויס דעם בעוויז, אַז אָט די אידעע, אַלס אַזעלכע וואָס ענטשפּרעכט נאַטורמעסיג דעם נאַטירליכען אינסטינקט און דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם אַרבייטער־קלאַס, מוז אָנגערופען ווערן די אידעע פון אַרבייטער־קלאַס — דערפון מאַכט מיר דער פּראָקוראָר די אונגעהויערע בעשולדיגונג, אַז איך האָב אויפגעפאָדערט די אַרבייטער־קלאַסען צו פערפאָלגען דעם ציעל פון אַ קלאַסענהערשאַפט איבער די אַנדערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט.

דער פּראָקוראָר גלויבט הפנים, אַז איך וויל האָבען, אַז די בעזיצענדע קלאַסען זאָלען זיין אונטערטאָכט פון די אַרבייטער־קלאַסען ; אַז איך וויל אומקעהרען די געשיכטע און מאַכען אַ שטייגער די גוט־בעזיצער און די פאַבריקאַנטען פאַר די קנעכט און העלפיונגען פון די אַרבייטער. איז דען אָבער אַזאַ אָדער אַ עהנליכע מיספערשטענדניש גאָר געווען מעגליך — זאָל זיין ווער וויים וואָס פאַר־אַ פערשיידענע שפּראַכען מיר רעדען און וואָס פאַר־אַ באַרבאַרען מיר זאָלען איינער פאַר דעם אַנדערן ניט זיין ?

איך ענטוויקעל אויספיהרליך דעם געדאַנק, אויף ז. 32 : גראָד דורכדעם אונטערשיידט זיך דער פערטער שטאַנד, וואָס אין זיין פּרינציפּ געפינט זיך ניט קיין אויסשליסענדער בעדינג, סיי פון אַ רעכטליכען, סיי פון אַ פאַקטישען סאָרט, וואָס זאָל דיענען אַלס אַ הערשענדע פּריווילעגיע און זאָל עס קאָנען דורכפיהרען דורך די אינסטיטוציעס פון דער געזעלשאַפט. איך זאָג ווערטליך (ז. 32) : „אַרבייטער זיינען מיר אַלע, אויף וויפיעל מיר האָבען נאָר דעם ווילען זיך צו מאַכען ניצליך אויף אַ וועלכען עס איז אופן דער מענשליכער געזעלשאַפט. אָט דער פערטער שטאַנד, וואָס אין זיין

הארצען געפינט זיך ניט קיין שפור מעהרער פון א נייער פריווילעגיע, איז טאקע דעריבער כולל דעם גאנצען מענשענגעשלעכט. זיין זאך איז דעריבער באמת די זאך פון דער גאנצער מענשהייט; זיין פרייהייט איז די פרייהייט פון דער מענשהייט גופא, זיין הערשאפט איז די הערשאפט פון אלעמען". און איך זאג גלייך ווייטער: „ווער עס רופט אן די אידעע פון דעם ארבייטער־קלאס אלס דער הערשענדער פרינציפ פון דער געזעלשאפט אין דעם זין, ווי איך האב דאס איך ענטוויקעלט, דער גיט ניט ארויס א געשריי, וואס שפאלט און טרענט די קלאסען פון דער געזעלשאפט; דער שרייט גיכער אויס א געשריי פון שלום־מאכען, א געשריי וואס נעהמט ארום די גאנצע געזעלשאפט, א געשריי פון אויסגלייכונג פאר אלע גגעגענזאצען אין די געזעלשאפטליכע קרייזען" א. אז. וו. און בעת איך רופ פון דער טיעפסטער זעעל און פולסטער ברוסט פאר א סוף פון אלערליי קלאסען־הערשאפט און אלערליי קלאסען־געגענזאצען, בעשולדיגנט מיך דער פראקוראר צו האבען אויפגעפאדערט די ארבייטער צו א קלאסען־הערשאפט איבער די בעזיצענדע קלאסען!

נאך אמאל, ווי אזוי דערקלערט זיך אזא ערשטוינליכע מיספערשטענדניש? לאזט מיך ווידער פארברענגען דעם פאטער אנטקעגען דעם זוהן: —

„דער מעדיום — זאגט שעללינג (באנד 1, ז. 443) אין זיינע „אבהאנדלונגען צור ערלויטערונג דעם אידעאליזמוס דער וויסענשאפטלעהרע" — דער מעדיום, דורך וועלכען די גייסטער פערשטעהען זיך איינע מיט די אנדערע, איז ניט די ארומיגע לופט, נאר די געמיינשאפטליכע פרייהייט, וואס איהרע אויפטרייסלונגען גיבען זיך איבער אין די טיעפענישען פון דער זעעלע. וואו דער גייסט פון א מענשען איז ניט אנגעפילט פון דעם בעוואוסטזיין פון פרייהייט, דארט איז אבגעבראכען יעדע גייסטיגע פערבינדונג, ניט נאר מיט אנדערע מענשען, נאר אפילו מיט איהם אליין. קיין וואונדער ניט, וואס ער בלייבט אונפערשטענדליך צו זיך אליין, אזוי גוט ווי צו אנדערע, און ער פערמאטערט זיך נאר אין זיין שרעקליכער איינזאמקייט מיט פוסטע ווערטער, וועלכע עס ענטפערט ניט אב קיין ווידערקלאנג ניט פון זיין אייגענער, ניט פון א פרעמ־

דער ברוסט. בלייבען אונפערשטענדליך פאר אזעלכען, איז א שם און א כבוד פאר נאט און פאר לייטען!"....

אזוי האט געזאגט שעללינג דער פאטער!

איך שטעה איצט ביים שלוס, מיינע הערהען. אומזיסט פרעג איך זיך, צי עס איז געווען מעגליך זיך צו פערשפרעכען אן ערפאלג פון אט דער אנקלאגע ביי אייך, מיינע הערהען פרעזידענט און ריכטער. אבער אפשר איז דא אין גרונד געלעגען אן אנדער אויסרעכענונג. דער פאליטישער קאמפף צווישען דער בורזשואזיע און דער רעגירונג האט אנגענומען א געוויסע מאטע לעבהאפטיגקייט. אפשר טראכט מען זיך, אז די אנקלאגע אין אויפרייצען די ניטבעזיצענדע קלאסען צו האס און פעראכטונג אנטקעגען די בעזיצענדע וועט אונטער אט די אומשטענדען קאנען דיענען אלס אן אבווענד־מיטעל; אפשר האט מען געהאפט, אז אזא אנקלאגע, ווען זי זאל אפילו צוריקגעוויזען ווערן פון אייך — איהר ווייסט דאך דעם אלטען שפרוך: „פערלוימד נאר וויפיעל דו קאנסט, עפעס א חשד וועט שטענדיג דאך בלייבען" — וועט דאך ווירקען ווי א נאסער האנדטוך, געווארפען אין דעם צעפלאמטען פנים פון אונזער בורזשואזיע, און איך זאל דאס זיין דער אין מדבר ארונטערגעשטויסענער שעיר לעזעזאל! אבער אפילו אט די אבזיכט, מיינע הערהען, וועט ניט דערגרייכט ווערן.

זי וועט צושלאגען ווערן פון די איינפאכע לעהרען פון יענער בראשור, צו וועלכער איך פאדער קודם כל אויף די בורזשואזיע. זי וועט צושלאגען ווערן פון דער מאכט פון מיין שטימע, און טאקע דעריבער האב איך געמוזט אזוי גרינדליך ענטוויקלען די פאקטישע פונקטען אין מיינע פערטיידיגונגס־מיטלען. צי בורזשואזיע, צי ארבייטער, זיינען מיר די גליעדער פון איין פאלק און זיינען גאנץ איינינג אנטקעגען אונזערע אונטערדריקער! —

איך ענדיג. א מאן, וועלכער, ווי איך האב אייך דאס ערקלערט, האט זיין לעבען געווידמעט דעם וואהל־שפרוך „די וויסענשאפט און די ארבייטער", אויף דעם וועט אפילו א פעראורטיילונג,

וואס ער טרעפט אן אויף זיין וועג, ניט קאנען מאכען קיין אנדער איינדרוק, ווי דאס פלאצען פון א שיסעלע אויף דעם כעמיקער, וואס איז פערטיעפט אין זיינע וויסענשאפטליכע עקספערימענטען. מיט א לייכטען רונצלען פון שטערן אויף דעם ווידערשטאנד פון דער מא־טעריע זעצט ער רוהיג פארט זיינע פארשונגען און ארבייטען, אזוי באלד ווי די שטערונג איז בעזייטיגט.

אבער צוליעב דער נאציאן און איהר עהרע, צוליעב דער ווי־סענשאפט און איהר ווירדע, צוליעב דעם לאנד און זיין געזעצלי־כער פרייהייט, צוליעב דעם אנדענקען, וואס די געשיכטע וועט האל־טען פאר אייערע איינענע נעמען, מיינע העררען פרעזידענט און ריכ־טער, רוף איך אויס צו אייך: בעפרייט מיך!

גע‎חידמעט

דעם דייטשען אַרבייטער־קלאַס
און דער דייטשער בורזשואזיע.

פערדינאַנד לאַסאַל.

# באַסטיאַ-שולצע אָדער קאַפּיטאַל און ארבייט

איבערזעצט פון א. א. ראַבאַק.

# איבערזעצער'ס איינלייטונג.

## די היסטאָרישע אַטמאָספערע פון „באַסטיאַ־שולצע".

עס איז שווער פאַר אַ היינטיגען לעזער אַרומצוכאַפּען די פולע בעדייטונג פון לאַסאַל'ס לעצטען ווערק, אוואו ער זאָל ניט האָבען עפּעס אַ שטיקעל ידיעה אין די גרויסע היסטאָרישע געשעהענישען פון וועלכע דאָס בוך, קען מען זאָגען, איז אַרויסגעוואַקסען. דען ווי וויכטיג דאָס ווערק זאָל ניט זיין אַן־און־פיר־זיך אַלס אַן עקאָנאָמישעם ווערק — און דערביי דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז דאָס איז דאָס גרעסטע, וואָס לאַסאַל האָט געשאַפען אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט — ווי שטאַרק עס זאָל ניט האָבען געוועזן דעם מחבר'ס כונה פעסט אַוועקצושטעלען אין דעם דאָזיגען בוך די טהעאָרעטישע יסודות פון דעם סאָציאַליזם, איז אָבער גענוג איבערצולייענען בלויז עטליכע זייטלעך פון דעם, אַז מען זאָל גלייך מערקען די פּראַקטישע זייט פון בוך, דעם מלחמה־טאָן, מיט וועלכען עס אָטהעמט כמעט יעדער פּאַראַגראַף דאָרטען; און אַלע מלחמות האָבען זייער הויפּט־אינטערעס פאַר דעם היסטאָריקער.

פערדינאַנד לאַסאַל איז פריהער פאַר אַלץ אַ היסטאָרישע פיגור. ניט אומזיסט האָט זיך גראָד איינגעגעבען אַ היסטאָריקער* אָנצושרייבען די בעסטע ביאָגראַפיע פון דעם גרעסטען סאָציאַ־ליכט. אויף אַלע זיינע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע שריפטען איז געוועזן אויסגעגאָסען דער חותם פון אַגיטאַציע, פון קאַמפף. דערפאַר איז זיין שרייבען געוועזן אַ ווירקען. די מעהרסטע ווערק פון אַ טהעאָרעטישען כאַראַקטער זיינען ניט קיין צייטליכע שאַפונגען. זיי זיינען אפשר בכח צוצוגרייטען דעם באָדען פאַר אַ בעוועגונג, אָבער אַרויסצורופען די בעוועגונג בפועל ממש — דאָס זיינען זיי ניט ביכולת. לאַסאַל'ס עקאָנאָמי־

*הערמאַן אָנקען (איצט פּראָפעסאָר אין הײדעלבערג). די צווייטע און פערגרעסערטע אויפלאַגע פון זיין „לאַסאַל" איז ערשיענען אין 1912, שטוטגאַרט, און פערנעהמט 534 זייטען.

שע שאַפונגען, אָבער, כאַראַקטעריזירען זיך דערמיט, וואָס זיי גע־
העַן גלייך איבער פון אַ „בכח“ אין אַ „בפועל“, פון אַ טהעאָריע
אין אַ פּראַקטיקע. געבאָרען פון היסטאָרישע אומשטענדען, זיי־
נען זיי מוליד היסטאָרישע פּאַסירונגען, און ד י, ווידער, ברייננגען
צו ווייטערע געשעהענישען.

וואונדערליך האָט לאַסאַל'ען צוגעשפּיעלט זיין מזל. אַלס
16 יעהריגער אינגעל, ווען זיין פאָטער האָט איהם געפרעגט וואָס
ער וואָלט וועלען שטודירען, האָט דער יונגער פערדינאַנד געענט־
פערט: „דאָס גרעסטע און אומפאַסענדסטע שטודיום אויף דער
וועלט, דאָס שטודיום פון היסטאָריע“. אויסגעלאָזען האָט זיך,
אַז קיין היסטאָריקער איז ער ניט געווען, האָט ער אָבער
רערפאַר געמאַכט היסטאָריע. ווער וואָלט זיך דאָס אין
יענער צייט געוועון געריכט, אַז דער יונגער אידישער סטודענט וועט
פערנעהמען אַ פּלאַץ צווישען דעם אייזערנעם קאַנצלער און דעם
גרעסטען דייטשען סטראַטעגיקער*? אין דעם קאַפּיטעל דייטשע
געשיכטע פון 1848 ביז 1871 וואָלט זיך אַנגעזעהען אַ חלל, ווען
עס זאָל דאָרטען ניט זיין דערמאָהנט לאַסאַל'ס נאָמען. אין דער־
זעלבער צייט קען מען ניט רעדען וועגען לאַסאַל'ס שאַפען און
ווירקען, סיידען אונטער אַ היסטאָרישער בעלייכטונג.

די צייט, אין וועלכער לאַסאַל האָט געלעבט, איז געווען אַ
שטורמישע. עס איז געווען אַ מין שמעלץ־פּעריאָדע פון אָנשוי־
אונגען, בעוועגונגען, שטרעמונגען, ריכטונגען און פּאָליטישע ווענ־
דונגען. דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך נאָך ניט געהאַט אויסגע־
גלייכט דעם רוקען פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, וואָס האָבען
געהאַט אויפגעטרייסעלט גאַנץ אייראָפּאַ. דייטשלאַנד, אָדער בע־
סער געזאָגט, די דייטשע מדינה'לעך זיינען בעזונדערס געווען אין
אַ שלעכטער לאַגע. פון אויסענווייניג האָט געסטראַשעט דער כח
פון עסטרייך; פון אינווייניג, ווידער, האָבען זיך אָנגעהויבען
ענטוויקלען מרידות קעגען די רעגיערונג. די 1848 רעוואָלוציאָן
איז איינגעשטילט געוואָרען, אָבער די שאַרפע בעציהונגען צווישען

---

* דער צעהנטער באַנד פון די נאָר־וואָס אָבגעשלאָסענע 20 בענדער
„דזשווירמען קלאַסיקס“ איז אינגאַנצען אָבגעגעבען אויף ביסמאַרק, לאַסאַל
און פאָן מאָלטקע.

די בעצווינגער און בעצוואונגענע האָבען ניט אויפגעהערט. פון אלע זייטען האָט מען געזוכט תחבולות, ווי אזוי איינצורעגולירען אלץ מיטאנאנדער. קיין פּראָיעקטען האָבען ניט געפעהלט, אָבער קיין ממשות'דיגעס האָט זיך פון זיי ניט געקענט ארויספּיקען, מחמת די ריכטונגען זיינען געווען צו כאאָטיש, און עס האָט נאָך דאמאָלס געפעהלט די אייזערנע האנד, וואָס זאָל זיי אלע האלטען אין צוים.

ווען לאַסאַל האָט געשריעבען זיין „באסטיא־שולצע" („קאַפּיטאל און ארבייט"), האָט ער נאַטירליך אליין ניט געוואוסט אקוראט אין וואָס פאר א טומעלדיגער צייט ער האָט געלעבט. געמיינט האָט ער, פּונקט ווי מארקס — און אין דעם זיינען זיי ביידע געווען בעאיינפלוסט פון העגעל'ס געדאנקען־גאנג — אז צווישען פעריאָדען זיינען פאַרהאַן שארפע גרענעצען, און אָננעהמענדיג אז די פעאָדאלע פעריאָדע איז שוין לאנג פערשוואונדען, און אז די בורזשואזיע איז שוין אויסגעשפּיעלט און דארף מעהר ניט ווי קריגען דעם טויט־קלאפּ פון איהם און זיינע מיטקעמפּפער, איז ביי איהם געווען זיכער פעררעכענט, אז אָט, אָט טרעט אריין א נייע וועלט־עפּאָכע, וואָס וועט מאכען א תל פון דעם אלטען סדר עולם.

דער אמת איז, אז יענער דור איז געווען ווייט פון צו זיין א שארף אָבגעגרענעצטער. אדרבא, דער קאמפּף איז דענסטמאָל געווען א דרייענדיגער. אויב דער פעאָדאליזם איז געווען אינגאנצען אָבגעשאפט, האָט אָבער, די רעגיערונג אָנגענומען אזא צורה, וואָס האָט געמוזט ארויסרופען די שנאה פון מיטעל־קלאַס צו איהר; אזוי איז ענטשטאנען א ביטערער קאמפּף צווישען די קאָנסערוואטיווען, אויף וועלכע עס האָט זיך דירעקט געשטיצט די רעגיערונג, און די ליבעראלען אָדער פּראָגרעסיסטען, וועלכע האָבען פערטראָטען דעם מיטעל־קלאַס.

פון דעם דאָזיגען קאמפּף זיינען דערווייל די ארבייטער געווען אינגאנצען אויסגעשלאָסען. לויט דער שטייער־סיסטעמע, וואָס האָט דאן געהערשט אין דייטשלאנד, האָבען די ארבייטער פּאָליטיש גאָר ניט געקענט אויפהויבען דעם קאָפּ. ערשט לאסאל, מיט זיין פּאָליטישען חוש, האָט דערפיהלט, אז פריהער פאר אלץ מוז דער ארבייטער האָבען א דעה אין דער פּאָליטיק פון לאנד, און ביים סוף פון „באסטיא־שולצע" זאָגט ער „שוין צוקט אין דער הויך דער בליץ פון דירעקטען און אלגעמיינעם וואהל־רעכט" ; און פון יענער צייט

אָן האָבען טאַקי די אַרבייטער אָנגעהויבען שפּיעלען אַ שטיקעל ראָליע. אמת, זייער רעכט האָבען די אַרבייטער ניט בעקומען ביז נאָך לאַסאַל׳ס טויט. די מעגליכקייט אָבער אָדער וואַהרשיינליכ־קייט אַליין, אַז זיי וועלען עס קריגען, איז שוין געווען גענוג גרונד, אַז מען זאָל קוקען אויף זיי מיט אַנדערע אויגען.

מיט דער אינערליכער פּאָליטיק פון לאַנד מוז מען דאָ נאָך פערבינדען די קולטורעלע יסודות פון יענעם דור, וואָרים יעדע בע־וועגונג מוז דאָך האָבען איהרע טהעאָרעטישע זיילען. דער מיטעל־קלאַס האָט זיך געהאַט די געוועהנליכע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וואָס איז אויסגעוואַקסען זינט אַדאַם סמיטה, און וועלכע לאַסאַל בע־צייכענט דאָ כסדר אין אונזער בוך אַלס די ליבעראַלע עקאָנאָמיע, ניט מאַכענדיג קיין הבדל צווישען די פערשיעדענע שיטות, וועלכע ער האָט בעקעמפפט. נייע טהעאָריעס האָבען געמוזט געשאַפען ווערען פאַר די אַרבייטער, אַ נייע סיסטעמע פון פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע האָט געמוזט אויפגעבויט ווערען — און דאָס איז געשעהען דורך אַזעלכע מענער ווי קאַרל מאַרקס, ראָדבערטוס און לאַסאַל, טהיילווייז אויך פריעדריך ענגעלס.

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אָבער, מוז זיך נאָך אַליין שטיצען אויף עפּעס טיעפערעס. מען מוז צוריקגעהען אויף אַ וועלט־אַנ־שויאונג; און דאָ טרעפט מען ווידער דעמזעלבען קריזיס ווי אויף די אַנדערע געביעטען, וועלכע זיינען פריהער דערמאָהנט געוואָרען. העגעל׳ס פילאָזאָפיע, וואָס האָט נאָך אַ האַרטען קאַמפּף זיך פער־שפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד, ווערט געשפּאָלטען אין צווייען. די פערטרעטער פון׳ם אָפּיציעלען דייטשלאַנד ירש׳ענען די רעכ־טע העלפט, בעת די עקסטרעמע ראַדיקאַלען אַרבייטען אויס אַ ניי־העגעליאַנישע פילאָזאָפיע, וואָס גראַמט זיך מיט זייער עקאָנאָ־מישער שיטה. בלייבט אָבער דער מיטעל־קלאַס אויסען. אויפ׳ן „רעכטען העגעל“ האָט זיך די בורזשואַזיע ניט געקענט סומך זיין, כחמת זי וואָלט אין אַזאַ פאַל, געמוזט אַרויסווייזען גרויס הכנעה פאַר דער אַריסטאָקראַטיע און די איינגעזעסענע מיוחסים — און גראָד אָט די מענשען האָט זי דאָך געהאַלטען אין איין בעקעמפ־פען. אין דער נייער ראַדיקאַלער אויסטייטשונג פון העגעל, האָט זי בודאי ניט געקענט געפינען קיין אָנהאַלט, וואָרים אויב די אַב־סאָלוטע אויטאָריטעט פון שטאַאט איז נאָר אַ ווייטע סכנה,

נאַר אַ מ ע נ ג ל י כ ע ר אבן נגף אין וועג פון דער סוחר׳ישער וועלט, איז אָבער די נייע הענגעליאַנישע ריכטונג געוואָרען אַ גאַר נאָהענטע געפאהר, ווייל דער טהעאָרעטישער זאץ מכח דער מאכט פון דער רעגיערונג האָט דאָ אָנגעהויבען צוגעפיהרט ווערען צום פראַקטישען פועל יוצא.

אָהן אַן אומפאַסענדער לעבענס־אָנשויאונג, האָט די בורזשואַזי־נע עקאָנאָמיע ניט געקענט זיין קיין דעמאָנסטראַטיווע. די וויכ־טיגסטע פאָליטישע עקנאָמען פון דייטשלאַנד האָבען זיך ניט גע־קענט מעסטען מיט אַן אַדאַם סמיטה, ריקאַרדאָ, אָדער אפילו מיט די פראַנצויזישע עקאָנאָמישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען גע־האַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער ענטוויקלונג פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע. די דייטשע געלעהרטע אויף דעם דאָזיגען פעלד זיינען, ווידער, אויך געווען צו אבסטראַקט, אַז זייערע ווערק זאָלען זיין צוגענגליך פאַר אַזעלכע דילעטאַנטען ווי די פערטרעטער פון מיטעל־קלאַס זיינען געווען, אויפ׳ן בעסטען אופן; און אויך צו אַקאַ־דעמיש, זיי זאָלען אָננעהמען אַ בעשטימטע פראַקטישע שטעלונג און זיך ערקלערען אָפען, אַז זיי שטעהען דוקא אויף אַזאַ און אַזאַ פלאַטפאָרמע.

די „פאָרטשריטס־פּאַרטיי“, וועלכע איז געווען דער פּאָליטי־שער אויסדרוק פון דער דייטשער בורזשואַזיע, האָט זיך געפיהלט נאַטירליך געצוואונגען צו געפינען ערגעץ אַ באַזיס פאַר איהרע פרעַ־טענזיעס. אין דייטשלאַנד גופא האָט זי אַזעלכעס ניט געהאַט, און ווי מיר וועלען זעהען ווייטער, האָט זי עס ניט געקענט האָבען. עס איז געווען קלאָהר, אַז אַ שיטה וואָס זאָל זיך אַקוראַט פּאַסטען צום ציעל, וועלכען זי האָט געוואָלט דערגרייכען, האָט ניט געקענט אַנ־דערש ווי אימפּאָרטירט ווערען; און גראָד איז פראַנקרייך געווען דאָס לאַנד, וואָס האָט צוגעשטעלט דאָס, וואָס זי האָט בעדאַרפט. פּרעהדעריק באַסטיאַ, וועלכער איז דאַמאָלס געווען אַ שם דבר אין דער עקאָנאָמישער פּובליציסטיק פון גאַנץ אייראָפּאַ, איז געוואָרען דער אָראַקעל פון דער בורזשואַזנער עקאָנאָמיע, און ממילא פון דער „פאָרטשריטס־פּאַרטיי“ אין דייטשלאַנד.

דאָס אַלץ האָט לאַסאַל בעגריפען גאַנץ גוט אין זיין שניידענ־דער קריטיק קעגען דעם פיליסטערשען גייסט פון זיינע געגנער און בעקעמפּפער. וואָס איז שייך דער דייטשער „פאָרשריטס־פּאַרטיי“,

האָט זי כּשר פערדיענט זיינע שטראָף־רייד, אַז זי האָט ניט קיין טהעאָרעטישען באָדען אונטער זיך. ווען ער גיט אָבער דעם איינ־דרוק אין דעם „נאָכוואָרט" פון אונזער בוך, און אויך אין אַ פּאָאַר אַנדערע פּלעצער, אַזוי ווי דער גאַנצער ליבעראַלער עקאָנאָמיע פעהלט אַ קולטורעלער יסוד, מאַכט ער אַ טעות. דער פילאָזאָפי־שער אויסדרוק פון דער גאַנצער שולע האָט געשטעקט אין ענגלאַנד, און הגם שולצע־דעליטש אליין, דער פיהרער פון דער „פּראָגרעסיסטען־פּאַרטיי", האָט זיך בענוגענט מיט די טהעאָלאָגישע געדאַנקען, וואָס ער האָט געפונען אין באַסטיאַ'ס „האַרמאָניה עקאָנאָמיק", און האָט ניט געהאַלטען פון סיסטעמאַטישע פילאָזאָפישע ענטוויקלונגען בכלל, דאַרף מען אָבער פאָרט ניט פערגעסען, אַז די „מ אַ נ ט ש ע ס־ט ע ר ש ו ל ע", וואָס איז געווען דער מקור פון באַסטיאַ'ס אינס־פּיראַציע, האָט פערמאָגט צווישען איהרע מיטגליעדער די בעדייי־טענדסטע ענגלישע דענקער פון יענער פּעריאָדע. דער ענגלישער אינדיווידואַליזם מיט די פערצווייגטע ריכטונגען און אַנשויאונגען, וואָס האָבען געפונען אַזאַ פעסטען אָנהאַלט ביי דער בורזשואַזיע, איז נאָך ווייט ניט געווען אויסגעשפּיעלט. דער קלימאַקס האָט נאָך געדאַרפט ערשט קומען. לאַסאַל, אָבער, האָט זיך נאַטירליך ניט געקענט ריכטען, אַז יענע שולע, וואָס איז געשטאַנען דעם סאָ־ציאַליזם ווי אַ ביין אין האַלז, וועט זיך באַלד קענען גרויסען מיט איהר נעראָטענסטען פּראָדוקט — ה ע ר ב ע ר ט ס פּ ע נ ס ע ר, וועלכער האָט, אין דעמזעלבען יאָהר וואָס עס איז ערשיענען דער „באַסטיאַ־שולצע", אָבגעדרוקט דעם ערשטען באַנד פון זיין „פּרינ־ציפּיען פון ביאָלאָגיע", ספּענסער האָט שוין געהאַט אָנגעשריעבען עטליכע ווערק, צווישען וועלכע עס זיינען געווען זיין „סאָושל סטאַ־טיקס" וואו ער טרעט אַרויס שאַרף געגען דעם סאָציאַליזם, און זיין פונדאַמענטאַלע אַרבייט „דהי פאַירסט פּרינסיפּלס". חוץ דעם איז ער אויך געווען נעהילפס־רעדאַקטאָר פון „איקאָנאָמיסט"; אָבער לאַסאַל האָט משמעות קנאַפּוואָס געהערט פון דעם אויפטהו פון די אינגערע ענגלישע אינדיווידואַליסטען, וואָס האָבען געלעבט אין זיין צייט. די ע ק אָ נ אָ מ י ש ע לעהרען פון יענער שולע האָ־בען דאַמאָלס געמאַכט מעהר רושם אויף דער וועלט ווי די פ י ל אָ־ז אָ פ י ש ע פּרינציפּען, וואָס זיינען פון דאָרטען אַרויסגעוואַקסען; און אַזוי ווי באַסטיאַ איז, צוליעב זיין פּאָפּולאַריטעט אין פראַנק־

רייך און אין דייטשלאנד, געווארען דער ראש המדברים פון דער גאנצער פריי־האנדעל בעוועגונג, איז געווען גאנץ נאטירליך פאר לאסאל'ען צו ציעלען זיינע פיילען קעגען באסטיא'ן און זיין דייטשען פאפולאריזאטאר שולצע־דעליטש, מיינענדיג אז קוים צוקלאפט ער זייערע שיטות, אזוי איז שוין אויס מיט דער ריכטונג בכלל, וואס זיי פערטרעטען, ווייל באסטיא זאל דאס זיין דער מאור הגדול פון דער עקסטרעם־בורזשואזנער עקאנאמיע.

עס איז געווען א פערדיענסט פון לאסאל'ען, וואס ער האט אזוי קריטיש צונומען באסטיא'ס הויפט טהעאריע, בעת אין די מעהרסטע אינטעליגענטע קרייזען האט מען פשוט געשלונגען יעדעס ווארט זיינס; אבער דוקא דערפאר, וואס לאסאל האט איהם אזוי אומ'ברחמנות'דיג ארונטערגעריסען, וואלט געווען כדאי, און טאקי א יושר אויך, זיך צו בעקענען מיט די הויפט פאקטען וועגען דעם אויטאר פון „לעהז ארמאניה עהקאנאמיק", פון וועלכען לאסאל ציטירט אזוי אפט.

## פרעהדעריק באסטיא.

פרעהדעריק באסטיא איז געבוירען געווארען אין בייאן, פראנקרייך, אין 1801. זיין פאטער איז געווען א דארטיגער סוחר, און אויך זיין פעטער, אין וועמעס קאנטאר ער האט אנגעהויבען ארבייטען, אזוי גיך ווי ער האט געענדיגט די העכערע שולע, איז געווען א געשעפטסמאן. די וואכעדיגע ארבייט אין קאנטאר איז איהם ניט געווען שטארק צום הארצען, און אין עטליכע יאהר ארום האט ער זיך בעזעצט אין מיגראן. דא האט ער זיך אבגעגעבען מיט קולטיווירען די נחלה, וואס איז איהם פערבליעבען פון זיין זיידען, און אין דער פרייער צייט האט ער מיט התמדה געלערנט שפראכען און געלייענט וויסענשאפטליכע און פילאזאפישע ווערק.

אין שטעדטעל וואו ער האט געוואוינט, איז ער געווען גאנץ פאפולער. מען האט איהם פריהער געמאכט פאר א פריעדענס־ריכטער, דערנאך האט ער אויך בעקומען א שטיקעל פאליטישען אמט. אין דערזעלבער צייט האט ער זיך אנגעהויבען שטארקער צו פעראינטערעסירען מיט עקאנאמישע ענינים און האט צווישען די יאהרען 1834 און 1844 אנגעשריעבען עטליכע בראשורען איבער אבצאהל־פראגען, וועלכע האבען, אבער, קיין שום אויפזעהען ניט געמאכט.

דארף זיך גראָד מאכען, אז ער אבאָנירט זיך פאַר דער ענג־לישער צייטונג „דהי גלאָוב ענד טראַוועלער“, און פון דער דאָזיגער צייטונג ווערט ער געוואָהר, וואָס פאַר א גרויסע בעוועגונג עס געהט אָן אין ענגלאַנד אויף אָבצושאפען דעם הויכען אָבצאָהל אויף תבואה. אַ צוויי יאָהר שטודירט ער יעדע פאַזע פון דער בעווע־גונג, און דאַן מאכט ער אָב ביי זיך, אז אין פראַנקרייך מוז אויך געשאַפען ווערען אַזא בעוועגונג. זיין ערשטער ארויספאָהר אין אָט דער ריכטונג איז געווען אַן ארטיקעל אין „זשורנאל דעהז עהקאָ־נאָמיסט“ איבער דעם ענגלישען טאריף. זיין שטעלונג איז געווען א נייעס אין פראַנקרייך און זיין בריליאַנטענער סטיל האָט אויס־געהאָלפען דערצו, אז מען זאָל זיין שרייבען שענקען פיעל אויפ־מערקזאמקייט.

ווען ער איז געקומען קיין פּאַריז כדי ארויסצוגעבען זיין אָב־האַנדלונג איבער דעם ענגלישען פריי־האנדעל־אַגיטאַטאָר ריטשאַרד קאָבדען, און דעם געגען־תבואה־געזעץ פערבאַנד פון וועלכען דער לעצטער איז געווען דער פיהרער, האָבען איהם די פּאַריזער עקאָ־נאָמיקער געגעבען א שעהנעם קבלת פנים. ער האָט זיך שוין גע־האָט קונה שם געווען דורך זיין „עקאָנאָמישע טעות'ען“, וואו ער ווייזט ארויס א סך חריפות אין זיין קריטיק און ווירקזאמקייט אין סטיל.

פון פּאַריז פאָהרט ער קיין לאָנדאָן און מאַנטשעסטער. עס האָט איהם אַלץ נעצויגען אַהין, כדי זיך צו בעקענען מיט קאָבדען און בראַיט, די פיהרענדע גייסטער פון יענעם פערבאַנד, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין איין פערשפּרייטען איבער ענגלאַנד, ביז סיר ראָבערט פּיהל, דער בריטישער פּרעמיער, האָט זיך ערקלערט לטובת די פּרינציפּען פון פערבאַנד, און האָט אין 1846 געמאַכט דעם ערשטען שריט אָבצושאַפען דעם אַלטען תבואה־געזעץ. באַס־כיאַ האָט אין ענגלאַנד שטודירט די גאַנצע לאַגע, און צוריקקומענ־דיג קיין פראַנקרייך, האָט ער געגרינדעט א פריי־האַנדעל געזעל־שאַפט, וואָס איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, און באַלד האָט ער זיך געמוזט אריבערקלייבען פון מיגראָן קיין פּאַריז, וואו ער איז געווען תמיד פערנומען מיט אָרגאַניזאַציאָנס־ארבייט, מיט שריי־בען, האַלטען פּאָרלעזונגען א. א. וו.

אין פראַנקרייך איז אָבער די צייט ניט געווען אַזוי גינסטיג

פאר'ן פריי־האנדעל ווי אין ענגלאנד. די ראדיקאלע גדאנקען פון פרודאן, לואי בלאהן און זייערע פארגענגער האבען געגעבען א גרויסען שטויס אין דער זייט־צו פון סאציאליזם. די אונרוהען אין לאנד זיינען אלץ געווארען ערנסטער, ביז עס האט אויסגעבראכען די רעוואלוציאן פון 1848. אויף באסטיא'ן איז געפאלען די אויפ־גאבע צוריקצוהאלטען דעם סאציאליסטישען שטראם. אבער ניט געגען דעם אליין האט ער געהאט צו קעמפפען. די פראטעקציא־ניסטען, וועלכע האבען געוואלט האבען א הויכען טאריף און הא־בען אין דעם פרייען האנדעל געזעהען א געפאהר פאר'ן לאנד, זיי־נען, פערשטעהט זיך, אויך ניט געזעסען מיט פערלעגטע הענד. דער סאציאליזם האט איהם, אבער, הפנים מעהר דערעסען, ווארים די מעהרסטע שריפטען זיינע זיינען געריכט קעגען די סאציאליס־טען; בעזונדערס איז זיין לעצטעס ווערק „לעהז ארמאניה עהקא־נאמיק", וואס לאסאל רופט אן אן אנפאנג־ביכעל, אן ארויסטריט קעגען פרודאן

אין דעם דאזיגען ווערק האט באסטיא געוואלט ענטוויקלען זיין גאנצע שיטה, אבער ער האט שוין ניט בעוויזען צו פערענ־דיגען דאס גאנצע ווערק. אבגעשלאפט פון א לונגען־קראנקהייט, וואס האט ביי איהם צוגענומען זיין אונערמיעדליכע ענערגיע, און אן אויסגעמאטערטער פון זיין גייסטיגער הארעוואניע, האט ער געמוזט אויפהערען ארבייטען אויפ'ן צווייטען באנד פון „לעהז ארמ. עהק.", און איז געפאהרען קיין איטאליען. א קורצע צייט נאכדעם ווי ער איז אנגעקומען אין רוים, איז ער דארטען געשטאר־בען אין עלטער פון 49 יאהר.

זיין טויט האט אנגעמאכט א טיעפען רושם אין די פראנצוי־זישע עקאנאמישע קרייזען. זיינע פריינד און פערעהרער האבען ארויסגעגעבען זיינע ווערק אין 7 בענדער, און עס איז אויך גע־שטעלט געווארען א מאנומענט נאך איהם אין מיגראן.

## באסטיא'ס לעהרע.

באסטיא איז ווייט ניט געווען קיין געלעהרטער. זיין גאנ־צען איינפלוס האט ער געהאט צו פערדאנקען זיין שארפען און בריליאנטענעם סטיל. דערפאר האט ער זיך גיכער אויסגעציי־כענט אלס קריטיקער איידער אלס קאנסטרוקטיווער וויסענשאפטס־מאן. זיין „ארמאניה עהקאנאמיק" האט אמת טאקי געזאלט ארומ־

נעהמען א גאנצע סיסטעמע פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אָבער שוין פון דעם איינציגען באנד וואָס איז ערשיענען, קען מען זעהען, אז דער אגיטאטאָר איז אין איהם בולט'ער ווי דער וויסענשאפטסמאַן. זיין צוטריט בכלל איז ניט קיין גערעכטענער, וואָרים ער איז זיך אָפט סומך אויף פשוט רעליגיעזע אָדער טהעאָלאָגישע ראיות. פון זיין הויפט ווערק איז שווער ארויסצונעהמען, צי די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז ביי איהם דער עיקר און די רעליגיאָן — א תפל, אָדער פארקעהרט. על כל פנים קען מען פערשטעהען, אז באס־טיא'ס מעטהאָדע אָבצוגעבען א שבח צו גאָט, יעדעס מאָל ווען עס קומט איהם אויס צו בעטראכטען ווי פיין און וואונדערליך די וועלט ווערט געפיהרט, איז ניט אזא, וואָס וואָלט נושא חן געווען ביי לאסאל'ען. די יסודות פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע זיינען פאר באסטיא'ן אזוי פעסט צוזאמענגעפלאָכטען מיט'ן רעליגיעזען בעגריף, אז אפילו זיין הויפט שיטה איז אויך פערבונדען מיט א רעליגיעזען געדאנק.

פונקט ווי די פיזיאָקראטען האָבען זיך אוועקגעשטעלט אויף דעם עקסטרעמען פונקט, אז נאָר לאנד אָדער נאטור־פּראָדוקטען דארפען האָבען א ווערטה אין עקאָנאָמישען זין, אזוי געהט באסטיא אוועק אין דער להיפוכ'דיגער ריכטונג, און טענה'ט גראד אז גאָטס מתנות זיינען געגעבען געוואָרען פאר אַלעמען פריי; דערפאר שטעקט אין זיי ניט קיין עקאָנאָמישער ווערטה, אלא אזוי ווי מען בעצאָהלט דאָך אָבער יא פאר אַלערליי פּראָדוקטען, בעצאָהלט מען פשוט פאר דער לייסטונג. אין דעם מענשענס אויפטהו ליעגט דער ווערטה, און ניט אזוי אין זיין ארבייט, ווי דאָס האָט גע־האַלטען ריקארדאָ מיט פערשיעדענע אָבווייכונגען, ווי אין דעם רעזולטאט פון זיין ארבייט, דאָס הייסט, אין זיין ארבייט בנוגע דעם פערניצער.

אזא מין שיטה האָט, פערשטעהט זיך, געמוזט שטארק צוניץ קומען דער בורזשואזיע, וואָרים קוים האָט מען אזא כלל פאר די אויגען, איז גרינג ארויסצונעהמען פון דעם, אז דאָס מזל איז ביים מענשען אין די הענד כחומר ביד היוצר. עס איז ניט קיין וואונ־דער, וואָס באסטיא האָט אזוי גע'שמ'ט איבער דער וועלט אין יע־נער פעריאָדע, הגם דער איריש־אמעריקאנער עקאָנאָמיקער קיירי

(פענסילוויינא) איז געווען איבערצייגט, אז באסטיא האט גע־נאשט פון איהם זיינע הויפט אידעען.*

דער אפטימיזם, מיט וועלכען באסטיא׳ס שריפטען אטהעמען, און אויך זיין שעהנער סטיל האבען געהאלפען דערצו, אז ער זאל קריגען מעהר תלמידים ווי אנדערע פון די גרעסטע פאכלייט אין דער פאליטישער עקאנאמיע. איינער פון זיינע וויכטיגסטע תלמידים, אויב ניט טאקי דער וויכטיגסטער פון זיי, איז געווען שולצע־דעליטש, דער פיהרער פון די דייטשע ליבעראלען, וועלכער איז אייגענטליך דער הויפט העלד פון אונזער בוך. אויף אזוי ווייט איז שולצע געווען באסטיא׳ס א פערעהרער, אז נאכדעם ווי דער „באסטיא־שולצע" איז ערשיענען, האט ער ערקלערט, אז ניט נאר איז דער מיטול פון בוך ניט קיין פחיתות הכבוד פאר איהם, נאר אדרבא, עס איז איהם נאך ניהא, און ער בעטראכט עס פאר א כבוד, אז זיין נאמען זאל ווערען אויסגערעדט בנשימה אחת מיט באסטיא׳ס.

## שולצע־דעליטש.

אויב באסטיא האט נאך עפעס געגאלטען אין זיין צייט אלס א שטיקעל עקאנאמיקער, האט, אבער, שולצע גאר קיין פרעטענ־זיעס ניט געקענט האבען אויף דער פאליטישער עקאנאמיע, סיידען אלס פאפולאריזאטאר — איז דאס אפילו, ניט ,אין בעסטען זין ; און פונדעסטוועגען פערנעהמט ער א וויכטיגען פלאץ אין דער פאליטישער עקאנאמיע. זיין אויפטהו איז אמת ניט געווען קיין טהעארעטישער, אבער אלס א כאציאלער רעפארמער און פראקטי־שער פיהרער האט ער ארויסגעוויזען גאונות, און ניט איין פראפע־סאר פון פאליטישע עקאנאמיע האט זיך אויסגעדריקט מיט התפעלות וועגען זיין ארבייט.

הערכאן שולצע איז געבוירען געווארען אין דעליטש אין די

---

* קיירי איז געווען אזוי דערביטערט קעגען באסטיא׳ן אז ער האט געדרוקט א הארבען בריעף אין דער פראנצויזישער עקאנאמישער צייט־שריפט, וואו באסטיא איז געווען א מיטארבייטער. באסטיא איז דא־מאלס געלעגען אויף׳ן טויטען־בעט אין רוים און האט מעהר ניט אנ־געשריעבען ווי א קורצע תשובה, וואס ערקלערט ווייניג וועגען דעם ענין. ווען קיירי האט געענטפערט ווידער אין דעמזעלבען זשורנאל אויף באס־טיא׳ס ערקלערונג, איז שוין דער לעצטער געווען געשטארבען.

אַנהויב יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט. פון כמה דורות זיינען זיינע אורעלטערן געווען די בירגער־מייסטערס און ריכטער פונ'ם שטעדטעל. זיין משפחה איז אַלזאָ געווען דורכגענומען מיט'ן גייסט פון קאָנסערוואַטיזם.

ווען ער האָט געענדיגט זיין שטודיום אין די אוניווערזיטעטען פון לייפּציג און האַלע, איז ער געוואָרען פריהער אדוואָקאַט דער־נאָך אַסעסאָר, און אביסעל שפּעטער פּאַטרימאָניאַל־ריכטער. אַלס ריכטער האָט ער זיך אויך גענומען פעראינטערעסירען מיט דעם אינערליכען צושטאַנד פון לאַנד.

אין דייטשלאַנד האָבען זיך דאַן געוויעזען סמנים אויף אַ רעוואָלוציאָן. דאָס איז געווען אין די 40־גער יאָהרען. דער שניט אין יאָהר 1845 איז געווען ניט קיין גרעסערער, און מאַסען אַר־בייטער האָבען געהונגערט. שולצע'ס ערשטער ערויסטריט אויפ'ן סאָציאַלען געביעט איז געווען צו גרינדען אַ הילפס־קאָמיטע, וואָס האָט גרינדערט די ביטערע לאַגע פון פיעלע ארבייטער. אין 1848 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ דעפּוטאַט אין לאַנדטאַג, און דאַן האָט ער אויך אָנגענומען דעם צונאָמען דעליטש, וואָס אונטערשיידעט איהם פון אנדערע שולצעס.

אַלס פּאָליטיקער האָט ער געקעמפּפט שטאַרק געגען דער רע־אַקציאָנערער פּאַרטיי. אין אָנהויב איז זיין איינפלוס געווען צו שוואַך. ער האָט געמוזט אויפגעבען זיין אַמט אין לאַנדטאַג און זיך נעהמען ווידער צו אדוואָקאַטור. פון אָט דער צייט אָן, ד. ה. פון ארום 1849, פאַנגט זיך אָן זיין ארבייטער־טהעטיגקייט. פריי־הער גרינדעט ער אַ טויטען־און קראַנקען־קאַסע, דערנאָך אָרגאַני־זירט ער אַ שוסטער־קאָאָפּעראַציע פאַר רויה־שטאָפען. אין 1850 גרינדעט ער אַ לייה־קאַסע, און צווישען די יאָהרען 1850 און 1861, שאַפט ער, דורך זיינע פערשיעדענע שריפטען, אַן אמת'ע קאָאָ־פּעראַטיווע בעוועגונג אין לאַנד.

דערווייל האָט מען זיך אָנגעהויבען רעכנען מיט שולצע'ס אַר־בייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. אין 1861 איז ער אויסגעקליבען גע־וואָרען צו פערטרעטען בערלין אין רייכסטאַג. דאָס האָט איהם געגעבען נאָך מעהר מעגליכקייט צו פערשפּרייטען זיין טהעטיגקייט און איינפלוס. אַלס פיהרער פון דער ליבעראַלער אָדער פּראָגרעס־סיסטישער פּאַרטיי האָט שולצע אויסגע'פּועל'ט פערשיעדענע הנחות

פאר זיין אָרגאַניזאַציע ; און אַזוי זיינען פון די 30 פעראיינען, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין 1858, ארויפגעוואַקסען אויף 1002 פעראיינען אין 1889, מיט אַ מיטגליעדשאַפט פון אַ קאַרגען האַלב מיליאָן.

אויף צו פערשפרייטען אָט די קאָאָפּעראַציעס האָט שולצע אָבגעגעבען זיין גאַנצע ענערגיע און אַ סך פון זיין אייגענעם געלד, הגם ביי דעם פּאָרטשריט, וואָס די בעוועגונג האָט געמאַכט, האָט ער קיין היזק ניט געליטען. ווען ער האָט אָבגעגעבען די קאָאָפּעראַציעס דעם גרעסטען טהייל פון די 150 טויזענד טאַלער וואָס אַ גרופּע אָנגעזעהענע לייט האָבען איהם געשענקט אַ מתנה אַלס אַנערקענונג פאר זיין ארבייט, האָט ער בפירוש ערקלערט, אַז ער גיט דאָס אַוועק על מנת אָבצוקריגען צוריק, מחמת די קאָאָפּעראַציעס מוזען זיך אַליין אויסהאַלטען.

דער אויפטהו פון שולצע־דעליטש׳ען איז געווען אַ ריעזיגער, ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט אַז, איין מענש אַליין, האָט ער געמוזט טהון די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנס־ארבייט. ער האָט געשריבען ארטיקלען, רעדאַגירט די „בלעטער פיר גענאָסענשאַפטוועזען", אָרגאַניזירט דעם „פאָלקסווירטהשאַפטליכען קאָנגרעס" און אויך דעם „נאַציאָנאַלען פעראיין", וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו קעמפּפען פאר אַ פעראייניגטער דייטשלאַנד. פאר די ארבייטער האָט ער אָרגאַניזירט די „דייטשע געזעלשאַפט פאר פערברייטונג פון פאָלקס־בילדונג" און דער טהעטיגסטער מיטגליעד פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט איז ער טאַקי אַליין געווען. די אינטעליגענטסטע כחות פון יענער צייט האָט ער צוגעצויגען פאר זיין צוועק, און איינער פון זיינע געטרייעסטע העלפערס אין יענע יאָהרען איז געווען דער יונגער סטאָליער אויגוסט בעבעל — דער שפּעטערדיגער וואָרט־פיהרער פונ׳ם סאָציאַליזם.

ביי די ארבייטער, און ספּעציעל די קליינע בעל מלאָכות, איז שולצע־דעליטש געווען זעהר בעליעבט. דאָס קען מען אפילו ארויסזעהען פון לאַסאַל׳ס אייגענע ווערטער אין „באַסטיאַ־שולצע" („קאַפּיטאַל און ארבייט"). אין שולצע־דעליטש׳ען האָט לאַסאַל נאַטירליך געהאַט אַ שטאַרקען געגענער, און ניט איין מאָל האָט לאַסאַל זיך בעקלאָגט אויף דער טעמפּקייט פון די ארבייטער, וועלכע האָבען ארויסגעוויעזען אַ גרעסערען צוטרויען אין שולצע׳ן

ווי אין איהם.* עס קען גאַר קיין פראגע ניט זיין, אז לאסאל וואָלט געגאַנגען פיעל ווייטער מיט זיין סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדאַ צווישען די ארבייטער, ווען דער פּראַקטישער און אויסגערעכענטער שולצע־דעליטש וואָלט איהם ניט געשטאַנען אין וועג מיט זיינע פּלענער, וואָס זיינען, פון אויבענאויף, געווען עהנליך צו לאסאל׳ס און דאָך, אין תוך גענומען, ראדיקאל פערשיעדען.

שולצע־דעליטש איז געשטאָרבען אין 1882 — אַ בעריהמטער כּאָן ; און צוויי מאָנומענטען — איינס אין זיין געבורטהס־שטעדטעל, דעליטש, און איינס אין בערלין — ווייזען אָן אויפ׳ן פאַקט, אז לאַסאַל׳ס נביאות וועגען שולצע׳ס מיאוס׳ער מפּלה (זעה נאָכוואָרט פון בוך) איז ווייט ניט מקוים געוואָרען.

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנקען.

אין דעם פיערטען קאַפּיטעל פון אונזער בוך, גיט לאסאל דעם איינדרוק, ווי שולצע׳ס פּלאַן וואָלט געווען ארויסגעוואַקסען פון זיין (לאַסאַל׳ס) סאָציאַליסטישער אגיטאַציע. אין דער אמת׳ען,

* איין־מאָל אין משך פון אַ פיער שטונדיגען פּאָרטראַג, האָט ער זיך זאָגאַר אָנגערופען צו זיי אָט ווי : „איהר דייטשע אַרבייטער זייט מאָדנע מענשען ! מילא, מיט פראַנצויזישע און ענגלישע אַרבייטער מוז מען איינ׳טענה׳ן מכח די מיטלען ווי אַזוי זיי אַרויסצונעהמען פון זייער בּרויעריגער לאַגע. אייך אָבער מוז מען נאָך ערשט בעווייזען אַז אייער לאַגע איז טרויעריג. כל זמן איהר האָט נאָך אַ שטיק שלעכטע וואורשט און אַ גלאָז ביער, מערקט איהר דאָס גאָר ניט, און ווייסט ניט אַז אייך פעהלט גאָר עפּעס". (אַרבייטערלעזעבוך.)

אין דערזעלבער רעדע האָט ער, זיך בעציהענדיג אויף דער פויגדליבער שטעלונג פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס קעגען איהם, געזאָגט ווייטער : „איך וואָלט נאָך געקענט פערשטעהען, הגם געניגט צו טאַדלען, ווען איהר צושטערט די מאַשינען, ווען איהר געברויכט געוואַלט, אָבער אַז איהר זאָלט שטימען געגען מיר, געגען מיר וואָס וויל אייך העלפען — דאָס קאָן שוין היסען אונגאַטירליך. א י ה ר זאָלט שטימען : „ניין"? איהר זאָלט ווי געצווימטע הויז־חיות זיך ווענדען געגען זיך אַליין, נו, דאָס קען שוין היסען אַ נאַציאָנאַלער בזיון."

וועגען זיין עגמת נפש איבער דער גלייכגילטיגקייט פון די אַרבייטער האָט ער געשריעבען צו מאַרקס׳ען, אַז חוץ די יסורים וואָס ער האָט דערפון, מוז ער זיך נאָך קנייפען די באַקען און שטעלען די פאַרב, אָדער ווי ער דריקט זיך דאָרטען אויס, ער „זיך ווערגען מיט די יסורים און נאָך טענה׳ן אַז עס איז פאַרקעהרט". (אָנקענ׳ס ביאָגראַפיע פון לאַסאַל.)

האָבען זיי ביידע געהאט גאָר בעצם פערשיעדענע שטאנדפונקטען. שולצע איז געווען פונקט אזוי וועניג אונטער דער השפעה פון לאסאל, ווי לאסאל איז געווען אונטער שולצע'ס השפעה. זיי האָבען גאָרביידע געבויט אויף להיפוכ'דיגע יסודות.

שולצע, דער שטרענגער אינדיווידואליסט, האָט געהאלטען, אז די ארבייטער און בעלי מלאכות, וואָס זיינען אמביציעז, קענען זיך גרינג ארויפארבייטען דורך זייערע אייגענע מיטלען. לאסאל פארקעהרט, האָט גע'טענה'ט, אז די ארבייטער, ניט האָבענדיג קיין קאפיטאל, קענען זיך בשום אופן ניט העלפען אליין. דערפאר מוז די רעגירונג זיי צושטעלען דעם לייטער, כדי זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט ארויפצוקלעטערן די וואנט, וואָס שטעהט צווישען זיי און בעסערע אומשטענדען.

אין דעם ליעגט אייגענטליך דער שווער פונקט פון דער גאנצער מחלוקה צווישען לאסאל און שולצע'ן.

לאסאל האָט דוקא געוואָלט, אז די רעגיערונג זאָל זיך אָננעהמען דעם ארבייטערס קריוודע, בעת נאָך שולצע'ן נאָך, האָט אזעלכעס ניט געטאָרט געשעהען. זיין פלאן איז געווען, אז יעדער בעל מלאָכה זאָל זעהן שפּאָרען ווי ווייט מעגליך, און אזוי גיך ווי ער קלייבט אָן א וואָסערע 200 טאָלער, זאָל ער קויפען אן אקציע און ווערען א מיטגליעד פון איינעם פון די קאָאָפּעראטיווע באנקען, וואָס ער האָט געהאט געגרינדעט. דאָס געלד פלעגט מען אויסלייהען נאָר צו מיטגליעדער, און אזויערנאָך האָט יעדער איינער געקענט אָנפאנגען א שטיקעל מסחר פאר זיך. בנוגע די מיטגליעדער פלעגט מען זיך נאטירליך בעוואָרענען; און אפילו ווען עס פלעגט זיך אמאָל טרעפען אז די אָרגאניזאציע האָט געהאט א היזק, איז דער שאָדען געווען פערהעלטניסמעסיג א קליינער.

בכלל איז די גאנצע קייט באנקען אָנגעפירדט געוואָרען אויף אזא מעטהאָדישען און געשעפטסמעסיגען אופן, אז זעלטען־ווען איז געמאכט געוואָרען א ניט־ריכטיגע אויסרעכנונג. שולצע־דעליטש אליין איז געווען א פאָרזיכטיגער מענש ביז גאָר, און אלץ איז דורכגעגאנגען דורך זיין קאָנטראָל. שפּעטער איז ערעפענט געוואָרען א צענטראלע באנק, און די סיסטעמע איז געוואָרען אזוי אויסגעארבייט, אז עס איז שוין ניט געווען וואָס מורא צו האָבען פאר א גרויסען היזק. אין 1903 איז דורך אָט דער באנק דורכ־

געגאנגען בסך הכל פאר'ן יאהר איבער 750 מיליאן טאלער.

פון דייטשלאנד האבען זיך די „פארשום פעראיינען" פער־שפרייט איבער אנדערע טהיילען פון אייראפא, צ. ב. רוסלאנד און בעלגיען. אין בעלגיען בעזונערס האט זיך שולצע־דעליטש'עס פלאן איינגעגעבען — די באנקען זיינען נאר געווען א טהייל פון דער ריעזיגער ארגאניזאציע, הגם דער וויכטיגסטער טהייל.

שולצע האט בעוויעזען גאנץ קלאהר, אז זיין פלאן איז ניט געווען קיין ברכה לבטלה, און דאך זיינען זיינע גרעסטע אנהענגער מודה, אז די ארבייטער אלס קלאס זיינען אזוי גוט ווי גאר ניט געהאלפען געווארען. דורך שולצע'ס גענאסענשאפטען, ווי זיי ווערען אפט אנגערופען, האבען מעהרסטענס די קליינהענדלער און מייסטער בעלי מלאכות פראפיטירט, ניט נאר פינאנציעל, נאר אויך מאראליש, ווייל חוץ דעם, וואס די מיטגליעדער פון די קאא־פעראציעס האבען געמוזט זיין סאלידע און שפארזאמע מענשען, האט יעדער איינער פון זיי געהאט צו טראגען א געוויסע פער־אנטווארטליכקייט אויף זיך. איידער מען האט אימיצען צוגענומען אלס מיטגליעד, האט מען חוקר ודורש געווען וועגען זיינע מדות און זיין ארט לעבען — און דער־א פאקט איז געווען בעקאנט צווי־שען פאלק.

לאסאל'ס בעהויפטונג, אז דורך שולצע'ס פלאן „קען נאר א הייפעלע ארבייטער מגולגל ווערען אין בורזשוי'ען", איז אלזא ריכ־טיג, אבער פון דער אנדערער זייט, איז שולצע, פון דעם אינדי־ווידואליסטישען שטאנדפונקט, געווען גאנץ אויסגעהאלטען. ער האט דאך ניט געזוכט צו מאכען אלע ארבייטער פאר סוחרים. ער האט נאר געוואלט העלפען אזעלכע, וואס האבען די פעהיגקייטען און אמביציע צו פערבעסערן זייער מצב דורך זייער אייגענער טהעטיגקייט. ער איז זיך געגאנגען מיט'ן גאנג אז קוים זיינען די מעג־ליכקייטען דיזעלבע פאר אלע, איז דאך קיינער ניט שולדיג, חוץ די אנבעטראפענע, אין דער שלעכטער לאגע פון די וואס בלייבען אייסען. פאר שולצע'ן האט בכלל ניט עקזיסטירט דער גרויסער תהום צווישען קאפיטאל און ארבייט אויף וועלכען לאסאל טייט אן און אונטערשטרייכט אומעטום אין זיינע שריפטען. בויענדיג זייערע שיטות אויף גאר פערשיעדענע יסודות, האבען זיי זיך געמוזט צונעהען אין אלע פונקטען, ניט בלויז אין עטליכע. היינ־

טער דעם עקאָנאָמישען פּלפּול צווישען די צוויי ארבייטער־פיה־רער האָט געשטעקט א טיעפערער צווישענשייד, וואָס האָט זיך פון אויבענאויף ניט ארויסגעוויעזען, הגם לאסאל איז א פּאָאר מאָל יא מרמז, אָבער טאקי נאָר מרמז, אויף דעם עיקר וואָס ליעגט ביים שרש פון דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישען וכוח צווישען איהם און זיין געגנער. ביידע האָבען זיי געשעפּט פון פערשיידענע קוואלען. לאַ־סאל איז געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פון דער דייטשער פילאָזאָפיע פון זיין צייט, בעת שולצע־דעליטש האָט געצויגען זיין יניקה אינדירעקט פון ענגלאנד.

## די צוויי וועלט־אַנשויאונגען.

עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען אין דער ערשטער סעקציע פון אונזער איינלייטונג, אז לאסאל האָט געהאט א טעות, ווען ער האָט בעהויפּטעט, אז דער שטאַנדפּונקט פון באסטיא־שולצע און זייערע חברים איז ניט געבויט אויף קיין גייסטיגען פונדאמענט. מען טאָר ניט פערגעסען, אז אָדאם סמיטה, דער פּאָטער פון דער קלאסישער שולע פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איז געווען א פּראָפע־סאָר פון פילאָזאָפיע. דוקא אין ענגלאנד איז די פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע געגאנגען האנד אין האנד מיט פּראקטישער פילאָזאָפיע, ד. ה. מיט מאָראל־פראגען. דער אויפשוואונג פון דער „פרייער קאָנקורענץ" בעוועגונג אין ענגלאנד האָט געהאט צו פערדאנקען נאָר אזעלכע מענער ווי בענטהאם און מיל, סידזשוויק און ספּענ־סער, וועלכע זיינען געווען דענקער אין ברייטסטען זין פון וואָרט.

דער חסרון פון די בריטישע עקאָנאָמיקער בעשטעהט גיכער אין דעם, וואָס זיי האָבען אָנגעבונדען זייערע עקאָנאָמישע שיטות אָן א מאָראל־פילאָזאָפיע, איידער אין פערקוקען דעם הינטער־גרונד פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. מען קען אפילו זאָגען, אז ביי די מעהרסטע גרויסע בריטיש׳ע עקאָנאָמיקער איז דער עטהי־שער אימפּולס געווען דער לייט־מאָטיף פון זייער סיסטעמע. אפילו בנוגע אָדאם סמיטה, וועלכער בויט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע און די עטהיק אויף צוויי אנטקעגענגעזעצטע אינסטינקטען — איז דאָס אמת. אין זיין „געשיכטע פון ציוויליזאציאָן אין ענגלאנד" בעטאָנט באָקל דעם פאקט, וואָס אָדאם סמיטה׳ס מאָראל־טהעאָריע און זיין עקאָנאָמישע שיטה שטעלען מיט זיך ניט פּאָר קיין צוויי בעזונדערע סיסטעמען, ווי מען וואָלט געקענט מיינען, נאָר אדרבא, זיי ערגענצען איינס דאָס אנדערע.

די „מאַנטשעסטער שולע", וואָס לאסאל דערמאָהנט לגנאי (אין פיערטען קאפּיטעל), איז געווען דער פּראָדוקט פון אזא קאָמבי־

נאציע פון עקאנאמיע און מאראל. דער קאמפף, וואס בראיט און קאבדען האבען אנגעפיהרט געגען די קארן־געזעצע, איז געווען דורכ־אויס אין די אינטערעסען פון די ארימעקייט. וואס מען זאל ניט זאגען וועגען אט די מענער און זייערע חברים, סיי אין ענגלאנד, סיי אויפ'ן קאנטינענט — איינס מוז מען האלטען אין זינען, אז די „בורזשוא"־עקאנאמען, ווי לאסאל רופט אן די ארטהאדאקסישע (אפיציעלע) און האלב־ארטהאדאקסישע עקאנאמישע שריפטשטע־לער, האבען זיך ניט געשטעלט די אויפגאבע לכתחילה צו כשר'ען דעם קאפיטאליזמוס און ארויסגעבען א היתר אויף די גרויסע פראָ־פיטען פון די אונטערנעהמער. בעזונדערס איז די מאנטשעסטער שולע פריי פון אזא חשד. איהר עובדא איז געווען צו קעמפען פאר רעפארמען, וואס זאלען לינדערן די נויטה צווישען די ארבייטער און די פויערן. אדרבא, ארויסטרעטענדיג קעגען דער רעגיערונג, האבען די מיטגליעדער ארויסגעוויזען, אז זיי זיינען אידעאליס־טען, אין דעם פראסטען און פאפולערען זין פון ווארט.

אפילו באסטיא אין פראנקרייך און שולצע־דעליטש, ווי אויך פאוכער, מאקס ווירטה און די גאנצע פ ר י י ־ ה א נ ד ע ל שולע אין דייטשלאנד, וואס איז געווען א מין מאנטשעסטער שולע, נאר אין א קלענערען פארמאט, האבען אין אנהויב געציעלט זייערע פיילען גאר קעגען דעם פראטעקציאניזם, קעגען די גזירות און תקנות פון דער רעגיערונג, וואס זיי האבען געהאלטען פאר א טיראניי ניט נאר קעגען די סוחרים און אונטערנעהמער, נאר קע־גען דעם פאלק בכלל; ווארים אויב, למשל, די רעגיערונג שטעלט א הויכען אבצאהל אויף אן אימפארטירטען ארטיקעל, הייסט דאך עס, אז סוף כל סוף מוז זיך אזא אבצאהל אברופען אויפ'ן פראס־טען פאלק.

אין דער עקאנאמישער ליטעראטור הייסט די מאנטשעסטער שולע אפט די „לייסעה פייר" שולע. דער אויסדרוק, וואס מיינט אין פראנצויזיש „לאזען צורוה", שטאמט נאך פון די פיזיאקראטען, וועלכע האבען געזוכט אויסצופיהרען, אז יעדער איינער זאל מע־גען האנדלען אין וואנדלען ווי אזוי און ווען ער וויל, אהן דער מינ־דעסטער בעשרענקונג מצד דער רעגיערונג. אט דער א י נ ד י ו ו י ־ ד ו א ל י ס ט ע ר פ ר י נ צ י פ האט זיך ערשט אויסגעארבייט און געקומען צום פראקטישען אויסדרוק אין ענגלאנד. פון דער גאנ־צער פילאזאפיע וואס האט דעם דאזיגען פרינציפ ארויסגעבראכט, זיינען צו די דייטשע פערטרעטער פון דער פריי־האנדעל בעוועגונג. בלויז אנגעקומען די שיריים; און קיין חדוש איז דאס נים, ווען מען איז בעקאנט מים די שטריכען און מיט דער קולטור־ענטוויק־לונג פון די צוויי בעזונדערע פעלקער.

אין דייטשלאנד האט זיך די גאנצע נאך־ק א נ ט י א נ י ש ע ר

פילאָזאָפיע געצויגען אין דער ריכטונג פון קאָלעקטיוויזם. די נאַציאָן, דער שטאַאַט, דער „איבער־יחיד" — אָט דאָס איז געווען, און איז נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג, פערבליעבען דער עיקר אין דער דייטשער פּאָליטישער פילאָזאָפיע; און מיט דעמזעלבען גרונד־געדאַנק איז דורכגעדרונגען אויך די דייטשע עקאָנאָמיע.

אויב דער מאַסשטאַב איז דער שטאַאַט אָדער די נאַציאָן, דאַרף מען דערפון אָבלערנען, אַז דער יחיד איז נאָר אַ טהיילכעלע פון דער עצם זאַך, נאָר אַ רינג פון אַ קייט. אָט דאָ־אָ האָבען מיר דאָס קערנדעל פון קאָלעקטיוויזם, און דעמזעלבען פּרינציפּ טרעפען מיר אויך אָן ביי לאַסאַל'ס אינדירעקטע רביים, פיכטע און העגעל.

די צענטראַלע אידעע פון דעם שטאַאַט איז ניט נאָר געווען דער ווינקעלשטיין פון דער דייטשער פּאָליטישער פילאָזאָפיע. אָפילו די אָרטהאָדאָקסישע עקאָנאָמיקער, טאַקי די גופא, וואָס לאַסאַל רופט אָן „בורזשוא" עקאָנאָמען, זיינען געווען בעאיינפלוסט פון דעם דאָזיגען געדאַנק. אין דייטשלאַנד, אַנדערש ווי אין פראַנקרייך און ענגלאַנד, איז שווער צו טרעפען דעם נאָמען פון אַ גרויסען עקאָנאָמיקער וואָס זאָל ניט זיין געניי‏גט מסכים צו זיין אויף אַ געוויסער פאָרמע פון סאָציאַליזם. אין קיין אַנדער לאַנד חוץ דייטשלאַנד, געפינען מיר ניט אַז גרופּע טהעאָרעטיקער ווי די קאַטהעדער־סאָציאַליסטען פון דייטשלאַנד. אין וועלכען אַנדער לאַנד וואָלט זיך אַ בישאָף ערקלערט אָפען פאַר לאַסאַל'ס פּראַקטישע פּלענער ווי דאָס האָט געטהאָן קעטעלער, דער בעגרינדער פונ'ם קריסטליכען סאָציאַליזם? די גאַנצע היסטאָרישע שולע פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אָנהויבענדיג מיט ראָשער און קאַטשענדיג מיט שמאָלער און וואַגנער און די איינגערע דייטשע עקאָנאָמיקער פון אונזער צייט, האָט אין זיך אַ נצוץ פון סאָציאַליזם, איז ניט אין איין פאָרמע, איז אין אַנאַנדערער, מיט דער קאָלעקטיוועור אידעע זיינען זיי אַלע דורכגעדרונגען.

די „פריי־האַנדעל" שולע וואָס האָט פערטראָטען דעם עטהישען און עקאָנאָמישע אינדיווידואַליזם איז געווען אַן עקזאָטישער אַרטיקעל פאַר דייטשלאַנד. קיין דייטשער פּראָדוקט איז דאָס זיכער ניט געווען, און כדי צו פערשטעהען דעם תוך פון וכוח צווישען לאַסאַל'ען און שולצע'ן, מוז מען דווקא האָבען פאַר די אויגען די צוויי פערשידענע וועלט־אַנשויאונגען פון וועלכע זיי זיינען, יעדער בעזונדער, בעאיינפלוסט געוואָרען.

### די וויכטיגקייט פון „באַסטיאַ־שולצע" אָדער „קאַפּיטאַל און אַרבייט".

לאַסאַל האָט געהאַט פערעפענטליכט גענוג פּאַמפלעטען, וואָס האָבען אַרויסגערופען גרויס אויפזעהען אין יענער קאָכעדיגער פּער־

יאָדע פון דייטשלאַנד, אָבער אזא שטארקען רושם ווי זיין לעצט ווערק האָט געמאַכט אין די אינטעליגענטע קרייזען האָט מען נאָך דאָרטען ניט געהאַט דורכגעלעבט. זיינע פריהערדיגע עקאָנאָמישע שריפטען זיינען געווען מעהר־ווייניגער שטיקלעך און ברעקלעך. אין דעם „באסטיא־שולצע“ האָט מען אָבער דערזעהען אַן אָבגע־רונדעטע, אויב אַפילו ניט קיין סיסטעמאַטישע ארבייט. דער פאַקט וואָס בישאָף קעטלער איז, נאָכ׳ן ערשיינען פון בוך, ארי־בער אויף לאסאַל׳ס זייט, איז שוין גענוג צו בעווייזען, וואָס פאַר א געוואַלטיגע ווירקונג דאָס ווערק האָט געמוזט האָבען בכלל.

לאסאַל האָט זיך שוין געהאַט געקליבען א לענגערע צייט צו שרייבען א גרויסע סיסטעמאַטישע אָבהאַנדלונג איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע. ער האָט אָבער פריהער געוואָלט ענדיגען זיין „סיס־טעם דער ערוואָרבענען רעכטע“, וואָס איז בלי ספק לאסאַל׳ס אָרי־גינעלסטע ארבייט. ווען ער האָט זיך אָבגעפאַרטיגט מיט אָט די צוויי בענדער, האָט ער געשריעבען מאַרקס׳ען „מיין איצטיג ווערק איז א גרויסעס, דאַן קומט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע און 3 אַנ־דערע ווערק“.*

דערווייל, אָבער, האָט מאַרקס זיך געפעדערט און ארויסגעגע־בען זיין „קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע“, אין וועלכען ער האָט ענטוויקעלט די הויפּט געדאַנקען פון זיין עקאָנאָמישער שיטה. די ערשיינונג פון דעם דאָזיגען ווערק, דעם פּאָרלויפּער פונ׳ם מאָנו־מענטאַלען „קאַפּיטאַל“ האָט אָבער ניט געמאַכט אַז לאסאַל זאָל אויפגעבען זיין בעשלאָסענעם פלאַן, ווי ער האָט עס פריהער גע־האַט בדעה צו טהאָן. ער האָט אַלץ געוואָלט האָבען אַן עקאָנאָמי־שען פונדאַמענט פאַר זיין יוריסטישען ווערק, און א מין טהעאָ־רעטישען שולחן ערוך, ווי ער דריקט זיך אויס אין דער פאָררעדע, צו דער פּראַקטישער אַגיטאַציע. א היבש ביסעל האָט דאָ אויך צוגעהאָלפען דער פּערזענליכער מאָטיוו, וואָס ער האָט געוואָלט זיין געגנער שולצע־דעליטש׳ען אָבשלאָגען די פליגלען. אין אָקטאָ־בער 1863, האָט זיך לאסאַל אַלזאָ גענומען מיט חשק צו דער דאָ־זיגער אַרבייט, און אין פיער מאָנאַטען אַרום, אונטער די שווערסטע אומשטענדען, איז פאַרטיג געוואָרען דאָס ווערק וואָס דאָ איז אי־בערזעצט.

מאַרקס, וועלכער איז געווען צוקריעגט מיט לאסאַל׳ען שוין זינט 1862. האָט שפּעטער נעטענה׳ט, אַז דער לעצטער האָט פון זיין „קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע“ געבאָרגט די עיקר גע־דאַנקען, וועלכע ער האָט נאָך אָפּט שלעכט אויסגעטייטשט; און

---

* אָנקען : לאסאַל.

דערצו האָט ער אפילו ניט אָנגעגעבען דעם מקור פון וואנען ער האָט זיי גענומען. מארקס האָט אָפען ארויסגעוויזען, אז ער האָט פאראיבעל אויף זיין איינגעריען קאָלעגע, כאָטש ער האָט איהם בקומר'שט פערזעהען די אָנגעגעבענע עולה, אויפ'ן גרונד, אז לא־סאל האָט צוליעב פראָפּאגאנדא צוועקען געפונען פאר נויטהיג צו האנדלען ווי ער האָט געהאנדעלט. אין דער אמת'ען, זאָגט דאָך לאסאל בפירוש (אין קאפּיטעל „טויש, ווערטה און פרייע קאָנקור־רענץ"), אז אלץ וואָס ער האָט אין יענעם טהייל פון בוך בעגרינ־דעט איז נאָר א געדאנקען־עקסטראקט, וואָס ער האָט ענטנומען פון א „גאָר בעדייטענדער מייסטערהאפטער שריפט"... פון דער אויסגעצייכענטער און עפּאָכע־מאכענדער שריפט פון קארל מארקס, נעמליך „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע". דערפאַר, מיינט געאָרג בראנדעס, האָט מארקס ניט געהאט קיין גרונד צו האָבען תרעומות אויף לאסאל'ען. אָנקען, וויעדער, וועלכער איז אלס ביאָגראף אָביעקטיווער ווי בראנדעס, גיט גערעכט מארקס'ען, זאָ־גענדיג, אז אויב לאסאל איז געווען אזוי פּאָרזיכטיג מיט ציטאטען און האָט דערמאָהנט אזוי פיעל נעמען און טיטלען פון ווערק, האָט ער געמעגט אָנווייזען דעם מקור אומעטום וואו ער האָט ענטוויקעלט מארקס'עס א געדאנק.

פון דער אנדערער זייט מוז מען דערמאָהנען, אז לאסאל האָט בעהאנדעלט דעם גאנצען ענין פון קאפּיטאל און ארבייט אויף זיין אייגענעם כאראקטעריסטישען שטייגער. לכל הפחות, איז דער צוטריט, ווי אויך די בעהאנדלונג, געווען אָריגינעל און קרעפטי־גער ווי ביי מארקס'ען. די „קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע" איז ניט געווען ביכולת א נעהם צו טהאָן דאָס פאָלק ווי לאסאל'ס „באסטיא־שולצע" (אָדער קאפּיטאל און ארבייט"). אויך האָט לאסאל ארויסגעוויעזען, בנוגע איניגע פרטים, מעהר חריפות ווי מארקס. זיין אנאליז דערגרייכט ביי יענע בעגריפען ביז'ן סאמע גרונד.

וואָס איז נוגע דער פאָרמע פונ'ם בוך, איז קיין סך גוטעס וועגען דעם ניטאָ וואָס צו זאָגען. ווען עס קומט נאָר אויס צו רעדען וועגען אָט דעם מערקווירדיגען ווערק, האָט ניט קיין גוט וואָרט פאר דעם שווערען סטיל, דעם באָמבאסט, די געשמאקלאָזע אטאקעס אויף שולצע־דעליטש'ען, די פערזענליכקייטען און קליינ־ליכקייטען, וואָס לאסאל ווייזט דאָ ארויס. אפילו בראנדעס, וואָס איז תמיד לאסאל'ען דן לכף זכות, קען שוין אזוי פיעל ניט פערקיקען ; און אָנקען, בעציהענדיג זיך אויף דעם דריטען פּאַ־ראגראף פונ'ם „שלום", זאָגט גאנץ ריכטיג אז מען קעהרט זיך אָב מיט עקעל ניט אזוי פון דעם געשענדעטען ווי פון דעם שענדער.

דער בולטס׳טער שטריך אין „באַסטיאַ־שולצע“ איז אפשר די דיאַלעקטיק, וואָס אין דעם איז לאַסאַל געווען אַ מייסטער. זיין טאַקטיק צו צונעהמען זיין געגנערס אַן ארגומענט אַזוי אַז עס זאָל פון דעם קיין שריד ופליט ניט בלייבען, איז אַ סאַפּיסטיש אָבער אַ ווירקזאַמע. אַ דאַנק זיין קולטורעלען אומפאַנג און אויבגעשאַרפטען מוח, האָט ער געקענט מאַכען פון שולצע־דעליטש׳ען בעפרא דארעא, אָבער אָפטמאָל האָט ער זיין פּלפּול געטריבען צו ווייט; און זיין אינטעלעקטועלע ענערגיע געהט לאיבוד גראָד דאָרטען, וואו עס האָט געקענט פערוועגדעט ווערען מיט גרויסע נוצען. אין די ריין־פּאָלעמישע טהיילען פון בוך, פיהלט מען ווי ער דרעהט מיט׳ן גראָבען פינגער און טשעפּעט זיך אַמאָל גלאַט אָן אויף ווערטער, וואָס יענער האָט נאָר בענוצט אין אַנאַנדער זין; און דאָך איז אָט דער שאַרפער קריטיקער ניט געווען קיין מבין אויף זיך אַליין, און האָט ניט איינגעזעהען ווי קינדעריש זיין אויפגעבלאָזענע מליצה און איבערטריעבענער פּלפּול האָבען געמוזט אויסקומען דעם וויסענשאַפטליכען לעזער.

„באַסטיאַ־שולצע פאָן דעליטש (אָדער קאַפּיטאַל און ארבייט“) איז דאָס מערקווירדיגסטע בוך פון איינעם פון די מערקווירדיגסטע פערזענליכקייטען פון 19־טען יאָהרהונדערט. דאָ זעהען מיר דעם גרויסען סאָציאַליסט מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. דאָס בוך איז ניט נאָר אַן אָבהאַנדלונג איבער פּאָליטשע עקאָנאָמיע, ניט נאָר אַ פּאָלעמיק, ניט נאָר אַ היסטאָרישער דאָקומענט, נאָר אויך אַ שטיק אוטאָביאָגראַפיע, אַ גייסטיג בילד פון דעם מאַן וואָס האָט בעשאַפען אַן ארמעע מיט סאָציאַליסטען.

„אין דעם „באַסטיאַ־שולצע“ — זאָגט הערמאַן אָנקען אין זיין אויספיהרליכער ביאָגראַפיע פון דעם גרויסען קעמפּפער — געפינען מיר יענעם אויפטהו פון לאַסאַל׳ען, אין וועלכען די ניט־באַלאַנסירטקייט פון זיין גאַנצער נאַטור האָט דערגרייכט דעם בעדייטונגפאָלסטען אויסדרוק; און דאָרטען טרעפען מיר זיינע שטאַרקע און שוואַכע פונקטען זייט ביי זייט“.

א. א. ראַבאַק.

# פאָרוואָרט

דער „יוליאן", *) וואָס איך האָב פערעפענטליכט אין 1862, איז געווען אן ארויסטריט געגען דעם ליטעראַרישען מאָב **). נאָך דעם האָט געפאָלגט אין א לאָגישען סדר דער ארויסטריט געגען דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען מאָב אין מיין „אנטוואָרטשרייבען" פון 1863, וואָס איז פאָרטגעזעצט געוואָרען דורך א רייהע שריפטען און וואָס קומט איצט צום פאָרלויפיגען טהעאָרעטישען אָבשלוס, דורך א אינוועניגסטער נויטוועגדיגקייט, ווידער אין א „וליאן".

דעם אויסערען שטויס דערצו האָט געגעבען דאָס „קאפּיטעל צו איינעם דויטשען ארבייטערקאטעכיזמוס" פון הערר שולצע־דעליטש, וואָס איז ערשט ערשיענען אין יוני 1863, אָדער איז מיר דאַן וועניגסטענס צו דער האנד געקומען. איך האָב מיטגענומען די שריפט קיין טאראספּ־באַד, וואו איך בין דאמאָלס געפאָהרען, און דאָרטען האָב איך זיך ערשט בעקענט אויף דער אמת'ען מיט הערר שולצע, אין וועמען איך גופא בין ביז אהער געווען בעצם גענארט, און אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זיין. דען, אויב איך האָב געקאָנט פון די צייטונגס־בעריכטען אליין שוין קלאָר גענוג דערזעהען, וואָס הערר שולצע איז ניט, בין איך אָבער געווען צו יושר'דיג, אז איך זאָל וועלען פון זיי זיך פאסען אן אורטהייל איבער דעם וואָס הערר שולצע איז יאָ. ערשט פון דער שריפט, וואָס ער אליין האָט פערעפענטליכט, האָב איך דאָס געקענט ארויסנעהמען מיט זיכערקייט.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקעהרט קיין בערלין אין אָקטאָבער

*) די שריפט וואָס הייסט מיט'ן פולען נאָמען „הערר יוליאן שמידט, דער ליטעראַטור־היסטאָריקער", איז א סאַטירישע קריטיק איבער דר. שמידט'ס דאמאָלס פערשפּרייטען ווערק „געשיכטע דער דויטשען ליטעראַטור". — א. א. ר.

**) דאָס וואָרט „מאָב" ווערט דאָ בענוצט פון לאַסאַל, ווי די לעזער וועלען זיך מסתמא אָנשטויסען, אין דעם זין פון „קליקע" אָדער „רעדעל־פיהרער פונ'ם המון", און ניט ווי מען פערשטעהט דאָס וואָרט געוועהנליך, ד. ה. אַלס המון גופא אָדער אויפגערייצטע מאַסע.—א. א. ר.

1863, האָב איך דערפאר בעשלאָסען ארויסצוטרעטען פאר דער וועלט, וואס הערר שולצע איז, און צו פערבינדען, אזוי ווייט ווי מעגליך, מיט דער קריטישער פונאנדערלעגונג פון זיין עקאָנאָמיע, ווי אויך פון דער ליבעראלער עקאָנאָמיע בכלל, די פּאָזיטיווע טהעאָרעטישע בעגרינדונג פון עטליכע פון די וויכטיגסטע יסודות אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע; אָדער, לאָמיר זאָגען, זיי צו פערפלעכטען אין יענער קריטישער אויפפלאָנטערונג.

עס איז אפילו אמת, אז איך האָב געמוזט אָט די בוינען שרייבען אין מיטען פון אַן אָנהאַלטענדער אגיטאציע, א בעלאַדענער מיט א משא פערוואלטונגס־ און קאָרעספּאָנדענץ־ארבייט, וואס דער אלגעמיינער דייטשער ארבייטער־פעראיין האָט אויף מיר ארויפגעלעגט, ווי אויך א פערנומענער מיט פינף קרימינאַל־פּראָצעסען, וואס זיינען ענטשטאנען דורך מיינע אגיטאציאָנס־שריפטען — הכלל, אָהן דער פרייער צייט, וואס פּאָדערט זיך אייגענטליך צו יעדער טעאָרעטישער ארבייט. פונדעסטוועגען, האָב איך, אז ניט הערר שולצע און ניט דאס פובליקום וועלען געפינען, אז זיי האָבען זיך דערמיט אָבגענאַרט אין זייערע ערוואַרטונגען. —

עטליכע ווערטער וועגען דער ווידמונג.

די ווידמונג צום דייטשען ארבייטער־שטאנד ערקלערט זיך ממילא. וואס שייך די ווידמונג צו דער דייטשער בורזשואזיע קאָן זיך אויסווייזען, אז עס בעט זיך אַן ערקלערונג צו דעם.

אָט דאס בוך וועט הונדערטער און הונדערטער פון דער בורזשואזיע בעקעהרען, און טאקי די טיכטיגסטע און אינטעליגענטסטע צווישען זיי. נו, מעהר איז קיין טהעאָרעטישע טהאָט ניט ביכולת צו טהאָן. אויף אזוי פיעל אָבער, צו געווינען פאר מיינע אנזיכטען די בורזשואזיע אלס קלאַס, האָף איך לחלוטין ניט. אויפצוהויבען א קלאַס איבער אמת'ע אָדער כלומרשטדינגע אינטערעסען — דאס איז קיין טעאָרעטישע ארבייט ניט בכח צו טהאָן.

פונדעסטוועגען, האָף איך אָבער אלץ, אז איין פעולה וועט דאס בוך האָבען אפילו אויף דער דייטשער בורזשואזיע אלס קלאַס: דאס געפיהל פון חרפּה איבער דער אבּבּאַלוטער באָדענלאָזער נישטיגקייט און אונפעהיגקייט פון דעם קליינקעפיגען מאָב, וואס זי

האָט פּראָקלאַמירט פאַר איהרע העלדען, בעקרוינט מיט לאָרבער־קראַנצען און געטאַנצט ארום זיי, פערלאָזענדיג זיך אויף דער אויטאָריטעט פון די „צייטונגס־געשוויסטער“, ווי געטהע רופט עס אָן!

איך מיין, אז קיין בורזשואַ, אפילו אזא וואָס איז נאָר מעסיג ענטוויקעלט, וועט ניט קאָנען איבערלייענען דאָס בוך, אוואו ער זאָל ניט דערפיהלען, ווי דאָס בלוט קומט איהם אריין אין פּנים איבער דער העכסט קאָמישער פּאָזע, אין וועלכער עס האָט זיך געשטעלט אויף דער וועלט־ביהנע אַ פּאַרטיי, וואָס האָט זיך ליעב צו בעטראַכטען אַלס „די וועלט“, און האָט אַזעלכע שווידערליכע גייסטיגע קאַליקעס פאַר פיהרער און העלדען, דורך וועלכע, הייסט עס, איהר גייסטיגער סך הכל, איהר שטאַנדפּונקט אַלס קלאַס, קומט צום אויסדרוק.

אפשר וועט זי דערפון וויפיעל ניט איז איינזעהן, אַז איהרע ערפאָלגען אין אַלע פּראַקטישע און פּאָליטישע קעמפּע זיינען גאָר קלאָגעדיגע, און אַז אַזוי האָט עס געמוזט זיין! און וועניגער ווי אין וועלכען עס איז אַנדער לאַנד וועט אין דייטשלאַנד, אַ דאַנק אונזערע אַלטע גוטע טראַדיציעס, קענען אָנהאַלטען אָט די גייסטיגע אויסצעהרונג. איז אָבער דערפאַר, צוריקגערעדט, טאַקי די דאָזיגע אָבגעצעהרטקייט פון דער בורזשואַזיע דוקא אין דייטשלאַנד צום ערגסטען. עס איז דער בעזונדערער אומגליק מיט דייטשלאַנד, וואָס דאָרטען שטרעבט די בורזשואַזיע צום בליהונגס־פּונקט פון הערשאַפט, ניט אין דער צייט ווען זי אַליין בליהט, ווי עס איז געוועזן דער פאַל אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד, נאָר אין אַזאַ צייט ווען איהר בליהונג איז שוין, צוליעב דער אַלגעמיינער וועלט־*)ענטוויקלונג, פערוועלקט פון אינווענינ. די זאָגענאַנטע בירגערליכע וועלט־פּעריאָדע — איך וועל שפּעטער אויפצייגען גענוי דעם זין און אינהאַלט פון אָט דער בעצייכנונג — האַלט שוין אין פערגעהן. פּונדעסטוועגען, אָננעהמענדיג דעם סוף פון אַ פּעריאָדע גאָר פאַר'ן אָנפאַנג.

---

*) אין אַ פּאָאָר אויסגאַבעס שטעהט אָנשטאָט „וועלטענטוויקלונג“, ווי אין דעם אָריגינאַל פון 1864 און דער 1893 אויסגאַבע, דאָס וואָרט „וויטערענטוויקלונג“ וואָס איז, פערשטעהט זיך, אַ גרייז. —א. א. ר.

פאלט אונזער בורזשואזיע אריין אין דעם נאאיוועסטען טעות און מיינט, אז זי שפירט אין זיך פריהלינגס־וועהען און סמנים פון שפראַ־צונג ! אַט דער גייסטיגער אנאכראַניזם, וואָס זיין אַנהאַלטענדע ווירקונג לאָזט זיך מערקען אין יעדען פּרט, בעשטימט אויך די אַלגעמיינע שטריכען פון דעם יאָמער בילד, וואָס זי שטעלט מיט זיך גייסטיג פאָר.

וויל אונזער בורזשואזיע נאָך אַ וואָסער ראָלע שפּיעלען, קען זי דאָס נאָר טהון, אויב זי איז בכח זיך אַ נעהם צו טהון צו ד ע נ ־ ק ע ן און צו ל ע ר נ ע ן אויפסניי — אָבער ניט פון די צ י י ט ו נ ־ ג ע ן! נאָר דענקען און לערנען אנדערש ווי פון די צייטונגען האָט זי שוין פערגעסען זינט פון לעצטען דור אַן כמעט, און דאָס איז די דירעקטע סיבה פון דעם, וואָס זי האָט זיך פערקריפּעלט ביז צו אַן אויסגעצעהרטער קארליק־געשטאַלט, נאָכדעם ווי זי האָט אַמאָל גרויסע און בעדייטענדע פעהיגקייטען ארויסגעוויזען.

נאָך אַ וואָרט צו די עקאָנאָמען.

אין מיין „סיסטעם דער ערוואָרבענען רעכטע" טהייל 1, זייט 264, זאָג איך : „בנוגע די סאָציאַלע בעציהונגען, שטעהט די וועלט ביי דער פראגע צי עס זאָל הייגט, ווען עס איז מעהר ניטאָ קיין אייגענטהום אַלס רעכט דירעקט זיך צו בענוצען מיט אַנאַנדער מענשען, צי זאָל עס הייגט עקזיסטירען אַלס רעכט פון א י נ ד י ר ע ק ־ ט ע ר אויסנוצונג. דאָס הייסט, אין תוך גענומען : צי די פרייע בעטעטיגונג און ענטוויקלונג פון אייגענער ארבייטס־קראַפט זאָל זיין אויסשליסליך דאָס פּריוואַט אייגענטום פון דעם, וואָס בעזיצט דעם ארבייטס־מאַטעריאַל און האָט דעם מזומן אויסצולעגען אויף דער ארבייט (קאפּיטאַל), און, פאָלגליך, צי דאַרף קומען דעם אונטערנעהמער אַ ל ס א ז ע ל כ ע ן, און אַבגעזונדערט פון דער בעלוינונג פאַר זיין וואָסערער ארבייט — צי דאַרף איהם קומען אַן א י י ג ע נ ־ ט ה ו ם ו ו א ס ב ע ש ט ע ה ט פ ו ן פ ר ע מ ד ע ן א ר ־ ב י י ט ס ־ ו ו ע ר ט ה : (קאפּיטאַל־פּרעמיע, קאפּיטאַל־פּראָפיט, וואָס ש א פ ט זיך דורך דעם ח ל ו ק צווישען דעם פ ע ר ק ו י פ ס ־ פּ ר י י ז פון פּראָדוקט און דעם סך הכל פון די לוינען און פער־

ניטיגונגען פאַר דער גאַנצער ארבייט, שוין דאָס גייסטיגע אריינגערעכענט, וואָס האָט אויף וועלכען ס'ניט־איז אופן אויסגעהאָלפען אז דער פּראָדוקט זאָל פאַרטיג ווערען".)

אָט דער זאַץ *) ענטהאַלט, ווי יעדער זאַך־פערשטענדיגער וועט לייכט זעהן, אין אַ קאָמפּאַקטען קיצור, דעם פּראָגראַם פון אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישען ווערק, וואָס איך האָב יעמאָלט געהאַט בדעה צו שרייבען אין אַ סיסטעמאַטישער פאָרם אונטער'ן טיטול „גרונדליניען איינער וויסענשאַפטליכען נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע". איך האָב נאָר־וואָס געוואָלט זיך נעהמען אויספיהרען דעם פּלאַן, איז די פראַגע צוגעטראָטען צו מיר אין אַ פּראַקטישער געשטאַלט, אין אָנהויב פון 1863, דורך אַ בריעף פון דער לייפּציגער צענטראַל־קאָמיטעט. איך האָב ארויסגעלאָזען מיין „אנטוואָרטשרייבען"; די אַגיטאַציע האָט אויסגעבראָכען, און דאָ האָב איך שוין באַלד, נאַטירליך, ניט געקענט קלערען וועגען פרייער צייט פאַר טהעאָרעטישער פערטיעפונג וואָס עס באָדערט זיך צו אַזאַ ווערק.

וויפיעל מאָל פלעג איך זיך דאָס פון דאַן אָן בעקלאָגען אין דער שטיל וואָס די פּראַקטישע אַגיטאַציע האָט דער טהעאָרעטישער אַגיטאַציע פערכאַפּט דעם וועג! וויפיעל מאָל פלעג איך דאָס בעדויערן וואָס עס איז מיר ניט בעשערט געוועזן צו האָבען אַפריהער געשאַפען פאַר זיך, אַ שטייגער, אַ מין טהעאָרעטישען קאָדעקס, וואו די פּראַקטישע אַגיטאַציע זאָל ביי אַלע טהעאָרעטישע שאלות קענען געפינען אַ פעסטען יסוד. וואָרים די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז אַ וויסענשאַפט, צו וועלכער עס איז נאָך ערשט געמאַכט געוואָרען אָן התחלה און וועלכע דאַרף נאָך געבויט ווערען!

ווי שטאַרק אָבער דאָס האָט מיך פערדראָסען — פערדריסט עס מיך שוין מעהר ניט! ווען איך זאָל אפילו אין דעם איצטיגען ווערק קענען אריינגעבען בלויז אַ לערך קליינעם, אפשר גאָר קנאַפּען טהייל, פון דעם וואָס איך וואָלט געקענט ענטוויקלען אין אַ סיסטעמאַטישען ווערק, און זאָל אפילו דעם אריינגעגעבענעם טהייל גופא פעהלען די מעלות פון אַ שטופענווייזער ענטוויקלונג

*) ביי לאַסאַל'ען איז די גאַנצע ציטאַטע וואָס איז געבראַכט פון זיין פריהערדיגען ווערק — איין זאַץ. א. א. ר.

וואס געהט אלעמאל צוזאמען מיט א סיסטעמאטישער בעגרינדונג, איז נאך אבער אלץ דא, צוריקשמועסענדיג, א ניש'קשה'דיגע פערטיידיגונג פאר דעם אלעמען אין דער פיעל שטארקערער לעבעדיגקייט און ווירקזאמקייט פון דער פאלעמישער פארם פון ענטוויקלונג; און אימער־צו זיינען עס די וויכטיגסטע גרונדזעצע וואס מיר האבען דא ארויסגעבראכט.

בעזונדערס אבער: די גרויסע אויפרעגונג, וואס שטעהט פאר! די נאציאן איז אויפגעטרייסעלט פון דעם עקאנאמישען שלאף! די סאציאלע פראגע איז געווארען לינקס און רעכטס א טאגעס־פראגע. הונדערטער און טויזענדער וועלען דאס בוך לעזען וואס וואלטען קאלט און אהן חשק פארבייגעגאנגען א גראב־בייכיגע סיסטעמאטישע פונאנדערלעגונג, וואס האט פאר זיך נאר א לעזער־פובליקום פון אבסטראקטע געלעהרטע. און אזוי זעה איך זיך ארום, אז אויך אין אט דער הינזיכט האט דאס מזל מיך בעהאנדעלט מיט חסד.

פ. לאסאל.

בערלין, 16 יאנואר, 1864.

# איינלייטונג.

עס וועט אפשר תחילת זיין קשה די זאך למאי מיר ברייגגען דא תיכף נאך דעם, א שטעלע פון שעלינגס* ווערק. נאר וואס ווייטער דער לעזער אליין וועט אריינדרינגען אין בוך, אלץ קלעהרער וועט איהם ממילא ווערען דער שכל דערפון. מיר שטעלען דא בכן אוועק, אהן א וואסער ווייטערען פירוש, אלס איינלייטונג די שטעלע פון שעלינג'ען וואס קומט דא תיכף.

ענטפערענדיג מיט א רעצענזיע אויף א רעצענזיע פון דער „יענא'ער אלגעמיינער ליטעראטור־צייטונג", קומט שעלינג'ען אויס צו מאכען אט די דאזיגע ערקלערונג.

(שעלינגס ווערק 1 אבטהיילונג. באנד 6, ז. 557.)

„אזוי אין אלגעמיין, איז ניט שווער צו בעמערקען צו וואס פאר א מין מענשען דער דאזיגער רעצענזענט געהערט. א־חוץ דער אונפערשעהמטקייט מיט וועלכער ער מאכט דעם אנשטעל אט פונקט ווי עס וואלט איהם שטארק געאארט וועגען מצב פון דער וויסענשאפט און וועגען כבוד פון דער דאקטאר־ווירדע, הגם [אין דער אמת'ען] ווייזט ער זיך ארוים פאר א גרעסערען בור ווי א וואסער סטודענט, וועלכער גיט זיך אב מיט וויסענשאפט, וואו ס'ניט איז אין א אוניווערזיטעט, און שטעלענדיג זיך, לאמיר זאגען היינט, צום עקזאמען אין דער באמבערגער מעדיצינישער פאקולטעט אלס קאנדידאט פאר'ן דאקטאר טיטול, ווערט ער צוריקגעוויזען מיט א בזיון צוליעב זיין עם הארצות — א־חוץ דער דאזיגער אונפערשעהמטקייט, קומט נאך צו די תמימות'דיגקייט מיט וועלכער ער רעכענט זיך צו צום פערשטענדיגען און ראפינירטען עולם, וואס איז א פאמיליען־שטריך פון דער גרויסער משפחה, וועלכע איז געשאפען געווארען און האט זיך אלץ כסדר פערמעהרט, פון דער צייט אן וואס די פארטשריטע אין דער וויסענשאפט און

---

* איינער פון די ריעזען אין דער דייטשער פילאזאפיע. שעלינג (1775־1854) האט פערנומען א פלאץ צווישען פיכטע און העגעל, סיי כראנאלאגיש און סיי לויט דער וויכטיגקייט פון זיין סיסטעם, וואס איז געווען א מיטעל־גליעד אין דער קייט פון דייטשען אידעאליזם. א. א. ר.

אין דער קונסט האָבען א מחנה מענשען געמאכט הינטערשטעליג אויף פונקט א האלבען יאָהרהונדערט.

דער כאראקטעריסטישער שטריך פון אָט דעם מין מענשען איז וואָס זיי רעדען זיך נאָך אלץ איין אז זיי לעבען אין דער מאָדערנס־טער צייט, און כאָטש זיי שטעלען מיט זיך פאָר די פערגרעבסטע מענשען, ווען מען בעטראכט נאָר די עפּאָכע [אין וועלכער מיר לעבען], מיינען זיי פונדעסטוועגען אז זיי האָבען געשמאק און אורטהיילס־קראפט. און אין דער צייט וואָס פון אלע מינים טהע־טיגקייטען איז ביי זיי שוין לאנג לאנג קיין אנדערע ניט פערבליע־בען ווי די איינע פון רכילות־טרייבען, האלטען זיי זיך פאָרט אלץ פאר די פיינע לייט, פאר׳ן געבילדעטען עולם. זאָגט מען זיי, אז זיי האָבען שוין לאנג אויפגעהערט צו לעבען אין דער איצטיגער וועלט, קלערען זיי זיך אז מען קען דאָס גאָר ניט מיינען אויף אן אמת׳ען. איז מען זיי מבטיח אז גאָר אין ערנסט, ווערען זיי פער־רעכענט פאר פראָסטאקעס, קען זיך דאָס זיי גאָר בשום אופן ניט פאטויפען אין קאָפּ. שווערט מען זיי, אז זיי ווערען ניט בע־טראכט פאר א האָאר בעסער ווי ט ו י ט ע ה י נ ט, קענען זיי וויע־דעראמאל ניט בעגרייפען אז דאָ איז אויסגעדריקט א ריכטיגע מיינונג, נאָר פאר א ניט־לייטישע בענעהמונג האלטען זיי דאָס גאָר. מיט איין וואָרט, עס איז לחלוטין ניט צו מאכען מיט זיי. אויף אזוי ווייט זיינען זיי ניט ביכולת אליין א טראכט צו געבען דאריבער, אז זיי קענען גאָר ניט בענעהמען ווי אזוי אימיצער קען האָבען די פרינציפען און בעגריפען פון א לייטישען מענשען, און פונדעסטוועגען זאָל ער זיי בעהאנדלען און בעטראכטען פאר דעם וואָס זיי זיינען, דהיינו, א באנדע.

האָבען זיי עפּעס אויפגעכאפּט אן אויסדרוק „פיינע בענעה־מונג", אין וועלכען זיי האָבען קיין ברעקעל ידיעה ניט, און וואָס א פּאָאר ווערטער, קומט זיי באלד דאָס ארויף אויפ׳ן צונג. אי־מיצער וואָלט געקענט מיינען אז קעגען כאמולעם קען עפּעס מעג־ליך זיין פיינע בענעהמונג !

אין א רעצענזיע פון דער „ליטעראטור־צייטונג" פערזיכערט איינער פון די־אָ פילאָסטער דעם אנדערן, אז דעם ג ע ב י ל ד ע ט ע ן עולם קומט פאָר דער טאָן, וואָס די נייע פילאָזאָפען נעהמען אָן

אנטקעגען זייערע געגנער, פערעכטליך ; און אין איין זשורנאל, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען פון און פאַר אַפּטייקער, גיט מען מיר גאָר צו מערקען וועגען אַטישער * פּאָלירטקייט. איך וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסען וואָס פאַר אַן איינציגען מאָנומענט, אפילו, פון אַטישער פּאָלירטקייט, דער מענש, וואָס טהוט דאָס דאָזיגע, וואָלט קענען אויפווייזען אַז כאָטש דאָס האָט ער געלייענט. ניט נאָר דאָס, נאָר בכלל וואָלטען די דאָזיגע חברה וועלכע, ווען מען זאָל זיי ביי היינטיגען טאָג געווען אַריבערפיהרען קיין [אַלט־] גריי־כענלאַנד, וואָלטען זיי, געקענט, העכסטענס, בענוצט ווערען אויף דער ערגסטער עבודת פּרך אָדער העלאָטען **־אַרבייט — בכלל וואָל־טען זיי זיך אויף זייער אייגענעם אופן גע'חדוש'ט, ווען עס זאָל זיי אויסקומען אַמאָל צו דערזעהען אויף זיך אַ ביישפּיעל פון אַטי־שער פּאָלירטקייט.

אָט די באַרבאַרען ביז אין ביין אריין, הגם אין געשטאַלט פון איצטיגע ציוויליזירטע מענשען, וועלכע האָבען קיין שום דרך ארץ ניט פאַר קיין זאַך א־חוץ פאַר דעם פּראָסטען מאַטעריאַל פון וועל־כען זיי אַליין זיינען געקנאָטען, און זיינען ניט מסוגל ניט צו קיין אידעען און ניט צו קיין אמת אָדער שעהנקייט, זיינען עס דיעניגע וועלכע, טאָמער האָבען זיי נאָר אימיצען וואָס זאָל זיך צוהערען צו זיי, ווילען זיי זיך באַלד מיט חשק אַ נעהם טהאָן צו פערדאַמען אַלס שעדליך אַלץ־נאָר וואָס פּרעטענדירט אויף אַזעלכע זאַכען. נו, און אַזוי ווי מיט פּראָסטע לשון הרע איז דאָ גאָרניט צו מאַכען, קומט אַרויס דער אמת'ער כאַראַקטער פון דער באַנדע דערמיט וואָס זיי סטאַרען זיך אויפמערקזאַם צו מאַכען און אַפּעלירען צו דער רעגיערונג און די אויטאָריטעטען, ווי עס האָט געטהאָן, צווי־שען אַנדערע, דער רעצענזענט פון דעם „רעשלויבשען מאַגאַזין“ און דער „יענאַ'ער ליטעראַטור־צייטונג“.

די איינרעדעניש פון דעם געבילדעטען עולם לאָזט זיי צומאָל ניט איבער אויף אַזוי פיעל פערשטענדנים, אַז זיי זאָלען איינ־זעהען ווי וועניג מען דאַרף ערוואַרטען אַז עס זאָל אַארען עפּעס אַ

* וואָס האָט אַ שייכות מיט אַטהענס אין דער צייט ווען זי איז געווען די קולטורעלסטע מדינה אין דער וועלט. א. א. ר.

** דער נאָמען פון דעם שקלאַפען־פאָלק אין אַלט־גריעכענלאַנד. א. א.ר.

רעגיערונג דאָס, וואָס אַ חברה לשון הרע'ניקעס באַלבענען דאָר־
טען. און כל זמן די רעגיערונגען און אַלץ וואָס איז אין זיי
פאַרהאַן ערהאַבענעס און הייליגעס, וועלען זיך נאָר האַלטען ביי
דעם דאָזיגען כלל, וועלען דיענינגע, וואָס אין זייער פערזאָן דריקט
זיך אויס די ווירקליכקייט, ניט בעטראַכטען קיין שום זאַך פאַר
אַזוי פערדאַרבענד ווי אָט דעם איינברעכענדען שטראָם פון פסלנות
וואָס האָט ניט קיין דרך ארץ, שוין ניט אַזוי פאַר קיין אידעע בכלל,
נאָר פאַר קיין זאַך, וואָס שטעהט העכער ווי דאָס געמיינע און וואָס
טראָגט די חתימה פון הויכקייט און פון געטליכקייט.

די שליטה פון המון אין דער קונסט און אין דער וויסענשאַפט,
קוים זאָל דאָס נאָר אריין אין קראַפט אָדער [אַפילו נאָר] קריגען
שטיצע, וואָלט, נאָך אַן אונפערמיידליכען ערפאָלג, ערשט געווען
דער פאָרלויפער פון אַ גאַנץ אַנדער מאָב־הערשאַפט. — אָט דער
דאָזיגער ניט־איינגערעדטער אָדער אַזוי־גערופענער, נאָר אמת'ער
ממש'דיגער סאַהנקולאָטיזם * וואָס איז אַזוי להוט אוועקצולעגען
אָן אַ זייט דעם יראת הכבוד פאַר אַלץ וואָס איז גרויס, אמת און
שעהן, אַבי זיך צו קענען ארומוואַלגערן, גאַנץ אומגעשטערטער־
הייד, אין דעם רינשטאָק פון זיין [אייגענער] געמיינקייט, אַנער־
קענט ניט קיין שום אויבערהאַרר איבער זיך — אַ סימן האָבען
מיר אין דעם, וואָס זיי ווילען ניט וויסען פון קיין אויבערהאַרשאַפט
פון זשעניע, טאַלאַנט און אידעען. וואָרים קיין ערדישע אוי־
טאָריטעט אָדער אויבערמאַכט, ווי גרויס אָדער ווי קליין זי זאָל
ניט זיין, הערשט ניט אַחוץ דורך דער אויטאָריטעט און עול
פון אידעען ; און ביי אַ פאָלק וואו די אַכטונג פאַר די דאָזיגע
אידעען איז מעהר ניטאָ, און וואו דיעניגע וואָס זיינען זיי פּוּגע
ווערען נאָך גאָר בעשיצט אָדער אונטערשטיצט, מוז קומען אויך
די פעראַכטונג פון אַלץ־נאָר, וואו די אַכטונג דערצו, איז אינגאַנצען
געווענדט אָן דער מסוגל'קייט צו אידעען. — אויף אָט דעם אופן,
איז פונקט אַזוי ווי זיי פאָרדערן־אויף די רעגיערונגען, זוכען דיזעל־
בע מענשען אויך אָנצוזאָגען אַ שרעק אויף די ברייטע מאַסען —

*האָלעפּוזישקייט. דאָס וואָרט „סאַהנקולאָטיזם" בעציהט זיך אויף
די מעשים פון דער ניעדריגסטער שיכטע פון פראַנצויזישען פאָלק אין דער
צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. א. א. ר.

וואָס איז בעשיינפּערליך אַ זייטיגע כונה אין דער התראה פון די באַמבערגער טהעזיסען.“

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„דאָס אַלץ מוז נאָך בעטראַכט ווערען פאַר צו קנאַפּ, און וואָס ווייטער מען אונטערזוכט דעם ענין, אַלץ מעהר פיהלט מען זיך גענויטהיגט אָנצונעהמען די דאָזיגע סברה:

„אַז דעם מחבר פון אָט יענער מסירה קען מען אפילו פאַר קיין פ ע ל ד ש ע ר ניט האַלטען, שוין ניט רעדענדיג פון אַ פאַר־קולטעט־מענש; נאָר מען מוז איהם פּשוט אָננעהמען פאַר אַ פּראָסטען מענשען וואָס שטעהט אָן אַ זייט פון דער מעדיצין.“ —

# ערשטעם קאפּיטעל.

קודם כל איז נויטהיג, ווען עס זאָל אפילו אויסקומען אונזערע לעזער צייטענווייז זיך צו לאַנגווייליגען, דאָ איבערצוגעבען, פּאַר א שטיק צייט כסדר, דעם אינהאַלט פון אייערע פּאָרטרעגע, הערר שולצע, ווערטערליך, און גאָרניט אויסלאָזענדיג דערפון ; נאָר בלויז זיי אונטערברעכען דורך אונזער קריטישער בעגלייטונג. די דאָזיגע מעטהאָדע זיינען מיר געצוואונגען אויסצוקלייבען און פּאַר א צייט מיט דעם אָנצוגעהן, כדי קיינער זאָל ניט מיינען, א שטייגער, אַז מיר גיבען איבער נאָר דאָס שלעכטע פון אייער ווערק און לאָזען דאָס גוטע אויס.

מיר ווענדען זיך, אלזא, טאַקי האַלטען ביי אייער איינטהיילונג, און איצט לאָמיר אייך לאָזען אָנפאַנגען אייער דרשה :

## I די ארבייט.

### „א) עצם און תכלית פון דער ארבייט. די סאָציאַלע זעלבסט־הילף“.

„מיר פאַנגען אָן — זאָגט איהר — די בעשפּרעכונג פון דער דאָזיגער וויכטיגער טהעמא מיט גאָר דעם ערשטען און נאַטירליכסטען, וואָס געהט פּאָר אין אונז אַלעמען און פּאַר אַלעמענס אויגען יעדען טאָג און יעדע שטונדע, און צו וואָס עס פּאָדערט זיך קיין שום געלעהרזאַמקייט ניט צום פערשטעהן, נאָר א געזונטער שכל און אַן אימפּולס איבערצודענקען א זאַך. זאָל נאָר יעדער זיך אַריינטראַכטען אין זיין אייגענעם איך, זאָל ער נאָר אויף א רגע אין זיך גופא זיך פערטיעפען, זאָל ער דאַן בעאָבאַכטען די אַנדערע אַרום זיך : וואָס אַזוינס, אייגענטליך, איז דאָס, וואָס שטופּט יעדען מענשען צו זיין טהעטיג אין זיין בעשעפטיגונג און זיכערט איהם דעם ערפאָלג, לאָמיר זאָגען, קודם כל, אין בעקומען זיין חיונה? וואָס איז דאָס פאַר א טרייבענדע און ווירקענדע קראַפט אין אונז?*)

*) אין דעם 1893 אויסגאַבע (די בעסטע און נייעסטע) רעדאַגירט פון עד. בערנשטיין פעהלען די ווערטער „און ווירקענדע“. א. א. ר.

„דא בעמערקען מיר, אלע, אהן אויסנאהם, צוויי זאכען, מיט וועלכע מיר ווערען, אט אזוי ווי מיר זיינען, אלע געבארען: דאס זיינען *בעדערפנישען און פעהיגקייטען*. מיט ביי־דע זאכען קומען מיר אויף דער וועלט, און וואס פאר א ווערטה די בעדערפנישען האבען פאר אונז, דאס ווייסען מיר שוין צו גוט. אן דעם דערמאהנט אונז יעדע שטונדע. נו, קומט גראד אוים אויף אזא אופן: אין יעדער *בעדערפעניש* ליגט שוין לכתחילה איינגעשלאסען דער *טריעב נאך בעפריעדיגונג*(!) וואָ־רים נאר דורך אט דעם שוואכערען אדער שטארקערען דראנג דער־ווייסען מיר זיך בכלל, אז עס איז פארהאן א בעדערפניש (!) אט, למשל, דורכ'ן *הונגער און דארשט*, ד. ה. דורכ'ן טריעב צו עסען און צו טרינקען, *דערווייסען מיר זיך פון דער בעדערפניש פאר שפייז און געטראנק*(!!), *דורך דער מיעדקייט*(!!), ד. ה. דורכ'ן טריעב צו רוהען, *דערווייסען מיר זיך פון דער בעדערפניש פאר רוה*".

„בעזאאן, עפאר, סאטיספאקסיאן", „בעדערפניש, אנשטרענ־גונג, בעפריעדיגונג" — פאנגט אן באסטיא. *) זיין בעריהמטען פאליטיש־עקאנאמישען אנפאנג־ביכעל — „ארמאניה עהקאנא־מיק" — וואס זיין קריטישער ווערטה וועט אונז בעקאנט ווערען אין פערלויף פון דער איצטיגער פונאנדערלעגונג. בעדערפניש — אנשטרענגונג — בעפריעדיגונג, זאגט איהר איהם נאך אלס זיין געטרייע קאפיע *). אלס דייטש אבער ווייסט איהר, אז ביי אונז

---

*) זעה איבערזעצער'ס איינלייטונג.

*) דער „קאטעכיזם" פון העררן שולצע איז ניט מעהר ווי א גע־טרייער אויסצוג איבערזעצט פון יענעם אנפאנג־ביכעל פון באסטיא, וועלכער האט דערמיט דערגרייכט אזא ניט־פערדיענטע הויכע רעפוטאציע צווישען די היינטיגע ליבעראלע עקאנאמען; מיט דעם אונטערשיעד בלויז וואס יעדעס ברעקעלע גייסטרייכעס און גלענצענדעס בנוגע דער פארם, וואס געפינט זיך ביי *באסטיא*, און דורך וועלכען עס האט זיך איהם איינגעגעבען צו געווינען יענע פאלשע רעפוטאציע, געהט לאיבוד ביי העררן שולצע, און די טרוקענע אבגעשמאקטקייט פון דער זאך קומט ארויס ניט פערשטעלטערהייד. —

דער בערלינער ליבעראל־עקאנאם, העררן פאוכער, האט ביי א געלע־גענהייט ערקלערט אין א היעגער עקאנאמישער געזעלשאפט, אז באסטיא

דייטשען איז אַ מאָדע ניט נאָר זיך אַריינצו'חקירה'נען אין ענין, נאָר טאַקי גרינדליך און מיט מאַסיווע געדאַנקען אַרויסצוטרעטען גלייך פון אָנהויב מיט דעפיניציעס און גענוי בעשטימטע אונטער־שיעדען צווישען בעגריפען.

קודם כל ווילט איהר דעריבער פאַר אייערע אַרבייטער מאַכען דעם אָנשטעל **) פון אָט דער געדאַנקען־מאַסיווער גרינדליכקייט, דעם פינגער אויף דער נאָז און מאַכען אַ נפקא מינה צווישען „דער בעדערפניש פאַר שפייז און געטראַנק“ און „דעם הונגער און דאָרשט“ אָדער דעם „טריעב

---

האָט פּרודאָן'ען און דעם סאָציאַליזמוס „פערניכטעט“! אודאי איז גע־וועזען גרינג העררן פּרודאָן'ען עקאָנאָמיש צו פערניכטען, ווייל דער איז גאָר קיינמאָל קיין עקאָנאָם ניט געוועזען. וואָס איז אָבער שייך דעם סאָ־ציאַליזמוס, נעהם איך זיך פריווילליג אָן —„דיענסט פאַר דיענסט“, הייסט עס, נאָך באַסטיאַ'ס טהעאָריע — אָבצודיענען אויפ'ן זעלבען אופן דעם העררן באַסטיאַ, ביי דער איצטיגער געלעגענהייט, מיט דער ערלויבעניש פון העררן פּאָובער. נאָר עס וואָלט געוועזען סיי איבריג און סיי בעלעס־טיגענד פאַר די לעזער, אַזוי גוט ווי פאַר'ן אויטאָר, אימער צו שטעלען נעבען די ווערטער פון דעם דייטשען באַסטיאַ גענוי דיזעלבע ווער־טער פון דעם פראַנצויזישען שולצע.

עס וועט זיין דעריבער גענוג איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפמערק־זאַם צו מאַכען אויף אָט דער בוכשטעבליכער פּינקטליכקייט, מיט וועלכער שולצע זאָגט נאָך באַסטיאַ'ן, און אין וועלכער יעדער דייטש, וואָס פער־שטעהט פראַנצויזיש, און יעדער פראַנצויז, וואָס פערשטעהט דייטש, קען זיך איבערצייגען.

בלויז דאָרטען וואו דער אינטערעס פון קריטישער שאַרפקייט און גענויאיגקייט פאָדערט, ווי צ. ב. ביי דער טהעאָריע פון ווערטה און דיענסט, וועלען מיר זיך ערלויבען העררן באַסטיאַ'ס אייגענע ווערטער צו שטעלען נעבען שולצע'ס איבערזעצונג; און איהם בעזונדער צו פאַר־הערען. ציטענווייז, וואָס אכת איז, זאָגט טאַקי העררן שולצע אַרויס אַבסורדען, וואָס קומען ניט אויף באַסטיאַ'ס חשבון; אין אַזעלכע פעלע וועלען מיר אויס יושר צום לעצטען ניט פערנאַכלעסיגען אויפמערקזאַם צו מאַכען דאַרויף.

**) די ירסא אין דער 1878 אויסגאַבע איז פערגרייזט דערמיט וואָס אויפ'ן אָרט פון „פאָר איהרע אַרבייטערן דען שיין...“ שטעהט גאָר „פאָן איהרען אַרבייטערן דען שוץ...“ וואָס אָנדערשט איבער דעם זין פון גאַנצען זאַץ. דאָ איז, פערשטעהט זיך, איבערזעצט לויט דעם ערשטען נוסח.

צום עסען און צום טרינקען"; צווישען „דער בעדערפניש פאר רוה" אין דער „מיעדקייט אדער דעם טריעב צום רוהען".

מיר אנדערע בשר ודם'ס — און מסתמא אויך אייערע ארביי־טער ביז זיי האבען אייך געהערט — האבען ביז אהער געמיינט, אז „בעדערפניש" און „טריעב נאך בעפריע־דיגונג" זיינען פשוט איינס און דאסזעלבע — בלויז צוויי פערשיעדענע נעמען פאר דערזעלבער זאך.

מיר האבען ביז אהער געהאט געגלויבט מיט אונזער בעשרענקטען שכל, אז „בעדערפניש פאר שפייז" און „הונגער" אדער דער „טריעב צום עסען", אז „בעדערפניש פאר געטראנק" און „דארשט" אדער דער „טריעב צום טרינקען", אז „בע־דערפניש פאר רוה" און „מיעדקייט" אדער דער „טריעב צום רוהען", זיינען אלץ איינס אין דאזעלבע!*)

פאר אייער שארפען קאפ גילט דאס אבער ניט! איהר מאכט א חלוק צווישען א „בעדערפניש" און א בעזונדערען „טריעב צו איהר בעפריעדיגונג". וואס זאל זיין איינגעשלאסען אין יענער בעדערפניש!

אט דאס איז די „בילדונג", וואס איהר טראגט אנטקעגען אייערע ארבייטער. איי, ווי די לייט וועלען דאס קומען א היים מיט א גדולה, וועלען זיי זיך דאס האלטען פאר „געבילדעט" נאכ־דעם ווי זיי זיינען געוואהר געווארען, אז דער הונגער און דארשט אדער דער „טריעב צום עסען און צום טרינקען", די „מיעדקייט" אדער „דער טריעב צום רוהען" זיינען גאר עפעס אנדערש פון דער בעדערפניש פאר שפייז און געטראנק אדער דער בע־דערפניש פאר רוה!

אט די זינלאזע ווארטשפיעלעריי מאכט עס דעם טהעארעטי־שען יסוד פון אייערע פאליטיש־עקאנאמישע פארטרעגע, און טאקע אזוי איז ער, דער טהעארעטישער יסוד, ווי אנגעמאסטען אויף די דאזיגע פאליטיש־עקאנאמישע פארטרעגע, וועלכע זיינען אנגע־שטאפט, פון אנפאנג ביז'ן סוף, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען, מיט דעם געדאנקענלאזעסטען ווערטער געשווילעכץ, מיט א קאשע

*) זעה איבערזעצער'ס איינלייטונג ז.

פון ווערטער, וואָס מוז בלייבען קלעפּען, ווי קליי אַרום מוח פון׳ם אַרבייטער און אפילו פון אַלע אַזעלכע „געבילדעטע“, וואָס האָבען ניט אין זיך די קריטישע שאַרפקייט צו צולאָזען די דאָזיגע ווער־טער געשווילעכץ אין איהר פאַלשטענדיגער אינערליכער נישטיג־קייט.

און נאָך אָט דעם גלענצענד דורכגעפיהרטען חלוק צווישען „בעדערפניש פאַר רוה“ און דעם „טריעב צום רוהען“, געהט איהר אַן ווייטער בזה הלשון:

„צו דער בעפריעדיגונג גופא אָבער קען מען קומען געוועהנליך נאָר דורך אַ טהעטיגקייט, דורך אַ בעמיהען זיך. די געבראָטענע קאַטשקעס פליהען דעם מענשען ניט אריין אין מויל (די גערדאנקען נאָך וועניגער, הערר שולצע); ברויט, נאַהרונג, קליידער, א. ד. ג. געפינט מען ניט אויפ׳ן גאַס; מען זאָל זיי פ ע ר ד י ע נ ע ן“.

איהר ווילט הפנים זאָגען: „נאַהרונג, קליידונג, א. ד. ג. זאָל מען פּ ר אָ ד ו צ י ר ע ן, ש א פ ע ן“. דוקא אָבער דאָס דאָזיגע „פ ע ר ד י ע נ ע ן“ איז אַן המצאָה וואָס אַן המצאָה הייסט, הערר שולצע, און כאַראַקטעריזירט אייך!

איהר ווילט האַלטען עקאָנאָמישע פאַרטרעגע פאַר די אַרביי־טער. איהר ווילט זיי בעווייזען ווי אַזוי די וועלט פון די איצטיגע ווירטהשאַפטליכע איינריכטונגען לאָזט זיך אַרויסדרינגען אַלס נויטהווענדיג און גערעכטפאַרטיגט פון געדאַנק. איהר זוכט עס אַרויסצובריינגען פון דעם „וועזען פון דער אַרבייט“, מיט וואָס איהר האָט טאַקי אָנגעפאַנגען אייערע פאַרטרעגע.

דער „פ ע ר ד י ע נ ס ט“ אָדער דער פּ ר אָ פ י ט, דאָס עקאָנאָ־מישע „פ ע ר ד י ע נ ע ן“, פון וועלכען איהר רעדט, איז דאָך אָבער שוין לכתחילה אַ מורא׳דיג קאָמפּליצירטע עקאָנאָמישע ערשיינונג. די דאָזיגע ערשיינונג גופא נעהמט דאָך שוין פאַראויס אַ געזעל־שאַפט, וואָס פּראָדוצירט אויף אַן ענטוויקעלטען באַזיס פון א ו י ס־ט ו י ש ־ ו ו ע ר ט ה. זי איז מתחייב אַ לכתחילה׳דיגען קאַפּיטאַל־אייגענטהום, קאָנקורענץ, פּריוואַט־אונטערנעהמער, לוין־אַרבייט.

אָט די אַלע בעזונדערע געשיכטליכע איינריכטונגען מוזען תחילת האָבען אַ קיום, כדי דער „פּראָפיט“ אָדער דער עקאָנאָמישער „פ ע ר ד י ע נ ס ט“ זאָל קענען צושטאַנד קומען.

אין פערו, צ. ב., הערר שולצע, אין דער הויך־ציוויליזירטער

אינקא מדינה, איז נשתומם צו ווערען, אויף וויפיעל מען האָט דאָס דאָרטען צואַרבייט און פּראָדוצירט. אָבער „פּערדיענט“ האָט מען ניט! *) אין דער שקלאַפען־ווירטהשאַפט פון אַלטערטהום, האָט מען אויך ניט „פּערדיענט“. אויך אין דער נאַטוראַל־ווירטהשאַפט פון דער גאַר פריהער פּעריאָדע פון מיטעל־אַלטער האָט מען נאָך ניט „פּערדיענט“, הערר שולצע!

אַזוי ווי דער „פּערדיענסט“ אָדער „פּראָפיט“ איז שוין מתחייב פון אַפריהער די היינטיגע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, איידער ער קען זיך בעווייזען, מוז, ממילא, דער ערקלערונג פון פּערדיענסט אויך פּאַראויסגעהן די ערקלערונג פון די אַלע איינריכטונגען, דהיינו, די ערקלערונג פון טויש־ווערטה, קאַפּיטאַל, צירקולאַציע, קאָנקור־רענץ, פּריוואַט אונטערנעהמערשאַפט, לוין־אַרבייט און פון דער געזעלשאַפט גופא, וואָס האַלט בסדר אין איין יאָגען אַלע איהרע פּראָדוקטען דורך דער געלדפאָרם; ער מוז [ד. ה. דער פּערדיענסט] פון זיי, פון די איינריכטונגען, אָבגעדרונגען ווערען, אום פערשטאַנען צו ווערן.

פון דעם אַלעם האָט איהר נאָך גאָר ניט ערקלערט, און קענט נאָך גאַרניט האָבען עפּעס ערקלערט. איהר שטעהט נאָך דערווייל אויף'ן צווייטען זייטעל פון אייער „קאַטעכיזם“. איהר האַלט נאָך ערשט ביים ריין־פּיזישען וועזען פון דער אַרבייט, און איהר האָט נאָך פון דעם קיין געזעלשאַפטליכע פאָרם פון דער אַרבייט ניט אַרויסגעבראַכט. איהר קענט, הייסט עס, נאָך פון קיין „פּערדיענסט“ אויך ניט שמועסען.

אָבער טאַקי דאָס כאַראַקטעריזירט אייך מיט די ביינער, הערר שולצע! אייער קליינבירגערליכע נשמה איז אַזוי אונטער דעם איינפלוס פון די ספּעציעלע איינריכטונגען, וואָס עקזיסטירען היינט־

*) זעה איבער דער פאָרם פון דער אַרבייט אין פּערו צ. ב. „היסטאָרי אָוו דהי קאָנקועסט אָוו פּערו“ פון וויליאַם פּרעסקאָט, לאָנדאָן, 1858, ערשטער באַנד, קאַפּ. 2, 4 און 5. אויך האָט מען דאָרטען פון געלד בכלל ניט געוואוסט — סיי פון גאָלד, זילבער אָדער פון וועלכען ניט־איז אַנדער מאַטעריאַל. באַטש פאַבריקאַציע און די עדעלע מלאָכות האָבען געבליהט אין פּערו, און באַטש פּערו איז געווען דאָס פאַטער־לאַנד פון די עדעלע מע־טאַלען. דאָרטען זייט 147.

...They had... no knowledge of money. ...זיי האַד... נאָו נאָלעדזש אָוו מאָני.

צו־טאָג, אַז איהר קענט זיך גאָר אַפילו אין דער מחשבה אויף קיין איין רגע ניט אָוועקרייסען פון זיי; איהר קענט זיך אַפילו אויף אַזוי ווייט ניט בעפרייען פון זיי, אַז איהר זאָלט זיי, לאָמיר זאָגען, כאָטש אויסדריינגען און ערקלערען. אָנשטאָט זיי צו ערקלערען, נעהמט איהר זיי פשוט אָן — פּאַראַויס — און דאָס איז דער פּלאָנטער, וואָס שרייט וועגען זיך אויף אַ קול אויף יעדען זייטעל פון אייער געדאַנקענלאָזער בעשפּרעכונג.

אַפילו דעם ריין־פיזישען וועזען פון דער אַרבייט, די איינפאַכע טהעטיגקייט פון דער פּראָדוקציע, די שאַפונג פון געברויכס־ווערטהען קענט איהר זיך נאָר פאָרשטעלען אין דער פאָרם פון דער פּראָפיט־דאָרשטיגער ספּעקולאַציע פון קאַפּיטאַליסט!

איהר האָט גוט געטהאָן דערמיט, וואָס איהר האָט אייער בוך אַ נאָמען געגעבען קאַטעכיזם. דער „אני מאמין“ פון ספּעקולי־רענדען אונטערנעהמער, די רעליגיאָן פון פּראָפיט האָט נאָך לכתחילה אָנגעפילט אייער נשמה, מיט דער תמימות און התלהבות פון אַ גלויביגען און איז געוואָרען איהר ערשטער אינעווייניגסטער תנאי!

דער „אַרבייטער“ גופא איז פאַר אייך נאָר אַ קלענערער, אַ בעשרענקטער אונטערנעהמער!

איהר געהט אָן ווייטער מיט אייערע געדאַנקענרייכע ערקלע־רונגען: „אַזוי גיך ווי דער טריעב פון אַ בעדערפניש נאָך בע־פריעדיגונג ווערט שטאַרק גענוג גובר צו זיין די נאַטירליכע פויל־קייט, וואָס איז איינגעבאָרען אין אַלע מענשען, טרייבט ער אָן די פעהיגקייטען און ברייננגט זיי אין בעוועגונג כדי ער זאָל זיין ציעל דערגרייכען, און דורך איבונג און געברויך ווערען די דאָ־זיגע פעהיגקייטען ענטוויקעלט אין כחות און געניטקייטען. עס איז ניטאָ קיין שמערצליכערער צושטאַנד, איידער אָן אונבע־פריעדיגטע בעדערפניש, און אַזוי שטאַרק און איינגעשפּאַרט איז דעריבער יענער אַנטרייב, אַז נאָר מיט'ן לעבען אַליין ווערט עס אין אונז אויסגעלאָשען.

„אָט דער איינפאַכער פּראָצעס: בעדערפניש — אָנ־שטרענגונג — בעפריעדיגונג — פילט אויס דעם גאַנצען אינהאַלט פון מענשענס לעבען, די בעדערפניש, נאַטירליך, ניט אַזוי ענג פאַרשטאַנען, אַז עס זאָל זיך בעציהען בלויז אויף די קערפּער־

ליבע נויטה־בעדערפטיגקייטען, נאר אויף דער גאנצער רייכער פיעלגעשטאלטיגקייט פון די טריעבען און נייגונגען פון אונזער נאטור.

„אין דער *בעדערפניש*, אלזא אין דעם *טריעב נאך בעפריעדיגונג* ליעגט אייגענטליך יענער רעאליסטישער כח, יענע פערבארגענע ספרוזשינע, וואס ברייננגט אין בעוועגונג דעם מענשען, אז ער זאל דערגרייכען די אנגעדייטעטע ציעלען און דערמיט זיך דערהאלטען ביים לעבען. אויף אזוי ווייט לאזט די דאזיגע קראפט זיך ניט אנטקעגענשטעלען, אז ווען די צאהל אונבעפריעדיגטע בעדערפנישען קלייבט זיך אן, קענען מיר עס גאר ניט אויסהאלטען; הייסט עס, אלזא, אז דער טריעב נאך בעפריעדיגונג פאלט דירעקט צוזאמען מיט דעם *זעלבסט־ערהאלטונגס־טריעב*, דעם שטארקסטען ביי אלע לעבעדיגע ברואים. אנטקעגען דער בעדערפניש שטעהט די בעפריעדיגונג אלס ציעל און רוה־פונקט, אבער אזוי, אז פון איהר גופא, וואקסען ארויס אלץ נייע בעדערפנישען, כדי אין אייביגען קרייז־לויף ווידער אין איהר צו פערזינקען. איך בעציה זיך אויף די שוין פריהער בענוצטע ביישפיעלען פון הונגער און רוה. שוין ביים לעצטען ביסען פאנגט זיך אן דאס *פערדייהען*; שוין ביי די ערשטע טריט, ביי דער ערשטער שטיקעל ארבייט פון פריה־מארגען פאנגט זיך אן דער *פערברויך פון קרעפטען*, און דא האבען מיר דעם קוואל פון פרישען *הונגער*, פון פרישער *מיעדקייט*.

„נו, איז אבער דער מענש א בריאה, וואס איז בעשאנקען מיט זעלבסט־בעוואוסטזיין און זעלבסט־בעשטימונג, מיט *פערשטאנד* און מיט *ווילען*. דערפאר קען ער, פון איין זייט, איינזעהען דאס געזעץ פון דעם דאזיגען קרייז־לויף. ער פערשטעהט די גרעסערע אדער קלענערע נויטהווענדיגקייט פון די בעזונדערע בעדערפנישען און זעהט פאראויס זייער רעגעלמעסיגען איבער׳חזר׳ן זיך. פון דער אנדערער זייט, קען עס גאר אנדערש ניט זיין, נאר אז ער וועט זיך פיהלען גענויטהיגט צו פערשאפען זיך א געזיכערטע שטעלונג, צו קריגען אן איינפלוס אויף א פראצעס, פון וועלכען עס הענגט פשוט אב זיין גאנצע עקזיסטענץ; און וועט זיך סטארען מיט אלע כחות צו רעגולירען און צו בעהערשען יענעם פראצעס.

„מיר ווייסען, אז מארגען און אלע וויטערדיגע טעג וועלען מיר מוזען עסען, וועלען מיר דארפען א וואוינונג און קליידער;

מיר ווייסען, אז די צייטען פון יאָהר בייטען זיך, עס איז אונז בע־קאַנט די שטייגענדע בעדערפטיגקייט פון אונזער פאַמיליע, וואָס האַלט אין וואַקסען, מיר האָבען אין אויג די פאָדערונגען פון אונ־זערע געשעפטליכע אונטערנעהמונגען — און מיר װעלען אַלץ טהאָן, נאַטירליך, כדי דאָס נויטהיגע זאָל זיין גרייט פאַר אונז, ווען די שעה וועט קומען.

„אַט דאָ, מיט דעם דאָזיגען בעוואוסטזיניגען אריינמישען זיך פון דעם מענשען אין דעם קרייז־לויף פון זיין עקזיסטענץ, וואָס מיר האָבען שוין בעצייכענט אַלס בעדערפניש, אנשטרענגונג און בעפריעדי־גונג — שטעהען מיר פאַר דעם גרויסען פאַקטאָר, פאַר דער וויר־קענדער הויפּט־מאַכט אין דער באַלעבאַטישקייט פון דער מענשהייט, מיט וואָס מיר וועלען זיך הויפּטזעכליך היינט פערנעהמען — נעמ־ליך די ארבייט. וואָרים ארבייט איז טאַקע יעדע פּלאַנמע־סיגע טהעטיגקייט פון מענשען, וואָס שטאַמט פון אַ פאָראויסזעהען פון שפּעטערדיגע בעדערפנישען און וואָס איז געווענדט צו זייער בעפריעדיגונג. אין דעם זין ארבייטען, קען נאָר דער מענש, ווייל איהם אַליין פון אַלע ברואים אויף אונזער ערד האָט די נאַטור מזכה געווען מיט די צוויי פאָרבעדינגונגען, וואָס די אר־בייט איז לכתחילה מתחייב, דהיינו, די צוויי פעהיגקייטען — פערשטאַנד און ווילען. די חיה, אמת, בענוצט אויך איה־רע כחות צו בעפריעדיגען איהרע בעדערפנישען און שטרענגט זיך אָן צו אָט דעם צוועק, אָבער, געוועהנליך, גילט עס נאָר פאַר דער רגע, ווען זי דערפיהלט די בעדערפניש, אָבער אויף אַ האָאָר ניט ווייטער. דאָס הייסט אָבער ניט ארבייטען, פּונקט אַזוי ווייניג ווי ווען אַ וואַנדערער זאָל אָנשעפּען וואַסער פון אַ קוואַל אונטערוועגענס, אָדער זאָל אָברייסען אַ פּרי פון אַ בוים, כדי זיין מאָמענטאַנעם הונ־גער אָדער דאָרשט צו שטילען. ערשט ווען אימיצער ברייגגט צו־טראָגען וואַסער אין כלים פאַר'ן געברויך, אָדער ער קלייבט אָן יאָנ־דעם אָדער פּרות אויף זאַפּאַס, ארבייט ער, ווייל דאַן בלויז קען מען רעדען פון אַ בערעכנונג, פון אַ פערזאָרגען אויף שפּעטער".

הכלל, ווי איהר ערקלערט בפירוש, „ארבייט איז בלויז יעדע פּלאַנמעסיגע טהעטיגקייט פון מענשען, וואָס שטאַמט פון אַ

פאַראויסזעהען פון שפּעטערדיגע בעדערפנישען און וואָס איז געווענדעט צו זייער בעפריעדיגונג".

איהר רעדט זיך ארוים געלאַסען א גרויסען געדאַנק. די טהעטיגקייט, אַלזאָ, וואָס איז געווענדעט צו דער בעפריעדיגונג פון מאָמענטאַנע בעדערפנישען איז נאָך אייך נאָך קיין „אַרבייט" ניט!

אַנשטאָט צו זעהען דעם חלוק צווישען דעם מענשענס ארבייט און דער טהעטיגקייט פון דער חיה אייגפאַך דארין, וואָס דער מענש איז טהעטיג מיט בעוואוסטזיין, בעת די חיה איז דאָס ניט — א חלוק, פון וועלכען עס פאָלגט שוין ממילא, אז דער מענש מחמת זיין בעוואוסטזיניגער טהעטיגקייט וועט שוין זיין טהעטיג פאַר די שפּעטערדיגע בעדערפנישען אויך אויף אזוי פיעל, ווי די בעדערפנישען פון דער מינוט וועלען איהם לאָזען די הענד פריי — אנשטאָט דעם געהט איהר פיעל ווייטער און שטעלט אויף דעם טהעאָרעטישען זאַץ, אז די טהעטיגקייט פון מענשען אונטערשיידעט זיך פון דער חיה'ס טהעטיגקייט נאָר דערמיט, וואָס די ערשטע איז געווענדעט צו „שפּעטערדיגע בעדערפנישען".

ווי קומט איהר צו אזא מורא'דיגער אייגענווילליגקייט? זעהט איהר דען ניט די ערשטוינענדע און לעכערליכע פאָלגען דערפון?

הייסט עס, אז די ארבייט פון דעם שקלאַף — ווייל דער שקלאַף איז דאָך אויף אַן אויגענבליק אפילו ניט דער אייגענטהימער פון זיינע פּראָדוקטען און קען זיין בעל הבית ניט שטערען פון פערשווענדען די דאָזיגע פּראָדוקטען גלייך אויפ'ן אָרט — איז איבערהויפּט ניט קיין מענשליכע ארבייט, נאָר די טהעטיגקייט פון א חיה און דאָך איז דאָס דער נויטהווענדיגער שלום פון יענער דעפיניציע! אָדער ווען מיר בלייבען ביי אונזער אייגענעם צושטאַנד: די לאַגע פון דעם ארבייטער־שטאַנד איז דוקא דערמיט כאַראַקטעריזירט, וואָס, לכל הדעות, *) די ווייטגרעסטע צאָהל ארבייטער קענען קיין ברעקעל ניט שפּאָרען;

*) אין דער 1878 אויסגאַבע פעהלט דאָ דער טהייל פון זאַץ, וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער „וואָס לכל הדעות" און ענדיגט זיך מיט די ווערטער „ניט שפּאָרען". א. א. ר.

עס איז כאַראַקטעריזירט דערמיט, וואָס די אַ ר ב י י ט פ ו ן ט אָ ג פאַר דער ווייט גרעסטער צאָהל אַרבייטער, בעזאָרגט בלויז די ברויט פאַר'ן טאָג, און דערפאַר קען שוין גאָר קיין רעדע ניט זיין פון אַנטוויקלען אויף ש פּ ע ט ע ר ד י ג ע בעדערפניסען, ד. ה. שפּאָרען.

איהר אַליין האָט דאָס על כל פּנים אויף אַזוי ווייט אַנערקענט, אַז איהר האָט אַכציג מאָל ערקלערט, אַז נאָר פון די קאָנסום־פער־איינען **) און רויה־שטאָף־פעראייניגען איז צו ערוואַרטען אַ פער־בעסערונג פון דער לאַגע פאַר'ן אַרבייטערשטאַנד. שוין גאָר ניט רעדענדיג וועגען דער פראַגע, צי די דאָזיגע פעראיינען זיינען ביכולת דעם אַרבייטער שטאַנד צו העלפען אָדער ניט — יעדענפאַלס האָ־בען זיי גאַנצע יאָהרהונדערטע, און עד היום, גאָרניט געקענט אויס־פיהרען.

אין דעם משך פון די אַלע יאָהרהונדערטע, אַלזאָ, האָט דער אַ ר ב י י ט ע ר־שטאַנד געאַרבייט ניט פאַר דער בעפריעדיגונג פון זיינע „שפּעטערדיגע בעדערפניסען", נאָר אימער פאַר דער בעפריע־דיגונג פון זיינע ד ע ר ו ו י י ל י ג ע, ט ע ג ל י כ ע בעדערפניסען. דער טעגליכער אַרבייטס־לוין האָט איהם געגעבען זיין טעגליכען ברויט.

אין דעם משך פון די אַלע יאָהרהונדערטע איז, אַלזאָ — ווי עס פאָלגט שטרענג אַרויס פון אייער דעפיניציע, ווי שטאַרק איהר זאָלט זיך ניט וועלען אַרויסמאַכען פון דעם דאָזיגען שלום — אין דעם משך פון די אַלע יאָהרהונדערטע איז, אַלזאָ, די טהעטיג־קייט פון אונזערע אַרבייטער געוועזען ניט קיין „מ ע נ ש ל י כ ע אַ ר ב י י ט, נאָר אַ „ט ה ע ט י ג ק י י ט פ ו ן ח י ו ת", מחמת די כונה דערפון איז ניט געוועזען צו דעקען די ש פּ ע ט ע ר ד י ג ע בע־דערפניסען, נאָר אַליין די ד ע ר ו ו י י ל י ג ע.

דאָס איז — מעגט איהר זיך זאָגען וואָס איהר ווילט — דער אונפערמיידליכער פּועל יוצא פון אייער זשעניאַלער דעפיניציע.

נאָכאַמאָל, אַלזאָ, ווי קומט איהר צו אַזאַ אונגעהויערער אייגענ־

---

*) חברות, וואָס זייער צוועק בעשטעהט אין אָבקויפען פּראָדוקטען אָגולנע, און זיי צוטהיילען צווישען די מיטגליעדער אויף קאָסט־פּרייז.

א. א. ר.

וויליגקייט, וואָס ציהט נאָך זיך אזעלכע לעכערליכע קאָנסעקווענצען? איך וועל עס אייך דערצעהלען, העררר שולצע!

ביי אייך איז דאָס קאַפּיטאַל געוואָרען א רעליגיאָן, און ברייגגט דערפאר ארויס אקוראט דיזעלבע ערשיינונגען, אקוראט דיזעלבע פערדרעהענישען בנוגע די עקאָנאָמישע פערהעלטניסע, ווי דער גלויבען, אויפ'ן רעליגיעזען געביעט, טהוט עס בנוגע צו די נאַטירליכע פערהעלטניסע.

אזוי ווי איהר פאסט אויף די פּראָדוקציע אלס א פערדיענען, פערשטעהט איהר, לכתחילה, גאָר אויף אן עהנליכען שטייגער, אונטער „א ר ב י י ט" ניט עפּעס אנדערש. א־חוץ דעם אקט פון זאמלען קאַפּיטאַל, פון שפּאָרען און אוועקלעגען אויף שפּעטערדיגע בעדערפנישען. אין אייער קליינבירגערליכען מח פערוואנדלען זיך, פון אייך אליין אונבעמערקט, אלע אמת'ע פערהעלטניסע, אזוי ווייט אין זייער היפּוך, אז איהר זעהט דעם „א ר ב י י ט ע ר" נאָר אין דעם קאַפּיטאַליסט, וואָס שניידט און לייגט אָב אלע יאָהר די קופּאָנען פון זיינע קעלן־מינדענער אייזענבאהן אקציעס; און אומגעקעהרט, אין דעם ווירקליכען א ר ב י י ט ע ר קענט איהר נאָר זעהן די טהעטיגקייט פון דער ח י ה, וואָס זאָרגט פאר איהרע מאָמענטאנע בעדערפנישען.

איהר געהט ווייטער:

„הייסט עס, אז דער תכלית פון דער ארבייט איז די בעפריעדיגונג פון מענשליכע בעדערפנישען; און דאָס ווערט דערגרייכט דורך א פערנינפטיגען געברויך פון די קרעפטען, וואָס די נאַטור האָט אין אונז אריינגעלעגט. פון דאנען (!!) בעקומען מיר דעם ערשטען הויפּט־יסוד פאר דער שטעלונג פון דעם יחיד צו דער מ ע נ ש ל י כ ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט בנוגע זיין עקזיסטענץ: די פ ל י כ ט פ ו ן ז ע ל ב ט ־ פ ע ר ז אָ ר ג ו נ ג, די אָנגעוויעזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אליין. „„דו האָסט בעדערפנישען, צו דער בעפריעדיגונג פון וועלכע די נאַטור האָט אָנגעבונדען דיין עקזיסטענץ — לויטעט דער דאָזיגער זאַץ — אָבער דיזעלביגע נאַטור האָט דיר אוועקגעגעבען קרעפטען, וואָס דו דארפסט נאָר ריכטיג אָנווענדען כדי דיינע בעדערפנישען צו דעקען. דערפאר ליעגט דיין גורל ביז א היבשען גראד אין דיין אייגענער האנד, און דו ביסט פעראנטוואָרטליך דערפאר, אז דו זאָלסט ניט פאלען צו לאסט מיט

דיינע פאָרדערונגען אויף דיינע מיט־מענשען, וואָרים זיי אַלע, אַזוי גוט ווי דו, מוזען זאָרגען פאַר זיך אַליין״״.

הייסט עס, היות דער תכלית פון דער ארבייט איז די בעפריע־דיגונג פון מענשליכע בעדערפנישען, וואָס קען דערגרייכט ווערען דורך אַ פערנינפטיגען געברויך פון די קרעפטען, וואָס די נאַטור האָט אין אונז אריינגעלעגט״, — „דרינגען מיר פון דאַנען״ (!!) דעם ערשטען הויפּטיסוד פאַר דער שטעלונג פון דעם יחיד צו דער מענשליכער געזעלשאַפט בנוגע זיין עקזיסטענץ; די פליכט צו זאָרגען פאַר זיך אַליין, די אָנגעוויזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אַליין״!

וואָס פאַר אַ קלאַסישער אויספיהר!

ניט חלילה ווייל „די פליכט צו זאָרגען פאַר זיך אַליין״ לאָזט זיך ניט בעווייזען! איך בין אויך מיט דער מיינונג, הערר שולצע, אַז יעדער איינער האָט די פליכט פון זעלבסט־פערזאָרגונג״, די דאָזיגע פליכט פאַס איך אויף אַ סך ברייטער, ווי איהר, מיט אייערע קליינבירגערליכע השגות, קענט זיך מאַכען אַ בעגריף וועגען דעם.

נאָר ווי בעוויזפעהיג דער דאָזיגער זאַץ זאָל ניט זיין — על כל פנים, דער אופן, ווי איהר בעווייזט עס, איז דאָס אַמוזאַנטסטע קאָרטען קונץ־שטיק, וואָס מען קען ווען בעגעגנען. דעם שטריק־טענצערס שפּרונג איבער דעם ניאַגראַ־פאַל, איז אַ קליינינקייט לגבי דעם צוויי־גאָרענדיגען טאָפּעלען שפּרונג, וואָס איהר נעהמט זיך פאָר.

לאָזט מיר אייך, אַלזאָ, קלאָהר מאַכען נאָר עטליכע פון אייע־רע פּלאַנטערס, צו וועלכע אייער טיעפע „בילדונג״ לאָזט זיך פערפיהרען.

1) דער תכלית פון דער ארבייט איז די בעפריעדיגונג פון מענשליכע בעדערפנישען, און אַט דער תכלית, זאָגט איהר „ווערט דערגרייכט דורך אַ פערנינפטיגען געברויך פון די קרעפטען, וואָס די נאַטור האָט אין אונז אריינגעלעגט״. אַט די פערזיכערונג, צו וועלכער איהר געהט פּלוצלינג איבער — דען ווי אמת זי זאָל ניט זיין, טרעט די דאָזיגע בעהויפּטונג פאָרט אויף פאַר אונז אין דער פאָרם פון אַ דורך־גאָרנישט־בעוויזענער פערזיכערונג — די דאָזיגע פערזיכערונג

איז לחלוטין אמת, און אלס אן אלגעמיין־בעקאנטער פאקט נויטיגט זי זיך גארניט אין ווייטערע ראיות. כל זמן איהר שמועסט פון דעם מענשען אין שייכות מיט דער נאטור, פון דעם איזאלירטען מענשען. ראבינזאן קרוסא, אויף זיין איינזאמען אינזעל דערגרייכט די בעפריעדיגונג פון זיינע בעדערפנישען נאר דורך א „פערנינפטיגען געברויך פון די כחות, וואס די נאטור האט אין איהם אריינגעלעגט". אבער אין דעם תחום פון דער מענשליכער געזעלשאפט מאדיפיצירט זיך באלד דער דאזיגער כלל, אין סאמע עצם, אין איין ריכטונג־צו אדער אין דער צווייטער. צוליעב די בעשטימטע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען איז מעגליך פאר איין סארט מענשען צוצוקומען צו אזא מצב. אז זיי קענען דערגרייכען ווייט מעהר ווי זיי וואלטען ווען־עס־איז געקענט דערלאנגען „דורך דעם פערנינפטיגען געברויך פון די כחות, וואס די נאטור האט אין זיי אריינגעלעגט", ד. ה. פון די כחות, וואס זיינען אין זיי אריינגעלעגט געווארען אלס יחידים. צוליעב דעמזעלבען טעם וויעדער קענען דורך די בעשטימטע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען אנדערע מענשען געשטערט ווערען פון צו דערלאנגען דאס, וואס זיי וואלטען געקענט דערגרייכען דורך א „פערנינפטיגען געברויך פון די כחות וואס די נאטור האט אין זיי אריינגעלעגט". און ווי ווייט די געשיכטע גרייכט, איז אי דאס און אי יענעס געוועזען דער פאל און אזוי ביז אויף היינטיגען טאג.

האלט איהר זיך ביי דער מיינונג, אז דורך די בעשטימטע היינטיגע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען קען אזא עולה פון איין קלאס מענשען געגען דער אנדערער מעהר ניט אבגעטהאן ווערען, טא האט איהר עס בעדארפט בעווייזען דורך אן אנאליז פון די דאזיגע בעשטימטע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען. איהר האט, אלזא, אפריער געדארפט קריטיש אויפנעהמען און ענטוויקלען טויש־ווערטה, געלד, קרעדיט, קאפיטאל, קאנקורענץ, לוין־ארבייט, ערד־איינקונפט, א. א. וו. און דערביי צייגען, ווי די אלע בעשטימטע היינטיגע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען, איז—אדער זיי מאכען גאר אינגאנצען ניט קיין שנוי אין דעם „פערנינפטיגען געברויך פון די כחות וואס די נאטור האט דעם מענשען געגעבען", און אין דער „בעפריעדיגונג פון מענשליכע בעדערפנישען", וואס זאל דורך אט די

כחות דערגרייכט ווערען; אָדער א־ניט פערמעהרען זיי דאָס אַליין ביי אַלע מענשען בעזונדער, נאָר אין א גלייכער מאָס: אויף אַזאַ'ן אופן, אַז שוין נאָך אָט דער פערמעהרונג פון זייערע קרעפטען, וואָס דאָס געזעלשאַפטליכע צוזאַמענלעבען האָט געשאַפען, בלייבען זיי אַליין אין דערזעלבער פערהעלטניס צווישען זיך — דאָס הייסט: זיי בלייבען אין דערזעלבער לאַגע, וואָס הענגט אָב אין גאַנצען פון זייער בעזונדערער אינדיווידואַליטעט — אָט פונקט ווי, אין אַבסטראַקטען נאַטור־צושטאַנד.

ערשט ווען נאָך א בעטראַכטונג פון אונזערע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען, וואָלט איהר געהאַט בעשיינפערליך בעוויזען, אַז דאָס איז דער פאַל, אָדער לכל הפחות געוויזען, אַז עס לעגט זיך אויפ'ן שכל, וואָלט איהר יעמאָלט געקענט אַבלערנען פון יענעם זאַץ [וואָס לויטעט], אַז די בעפריעדיגונג פון מענשליכע בעדערפנישען ווערט דערגרייכט דורך דעם פערנינפטיגען געברויך פון די כחות, וואָס די נאַטור האָט אונז געגעבען — יעמאָלט וואָלט איהר געקענט אָבלערנען אויף דעם וואָס קען הייסען „פליכט“ אונטער די היינטיגע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען.

אָדער לאָמיר עס נעהמען פון אַנאַנדער זייט:

אַז אימיצער רעדט פון די כחות, וואָס די „נאַטור האָט דעם מענשען געגעבען, רעדט ער לכתחילה פון דעם מענשען בעטראַכט אַלס איזאָלירטען יחיד, פון לויטער ראָבינזאָן קרוסאָע'ס אויף זייער איינזאַמען אינזעל, ווייל נאָר די איינצעלנע, אַלס אַזעלכע, נאָר די מענשען, פאַרגעשטעלט אין נאַטור־צושטאַנד, ערהאַלטען זייערע כחות פון דער „נאַטור“ *). די כחות פון די מענשען, וואָס לעבען אין דער געזעלשאַפט, האָבען,

*) און אין דער אמת'ען שטעלט איהר אין באַסטיאַ זיך פאָר די מענשען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט אַלס גאָלע איינזאַמע ראָבינזאָן קרוסאָע'ס, אַלס מענשען, וואָס לעבען לויטער אין דעם נאַטור־צושטאַנד, מעהר ניט וואָס איהר זייט נאָך מוסיף, אַז אָט די ווילדע ברואים פון דעם נאַטור־צושטאַנד „טוישען זיך“ צווישען זיך מיט זייערע פראָדוקטען — עפּעס וואָס פערגרעסערט גאָר אָהן שיעור די לעכערליכקייט און דעם ווידערשפּרוך פון דער דאָזיגער פאָרשטעלונג.

פארקעהרט, צו זייער בעדינגונג די בעשטימטע היסטארישע און געזעלשאפטליכע פערהעלטניסע פון בעטרעפענ־דען לאנד, פון וועלכע אפילו זייערע כוחות גופא, אלס יחידים — אזוי ווייט ווי זיי האבען זייער שורש אין דער קולטור — ווערען בעשטימט.

און טאקי באלד נאך דעם זאץ: „די בעפריעדיגונג פון מענש־ליכע בעדערפנישען ווערט דערגרייכט דורך א פערנינפטיגען גע־ברויך פון די קרעפטען, וואס די נאטור האט אין מענשען אריינגע־לעגט", זאגט איהר תיכף ווייטער: „פון דאנען געפינען מיר דעם ערשטען הויפט יסוד פאר דער שטעלונג פון דעם יחיד צו דער מענשליכער געזעלשאפט ביזוגע זיין עקזיסטענץ: די פליכט פון זעלבסט־פערזארגונג א. א. וו.

„פון דאנען" הערר שולצע, געווינט איהר דעם דאזיגען ערשטען הויפט יסוד! ד. ה. פון דעם, וואס איהר נעהמט א זאץ, וואס גילט פאר דעם פארגעשטעלטען נאטור־צושטאנד, און דורך דעם דאזיגען אונגעלומפערטען פערבלענדונגס־פאקוס, ציהט איהר דאס אריין אין דער מענשליכער געזעל־שאפט — א געזעלשאפט, וואס איהר האט נאך מיט קיין ווארט ניט בעהאנדעלט, וועמעס איינריכטונגען איהר האט נאך ניט אונ־טערזוכט, און וואס איהר האט נאך מיט קיין אות ניט געצייגט, צי איהרע פאזיטיווע פערהעלטניסע בייטען ניט אום אדער מאכען ניט בטל, אדער צי זיי דרעהען גאר אפשר לגמרי ניט אום, פונקט קאַ־פויר, יענעם זאץ, וואס גילט דוקא נאר פאר'ן אבסטראקטען נאטור־צושטאנד אליין.

מיט א זאץ, וואס איז גענומען פון דעם פארגעשטעלטען נא־טורצושטאנד, שפרינגט איהר מיט א פראסטען פון דא־נען", ווי פון א שפרונג־ברעט, אראב, פון דעם ריינעם נאטור־צו־שטאנד, איבער דער לאנגער רייהע פון כל המינים געשיכטליכע ענט־וויקלונגען און פערהעלטניסע, אין די היינטיגע געזעלשאפטליכע איינריכטונגען אריין! דאס איז דער שפרונג איבער דער גאנצער קול־טור־געשיכטע, לגבי וועלכען דעם שטריק־טענצערס שפרונג איבער דעם ניאגארא פאל איז ממש א שפיעל'כעל.

„פון דאנען", הערר שולצע, ד. ה. פון דעם, וואס וואלט גילטען פאר דער פארשטעלונג פון נאטור־צושטאנד, פאר

די מענשען וואָס זאָלען זיך לעבען אַלס בעזונדערע יחידים, לאָזט זיך ניט אַבלערנען דאָס מינדסטע אויף דעם. וואָס קען גע־מאָלט זיין, אָדער וואָס איז גאָר אַ פליכט אין דער ספערע פון דער „מענשליכער געזעלשאַפט“ און איהרע פעסטע קאָנקרעטע פערהעלטניסע!

דאָס איז די „בילדונג“, הערר שולצע, וואָס איהר טראָגט אַנטקעגען אייערע אַרבייטער! אין אָט דער געדאַנקענלאָ־זער צומישונג, פון די גאָר פשוט'סטע אמת'ען, אין אָט דעם זייפענ־בלאָז, וואָס לייזט זיך אויף אין פאַלשטענדיגער פוסטקייט שוין ביי דער אויבערפלעכליכסטער בעטראַכטונג, בעשטעהט דער בילדונגס־שוואַץ דורך וועלכען איהר ענטקרעפטיגט די אַרבייטער, און שווינ־דעלט ביי זיי אַרויס דעם קלאַססען־אינסטינקט, די נאַטור קראַפט, וואָס זיי האָבען ביז אַהער פערמאָגט.

אונטער אייער געדאַנקענלאָזער פערטהיידיגונג ווערט דער דאָזיגער זאַץ גופא איבער דער „פליכט פאַר דער זעלבסט־פער־זאָרגונג“, וואָס איז אַן און פאַר זיך אין אַ געוויסען זין גאַנץ אמת — אויך כזב ושקר.

דאָ איז אַ ממה נפשך, הערר שולצע:

יענער פלאַנטער — און מיר וועלען אגב זעהען, אַז אייער גאַנץ בוך בעשטעהט פון מעהר גאָרניט ווי פון איין לאַנגע סדרה מיט אַזעלכע און נאָך פיעל ערגערע פלאַנטערס — יענער פלאַנטער איז אָדער אַרויסגעקומען ביי אייך אונבעוואוסט, און אויב אַזוי וואָלט דאָך דער בעל דבר, אַליין, וואָס בלאַנדזשעט נעבעך אַזוי, דרינ־גענד געדאַרפט אַפריהער זיך אַליין צופלייסען, כדי צו געניסען אַ קאָפּ בילדונג, איידער ער געהט בילדען די מאַסען. אַנדערש קען ער זיי נאָר איבערגעבען דעם קראַנקהייטס־גיפט פון זיין איי־גענער געדאַנקענלאָזיגקייט.

מען קען מיט דער בילדונג פון אַ קאַמי־וואַיאַזשעור האַלטען לאַנגע רעדעס אין דעפּוטאַטען־קאַמער, אַבער אויף צו לערנען און דערהויבען די מאַסע, פאָדערט זיך, הערר שולצע, אַ גאַנץ אַנ־דערע, אַן אמת'ע בילדונג און אַ שטאַרקע געדאַנקען־קלאַהרקייט.

אָדער איז יענער פלאַנטער וויעדער אַ בכיונ'דיגער, אַ בעוואוסטזיניגער — נו, וואָס פאַר אַ שלום עס לאָזט זיך ציהען פון דעם, מעגט איהר זיך אַליין זאָגען!

דער צווייטער פלאנטער, וואס איהר מאכט אין יענעם זאץ, איז אט וואס: די „פליכט פון זעלבסט־פערזארגונג“ ערקלערט איהר אלס די „אנגעוויזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אליין“, און אונטער דעם פערשטעהט איהר ווידער די אויסשליסליכע אנגעוויזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אליין.

אבער די „פליכט פון זעלבסט־פערזארגונג“ און די אויסשליסליכע „אנגעוויזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אליין“, וואס איהר שטעלט אזוי נאאיוו אוועק איינס נעבען אנדערן, זיינען צוויי הימעל־ווייטע פערשיעדענע זאכען, הערר שולצע!

ווען א־יעדער זאל אויסשליסליך זיין אנגעוויזען אויף זיך אליין און אויף זיין בעזונדערן כח, ווען דאס שלאגוואָרט פון אייך און אייערע חברים — „א־יעדער פאר זיך און גאט פאר אונז אלע“ — וואלט באמת געווען די מאטא פון דער מענשליכער געזעלשאפט — טא, צו־וואס איז גאר אינגאנצען נויטהיג א מענשליכע געזעלשאפט און וואו איז איהר רעכטפארטיגונג?

אויב יא אזוי, טא הלמאי לעבען ניט מענשען צווישען זיך, ווי די חיות אין דער מדבר, יעדער פון דער אייגענער האנד, און נאכיאגענדיג זיך נאך זיין אייגענעם רויב — מיט דעם אונטערשיעד נאר פון די חי׳ת — וואס יעדער איז געשטערט פון איינצוברעכען אין דעם אנדערענס רשות, צוליעב׳ן גדר פון געזעץ, פון שטראפענדען־געזעץ?

ווי עס זעהט זיך אן, וואלט דאס געווען אייער אידעאל פון דער מענשליכער געזעלשאפט. אבער שוין אפילו דער גדר פון שטראף־געזעץ גופא וואלט דאך יעמאלט ניט געקענט אויסגעהאלטען ווערן. ווארים דאס שטראף־רעכט גופא פליסט דאך סוף כל סוף ארויס פון דער געמיינשאפטליכקייט פון דעם פאלקסגייסט, און לחלוטין ניט פון דער אנגעוויזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אליין“, מחמת, אויב דאס וואלט באמת געווען דער העכסטער מאראלישער יסוד, וואלט מען, אום צו זיין אויסגעהאלטען, גארניט געטארט אפילו רעדען וועגען שטראף־רעכט און רעכט בכלל.

דאס רעכט פליסט נאר ארויס פון דער סאלידארי־

טעט, פון דער איינהייטליכקייט פון דעם דאָזיגען פאָלקס־גייסט אין די אַלע יחידים פון פאָלק, פון דער אָנגעוויעזענקייט פון אַ־יעדען אויף אַלע, אויף דער איינהייט און געמיינשאַפטליכקייט פון אַלעמען צווישען זיך*). נאָכמעהר, די מאָראַל, גופא, עקזיסטירט נאָר אַ דאַנק דער דאָזיגער איינהייט און געמיינשאַפטליכקייט פון אַלעמען. אָהן דעם וואָלט ניט געקענט געמאָלט זיין ניט קיין מאָראַל און ניט קיין געזעץ. ניט אינערליך און ניט אויסערליך וואָלט געקענט געמאָלט זיין די מינדסטע אָבליגאַציע (פערפליכטונג) צווישען מענשען.

„אַזוי ווי יעדער כלל איז אַ געזעלשאַפט פון פעראייניגטע מענשען“, פאַנגט אריסטאָטעל אָן זיין לעהרע פון שטאַאַט.*) איהר, וויעדער, פאַנגט אָן איהער לעהרע מיט'ן זאַץ „אַזוי ווי יעדער כלל איז אַ געזעלשאַפט פון איזאָלירטע ברואים, אַ־יעדער אָנגעוויעזען אויף זיך אַליין“.

צו וועלען גרינדען אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל שטימען מיט דעם „ערשטען הויפט יסוד“, מיט „דער אָנגעוויעזענקייט פון יעדען איינעם אויף זיך אַליין“, וואָלט געהייסען צוריקגעהן נאָך היגטען דער נעגער מלוכה פון דאַהאָמע און איז איבריגענס אין זיך גופא אַזוי פול מיט ווידערשפּרוכען און אַזוי אונמעגליך, אַז עס קען בלויז ארויסרופען אַ שמייכעל, ווען מען בעטראַכט נאָר, אַז אַלע אַזעלכע אַבסורדען ווערען צו גאָר־נישט אונטער דעם הארטען דרוק פון דער ווירקליכקייט. אָבער צו וועלען פערדיגען פאַר די ארבייטער אַזאַ אויפפאַסונג פון דער געזעלשאַפט, הייסט זיי

---

*) אויב איהר פערשטעהט דאָס ניט, הער שולצע, ווי עס איז מעהר ווי וואַהרשיינליך, טאָ זעהט נאָך מכח דעם ביי סאַוויני, „סיסטעמע פוג'ם רוימישען ר.“ טה. VIII ז. 533—536, און מיין „סיסטעם דער ערוואָרבענען רעכטע“ טה. I. ז. 194 א. וו. [דער פולער טיטול פון סאַוויני'ס בעריהמטען ווערק איז אייגענטליך „סיסטעם דעם הויטיגען רעמישען רעכטס“. לאַסאַל, אָפּטמאָל, בענוגענט זיך ניט מיט אַבקירצונגען אַליין ביים אָנגעבען אַ נאָמען פון אַ בוך, נאָר בענוצט זיך פשוט מיט ראשי תבות אין אַ סך פעלע. א. א. ר.]

*) אריסטאָטעל „פּאָליטיקאַ“ 1טעס בוך, 1טעס קאַפּ.

אין זייער בעוואוסטזיין צוריקשטופען נאָך ווייט הינטער דעם, וואָס די נעגער אין דאהאָמע טהוען אויף אַן אונבעוואוסטזיניגען אופן, און היות דאָס בעוואוסטזיין פון מענשען לאָזט זיך אודאי פיעל לייכטער פערשטופען אויף אַ לענגערע צייט איידער ווירקליכע איינריכטונגען, קאָן עס שוין בשום אופן קיין שמייכעל ניט ארויסרופען!

נאָר איהר געהט אַלץ ווייטער און זאָגט זיך אזוי: „אויף דעם, אַז יעדער זאָל אַליין טראָגען די פאָלגען פון זיינע מעשים און אויפפיהרונג, און זאָל זיי ניט אָנווארפען אויף אַנאַנדערן, אויף דער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיך אַליין, אויפ'ן קענען מבחין זיין צווישען גוט און שלעכט [שולד־פערשטענדנים] שטיצט זיך די מעגליכקייט פון יעדען געזעלשאפטליכען צוזאַמענלעבען פון די מענשען, פונקט אזוי גוט ווי פון דעם שטאאטס־פערבאנד".

אַזוי ניט קענען די געשיכטע, הערר שולצע!

די גאַנצע געשיכטליכע ענטוויקלונג פון ששת ימי בראשית אַן איז, גראָד, פאַרקעהרט, גיכער ארויסגעגאַנגען פון דער געמיינשאַפטליכקייט, און, אָהן אַזעלכעס, וואָלט וואָסער ניט־איז קולטור גאָר אינגאַנצען ניט געקענט ענטשטעהען.

בעל הבית און קנעכט, לויט אַריסטאָטעל,*) שטעלען צוזאַמען די ערשטע ווירטהשאַפט!

פאַמיליע, שבט — לויטער בעגריפע פון וועלכע יעדעס ברעקעל זעלבסט־פעראַנטוואָרטליכקייט און פעהיגקייט מבחין צו זיין איז שוין פון אָנהויב אָן דירעקט אויסגעשלאָסען — אָט פון זיי האָט זיך אָנגעהויבען דאָס גאַנצע „געזעלשאַפטליכע צוזאַמענלעבען פון די מענשען" און יעדער „שטאַאטס־פערבאַנד".

איך וויל אייך קלאָהר מאַכען דעם תוך פון מיין איינווענדונג, הערר שולצע!

דאָס גאַנצע אַלטערטהום, און טאַקי אויך דאָס גאַנצע מיטעלאַלטער ביז צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן פון 1789, האָט גע־

---

*) אַריסטאָטעל „פּאָליטיקאַ" בוך 1. קאַפּ. 1 און 2.

זוכט די מענשליכע סאָלידאַריטעט אָדער געמיינ־שאַפטליכקייט און געבונדענקייט אָדער אונ־טערוואָרפענקייט.

די פראַנצויזשע רעוואָלוציאָן פון 1789 מיט דער היסטאָרישער פעריאָדע, וואָס איז געווען אונטער איהר השפעה, אָן אויפגעבראַכטע אנטקעגען אָט דער געבונדענקייט, און מיט רעכט אויך, האָט געזוכט די פרייהייט אין דער אָבשאַפונג פון יעדער סאָלידאַריטעט אין געמיינשאַפטליכקייט. דערמיט האָט זיך שוין גענומען ניט די פרייהייט, נאָר הפקרות. וואָרים פרייהייט אָהן געמיינשאַפטליכ־קייט איז הפקרות.

די נייע, די איצטיגע צייט זוכט די סאָלידאַריטעט אין דער פרייהייט.

דאָס איז, אין קורצען, דער ביזאהעריגער לויף און זין פון דער היסטאָריע!

כדי אָבער צו ווייזען נאָך קלעהרער די פלאָנטערס אָהן א שיעור, וואָס לויפען איינער דורכ'ן אנדערן אין דעם תהו ובהו פון אייער געדאַנקענלאָזיגקייט, וויל איך איבערזאָגען אייערע לעצטע ווערטער, און גלייך צוטשעפען אהער דעם זאַץ וואָס קומט תיכף נאָך זיי.

איהר זאָגט אלזאָ: „אויף דעם, אז יעדער זאָל אליין טראָגען די פאָלגען פון זיינע מעשים און אויפפיהרונג, און זיי ניט אָנוואַר־פען אויף אַנאַנדערן, אויף דער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיך אליין און אויף דער פעהיגקייט מבחין צו זיין בין טוב לרע, שטיצט זיך די מעגליכקייט פון יעדען געזעלשאַפטליכען צוזאַמענלעבען פון די מענשען, פונקט אזוי גוט ווי פון דעם שטאַאטס־פערבאַנד. נאָר ביי ברואים, וועלכע ווייסען וואָס זיי טהוען, און מוזען אַלע דאַרום פעראַנטוואָרטליך זיין, קען בכלל געמאָלט זיין געמיינשאַפט, וואָס איז איינגעאָרדענט דורך מאָראַלישע און פאָליטישע געזעצע, א געגענזייטיגקייט פון די ווירטהשאַפטליכע און בירגערליכע בעציהונגען פאַר דער טובה פון אלעמען“.

אויפ'ן נאַאיוויסטען אופן וואָס קען נאָר געבען, גלייכט איהר צו מיט אָט די ווערטער די יוריסטישע זעלבסט־פעראַנטוואָרט־

ליכקייט און שולד־פערשטענדניס *) צו דער עקאָנאָמישער, פונקט אזוי ווי עס וואָלט גאָר צווישען זיי ניט געווען דער מינדסטער חלוק.

אויפ'ן יוריסטישען געביעט איז אודאי די זעלבסט־פער־אנטוואָרטליכקייט אַן אונבעדינגטער גרונדזאַץ, איינפאַך צוליעב דעם אליין, וואָס אין דער ספערע פון געזעץ איז יעדער אב־העננגיג נאָר פון זיינע אייגענע האנדלונגען.

ווען אימיצער בעראַבעוועט אָדער הרג'עט א מענשען אָדער בע־געהט א וואָסער ניט־איז אנדער האנדלונג, איז ער אלס יחיד איהר איינציגער פעראורזאכער. עס איז א פּראָדוקט פון זיין פרייען ווילען *).

אַזוי ווי עס ווענדעט זיך בלויז אָן דעם פרייען ווילען פון יחיד די דאָזיגע טהאַט צו בעגעהן אָדער ניט, איז דערפאַר דער נויטהווענדיגער און קלאָהרער פּועל יוצא דערפון, אַז א־יעדער איז פעראנטוואָרטליך פאר דעם, וואָס ער האָט געטהאָן, דאָס הייכט אַז מען האָט דאָ צו טהון בלויז מיט „אינדיווידועלע שולד־פערשטענדניס און אחריות".

דאָס עקאָנאָמישע געביעט, דאַגעגען, אונטערשיידעט זיך פון דעם יוריסטישען דורך דער גאַנץ קליינער נפקא מינה, וואָס בעת אויפ'ן געביעט פון געזעץ איז יעדער פעראַנטוואָרטליך פאר דעם, וואָס ער האָט געטהאָן, איז אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט פונקט פאַרקעהרט, היינט־צו־טאָג טראָגט יעדער די פעראנט־וואָרטליכקייט, פאר דעם, וואָס ער האָט ניט געטהאָן.

אויב צ. ב. היי־יאָהר איז געווען א שטאַרקע גערעטעניש אויף ראָזינקעס אין קאָרינטה און סמירנא, אָדער אויף תבואה אין

---

*) (דאָס וואָרט „צורעכנונגספעהיגקייט" איז דאָ איבערזעצט אָלס „שולד־פערשטענדניס" כדי אויסצומיידען פערוויקעלטע קאָנסטרוקציעס.
א. א. ר.)

*) (לאַסאַלס בעהויפּטונג האָט דאָ ניט צו טהון מיט דער אַלטער פּלוגתא אין דער פילאָזאָפיע איבער'ן פרייען ווילען. עס רעדט זיך איצט בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט פון געזעץ — און פאר'ן געזעץ איז הכל מודים, דעטערמיניסטען אויך, אַז דער נאָרמאַלער מענש איז פריי צו בעגעהען א געוויסע טהאַט אָדער ניט. א. א. ר.)

דעם מיסיסיפּי־טהאָל, אין די דוניי־לענדער און אין דער קרים, פערליערען צוליעב'ן פאַלען פון מקח, די ראָוינקעס־הענדלער אין בערלין און קעלן, אָדער די תבואה־הענדלער, וואָס האָבען ליעגען ביי זיך גרויכע זאַפּאַסען זוויף די פריהערדיגע פרייזען, אפשר א העלפט פון זייער פערמעגען.

ווייעדער אומגעקעהרט, איז אונזער תבואה־שניט געווען ניט גע־ראָטען, פערליערען דעמזעלבען יאָהר די אַרבייטער א העלפט כון זייער אַרבייטס־לוין און נאָך מעהר. דער אַרבייטס־לוין בלייבט, אפשר, טאַקי דערזעלבער, וואָס שייך דעם געלד־אויסדרוק, אָבער דערפאַר קענען זיי פאַר איהם בעקומען נאָר א לערך קנאַפּערען טהייל נאַהרונגס־מיטלען *).

אין אומגעקעהרט, ווייעדער, איז אונזער אייגענער שניט געווען א גערָאטענער, פּאַסירט עס מיט אונז, לויט ווי דער קעניג פון פראַנקרייך האָט זיך אזוי נאַאיוו און מיט א זיפץ אויסגעדריקט אין זיין ענטפער אויף דער ווענדונג פון פראַנצויזישען דעפּוטאַטען־קאַמער פון 30־טען נאָוועמבער, 1821. „די געזעצע זיינען אויסגע־פיהרט געוואָרען, אָבער קיין שום געזעץ קען ניט בעוואָרענען געגען די צרות, וואָס נעהמען זיך

---

*) נאָר פאַר די „געבילדעטע" ווערט דאָ דערמאָהנט דער קינג־ד'אַווענאַן כלל, וואָס איז בעקאַנט צווישען עקאָנאָמען און וואָס, אגב, טוק (גע־שיכטע פון פּרייזען, טהייל 1, זייטע 4, אַשער אויסגאַבע) האָט אויסגעפונען, קומט נאָהענט צום אמת. לויט דעם דאָזיגען כלל, קומט אויס, אַז אַן אָבפאַל אין גערעטעניש, העכערט דעם פּרייז פון תבואה אַזוי, אַז דער פּרייז איבערשטייגט דעם אָבפאַל פון דריי ביז ניין מאָל אַזוי פיעל:

אַן אָבפאַל אין דער תבואה־קוואַנטיטעט פון

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | צעהנטעל פערגרעסערט דעם פּרייז אויף | 3 | צעהנטעל. |
| 2 | " " " " " | 8 | " |
| 3 | " " " " " | 1 און 6 | " |
| 4 | " " " " " | 2 און 8 | " |
| 5 | " " " " " | 4 און 5 | " |

און פונקט אַזוי ניט לפי ערך איינס צום אַנדערן איז דאָס פאַלען פון פּרייז ביי אַ גערָאטענעם שניט. דאָ וואַרפט עס זיך נאָך מעהר אין די אויגען. (זעה די נעקסטע אָנמערקונג.)

## פון „צו גרויסער שפע אין תבואה"*).

אָדער, איז גאָר די באַוועל־געררעטעניש געווען ניט געראָטען אין דרום פון די פעראייניגע שטאַאטען, אָדער אז עס שטעלט זיך אָב דער אימפּאָרט צוליעב אַנאַנדער סיבה, בלייבען מאַסען ארבייטער פון די גאָרן־שפּינערייען און די קאַטון פאַבריקען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד אָהן ארבייט און אָהן חיונה.

אויב אָבער אַנשטאָט א שלעכטער באַוועל־געררעטעניש אין אַמעריקאַ, זאָל דאָרטען הערשען, למשל, גאָר אַן אינדוסטריעלער אָדער געלד־קריזיס, אָדער לאָמיר זאָגען, דער מאַרק איז דאָרטען איבערפילט מיט פרעמדע סחורה, מחמת פיעלע וואָס ווייסען ניט איינער פון צווייטען האָבען געטהאָן דאָס זעלבע און דאָרטען גע־שיקט איבריגע קוואַנטיטעטען — וועט פּאָרקומען אַט וואָס: ווע־לען די קאָנסיגנאַציעס**) פון די אייראָפּעאישע עקספּאָרטירער אויף די אַמעריקאַנישע מערק ארויסגע׳פּטר׳ט ווערען נאָך ווייט אונטער׳ן איינקויפס־פּרייז, אין די זייד־און סאַמעט־פאַבריקען אין קרעפעלד, עלבערפעלד און ליאָן בלייבען אָהן ארבייט צוליעב דעם, וואָס עס פעהלען בעשטעלונגען.

ניי־ענטדעקטע רייכע גאָלד און זילבער מינען אין פרעמדע

*) זעה „מאָניטעור נומער 335 פון 1טען דעצעמבער 1821:
אויב דהיינו, עס איז געווען אַ גרויסע שפע אין שניט, פאַלט ניט דער פרייז פון די תבואה, ווי דער עולם מיינט געוועהנליך, לפי ערך צו דער גרעסערער תבואה קוואַנטיטעט, נאָר אין אַ פיעל שטאַרקערער מאָס, אויף אַזאַ׳ן אופן, אַז איצט דערגרייכט דער סך הכל ווערטה פון דער גאַנצער גע־רעטעניש אַפילו ניט דעם סך הכל ווערטה פון דער תבואה ביי אַ דורכשניט־ליכען יאָהר. אָפט בלייבט עס גאָר הינטערשטעליג אויף העלפט נאָך. אַזוי האָט נאָך ק אָ ר ד י ע ה נאָך, (מעמואַר סיר ל׳אַגריקילטור דע לאַ פלאַנדר פראַנסעהז. פּאַריז 1828), די ווייץ־געררעטעניש אין פראַנקרייך אריינ־געבראַכט אין

| יאָהר | אין העקטאָליטער | גאַנצער געלד־בעטרעף |
| --- | --- | --- |
| 1817 | 48,157,127 | 2046 מיליאָן פראַנק |
| 1818 | 51,879,782 | 1442 " " |
| 1819 | 63,945,878 | 1170 " " |

דערפון נעהמט זיך די נויטה ביי די בויערן ווען עס איז אַ גרויסע שפע אין תבואה.

**) סחורה אָבגעלעגט צום טראַנספּאָרטירען קיין אויסלאַנד. (לאַסאַל)

וועלט־טהיילען מאכען אן ענדערונג אין אלע קאנטראקטען דורך דעם פאלענדען ווערטה פון די עדעלע מעטאלען. אלע אייראפעאישע קרעדיטארען ווערען דאן ארימער. און אלע בעלי חובות רייכער, בעת טאמער האט זיך די נאכפראגע אויף זילבער אין כינא און יאפאן פערגרעסערט, און האלט אן א לענגערע צייט, קען די ווירקונג זיין פונקט אן אומגעקעהרטע.

דורך דער בלויזער טעלעגראפישער מעלדונג, אז די פעלד־ריבען אין האלאנד פערשפרעכען בעסער צו געראטען היי־יאהר, ווי פאר א יאהרען, פערליערען די ריבען־אויל פאבריקאנטען אין פרייסען דאס גאנצע געצאהלט פאר זייער אינדוסטריעלער טהעטיגקייט, און קענען נאך אפט שטארק צופריעדען זיין, ווען דאס שוין צוגעגרייטע אויל זאל אויסגעבראכט ווערען צום קויף־פרייז פון די ריבען.

יעדע נייע מעכאנישע ערפינדונג, וואס מאכט ביליגער די פראדוקציע פון א וואארע, נעהמט אוועק מעהר אדער ווייניגער אדער איינגאנצען פון דעם ווערטה פון מאסען אבגעלעגטע פארטיגע סחורה פון דעמזעלבען מין און טרייבט רייהען מיט אונטערנעהמער און הענדלער צום באנקראט. אמעהר, קיין נייע אייזענבאהן קען ניט געלעגט ווערען, אז עס זאל ניט העכערן דעם פרייז אויף כמה וכמה מאל פון שטיקער לאנד, הייזער און געשעפטען נעבען פלאץ און ביים צוגאנג צום פלאץ, וואו די אייזענבאהן ווערט געלעגט, און אז שטי־קער לאנד, הייזער און געשעפטען אויף אנאנדער ארט, אדער ביי אן אנטקעגענגעזעצטען פונקט פון זעלבען ארט זאלען ניט פערלירען פון זייער ווערטה אויף א היבשע צייט.

אט די סעריע ביישפיעלען, וואס מען קען נאך מיליאנענפאך פערגרעסערן און ספעציאליזירען, צייגט אייך, הערר שולצע, ווי אמת עס איז, אז אויפ'ן עקאנאמישען געביעט, להיפוך צום געביעט פון געזעץ, איז יעדער פעראנטווארטליך פאר דעם, וואס ער האט ניט געטהאן.

דער שכל איז א זעהר פראסטער. פון שטאנדפונקט פון רעכט, איז יעדע בעזונדערע האנדלונג דער פראדוקט פון דעם אינדיווידועלען פרייען ווילען. בעת עס איז אזוי אויפ'ן געביעט פון רעכט, וואו נאר די התחייבות (געזעץ) איז געמיינשאפטליך און די האנדלונג איז נאר דער פראדוקט פון פרייען ווילען פון יחיד, איז אבער דאס עקאנאמישע געביעט — דאס געביעט פון

געזעלשאפטליכע שייכות'ען, צוזאמענהאנגען, — אלזא, דאס געביעט פון סאלידאריטעט אדער געמיינשאפטליכקייט.

די בעזונדערע האנדלונג גופא, וואס איז, אויפ'ן יוריסטישען געביעט, דער פראדוקט פונ'ם פרייען ווילען, קריגט ערשט אויף דעם עקאנאמישען געביעט, איהר בעשטימטקייט, איהר פארם דורך אלע געזעלשאפטליכע צוזאמענהאנגען. די דאזיגע צוזאמענהאנגען מאכען זי פאר דעם, וואס זי איז, שמעלצען זי איבער און געשטאלטען זי אום, מאכען זי פאר זייער פראדוקט און גיבען איהר זייער כאראקטער.

ווען איהר שטעלט, אלזא, אוועק אין די ציטירטע שטעלען גאנץ נאאיוו די יוריסטישע און די עקאנאמישע זעלבסט־אחריות און שולד־פערשטענדניס אויף איין און דערזעלביגער מדרגה, און מיינט נאך, אז איהר האט דאס לעצטע אזוי מיר־ניט־דיר־ניט בעגרינדעט, דורך דיזעלבע ווערטער, דורך וועלכע איהר האט דאס ערשטע גערעכטפארטיגט — פאסט זיך באמת צו אזא צונויפפלאנטערונג פון גאנץ פערשיעדענע און ענטגעגענגעזעצטע געביעטען, זיך אויסצודריקען מיט שעלינג: — דאס איז די בילדונג פון א „פעלדשער!“ הערר שולצע!

אין דעם אויבענגעזאגטען האב איך שוין, דאכט זיך, שוין נישקשה'דיג צונומען אייער יוריסטישען זאץ, וואס איהר האט טריאומפירענד אנגענומען פאר אן עקאנאמישען, נאר פונדענסטוועגען, אז איהר האט מיך שוין יא געצוואונגען אט די טהעמא פארבייגעהענדיג צו בעריהרען, טא לאזט מיך אבגעבען אויף דעם נאך עטליכע ווערטער.

די מענשליכע געמיינשאפטליכקייט, די סאלידאריטעט לאזט זיך איגנארירען, הערר שולצע, אבער זי לאזט זיך ניט בטל מאכען!

ווען עס עקזיסטירען, אלזא, געזעלשאפטליכע איינריכטונגען, וואס אנערקענען ניט און רעגולירען ניט אט די סאלידאריטעט, עקזיסטירט נאך אבער אלץ אט די סאלידאריטעט, ניט קוקענדיג אויף דעם; מעהר ניט, וואס איצט בעווייזט זי זיך, פונקט ווי זי וואלט נקמה נעהמען פאר'ן איגנארירען זי, אלס רויהע

נ א ט ו ר ־ מ א כ ט, אַלס אַ שיקזאַל, וואָס שפּיעלט מיט דער כלומרשט׳דיגער פרייהייט פון׳ם יחיד, מיט זיין אָנגעוויזענקייט אויף זיך אַליין, ווי מיט אַ באַל. איינער גראַד ווערט הויך אויפגעכאַפּט און אַריינגעוואָרפען אין סאַמע שוים פון רייכטהום, אין אָט דעם שפּיעל, וואָס אומבעקאַנטע, און דערפאַר ממילא שוין אונבעהערשטע, כחות טרייבען מיט איהם. הונדערט אַנדערע ווערען אַרונטערגע־וואָרפען אין שאול תחתיה פון אָרימקייט און דאָס ראָד פון די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע צ ו אַ מ ע נ ה אַ נ ג ע ן געהט זיך אַריבער איבער זיי און זייערע האַנדלונגען, איבער זייער פּליים און זייער אַרבייט, אומשמעלצענדיג און צוקוועטשענדיג זיי. דער צ ו ־ פ אַ ל שפּיעלט דאָ אין באַל, און די מענשען זיינען עס די יע־ניגע, וואָס דיענען אַלס באַלען אין אָט דעם שפּיעל.

איצט, אַז איהר וועט זיך ערנסט בעמיהען, וועט איהר אפשר בעגרייפען, הערר שולצע, אַז וואו דער צופאַל הערשט, ווערט דעם יחיד׳ס פ ר י י ה י י ט בטל. איהר וועט בעגרייפען, אַז דער צ ו ־ פ אַ ל איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי די פ ע ר נ י כ ט ו נ ג פון יעדער ז ע ל ב ס ט ־ פ ע ר אַ נ ט וואָ ר ט ל י כ ק י י ט, ש ו ל ד ־ פ ע ר ־ ש ט ע נ ד נ י ס און, פאָלגליך, פון יעדער פ ר י י ה י י ט.

איהר וועט דערפאַר בעגרייפען, אַז די יעניגע, וועלכע ווילען איינפיהרען תקנות, וואָס זאָלען האָבען פאַר זייער ציעל, אין פערלויף פון דער ענטוויקלונג, צו בעשרענקען און אין גאַנצען אָבצושאַפען אָט דאָס שאַלטען פון צופאַל — און אויף וויפיעל ער לאָזט זיך ניט אָבשאַפען, אַרויפצולייגען זיין דריקענדע לאַסט אויפ׳ן כלל, זי צו פערטיילען צווישען אַלעמען, אַזוי, אַז זי זאָל זיך מעהר ניט פיהּ־לען, אַנשטאָט וואָס איצט וואַרפט זי זיך אַרויף אויפ׳ן יחיד — איהר וועט אפשר בעגרייפען, אַז די, וואָס זיינען עס אויסען, ווילען דער־מיט די ש ו ל ד ־ פ ע ר ש ט ע נ ד נ י ס, ז ע ל ב ס ט ־ פ ע ר אַ נ ט ־ וו אָ ר ט ל י כ ק י י ט און פ ר י י ה י י ט פון דעם יחיד, צוריק אויפריכטען, ניט פערניכטען. איהר וועט אפשר איינזעהן, אַז מיט אָט דער אָבשאַפונג פון צופאַל, מיט אָט דעם אַרויסהויבען, דורך די מיטלען פון פערנונפט, דאָס געמיינשאַפטליכע און סאָלי־דאַרישע צווישען מענשען, וואָס לאָזט זיך נאָר איגנאָרירען, אָבער בשום אופן ניט טויטען דורך דעם, וואָס מען איגנאָרירט עס — ווי־לען זיי ערשט שאַפען אַ פּ ל אַ ץ און אַ באָדען פאַר דער שולד־פער־

שטענדניס, זעלבסט־פעראַנטוואָרטליכקייט און פרייהייט פון דעם יחיד, וואו זיי זאָלען קענען פערנינפטיג ווירקען, בעת, אַזוי ווי עס איז, ווערען זיי אַלע דערשטיקט און פערשלונגען פון די געזעלשאַפט־ליכע צוזאַמענהאַנגען, וואָס טרעטען אויף אַלס רויהע נאַטור־מאַכט.

די געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען, הערר שולצע, — דאָס איז די פאַרצייטיגע אַרפּישע קייט, פון וועל־כער עס האָבען נאָך געזונגען די אַלטע אַרפעער, *) אַז זי בינדט צוזאַ־מען און פערקניפּט אַלע זאַכען וואָס עקזיסטירען, איינס מיט'ן אַנדערן אויף אַן אונצורייסבאַרען אופן. און מערקווירדיג איז עס, און ניט אָהן אַ געוויסען טיעפערען זין און קאָמיזם, וואָס אַט די אַל־טע אַרפּישע קייט טראָגט נאָך היינט דעם פאַרצייטיגען אַרפּיש־סטאָאישען נאָמען אין אונזער סוחרי'שער־וועלט ביי אונזערע גע־שעפטסלייטע און אונטערנעהמער. אַט דער באַנד פון געזעלשאַפט־ליכע צוזאַמענהאַנגען, אַט די קייט, וואָס פערבינדט אַלע עקזיסטי־רענדע אונגוויסבאַרע אומשטענדען איינס מיט'ן אַנדערן צוזאַמען, הייסט אין אונזער סוחר'ישער וועלט — די קאָניונקטור**).

און דאָס איבערנאַטירליכע, מעטאַפיזישע***) אַנשטויסען זיך אויף די ווירקונגען, וואָס די אונגוויסבאַרע אומשטענדען ברענגען ארוים — דאָס איז די ספּעקולאַציע.

קאָניונקטור און ספּעקולאַציע — די־אַ בעהערשען אונזער גאַנצע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ; זיי בעהערשען די גאַנצע טרייב־מאַשי־

---

*) אַנהענגער פון אַ דביקות'דיגער רעליגיאָן, וועמעס גרינדער עס זאָל האָבען געוועזען דער געטליכער זינגער אַרפעוס. א. א. ר.

**) עפּיפּלאָקעה, סומפּלאָקעה, ענדעסיס טאָון אָנטאָון [טראַנסליט. פון גריכיש] פערקניפּונג, און פערבינדונג פון [אַלין], וואָס עקזיסטירט, רופען די רוימישע און גריכישע סטאָאיקער אָן דעם אָרפּישען „אונצו־רייסבאַרען באַנד“ (דעסמאָס אַרערעהקטאָס), די „היימאַרמענעה“ [גריכ. פאַר „גורל“] די שיקזאַלס־קייט, וואָס פערקניפּט און פערבינדט נעגאַטיוו צוזאַמען די גאַנצע עקזיסטענץ. ז. העראַקליט ט. I. ז. 374-379.

***) (לאַסאַל בענוצט דאָ דאָס וואָרט אין דעם פּאָפּולערען זין פון „איבערנאַטירליך“ כדי דורכצופיהרען אַ מין וואָרט־שפּיעל צווישען דעם טערמין „ספּעקולאַציע“, ווי ער ווערט געברויכט אין דער פילאָזאָפיע, אַלס אַבסטראַקטעס דענקען, און דעמזעלבען וואָרט ווי מען פערשטעהט עס אויף דער בערזע. ביי ביידען, זאָל עס הייסען, איז ניטאָ גאָר נישט פּאָזיטי־וועס, אַ ריינער טרעף־אָדער־פעהל שפּיעל, א. א. ר.)

נעריע פון אונזער סוחר׳ישער וועלט, און דורך די רינגען, וואָס לויפען זיך פונאַנדער פון די אויפגעברויזטע הויכע פּאַליעס, ווירקען זיי און בעשטימען די אינדיווידועלע געשטאַלט פון דעם טראָפּען וואַסער, וואָס פליסט דאָרטען ביין סאַמע ווייסטסטען ברעג, דאַכט זיך, אין דער פאָלקאָמסטער רוה און זעלבסטשטענדיגקייט.

זיי בעהערשען יעדע אינדיווידועלע עקזיסטענץ אַלץ מעהר אינטענסיוו, וואָס נעהנטער איהר אַרבייטס־צווייג קומט אין בעריהרונג מיט יענע גרויסער סוחר׳ישער טרייב־מאַשינעריע, און אַלץ וועניגער אינטענסיוו, וואָס מעהר אָט די דאָזיגע עקזיסטענץ געהער זיך אָן מיט אַן אונטערגאַנגענער פּעריאָדע, וואָס האַלט נאָך אָבער אָן אין אַ גאַנץ קלעגליכער, פערשווינדענדער פאָרם פון איבערבלייבעכטסען.

זיי בעהערשען יעדע אינדיווידועלע עקזיסטענץ אַלץ מעהר אינטענסיוו, וואָס מעהר איהר אַרבייט בעשטעהט דאַרין צו פּראָדוצירען אַ געזעלשאַפטליכען טויש־ווערטה, און זיי בעהערשען יעדע עקזיסטענץ, אַלץ וועניגער אינטענסיוו, וואָס מעהר איהר אַרבייט איז געווענדט אויף דער פּראָדוקציע פון נוץ־ווערטהען פאַר׳ן אייגענעם געברויך — אַן אַרבייטס־פאָרם, וואָס איז שוין כמעט אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען. דעם חלוק ביי דעם וועלען מיר נאָך שפּעטער זעהען.

דערפון נעהמט זיך טאַקי יענע בעאָבאַכטונג, וואָס איז אַזוי געמאַכט געוואָרען פון ערפאַהרענע סוחרים, אַז אין אַ געשעפטס־קאַריערע טרעפט עס בעזונדערס אָפט, אַז דוקא די געשייטערע ספּעקולאַנטען ווערען רואינירט, בעת די נאַרישערע זיינען גראָד מצליח.

פון דעם פריהערדיגען ערקלעהרט זיך זעהר לייכט דער דאָזיגער פאַקט, וואָס זעהט אויס אַזוי אויפפאַלענד און אונבעגרייפליך.

דער סך הכל פון די אונווייסבאַרע אומשטענדען וועגען אונענדליך אַריבער, צו יעדער צייט, דעם סך הכל פון די ווייסבאַרע אומשטענדען.

וואָס וויכטיגער און גענויער עס איז די אָבשאַצונג פון די ווייסבאַרע אומשטענדען, אויף וועלכע די פערשטענדיגע אויסרעכנונג פון דעם ספּעקולאַנט איז געבויט, אַלץ גרעסער איז די וואַהרשיינליכקייט, אַז די אונענדליך איבערוועגענדע סומע פון די אונווייסבאַרע אומשטענדען וועט אומבייטען דעם רעזולטאַט.

וואָס ריכטיגער, שארפער און גענויער, אלזאָ, די אויסרעכנונג פון דעם ספעקולאַנט איז צוגעפּאַסט צו די אומשטענדען, וואָס זיי־נען איהם בעקאַנט, אלץ מעהר האָט ער די וואהרשיינליכקייט בכלל געגען זיך. —

דאָס ביזאהעריגע אינגאַנצען גילט, הערר שולצע, פאַר אונ־זער עקאָנאָמישען צושטאַנד אין אַלגעמיין, און טאַקי גאַנץ בעזונדער נאָך פאַר די געשעפטסלייט און אונטערנעהמער, וועמעס אינטע־רעסען איהר פערטרעט.

אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע נאָך געפינען זיך, אָבער די ארבייטער. זיי זיינען אפילו, אויסגעשלאָסען פון יענעם אינדיווידועלען גליק־שפּיעל, וואָס פער'כישוף'ט אַזוי אונזערע סוחרים און אונטערנעה־מער. אָט זיי, די סוחרים און אונטערנעהמער, פערגעסען, אַז פאַר די גליקליכע פעלע, דורך וועלכע איינצעלנע צווישען זיי זיינען אריינ־געשליידערט געוואָרען אין סאַמע רעכטען שוים פון רייכטהום, בע־צאָהלט זייער איינענער שטאַנד דערמיט, וואָס מאַסען פון זיינע מיטגליעדער פאַלען טיעף אונטער'ן ראַד פון עלענד.

זיי, די ארבייטער, זיינען אויסגעשלאָסען, זאָג איך, פון יענעם גליק־שפּיעל, וואָס אונזער גאַנצע פּראָדוקציע שטעלט מיט זיך פאָר, ווייל זיי קענען ניט צוטראָגען דעם איינלאַג וואָס פאָדערט זיך צו דעם דאָזיגען גליק־שפּיעל — דאָס קאַפּיטאַל.

צוגעלאָזען צו יענעם גליק־שפּיעל זיינען, נעמליך, נאָר אַזעלכע, וואָס פערקויפען פּראָדוקטען אויף איינע־נעם חשבון, און דערצו נאָך טאַקי וואָס זיינען די באַלעבאַטים איבער אַ ניש'קשה'דיגען קאַפּיטאַל כדי, ביי גינסטיגע אומשטענ־דען, צוצוגרייטען אָדער צו בעציהען די דאָזיגע פּראָדוקטען אין גרויסע מאַסען, און אויף אַזאַ'ן אופן זאָלען זיי קענען די גינסטיגערע קאָניונקטורען פאַר זיך אויסנוצען, אויספּרעסען, און ביים שפּיעלען אין באַל מיט'ן גליק כאַפּען דעם מזל'דיגען זעץ מיט די קלעצלאַך — קאָניונקטור און ספּעקולאַציע — און זיך צושלאָגען צום ציעל — צום סאַמע רייכטום.

אויסגעשלאָסען פון די גינסטיגע שאַנסען פון אָט דעם גליק־שפּיעל איז דערפאַר דער ארבייטער־שטאַנד אַלס אַזעלכער (סיי דער אינדוסטריעלער ארבייטער־שטאַנד, סיי

דער ארבייטער־שטאנד אויפ׳ן לאנד), וואָרים דער ארבייטער טרעט קיינמאָל ניט אויף, אלס דער פערקויפער פון א פּראָדוקט אויף איי־גענעם חשבון.

אזוי גוט ווי אויסגעשלאָסען ווידער איז דער קליינער האנד־ווערקער, וועלכער, ד.גם ער גרייט־צו און פערקויפט א פּראָדוקט אויף אייגענעם חשבון, זינקט ער פון איין זייט אלץ מעהר און מעהר אראָב ביז צו א פּראָסטען לוין־ארבייטער פון דער גרויסער קאפּיטאל מאַשינעריע; פון דער אנדערער זייט, ווערט ער נאָך געשטערט צוליעב׳ן דוחק אין קאפּיטאל, ביים זעלבסטשטענדיגען אָנגאנג, אויס־צופּרעסען גינסטיגע קאָניונקטורען, און ער ווערט אלץ מעהר ארויס־געשטויסען דורך דער אונגינסטיגער קאָניונקטור און קען אלץ וועניגער ווידערשטאנד ווייזען.

דער ארבייטער־שטאנד און דער האנדווערקער־שטאנד בילדען דארום אין אונזער געזעלשאפט א ווירטהשאפטליכע אבטהיילונג, איבער וועלכער עס שטעהט די אויפשריפט, ווי איבער דאַנטע׳ס גיהנם:

„איהר, וואָס טרעט ארײן אָט דאָ, געזעגענט זיך אָב מיט יעדער האָפנונג“!

אויב אָבער אָט די קלאסען זיינען אויסגעשלאָסען פון א די־רעקטען איינטריט אין דעם גליק־שפּיעל פון דער קאָניונקטור, פיה־לען זיי, פונדעסטוועגען, נאָר גוט די שאנסען פון גליק־שפּיעל, אויף אן אינדירעקטען אופן; נאָר, זעהט איהר, די גינסטיגע און די אונ־גינסטיגע שאנסען אויף אן **אונענדליך פערשיעדע־נעם** אופן.

די גינסטיגע קאָניונקטור — א פּעריאָדע פון מז״ל ברכה, פון פערגרעסערטער פּראָדוקציע, האָט אויף ארבייטער און האנדווער־קער די אינדירעקטע ווירקונג, וואָס עס ווייזט א **טענדענץ דעם ארבייטס־לוין אויף עפּעס צו העכע־רען**, אָבער אפילו ווען אָט די טענדענץ ווערט א ווירקליכקייט, קומט דערפון ארויס נאָר א זעהר קנאַפּע און צייטוויילינע פער־בעסערונג אין דעם ארבייטער׳ס לאגע — אזא, וואָס מערקט זיך קוים אָן.

בכלל גענומען אָבער, ווירקען נאָך אנטקעגען אָט דער טענ־דענץ צוויי אומשטענדען. איז די גינסטיגע קאָניוקטור ניט קיין

אַלגעמיינע, ד. ה. אַזעלכע וואָס זאָל אַריינטרעטען אין פיעלע אַר־בייטס־צווייגען, און ניט קיין דורענרדע, ברייננגט שוין דער ווידער־שטאַנד, וואָס די אונטערנעהמער ווייזען אַרוים אַנטקעגען יעדער העכערונג פון'ם אַרבייטס־לוין, צוזאַמען מיט דעם פאַקט וואָס די גינסטיגע קאָניונקטור האַלט וויניגער אָן — ברייננגט עס דערצו, אַז דער אַרבייטס־לוין ווערט אָדער כמעט אינגאַנצען ניט געהעכערט, אָדער נאָר אויף אַ גאָר אומבעדייטענדען גראַד. איז, ווידער, די גינסטיגע קאָניונקטור אַן אַלגעמיינע און אַ אָנהאַלטענדיגע, ברייננגט אָבער דאָס פאַמעלעכדיגע שטייגען פון'ם אַרבייטס־לוין אַזאַ פער־מעהרונג פון אַרבייטער־הייראַטהס און אַרבייטער־פאַמיליען, דאָס הייסט, אַזאַ פערגרעסערטע נאָכפראַגע אויף אַרבייט, אַז שוין דורך דעם אַליין ווערט געוועהנליך דער געהעכערטער אָנבאָט ווידער אויסגעגליכען, און דער אַרבייטס־לוין פאַלט ווידער אַראָב אויף דער פריהערדיגער הויך, אָדער נאָך אפשר ניעדריגער. *)

אויב, אַלזאָ, בכלל גענומען, די ווירקונג פון דער גינסטיגער קאָניונקטור אויפ'ן אַרבייטער־שטאַנד איז אַ קנאַפּע און פאַר־בייגעהענדיגע, פאַלט אָבער, דאַגעגען, די אונגינסטיגע קאָניונקטור אויף איהם מיט אַ צומאַלענדען דרוק.

אַ דירעקטע פערקלענערונג פון'ם לוין, פערמינערונג פון זיין בעשעפטיגונג און פאַלשטענדיגער אָבשטעל פון אַרבייט — דאָס זיינען די שמיץ, וועלכע די אונגינסטיגע קאָניונקטור און די איבער־פּראָדוקציע, וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך דער גיעריגער קאָנקור־רענץ פון די ספעקולאַנטען, לאָזען פאַלען אויפ'ן רוקען פון די אַר־בייטער.

נאַטירליך, הערר שולצע, פאַר אייך, איז גאָר ניטאָ קיין גרע־סערער וואונדער, ווי דוקא די חכמה פון אָט דער קאָנקורענץ, וועל־כע מאַכט פאַר אייך אונזער וועלטעל פאַר דער בעסטער פון אַלע מעגליכע וועלטען! טאָ לאָזט מיר אייך אילוסטרירען די טיעפע חכמה פון דער דאָזיגער קאָנקורענץ, ניט חלילה מיט מיינע ווער־

---

*) מכח דעם, זעה נאָך מיין „אַרבייטער־לעזעבוך" (פראַנקפורט אַם מאַין 1863, ריינהאָלד בייסט. ז. 5—18); פגל. מיין שריפט: „דיע אינדירעקטע שטייער אונד דיע לאַגע דעס אַרבייטערשטאַנדעס" (ציריך, מייער א. צעלער 1863, ז. 37—47.)

טער, נאָר מיט די ווערטער פון איינעם פון די הויפּט וואָרט־פיהרער פון דער ליבעראַלער בורזשואַ־עקאָנאָמיע, וועלכער אָבער, להבדיל צווישען איהם און אייך, קען לכל הפּחות, די צושטענדע איבער וועלכע ער שרייבט. דאָס זיינען, אַלזאָ, די ווערטער פון דעם ענגלישען סטאַטיסטיקער און עקאָנאָם מאַקולאָק, וועלכער ווערט אַזוי שטאַרק געריהמט פון די בורזשואַ־עקאָנאָמען*) :

„נאָך דער ערשטער ערעפנונג פון פערקעהר מיט בוענאָס־איירעס, בראַזיליען און קאַראַקאַס זיינען מעהר פאַבריק־אַרטיקלען פון מאַנטשעסטער אַרויסגעשיקט געוואָרען אהין אין משך פון וועניג וואָכען, ווי אין די פריהערדיגע צוואַנציג יאָהר. די מאַסע ענגלישע וואַרע, וואָס איז געווען אָנגעקומען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָבען געפעהלט פּלעצער, וואו עס אָבצולייגען, און די ווערטהפאָלסטע זאַכען זיינען וואָכען לאַנג געלעגעןביים ברעג, אויסגעזעצט צום וועטער און צו גנבה. עלעגאַנטע געשיר פון געשליפענעם גלאָז אָדער פּאָרצעליי איז אָנגעבאָטען געוואָרען אַזעלכע לייטע, וועמעס טהייערסטע טרינק־געפעס איז ביז אהער בלויז געווען א האָרן אָדער א קאַקוס־שאָל. ווערקצייג זיינען אהין אַרויסגעשיקט געוואָרען, אָנהויבענדיג פון א האַמער און ענדיגענדיג מיט א העקעל, אַקוראַט ווי די איינוואוינער וואָלטען נאָר געדאַרפט דעם ערשטען בעסטען שטיין שפּאַלטען; אויף צווייען, כדי אַרויסצושניידען גאָלד אָדער דימענטען; אַמעהר, אייניגע ספּעקולאַנטען זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען אפילו גליטש־שיך געשיקט קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ“.

די גאַנצע געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער אינדוסטריע אין אַט דעם יאָהרהונדערט, איז געווען ניט מעהר ווי איין לאַנגע סדרה מיט „זולל־וסובא'דיגע ספּעקולאַציעס“, מיט איבערשפּאַנונגען פון'ם קרעדיט, אויס „בלינדקייט צו די פאַקטען, און אַלס פאָלגע פון די קרעדיט־פיבערס : ציעללאָזע, ווילדע איבערפּראָדוקציע“, און אַלס פאָלגע דערפון : קריזיסען, דאָס פאַלען פון די פּרייזען ווייט אונטער די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, פערמינערונג און אָבשטעל פון ארבייט, און מעהר אָדער ווענינער אָנהאַלטענדיגער ארבייטס־שטילשטאַנד.

*) פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקאַל איקאָנאָמי, עדישאָן 2, פּיידזש 329.

איך ווייז אייך, צ. ב. ש. אָן אויף דער בעריהמטער און קלאַסישער „געשיכטע פון פרייזען פון 1793—1857“ פון ט ה. ט ו ק.

דעם ארבייטערס רוקען איז, אלזא, דער אונפעראינטערעסיר־טער גרינער טיש, אויף וועלכען די אונטערנעהמער און כפעקולאנ־טען שפּיעלען דאַס גליק־שפּיעל, וואָס די היינטיגע פּראָדוקציע שטעלט פאַר מיט זיך. דעם ארבייטער׳ס רוקען איז דאָס דער גרי־נער טיש, אויף וועלכען זיי קאסירען איין די הויפענס מיט גאָלד, וואָס דער מזל׳דיגער רולעטקע־ראַד ווארפט זיי צו; און ווען ביי א ניט מזל׳דיגען וואָרף טרייסטען זיי זיך מיט דער זיכערער האָפ־נונג אויף א בעסערען מזל, א צווייטען מאָל, איז עס אַלץ דעם אר־בייטער׳ס רוקען, וואָס האָט אויסצושטעהן די פאָלגען דערפון.

דער ארבייטער איז דאָס, וואָס בעצאָהלט פאַר די נויטהווענדי־גע דורכפאַלען אין יענעם שפּיעל פון די באָרסעס *) און ספּעקולאַנטען, ווענמעס פאַלשע ספּעקולאציעס און חשבונות ער האָט ניט ארויסגע־רופען, אין וועמעס זשעדנעקייט ע ר איז ניט שולדיג און אין ווע־מעס הצלחה ער בעטהייליגט זיך ניט; און בעצאָהלען, בעצאָהלט ער פאַר דעם מיט לוין־פערקלענערונג, מיט מקריב זיין זיינע פער־האָרעוועטע אָבגעשפּאָרטע גראָשענס, מיט פאָלשטענדיגער ארבייטס־לאָזיגקייט. און פאָלגליך מיטעללאָזיגקייט — נויט און הויגער. און איהר, ניט האָבענדיג קיין אהנונג פון די „געזעלשאפטליכע צו־זאמענהאנגען“, ספּעקולירט אויפ׳ן חשבון פון אייער אייגענער און דעם ארבייטער׳ס אונוויסענהייט, וואָס די לעצטע איז אפשר א קאָפּעלע גרעסער פון אייער אייגענער עם הארצות, וואָרים, כ׳פער־שטעהט זיך דאָך, אז דער ארבייטער איז ניט ביכולת קלאָהר צו זעהן, ווי אזוי זיין אינדיווידועלער גורל ווערט בעשטימט פון די פערהעלטניסע פון וועלט־מארק, און וועלכע סבות ווירקען ווידער אויף אָט זיי.

איז איהר, חכם עתיק, וואָס איהר זייט, רופט דאָס אַלץ אָן די „זעלבסט־פעראַנטוואָרטליכקייט און שולד־פע־שטענדנים“ פון די ארבייטער! און מיט אָט אזעלכע שלאַג־ווער־טער ווילט איהר דאָס — מאדים איינער, דערביטער׳ן די ארבייטער געגען די מענער, וועלכע סטאַרען זיך ערשט גראָד צוצופיהרען צו

*) „ארבייטסהעררען“ א. א. ר.

אמת'ע זעלבסט־פעראנטוואָרטליכקייט און שולד־פערשטענדניס—אָט
די ארבייטער דוקא, וועלכע, אין זייער זעלבסט־פערלייקענונג, זיינען
איצט בלויז די שמיים־אינגלעך פון דעם אונטערנעהמער־שפּיעל.

מען וואָלט נאָך אפשר געקענט געפינען א שטיקעל זכות פאר
אָט דעם מיסברויך פון . פאָלקס־אונוויסענהייט דארין, וואָס די
עניים, אין וועלכע איהר טרעט אויף אלס „לעהרער", זיינען דאָך
ווייט פון אייך און פרעמד. און ווי אנדערש זאָל עס דען טאקי
זיין? אָז ראשית, זייט איהר געווען א פּאַטרימאָניאַל־ריכטער *),
דערנאָך א קרייז־ריכטער אין א שטעדטעל; נו, און אויף דעם
דאָזיגען פּאָסטען, אי אלס פּאַטרימאָניאַל־ריכטער און אי אלס קרייז־
ריכטער, האָט איהר זיך דאָך אודאי געסטארעט יעדען איינעם צו־
צו'פּסק'ענען „דאָס, וואָס איהם קומט", מעשה בעל יושר. אָבער
אין די „געזעלשאפטליכע צוזאמענהאנגען", אין די פערהעלטניסע
פון וועלט־מארק און די פּראָצעסען, וואָס האלטען כסדר אין איין
פּאָרמירען די אינדיווידועלע שיקזאלען — אין דעם אלעמען האָט
אייך די דאָזיגע יוריסטישע טהעטיגקייט מיט די קליינע פערהעלט־
ניסע קיין טיעפערען בליק ניט געקענט געבען. גרויסע געשעפטס־
לייט און אינדוסטריע־מענשען זיינען בנוגע דעם אין א גאַנץ אנ־
דער לאגע, און לאכען אין די פויסטען איבער דער נאאיוויטעט פון
אייער „תורה" !

נו, און אויב איהר האָט דורך אייער פראקטישען פּאָסטען ניט
געקענט קריגען קיין איינזיכט אין אָט די פערהעלטניסע, האָט איהר
דעם אנדערען וועג, וואָס פיהרט צו אזא איינזיכט, דעם וועג פון
דער וויסענשאפט, גאָר קיינמאָל ניט אָנגעטאפּט אפילו. פון ווי־
סענשאפט האָט איהר בכלל ניט די מינדסטע ידיעה. וואָס איז
שייך, בעזונדערס, אייער בעקאנטשאפט מיט דער פּאָליטישער עקאָ־
נאָמיע, וועט זיך ארויסשטעלען פאר י ע ד ע ן  ק ע נ ע ר פון פּאָ־
ליטישע עקאָנאָמיע, וואָס וועט אויפמערקזאם איבערלייענען אייער
בוך, ווי די פּאָרטזעצונג פון אונזער קריטיק, וועט איבריגענס, ממילא
בעווייזען, אז איהר האָט א־וועלכען עס איז פּאָליטיש־עקאָ־אָמישען
בוך, חוץ דעם קליינעם אָנפאנג־ביכעל פון באסטיא, גאָרניט גע־

*) א ריכטער וואָס האָט צו פּסק'ענען איבער ירושה־סכסוכים. א. א. ר.

קענט האָבען געלעזען, העכסטענס, אפשר, נאָך דורכגעבלעטערט א דייטשע איבערזעצונג פון סיי'ס האנדבוך *).

מיט די ניש'קשה'דיג מטושטש'ע בעגריפען, וואָס איהר האָט פון יענעם אָנפאַנג־ביכעל אויפגעכאַפּט, אָפּט נאָך פּערדאַרבענדיג און צוקריפּלענדיג זיי, מחמת אייך פעהלט נאָך די מינדעסטע ווי־סענשאַפטליכע פאָרבילדונג בכלל און עקאָנאָמישעם שטודיום בפרט, טראָגט איהר זיך ארום צווישען פאָלק, און דאָס־אָ רופט איהר אייער „לעהרע“!

איהר זעהט אַז איך בין אודאי גענייגט אייך דן צו זיין לכף זכות און אָננעהמען יעדע ענטשולדיגונג, ווי מעגליכע עם הארצות, און פונדעסטוועגען, הערר שולצע, קומט שווער אָן אָנצונעהמען, אַז איהר מיינט עס, באמת, ערנסט, ווען איהר רעדט מכח דער „זעלבסט־פּעראַנטוואָרטליכקייט און שולד־פערשטענדנים פון די אר־בייטער אין אונזערע אינדוסטריעלע פערהעלטניסע און אויסרופענדיג אָט די שלאַג־ווערטער, ווילט איהר די ארבייטער בעגייסטערן פאַר דעם דאָזיגען יאָמער־צושטאַנד און זיי אָבהאַלטען פון פער־ווירקליכען א צושטאַנד פון אמת'ער זעלבסט־פּעראַנטוואָרטליכ־קייט, שולד־פערשטענדנים און פרייהייט. ווער עס קען אָט דעם אינ־דוסטריעלען צושטאַנד נאָר אפילו אויבערפלעכליך און נאָר פון דער ווייטען, ווער, עס לעבט אין גרויסע שטעדט, אין דער געזעלשאַפט פון פאַבריקאַנטען און סוחרים **), מעג ער זיין אפילו אזוי גענדאַנ־

*) זשאַן באַטיסט סיי איז געווען אַ זעהר בעוואוסטער פראַנצויזי־שער עקאָנאָם פון 18טען יאָהרהונדערט. א. א. ר.

**) אייער פריינד, וועניגסטענס, דער גרויסער פאַבריקאַנט, קאָמערץ־ראַטה און ליבעראַלער אָבגעאָרדענטער, הערר לעאָנאָר רייכענהיים, ווייס דאָס אַלץ פיעל בעסער און לאַכט מסתמא בשתיקה אַזוי האַרציג ביז קרעמ־פען פון אייך, אַז ער מוז אַייך דאַנקען פאַר דער „טובה“, וואָס איהר טהוט זיין פערדייהונג! [לאַסאַל'ס אויסדרוק איז „דיענסט“ און בעציהט זיך דאָ אויף אַ פראַזע, וואָס איז בענוצט געוואָרען פון דער באַסטיאַ־שולצע שולע „דיענסט פאַר דיענסט“, א. א. ר.] ער האָט אין יאָהר 1848 אָנגע־שריבען אַ דורך און דורך סאָציאַליסטישע בראָשורע איבער די אַרבייטער־פערהעלטניסע („די סאָציאַלע פראַגע אונד דיע מיטטעל צו דערען לעזונג“) וואו ער לאָזט אונז מערקען אַ גאַנץ אַנדער איינזיכט אין דעם ענין. פון מיר טהיילט ער זיך אָב דערמיט וואָס בעת, לויט מיר,

קענלאָז [ווי איהר], מוז, מיט דער צייט, קריגען, בלי ספק, א וואָסער־ניט־איז ידיעה וועגען דעם, ווי עס האַלט אויף אַן אמת'ען, מיט דער דאָזיגער „זעלבסט־פּעראַנטוואָרטליכקייט און שולד־פעהיגקייט" פון אונזערע אַרבייטער.

דאָך אפשר וועט די ווייטערע בעטראַכטונג פון אייער בוך אונז גרינדליכער אויפקלערען איבער דעם ספק, וואָס האָט זיך שוין ביי אונז מיט אַן אונווידערשטעהליכער קראַפט, געגען אונזער אייגענעם ווילען, אַריינגעריסען בנוגע אייער אויפריכטיגקייט.

דערווייל זאָגט איהר גלייך נאָך דעם לעצט־געבראַכטען זאַץ אָט וואָס: „צו בעשטרייטען אָט די זעלבסט־פּעראַנטוואָרטליכקייט, אָט די סאָציאַלע זעלבסט־הילף דוקא ביי דער בעזאָרגונג פון דער מאַטעריעלער נויטה־בעדערפטיגקייט פון עקזיסטענץ, דאָרט, וואו נאָך אַלעמען, די חיה אין אונזער נאַטור קומט צו איהר טונקעלן גרענעץ, הייסט אַזוי גוט, ווי איינפיהרען דעם קריעג פון אַלעמען אויפ'ן פעלד פון פערדיענסט, דאָרטען וואו, מעהר ווי אומעטום, זיינען די בעדינגונגען פון הצלחה — פריעדען און זיכערקייט".

ראשית, פרעהט מיר צו הערען, הערר שולצע, אַז ביי אייך

---

זאָל דער דורכשניטליכער אַרבייטס־לוין בעטרעפען אַזוי פיעל, ווי עס פאָדערט זיך ביים פאָלק צום געוועהנליכען נויטיגען לעבענס־דערהאַלט, ערקלערט ער, אַז די אַרבייטער אין פיעלע געגענדען זיינען אַזוי ווייט געזונקען, אַז זיי קענען קוים זיך דערשלאָגען צו די נויטהיגסטע לעבענס־בעדערפנישען" (זייט 9) אַרויפצוברייגען זייער שבירות אויף אַ מענשליכער מדרגה — זאָגט ער ווייטער — איז ניט נאָר אַ נויטהווענדיגקייט נאָר אַ מאָראַלישער חיוב". דער כלל, וואָס גילט זעהר אָפט בנוגע דעם לוין, זאָגט ער זייט 10, איז ניט „וויפיעל דאַרף דער אַרבייטער האָבען כדי צו קענען לעבען ווי אַ מענש", נאָר „וויפיעל דאַרף ער האָבען כדי ניט צו שטאַרבען פון הונגער". דאָס מיטעל צו אַ בעסערונג זעהט ער בלויז אין אַ געזעץ, וואָס זאָל רעגולירען און פעסטשטעלען דעם לוין אָדער אַ מינימום לוין!! „נאָר אויף אַזאַ'ן אופן וועט ער זיך אַרויסראַטעווען פון דעם עלענד און פיין, וואָס קומען אונז אַנטקעגען אין די אַרבייטער־היהלען, וואָרים וואוינונגען זיינען דאָס ניט, אין די מאוים'דיגסטע געשטאַלטען" (זייט 11) א. א. וו. א. א. וו. אַודאי, פאַרוואָס ניט, אין יאָהר 1848 איז דאָס געווען, ווען דאָס האַרץ פון אָט דעם מיליאָנער און ליבעראַלען אָבגעאָרדענטען האָט אַזוי וואָרים געשלאָגען פאַר'ן פאָלק.

איז „די מאַטעריעלע נויטה־בעדערפטינגקייט פון עקזיסטענץ“ דער פונקט, וואו די ח י ה אין אונזער נאַטור קומט צו איהר גרענעץ. ביי אנדערע מענשען ה ו י ב ט זיך אפשר דאָס טהיערישע דאַ אָן. ביי א י י ך, פאַרקעהרט, געפינט זיך דאַ איהר ג ב ו ל. זי שפּרייט זיך, ה י י ס ט ע ס, פ ו נ א נ ד ע ר ב י ז א ה ע ר. אויב דאָס איז דער פאַל, נו, דאַן איז שוין ממילא ערקלערט, נאָכדעם ווי איהר האָט זיך אָפענהערציג מודה געווען דעריין, דער גייסטיגער תוכן און כאַראַקטער פון אייער בוך!

שנית, אָבער: זאָל עס „א י י נ פ י ה ר ע ן ד ע ם ק ר י ע ג פ ו ן א ל ע מ ע ן“, ווען אָנשטאָט אייער זאָגענאַנטער „סאָציאַלער זעלבסט־הילף“, וואו יעדער איינציגער איז אָנגעוויעזען אויף זיך אליין, ווערט געגעבען דעם ארבייטער קלאַס, דורך גרויסע אָרגאַ־נישע תקנות, די מעגליכקייט פון ס אָ ל י ד א ר י ש ע פּ ר אָ ד ו ק־צ י ע?

אין וואָס פאַר אַ לייבען־פעל דעקט איהר דאָס איין אייערע גליעדער, און ווי אונגעלומפּערט און פעררעטעריש צו זיך איהר לאָזט דאָס דערביי ארויסשטעקען דאָס אויער, בעת איהר דערמאָהנט דאָ אָן „קריעג פון אלעמען“! דער „ק ר י ע ג פ ו ן א ל ע מ ע ן ג ע ג ע ן א ל ע“ „בעלום אָמניום אין אָמנעהס“ איז אַ טעכנישער אויסדרוק, וואָס האָט פאַר זיין ערפינדער דעם גרויסען ענגלישען פילאָזאָף ה אָ ב ז (געב. 1588).

האָבז, אָבער, בעצייכענט דערמיט גראַד דעם צושטאַנד פון די יחידים, וואָס זיינען אָנגעוויעזען אַ־יעדער אויף זיך אליין און לעבען זיך אין אַן אבסאָלוטער זעלבסט־שטענדיגקייט און גלייכ־הייט, דעם סטאַטוס נאַטוראַליס (נאַטור־צושטאַנד), קורץ, דאָס וואָס מען רופט אָן, להיפוך צום ש ט א א ט, די ספּערע פון דער ב י ר־ג ע ר ל י כ ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט וועלכע איז אויסגעזעצט געוואָ־רען צו דער פרייער קאָנקורענץ *). ער לאָזט אָט דעם קאַמפּף פון אלעמען געגען אלע בעזייטיגט ווערען נאָר דורך דער איינפיהרונג פון דעם פּ אָ ז י ט י וו ע ן ש ט א א ט א ו ן ז י י נ ע

*) אין דעם בעריהמטען בוך: עלעמענטאַ פילאָסאָפיקאַ דעה קיווע; ליבערטאַס, קאַפּ. I און XII אין XIII ז. 15. אַמסטערדאַם אויסג. 1647.

צוואנגס־געזעצע*). נאָך פאַר האָבז'ען האָט מאָנטען (געב. 1533) בעשריעבען דאָס סאַמע ווענען פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט אַלס אַן אָנהאַלטענדע און ביז אויף מעסערס אָנגעפיהרטע מלחמה. דער סוחר געווינט פון דעם, וואָס די יוגענד רואינירט זיך, און דער בוימייסטער פון דעם, וואָס הייזער פאַלען איין. דער מעדיקער לעבט פונ'ם טויט פון די פאַציענטען, און קבורה־געלד בעצאָהלט פאַר'ן פריסטער'ס צובייסען. עס זאָל הערשען דאָ דאָס געזעץ: „ל'ה פּראָפּי ד'ה ל'ן ע דאָמאַזש ד'ה ל'אָוטר“. „איינעמס פערדיענסט איז אנאַנדערענס שאָדען“.**) אַזוי האָט מען אייגענטליך בכלל אָנגעווענדעט דעם טעכנישען אויסדרוק פון דעם ענגלישען פילאָזאָף, דעם „קריעג פון אַלע געגען אַלעמען“ אויף דער פרייער קאָנקורענץ, בעת זי האָט זיך ענטוויקעלט און איז אריינגעטראָטען אין דער סטאַדיע, וואו מען האָט זי אָנגעפאַנגען צו קריטיקירען; און טיפּיש איז דער אויסדרוק פאַר איהר פערבליבען ביז אויף היינטיגען טאָג.

אַזוי ווי איהר ווייסט דערפון ניט — איהר האָט דעם מאַן קיינמאָל ניט געזעהן — ביינקט איהר נאָך יענעם נאַטור־צושטאַנד, וועלכען האָבז האָט בעצייכענט אַלס דעם „קריעג פון אַלעמען געגען אַלע“. איהר לויפט נאָך הינטער די מענער פון געדאַנק, הינטערשטעליג אויף א וואָסערע דריי הונדערט יאָהר; איהר ווערט בעגייסטערט היינט פאַר דעם, וואָס יענע האָבען שוין אַפריהער מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק, און נאָך איידער עס איז געוואָרען די שוידערליכע ווירקליכקייט פון היינט, צו נישט געמאַכט.

איהר ווייכט טאַקע ניט די געשיכטע פון אָט דעם אויסדרוק „דער קריעג פון אַלע געגען אַלעמען“, און איהר האָט טאַקע ניט קיין ידיעה וועגען דער בעדייטונג פון דעם דאָזיגען געדאַנק, אָבער איהר האָט יאָ עפּעס אַמאָל געהערט פון דער דאָזיגער בעצייכנונג,

---

*) פיעל טיעפער ווי אַלע ראַציאָנאַליסטישע יוריסטען, בלומרשט'דיגע פילאָזאָפען און ליבעראַלען, וועלכע זעהען אין דעם שטאַאַט נאָר אַן אַנשטאַלט צו שיצען דאָס לכתחילה'דיגע און אַלס נאַטור־רעכטליך בעטראַכטעטע אייגענטהום, לאָזט האָבז דאָס אייגענטהום ענטשטעהען ערשט דורך דעם פּאָזיטיווען שטאַאַט און אַלס פּאָזיטיווע שטאַאַטס־איינריכטונג. (דאָרטען אימפּעריום, קאַפּ. 6 און 15 ז. 108). [ציטאַט איבערז. ביים סוף פון בוך].

**) מאָנטען, עסעע, בוך I קאַפּ. 21.

וועלכע ווי בעמערקט, איז עד היום פערבליעבען דער געלויפיגער אויסדרוק פאַר דער „פרייער קאָנקורענץ". און אַנשטאַט איינצו־זעהן, אַז דאָס איז פונקט דער כאַראַקטער פון'ם צושטאַנד, נאָך וועלכען איהר גאַרט, האָט איהר אויסגעפונען, אַז דאָס דאָזיגע וואָרט איז אַ גוטע „פראַזע", — אַ זעהר גוטע פראַזע, אָבער שוין איינמאָל אַ גוטע פראַזע, זאָגט דער פריעדענס־ריכטער שאאַל אין שעקספיר'ס „הייגריך דער פיערטער"! — דורך וועלכער דאָס, אויף וואָס נאָר מען ווענדעט עס אָן, לאָזט זיך טרייף מאַכען; נו, דענקט איהר אַז מען קען דאָס אודאי בענוצען, פונקט ווי פלעטלעך אויף אַ וויין־פלאַש אוואו מען וויל נאָר, מעג זיין אפילו פאַר די סאַמע פערשיעדענאַרטיגסטע אינהאַלטען, און אויף אַזאַ שטייגער לאָזט איהר דעם סאָציאַליזם ניט נאָר פטר'ן די „פרייהייט", נאָר אויך איינפיהרען דעם „ק ר י ע ג פ ו ן א ל ע מ ע ן א ו י פ'ן פ ע ל ד פ ו ן פ ר נ ס ה!!"

גרויסער שולצע!

זאָגט איהר זיך תיכף ווייטער:

„דערווייל איז אָבער אָט די ז ע ל ב ס ט ־ פ ע ר א נ ט וו א ר ט ־ ל י כ ק י י ט פון אַפריהער מתחייב, אלס נויטהיגע השלמה, די פריי־היט פון ד ע ר א ר ב י י ט, אַזוי אַז דעם ארבייטער זאָל זיין ער־לויבט צו בעווענען זיך אונגעשטערט אין דעם געברויך פון זיינע כחות און מיטלען אויף צו פערדיענען זיין חיונה.

„לעגט איהר אונז ארויף די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר אונזער עקזיסטענץ אויף די אייגענע פּלייצעס, מחמת די נאַטור האָט אונז געגעבען די כחות דערצו: טאָ דאַרפט איהר זשע אונז אויך ניט שטערען אין דעם פרייען געברויך פון אָט די כחות אויף צו דערגרייכען דעם דאָזיגען ענד־ציעל". אַזוי ענטפערן די אַר־בייטער מיט רעכט אויף דער אויבען־דערמאָהנטער פאָדערונג.

„מיר גיבען טאַקי צו, אַז מיר דאַרפען אויספאָלגען די אַלגעמיינע שטאַאטס־געזעצע פונקט אַזוי גוט ווי יעדער אַנדער שטאַאטס־בירגער, אַז מיר מוזען רעספעקטירען דאָס געזעץ, וואָס איז דאָך געמיינט אונז אַליין צו שיצען און זאָל זיין פאַר אונז פונקט, ווי פאַר יעדען אַנדערן. אָבער אויף דעם באָדען פון פער־דיענסט, אין האַנדעל און ארבייט, מוז זיין פ ר י י ה י י ט. דאָ מוז זיך יעדער קענען ריהרען און געברויכען זיינע קרעפטען, ווי

אזוי ער וויל און קען, כדי צו דערשלאָגען זיך צו חיונה פאַר איהם און די זייניגע. מישט איהר זיך דאָ גלאַט אריין אָהן אַ פּאַרוואָס און שאַפט תקנות און בעשרענקט און בעפעהלט און פערוועהרט און שיצט און שליסט אויס, פיהרט איהר דאָ איין פּריווילעגיעס און חסדים פאַר איינצעלנע קלאַסען — נו, און אויב אזוי, טאָ נעהמט איהר אייך איבער אויף די פּאָלגען. אויב מיר קענען דאַן ניט שטעהן אויף די פיס, דאָס הייסט, בשעת מען שטערט און בעשרענקט אונז אינ'ם פרייען אויסוואהל און אויסאיבונג פון אונזער פרנסה, דאַרפט א י ה ר זיין פעראַנטוואָרטליך דערפאַר, און איהר מוזט איבערנעהמען די זאָרג פאַר אונזער חיונה".

„דאָס איז, אָבער, מעהר ווי וועלכע ניט־איז קלאַסע פון דער געזעלשאַפט, ווי דער שטאַאַט [גופא] איז ביכולת אויסצופיהרען. אפילו ווען עס זאָל שוין ניט פעהלען דער ווילען דערצו. דער שטאַאַט איז דאָך ניט עפּעס אזוינס וואָס שוועבט איז דער ליפטען איבער און מחוץ די מענשען. ער אז דער סך הכל פון אַלע די וואָס געהערען זיך אָן מיט'ן שטאַאַט, און די ש ט א א ט ס־ק א ס ע ענטהאַלט דאָס, וואָס פליסט אין איהר אריין פון די פּרי־וואַט קאַסעס פון די בירגער. נו, קענען אפשר די ווינציג אויס־געהאָלפען ווערען פון די פ י ע ל ע, אָדער, אפילו אַ פאַרבייגעהענדע נויטה פון פ י ע ל ע קען נאָך אריבערגעטראָגען ווערען פון אַלעמען. אָבער אַנצו־ווייזען כסדר די צאָהלרייכסטע קלאַס שטאַאַטס־בירגער אויף שטיצע פון עפענטליכע מיטלען, ד. ה., פון די מיטלען, וואָס געהערען צו די איבריגע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. הכלל, אַנצו־ווייזען ד י ס ך א ו י ף ד י ו ו י נ צ י ג וואָלט געווען אַקוראַט דאָס זעלבע, ווי אַן עפענטליכער באַנקראָט. וואָרים דאָס ארויפלעגען אַ צו שווערע משא אויף די שטאַאַטס־פינאַנצען, צו וואָס עס מוז קומען אויף אזא'ן אופן — די אויסערגעוועהנליך פ ע ר ג ר ע ס ע ר ט ע ה ו צ א ה, געהט דערביי האַנד אין האַנד מיט פּונקט אזא גרויסע פערקלענערונג פון דער שטאַאַטס־הכנסה. ניט גענוג נאָך, וואָס די אונטער־שטיצטע קלאַס נעהמט זיך לגמרי ארויס פון די רייהען שטייער־צאָהלער, שוואַכט מען נאָך אָבער אויך אָב די אַנהאַלטענדע שטייער קראַפט פון דער נאָך איבערגעבליבענער מינאָריטעט. דער־מיט וואָס דורך דער נויטהווענדיגער העכערונג פון זייערע שטייער־ראַטען, פערקלענערן זיי זייער געשעפטס־פאָנד, דאָס פּראָפיט־מאַ־

בענדע קאפּיטאל פון לאנד, און דערמיט אויך זייער הכנסה. און אין דער אמת׳ען, וואָלט דער פועל יוצא פון אזא ערשיינונג ניט בלויז געווינען; אַ דעפיציט אין די שטאַאטס־פינאַנצען, נאָר אויך די מאָראַלישע און עקאָנאָמישע רואינירונג פון דער געזעלשאַפט; פאר אלע־מען פון דעם ארבייטער־שטאַנד גופא. אַנגעוויזען אויף עפענטליכער הילף, אָנגעהמענדיג, אז די ארבייטער קענען זיך מיט׳ן אייגענעם כח ניט העלפען, וואָלט דער ארבייטער־שטאנד פערלאָרען די מאָראלישע ווירדע, און זיינע מיטגליעדער, יעדען אימפּולס צו טיכטיגקייט, פלייס, און שפּאָרזאַמקייט. דאָס גאַנצע האנדעלס־לעבען פון דער נאציאָן וואָלט דורך דעם אָבגעפּאַלען, און די צדקה וואָלט סוף כל סוף פערשלונגען דאָס אינדוסטריעלע קאפּיטאל פונ׳ם לאנד, דעם פאָנד, וואָס איז בעשטימט אויף צו צאָהלען די ארבייטער שכירות״.

עס פאלט מיר ניט איין אָט דאָ צו צוגליעדערן די אלע קרומע ווענדונגען, וואָס זיינען ענטהאלטען אין דער אויבענגעבראַכטער ציטאַטע. נאָר צוויי בעמערקונגען: איהר בענוצט דאָ די מאָדנע טאַקטיק זיך ארויסצולאָזען אין פעלד געגען עפּעס, וואָס קיינער האָט גאָר אין זינען ניט געהאט, וואָס איז פון קיינעם ניט פאָרגעשלאָגען געוואָרען. קיינער האָט ביי אונז ניט געמאכט דעם פאָרשלאג, אז די ארבייטער זאָלען אונטערשטיצט ווערען פון שטאַאט מיט צדקה.

ווייטער. הערר שולצע, די פראגע אָבער, צי דער שטאַאט קען ניט שאפען אן ענדערונג אין אונזער פּראָדוקציאָנס־צו־שטאנד לטובת די ארבייטער, — אָט דאָס, איהר מעגט זיך זיין געדענקט צי אומגערעכט אין אייער זאָגען, אז ניט, האָט איהר ערשט געקענט בעהאנדלען. ווען? אז איהר וואָלט שוין געהאט ארויס־געבראכט און ענטוויקעלט די עקאָנאָמישע הויפּט יסודות, דהיינו: ווערטה, אויסטויש, קאָנקורענץ קאפּיטאל, א. א. וו., יעמאָלט, וואָלט איהר נאָך געקענט לכל הפּחות מאכען דעם אָנשטעל אקוראט ווי די בעהויפּטונג, אז עס קען ניט געמאָלט זיין און טאָר ניט צוגעלאָזען ווערען קיין שטאַאטס־אריינמישונג, וואָלט געווען געדרונגען פון דער אנאליז פון יענע עקאָנאָמישע הויפּט יסודות, און דורך זיי בעוויזען. ביז אהער האָט איהר דאָך אָבער נאָך קיין איינ־ציגע פון די עקאָנאָמישע ערשיינונגען ניט ערקלערט. איהר שטעהט

דאָך נאָך אויף דעם זיבעטען זייטעל פון אייער קאַטעכיזם. דער־ווייל האָבען נאָך די אַרבייטער פון אייך ניט ערפאַהרען, אויף דאָס מינדסטע, וואָס אַזוינס איז ווערטה, אויסטויש, קאָנקורענץ, קאַפּי־טאַל, א. אַ. וו. איהר שטעהט דאָך נאָך ביי דער סאַמע אַלגעמיינס־טער איינלייטונג. אַז שוין ד אָ, אַלזאָ, וואו איהר האָט נאָך אַפּילו די מינדעסטע ערקלערונג פון די עקאָנאָמישע געזעצע ניט פּ ר ו ־ ב י ר ט געבען, בעהויפּטעט איהר מיט'ן פולען מויל, אַז יעדעס ברע־קעל שטאַאַטס־אַריינמישונג איז אונמעגליך, איז דאָס ניט מעהר ווי ג ל אַ ט אָ נ ג ע נ ו מ ע ן אַ פּ ר י ה ע ר — הוילע סברה.

ניט נאָר א י ז עס אַ געדיכטער טומאַן, נאָר אַ ל ס געדיכטער טומאַן טרעט עס טאַקי אַרויס! איהר זייט דערמיט אַליין מודה, אַז אייער צוועק איז ניט אויפצוקלערען דורך דעם די אַרבייטער, בכדי זיי זאָלען ציהען פּראַקטישע שליסע פאַר זיך פון אַפּריהער געבראַכטע עקאָנאָמישע פאַקטען, נאָר אַז איהר ווילט זיי פּשוט פול מאַכען די קעפּ און איינגעהמען מיט פּ ו ס ט ע ה ש ע ר ו ת.

איהר געהט ווייטער:

„איז, ממילא, די פ ר י י ה י י ט פ ו ן ד ע ר אַ ר ב י י ט, ד אָ ס פ ר י י ע ה אַ נ ד ל ע ן א ו ן וו אַ נ ד ל ע ן *), איינע פון די ערשטע פאָרדערונגען פון די אַרבייטער און אַ נויטה־ווענדיגער פאָרבעדינגונג פון דער סאָציאַלער זעלבסט־הילף. צו וועלען אַרויפלעגען אויף אימיצען זעלבסט־פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיין עקזיסטענץ און איהם ניט געבען די פרייהייט צו נעהמען

---

*) (אין דעם אָריגינאַל שטעהט „געווערבעפרייהייט אונד פרייציגיג־קייט“. דעם אידישען אויסדרוק „האַנדלען און וואַנדלען“ דאַרף מען פערשטעהען דאָ אין דעם בריטסטען זין. „האַנדלען“ בעציהט זיך דאָ אויף יעדער טהעטיגקייט אָדער מלאכה פון פּרנסה וועגען. דאָס וואָרט „פרייציגיגקייט“ וואָס איז דאָ איבערזעצט, לויט יענער פראַזע, אַלס „פרייעס וואַנדלען“, האָט נאָך אָבער אַ טעכנישען זין אין דער געשיכטע פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און בעדייטעט דאָס רעכט (1) צו פער־לאָזען אַ שטאָדט אָדער אַ געגענד פון בעשעפטיגונג וועגען און (2) זיך צו בעזעצען ערגעץ אַנדערש, ניט בעצאָהלענדיג אַ בעשטימטען שטייער, וואָס ווערט אַרויפגעלעגט פון אַ רעגיערונג צוליעב פערשיעדענע צוועקען און אויף פערשיעדענע גרופּען מענשען. אַזאַ שטייער האָבען געמוזט צאָהלען די אידען אין דייטשלאַנד, איידער זיי זיינען עמאַנציפּירט גע־וואָרען. א. א. ר.)

זיין גורל אין זיינע אייגענע הענד, דורך אייגענער טהעטיגקייט, איז אונזין. פעראנטוואָרטליכקייט און פרייהייט — דאָס זיינען די גרונד־זיילען פון דער מאָראלישער, פּאָליטישער און עקאָנאָמישער וועלט, וואָס האָבען איינס דאָס אנדערע צו זייער געגענזייטיגען בעדינגונג.

הכלל, „פרייעס האנדלען און וואנדלען“ — דאָס איז ווי בעקאַנט אייער סאָציאַלער הילפּס־מיטעל! עס איז גענוג פּשוט אָנצו־ווייזען אויף בעלגיען, ענגלאנד און פראנקרייך, וואו עס געהט שוין אָן פון לאנג א פרייער האנדעל און וואנדעל מיט דער שטרענגסטער אויסגעהאַלטענקייט, און פונדעסטוועגען בלייבט נאָך אַלץ דאָרט שטעהען די „סאָציאַלע פראגע“, און דערצו נאָך דוקא אין דער ריעזיגסטער פאָרם, לגבי וועלכע, ביי אונז געפינט זי זיך נאָך כמעט אין איהר ערשטער ענטוויקלונגס־פּעריאָדע.

ב.

## „די הילפס־מיטלען צו דער אַרבייט“.

אונטער דעם דאָזיגען קעפּעל ערעפענט איהר די צווייטע סעקציע פון אייער ערשטען קאַפּיטעל.

ביז אהער, הערר שולצע, האָב איך אייך נאָכגעפאָלגט ווער־טערליך, נאָכשרייבענדיג אייער גאַנצען בוך אות באות און קאָ־מענטירענדיג דארויף, בכדי, ווי שוין בעמערקט, קיינער פון מיינע לעזער זאָל זיך ניט איינרעדען, אז איך ברייננג בלויז דעם אונזין ביי אייך פאר'ן שיין, און דאָס גוטע פערשוויינ איך; כדי יעדער פון מיינע לעזער זאָל זעהען, וואָס פאר אן אונגלויבליך גערדאנקענלאָזע קאָשע אייער שריפט שטעלט מיט זיך פאָר, און דאָס לאָזט זיך דוקא זעהן נאָר פון א אונפערקירצטער ציטאַטע.

אָבער צו דערזעלבער צייט קען איך דאָך אָט די מעטהאָדע, ד. ה. נאָכשרייבען אייער גאַנצען בוך אין אן אונפערקירצטער פאָרם, ניט דורכפיהרען. מיינע לעזער וואָלטען איינגעשלאָפען פאר לאַנג־וויילינגקייט. איך אַליין וואָלט עס ניט אויסגעהאַלטען פון נוד־נעקייט. און ווען איך וואָלט שוין אפילו, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, פּאָרט וועלען דאָס פּאַרטזעצען, וואָלט דאָך, אז איך זאָל וועלען נאָכשרייבען און ערקלערען, זאַץ פאר זאַץ, וואָלט

אַט דאָס בוך אָנגענומען אַזאַ גרויס, וואָס וואָלט עס געמוזט מאַכען ווירקונגסלאָז און ניט צוגענגליך פאַר די לעזער פאַר וועמען עס איז בעשטימט.

איך וועל זיך, אַלזאָ, סטאַרען אין דעם ווייטערען, ווי כמעט אונמעגליך אַט די אויפגאַבע זאָל ניט זיין ביים קוואַטשעדיגען גע־דאַנקענלאָזען כאַראַקטער פון איער דרשה, צו געבען אַ קיצור דער־פון, און בריינגען אין אַ ווערטערליכען אויסצוג, געוועהנליך, נאָר אַזעלכע שטעלען, וואָס שטעלען מיט זיך פאָר ב ל י ה ו נ ג ס־פ ו נ ק ט ע ן פון שטות׳עריי. און אפילו בנוגע די דאָזיגע, וועל איך, צוליעב מאַנגעל אין פּלאַץ און צייט, זיין ליבעראַל, זעהר לי־בעראַל, און דאָס גרעסטע טהייל אייך פערזעהן.

אונטער׳ן קעפּעל „די הילפס־מיטלען צו דער אַרבייט“, צולעגט איהר זיך מיט׳ן פּשוט׳ען זאַץ, דהיינו, אַז די מענשליכע נאַטור איז לכתחילה מתחייב די אַרבייט [אַלס איהר פאָרבעדינג], אויף ניט וועניגער ווי ד ר י י ג ע ז ו נ ט ע ז ײ ט ע ן! — און רופען רופט איהר דאָס אויף אייער ניט־קלאָהרען שטייגער, די „אַ ר ו י ס־ה י ל ף“, וואָס די אַרבייט לייסטעט דער מענשליכער נאַטור.* און בעת מעשה גיט איהר שוין דאָ צו צווישען די צייהן: (ז. 10) איידער מען קען, אַלזאָ, אָ נ ה ו י ב ע ן אַ וועכע ניט־איז בעשעפ־טיגונג אָדער אַ ר ב י י ט אום צו פערדיענען, מוז מען ה אָ ב ע ן אַ־פריהער געזאָרגט דערפאַר, אַז עס זאָל, ראשית, זיין די רויה־שטאָף צום בעאַרבייטען, און טאַקי גלייך דערנאָך, די נויטהיגע אַרבייטס־געצייג און על כולם, אַז מען זאָל, צוזאַמען מיט די אַרביי־טער האָבען עקזיסטענץ־מיטלען בשעת דער אַרבייט“.

באמת, ה ע ר ר ש ו ל צ ע? ווייסט איהר דאָס? גיט איהר צו, אַז „אַ י י ד ע ר מען“ קען אַן אַרבייט אָנהויבען, מוז מען זיך

---

*) (עד. בערנשטיין מאַכט אויפמערקזאַם אין זיין אויסגאַבע, אַז עס מוז דאָ זיין אַ טעות הדפוס, אָדער אַ שרייב־פעהלער, ווייל שולצע־דעליטש רעדט גאָר פון דער „אַרויסהילף“ וואָס „די נאַטור ל י י ס ט ע ט ד ע ר מ ע נ ש ל י כ ע ר אַ ר ב י י ט“. אַזאַ געדאַנק, זאָגט בערנ־שטיין, האָט לאַסאַל געקענט אַקצעפּטירען, אָבער ער טענה׳ן, אַז אַרבייט איז אַזאַ בעדינגונג, אָהן וועלכער „די מענשליכע נאַטור“ קען זיך ניט בעגעהען, האָט פּשוט קיין זין ניט, כאָטש לאַסאַל דערמאָהנט עס צוויי מאָל. א. א. ר.)

האָבען פערזאָרגט מיט רויה־שטאָף, ארבייטס־געצייג און מיט־לען אויף צום לעבען, אז מען מוז זיי האָבען אין זאפאס, ד. ה., מען מוז האָבען קאפיטאל? אָבער, אויב די מעשה דערפון איז יא אזוי, טאָ וואָס בלייבט יעמאָלט פון דער „פרייהייט" און „זעלבסטשטענדיגקייט" פון דעם אונבעמיטעלטען ארבייטער? מיט דער גאנצער „ארבייטס־פרייהייט" וועט, אלזאָ, נאָך אייך גופא נאָך, דאָס מינדעסטע ניט געטהאָן ווערען פאר'ן קאפיטאל־לאָזען ארבייטער. ער וועט גאָר אפילו ניט קענען „אנפאנגען" זיין ארבייט; ער וועט, אלזאָ, זיין פאָלקאָם „ניט ארבייטס־פריי", און אונטערוואָרפען צו יעדער נויטה און יעדער עקספּלואטאציע, כל זמן מען פערזאָרגט איהם ניט אפריהער, אבי־ווי, מיט רויה־שטאָף, ארבייטס־געצייג און לעבענס־מיטלען וואָס ער פערמאָגט ניט. און דאָס אלץ פאָלגט שטרענג ארויס פון אייערע אייגענע ווערטער! דאָס „פרייע האנדלען" וועט זיך, אלזאָ, נאָך אייך גופא נאָך, גרויסער דענקער וואָס איהר זייט, וואָס אנבעלאנגט דעם ארבייטער, וועלכער איז געבוירען אָהן מיטלען און דארף האָבען דאָ דאָזיגע קאפיטאל, „איידער ער קען אָנהויבען וועלכע ניט־איז ארבייט, אום צו פערדיענען, און האָט עס ניט — וועט זיך פאר איהם דאָס „פרייע האנדלען" אויפלייזען אין דער פרייהייט אויסצוקלייבען דעם ארבייטס־צווייג, וואו ער האָט ביז אהער ניט געארבייט, אָדער וואו, ער הונגערט, ווען ער ארבייט שוין יאָ. דאָס „פרייע וואנדלען" וועט זיך אויפלייזען אין דער פרייהייט אויסצוקלייבען דעם אָרט וואו ער הונגערט! און דאָס אלץ, זאָלט איהר וויסען, פאָלגט מיט א שטרענגער אויסגעהאלטענקייט פון אייערע אייגענע ווערטער, אויסגעהאלטענער דענקער וואָס איהר זייט!

דאָ גלייך געהט איהר איבער, מיט יענער גרויסארטיגער לאָגיק, וואָס כאראקטעריזירט אייך, אויף צו ווייזען, אז „געלד" איז ניט קאפיטאל, איידער איהר האָט נאָך גאָר ענטוויקעלט דעם בעגריף פון קאפיטאל גופא, וואָס איהר סטארעט זיך צו טהאָן ערשט אין צווייטען קאפיטעל; און דערמיט קומט איהר צו צו דער דריטער אָבטהיילונג:

## ג.

## „פאָרם פון ארבייט אין תחום פון דער מענשליכער געזעלשאַפט“.

דאָ מוזען מיר אייך ווידער בעגלייטען דורכאויס ווערטערליך און ניט פערקירצט. — איהר פאַנגט קודם אָן מיט זעצע, וואָס זיינען אָן און פאַר זיך גאַנץ ריכטיג, אָבער וואָס ביי אייך האָבען זיי ניט דעם מינדעסטען זין, ווייל אַלע אייערע שטרעבונגען ציעלען זיך דוקא אהין אויף צו בערויבען אָט די זעצע פון זייער זין און זייערע פאָלגען. איהר זאָגט: מען מוז נאָך נעהמען אין אַבעטראַכט אנאנדער עלעמענט „דורך וועלכען די ארבייט בנוגע דער פאָרם און ארט פון איהר אויספיהרונג ווערט אין עצם בעשטימט: די מענשליכע געזעלשאַפט“.

זעהר ריכטיג, הערר שולצע! און ווען איהר וואָלט געוועזען ווען־עס־איז דורכגעטראַכט ביז די פאָלגען אָט יענעם זאַץ, וואָס עפענט א טיעפען איינבליק אין די עקאָנאָמישע ענינים, אויב נאָר ער ווערט שארף אויפגעפאַסט; ווען דאָס וואָלט ביי אייך געוועזען עפּעס מעהר, ווי בלויז א גאַנגבארע און אַלגעמיין פערשפּרייטע פראַזע, וועלכע איהר פערשאַכערט פּונקט אזוי געדאַנקענלאָז ווי די געגענגעזעצטע פראַזען, וואָלט איהר געוועזען געקומען, ווי מיר וועלען שפּעטער זעהן, צו גאַנץ אנדערע שליסע, צו שליסע, וואָס זיינען אויפ׳ן דירעקטסטען אופן להיפוך אייערע.

איהר געהט ווייטער: „דער ארבייטענדער מענש לעבט ניט אַליין אויף א ווייסטען אינזעל. נעבען איהם און ארום איהם לעבען פיעלע אנדערע מענשען מיט עהנליכע בעדערפנישען און נייגונגען, וואָס כדי זיי צו בעפריעדיגען, זיינען זיי אויך אָנגעוויעזען אויף זייער אייגענער טהעטיגקייט“.

אין תוך גענומען, איז שוין דאָ קלאָהר די פלאַכקייט, מיט וועלכער איהר פאַסט אויף יענעם זאַץ, און וואָס שטערט אייך איהם צוצופיהרען צו זיין פועל יוצא.

די מענשליכע געזעלשאַפט און די געזעלשאַפטליכע ארבייט ווערען ניט געשאַפען דורך א צוזאַמענלעבען פון מענשען, איינס נעבען אנדערן, וועלכע טוישען בלויז אויס זייערע אינדי־

ווידועלע ארבייטס־פּראָדוקטען איינער מיט'ן אַנ־
דערן, ווי איהר האָט זיך עס אַזוי ליעב פאָרצושטעלען, און חזר'ט
עס איבער אַזוי אָפט, הערר שולצע; אַלא וואָדען, די פּראָ־
דוקציע איז אַ געמיינשאַפטליכע. די היינטיגע
געזעלשאַפטליכע ארבייט שטעלט מיט זיך פאָר, הויפּטזעכליך, ניט
אַ פּראָצעס פון זעלבסטשטענדיגע טהעטיגקייטען, וואָס
געהען אָן איינס נעבען אַנדערן, נאָר אַ שטרענג איינס
אינ'ם אַנדערן־זיך אריינפלעכטענדע געמיינשאַפטלי־
כע פּעראייניגונג פון פיעלע, אויף צו שאַפען דעמזעל־
בען פּראָדוקט.

יעדער שאַפּ, הערר שולצע, קען אייך דאָס בעוויזען בעשיינ־
פּערליך ביי אַ פּשוט'ען בליק מיט'ן אויג.

ביי די מעהרסטע אַנדערע פּראָדוקציעס איז עס ניט ווענינער
דער פאַל, ווען אַפילו אין אַ פאַרבאַהאַלטענער פאָרם.

הייסט עס, אַז בעת די גרויסע פּראָדוקציע פון דער מאָ־
דערנער געזעלשאַפט איז שוין היינט אַ געמיינשאַפטליכע,
אַ קאָאָפּעראַטיווע — און דאָס איז איינס פון די גרונד־
ווידערשפּרוכען אין דער היינטיגער געזעלשאַפט — איז די דיס־
טריבוציע די פערטהיילונג פון די געשאַפענע פּראָדוקטען ניט
קיין געמיינשאַפטליכע, נאָר אַן אינדיווידועלע. דאָס
הייסט, אַז דער פּראָדוקט געהט ניט איבער בלויז אַלס געגענ־
שטאַנד, נאָר אויך לויט'ן ווערטה נאָך, אינ'ם אינדיווי־
דועלען אייגענטום פון דעם אונטערנעה־
מער, וועלכער מאַכט עס צו געלד פאַר'ן אייגענעם פערדיענסט
בלויז. די אַלע ארבייטער, אָבער, וועלכע האָבען קאָאָפּערירט אויף
צושטאַנד צו ברייגנען דעם פּראָדוקט, בעהאַנדעלט ער ווי לייטע,
וואָס, ווי זאָגט איהר, „האָבען ניט געזאָרגט דערפאַר, אַז עס
זאָל זיין די רויה־שטאָף צום בעאַרבייטען, און דאָן די נויטהיגע אַר־
בייטס־געצייג און, ועל כולם, אַז עס זאָלען זיין עקזיסטענץ־מיטלען
פאַר זיי און פאַר זייערע מיטאַרבייטער, כל זמן די ארבייט געהט
אָן, — איידער זיי הויבען אָן אַ וועלכע ניט־איז בעשעפטיגונג
אָדער ארבייט, צוליעב פּרנסה." זיי ווערען, אַלזאָ, אויסגענוצט פון
איהם לויט'ן לוין־געזעץ, וואָס מוז זיך שאַפען אונטער די דאָזיגע
אומשטענדען פאַר לייטע, וועלכע קענען אַפילו גאָר ניט „אָנהויבען

אַ וואָסער ניט־איז בעשעפטיגונג, אַ וואָסער ניט־איז אַרבייט צו־ליעב פּרנסה".

די דאָזיגע, ביי היינטיגען טאָג הערשענדע געמיינשאַפט־ליכקייט אין דער פּראָדוקציע און דער דאָזיגער עקסט־רעמער אינדיווידואַליזם אין דער דיסטריבו־ציע — דאָס איז דער טיעפער ווידערשפּרוך דורך וועלכען „די אַרבייט ווערט אין עצם בעשטימט בנוגע דער פאָרם פון איהר אויספיהרונג" פון דער הייג־טיגער מענשליכער געזעלשאַפט — אַ ווידערשפּרוך, וועלכען מיר וועלען שפּעטער גענויער אַנאַליזירען און נאָכפאָלגען אין זיינע ווייד־טערע קאָנסעקווענצען פאַר דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

אָבער, לכל הפּחות, וואָלט איהר געמוזט אליין זיך אָנשטויסען אויף דער דאָזיגער ערשטער טיעפער סתירה, ווען איהר וואָלט נאָר וויפיעל ניט־איז קלאָר דורכגעטראַכט אייער אייגענעם זאַץ, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט איז דער עלעמענט „דורך וועלכען די אַר־בייט ווערט אין עצם בעשטימט בנוגע דער פאָרם און אַרט פון איהר אויספיהרונג"; ווען איהר וואָלט אויפ'ן אויג געהאַט די בעשטימטע פאָרם פון אונזער פּראָדוקציע. אָבער דאָס אמת'ע, ווי דאָס פאַלשע, אַלץ איז ביי אייך נאָר אַ פערוואַשענע, פערשוואומענע, אויפגעבלאָזענע פראַזע! אָנשטאָט נאָכצודענקען ווי ס'ניט־איז איבער דעם, וואָס פאַר אַ בעשטימטע „אַרט און פאָרם" די היינטיגע געזעלשאַפט דריקט אַרויף אויף דער פּראָדוקציע, געהט איהר זיך פון דאַנען אַלץ ווייטער אין אייער פראַזען־שלאַם: „און אָנשטאָט וואָס עס זאָל דערפון אַרויסקומען אַ רעה פאַר'ן יחיד ביים שאַפען זיך די מיטלען אויף צום לעבען, אָדער אַז עס זאָל איהם שטערען אין זיינע אַרבייטס־צוועקען, קומט איהם נאָך אדרבא, אַרויס אַ טובה דערפון; און אַלע פיהלען זיך דורכ'ן געזעלשאַפטס־אינסטינקט, וואָס איז ביי זיי איינגעבאָרען פון דער נאַטור, אַלץ גיכער אָנגעוויעזען אויף דער לעבעדיגסטער מגע ומשא צווישען זיך, אויף דער הארציגסטער חבר'שאַפט". (אָנשטאָט צו בעטראַכ־טען עקאָנאָמישע ענינים, ווערט איהר גאָר אין מיטען דרינען „געמיטהליך"). „עס איז קיין ספק ניט, אַז דער מענש איז פון דער נאַטור געשאַפען פאַר'ן חבר'ישען צוזאַמענלעבען מיט זיין גלייכען, וואָרים אַלע זיינע נייגונגען און פעהיגקייטען טרייבען

איהם אונווידערשטעהליך דערצו, אז ער זאָל די דאָזיגע געמיינשאפט זוכען און אָבהיטען. ער קען ניט, ווען ער זאָל אפילו וועלען, לע־בען איזאָלירט, ווי דאָס טהיער אין וואַלד, ווי די חיה רעה אין דער מדבר. ער וואָלט אויסגעגאנגען פון איינזאמקייט און פערפעהלט זיין שליחות [אין דער וועלט], זיין נ אַ ט י ר ל י כ ע שליחות. פער־שטעהט זיך, וואָרים מיט דער טהעאָלאָגישער האָבען מיר ניט צו טהון. אָט די נאטירליכע שליחות פונ׳ם מענשען איז אָבער פונקט ווי די פון אַלע בעשאַפענע וועזענס: צ ו ע נ ט ו ו י ק־ ל ע ן ו ו אָ ס נ אָ ר פ אַ ר אַ ז ר י ע ה א ו ן א י י נ־ ג ע ב אָ ר ע נ ע פ ע ה י ג ק י י ט ע ן ע ס ג ע פ י נ ע ן ז י ך א י ן ז י י" (ווי פיין, אַ שטייגער, די פאבריק־ארבייטער אין דער פאבריק פון אייער פריינד, דעם קאָמערץ־ראַטה און פאַבריקאַנט, לעאָנאָר רייכענהיים, קענען זיך דאָס פערגינען צו ענטוויקלען „ו ו אָ ס נ אָ ר פ אַ ר א ז ר י ע ה א ו ן א י י נ ג ע ב אָ ר ע נ ע פ ע ה י ג־ ק י י ט ע ן ע ס ג ע פ י נ ע ן ז י ך א י ן ז י י!)*

„צו אזא ענטוויקלונג קען, אָבער, דער מענש קיינמאָל ניט צו־קומען אין אַ פאַלשטענדיגער אָבגעשלאָסענקייט פאַר זיך אַליין. גיכער זיינען דערצו נויטהיג דאָס צוזאַמענלעבען און דאדורך מעגליך־געמאַכטער א ו י ס ט ו י ש פון גענענזייטיגע הילפס־לייסטונגען מיט ברואים פון זיין מין". (אין אָט דעם וצדקתך קוואַטש שפּיעלט ווידער „אָ ו י ס ט ו י ש" די הויפּט ראָלע! איך וועל אייך שפּעטער קלאָהר מאַכען דעם מ י ס ב ר ו י ך, וואָס איהר טרייבט מיט דער דאָזיגער קאַטעגאָריע, — דערמיט, וואָס איהר טהוט עס אוים פון יעדען בּרע־קעל ב ע ש ט י מ ט ק י י ט. פון „אויסטויש" קען זיך נאָר שמוע־סען ביי אַזעלכע, וואָס טוישען אוים צווישען זיך די פּאַרטיגע פּראָ־דוקטען. אָבער אודאי, וואָדען, דער קאָמערץ־ראַטה רייכענהיים און זיינע אַרבייטער טוישען זיך אוים „צווישען זיך מיט ג ע ג ע נ־

---

*) לעאָנאָר רייכענהיים, וועלכען לאַסאַל האָט שוין איין מאָל דער־מאָהנט אין אַ פוסנאָט, איז געווען איינער פון די חשוב׳סטע ליוט פון דער דאַמאָלסדיגער אידישער געמיינדע אין בערלין. זיינע ליבעראַלע אָנ־שויאונגען האָבען איהם געמאַכט פּאָפּולער ביי צווישען אידען, ביי צווי־שען גוים. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע איינצופיהרען רעפאָרמען אין די שפּעער. און בכלל האָט ער זיך פיעל פעראינטערעסירט אין דער לאַגע פון די אַרבייטער. א. א. ר.)

זייטיגע הילפס־לייסטונגען"! ווי ליעבליך, ווי גע־מיטהליך!) „אָהן דעם וואָלט דעם יחיד, אין די מעהרסטע פעלע, קוים מעגליך געווען, ווי צרה'דיג, די נשמה אפילו צו דערהאַלטען; און זיין גאַנצע צייט און קראַפט וואָלט לגמרי דערשעפּט געוואָרען דורך די שווערסטע און שווארצעסטע ארבייטען, אויף צו שאַפען זיך די סאַמע נויטהיגסטע עקזיסטענץ־מיטלען, אז עס וואָלט איהם שוין ניט געבליעבען קיין צייט און קיין געלעגענהייט אויף ווי ס'ניט איז אויסצובילדען די העכערע גייסטיגע און געמיטהס־נייגונגען. מען דאַרף דערביי ניט אָנווערען פון אויג, אז עס איז נאָך אַלץ בעסער אויסצוקלייבען די גערדיקסטסטע און שפּל'סטע מערכה, וואָס קען נאָר צופאַלען ווען פון אונז, ווי אַן עקזיסטענץ מחוץ דער מענש־ליכער געזעלשאַפט, אָבגעשיידט פון יעדער מגע ומשא מיט אַנדערע מענשען. דער אָרימכטער טאָג־ארבייטער שלאָפט דאָך אויף שטרוי, האָט קליידונג און א וואוינונג, ווי שלעכט זיי זאָלען ניט זיין; האָט זיך זיין שטיקעל ברויט צו שטילען דעם הונגער און וועלכע ניט־איז מכשירים און געצייג, וואָס פאָדערען זיך צו דער באַלעבאַ־טישקייט און צו דער ארבייט. ווי וואָלט זיין, אז ער זאָל געווען שטעהן הויל און נאַקעט, אליין פאר זיך אין דער מדבר — וואָלט ער דאָ אויך עפּעס געהאַט אַן אויסזיכט זיך איינצושאַפען אָט די זאַכען?"

הכלל, נו, דאָס גילט דאָך, נאָך אייך גופא נאָך, פאר יעדען יחיד; ווען עס זאָל ניט זיין קיין מענשליכע געזעלשאַפט, טאָ וואָלט דאָך עס, נאָך אייך אליין נאָך, אויך געגאָלטען פאר הערר לעאָנאָר רייכענהיים, אז ער וואָלט געלעבט מחוץ דער געזעלשאַפט. היינט, ווי איז דאָס אייך קיינמאָל ניט איינגעפאַלען א טראַכט צו געבען דאריבער, הערר שולצע, ווי אזוי עס קומט פאָרט אז די דאָזיגע מענשליכע געזעלשאַפט זאָל איין יחיד אזוי שטאַרק צוניץ קומען, און דעם אַנדערן אזוי ווייניג?

אָן דער בלויזער אינדיווידועלער אר־בייט קען עס דאָך, נאָך אייך אליין נאָך, ניט זיין געווענדט, ווייל אַלע מיט אַנאַנדער וואָלטען מיר טאַקי, נאָך אייך גופא נאָך, גאָר ניט געהאַט אַלס פּשוטע יחידים מחוץ דער מענשליכער געזעלשאַפט, טראָץ אַלע־

מענס אינדיווידועלע ארבייטס־קרעפטען. איז געדרונגען, אז, טאקי נאך אייך אליין נאך, מוז עס זיין געווענדט אן דער געגע־בענער פעסטער ארגאניזאציע פון דער מענשליכער געזעלשאפט! און דאס האט איהר שוין טאקי אויך פריהער מודה געווען דערמיט, וואס איהר האט צוגעגעבען אז די „מענשליכע געזעלשאפט" איז דער עלעמענט, „דורך וועלכען די ארבייט ווערט בעצם בעשטימט בנוגע דער פארם און ארט פון איהר אויספיהרונג", אלזא אויב בנוגע דער פארם און ארט פון איהר אויספיהרונג, מוז דאך אוודאי געוויס זיין בנוגע איהר רעזולטאט אויך.

מען וואלט אלזא געדארפט, ביי אט דער געגעבענער פראָ־דוקציאנס־פארם, וואס די היינטיגע מענשליכע געזעלשאפט האט ארויפגעדריקט אויף „דער ארבייט בנוגע דער פארם און ארט פון איהר אויספיהרונג", איבעראנדערשען גראד דאס, וואס ברייננט דערצו, אז איין קלאס מענשען זאל ארויסקריגען פון דער „מענשליכער געזעלשאפט", פון דער מענשליכער געמיינ־שאפטליכקייט, אזוי פיעל נוצען, בעת די אנדערע בעקומען אזוי ווענינ.

און אויף דעם אופן, קען מען זאגען,* אז איז אייער פאר־טאטשנעם בוך גופא, אז אין אייער געדאנקענלאזער פלאפלעריי אליין, זיינען נאך אלץ פארהאן די זעצע, דורך וועלכע עס ווערט פאלשטענדיג ווי צוגעגעבען און צוגעלאזען דער געדאנק,** אז עס

---

* (די שאטירונג פון דעם דייטשען „סוביונקטיוו" איז אפטמאל ניט איבערצוגעבען אין אן איבערזעצונג. די ווערטער „קען מען זאגען, אז" זיינען דא פשוט צוגעזעצט כדי אויסצודריקען די שאטירונג וואס איז פארהאן אין דער סוביונקטיווער פארמע „וואערען": „אונז זא וואַ־ערען דענן... ענטהאלטען". א. א. ר.

**) אין דעם אריגינאל איז אהן ספק פארהאן א גרייז, וואהרשיינליך לאסאל'ס גופא, א „גליטש פון דער פעדער", וואס איז הפנים געבליבען ביז אהער אונבעמערקט פון די פערשיעדענע רעדאקטערע און ארויסגעבער פונ'ם בוך. אויפ'ן ארט פון „איינגערוימט אונד צוגעשטאנדען ווערדען" דארף שטעהן „איינגערוימט אונד צוגעשטאנדען ווירד" בלשון יחיד. דער דאזיגער גראמאטישער פעהלער געפינט זיך אין אלע 6 אויסגאבעס, וואס

איז נויטהיג אומצובייטען די פראָדוקציאָנס־פאָרם, די „פאָרם און ארט פון אויספיהרונג“, וועלכע די היינטיגע מענשליכע געזעלשאַפט האָט ארויפגעדריקט אויף דער געזעלשאַפטליכער ארבייט.

אין דער אמת׳ן, היט איהר זיך ביז גאָר אויס ניט אריינצור־קוקען חלילה טיעפער אין אייער אייגענעם זאַץ, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט איז דער בעשטימענדער עלעמענט פון דער פאָרם און ארט פון דער ארבייטס־אויספיהרונג.

מיר האָבען געזעהען, ווי איהר פערוואַסערט אין די פּוסטעסטע אַלגעמיינקייטען יענעם זאַץ, מיט וועלכען איהר פאַנגט אָן די איצ־טיגע סעקציע, וואָס איז אין גאַנצען געווידמעט צו דער ערקלערונג פון דעם זאַץ, אָנשטאָט וואָס איהר זאָלט מאַכען א וועלכע עס־איז גענויערע אונטערזוכונג דאַריבער. לאָמיר זעהן, ווי איהר ענטוויקעלט עס ווייטער. איהר זעצט, אַלזאָ, פאָרט אויף דעמזעלבען זייטעל (ז. 12):

„לאָמיר אָקאָרשט אויספּרובירען, ווי אַזוי אָט די בעציהונגען פערהאַלטען זיך צו יענעם קרייז־לויף, וועלכער, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, פּילט אויס דאָס לעבען פון דעם יחיד, און ווי ביי־דע, אי די פאָרדערונגען פון דעם יחיד׳ישען לעבען, אי די בעדינגונגען פון דעם סאָציאַלען פערקעהר, האַרמאָניזירען איינס מיט׳ן אַנדערן.

„בעדערפניש — אָנשטרענגונג — בע־פריעדיגונג, דאָס זיינען געווען די דריי זייטען, אונטער וועלכע יענער קרייז־לויף האָט זיך פאַר אונז געוויעזען. בעטראַכ־טען מיר אָט די דאָזיגע בעזונדער, מוזען מיר, ביי א נעהנטערן בליק, זיך תיכף אָנשטויסען אויף א תמצית׳דיגען חלוק צווישען זיי. אין דער בעדערפניש און דער בעפריע־דיגונג, ד. ה. דעם אָנפאַנגס־פּונקט און סוף־פּונקט פונ׳ם גאַנצען, וועלכע האַלטען כסדר אין איין ארייגלויפען איינס אין אַנדערן, כדי אַלץ איבער־א־נייעם ארויסצוגעהן איינס פון צווייטען, האָבען מיר

---

דער איבערזעצער האָט געהאָט די געלעגענהייט צו זעהען, די אָריגינאַל אויסגאַבע און די נייעסטע, רעדאַגירט פון עד. בערנשטיין, אָריינגע־רעכענט ; און אַזוי ווי דער זאַץ איז פערוויקעלט, קען עס שטערען צום פשט. א. א. ר.)

פאר זיך עפעס, וואס איז העכסט פערזענליך, אין דעם זין, וואס זייער איבערגאנג פון איינעם אין דעם אנדערן קען נאר פארקומען אין איין און דערזעלבער בעשטימטער פערזאן, אהן דער בעטהייליגונג פון א צווייטען. עס איז ניטא קיין בעדערפניש, וואס איהר בעפריעדיגונג זאל קענען פארקומען ביי אנאנדערן, חוץ דעמיעניגען, וואס שפירט עס, און אומגעקעהרט. ניט מיין הונגער, ניט מיין דארשט, און אויך ניט מיין מיעדקייט קען איך איבער־געבען א זאטען און אן אויסגערוהטען; און איך וועל דורך דעם ניט זאט אדער געשטארקט ווערן, וואס אנאנדערער וועט פאר מיר עסען אדער שלאפען. דא העלפט ניט קיין שום טענה. איך מוז אליין עסען, טרינקען, שלאפען, אטהעמען א. אז. וו. ווען איך שפיר די בעדערפניש דערפאר. אנדערש, ווער איך ניט געהאלפען. אנאנדערער קען דאס פאר מיר ניט אבמאכען. לאמיר זיך פעסט האלטען אן דעם: עס איז איינמאל פאר אלע מאל אונמעגליך, אז אימיצער זאל קענען אריבערטראגען זיין בעדערפניש אויף א צווייטען, און אז די בעפריעדיגונג פון א בעדערפניש, וואס עס שפירט ווער אין זיך, זאל קענען ערפילט ווערן אין אנאנדערן חוץ דעם בעל דבר אליין. ביידע פראצעסען קומען זיך דירעקט צו־נויף און דוקא אין איין און דעמזעלבען מענשען.

„גאנץ אנדערש שטעהט עס, פארקעהרט, מיט דעם מיטעל־גליעד אין דער קייט — מיט דער אנשטרענגונג, וועלכע העלפט ארויס דער בעדערפניש צו דערגרייכען די בעפריעדיגונג. די אנשטרענגונג קען קומען פון וועמען־ס'ניט־איז, א־חוץ דעם, וואס שפירט ביי זיך די בעדערפניש, און קען איהם דאך פערהעלפען צו דער בעפריעדיגונג. 'די פראדוקטען פון דער מענשליכער ארבייט זיינען איבער־טראגבאר', לויטעט דאס פאלקס־ווירטהשאפטליכע געזעץ, וואס גילט דא. מיר קענען זיך ניט זאט אנעסען איינער פאר'ן אנדערן, אבער מיר קענען איינער פאר'ן אנדערן ארבייטען. מיר קענען זיך איינער דעם אנ־דערן אבדיענען און פערזארגען מיט דעם וואס יעדער דארף האבען צום לעבען — אט דאס איז די גרויסע און שכל'דיגע איינריכטונג פון דער נאטור, דורך וועלכער די געזעלשאפט, דער סאציאלער פער־קעהר, ווערט בכלל מעגליך!"

איז שוין אַזוינס געהערט געוואָרען! זיינען אונזערע אַרביי־טער נעגער, הערר שולצע? אויף איבער אַ דרוק־זייט זייט איהר מסביר די לייטע, אַז אַ־יעדער מוז אַליין עסען, אַליין טרינקען, אויב ער וויל זאַט ווערען, אַז דאָ „העלפט קיין שום טענה ניט", א. אַ. וו., א. אַ. וו., דאָס האָבען נאָך מסתמא די אַרבייטער ניט געוואוסט, איידער זיי זיינען צו אייך געקומען, הערר שולצע? אָט די קינדער־פּלאַפּלערייַ רופט איהר דאָס פּאָפּולערע פּאָרטרעגע פאַר אַרבייטער?

אויף איבער אַ דרוק־זייט גיט איהר די אַרבייטער צו פער־שטעהן, אַז זיי קענען קיין עסען און טרינקען ניט אַריבערטראָגען אויף אַנדערע און דאָס אַלץ, ווי אַ ליץ האָט בעמערקט צו מיר, כדי דערמיט צו בעווייזען די אַרבייטער, אַז זיי מוזען דאָס עסען און טרינקען אַריבערטראָגען אויף דער בורזשואַזיע!

וואו נעהם איך דאָס די געדולד, הערר שולצע, זיך דורכצו־ווערגען מיט אייער הירזש־קאַשע, און פאַרוואָס קען איך דאָס ניט איבערטראָגען אויף אַנאַנדערן?

איהר געהט זיך אַלץ ווייטער מיט אייער בעלייכטענדען פּירוש אויפ'ן זאַץ, אַז די מענשליכע געזעלשאַפט איז דער עלעמענט, דורך וועלכען די אַרבייט ווערט בעשטימט בנוגע דער פאָרם און אַרט פון איהר „אויספיהרונג". אָט וואָס איהר זאָגט:

„אָבער ניט גענוג וואָס דורך דעם ערשט קען געמאָלט זיין די געזעלשאַפט, ליעגט נאָך, אין דער דאָזיגער נאַטירליכער אָר־גאַניזאַציע פון דער אַרבייט, וועלכע האָט איהר שורש אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם מענשען גופא, ווי מיר האָבען דאָס שוין אין אַלגעמיין דערמאָהנט — צו דערזעלבער צייט, אויך איהר נויטהווענדיגקייט". אין „דער דאָזיגער אָר־גאַניזאַציע פון דער אַרבייט"? אין וועלכער אָר־גאַניזאַציע, הערר שולצע? איהר האָט דאָך גאָר ניט געשמועסט פון קיין אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבייט, איהר האָט די היינט־צו־טאָג עקזיסטירענדע אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבייט נאָך אויף אַ האָאָר ניט געשילדערט, אָדער פונאַנדערגעלעגט, אָדער ערקלערט. אַלץ איז ביי אייך אַ כסדר'דיגער מיסברויך פון ווערטער, קנאַקעדיגע ווערטער! איהר האָט ביז אַהער מעהר גאָר ניט געזאָגט, ווי דעם קינדערשען זאַץ, „אַז דאָס עסען קען מען אַפילו ניט אַריבערטראָגען

אויף אנאנדערן ; „דאָס ארבייטען אָבער יאָ“. אמת איז, אז איהר האָט דעם זאַץ ניט נאָר געזאָגט, נאָר זיך צולעגט מיט איהם אויף צוויי דרוק־זייטען, אָבער קיין גרעסערע פעולה איז דאָ נאָך אַלץ ניט ארויסגעקומען דערפון. און בעת איהר בעציהט זיך ווידער אויף דעם דאָזיגען זאַץ, רופט איהר דאָס אָן „אָט די נאטירליכע אָרגאַניזאַציע פון דער ארבייט“, גלייך ווי איהר וואָלט זיך כאָטש אויף א האָאר ארייגעלאָזען צו שילדערן און צו ער־קלערען די היינט־צו־טאָג ווירקליך עקזיסטירענדע [אָרגאַניזאַציע].

אָ, איהר קוואטשון אזעלכער, וואָס עס איז גאָר ניט צו מאכען מיט אייך!

איהר געהט זיך אַלץ דירעקט ווייטער, אָדער, בעסער געזאָגט, איהר הויבט איבער־א־נייעס אָן: „ניט נאָר קענען מיר ארביי־טען איינער פאַר’ן צווייטען, שטעלען אונזערע ארבייטס־פּראָדוק־טען איינער אין אַנדערנס רשות, נאָר ניין, מיר מוזען עס טהאָן, אויב מיר ווילען איבערהויפּט דערגרייכען די פולע מאָס בעפריעדי־גונג פון אַלע בעדערפנישען, א דאנק אונזער ארבייט“.

בים! באָם! באָם! בים!

„וואָרים — זאָגט איהר ווייטער — אנטקעגען דעם זאַץ, וואָס מיר האָבען שוין אויבען אוועקגעשטעלט, נעמליך:

אז מחוץ דער געזעלשאַפט, שטייגען די בעדערפנישען פון דעם אבגעזונדער־טען מענשען אריבער זיינע כחות, און זיין מערכה איז זיכער א צרה׳דיגע.

שטעהט דער אַנדערער זאַץ, וואָס איז פונקט אזוי פעסט, פון אָרט ניט צו ריהרען:

אז אין דעם תחום פון דער מענשלי־כער געזעלשאַפט ביים אויסטויש פון די געגענזייטיגע אָרבייטס־פּראָדוקטען און לייסטונגען שטייגען דעם מענשענס קרעפטען ווייט אריבער זיינע בעדערפ־נישען“.

הכלל, נו, הערר שולצע: דער ערשטער פון דיביידע זעצע, וואָס איהר האָט דאָ געבראַכט אין שיטערען און צושפּרייטען דרוק,

דהיינו, אז מחוץ דער געזעלשאפט שטייגען די בעדערפנישען פון דעם אבגעזונדערטען מענשען אריבער זיינע קרעפטען און אז זיין מערכה איז זיכער א צרה'דיגע, איז א מ ת, אונבעשטריטען און אונ־בעשטרייטבאר אמת. עס איז דורכאויס אן אלגעמיין־גילטיגער אמת. עס איז א חל אויף י ע ד ע ן מענשען, אפילו אויף לעאנאר רייכענהיים, ווי איך האב אייך שוין פריהער אנגעמערקט, און ווי איהר האט עס אליין צוגעגעבען, דערמיט, וואס איהר זאגט עס ארוים סתם אויף יעדען מענשען, אויף „דעם מענש" [בכלל].

אבער דער צווייטער זאץ, וואס איהר שטעלט אוועק אנטקעג־נען אין אקוראט דעמזעלבען צושפרייטען און שיטערען דרוק, דהיינו אז „אין ד ע ם ת ח ו ם פ ו ן ד ע ר מ ע נ ש ל י כ ע ר ג ע ־ז ע ל ש א פ ט ש ט י י ג ע ן ד ע ם מ ע נ ש ע נ ס כ ח ו ת ו ו י י ט א ר י ב ע ר ז י י נ ע ב ע ד ע ר פ נ י ש ע ן" — איז דער־א אויך פונקט אזוי אלגעמיין־גילטיג אמת?

מכח ל ע א נ א ר ר י י כ ע נ ה י י ם און א סך אנדערע, וואס געפינען זיך אין זיין לאגע, אדער זאל שוין אפילו זיין אין א ווע־ניגער גליקליכע לאגע, איז דאס אודאי אמת, אמת ביז'ן העכסטען גראד, און אין פערשיעדענע גראדען אמת. אבער צי איז עס דער־פאר אויך אמת בנוגע „דעם מענש"? איז דאס ווירקליך אמת בנוגע אלע היינטיגע מענשען? אדער בנוגע דאס רוב מענשען? אדער בנוגע א העלפט? אדער א דריטעל אפילו? אדער א פיער־טעל?

זאל איך אייך אנווייזען אויף די ס ט א ט י ס ט י ש ע שיל־דערונגען פון דער לאגע פון פראלעטאריאט אין ענגלאנד, אין דעם לאנד, וואו עס הערשט דאס „פרייע האנדלען און וואנדלען" אין אן אונבעשרענקטער מאס, און וואס איהר, (ז. 70 פון אייער קאטעכיזם) אין אייער ארצי־עם הארצות איבער יעדען ענין, לויבט דוקא אזוי שטארק בנוגע דער לאגע פון איהרע ארבייטער? אדער אויף פלאנ־דערס, וואס גניסט אויך אלע בענעפיטען פון דעם פרייען האנדלען און וואנדלען, און וואו, אלס רעזולטאט פון אט דער ברכה, זיינען שוין אין 1847 אויף א בעפעלקערונג פון קארגע אנדערהאלבען מי־ליאן, אויסגעפאלען וואגאבונדען א ו נ ט ע ר 18 יאהר אליין —

225,894, און וואו אויף אַלע 100 איינוואוינער אין מזרח פלאַנדערס זיינען בערעכענט געוואָרען 36 *צדקה־נעהמער*.*

אָבער, לאָמיר בלייבען אין פאָטערלאַנד!

טאָ לייענט מכח דער לאַגע פון דער אַגריקולטורעלער אַרבייטער־בעפעלקערונג, די אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב צונויפגעשטעלט אין מיין שריפט „דיע אינדירעקטע שטויער אונד דיע לאַגע דעס אַרבייטערשטאַנדעס“,* [און וואָס איך האָב אַרויסגענומען] פון די אָפיציעלע אונטערזוכונגען וועלכע זיינען פערעפענטליכט געוואָרען פון דעם קעניגליכען לאַנדעס־עקאָנאָמיע־קאָלעגיום, און פון דעם ווערק, וואָס פּראָפעסאָר פאָן לענגערקע האָט אַרויסגעגעבען מכח דעם אין יאָהר 1849, אויף דער בעשטעלונג פון דער רעגיערונג! איהר געפינט דאָרטען אויף יעדער זייט אָפיציעל צוגעגעבען און גענוי בעוויזען — הגם דאָס אָפיציעלע ווערק סטאַרעט זיך, נאַטירליך, אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך, צו פערגלעטען די לאַגע פון דער זאַך — אַז אָט די לייטע „*פעהלט כמעט שטענדיג אויס נאַהרונג* אפילו ביי ביליגע נאַהרונגס־פרייזען“; „אַז דאָס רוב, דערגרייכט אָט דער קלאַס מענשען קיין הויכען עלטער ניט, און שולדיג אין דעם איז נאַטירליך, *דאָס שלעכטע לעבען, דאָס אַרבייטען איבער די כחות און די שווערע דאגת חיונה*“; אַז „*זייער פיזישער כח פאַלט אָב*“, אַלס רעזולטאַט פון זייער שטאָפען זיך מיט קאַרטאָפעל איבער דער מאָס, און די „קנאַפע און שלעכטע נאַהרונגס־מיטלען איבערהויפּט“.

אָדער ווילט איהר ליעבערשט סטאַטיסטישע אויסקינפטע איבער דער לאַגע פון דעם *אינדוסטריעלען* אַרבייטער־שטאַנד?

---

*) זעה, דיקפּעהטיאָו, „סיר ליה פּאָופּעריזם דאַהן לעה פלאַנדר“, בריקסעל, 1850.

*) 2 ז. 76—85, ציריך, מעיער און צעלער 1863. (דאָ איז טראַנס־ליטערירט „דיע אינדירעקטע שטויער“ בלשון יחיד, און ניט „די אינ־דירעקטען שטויערן“ ווי עס שטעהט אין אַלע אויסגאַבעס, אויף דעם אָרט, ווייל מען מוז דאָך אָננעהמען, אַז לאַסאַל האָט געוואוסט אַקוראַט, ווי אַזוי זיין שריפט הייסט, הגם אַפילו אין דער ערשטער אויסגאַבע געפינט זיך אויך דערזעלבער גרייז, וואָס מוז זיין מעהר ניט ווי אַ דרוק־פעהלער, וועלכער איז איבערגעגאַנגען אין אַלע שפּעטערדיגע אויסגאַבעס. א. א. ר.)

טאַ לייענט־זשע, וואָס איך האָב צוזאַמענגענומען אין מיין פראַנקפורטער „אַרבייטער־לעזע־בוך"* פון די בעסטע און אונבע־שטריטענסטע קוועלען איבער דעם דורכשניטליכען לעבענס־דויער פון דעם אינדוסטריעלען אַרבייטער־שטאַנד. לייענט, צ. ב. די (דאָרטען ז. 28) פון מיר געבראַכטע אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב אַרויסגענומען פון די פאָרשונגען פון דעם געהיים־ראַטה ענגעל, דירעקטאָר פון דער היעגער אָפיציעלער ביוראָ, נעמליך, אַז אין בערלין דערגרייכען די קאַפּיטאַליסטען דורכשניטליך אַן עלטער פון 66½ יאָהר, די מאַשינען־בויער, אָבער, דערגרייכען אַן עלטער בלויז פון 37½ יאָהר, די בוכבינדער, אַזש ניט מעהר ווי 35 יאָהר און, ענדליך, די טאַבאַק־שפּינער און ציגאַרען־מאַכער דערציהען ניט ווייטער פון 31 יאָהר: מיט אַנדערע ווערטער, הייסט עס, אַלס רעזולטאַט פון זייער שלעכטער לאַגע, דער־גרייכען זיי ניט צומאָל אַ העלפט פון זייער נאַטירליכען לעבענס־דויער.

אָדער ווילט איהר האָבען אַן איבערבליק, אין וואָס פאַר אַ צאָהל־פערהעלטניס, איינע צו די אַנדערע, עס געפינען זיך דאָס דיעניגע, וועמעס קרעפטען און מיטלען אין דער געזעלשאַפט „געהען ווייט אַריבער זייערע בעדערפני־שען", און דיעניגע ביי וועמען די דאָזיגע זאַכען בלייבען גאַ־כער „ווייט הינטערשטעליג הינטער זייערע בעדערפנישען"?

טאַ כאַפּט ווידער אַ קוק אין מיין שריפט „דיע אינדירעקטע שטויער אונד דיע לאַגע דעס אַרבייטערשטאַנדעס", וואו איך (ז. 55 — 66, בעזונדערס די טאַבעלע ז. 63) האָב געצייגט דורך די גע־נויעסטע אָפיציעלע ידיעות, אַז די בלוט־אָרימע קלאַס פון דער געזעלשאַפט, די־אַ וואָס צאָהלט 1½ טהאַ־לער, 2 און 3 טהאַלער אַלס יעהרליכען קלאַסען־שטייער* מאַכט אויס

---

* ז. 27—30 פראַנקפורט אַם מאַין, ריינהאָלד ביסט, 1863.

*) (אין דייטשלאַנד זיינען די שטייערן, וואָס ווערען אַרויפגעלעגט אויף די קלענערע פערדיענסטען, איינגעטהיילט אין קלאַסען. פאַר די גאָר גרויסע איינקינפטע איז פאַרהאַן אַנאַנדער שטייער־סיסטעם מיט אַנ־דערע ראַטעס. א. א. ר.)

ניט ווייניגער ווי 89.06 פראצענט פון אלע קלאסען־שטייער־פליכטיגע אין שטאאט. און דערצו דארף נאך געזאגט ווערען, אז בעת אין מיין „אנטווארט שרייבען" האב איך זיך נאך געמוזט בענוגענען מיט בקיצור'דיגע בעווייזע, זיינען דאס מאל די אויסקינפטע געווען אזוי ספעציאליזירט און געגרינדעט אויף די נייעסטע און גענויעסטע אפיציעלע פערעפענטליכונגען, אז זינט מיין „אינדירעקטע שטויער", האט שוין ניט קיין שולצע, און ניט קיין וואקערנאגעל* דאס מינדעסטע געקענט איינווענדען, און דער גאנצער ליארם, וואס איז אין דער הינזיכט אויפגעהויבען געווארען אנטקעגען מיין „אנטווארטשרייבען" איז קלאגעדיג פערשטומט!

אט דא האט איהר, אליזא, די צאהל־־פערהעלטנים צווישען די, וועמעס קרעפטען און מיטלען אין דער געזעלשאפט, „געהען, ווי איהר זאגט, „ווייט אריבער זייערע בעדערפנישען" און יעניגע, ביי וועמען זיי בלייבען ווייט הינטערשטעליג הינטער זייערע בעדערפנישען!

אבער צו־וואס דארף איך גאר מיט אייך קנעלען סטאטיסטיק, הערר שולצע?

געהט, זייט מוחל, אריין אין אייער אייגענעם היגען ארבייטער־פעראיין.

ווער פון אט די ארבייטער, אפילו פון יענע, וועלכע שרייען בראווא פאר אייך מיט דער גרעסטער התפעלות, וועט אייך דען צוגעבען — בעת איהר וועט איהם פראסט און ערנסט א פרעג טהון — אז זיינע כחות און מיטלען „געהען ווייט אריבער זיינע בעדערפנישען"? ווער פון אט די ארבייטער וואלט דאס ניט זיין ענטמוטישט, ווען איהר מוט איהם אן גלאט און אהן פראזען־בעפוצונג, אז ער זאל דאס צוגעבען? זעהט איהר דען ניט איין, הערר שולצע, אז אט די לייטע קלאפען בראווא פאר אייך נאר ווייל דורך דער אייביגער געדאנקענלאזער בימבאם־קלינגעריי פון אייערע פערשוואומענע

*) (איינער פון לאסאל'ס גרעסטע בעקעמפפער אין דייטשלאנד. געגען איהם האט לאסאל ארויסגעלאזען א בעזונדערע בראשורע וואס הייסט „הערר וואקערנאגעל אדער דער מאדערנער העראסטראטוס" א. א. ר.)

פּראָזען איז שוין ביי זיי אָבגענומען געוואָרען יעדעס ברעקעל פעהיג־קייט צום דענקען, ווייל אַזוי ווייט האָט איהר זיי שוין געבראַכט, אַז זיי ווייסען שוין ניט מעהר, וואָס די פּראָזען בעדייטען, אויף וועלכע זיי שרייען „הוראה“ ? !

ווען איהר זאָגט, אַלזאָ, אַז אין דעם תחום פון דער געזעל־שאַפט געהען דעם „מענשענס קרעפטען און מיטלען ווייט אַרי־בער זיינע בעדערפנישען“, קען מען אויף דעם קיין שום אַנדער תשובה ניט געבען, ווי די דאָזיגע: ווי איך האָב שוין פריהער אָנגעוויעזען, אַז ביי אייך איז גאָר דער קעלן־מינדענער אייזענבאַהן־אַקציעס־בעזיצער — „דער אַרבייטער“; מהאי טעמא, איז ביי אייך, גאַנץ קאָנסעקווענט, הערר לעאָנאַר רייכענהיים „דער מענש“, דער נאָרמאַלער מענש, דער מענש, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם מין !

אָבער אפשר האָט איהר אין יענעם זאַץ, אַז אין דעם תחום פון דער מענשליכער געזעלשאַפט „שטייגען דעם מענשענס קרעפטען ווייט אַריבער זיינע בעדערפנישען“, ניט גענומען דעם אונבעשטימ־טען צווייידייטיגען אויסדרוק „דעם מענשענס קרעפטען“ אין דעם זעלבען זין ווי איך האָב עס גענויער בעשטימט און ערקלערט, בעת איך האָב דאָס איבערגעשריבען: „דעם מענשענס קרעפטען און מיטלען“ ? האָט איהר עס אפשר גענומען אין דעם זין, אַז אין דעם תחום פון דער געזעלשאַפט שטייגען די פּראָדוק־טיווע כחות פון׳ם מענשען „ווייט אַריבער זיינע בעדערפנישען“, אָבער דערפאַר נאָך אַלץ ניט זיינע מיטלען, אויף אַזאַ׳ן אופן, אַז אמת, ער פּראָדוצירט טאַקי, שאַפט טאַקי „ווייט אַריבער זיינע בעדערפנישען“, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז די געשאַפענע פּראָ־דוקטען פאַלען איהם צו, אַלס זיינע אייגענע מיטלען ?

אָבער אויב דאָס איז דער פאַל: טאָ וואו בלייבט יע־מאָלט אָט דאָס, וואָס דער מענש, אין׳ם תחום פון דער געזעלשאַפט, פּראָדוצירט ווייט אַריבער זיינע אייגענע בעדערפנישען און וואָס פאַלט פאָרט איהם ניט צו אַלס זיינע אייגענע מיטלען ? איז דער תירוץ, אַז אָט דער איבערפלוס

פון זיינע פּראָדוקציאָנס־כחות גליטשט זיך דאָן אריין אין פרעמדע קעשענעס?

נו, דאן וואָלט איהר דאָך צוגעגעבען אלצדינג, וואס איך טענה און איהר בעשטרייט!

ווארים דאָס איז דאָך אלץ מיין טענה, אז שוין היינט־צו־טאָג קען דער מענש, על כל פנים, פּראָדוצירען און פּראָדוצירט אזוי פיעל, ווי ער בעדאַרף, נאָר אז צוליעב דער היינטיגער אָרגאַ־ניזאציע פון דער פּראָדוקציע פערוואנדלען זיך ניט זיינע פּראָ־דוקציאָנס־כחות און פּראָדוקציאָנס־לייסטונגען אין זיינע אייגענע מיטלען פאר איהם גופא.

הייסט עס, אז עס בלייבט טאקי דערביי — ווארים איך קען עס דאָך גאָר ניט איינפאלען מיר מודה צו זיין אויף דעם — אז אין יענעם זאַץ, ווי אמת עס זאָל ניט זיין, אז „אין דעם תחום פון דער געזעלשאפט שטייגען דעם מענשענס כחות ווייט אריבער זיינע בעדערפנישען", נעהמט איהר דאָס וואָרט כחות" אין דעם זין פון „כחות און מיטלען", ווי איך האָב דאָס גענויער ערקלערט. הייכט עס, עס בלייבט טאקי דערביי, אז ביי אייך איז הערר לעאָנאַר רייכענהיים „דער מענש", דער, וואס שטעלט מיט זיך פאר דעם מין מענש!

אין דער אמת'ען, וואס פאר א בעטרעף האבען טאקי די מענ־שען, וואס געפינען זיך אין אנאנדער לאגע? אָט די ווערען אונ־טערהאלטען מיט קנאקעדיגע פראגען. זיי גיט מען איין א שלאָם און א קאשע פון ווערטער, אזוי לאנג ביז וואנען עס גיט זיך אייך איין יעדען שפּאלט אין זייער מארך צו פערשטאָפּען — קענען זיי שוין געוואלדעווען און ליארמען אנטקעגען זייער אייגענעם אינטערעס!

אָבער לאָמיר אויסהערען אלץ ווייטער, און טראָץ דער אונ־ערטרעגליכער נודנעקייט פון דעם בים־באם, דורך יועלכען איהר זייט מסביר די טהעמא, וואס איהר אליין האָט זיך געשמעלט אין אָט דער סעקציע, [בעטיטעלט] די „פאָרם פון דער ארבייט אין תחום פון דער מענשליכער געזעלשאפט"; די טהעמא — צו ווייזען, ווי אזוי „די ארבייט בנוגע דער פאָרם און ארט פון איהר אויספיהרונג ווערט בעצם בעשטימט דורך דער מענשליכער געזעלשאפט". איהר האָט נאָך אפילו קיין וואָרט ניט

געזאָגט, וואָס זאָל ערקלערען די דאָזיגע טהעמאַ! ביז אַהער זיינען אייערע ווערטער אַלץ געווען — און מיר האָבען ציטירט אות באות אַלץ, וואָס איהר האָט אין דער סעקציע געזאָגט, גאָר ניט אויסלאָזענדיג — נאָר די געדאַנקען-לאָזעסטע שאַבלאָנען, וועלכע איהר צושמירט און צוברייעט אַזוי, אַז עס איז ניט אויסצוהאַלטען; אָבער איהר מוזט דאָך פאָרט אַמאָל אייער ענין נעהנטער בעטראַכטען, אפשר קומט עס נאָך? טאָ לאָמיר זעהען ווייטער!

תיכף נאָכ׳ן לעצט-ציטירטען זאָץ זעצט איהר פאָרט בזה הלשון:

„איינע פון די הויפּט סבות, וואָרום די מענשען בעזונדער פאַר זיך זיינען ניט ביכולת זיך צו פערזאָרגען מיט אַלע זייערע בעדערפנישען, ליעגט אין דער ווייט פערשיעדענער פערטהיילונג פון די פעהיגקייטען און קרעפטען צווישען זיי, אין זייער פערשיעדענער בעגאַבונג, וואָס מאַכט איינצעלנע נאָך מסוגל צו דער אָדער יענער מלאָכה — קיינעם אָבער ניט, צו די אַלע פיעלע אין פערשיעדענאַרטיגע שאַפונגען, וואָס פּאָדערן זיך צו דעם צוועק. נו, האָבען די לייטע, געטריבען דורך דער אייגענער נאַטור, געמוזט נעהמען, הפּנים גאָר פון זיך אַליין, די איין און איינציגע ברירה, וואָס איז זיי געבליבען, און זיך פערטהיילען די דאָזיגע אויפגאַבען צווישען זיך. אַנשטאָט איבערצונעהמען אַלע אַרבייטען, וואָס זיינען נויטהיג צו זיין פערזאָרגונג, ניט זיך יעטווידער אָב נאָר מיט דער צי מיט יענער אַרבייט. טאַקי, אויף אַזאַ׳ן אופן, בעווייזט ער דורך זיין דירעקטער טהעטיגקייט, נאָר צו בעפריעדיגען די צי יענע פון זיינע בעדערפנישען; אָבער דערמיט וואָס ער פערווענדעט זיין גאַנצע צייט און כח אויף צו שאַפען געוויסע אַרטיקלען אָדער אויסצופיהרען געוויסע אַרבייטען קען ער, אין אַזאַ בעזונדערען צווייג, נאַטירליך לייסטען אַ סך מעהר, ווי ער דאַרף האָבען פאַר זיין אייגענעם געברויך, און פון דעם האַלט ער פאַר זיך אַ מעהר אָדער וועניגער בעדייטענדען איבערפלוס, וואָס ער קען איבערגעבען צו אַנדערע אין רשות. נו, און אַזוי ווי די לעצטע, ווידער, פון זייער זייט, זיינען זיך אויך אַזוי נוהג, און יעדער פון זיי זוכט זיך אויס אַ בעזונדערען צווייג אַרבייט, קען מען, ווערדליג דער אונענדליכער פערשיעדענקייט פון די נייגונגען און פעהיגקייט צווי-

שען די מענשען, זיך ריכטען מיט זיכערקייט אויף דעם, אַז אַלע מינים בעשעפטיגונגען, וואָס זיינען נאָר דענקבאַר, וועלען זיין פערטראַטען, און אין סך הכל וועט געליפערט ווערן מעהר ווי גענוג אין אַלע מעגליכע ריכטונגען. אויף אַזאַ'ן אופן, קען אַ־יעדער זיין זיכער ביי זיך, אַז ער וועט פאַר דעם, וואָס ער שאַפט ביי זיין פּרנסה איבער דער מאָס, וועלכע איז איהם נויטהיג — וועט ער פאַר דעם בעקומען פון די אַנדערע, בדרך אויסטויש, אַלץ, וואָס ער דאַרף האָבען צום לעבען בתנאי, אַז זיין אייגענער אַרבייטס־פּראָדוקט, זיין לייסטונג זאָל יענע אויך דיענען אַלס בעפריעדיגונג פון אַ בעדערפניש, און זאָל זיי זיין ניחא. איינער, צ. ב., גרייט צו טוך, דער אַנדערער קליידער, יענער מאַכט שוך־אַרבייט, אָט דער מעבעל, נאָך אַנדערע בויען הייזער, פערנעהמען זיך מיט אַקערבוי, מיט מינען־בעאַרבייטונג, א. אַ. וו., גיט יעדערער אַוועק די געוואונענע פּראָדוקטען, וואָס ער פערניצט ניט אַליין, פאַר די פּראָדוקטען פון די אַנדערע, בדרך אויסטויש".

אָט דער זאַץ שטייגט אַריבער אַלץ, וואָס איז נאָך ביז אַהער געוועזן!

איהר רעדט צו אַרבייטער, הערר שולצע. איהר שרייבט אַן „אַרבייטער־קאַטעכיזם". און איהר שילדערט פאַר די לייט די „פאָרם פון דער אַרבייט אין תחום פון דער היינטיגער געזעלשאַפט"; הכלל, איינער, צ. ב. גרייט צו טוך, דער אַנדערער קליידער, יענער מאַכט שוך־אַרבייט, אָט דער מעבעל, נאָך אַנדערע בויען הייזער, פערנעהמען זיך מיט אַקערבוי, מינען־בעאַרבייטונג, א. אַ. וו., גיט יעדערער אַוועק די געוואונענע* פּראָדוקטען, וואָס ער פערניצט ניט אַליין, פאַר די פּראָדוקטען פון די אַנדערע, בדרך אויסטויש". מיט אַנדערע ווערטער: איהר שילדערט פאַר די אַרבייטער זייער אייגענעם שטאַנד אַלס — אַ וועלט פון לויטער אונטערנעהמער!**

---

*) (אין דער 1893 אויסגאַבע (בערנשטיינ'ס) איז צוגעגעבען דאָס וואָרט „נייע" נאָך „געוואונענע". דאָס וואָרט איז ניטאָ אין קיינע פון די פריהערדיגע אויסגאַבעס, שוין מיט'ן אָריגינאַל. א. אַ. ר.)

**) בערנשטיין געפינט פאַר נויטהיג דאָ אָנצומערקען, אַז ניט נאָר שולצע־דעליטש, און ניט נאָר באַסטיאַ, נאָר אַפילו דעם לעצטענס „סאָציאַ־

אין אייער ראָזיגער פאַנטאַזיע פערוואַנדלען זיך אַלע פאַבריק־אַרבייטער, אָט די שרייפּלעך*) פון איין גרויסער אַלגעמיינער פּראָדוקציע, אין לויטער קליינע זעלבסטשטענדיגע אונטערנעהמער, וואָס זיינען באַלעבאַטים איבער פאַרטיגע פּראָדוקטען און פערקויפען זיי אויף איגענעם חשבון!! דאָס איז, הייסט עס, נאָך אייך נאָך, די „פאָרם פון דער אַרבייט אין תחום פון דער (היינטיגער) מענשליכער געזעלשאַפט". וואָס איהר האָט געוואָלט ענטוויקלען; דאָס איז דאָס דער שטייגער, אויף וועלכען די מענשליכע געזעלשאַפט בעשטימט „די אַרבייט בנוגע דער פאָרם און אַרט פון איהר אויספיהרונג"!! צי איז שוין אַזאַ גראָבע פערבלענדעניש ווען פאָרגעקומען, און צי איז עס נאָר אַפילו דאָ מעגליך צו גלויבען, אַז איהר גלויבט זיך אַליין? וואָרים ווי ווינציג איהר זאָלט ניט האָבען אַ־וואָסער ניט־איז ידיעה אין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ענינים, זאָל זיין אַפילו ביז'ן קנאַפּסטען, ווי איהר זאָלט ניט בלייבען אַפילו אין דער פאָלקס־ווירטהשאַפטליכער ספערע אַלץ דער קליינער פּאַטרימאָניאַל־ריכטער, וואָס איהר זייט לכתחילה געווען, און וואָס איהר קענט קען שוין אַנדערש ניט זיין — ווייס דאָך אָבער אַזוי פיעל יעדעס קינד וועגען אונזער היינ־

*) (אייגענטליך „מאַשינען־טהיילען" לויט'ן ווערטערליכען. א. א. ר.)

ליסטישער" לאַנדסמאַן פּרודאָן האָט אויך געמאַכט דעמזעלבען טעות, וואָס לאַסאַל וואַרפט פאַר שולצע־דעליטשען. אין דעם פּונקט, מיינט בערנשטיין, גלייכט זיך אויס פּרודאָן מיט זיין „בלומרשט'דיגען געגנער" באַסטיאַ. אָט דאָס, זאָגט ווייטער בערנשטיין, איז דער אומגליק מיט דער גאַנצער קליינבירגעריי, סיי מיט'ן „קליינבירגערליכען סאָציאַליזם", סיי מיט'ן קליינבירגערליכען ליבעראַליזם, וואָס ווערט דאָ פערטראָטען פון שולצע־דעליטש. פּונקט ווי לאַסאַל איז אין דעם פּרט געווען דער בויטש פאַר שולצע־דעליטשען, אַזוי איז מאַרקס אין זיין „עלענד דער פילאָזאָפיע" געווען פּרודאָנ'ס קאַנטשיק. א. א. ר.)

טיגען צושטאַנד, אַז עס זאָל אויסשיסען אַ געלעכטער איבער דער דאָזיגער שילדערונג פונ׳ם היינטיגען אַרבייטס־פּראָצעס!

איהר לייזט די סאָציאַלע פראַגע אַ סך שנעלער, ווי איך: זי וויזט אייך קיין שום ווידערשטאַנד ניט — אויפ׳ן פּאַפּיער! איהר פּערערדט אַלע אַרבייטער די צייהן, און פּערוואַנדעלט זיי אין אונטערנעהמער — אויפ׳ן פּאַפּיער!

און דער אַרבייטער, ווען איהר האָט קינסטליך פּער׳טפּוש׳ט, זיין מוח בעאַרבייט מיט אַ טומאַן פון פראַזען, און אַזוי בעטויבט, אַז ביי איהם איז ניט נאָר יעדעס פּיצעל פערשטאַנד אַבגענומען געוואָרען, נאָר אפילו שוין די פעהיגקייט צו הערען, זעהען און פּיהלען אויך — דער אַרבייטער ברילט בעגייסטערט „בראַוואָ“. בעת איהר שילדערט איהם די היינטיגע געזעלשאַפטליכע ראָלע פון זיין שטאַנד: — אַז „אַ־יעדער“ ברייננגט אויס „די געוואונענע פּראָדוקטען, אַז אַ־יעדער איז אַ זעלבסטשטענדיגער אונטערנעהמער!

אויב דאָס איז אַ פעלשונג, וואָס מוז בעזייטיגען יעדען געדאַנק, אַז איהר גלויבט אַליין אין דעם, וואָס איהר זאָגט און מען קען נאָר בעוואונדערן אייער מוטה, מיט וועלכען איהר דערוועגט זיך אַזוינס פּאָרצוברייננגען פאַר אַן אַרבייטער־פערזאַמלונג, שטויסט מען זיך אָן אָבער, אין דעמזעלבען קורצען זאַץ פון צוויי שורות, פון דער אַנדער זייט, אויף אַזאַ גראַנדיזען און אַזאַ נאַאיוועז אַנוויסען פון דער היינטיגער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, פון דער „פאָרם און אַרט פון דער אויספיהרונג“ וואָס די מענשליכע געזעלשאַפט האָט צוגעגעבען דער היינטיגער אַרבייט, אַז מען פאַלט אַריין אין דער לאַכעדיגסטער שטימונג!

„אַ־יעדער גיט אַוועק די געוואונענע פּראָדוקטען, וואָס ער פערניצט ניט אַליין, פאַר די פּראָדוקטען פון די אַנדערע, בדרך אויסטויש“.

הערר שולצע! פּאַטרימאָניאַל־ריכטער! ווי איז דאָס, האָט איהר גאָר קיין בעגריף ניט פון דער ווירקליכער געשטאַלט פון דער היינטיגער געזעלשאַפטליכער אַרבייט? זייט איהר גאָר קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטען פון ביטערפעלד און דעליטש? אין וואָס פאַר אַ יאָרהונדערט פונ׳ם מיטעלאַלטער לעבט איהר דען, אייגענטליך, נאָך, מיט אַלע אייערע אַנשויאונגען?!

איהר שטעלט פאַר אין יענע נאאיווע ווערטער דעם היינטיגען פּראָצעס פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט, גלייך ווי יעדערער וואָלט תחילת זיך פערשאַפט דורך זיין ארבייט די פּראָדוקטען, וואָס ער דאַרף האָבען פאַר זיך אַליין, און דאַן טוישט ער אויס דעם איבערפלוס פון די צוגעקראָגענע פּראָדוקטען „וועלכע ער קען אליין ניט פערניצען".* דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער: איהר שטעלט זיך פאָר די היינטיגע געזעלשאַפטליכע ארבייט, ווי דאָס איז ווירקליך געוועזען דער פאַל אין די פריהערע יאָהרהונדערטע פון'ם מיטעל-

---

*) אָט די פאָרשטעלונג פון דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס שטיצט זיך ביי אייך ניט אויף אַ שרייב-פעהלער אָדער אַ שפּראַכליכע ניט-פּינקטליכקייט א. א. וו. — וואָרים. אין אַזאַ פאַל, וואָלט איך גאָר קיין וואָרט ניט פערליערען איבער דעם — נאָר איהר שטעלט זיך דאָס טאַקי פאַר ממש אַלס דאָס בילד פון דער היינטיגער אַרבייט. איהר זאָגט שוין, דהיינו, אויף זייט 14, וואו איהר בעשרייבט די זאַך נאָך מעהר באַריכות-דיג: „אויף אַזאַ'ן אופן, קען אַ יעדער זיין זיכער ביי זיך, אַז ער וועט פאַר דעם, וואָס ער שאַפט ביי זיין פּרנסה איבער דער מאָס, וועלכע איז איהם נויטהיג — בעקומען פון די אַנדערע, בדרך אויסטויש, אַלץ, וואָס ער דאַרף האָבען צום לעבען אַ חוץ", א. א. אַנד. אָרט. און דאָס קען אייך ביי אייך גאָר קיין וואונדער ניט זיין. וואָרים, אמת, באַסטיאַ זאָגט יאַ עבעס (צום. עהקאָני עד. בריקסעל פאַזש 102): „אויסטויש, זאָגען אייניגע, איז אַן אויסבייט פון דעם איבערפליסיגען פאַר'ן נויטהיגען. חוץ. וואָס דאָס ווידערשפּרעכט די פאַקטען, וואָס שפּיעלען זיך אָב פאַר אונזער אויגען, (אוטר ק"ה ס'לאַ ע קאָונטרער אָו פע קי ס'פּאַהס סו נאָו-ז-יעו) וואָרים ווער וועט עס וואַגען צו זאָגען, אַז דער פּויער, בעת ער שיידט זיך מיט'ן ווייץ, אויף וועלכען ער האָט געאַרבייט, און וואָס ער וועט קיינמאָל ניט עסען, גיט דאָ אַוועק עפּעס וואָס איז איהם איבערפליסיג? א. אַ. וו.". פונ-דעסטוועגען ערקלערט אָבער אָט דערזעלבער באַסטיאַ, אויב מיר האָבען קיין שטאַרקען טעות ניט, אין אַנאַנדער שטעלע, וואָס מיר קענען אויפ'ן אָרט ניט געפינען, הגם מיר געדענקען דאָס אַקוראַט — ערקלערט באַסטיאַ די היינטיגע אַרבייט בפירוש אַזוי, אַז יעדער פּראָדוציר ער טוישט אויס „ל'עקסעה ד'ה סאַ פּראָדיקסיאָון" (דעם איבערפלוס פון זיין פּראָדוקציע) פאַר'ן איבערפלוס פון דער פּראָדוקציע פון אַנאַנדערען. די סתירה צווישען ביידע שטעלען וועט קיינעם ניט וואונדערן, וועלכער וועט לעזען דאָס, וואָס מיר וועלען שפּעטער אויספיהרען איבער דער שטענדיגער, זיך-אַליין-ווידערשפּרעכענדער געדאַנקענלאָזיגקייט פון דעם דאָזיגען הערר.

אלטער, אלס א נאטוראל־ווירטהשאפט, ביי וועלכער יעדער האט לכתחילה פראָדוצירט אזוי פיעל, ווי ער האט בעדארפט פאר זיין אייגענעם געברויך און האט נאר אויסגעטוישט דעם איבערפלוס פון אט די פראָדוקטען, וואס ער האט מעהר פאר זיך ניט בעדארפט!

ציי האט איהר גאר קיין בעגריף ניט פון דעם, אז די היינטיגע געזעלשאפטליכע ארבייט כאראקטעריזירט זיך גראד דערמיט, וואס א־יעדער פראָדוצירט דאס, וואס ער קען ניט בענוצען פאר זיך אליין? האט איהר גאר קיין אהנונג ניט, אז דאס מוז אזוי זיין זינט די גרויסע אינדוסטריע איז אויפגעקומען, אז אין דעם ליעגט די פארם און דער עצם פון דער היינטיגער ארבייט, און אז טאמער לאזען מיר אב, אויפ'ן מינדסטען האאר, דעם דאזיגען פונקט, קען קיין איינציגע זייט פון אונזערע היינטיגע עקאנאמישע צושטענדע, קיין איינציגע פון אונזערע היינטיגע עקאנאמישע ערשיינונגען, ניט בעגריפען ווערען?

נאך אייך נאך, פראָדוצירט, הייסט עס, הערר לעאנאר רייכענהיים אין וויעסט־גיערסדארף, לכתחילה דעם באוועל־גארן, וויפיעל ער דארף פאר זיך. דאס וואס בלייבט איבער, וואס זיין טאכטער קען שוין מעהר ניט פערארבייטען אויף זאקען און נאכטיאקען, טוישט ער אויס.

הער באָרזיג פראָדוצירט לכתחילה מאשינען פאר זיין פאמיליען־געברויך. די איבערפליסיגע מאשינען פערקויפט ער דערנאך.

די טרויער־קליידער מאגאזינען ארבייטען לכתחילה, פערזארגענדיג זיך אויף טויטען־פעלע אין דער אייגענער משפחה. נו׳ און אזוי ווי די־א טרעפען זיך היבש קארגלעך, איז וואס עס בלייבט איבער פון די טרויער־שטאפען, טוישען זיי אויס דערנאך.

הערר וואלף, דער אייגענטהימער פון היעגען טעלעגראף־ביורא, לאזט לכתחילה די דעפעשען קומען צוליעב זיין אייגענער בעלעהרונג און פערגעניגען. וואס עס בלייבט נאך איבער, אז ער האט זיך שוין גוט אנגעזעטיגט מיט זיי, טוישט ער אויס מיט די בערזען־וועלף און צייטונגס־רעדאקציעס, וועלכע דיענען איהם אב דערפאר מיט זייערע איבערפליסיגע צייטונגס־קארעספאנדענציעס און אקציעס!

איך שטאם פון א פאמיליע אגולניקעס, הערר שולצע. ווען איך בין געווען א צעהן יעהריגער אינגעל, האב איך ניט געקענט פערשטעהן, למאי מיין מוטער און שוועסטער, ווען זיי האבען זיך געוואלט מאכען זיידענע קליידער, זיינען זיי געגאנגען אין א קלייט פון אן איינצעל־פערקויפער, וואו זיי האבען דיזעלבע שטאפען, וואס זיינען געלעגען אין מיין פאטער'ס מאגאזין גאנצע בערג, געקויפט, און פערשטעהט זיך, א סך טהייערער געצאהלט. ווען עס איז מיר אבער געווארען 12 יאהר, האב איך זיך ערשט דערוואוסט דעם שכל פון דער ערפאהרונג, וואס פלעגט מיך אזוי בעאונרוהיגען. מיין פאטער פלעגט פערקויפען די שטאפען הורטאם, און דערפאר וואלט ער א סך מעהר אנגעווארען, ווען ער שניידט אב א קלייד פון א שטיק זיידענס, פון פאמיליען־געפעליגקייט וועגען, ווי ווען ער בעצאהלט דעם פערקויפער־אויפ'ן־שטיק, וואס פאר א פרייז יענער מוט איהם נאר אן. צו דערזעלבער צייט, איז די מעלה, וואס ביים איינצעל־פערקויפער האבען מיין מוטער און שוועסטער געפונען א גרעסערען אויסוואהל פון מוסטערן. הגם א קנאפערען לאגער סחורה, אזוי אז זיי האבען דא בעסער געקענט זעהען, ווי אזוי דאס בליהמעל מיט א פינטעל פערגלייכט זיך מיט'ן בליהמעל אהן א פינטעל, א. א. וו.

און ביז'ן ב ע ל מ ל א כ ה גופא, איז עס געווארען אן אמת, אז יעדער פ ר א ד ו צ י ר ט, וואס ער פערניצט נ י ט. מאזעס ענד סאן, די גרויסע קליידער־הענדלער פון לאנדאן, בעציהען וואהר־שיינליך די רעק וואס זיי אליין טראגען פון א וועלכען ניט־איז וועסט ענדער שניידער, וואס איז גראד אין דער מאדע, בעת אט דערזעל־בער שניידער, פאר ווענעם ארבייטס־צייט, נאמען און פאסאן מען בעצאהלט א גאר בעזונדערס הויכען פרייז, וואלט דוקא דערפאר געהאנדעלט זעהר עקאנאמיש, ווען ער ק ו י פ ט ז י י ן ראק ביי מאזעס ענד סאן.

און שפעטער וועלען מיר נאך אין אנאנדער צוזאמענהאנג בעווייזען אין קורצען, כאטש עס איז אזוי אויך בעקאנט, אז אפילו, אין דער אגריקולטור, שפיעלט די נאטוראל־ווירטהשאפט, די פראָ־דוקציע פאר'ן אייגענעם געברויך, מעהר ניט ווי א מינימאלע ראלע — אלס רעזולטאט פון דער ג ע ל ד ־ פ א ר ם, דורך וועלכער אלע פראדוקטען מוזען כסדר דורכגעהען אין דער מאדערנער פראדוקציע

פון איין זייט, און פון דער גרויס־מאַשינעריע* פון דער אנדערער, וואָס ביידע זיינען זיי די מיטלען, דורך וועלכע די מאָ־דערנע אינדוסטריע דריקט אָב איהר הערשענדען כאַראַקטער אויף אויך דעם לאַנד־פּראָדוקציע.

אַלזאָ, דאָס איז דער בעזונדערער כאַראַקטער פון דער אַר־בייט אין פריהערדיגע געזעלשאַפטליכע פעריאָדען, להיפוך צו דער היינטיגער, וואָס מען מוז פעסט אין קאָפּ אריינגעהמען. יעמאָלט פלעגט מען לכתחילה פּראָדוצירען פאַר'ן אייגענעם געברויך און דעם איבערפלוס אָבגעבען, ד. ה. מען האָט געפיהרט דאָס רוב א נאַטוראַל־ווירטהשאַפט.

און דאָס איז ווידער דער בעזונדערער כאַראַקטער, די ספּע־ציפישע בעשטימטע פאָרם פון דער אַרבייט אין דער מאָ־דערנער געזעלשאַפט, להיפוך צו דער אמאָליגער געזעלשאַפט; וואָס יעדער פּראָדוצירט נאָר וואָס ער דאַרף לחלוטין ניט, ד. ה. וואָס יעדער פּראָדוצירט אויסטויש־ווערטהען, פונקט ווי פריהער איז עס געווען, דאָס רוב, נוץ־ווערטהען.

און בעגרייפט איהר ניט, הערר שולצע, אַז דאָס איז די נויטהווענדיגע און אַלץ מעהר־אַרומכאַפּענדע „פאָרם און אַרט פון דער אַרבייטס־אויספיהרונג" אין א געזעלשאַפט, וואו די צוטהיילונג פון דער אַרבייט האָט זיך אזוי וויים ענטוויקעלט ווי אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט?

אָבער אויב איהר בעגרייפט דאָס ניט, איהר קליינער פּאַ־טרימאָניאַל־ריכטער, אויב איהר שטעלט זיך נאָך אַלץ פאַר די אונ־אָרגאַנישע אַרבייט פון שטאַנדפּונקט פון א וואָסערען קצב אין ביטערפעלד אָדער דעליטש, וועלכער קוילעט אפשר דעם פעטסטען חזיר פאַר זיך אליין, און גיט נאָר אוועק דערפון זיינע קונים, וואָס עס לוינט ניט פאַר איהם, איז אודאי קענט איהר שוין ניט בעגריי־פען קיין איינציגען פון די אַלע פאַקטען און ערשיינונגען, וואָס בעהערשען אונזערע היינטיגע עקאָנאָמישע צושטענדע! וואָ־רים זיי אַלע — די פאַקטען און ערשיינונגען — ענטוויקלען זיך און וואַקסען דוקא אַרויס דערפון, וואָס די אַרבייט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט איז אַזעלכע, וואָס פּראָדוצירט נאָר טויש־ווערטהען, אַזעלכע, וואָס פּראָדוצירט דאָס, וואָס

* („דעם גראָססען בעטריעבעס" א. א. ר.)

מען פערניצט ניט אליין! און דערפאר לאָזען זיי זיך ניט בע־
גרייפען, סיידען מען האָט פעסט אין זינען אָט די כאראַקטעריסטי־
שע בעשטימטע פאָרם פון דער היינטיגער ארבייט!

איהר בעגרייפט, הייסט עס, ניט אז דאָס, וואָס די ארבייט
איז געציעלט אויסשליסליך אויף טויש־ווערטהען,
אויף דער פּראָדוקציע פון זאכען, וואָס מען פערניצט ניט אליין,
איז דער שורש פון דעם גרויסען רייכטהום, ווי אויך פון
דער גרויסער דחקות פון אונזער היינטיגער געזעלשאפט.

איהר בעגרייפט ניט, אז דאָס האָט געשאפען דעם וועלט־
מארק, און נאָר אַ דאַנק דעם איז די פּראָדוקציע פאר'ן
וועלט־מארק מעגליך.

איהר בעגרייפט ניט, אז דאָס איז די סיבה פון דער אי־
בערפּראָדוקציע, פון די קריזיסען פון די שטיל־
שטאנדען אין האנדעל און אין ארבייט.

איהר בעגרייפט ניט, אז דאָס איז עס וואָס מאכט די לאגע
פון דעם ארבייטער־שטאנד אזוי געוואלטיג טרויעריג און אונזיכער
און ליפערט איהם אויס צו די שרעקליכסטע יסורים. וואָרים אודאי
איז, צום ביישפּיעל, די לאגע פון'ם שפּינער און פון'ם וועבער, גע־
ווען נאָך אלץ געזיכערטער אין דער צייט ווען ער פלעגט — ווי
אין ענגלאנד, גופא, ביז'ן סוף פון פריהערדיגען יאָהרהונדערט אַזש
— נאָך דערביי בעארבייטען אַ שטיק ערד און האלטען אַ קוה, און
אויף דעם אופן פּראָדוצירען זאכען פאר'ן אייגענעם גע־
ברויך. ווער עס פּראָדוצירט זיך אליין די הויפּט נאהרונגס־מיט־
לען פאר'ן אייגענעם געברויך, קען קיינמאָל ניט זינקען אזוי גיך
און אזוי טיעף אין דחקות, ווי דער וואָס, ווי אונזערע ארבייטער,
ליעגט אלע טאָג מיט'ן קאָפּ און לייב און לעבען אויפ'ן וועלט־מארק,
און צוקט מיט יעדען צוק פון'ם וועלט־מארק אָהן דער מינדעסטער
ווידערשטאנדס־קראַפט פון אַ קאפּיטאל! איהר בעגרייפט, אלזאָ,
לגמרי ניט די סיבה, וואָס האָט איבערהויפּט געשאפען אונ־
זער פּראָלעטאריאט?

איהר בעגרייפט, אלזאָ, אויך ניט — און אודאי בעגרייפט
איהר דאָס נאָך צום סאמע וועניגסטען; אָבער איך וועל אייך
נאָך צווינגען דאָס צו בעגרייפען דורך אַ ווייטערדיגער ער־
קלערונג — אז נאָר ביי אָט דער, אויסשליסליך אויף טויש־ווער־

טהען געציעלטער פּראָדוקציע, אלזאָ, נאָר יעמאָלט ווען די אַרבייט האָט אָנגענומען אַזאַ „פאָרם און אַרט פון איהר אויספיהרונג“, אַז יעדער פּראָדוצירט זאַכען פאַר זיין אייגענעם ניט־געברויך — אַז נאָר יעמאָלט, זאָג איך, איז, אין תוך גענומען, פאַרהאַן קאַפּיטאַל.

לעת עתה בעגרייפט איהר, הייסט עס, גאָרניט, גאָרניט, א האָאָר ניט פון אַלע אונזערע עקאָנאָמישע צושטענדע!

און אַנטקעגען דער דאָזיגער קינדער־פּלוידעריי אייערע דאַרף איך דאָס לערנען עקאָנאָמיע?

שפּעטערדיגע דורות, אויף ווען עס געהט דאָך אייגענטליך טאַקי מיין גאַנצע טרחה, אַלע מיינע אַנשטרענגונגען, וועלען מיר דאָס גראָד פעררעכנען פאַר'ן גרעסטען פערדיענסט, וואָס איך נעהם אויף זיך אַזאַ ערניעדריגונג, וואָס מיר שטעהט פאָר ביי דעם, אַז איך זאָל נאָך ערשט אייער קינדערשען קוואַטש קריטיקירען!

און איצט זאָל יעדער איבערלייענען פאַר זיך אַליין, ווי איהר צולעגט זיך מיט דעם, וואָס איהר האָט שוין ביז אַהער געזאָגט נאָר אויף אַ גאַנצען זייטעל (ז. 15) פון אויבען ביז אַראָב, ווי איהר קייט דאָס נאָך אַלץ איבער פון־דאָס־ניי, אַז איהר זאָלט עס נאָך כאָטש אַ האָאָר צוגעבען צו דעם: און דערמיט פערענדיגט איהר דאַן אָט די סעקציע, וועלכע האָט געטראָגען דאָס שטאָלצע קעפּעל: „די פאָרם פון דער אַרבייט אינ'ם תחום פון דער מענשליכער געזעלשאַפט“!

נאָך דעם קומט (ז. 16) אַ קורצע סעקציע: „די צוטהיילונג פון דער אַרבייט אויף פערשיעדענע בעשעפטיגונגס־צווייגען בעזונדער“.

אַנשטאָט אָבער פונאַנדערצולעגען די „צוטהיילונג פון דער אַרבייט אויף פערשיעדענע בעשעפטיגונגס־צווייגען בעזונדער“, אַנשטאָט צו אונטערזוכען און דערווייזען, וואָס פאַר אַ ווירקונג די צוטהיילונג פונ'ם אַרבייטס־פּראָצעס האָט אויף דער לאַגע פון די פערשיעדענע בעזונדערע אַרבייטס־פאַקטאָרען, פּאָלגען דאָ גופא ווידער נאָר די גאַנץ בעקאַנטע שאַבלאָנען, וואָס פילען אָן יעדעס האַנד־ביכעל, ניין, אפילו די קינדער־שריפטען — שאַבלאָנען איבער דער פערגרעסערטער לייסטונגס־פעהיגקייט דורך דער אַרבייטס־צו־

טהיילונג, איבער דעם ווי א דאנק דערזועלבער צוטהיילונג העלפט מען צו פערהיטען, אז דאס קאפיטאל זאל ניט געהן אין ניוועץ ביי דער ארבייט, און ווי עס ווערט מעגליך געמאכט די אויסנוצונג פון די נאטור־כחות און אוצרות(?) פון די פערשיעדענע [געאגראפישע]זאנען. מיט אנדערע ווערטער: בעת איהר זאגט צו דורך אייער קעפעל, אז איהר וועט בעהאנדלען „די צוטהיילונג פון דער ארבייט אויף די פערשיעדענע בעשעפטיגונגס־צווייגען בעזונדער, שמועסט איהר גאר איבער דער צוטהיילונג פון דער ארבייט בכלל! איהר פערשטעהט צומאל ניט דעם זין פון אייער אייגענער קאפיטעל־איבערשריפט! דאס קעפעל מיט׳ן אינהאלט פאסען זיך אזוי איינס צו צווייטען, ווי ארבעס צום וואנט.

און ווען איך האב געזאגט, אז איהר מזמור׳ט דא אב ווייטער נאר אזעלכע זאכען, וואס זיינען שוין לאנג אויסגעדראשען געוואָרען, האב איך נאך גאר צו ווייניג געזאגט. איך וואלט נאך בעדארפט צולעגען דערביי אז איהר פערוואסערט און פערדארבט זיי נאך!

אדאם סמיטה,* וועלכער האט נאך מיט וואסערע הונדערט יאהר צוריק, נאך פערגוסאנ׳ס ** שטייגער, אויספיהרליך דערוויזען

---

*) (אדאם סמיטה איז געוועזן איינער פון די גרעסטע דענקער, וואס שאטלאנד האט ארויסגעגעבען. זיין ווערק „דאס רייכטהום פון נאציאן" איז געוועזן די קלאסישע התחלה פון דער פאליטישער עקאנאמיע, און ער איז בעקאנט אין דער דאזיגער וויסענשאפט אלס גרינדער פון דער קלאסישער שולע, אדער, נאך בעסער אלס דער פאטער פון דער פאליטישער עקאנאמיע. אדאם פערגוסאן איז געוועזן א צייט־גענאסע פון אדאם סמיטה און איז בעקאנט מעהרסטענס אלס היסטאריקער. א. א. ר.)

*) אדאם פערגוסאן, „אַן עסעה אָן דהע היסטאָרי אָוו סיוויל סאָסיועטי", עדישאָן באַזעל. פּאַרט 6, סעקש. 1. „אָוו דהע סעפּאַריישאָן אָוו אַרטס אַנד פּראָפעשאָנס" — פערגוסאן איז דערביי אביעקטיווער, ווי אדאם סמיטה, דערמיט וואס ער ברייגנט אויך ארויס די פאלגען פון דער ענטוויקעלטער צוטהיילונג פון דער ארבייט, וועלכע זיינען לרעה פאר די גייסטיגע פעהיגקייטען, וואס, איבריגענס, זיינען זוי אויך סמיטה׳ן ניט געוועזן אונבעקאנט. היינט זיינען זיי געננג בעקאנט, נאָבדעם וואס לעמאָנטעי און אנדערע האבען מכח דעם געזאגט, און וואס זש. ב. סיי גופא און די דייטשע האנד־ביכער האבען אנערקענט; און נאר אין דער פערקירצונג פון דער ארבייטס־צייט און אין א גאנץ אנדער גע־

די מעלות, וואָס עס קומען אַרויס פון דער אַרבייטס־צוטהיילונג פאַר דער לייסטונגס־פעהיגקייט, ואַט ב׳נוצט פאַ׳ רעם צוועק דעם ביי־שפּיעל פון דער נאָדעל,* ד. ה. ער האָט לויט דער מעטאָדע, ווי עס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַזאַ גייסטרייכען מאַן, זיך פערנומען מיט אַ קאָנקרעטען פאַל און דורך דעם געזוכט צו ערקלערען די ספּעציפישע בעשטימטע פאָרם, וואָס די אַרבייט האָט אָנגענומען היינט צוטאָג. ער האָט געוויזען ווי אין איין און דערזעלבער שאָפּ איז די פאַבריצירונג פון אַזאַ קליינער זאַך, ווי אַ נאָדעל, צוטהיילט אויף אכטצעהן פערשידענע אַרבייטס־צווייגען, פון וועלכע יעדער בעזונדער אַרבייטס־צווייג ווערט געוועהנליך בעזאָרגט דורך בעזונדערע אַרבייטער, אויף אַזאַ׳ן אופן, אַז יעדערער פאַבריצירט נאָר אַן אכצעהנט־חלק פון אַ נאָדעל. און ער צייגט ווידער ווי דוקא דורך דעם איז די סך־הכל פּראָדוקציע פון זייער פעראייניגטער טהעטיגקייטער אָהן אַ שיעור גרעסער ווי די פּראָדוקציע פון דערזעלבער צאָהל אַרבייטער, וואו יעדערער גרייט צו אַ גאַנצע נאָדעל. מיט אָט דעם משל, לאָזט ער, אַלזאָ, די היינטיגע אַרבייט ערשיינען אין דער ספּעציפישער, כאַראַקטעריסטישער בעשטימטקייט וואָס זי האָט היינט אין דער ווירקליכקייט. ער לאָזט זי ניט ערשיינען אַלס אַן אויסטויש פון בעזונדערע פּראָדוקטען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט בע־

---

שטאַלטונג פונ׳ם אינטעררינבט וועט די צוקונפט האָבען אַ ווירקזאַמען געגען־מיטעל געגען דעם גייסטיגען שאַדען, וואָס די ענטוויקעלטע צוטהיילונג פון דער אַרבייט ברייננגט. בכן זאָל דאָ נאָר קאָנסטאַטירט ווערען דער אינטערעסאַנטער פאַל, וואָס הערר שולצע, להיפּוך צו אַלץ וואָס איז אַנערקענט, שרייבט צו, אויפ׳ן חשבון פון דעם פאָרטשריט אין דער אינדוסטריע, וואָס די צוטהיילונג פון דער אַרבייט האָט געבראַכט — די ווירקונג, אַז די האַנד־אַרבייט ווערט אַלץ מעהר קאָפּ־אַרבייט (קאַטעכיזם ז. 38) ! ! בלייבען מיר ביי סמיטה׳ס ביישפּיעל, איז ווען אַן אַרבייטער, וואָס פלעגט ביי פריהערדיגע צייטען מאַכען אַ גאַנצע נאָדעל, גרייט איצט צו בסדר ניט מעהר ווי אַן 18טען טהייל פון אַ נאָדעל אַלע זיינע לעב־טאָג, זעהט הערר שולצע אין אַזאַ בעשעפטיגונג, וואָס קען אַנדערש ניט ווי דערגראַדירען זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען, אַן איבערגאַנג פון האַנד־אַרבייט צו קאָפּ־אַרבייט ! !

*) אַדאַם סמיטה, בוך 1, קאַפּ. 1. ז. 13. גאַרניע אויסג.)

זונדערע, און, בנוגע איינער דעם אַנדערן, זעלבסטשטענדי־ געאַרבייטס־אונטערנעהמער; נאָר ער לאָזט זי ערשיינען אַלס דער פּראָדוקציאָנס־סך־הכל פון פיע־ לע אַרבייטער, וואָס זיינען פעראייניגט אויף צו שאַפען דעמזעלבען פּראָדוקט, און פון וועלכע יעדער פערנעהמט זיך נאָר מיט אַ גאַנץ אונזעלבסטשטענדיגער אַב־ סטראַקטער טהייל־טהעטיגקייט; בכן האָט ער בשום אופן ניט ביי זיך אין די הענד אַ פּאָרטיגען „פּראָ־ דוקט" צום „אויסטוישען".

אָט דערביישפּיעל פון אַדאַם סמיטה איז אַזוי גוט אויכגע־ קליבען, אַז עס איז געוואָרען אַ סטערעאָטיפּ, און איז איבערגע־ גאַנגען אין אַלע טעקסט־ביכער. עס ווערט נאָר אַמאָל פערביטען מיט דעם ביישפּיעל פון דער קאָרטען־פאַבריצירונג, וואו דאָסזעלבע גילט.

אייך, אָבער, הערר שולצע, לוינט ניט די היינטיגע אַרבייט צו לאָזען אַרויסטרעטען אין איהר ספּעציפישער בעשטימטקייט! עס לוינט אייך ניט, דורך אַזאַ ביישפּיעל, צו לאָזען די אַרבייטער דער־ קענען, אַז זיי זיינען נאָר די אונזעלבסטשטענדיגע רעדער פון אַ גרויסען פּראָדוקציאָנס־סך־הכל. דאָס, זעהט איהר, דאַרף פאַר זיי זיין אַזוי פערבאַהאַלטען ווי נאָר מעגליך. עס דאַרף זיי טאַקי איינגערעדט ווערען אַזוי ווייט ווי מעגליך, אַז „יעדער" „טוישט אויס" די „געוואונענע פּראָדוקטען"! (זעה אויבען.)

איהר ווייכט, אַלזאָ, דאָס כּאַל אָב פון דעם, וואָס די טעקסט־ ביכער לערנען און פערנעהמט זיך מיט אייער ביישפּיעל אויפ'ן פעלד פון פרייען האַנדעל. כדי צו ווייזען, ווי די לייסטונגס־ פעהיגקייט פון דער אַרבייט ווערט פערגרעסערט דורך דער אַר־ בייטס־צוטהיילונג, לאָזט איהר לענדער זיך טוישען, איינס מיט'ן אַנדערען. איהר קלייבט דעריבער אויס (ז. 18), אַלס „ביי־ שפּיעל פון די וואונדערבאַרע ווירקונגען פון אָט דער אַרבייט־צוטהיילונג", דעם... ראָק! די וואָל פאַר דעם, זאָגט איהר, איז אפשר, פּראָדוצירט געוואָרען אין אויסטראַליען אָדער דרום רוסלאַנד; אין ענגלאַנד איז דאָס געשפּונען געוואָרען, אין דייטשלאַנד געוועבט געוואָרען; די זייד צום נעהען האָט דער

שניידער געקראָגען פון דרום פראנקרייך, די שער וויעדער פון ערגעץ אַנדערשוואו, א. א. וו., א. אַ. וו. ; און, אויף דעם אופן, איז די צוטהיילונג פון דער ארבייט גליקליך אויפגעלייזט אין לויטער זעלבסטשטענדיגע אָפּעראַציעס פון זעלבסטשטענדיגע אונטערנעהמער און זייער אויסטויש. אַלץ, וואָס דערמאָהנט אָן דער הייניגער ספּעציפישער בעשטימטער פאָרם פון דער ארבייט, וואָס, ווי עס זעהט זיך אָן, בעליידיגט אייך, ווערט בשלום אויסגעמיטען. אַלץ ווערט אויסגעמיטען וואָס קען דעם ארבייטער אמאָל געבען א שטיקעל ידיעה אין דעם!

אָבער, הערר שולצע! די „וואונדערבארע ווירקונגען פון דער ארבייטס־צוטהיילונג" אין דעם הייניגען זין ווילט איהר די לייטע דורך אָט דעם ביישפּיעל קלאָהר מאַכען? אָט די „צוטהיילונג פון דער ארבייט" — דער אויסטויש — האָט עקזיסטירט זינט די וועלט שטעהט! אָט די צוטהיילונג פון דער ארבייט האָבען שוין די פעניציער דורכגעפיהרט, בעת זיי האָבען געבראַכט פורפּור פון צור קיין גריעכענלאַנד, און בורשטין פון דעם דייטשען באַלטישען־ברעג! און דאָס זאָל די לייט ערקלערען די הייניגע צוטהיילונג פון דער ארבייט און די „וואונדערבארע ווירקונגען" פון דעם?

אַנשטאָט וואָס איהר זאָלט ערקלערען די לייט די ווירקונגען פון דער ארבייטס־צוטהיילונג, ערקלעהרט איהר זיי גאָר פּשוט די ווירקונגען פונ'ם אויסטויש — צי דערפאַר, וואָס איהר האָט גאָר קיין אַהנונג ניט פון דעם פיעל העכערען און בעשטימטערען זין, אין וועלכען די עקאָנאָמען נעהמען דאָס וואָרט, אָדער גאָר ווייל איהר ווילט צוליעב די אָנגעדייטעטע טעמים פאַרבאַהאַלטען דעם דאָזיגען זין!

טויש, טויש, טויש — דאָס איז אַלץ, וואָס איהר ווייסט. מיט אָט דעם איין־זילביגען וואָרט איז דער גאַנצער אינהאַלט פון אייערע עקאָנאָמישע קענטניסע דערשעפּט. פאַר אַלע העכערע און בעשטימטערע עקאָנאָמישע פאָרמען האָט איהר אפילו ניט דעם מינדעסטען חוש! אַלץ, וואָס איהר ווילט די לייט ער־

קלערען, אלע פיעל העכערע און בעשטימטערע עקאנאמישע ער־
שיינונגען ווערען ביי אייך אין די הענד מגולגל, כאטש איהר גופא
ווייסט ניט דערפון — איך וועל נאך אנווייזען אויף דעם אויך שפע־
טער — אלץ ווידער און אבער אין א פשוטען „טויש“ !

א, איהר פאטרימאניאל־ריכטער, וואס איהר זייט!

און איהר פערענדיגט אט די פראזען־קאשע מיט די וצדקתך
ווערטער: „שוין בעצאהלען איהר (דער ארבייט), די קונסט
און די וויסענשאפט די לאנג־פערשפעטיגטע פראצענטען; און די
ארבייטער, וואס ווייסען ווי אזוי קלאהר תופס צו זיין אט דעם
נויטהווענדיגען ענטוויקלונגס־גאנג און דאס אויסצונוצען פאר זיך,
וועט זייער פולער חלק פון דער גרויסער ירושה פון דער מענשהייט
ניט אויסען לאזען“.

זאל אונז דעם אויבערשטענס געגאד אבהיטען פון די „פראצ־
צענטען“, וואס די וויסענשאפט, אין א י י ע ר זין, וואלט געבראכט
דער מענשהייט !

## צווייטעס קאפיטעל.

# דאָס קאַפּיטאַל.

אַזוי ווי מיר ווע‌לען שפּעטער ענטוויקלען דעם אמת'ען בעגריף פון קאַפּיטאַל, וועלען מיר דאָ און אין דעם פאָלגענדען קאַפּיטעל קודם כל צייגען, ווי קרום און זיך אַליין ווידערשפּרעכענד זיינען אַלע אייערע דעפיניציעס פון „קאַפּיטאַל". דאָך, צושמעלצענדיג אייערע דעפיניציעס אין אונזער קריטיק, וועלען מיר פאַר איין וועג אויך לעגען די פעסטע יסודות פון אונזער שפּעטערדיגען פּאָזיטיווען טייל.

וואָס אַן אמת, פון יושר וועגען [מוז געזאָגט ווערען], אַז **דאָס** איז אַ פּאָרוואורף, וואָס טרעפט לחלוטין ניט **אייך** און באַסטיאַ אַליין, נאָר די ביזאַהעריגע עקאָנאָמיע בכלל, וואָס האָט נאָך אין ערגעץ ניט געגעבען דעם אמת'ען אָביעקטיווען בעגריף פון קאַפּיטאַל. אין דער אמת'ען, האָבען אַלע פערקעהרטע, קרומע און פאַלשע בעהויפּטונגען, וואָס איהר און באַסטיאַ מאַכען היינט איבער'ן קאַפּיטאַל, זייער שורש אין דעם **אַלגעמיינעם** גרונדטעות פון דער גאַנצער ליבעראַלער עקאָנאָמיע, און בכן איז די אויפגאַבע פון דעם און פון פאָלגענדען קאַפּיטאַל צו צוגליעדערן דעם **אַלגעמיינעם קאַפּיטאַל־בעגריף פון דער צוזאַמענגענומענער ליבעראַלער עקאָנאָמיע**, און צו לאָזען אַרויסקומען וואָס ער איז אויף צו דער אמת'ען. ווירקליך אָבער אויך אין דעם פּרט, שטייגט איהר און דער אָריגינאַל, וועמעס קאָפּיע איהר זייט, נאָך ווייט אַריבער אַלץ, וואָס איז ביז אַהער געווען, און ערטערווייז דערהויבט איהר זיך צו אַ בילד פון לעכערליכקייט וואָס קען ניט אונטערדריקט ווערן אָדער קאָנטראָלירט ווערן.

איהר פאַנגט, אַלזאָ, אָן דאָס קאַפּיטעל מיט דער אונטער־אַבטהיילונג:

„א) **בעגריף און פערווענדונג פון קאַפּיטאַל**, די פּראָדוקטיווע פערצעהרונג". און פאַנגט אָן אָט די בעגריפס־בעגרינדונג אָט אַזוי: כדי צו קענען בכלל אָנהויבען אַן אינדוסטריע־טהעטיגקייט און אָנגעהן מיט דעם, דאַרף מען תמיד האָ־

בען דרייערליי זאַכען: א) *רויה־שטאָפען* צום בעאַרבייטען, ב) *געצייג* צו דער אַרבייט, ג) *עקזיסטענץ־מיטלען*, כל זמן די אַרבייט האַלט אָן, אָדער וואָס איז איינס און דאָסזעלבע בנוגע צו דעם, וועלכער בעשעפטיגט אַנדערע אַרבייטער: *אַ פאָנד אויף צום צאָהלען שכירות*. — אָט די זאַכען, וואָס פאָרדערן זיך צו יעדער אַרבייטס־טהעטיגקייט אַלס נויטהווענדיגע פאָרבעדינגונג, רופט מען בסך הכל *קאַפּיטאַל*".

הכלל, רויה־שטאָפען, געצייג צו דער אַרבייט, און *עקזיסטענץ־מיטלען* נעהמען אַרום אַלערליי פּראָדוקטען, טאָ, אויף דעם סמך, לאָזט זיך גלייך אויפ'ן אָרט ניט איינזעהן, למאי איהר קומט פּשוט ניט אַרויס מיט דער חנ'עוודיגער דעפיניציע: „*קאַפּיטאַל הייסען פּראָדוקטען*."

וועט איהר אָבער טענה'ן, אַז פון דעם ווייטערדיגען המשך ביי אייך, וועט עס קלאָהר ווערען, אַז „עס ווענדט זיך אָן דעם *צוועק*, אָן דער *בעשטימונג*", צו וועלכער די דאָזיגע פּראָדוקטען דיענען.

גוט, אויב דאָס איז אייער שיטה, טאָ הלמאי דעפינירט איהר דאַן ניט פּשוט: *קאַפּיטאַל הייסען פּראָדוקטען, וואָס* ווערען אַלץ כסדר פערווענדט אויף ווייטערדיגע פּראָדוקציע.

אַפילו אָט די דעפיניציע גופא, וואָלט נאָך אויך שטאַרק צוגעהונקען; עס וואָלט נאָך אויך זעהר אַבסטראַקט און דערפאַר אויך *זעהר פאַלש* געווען, ווי איהר וועט זיך איבערצייגען פון מיין ווייטערדיגען קאַפּיטעל איבער דעם אָביעקטיווען אַנאַליז פונ'ם קאַפּיטאַל. עס וואָלט *בשום אופן ניט* בולט'ער געמאַכט דעם *בעגריף* פון קאַפּיטאַל. אָבער, לכל הפחות, וואָלט עס דאָך געווען אַ קלאָהרע, קורצע, בעשטימטע און *אינטעליגענטע* דעפיניציע.

אָבער אַפילו צו אַזאַ דעפיניציע קענט איהר זיך ניט דערהויבען; צי זאָל עס זיין מחמת איהר קענט זיך בכלל ניט דערהויבען צו אַזאַ ענטוויקעלטער אַרט פון דענקען און רעדען, אָדער אפשר נאָר ווייל איהר ווילט דעם אַרבייטער אונבעמערקטערהייד שוין לכתחילה צוטראָגען די פאָרשטעלונג — וואָס יענע דעפיניציע שליסט ניט איין אין זיך, — אַז קאַפּיטאַל מוז אינגאַנצען זיין *פּריוואַט־קאַפּיטאַל*, און ווייל איהר קענט אי דאָס־אָ דערגרייכען און

איך צוגלייך פערבאָרגען אייערע שטענדיגע ווידערשפּרוכען א סך לייכטער אין א לאַנגער פּלוידעריי, ווי אין א קורצער, שאַרפער און בעשטימטער דעפיניציע.

איהר געהט, אלזאָ, ווייטער, נאָך דעם לעצט-ציטירטען זאץ, און נאָכדעם ווי איהר האָט נאָך בעמערקט, אז א געלד-סומע איז אייגענטליך קיינמאָל קיין קאפּיטאל ניט, זאָגט איהר תיכף ווייטער: „אזוי ערנאָך בילדעט דאָס קאפּיטאל יענעם טהייל פון א מענשענס פערמעגען, וואָס [ווערט] ניט פערצעהרט גלייך אויפ'ן אָרט —— —"

האָט קיין פּאראיבעל ניט, אָבער איך מוז שוין דאָ איבער-האקען, הערר שולצע! זיינען די ווערטער „פון א מענשענס פער-מעגען", באמת, נאָר דער רעזולטאט פון א געוועהנליכער ניט גע-הובליעוועטער רעדענס-אַרט, פון איינעם. וואָס קען זיך ניט דער-הויבען צו דער אלגעמיינקייט פון דעפינירען, אָדער לאָזט איהר עס דוקא בכיון זיך אריינגלימשען, כדי איהר זאָלט קענען תיכף ומיד איינגעבען דעם ארבייטער, אונבעמערקטערהייד, די פאָרשטעל-לונג, אז יעדעס ברעקעל קאפּיטאל מוז דיקא זיין אין פּריוואט-בעזיץ? וואָרים דאָס ווייסט איהר דאָך און מוזט עס אודאי אלס [רעפּוטאטען-]קאמער-מיטגליעד וויסען, אז עס זיינען פאַרהאַן אויך קהל'שע קאפּיטאלען, וואָס בילדען ניט דעם פערמעגענס-טהייל פון א מענשען", נאָר וואָס געהערען צו דער גאנצער נאציאָן אלס אזעלכער. טאָ, הלמאי דעפינירט איהר ניט בעסער דאָס קאפּיטאל, אלס יענעם פערמעגענס-טהייל, א. א. וו." און לאָזט „דעם מענשען", וואָס האָט לחלוטין ניט צו טהאָן מיט דער דאָזיגער דעפיניציע, איינגאַנצען ניט צורוה?

אָבער לאָמיר ווידער אויפנעהמען אייער דעפיניציע: „אזוי-ערנאָך, בילדעט — זאָגט איהר, אלזאָ — דאָס קאפּיטאל יענעם טהייל פון א מענשענס פערמעגען, וואָס ווערט ניט פערצעהרט גלייך אויפ'ן אָרט, וואָס ווערט ניט פערווענדעט אויף צום בעפריעדיגען מאָמענ-טאַנע פערזענליכע בעדערפניששען, נאָר וואָס ווערט אָנגעזאַמעלט און פערווענדעט ענטוועדער אויף דויערנדע נוצען און צוקינפטיגען גע-ברויך, אָדער וואָס ווערט אָבגעלעגט אויף א שפּעטערדיגער ארבייט, אום אָנצוהויבען אָדער פאָרטצוזעצען א געשעפט, עס מאכט ניט אויס צי אן אייגענס צי א פרעמדס. בכן איז עס געווענדט אָן דעם

צוועק, אָן דער בעשטימונג, וואָס איינער גיט די פערשיע־דענע טהיילען פון זיין פערמעגען, פון זיין איינקונפט, אז מען זאָל קענען ענטשיידען, וואָס אזוינס דערפון עס דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס קאַפּיטאַל; און נאָר דאָס, וואָס ווערט אָבגעשפּאָרט פון מאָ־מענטאַנעם געברויך, האָט אַ רעכט אויף'ן נאָמען".

ביי דער קאַשע וואָס אייער דרשה שטעלט פאָר מיט זיך, איז גאַנץ מעגליך, אז אפילו מאַנכער געבילדעטער מענש זאָל דאָס פאַר־בייליינען און זיך אויף אַ האָאַר ניט כאַפּען מכח דער גאַנצער שטות'עריי, וואָס דאָ שטעקט. דער קוואַטש — און דאָס איז איינע פון די פאָלגען, וואָס זיינען צום שעדליכסטען פאַר'ן פאָלקס־גייסט. וועלכער ווערט פּשוט פערגיפטעט דורך דעם, — לעגט זיך אָט די רגע גלייך אַרום דעם לעזערס איינענער געדאַנקען־קלאָהרקייט, איינשלעפערענדיג און אָבטעמפּענדיג איהם.

דער וואָס דענקט אָבער אַזוי קלאָהר און זעלבסטשטענדיג, אז ער קען די דאָזיגע קלאָהרקייט בעוואָרענען אַנטקעגען אייער קוואַטש, מוז אייך אמת'ען קרעדיט געבען פאַר דער מאַסע לאָגישען אונזין, וואָס איהר קענט אין אַזוי ווייניג שורות קאָנצענטרירען!

אָט דאָס וויל איך אייך קלאָהר מאַכען אין אַ דרייענדיגער בע־ציהונג:

1. דאָס קאַפּיטאַל איז, אַלזאָ, ווערליג איהר זאָגט, יענער טהייל פון פערמעגען, וואָס ווערט ניט פערצעהרט גלייך אויף'ן אָרט, וואָס ווערט ניט פערווענדעט אויף צום בע־פריעדיגען מאָמענטאַנע פערזענליכע בעדערפנישען". עס איז געווענדט אָן דעם „צוועק" אָן דער בעשטימונג, וואָס איינער גיט די פערשיעדענע טהיילען פון זיין פערמעגען, פון זיין איינקונפט. אז מען זאָל קענען ענטשיידען, וואָס אזוינס דערפון עס דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס קאַפּיטאַל; נאָר דאָס וואָס ווערט אָבגעשפּאָרט פון מאָמענטאַנעם געברויך", הייסט עס. האָט אַ רעכט אויף'ן נאָמען קאַפּיטאַל.

דאָס הייסט: איהר ערקלערט דאָס קאַפּיטאַל אויס דער איינקונפט אַרויס, און אַלס אַ טהייל דערפון. גיכער איז דאָך, אָבער, דאָס „קאַפּיטאַל" עטוואָס, וואָס ברייננט איין „איינקינפטע"; די איינקונפט, אַלזאָ, נעהמט זיך אַרויס פונ'ם קאַפּיטאַל (און דאָס איז אזוי אי לויט'ן בעגריף,

ווי אויך לויט דער *געשיכטע*). (בכן, מוז קודם זיין דער בעגריף פון קאפּיטאל, און דערנאָך קען די „איינקונפט“ *פון דעם ארויסגענומען ווערען*. איהר ערקלערט פערקעהרט, דאָס „*קאַפּיטאל*“ אויס דער „*איינקונפט*“ ארויס!

אָבער שפּעטער סטארעט איהר זיך גופא טאקי אין דער סעקציע: („*די קרעדיט און קאַפּיטאל־רענטע*“ (ז. 29) *צו ערקלערען צינז און רענטע*, און „*איינקונפט*“ אויס *דער פּראָדוקטיווער קראַפט פונ'ם קאַפּיטאל*!

*א* דאַגה האָט איהר, נו! עס איז אַלץ ווי געוואונשען פאַר דער בעדערפניש פון יעדען זייטעל פון אייער קאַטעכיזם! ווערט דאָרטען ארויסגעדרונגען די איינקונפט פונ'ם קאַפּיטאל, נו, ווערט דאָרט דאָס קאַפּיטאל ארויסגעדרונגען פון דער איינקונפט! אזוי ווי דאָס קאַפּיטאל ברייננגט איינקונפט, איז דער שכל מחייב, אז ווער עס זאָגט „*איינקונפט*“, מוז צו גלייכער צייט זאָגען *קאַפּיטאל־איינקונפט*. הייסט עס, ווען מען קאָנדענסירט אייער דעפיניציע נאָך די בעגריפען נאָך — ערקלערט איהר, אז „קאַפּיטאל איז א בעשטימטער „*טהייל פון דער קאַפּיטאל־איינקונפט*!!!“

גרויסער שולצע!

וואָס אזוינס עס האָט אָנגעמאכט אַט דעם כאַאָטישען מישמאַש אין אייער פּאַטרימאָניאַל־ריכטערליכען קאָפּ, קען מען זיך שוין אָנשטויסען אָהן א מסוכנ'ער חריפות אויך. איהר האָט אמאל אודאי אין דעליטש געזעהן, ווי אימיצער, וואָס האָט געהאַט 1000 טהאלער איינקונפט, האָט פון דעם געשפּאָרט 500 טהאלער, און דאָס אוועקגעלעגט אלס קאַפּיטאל. נו, האָט איהר גלייך געמיינט, ווי עס וועט זיך שפּעטער ארויסווייזען, אז דאָס־אָ איז דער פּראָצענט, דורך וועלכען סיי די פאָרמירונג פון קאַפּיטאל האָט זיך *היסטאָריש* ענטוויקעלט, און סיי *דאָס היינטיגע אייראָפּעאישע קאַפּיטאל ווערט פאָרמירט*! וואָלטען אָבער, אפילו ביידע זאכען געוועזן פונקט אזוי אמת, ווי זיי זיינען פאַלש און געשטיצט אויף א קינדערשער, לעבערליכער פאָרשטעלונג — וואָלט איהר אויך בעדאַרפט איינזעהן, הערר שולצע, אז אַט דער פּראָצעס פון קאַפּיטאל־פאָרמירונג האָט

נאָך גאָרניט צו טהאָן מיט דער אויפגאַבע, וואָס בעשעפטיגט אייך
אַט־דאָ. וואָרים —

2. איהר ווילט און זאָלט אונז דאָ געבען דעם בעגריף
פון קאַפּיטאַל; איהר וויקט און זאָלט אונז זאָגען, וואָס אַזוינס
קאַפּיטאַל איז — שילדערט איהר אונז גאָר אין יענע ווערטער
ניט אַט דאָס־אַ, נאָר, ווי אַזוי דאָס קאַפּיטאַל זאָל האָבען ענט־
שטאַנען!

היתכן! האָט שוין אייער „אינטעליגענץ" גאָר קיין
השגה ניט פון דעם, ווי לגמרי אָבגעטהיילט און פערשיעדען איינע
פון דער אַנדערער עס זיינען אַט די ביידע פראַגען? אַז איך פרעג
אייך: וואָס אַזוינס איז אַ מענש, און איהר בעשרייבט מיר גאָר
דעם פּראָצעס, דורך וועלכען עס ענטשטעהט אַ מענש — צי איז
דאָס דאַן אַ תשובה אויף מיין פראַגע?!

איהר אַליין מיינט דאָך נאָך דאָ גאָרניט צו שמועסען מכח
דער ענטשטעהונג פון קאַפּיטאַל. ערשט שפּעטער, צום סוף פון
זייט 24, מאַכט איהר אַ בעזונדערע אָבטהיילונג, וואָס הייסט ביי
אייך: „ב. ענטשטעהונג פונ'ם קאַפּיטאַל". אַלזאָ,
ערשט דאָרטען וועט און זאָל עס זיך שמועסען מכח דער ענטשטע־
הונג. אַט דאָ דאַרפען מיר, ווערליג דעם קעפּעל אייערען, זיך דער־
וויסען פון אייך וואָס אַזוינס דער „בעגריף" פון קאַפּיטאַל איז,
און דאָס לאָזט איהר אונז וויסען דערמיט, וואָס איהר זאָגט,
אַז קאַפּיטאַל איז יענער „טהייל" פון דעם פערמעגען, פון דער
„הכנסה" וואָס „ווערט ניט תיכף פערברויכט", וואָס ווערט אָבגע־
שפּאָרט פון מאָמענטאַנעם פערברויך" און וואָס ווערט אָנגעזאַמעלט
אויף „דויערנדע נוצען און שפּעטערדיגען געברויך", ד. ה. דער־
מיט, וואָס איהר זייט אונז מסביר אייער שיטה וועגען דער ענט־
שטעהונג פונ'ם קאַפּיטאַל!!

וואו איז די חרפּה אהינגעקומען, הערר שולצע? פיהלט
איהר ניט, איהר אונקלאָהרער מאַן וואָס איהר זייט, אַז ווער עס וויל
אויפטרעטען פאַר'ן פאָלק, פאַר די אַרבייטער אַלס פאָלקס־
לעהרער מוז, לכל הפּחות, זיך איינשאַפּען כאָטש די סאַמע עלע־
מענטאַרע לאָגיק? איך זאָג, די סאַמע עלעמענטאַרע
לאָגיק, ווייל דאָס אַפילו פעהלט אייך נאָך אויך! אין דער
אמת'ען אָבער דאַרף אַזעלכער האָבען די העכסטע לאָגיק, די

פאָלקאָמסטע גערא נקען־קלאָהרקייט, ער דארף בע־הערשען זיין מאטעריאל, כדי דאָס אלץ זאָל קענען אָרומ־געארבייט ווערען ביז דער לויטערסטער דורכזיכטיגקייט און פונ־אנדערגעלעגט ווערען אלס א געוועב פון ידיעות, וואָס ענטוויקלען זיך איינע פון די אַנדערע, ניט געמאָמערטערהייד.

כדי צו האַלטען פאַרטרעגע פאר א ר ב י י ט ע ר — מעגט איהר גאַפען אויף דער דאַזיגער בעהויפּטונג וויפיעל איהר ווילט — איז נויטהיג א פיעל העכערער גראד „אינטעליגענץ" וויפיעל עס פאַר־דערט זיך פאר פאַרטרעגע אין דעם סטודענטען־אודיטאָריום!

און אַנשטאָט דעם, [געפינען מיר] אָט די לחלוטין׳דיגע ניט־בעהאַוועוטקייט אינ׳ם מאטעריאל, אָט די אונערהערטע יאַלעווע גע־דאנקענלאָזיגקייט, אָט דעם קאַלטון פון ווידערשפּרוכען מיט זיך [אליין] און מיט דער ווירקליכקייט, אָט די ביישפּיעללאָזע אונ־פעהיגקייט אפילו זיך צו האַלטען ביי די פראַגען, אָט די קוואטשע־דיגע מטושטש׳דיגקייט, וואו עס פעהלט נאָך די מינדסטע בע־שטימטע אויפפאסונג, אויף אַזאַ׳ן אופן, אז די ווערטער רינען ווי וואסער דורך די פינגער, און אפילו דער לעזער, וואָס טרעט צו צו די דאָזיגע פאַרלעזונגען מיט זין און מיט קענטנים מוז זיך העכסט אָנשטרענגען און בעמיהען, כדי צו געפינען אַן אָנהאַלט אין זיי — אָט דאָס אלץ קען, נאָר פיהרען, ווי מיר האָבען שוין אַזוי אָפט דער־וויזען און וועלען נאָך אלץ ווייטער אין א העכערען גראד דער־ווייזען, צו אַזא פערדארבונג און פערקריפלונג פון דעם געזונטען פאָלקס־פערשטאַנד, אז עס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט.

זעהט איהר, אלזאָ, דען ניט איין, אז:

3. אייער אָנגעגעבענער סמן, נעמליך, אז קאפיטאל איז ניט דאָס, וואָס „ווערט אויפ׳ן אָרט פערברויכט, ניט וואָס ווערט פערוועגדעט אויף צום בעפריעדיגען מאָמענטאַנע פערזענליכע בעדערפנישען", נאָר וואָס ווערט אָנגעקליבען אויף „דויערנ־דע נוצען און שפּעטערדיגען געברויך" איז נאָך, א־חוץ דעם אַלעמען, פאַלש?

דאָס קען אייך שוין בעווייזען דער גאָר וואָכעדיגער חלוק, וואָס די עקאָנאָמען מאַכען צווישען „קאַפּיטאַל פיקס" (capital fixe) און „קאַפּיטאַל סירקילאַהן" (capital circulant)׳ שטעהענדי־גען קאפּיטאַל און צירקולירענדען קאפּיטאַל. דאָס ציר־

קולירענדע קאַפּיטאַל בעשטעהט מעהרער פון אַזעלכע זאַכען, וואָס ווערען, ווי לעבענס־מיטלען, שכירות, א. אַ. וו. פערווענדעט אויף „באַלדיגען געברויך“, אויף „צום בעפריעדיגען די מאָמענטאַנע פערזענליכע בעדערפּנישען“.

און אַזוי פיעל ווייסט איהר נאָך אודאי אַליין אויך, און דאַרפט דערפאַר גלייך ניט אונבעדינגט אַריינפאַלען אין ווידערשפּרוכען מיט זיך אַליין. וואָרים נאָך אויף דעמזעלבען זייטעל שרייבט איהר: „ווייטער, די זאַפּאַסען פון אַ קלייטפאַר'ן סוחר זיינען זיי קאַפּיטאַל, מחמת פון זייער פערקויף ציהט ער די מיטלען אויף אַנצוגעהן ווייטער מיט זיין געשעפט. אין די הענד פון דעם קונה אָבער, וואָס נעהמט פון איהם עטליכע לויט קאַווע אָדער געווירץ, אַ פונט רייז אָדער צוקער אויף דער מאָמענטאַנער בעדערפּניש, קענען זיי בעטראַכט ווערען נאָר אַלס פערברויך־אַרטיקלען“.

הכלל, זיינען די אַלע זאַכען קאַפּיטאַל אָדער ניט? ממה נפשך: זיינען זיי דאָס ניט, איז יעמאָלט פאַלש, וואָס איהר האָט אונז דערצעהלט אויף זייט 21, דהיינו, אַז „עקזיסטענץ־מיטלען“ אָדער דער „פאָנד אויף צום צאָהלען שכירות“ איז קאַפּיטאַל, ווי אויך אַלץ וואָס איהר וועט נאָך דאָרטען אַנטאַלקעווען מכח דעם. אלא, טאָמער זיינען זיי יאָ קאַפּיטאַל, איז יעמאָלט פאַלש, אַז נאָר אַזעלכעס, וואָס ווערט ניט פערוועגדעט אויף צום בעפריעדיגען מאָמענטאַנע פערזענליכע בעדערפּנישען“ איז קאַפּיטאַל. אַלזאָ, נאָכאַמאָל, זיינען זיי קאַפּיטאַל אָדער ניט? אַ קלאָהרע תשובה, בעט איך פון אייך!*

אודאי, פון אייער בוך וועט עס קיין מענש זיך ניט ווען דערוויסען.

און אַז מען זאָל אייך אפילו צופערטלען, איהר זאָלט ענטפערן אויף דער דאָזיגער פראַגע, וועט איהר אַלץ ניט וויסען מעהר ווי

* עד. בערנשטיין אין זיינע הגהות מערקט אָן — און ער שיינט צו זיין גערעכט אויך — אַז לאַסאַל לאָזט זיך דאָ אַריין אין דקדוקי עניות מיט זיין ממה נפשך, הגם שולצע דריקט זיך טאַקי ווייט ניט דייטליך אויס. איינס קען מען אָבער יאָ אַרויסזעהן, און דאָס איז, אַז שולצע שמועסט מכח די מאָמענטאַנע בעדערפּנישען פון דעם אייגענטהימער — ווערט שוין בכן לאַסאַל'ס ממה נפשך אָן זיין גאַנצע קראַפט. א. א. ר.

איבערצו'חזר'ען שטאמלענדיג: „פאר דעם — יאָ; פאר יענעם, ניט"!

און אָסור צי איך אַליין קען נאָך אָט דאָ ענטפערן דעם לעזער אויף דער דאָזיגער פראַגע, וואָרים כדי צו דערגעהען א טאָלק אין דער געדיכטעניש פון ווידערשפּרוכען, וואו איהר האָט פערבלאָנדזשעט, מוז מען אויסהאקען גאָר אנאנדער וועג. אָט דאָס קאַפּיטעל, אָבער, איז *לעת עתה* מעהר ניט מחויב ווי צו בעלייכטען *אייער* וועג און אויפצו־ווייזען די סתירות, וואָס טרייבען קאַטאָוועס מיט אייך. כדי אייך ארויפצוברייינגען אויף א שטיקעל וועג, וועל איך אייך בכן שטעלען נאָר איין פראַגע: שרייבט איהר, ווי איהר אַליין ערקלערט אין דער הקדמה צו אייער קאַטעכיזם, א *„פאָלקס־*ווירטהשאַפטליכען קורס" אָדער א *„פּריוואַט*־ווירטהשאַפטליכען". פערנעהמט איהר זיך מיט *פּאָליטיישע* עקאָנאָמיע, *פאָלקס*־ווירטהשאַפט, אָדער *פּריוואַט*־עקאָנאָמיע, פּריוואַט־באַלעבאַטישקייט, הערר שולצע? און *וואָס פאר א שייכות* האָבען אָט די *ביידע געביעטען*, איינער *צום אנדערן*?

אָט די שאלות, ניט נאָר וואָס זיי זיינען גאָר אייך קיינמאָל ניט *איינגעפאַלען*, ווי יעדע שורה פון אייער קאַטעכיזם בעווייזט, און פּונקט ווי אייך ניט, אזוי אויך געוויסע אנדערע עקאָנאָמען ניט, נאָר איהר הויבט אפילו ניט אָן צו וויסען צי ס'איז דאָ א *נפקא מינה* צווישען די צוויי געביעטען, אָדער צי זיי זיינען *ביידע אלץ איינס*; איהר האָט בכלל קיין ברעקעל השגה ניט, אז עס איז גאָר דאָ אזא נפקא מינה, און דערפאַר, פערנעהמט איהר זיך אמאָל מיט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, בעת איהר מיינט, איהר האָט דאָ צו טהאָן מיט פּריוואַט־עקאָנאָמיע, און אנאנדערס מאָל פערנעהמט איהר זיך מיט פּריוואַט עקאָנאָמיע, בעת איהר מיינט, אז איהר גיט זיך אָב מיט פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

ווי ווינציג אָבער יענער שטאַמלענדיגער „פאר איינעם איז דאָס קאַפּיטאַל... פאר'ן אנדערן ניט", „עס איז געווענדט אָן דעם צוועק... אָן דער *בעשטימונג*" איז אפילו *פאר אייך גופא* א גילטיגע תשובה, קענען בעווייזען די איבריגע אמוזאַנטע ווידערשפּרוכען, וואָס שפּרינגען ארויס אומעטום פון אונטער אייערע טריט, פּונקט ווי רויזען פון אונטער די טריט פון א צויבער־מיידעל.

אויף זייט 35, דהיינו, גיט איהר אָן אנדערש פאָרמולירטע

דעפיניציע פון קאַפּיטאַל. איהר זאָגט אָט דאָ: אין תוך גענומען, איז וואָס־נאָר פאַר אַ ק אַ פּ י ט אַ ל, אַז מען קוקט זיך איין אויפ'ן סאַמע הכלית דערפון, מעהר גאָרניט ווי אַ פ אָ נ ד פ א ר ש כ י ר ו ת, און יעדע קאַפּיטאַל־פערוועגדונג בעציהט זיך, סוף כל סוף, אונבע־דינגט אויף דער צ אָ ה ל ו נ ג פ ו ן ש כ י ר ו ת".

און, בכדי דאָס קלאָהר צו מאַכען, פיהרט איהר אויס, ווי אַלע קאַפּיטאַל־פערוועגדונגען, אַפּילו דאָס איינשאַפען זיך ארבייטס־געצייג און רויה־שטאָפען, לייזען זיך אויף אין דער צאָהלונג פון שכירות צו די, וואָס האָבען די דאָזיגע זאַכען צוגעגרייט, און דערביי זאָגט איהר זיך ווייטער: (ז. 36).

„נאָכמעהר, אַפּילו אין דעם ס אַ מ ע ל ע צ ט ע ן פ אַ ל, וואו אימיצער לעגט ניט אריין זיין פערמעגען אין אַ פּראָדוקטיווער אונ־טערנעהמונג, אַלאַ, ער פערברויכט עס פּשוט, אַ שטייגער אויף שטו־דירען אָדער זיך אויסלערנען אַ וועלכען צווייג פון קונסט, אָדער זאָל שוין זיין אַז ער ברייגגט עס אויס אויף ריינעם לוקסוס; אַפּילו אין אַזאַ פאַל, בלייבט דער עיקר המעשה אַלץ דאָסזעלבע — ער צאָהלט, סוף כל סוף, ניט מעהר ווי שכירות פאַר ארבייט. דאָס געלד פאַר'ן לערנען, דער קאָסט פון ביכער, דירה־געלד, דאָס אויס־געבען אויף קליידונג, אויף שפייז — וואָס דען איז דאָס אַלץ, אויב ניט שכירות פאַר די ארבייטען פון די פערזאָנען, וואָס האָבען זיך אויף וועלכען עס איז אופן בעטהייליגט אין די דאָזיגע לייסטונגען? און אַז איך בוי מיר אויס אַ שעהנע דאַטשע, צי אַז איך שאַף זיך איין די טהייערסטע מינים דעליקאַטעסען, פיינע ווייגען, טהייערע סקולפּטור־ארבייט און מעבעל, וואוהין אַנדערש דערגרייכט דען דאָס געלד אויב ניט אין די הענד פון יענע, וועלכע האָבען זיך דירעקט אָדער אינדירעקט מתעסק געווען אויף צו שאַפען אָט די אַלע זאַכען — בקיצור, ווי מיר האָבען שוין אָנגעמערקט:

„וואָס נאָר פאַר אַ פערוועגדונג פון פערמעגען מען קען זיך אויסמאָלען, סיי דער פּראָדוקטיווער אינוועסטמענט, סיי דער דער איינפאַכער, א ו נ פּ ר אָ ד ו ק ט י ו ו ע ר פ ע ר ב ר ו י ך, די פּשוט'ע פערצעהרונג, האָט עס שטענדיג דעם צייטס איינצושאַפען זיך מענשליכע ארבייטס־פּראָדוקטען און לייסטונגען; און געהט אויס, סוף כל סוף, אונבעדינגט צו צאָהלונג פון שכירות".

אויב דאָס איז אמת, וויבאַלד יעדע פערצעהרונג, אַפּילו די

אונפּראָדוקטיוועסטע „געהט אויס צו צאָהלונג פון שכירות“, און וויבאלד אז קאפּיטאל בעשטעהט איינפאך אין דעם, אז עס זאָל זיין א „שכירות פאָנד“, וואס זאָל „אויסגעהן צו צאָהלונג פון ארבייטס־שכירות“ — היינט איז דאך ווייטער ניט אמת, אז עס איז „אלץ געוועוענדט אָן דער כונה, אָן דער בעשטימונג“ (ז. 22 ביי אייך), היינט איז דאך ווידער קיין שום נפקא מינה ניט צווישען פּראָדוקטיווען און אונפּראָדוקטיווען פערברויך, צווישען „באלד פערצעהרט“ און „אָנגעקליבען ווערען“. אלץ געהט דאך, סוף כל סוף, אויס צו „צאָהלונג פון שכירות“ און בכן צו פאָרמירונג פון קאפּיטאל.

גרויסער שולצע! דער וויטום־טאנץ, וואס אייערע ווידערשפּרוכען טאנצען מיט אייך, איז קאמיש פאר דעם זייטיגען צושויער, וואס שטעהט אויפ'ן זיכערען אָבזערוואציאָנס־פּונקט פון עקאָנאָמישען וויסען. אָבער עס מוז ארויסרופען נערווען־יסורים אין דעם אונגליקליכען, וואס זאָל פּרואווען פון אייער בוך אליין זיך דורכשלאָגען צו דער ידיעה, וואס פאָרט קאפּיטאל איז אזוינס!

גיכער, נאך א טענצעל מיט ווידערשפּרוכען.

קאפּיטאל איז, הייסט עס, „יענער טהייל פון א מענשענס פערמעגען, וואס ווערט ניט פערברויכט אויף דער רגע... אלא, וואס ווערט אָנגעקליבען אויף דויערנדע נוצען פאר דער צוקונפט“, אָדער. ווי איהר חזר'ט איבער נאָכאמאל אויף ז. 25, „דער טהייל“ פון אונזער פערמעגען „וואס איז אָבגעלעגט אויף צו פערזאָרגען אונזער שפּעטערדיגע עקזיסטענץ“.

דאס, וואס מיר לעגען אָב „אויף צו פערזאָרגען אונזער שפּעטערדיגע עקזיסטענץ, הערר שולצע, איז — געלד. געלד אָבער קען דוקא נאך אייך נאך, „איינענטליך קיינמאל ניט זיין קיין קאפּיטאל“, ווי איהר זאָגט אונז אָן אויף זייט 21 און ווי איהר האט שוין איינמאל אויף זייט 10 געזאָגט, אלא וואָדען, מען קען פאר געלד שטענדיג בלויז קאפּיטאל בעקומען, איינהאנדלען. א משיקאווע זאך — דאס דאָזיגע קאפּיטאל! קאפּיטאל איז שטענדיג נאר דער „אָבגעלעגטער טהייל פון פערמעגען“, וואס ווערט „ניט תיכף פערוועגדעט“, נאר וואס „ווערט אָנגעקליבען“, און דאך איז ווייטער

קאפיטאל קיינמאל ניט דאס, וואס ווערט אנגעקליבען אין דער ווירקליכקייט, — געלד — אלא שטענדיג נאר דאס, וואס די, וועמען מיר לייהען אט דאס געלד, שאפען זיך דערפאר איין, וואס זיי פערצעהרען און פערוועגדען תיכף און זאמלען ניט און לעגען עס ניט אב. (עקזיסטענץ מיטלען, שכירות פאר ארבייטער, א. א. וו.) אבער דערביי מוז מען ווידער אקוראט האלטען אין זינען, אז קאפיטאל איז שטענדיג נאר דאס, וואס ווערט אנגעזאמעלט און אבגעלעגט!!!

טאטע יונה! וואס פאר א ליעבער בינטעל ווידערשפרוכען דא איז! וואס פאר א מיסטעריעזער אונבעגרייפליכער ארטיקעל דאס קאפיטאל מוז עס זיין פאר אייך און באסטיא, וועמען איהר געהט געטריי נאך אט דא, פונקט ווי אומעטום אין דעם ענין. מעהר ניט וואס איהר כאפט זיך אריבער די סכנות'דיגע ערטער מיט עפעס קנאפערער געשיקטקייט, הערר שולצע! איך בעגרייף אייער יראת הכבוד פאר דעם! דער מענש האט אין אלע צייטען געהאט א טבע צו פערעהרען דאס, וואס ער בעגרייפט ניט!

„און ווי איז, אז איך לייה ניט אוועק דאס גאנצע געלד, וואס איך לעג אב יעהרליך, נאר טהו דאס אריין אין טעפ, ווי אונזערע פויערים פלעגען טהאן נאך ניט לאנג צוריק, כדי מיר אנצוקלייבען אן אוצר, איז דאס קאפיטאל צי ניט?

איז דאס קאפיטאל, טא איז אייער דעפיניציע פאלש, אז קאפיטאל קען „קיינמאל ניט בעשטעהן פון א געלד־סומע"; איז עס ווידער ניט קיין קאפיטאל, איז אייער דעפיניציע פאלש, אז קאפיטאל איז דער „טהייל פון אונזער פערמעגען וואס איז אבגעלעגט אויף אונזער שפעטערדיגער עקזיסטענץ".

איך בין אייך מוחל א טוץ אנדערע ווידערשפרוכען און פערנעהם זיך ווייטער אין אייער בעטראכטונג פון קאפיטאל־בעגריף: (ז. 22) „פון אט דעם אלץ ארומנעהמענדען שטאנדפונקט!! (ד. ה., פון דעם שטאנדפונקט, אז נאר יענעם, וואס ווערט אנגעזאמעלט און פערוועגדעט „אויף דויערנדע נוצען און געברויך" פאר דער צוקונפט, איז קאפיטאל) וועט מען האבען אריינצורעכנען אינ'ם קאפיטאל ניט בלויז פשוט ממשות'דיגע ארטיקלען, מאטעריעלע קערפערליכע זאכען. [ניין,] אפילו קענטניסע, ערפאה־

ר ו נ ג ע ן און ג ע נ י ט ק י י ט ע ן, ו ו י ל ע נ ס ־ ק ר א פ ט און א ו נ ט ע ר נ ע ה מ ו נ ג ס ־ ג י י ס ט און אנדערע גייסטיגע און קערפערליכע מעלות און פעהיגקייטען, וואס עס האט ווער זיך ערווארבען אדער ענטוויקעלט אין זיך דורך דויערנדע בעמיהונגען און איבונגען, און וועלכע ער בענוצט אין לעבען און אין בערוף ככדר, געהערען אהער אין א געוויסען זין, שוין דערפאר אליין, וואס זיי פערשווינדען ניט אין דעם מאמענטאנעם געברויך, נאר ווירקען תמצית'דיג מיט, אויף צו בעפריעדיגען שפעטערדיגע בעדערפנישען. דאסזעלבע איז אויך מיט א גרויסער ע נ ט ד ע ק ו נ ג און ע ר פ י נ ד ו נ ג, דער רעזולטאט פון לאנגע שווערע פארשונגען און עקספערימענטען, מחמת די ווירקונגען דערפון שטרעקען זיך אויס ווייט אין דער צוקונפט, און אויב עס ווערט אויסגענוצט ווי עס בעדארף צו זיין, פערזיכערט עס דעם בעזיצער מיט אן הכנסה".

מיט וואס פאר א ברייטער האנד — אמת'דיג כיד המלך — איהר זייט דאס דא מזכה דער וועלט מיט א מאסע נייע קאפיטאלען,* פון וועלכע די עקאנאמיע האט נאך ביז אהער גארניט געוואוסט ! דער נאציאנאלער דאנק פון 45000 טהאלער, וואס די פאבריקאנטען און סוחרים האבען אייך צוגעטראגען אלס בעגיטיגונג,** איז אנטקעגען דעם פראסט־בעטלער־געלד !

אייך איז בעקאנט וואס פאר אן אכטונג דער דייטשער ארבייטער פיהלט צו קענטניסע און רוחניות. אט די מינוט, מוזען „קענטניסע און ע ר פ א ה ר ו נ ג ע ן" און „ג י י ס ט י ג ע מעלות און פעהיגקייטען" אריינגערעכענט ווערען אינ'ם ק א פ י ט א ל ! א פראפעסאר, וואס ציהט אן אנשטענדיגען געהאלט אדער אזוי א

---

* מיט נ י י ע קאפיטאלען, אדער לאמיר שוין זאגען מיט אזעלכע, וואס, אזוי אפט ווי אימיצער פרובירט זיי נאר איינצובירגערן אין דער עקאנאמיע, ווערען זיי באלד ארויסגעווארפען פון דער וויסענשאפט, פגל. צ. ב. הערמאנן, שטאאטסוויסענשאפטליכע אונטערזוכונגען, מינכען 1832, ז. 50—59 ; קווארטערלי רעוויו בד. 44 ז. 1—52 ; ראו, גרונדזעטצע, א. א. וו. בד. I § 130 א. אנד.

** די פראנצויזישע פראזע en revanche (אהן רעוואהנש) מיינט אייגענטליך „אבדאנקענדיג" אדער „מדה כנגד מדה" אמאל. אן אויסדרוק וואס זאל זיך אזוי צופאסען צום ענין ווי דער, איז ניטא ניט אין דייטש און ניט אין אידיש. א. א. ר.

יעהרליכע הכנסה פון זיינע קענטניסע, איז נאָך אייך נאָך, ניט אַ גייסטיגער, קוואַליפיצירטער אַרבייטער, וואָס געניסט אַזאַ און אַזאַ קוואַליפיצירטען אַרבייטס־איינקונפט — חס וחלילה, ער איז אַ — קאַפּיטאַליסט! שילער און לעסינג און אַנדערע האָבען ניט קוקענדיג אויף אַלע זייערע „קענטניסע, גייסטיגע מעלות, און פעהיגקייטען", ממש די נשמה געלאָזען פון הונגער, שוין מיט דעם גאַנצען „קאַפּיטאַל" זייערען! וואָס מאַכט עס אָבער אוים? קאַפּיטאַליסטען זיינען זיי פאָרט געוועזן! מעהר ניט, וואָס זיי זיינען מסתמא געוועזן צו גרויסע קמצנים אָדער צו מאָדנע בריאים, אַז זיי־זאָלען זיך עפּעס „איינהאַנדלען" פאַר זייער קאַפּיטאַל!

און בעסער נאָך, צי האָט מען ניט אויף אַזאַ'ן אופן געפונען די בריק, וואָס מאַכט אונז אַלעמען, אַלעמען פאַר קאַפּיטאַליסטען, און לאָזט נאָר שטעהען דעם ניט־ממשות'דיגען חלוק פון דעם קנאַפּערען ביז'ן גרעסערען קאַפּיטאַל צווישען אונז? טאַקי נו, וויבאַלד אַז ערפאַהרונגען און געניטקייטען", וויבאַלד, אַז גייסטיגע און „קערפּערליכע מעלות און פעהיגקייטען, וואָס עס האָט זיך ווער ערוואָרבען אָדער ענטוויקעלט אין זיך דורך דויערנדע בעמיהונגען און איבונגען, און וועלכע ער בענוצט אין לעבען און אין בערוף כסדר", וויבאַלד אַז דאָס איז אַלץ קאַפּיטאַל — היינט וועלכער אַרבייטער האָט דאָס ניט קיין „ערפאַהרונגען אין געניטקייטען", „קערפּערליכע מעלות און פעהיגקייטען" וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען, אָדער ענטוויקעלט אין זיך דורך דויערנדע בעמיהונגען און איבונגען". וואָס ער „בענוצט אין לעבען און אין בערוף כסדר", וואָס „פערשווינדען ניט אין דעם מאָמענטאַנעם געברויך", נאָר וואָס „פערזיכערן איהם באמת, — אין די שכירות, — מיט אַ דויערנדער הכנסה? הכלל, „קומט מיליאָנען, לאָמיר אייך אַרומנעהמען!" אַ גרויסער ברודער־באַנד האָט אונז ענדליך פערקניפּט, מיר זיינען כולנו קאַפּיטאַליסטען, דער עפּעס מעהר; אַנאַנדערער, עפּעס וועניגער! קאַפּיטאַל־איינקונפט און אַרבייטס־לוין — עס איז אַלץ עגאַל! דער אַרבייטס־לוין פונקט ווי די דיווידענדען פון די קעלן־מינדנער אייזענבאַהן אַקציעס — עס איז אַלץ קאַפּיטאַל־איינקונפט! ריכטיג ווי ביינאַכט זיינען אַלע קעץ שוואַרץ, אַזוי פערשווינדען אין דער נאַכט פון אייער טעמפּקייט אַלע עקאָנאָמישע

נפקא מינה'ס און בעשטימטקייטען; און אזוי איז פערשוואונדען וואס־נאר א ספק; די סאָציאַלע פראגע איז געלייזט, און מען קען שוין אָנהויבען זינגען אָז ישיר!* און דאס איז אַלץ א י י ע ר פערדיענסט, איהר גרויסער גואל פון דער געזעלשאפט!

אָבער אויב אפילו די קענטניסע און מעלות אויפ'ן ריין גייס־טיגען געביעט שוין ניט — זיינען דאך אָבער, לכל הפחות, די „גרוי־סע ענטדעקונגען און ערפינדונגען" אויפ'ן מאטעריעלען געביעט, אין דער טעכניק, א. א. וו., ק א פ י ט א ל ע ן — ווענט איהר טענה'ן. די, פונקט אזוי וועניג ווי יענע, הערר שולצע!

א „גרויסע ענטדעקונג און ערפינדונג" קען פון א ק א פ י־ ט א ל י ס ט זעהר פיין א ו י ס ג ע נ ו צ ט ווערען פאר זיין טובה; די ערפינדונג אליין אָבער איז פונקט אזוי וועניג א „קאפיטאל", ווי העגעלס א פילאָזאָפישע אידעע, אָדער די פּאָעטישע גאונות פון א געטהע. איהר וועט זיך אפשר דערמאָהנען, צ. ב., אָן דעם גורל פון פולטאָן, דעם גרויסען ערפינדער פון דאמפף־נאוויגאציע, וואָס איז רואינירט געוואָרען דורך זיין ערפינדונג, אָדער אָן ה א ר ג ר י ו ו'ס גורל, ערפינדער פון דער ספינינג־דזשעני, וועלכער איז געשטאָרבען אין גרויס דחקות אָדער אָן דעם לאנגען רייסטער מיט מענער, וואס קענען אייך דאָ אויסגערעכענט ווערען.

און אויב איהר רופט שוין עפעס יאָ אָן ק א פ י ט א ל ד ע ר־ פ א ר, „וואס די ווירקונגען דערפון שטרעקען זיך אויס ווייט אין דער צוקונפט, און וויל אויב עס ווערט אויסגענוצט ווי עס בעדארף צו זיין, פערזיכערט עס דעם בעזיצער מיט אן הכנסה", נו, טאָ דארפען דאָך א פרוי'ס קערפערליכע צוציהונגען — אין דער אמת'ען, רעכענט איהר דאך טאקי אריין בפירוש אויך „קערפערליכע מעלות" צווי־שען די קאפיטאלען — אויך זיין א ק א פ י ט א ל; וו א ר י ם אויך זייערע ווירקונגען שטרעקען זיך אויס ווייט אין דער צוקונפט,

---

* „האָזיאַנאַ" אינ'ם אָריגינאַל איז אַ ביבלישער רמז, און בעציהט זיך אויף דעם טריאומף, וואָס יעזוס זאָל האָבען געהאַט, בעת ער איז אַריינ־געריטען אין ירושלים אויף אַן עזעל, און מען זאָל האָבען געשריען „הושיעה נאָ". איך האָב געפונען פאַר נויטהיג, צוליעב מעהר פאַסיג־קייט, צו בייטען לאַסאַל'ס אָנשפּיעל אויף אַ שטעלע אין דעם נייען טעסט־אַמענט אויף פונקט אַזאַ פּאַסענדען אָנשפּיעל אויף אַן עפּיזאָדע, וואָס איז אונז נעהנטער. א. א. ר.

און אויב זיי ווערען אויסגענוצט ווי עס בעדאַרף צו זיין, פערזיכערען זיי זייער בעזיצערין מיט אַן איינקונפט, און אָפטמאָל אַ בריליאַנטענער איינקונפט!

בקצור, גרויסער פּאַטרימאָניאַל־ריכטער, איהר פּאַסט דאָס „קאַפּיטאַל" אויף אָט מיט פּונקט אַזאַ וויסענשאַפטליכער, עקאָנאָמישער קלאָהרקייט און בעשטימקייט, מיט וועלכער איינער וואָלט עס אויפגעפּאַסט, וואָס דריקט אייך צום האַרצען, און אין גייסט פון דעם געוועהנליכען שפּראַך־געברויך, רופט ער דערביי אויס: איהר זייט אַ קאַפּיטאַלנער בחור!*

## „ד. ענטשטעהונג פון קאַפּיטאַל".

„נעהמען מיר בעטראַכטען— אַזוי הויבט איהר אָן אָט די איינטהיילונג — די ענטשטעהונג פון קאַפּיטאַל, נו, האָבען מיר שוין מכח דעם שפּאָרען און אָנקלייבען דערפון, געשמועסט, און בכן מרמז געווען אויף וואָס פאַר אַן אופן עס הויבט זיך אָן פאָרמירען. קאַפּיטאַל איז, אין אַלע פעלע, דער דירעקטער רעזולטאַט פון שפּאָרען(!!) (עס איז שווער צו זאָגען, וואָס מען זאָל מעהרער בעוואונדערן, הערר שולצע! צי אייער קוראַזש, פון וואָס עס איז נשתומם צו ווערען, אָדער אייער אונגלויבליכע תמימות!) „עס ענטשטעהט נאָר, ווען איינער פערווענדעט ניט זיין גאַנצען אַרבייטס־אינטראָג, זיין גאַנצע הכנסה אויף אונפּראָדוקטיווע הוצאות, אויף צו בעפריעדיגען זיינע בעדערפנישען לפי שעה, נייערט, ער לעגט אַ טהייל דערפון אַוועק. אַנדערש קענען קאַפּיטאַלען איבערהויפּט ניט צושטאַנד קומען"!!

מען וואָלט געמוזט כמעט אַ בוך אָנשרייבען, כדי אַרויסצוווייזען קלאָהר די אַלע טעות'ען און פערדרעהענישען, וואָס עס גיט זיך אייך איין צו קאָנדענסירען אין ווייניג שורות! ראשית חכמה,

---

* ד. ה. „איהר זייט אַן אמת וואוילער יונג". „קאַפּיטאַל" אין דעם זין פון „וואויל", „אויסגעצייכענט" ווערט בענוצט אין דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש און אפשר נאָך אַנדערע שפּראַכען, אָבער אין אידיש ניט. א. א. ר.

נאָר אָט די פראגע: קאַפּיטאַל ענטשטעהט, הייסט עס, „ווען איינער פערוועגדעט ניט זיין גאַנצען ארבייטס־אינטראַג, זיין גאַנצע הכנסה אויף אונפּראָדוקטיווע הוצאות". אָבער די קשיה איז דאָך גראַד די: צי איז דען, לעת עתה און ביי היינטיגען טאָג, אונטער דער ממשלה פונ'ם קאַפּי־טאַל, פאַר וועמען ס'ניט איז, „זיין ארבייטס־איינטראַג" און זיין הכנסה" — איינס און דאָס זעלבע; צי קומען זיי זיך צונויף?" צי איז דען, באמת, די „הכנסה", וואָס איינער ציה.ט היינט־צו־טאָג, „זיין ארבייטס־פערדיענסט", אָדער אפשר גאָר דער פערדיענסט פון פרעמדע ארבייט? אָט דאָס גופא, איז דאָך טאַקי דער פונקט, וואָס מאַכט אָן די פּלוגתא אין אַלע היינטיגע ויכוחים איבער קאַפּיטאַל!

מיט א מייסטערהאַפטיגקייט אָהן גלייכען, שליכטעט איהר שפּיעלענדיג דעם גאַנצען וכוח דערמיט, וואָס — א פּאַקוס איז ניט קיין כשוף! — איהר שטעלט די ווערטער „זיין גאַנצען אר־בייטס־פערדיענסט" און זיין גאַנצע הכנסה" גאַאיוו אוועק אויף א גלייכער וואַגשאָל, און לעגט זיי זייט ביי זייט, ווי איינס וואָלט ערקלערען דאָס אנדערע! אויף אזא'ן אופן, איז אפריהער אָנגענומען, וואָס איז געווען ערשט צום בעווייזען, און דורך דער פאָראויסנאהמע פון דעם, וואָס איז געווען צום בעווייזען, איז בעוויזען געוואָרען, וואָס מען האָט געזאָלט בעווייזען, און א סוף נעהמט צו אַלע וכוחים!

איהר בעגרייפט, הערר שולצע, אז דער הויפּט־אינטערעס קאָנ־צענטרירט זיך דוקא אויף דער דאָזיגער פראַגע. כל זמן אָנ־גענומען, אז מיר ביידע עקזיסטירען, האָב איך זיך שטענדיג ווי איהר דריקט זיך אויס אויף ז. 29, „גענומען די טרחה" צו „שפּאָרען" אייער ארבייטס־בעטרעף און „זיך אליין ניט פערגונען",* איך זאָל עס ניט פערצעהרען, נאָר זיך לאָזען „אָנ־קלייבען". היינט ווי איז, אז איך שיק צו אייך און וויל זיך אויס־

---

* „מיהע אונד ענטזאָגונג איבער מיך גענאָממען איהרען ארבייטסערטראַג צו „שפּאַרען".

בעטען אַט דעם דאָזיגען ארבייטס־בעטרעף אייערען אָדער די הכנסה דערפון אויפ׳ן סמך פון דעם דאָזיגען „שפּאָרען“ מיינעם!

איהר בעגרייפט צו דערזעלבער צייט, הערר שולצע, אז דאָ האַנדעלט זיך וועגען סאַמע עיקר פון אייער ערקלערונג פון דער „ענטשטעהונג פון קאַפּיטאַל“. וואָרים, אויב איהר זאָלט מוזען די ארבייטער זאָגען. קאַפּיטאַל ענטשטעהט „ווען איינער שפּאָרט דעם בעטרעף פון פרעמדע ארבייט און פאַרניצט עס ניט פאַר זיינע בעדערפנישען לפי שעה“ — האָ, האָ, יעמאָלט וואָלטען אַט די לייטע אודאי געקענט, נאָך אייער דעפיניציע נאָך, פערלאַנגען אַלע קאַפּיטאַלען פון דער וועלט, וואָרים אין דער אמת׳ען, איז גאָר זיך ניט משער צו זיין, אַלץ וואָס די דאָזיגע לייט האָבען ניט פאַרניצט און, בכן, „געשפּאָרט“, אַ סך, אַ סך מעהר ווי איהר און איך!

דאָס גופא אָבער וויל איך איך, ווי די מעשה איז, טהיילוויז נאָך אין אַט דעם קאַפּיטעל קלאָהר בעווייזען, טהיילוויז אָבער אין מיין שפּעטערדיגען קאַפּיטעל איבער דעם אָביעקטיווען אַנאַליז פון קאַפּיטאַל, נעמליך: אז וואָס די קאַפּיטאַליסטען אונטער דער ממשלה פונ׳ם קאַפּיטאַל „שפּאָרען אָב“ איז דער פערדיענסט פון פרעמדע ארבייט.

דאָ אָבער נאָך אַנאַנדער פראַגע: די עקאָנאָמען ערקלערען אַלע, מיט איין קול, אז קאַפּיטאַל איז אַקומולירטע, אָנגעקליבענע ארבייט (טראַוואַי אַקימילעה, אַקיומיולעיטעד לייבאָר). איז דאָס אויך ניט קיין אומפּאַסענדע דעפיניציע, וואָס זאָל לאָזען דעם בעגריף פון קאַפּיטאַל ארויסט־עטען, איז עס כאָטש, לכל הפחות, פון אויבען אויף צוגעטראָפען. עס קען ניט עקזיסטירען קיין קאַפּיטאַל, וואָס זאָל ניט זיין קיין „אָנגעקליבענע ארבייט“.

הלמאי אַנדערשט איהר איבער אַט די סתם אָנגענומענע ערקלערונג אַזוי, אז עס זאָל זיין דער רעזולטאַט פון אַ שפּאָרען, וואָס ענשטעהט נאָר ווען איינער פאַרניצט ניט זיין גאַנצע הכנסה אויף אונפּראָדוקטיווע הוצאות“?*

* שטענדיג געטריי צו באַסטיאַ, וועלכער (אַרמאָניע עקאָנאָמיק פּאָזש

אויפ'ן ערשטען קוק, קען זיך אודאי אפשר אויסדוכטען, אז עס איז א גאנץ תמימות'דיגע איבערארבייטונג, מעהר ניט ווי אן אונשולדיגע איבעראנדערשונג אין דער שפראך. וויבאלד אז קאפיטאל איז „אָנגעקליבענע ארבייט", קלערט איהר זיך, טאָ האָט דאָך אודאי געוויס די דאָזיגע ארבייט, אום אז עס זאָל ווערען אָנגעקליבען, ניט געקענט פערצעהרט ווערען, און, מהאי טעמא, איז דאָס דער פראָדוקט פון שפּאָרען, פון אָבלעגען פון דער הכנסה. נאָר פונדעסטוועגען האָט זיך אייך איינגעגעבען, א דאנק דער דאָזיגער איבעראַרבייטונג, וואָס איז כלומרשט די זעלביגע זאך, צו פערשטומפּיגען און פערדארבען יענע דעפיניציע — ביז אין סאמע תוך אריין — און דאָס נאָך אין די פערשיעדענסטע בעציהונגען — און דער עיקר, וואָס די פערדאַרבונג איז דורך און דורך טענדענציעז. נעהמט אייך אין זינען, הערר שולצע, איך וועל אייך דאָס בעווייזען!

1) די דעפיניציע „קאפּיטאל איז אָנגעקליבענע ארבייט", איז א גאנץ אָביעקטיווע, און טאַקי דערפאַר, פון אויבען אויף, א גוט צוגעטראָפּענער אויסדרוק. אין דעם איז מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָהנט, אז די דאָזיגע „אָנגעקליבענע ארבייט" איז טאַקי די ארבייט פון דעם, וואָס איז דער בעל הבית איבער דעם אָנגעקליבענעם סכום.* עס האָט דאָך גע-

216) לאָזט די קאפּיטאַליסטען פּראָדוצירען זייערע קאפּיטאַלען „פאַר לעור פּריוואַסיאָן" („דורך זייערע איינקארגעןנישען"). אין דער ווירקליכקייט, אָבער, איז די דאָזיגע אילוזיע, ווערליג דעם יסוד, כאַראַקטעריסטיש און נויטהווענדיג פאַר דער גאַנצער ליבעראַלער עקאָנאָמיע צוזאַמענגענומען, און דערפאַר איז דאָס שוין אויך צום אָנגעגנען ביי אדאַם סמיטה און זיינע תלמידים. באַסטיאַ און הערר שולצע, בעטאָנען עס נאָר פיעל שטאַרקער, און, דוקא צוליעב דעם, קומט עס אַרויס אַ סך לעבעדיבער.

* וואָס אַן אמת, איז דאָס אויך די נאַאיווע פאָראויסנאַהמע ביי אדאַם סמיטה ווי אויך ביי דער גאַנצער ליבעראלער עקאָנאָמיע, און אָט די נאַאיווע פאָראויסנאַהמע איז עס גראָד, וואָס כאַראַקטעריזירט די ליבעראַלע עקאָנאָמיע. מעהר ניט, וואָס [דאָרטען] בלייבט עס ביי דער תחילת'דיגער פּשוט נאַאיווער, תמימות'דיגער, פאָראויסנאַהמע, וואָס ליעגט דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע צו גרונד. סמיטה און ריקאַרדאָ האָבען זיך נאָך ניט גע'דאגה'ט מכח דעם סאָציאַליזם. אָבער

קענט, למשל, פּראָדוצירט ווערען אין אַ לאַנד מיט שקלאַפען, וואו די אָנגעקליבענע ארבייט געהערט טאַקי, אמת, דעם בעל הבית, אַ דאַנק דער עקזיסטירענדער געזעץ־איינריכטונג; די ארבייט גופאַ, אָבער, איז פּראָדוצירט געוואָרען פון די שקלאַפען. יענע בכלל אָנגענומענע דעפיניציע פון די עקאָנאָמען לאָזט עס אַלזאָ אין ספק צי דאָס אָנקלייבען און די ארבייט קומען זיך טאַקי צונויף אין דערזעלבער פּערזאָן.

איהר, אָבער, געווינט מיט אייער איבעראַרבייטונג, לויט וועלכער איהר ערקלערט דאָס קאַפּיטאַל פאַר „אַ רעזולטאַט פון שפּאָרען“, וואָס דורך דעם „עסט איינער ניט אויף זיין גאַנצען ארבייטס־פּערדיענסט, זיין גאַנצע הכנסה“ איהר געווינט גלייך דעם סאַמע עיקר, אָן וועלכען אַלץ איז פאַר אייך געווענדט, דהיינו, אָט דאָס, וואָס אונבעמערקטערהייד לאָזט איהר, דורך אייער דעפיניציע, די ארבייטער לכתחילה אָננעהמען, אַז דאָס וואָס דער קאַפּיטאַליסט קלייבט אָן, איז זיין אייגענער ארבייטס־בעטרעף; אַז דער „שפּאָרער“ לעגט נאָר אָב זיינס, אַ טהייל פון „זיין ארבייטס־פּערדיענסט, זיין הכנסה“; אַז ניט נאָר דער קאַפּיטאַל אליין, נאָר, בעזונדערס, אַלץ, אפילו וואָס קומט ארויס דערפון, געהערט איהם ניט בלויז פּאָזיטיוו־רעכטליך — לויט די שוין עקזיסטירענדע געזעצע — אלאָ, אַז עס קומט איהם דאָס אויך על פּי עקאָנאָמיע.

אָ, איהר ארצי־כיטראַק, וואָס איהר זייט! אָבער ווי אַלע ווייסען, שטעלט נאָך קיינער מיט זיך ניט פאָר קיין גרעסערען גולם, ווי אַ ביטראַק, ווענעם שמד־שטיק מען איז דערגאַנגען און איהם גופאָ דערקענט פאַר אַ פּראָסטען פּאָקוסניק!

---

ביי די תערען באַסטיאַ און שולצע, טרעט יענע פּאַראויסנאַחמע ארויס אין אַ פּאָלעמישער פאָרם! אויב ביי די גרויסע גרינדער פון דער בורזשואַ־עקאָנאָמיע איז יענער פּונקט געבליבען ניט אונטערזוכט און איז פאָראויס אָנגענומען געוואָרען אַלס זעלבסט־פערשטענדליך אויפ'ן פּשוטען קוק, ווערט יעצט ביי די עפּיגאָנען — וואָס דאָס פערלויפט זיך, אגב, בדרך כלל, אין אַלע וויסענשאַפטען — פון יענעם פעהלער אַן עיקר, און דער גאַנצער טראָפּ ווערט אויף דעם ארויפגעלעגט! אָט די בעמערקונג ענטהאַלט אין קורצען דעם תוך פון דער געשיכטע פון דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע זינט ריקאַרדאָ.

2) בעגעהט איהר אונפערמיידליך און נויטהווענדיג דעם לאַגישען אונזין, אויף וועלכען איך האָב אייך שוין איבערגענוג אָנ־געוויזען,* דהיינו, אז בעת איהר ערקלערט דאָס קאַפּיטאַל אלס אָן אָבשפּאָרען פון א טהייל פון דער הכנסה, [און אזוי ווי] „הכנסה" אָבער קומט דאָך ארויס פון קאַפּיטאַל, דרינגט איהר דאָס לעצטע ארויס פון עפּעס, וואָס דאַרף גיכער ארויסגעדרונגען ווערען פון קאַפּיטאַל גופא. דאָס קאַפּיטאַל ערקלעה־ט איהר אלס א „טהייל פון דער קאַפּיטאַל־הכנסה", אָדער מיט אנדערע ווערטער: איהר ערקלערט דאָס קאַפּיטאַל אלס א טהייל פון זיך אליין! די אָנגענומענע ערקלערונג פון די עקאָנאָמען, אז „קאַפּיטאַל איז אָנגעקליבענע ארבייט" ענטהאלט נאָך גאָרניט פון דער דאָזיגער אידיאָטסטוואָ, וואָס שייך דעם זין פון די ווערטער, הגם ליעגען מוז עס דוקא ליעגען אומעטום ביי די ליבעראַלע עקאָנאָמען אין דער טיעפעניש פון זייער נשמה. זיי ריידען ניט פון „איינקונפט", נאָר וויזען בלויז אָן — און ריכ־טיג — אויף'ן פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אלס דעם מקור פון קאַפּיטאַל־פאָרמירונג. אָבער וואָס מאַכט אייך אוים אָן אי־דיאָטסטוואָ מעהר אָדער ווייניגער?

3) דערביי פּאַסירט מיט אייך, דריטענס, וואָס איהר ענט־דעקט אין מיטען דערינען א גאַנץ נייעם פאַקטאָר אין דער זאַך, דורך וואָס איהר פאלט אפילו אריין אין דעם דירעקטסטען ווידערשפּרוך מיט זיך אליין. זינט אָדאָם סמיטה, האָט דער געדאנק, אז די ארבייט איז דער מקור פון אלע ווערטהען, גע־מאַכט א רייזע ארום דער וועלט. דאָס חזר'ט איהר אויך איבער אָפט גענוג אין אייער בוך — אז מען קוקט אויף די ווערטער נאָך; אין תוך אריין אָבער קענט איהר זיך קיינמאָל ניט האלטען אָן דעם. אָנשטאָט וואָס איהר זאָלט ווי אין יענער דעפי־ניציע פון די עקאָנאָמען, אז „קאַפּיטאַל איז אָנגעקליבענע ארבייט". אוועקשטעלען די פּאָזיטיווע ארבייט, די פּראָדוקציע, אלס דעם פאַקטאָר פון קאַפּיטאַל־פאָרמירונג, געווינט איהר פּלוצ־לונג א נייעם ריין נעגאַטיווען פאַקטאָר, אלס מקור פון דעם — דאָס „שפּאָרען". דאָס הוילע ניט־פערצעהרען

* זעה אויבען ז. 196 און 197.

אַזאַך! אָט דער ווידערשפּרוך רייסט אַזוי די אויגען, אַז אַפילו איהר אַליין פּיהלט דאָס שוין היינטיגס מאָל, אין אַ נאָווינע; און אונטער אָט דעם מאַטערנדען געפיהל זעצט איהר פאָרט תיכּף נאָך אייערע לעצט־ציטירטע ווערטער, אָט ווי: „פונדעסטוועגען איז דאָס שפּאָרען, דאָס ניט־פערצעהרען אַזאַך אין זיך אַליין, ניט גענוג אויף צו שאַפען קאַפּיטאַל. גיכער מוז נויטהיגערווייז פאָראויסגעהן, ווי עס פערשטעהט זיך ממילא, אַ לוין־ברייננגענדע (!) טהעטיגקייט, אַ פּראָדוקטיווע אַרבייט, ווייל אָהן דעם וואָלטען געפעהלט די אַרטיקלען, אָן וועלכע מען קען שפּאָרען. די חפצים און ווערטהען, וואָס מען וויל אָנקלייבען, פון וועלכע מען וויל עפּעס שפּאָרען, מוזען קודם געשאַפען ווערען. די הכנסה מוז קודם פערדיענט ווערען איידער מען קען עפּעס דערפון אָבלעגען. דערצו איז, אָבער, פאַרהאַן נאָר איין מיטעל: די אַרבייט. דאָס אַליין שטעלט אין מענשענס רשות אַלע ניצליכע און נויטהווענדיגע זאַכען אין דער וועלט; דאָס אַליין שאַפט אַלע ווערטהען, און אַזוי קומען מיר ווייטער צוריק אַרויף אויף דער אַרבייט גופא, אַלס אורקוואַל פון יעדען פערמעגען, ווי אויך פון גענוס־מיטלען אי פון די זאַכען, וואָס זיינען בעשטימט אויפ'ן מאָמענטאַנעם געברויך, אי פון דעם אָבגעלעגטען טהייל, וואָס געהט אויף ווייטערדיגע אינדוסטריע־צוועקען, אויף צו פערזאָרגען אונזער שפּעטערדיגע עקזיסטענץ — דאָס וואָס מיר רופען אָן קאַפּיטאַל“.

וואָס פאַר אַ לצנות, וואָס פאַר אַ קאַטאָוועס איהר טרייבט עס מיט אָרימע אַרבייטער, הער שולצע! האָט איהר שוין גאָר קיין געוויסען ניט? מיט אָט די שימערירענדע, אָבנאַרענדע, קינסטליך־צונויפגעוועבטע ווערטער — „לוין־ברייננגענדע טהעטיגקייט מוז קודם פאָראויסגעהען; די הכנסה מוז קודם פערדיענט ווערען, איידער מען קען עפּעס דערפון אָבלעגען; דערצו איז פאַרהאַן נאָר איין מיטעל: די אַרבייט א. א. וו.“, — שטעלט איהר דעם אַרבייטער די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַלען גאַנץ פּשוט אַזוי פאַר, אָט פּונקט ווי לכתחילהדיגע לוין־אַרבייט וואָלטען זיי אָבגעשפּאָרט פון אָבגעלעגטע שכירות!!!

אָבער ניט דערפון וויל איך דאָ שמועסען, נאָר פון יענעם ווי־

דערשפרוך גאָר, וואָס שטעלט אוועק אלס מקור פון קאפיטאל־פאָרמירונג, אמאָל די פאָזיטיווע ארבייט און אמאָל דאָס נעגאטיווע ניט־פערברויכען א זאך. צי איז דען שוין דער דאָזיגער ווידערשפרוך אָבגעשאפט געוואָרען דערמיט, וואָס איהר האָט די חוצפה איהם אוועקצושטעלען, ער זאָל ממש שטעכען די אויגען? לגמרי ניט. די ציטירטע זעצע זיינען און בלייבען אַן נאָכאנאנדיגער יאָמער און קלאָג פון סתירות, א יללה ווי פון הונדערט געשלאָגענע הינט! פריהער איז „דאָס שפאָרען“, דאָס בלויזע ניט־פערברויכען עפעס, געווען דער איינציגער מקור פון קאפיטאל־פאָרמירונג. וויעדער אָבער איז דאָס שפאָרען, דאָס ניט־פערברויכען עפעס פאר זיך אליין ניט גענוג, כדי צו שאפען קאפיטאל. עס ווייזט דאָ בכן אויס, אז מיר וועלען גאָר קריגען צוויי פאקטאָרען פון קאפיטאל־פאָרמירונג: דאָס שפאָרען און די ארבייט, דערנאָך אָבער זאָל עס וויעדער הייסען פון דעם לעצטען, אז „דאָס [די ארבייט — איבערז.] אליין שטעלט אלע זאכען אין מענשענס רשות; דאָס אליין שאפט אלע ווערטהען“, און אזויערנאָך ווייזט וויעדער אויס, אז איצט זאָל די ארבייט אליין ווייטער ווערען דער פאקטאָר פון קאפיטאל־פאָרמירונג. און דערנאָך הייסט עס וויעדער, אז „וואָס מיר רופען אָן קאפיטאל“ איז דער „אָבגעלעגטער טייל“ אויף צו פערזאָרגען אונזער שפעטערדיגע עקזיסטענץ. אויפ'ן סוף ווערט עס, אלזאָ, וויעדער צוריקגעגאנגען אויפ'ן פונקט, אז „דאָס אָבלעגען, דאָס שפאָרען איז דער איינציגער מקור פון קאפיטאל־פאָרמירונג. די ארבייט מעג זיך טאקי — דאָס איז אודאי די פאָרשטעלונג, וואָס ליעגט פערבאָרגען אויפ'ן גרונד פון אייער באלעבאטשעריי — פראָדוצירען די ארטיקלען איינס אין איינס, נאָר קאפיטאל ווערען זיי פאָרט בלויז א דאנק זייער אָנזאמלונג, ד. ה. א דאנק זייער ניט־פערצעהרונג; און אויף דעם אופן, איז די ניט־פערצעהרונג, דאָס שפאָרען, דער איינציגער מקור פון קאפיטאל־פאָרמירונג. אין דערביי בלייבט עס דאָן בעשטימט; און אויף זייט 29 ערשיינט דער קאפיטאליסט אלס אזעלכער, וואָס האָט זיך „פאָרגענומען די מיה און די זעלבסט־פערלייקענונג, וואָס אָנקלייבען א קאפיטאל קאָסט, ווי קיינער קען עס ניט לייקענען“.

צי זעהט איהר דען ניט איין, אז שוין אָבגערעדט פון היסטאָריע גופא, איז אפילו אַן און פאַר זיך אליין, א שטות'עריי צו מאכען א ריין־נעגאַטיווע זאַך, ווי דאָס שפּאָרען, דאָס ניט־פערצעהרען א זאַך, פאַר א פאַקטאָר פון דער פאָלקס־ווירטהשאַפטליכער קאַפּיטאַל־פאָרמירונג? און צי פאַר דעם איינציגען פאַקטאָר, צי פאַר · א ווירקענדען פאַקטאָר איינאיינעם מיט דער אַרבייט, איז דאָס דאָך במילא פונקט דיזעלבע שטות'עריי. בלויז איין קורצע בעמערקונג, כדי אייך דאָס קלאָהר צו מאַכען. קוקט זיך אַרום, הערר שולצע! ווּאָסערע אַרבייטס־פּראָדוקטען קענען גאָר בכלל „פערצעהרט“ און, אלזאָ, ניט געשפּאָרט ווערען? תבואה, פלייש, וויין און עהנליכע פערברויך־אַרטיקלען. און אָט די זאַכען, וואָס קענען פערצעהרט ווערען, מוזען דאָס רוב זאָגאַר מעהר אָדער ווייניגער באַלד ווידער פערצעהרט ווערען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, ווייל געוועהנליך קענען זיי זעהר לאַנג ניט שטעהען; „געשפּאָרט ווערען“ אויף זעהר לאַנג קענען זיי ניט פערטראָגען, וואָרים זיי וואָלטען דאַן גאָר פאַרשטאַנען געוואָרען און אין גאַנצען ניט געטויגט. נו, גיט־זשע אָבער איצט א קוק אויף יענע אַנדערע אַרבייטס־פּראָדוקטען, פון וועלכע עס בעשטעהט באמת דער עיקר קאַפּיטאַל־רייכטהום פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, אָט למשל, אויף די דאַמפּף־מאַשינען, און די לאַנד־אויסבעסערונגען און די הייזער, אָדער אפילו נאָר אויף אַלערליי רויה־מאַטעריאַלען, וואָס מען האָט בעקומען דורך דער אַרבייט, דערצו די אייזען־דראָנגען, די שטיקער רויה־מעטאַל און קופּער, די ציעגעל, די פלאַכעס שטיין א. א. וו., א. א. וו. לאָזען זיך דען די דאָזיגע זאַכען, וויבאַלד זיי זיינען שוין דאָ, ווייטער „פערצעהרען“, און בכן „ניט שפּאָרען“? אָט דאָ שיקט זיך שוין ממילא ניט קיין ניט געשפּאָרט ווערען; און דער פערדיענסט, וואָס איהר פעררעכענט די קאַפּיטאַליסטען אויף דעם סמך, און פאַרוואָס איהר בעקראַנצט זיי אַזוי שטאַרק די גאַנצע צייט ביז אַהער און אין דעם המשך נאָך, דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט אויפגעפרעסען אָט די דאַמפּף־מאַשינען, לאַנד־אויסבעסערונגען, ציעגעל, פלאַכעס שטיין, אייזען־דראָנגען, שטיקער רויה־מעטאַל און קופּער — [דער דאָזיגער פערדיענסט] ווייזט מיר אויס צו זיין א גאַנץ

מיטעל־מעסיגער. וועט איהר דאָך טענה'ן: אָבער די אייגענטהיי־מער האָבען דאָך געקענט אָט די אַלע זאַכען פערקויפען, און פאַר'ן געלד לעבען א גוטען טאָג! אויך רעכט, הערר שולצע — אָבער וואָס קומט דען דערפון ארויס פאַר דער געזעלשאַפט־ליכער פאָרמירונג פון קאַפּיטאַל? אָט די קאַפּיטאַלען, אָט די דאַמפּף־מאַשינען און אָט די לאַנד־אויסבעסע־רונגען, אָט די קאַכליעס און אָט די שטיקער מעטאַל וואָלטען דאַן געהערט ראובנ'ען אַנשטאָט שמעונ'ען, וואָס איז אַלץ איינס* פאַר דער געזעלשאַפט, פאַר דער נאַציאָן, און דעם קיום פונ'ם געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל. איך מוז נאָכאַמאָל פרע־גען: שרייבט איהר פאָליטיש־עקאָנאָמישע פאָרטרעגע הערר שולצע? צי שרייבט איהר, ווי איהר אַליין בעהויפּטעט, א „פאָלקס־ווירטהשאַפטליכען קורס", אָדער שרייבט איהר א פּריוואַט־ווירטהשאַפטליכען קורס, אַן אָנפאַנג־ביכעל מיט'ן טיטול: „די קונסט ווי אַזוי רייך צו ווערען"?* עס איז

---

* בערנשטיין מיינט, אַז לאַסאַל געהט שוין דאָ צו ווייט אין זיין פּלפּול. ערשטענס, זאָל „שפּאָרען" ניט זיין קיין ריין־נעגאַטיווער בע־גריף, ווי לאַסאַל וויל האָבען, נאָר פּשוט אַ נעגאַטיווער. דעם הבדל צווי־שען דער אַרבייט, אַלס אַ פּאָזיטיווע זאַך, און דעם שפּאָרען, אַלס אַ נע־גאַטיווע בעדינגונג, ווייזט אָן בערנשטיין, געפינט מען אויך ביי מאַרקס'ן, אָבער צו זאָגען ווי לאַסאַל, אַז „שפּאָרען" איז נעגאַטיוו בעת „אַקומו־לירען" איז פּאָזיטיוו, גלייך ווי ביידע בעגריפען וואָלטען געווען הפכים, הייבט שוין זיך חקירה'נען איבער דער מאָס. צווייטענס, קריעגט בערנ־שטיין אויף דער סברה, אַז עס מאַכט גאָרניט אויס צי דאָס קאַפּיטאַל גע־הערט ראובנ'ען צי שמעונ'ען. עס מאַכט שוין גאָר אויס, טענה'ט בערנ־שטיין, און דאָס איז דוקא די צרה, וואָס אין דער היינטיגער געזעלשאַפט איז עס אַ סך געווענדט אָן די אומשטענדען, צי דער צי יענער איז דער בעל הבית איבער די אַלע מכשירים, בעת, אין דער אכת'ען, וואָלט עס געדאַרפט אָבהענגען פון די פּערזענליכע מעלות פונ'ם מענשען.

בערנשטיין איז דאָ חלילה ניט קיין מליץ יושר פאַר דער ליבעראַ־לער עקאָנאָמיע אַנטקעגען לאַסאַל'ס קריטיק, נאָר ער געפינט גלאַט איין, אַז לאַסאַל איז אַ ביסעלע מגזם די שוועריגקייטען און מאַכט בכלל אַ ווענזען פון אַ קליינינקייט בנוגע דעם בעגריף פון שפּאָרען. א. א. ר.

* די שאַרפזיניגע צווישען די בורזשואַ־עקאָנאָמען האָבען שוין לאַנג אַנערקענט דעם דאָזיגען חלוק. הגם זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט געהאַל־טען אָן דעם: מאַלטהוס, „פּראָהנסיפּ ד'עהקאָנאָמיע פּאָליטיק". (איך

שוין אפילו איבריג צו דערמאָהנען, ווי איהר האָט אונז פריהער אליין געזאָגט,* אז ווען דער אייגענטהימער זאָל שוין פאַר'ן געלד פון די פערקויפטע מאשינען א. א. וו. לעבען א גוטען טאָג, וואָלט דאָס גופא זיך אויסגעלאָזען צו דער זעלבער זאַך דערפאַר וואָס דאָס וואָלט א קאָמאנדעווע געטהאָן נייע פראָדוקטען און ארויסגערופען פרישע פראָדוקציע. שבירות וואָלט פון דאָס ניי געצאָהלט געוואָרען; און אויף אזא'ן אופן, וואָלטען זיך כסדר געמוזט טהאָן זאכען, צו וועלכע „עס ציעלען אלע אינוועסטמענטס“.

די ענטשטעהונג פונ'ם קאפיטאל בנוגע דער פריוואט־רעכטליכער פערטהיילונג וועל איך אייך שפעטער אין קורצען קלאָהר מאכען. דאָ האָב איך אייך נאָר געוואָלט צייגען, ווי ווינציג דאָס „שפאָרען“ האָט צו טהון מיט דער „ענטשטעהונג“ פון פאָלקס־ווירטהשאפטליכע קאפיטאלען! די פראָדוקציע איז, אלזאָ, ווי איהר וועט זיך איבערצייגען, דער איינציגער קוואל פון יעדער קאפיטאל־פאָרמירונג, און בכן האָט ווייטער די בעשטימטע ריכטונג, וואָס די פראָדוקציע פון א געזעלשאפט נעהמט אָן, א גרויסען איינפלוס אויף דעם פראָצעס פון קאפיטאל־פאָרמירונג. וואָרים עס איז דאָך קלאָהר, אז פאַר דער ווירטהשאפטליכער לאַגע פון א געזעלשאפט איז פון זעהר וויכטיגער בעדייטונג, צי זי ריכט איהר ארבייט מעהרער אויף דער פראָדוקציע פון לעבענס־מיטלען (אקערבוי), צי אויף דער פראָדוקציע פון עגיפטישע פיראמידען, אָדער אויף דער פראָדוקציע פון שיפען, דאמפף־מאשינען, אייזענבאהנען, א. א. וו.

איך וועל אייך דאָס תיכף גענויער ערקלערען. אגב האָט די דאָזיגע גענויערע ערקלערונג פון די פערשיעדענע ריכטונגען פון דער פראָדוקציע גאָרניט צו טהון מיט „שפאָרען“, פון וועלכען איך האָב אייך נאָר דערווייל אָט דאָ געוואָלט צייגען ווי ווייניג עס איז דער פאקטאָר פון דער געזעלשאפטליכער קאפי־

ציטיר לויט דער גרויסער פראנצויזישער געזאמעלטער אויסגאַבע פון די עקאָנאָמיסטען ט. VIII ז. 358). ערקלערט דעם נאציאָנאלען רייכטהום אזוי, „אז עס ווערט צוזאמענגעשטעלט פון דעם, וואָס ווערט פראָדוצירט און פערברויכט, און ניט פון דעם איבערפלוס פון די פראָדוקטען איבער'ן פערברויך“.

* זעה אויבען ז. 195.

טאַל־פאָרמירונג. וואָרים, קוים זיינען נאָר די פּראָדוקטען פאַרהאַן — און זיין מוזען זיי דאָך קודם, איידער זיי קענען „געשפּאָרט" ווערען — שיקט זיך שוין ביי איין סאָרט (די פערברויך־אַרטיקלען) ממילא ניט קיין געשפּאָרט ווערען, בעת, ביי די אַנדערע פּראָדוקטען, וואָס זיינען באמת דער יסוד פון אונזער געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל־רייכטהום, קען שוין ווידער ניט געמאָלט זיין קיין אויפעסען, וואָרים קיין קאַפּיטאַליסטישער מאָגען, מעג ער אַפילו האָבען אַן אייזערנע גבורה, וואָלט אַלײן ניט פערדייט אַזעלכע זאַכען.

אָט דאָ האָב איך נאָר געוואָלט ווייטער צייגען, וואָס פאַר אַ סדרה מיט מיאוסע צודרעהענישען, וואָס פאַר אַן אונזיניגע פערקריפּלונג איהר אַרבייט דאָ אָב מיט יענער, פון די בורזשואַ־עקאָנאָמען אָנגענומענער, דעפיניציע, אַז „קאַפּיטאַל איז אָנגעקליבענע אַרבייט", בעת איהר מיינט, אין אייער גרוים עם־הארצות און טיעפער געדאַנקענלאָזיגקייט, אַז איהר האָט עס דאָ פּשוט בעשריעבען מיט אַנדערע ווערטער. וואָרים אויך פון דער לעצט־אויפגעוויזענער שטות'ערייַ ענטהאַלט נאָך יענע דעפיניציע פון די עקאָנאָמען קיין סימן ניט, ווערליג די ווערטער, וואָס דער מיין זאָל דאָ ניט געוועזן זיין דערביי. עס ווערט דאָרטען גאָרניט דערמאָהנט, אַז עפּעס רייַן נעגאַטיוועס, ווי דאָס „שפּאָרען", איז דער מקור פון קאַפּיטאַל פאָרמירונג. „אָנקלייבען" איז דוקא ניט „שפּאָרען", ווי איהר זאָלט ניט האַלטען, אַז ביידע מיינען איינס און דאָסזעלבע. ניין, שפּאָרען איז גאָר דאָס זאַמלען פון אַזעלכע זאַכען, וואָס וואָלטען געקענט פּונקט אַזוי גוט ניט געשפּאָרט ווערען, וואָס קענען פערברויכט ווערען.

איהר זעהט, הערר שולצע, איך פעהלט ניט נאָר יעדעם ברעקעל עקאָנאָמישעם וויסען; אייך פעהלט אַפילו דער נויטהיגער עלעמענטאַר־אונטערריכט, די קנאַפּסטע ידיעה אין דעם טייטש פון די ווערטער. איך מוז אָט די נפקא מינה אין זין צווישען „אָנקלייבען" און „שפּאָרען" בעטאָנען, הערר שולצע, וואָרים אַ־ניט, וועט איהר מיר נאָך באַלד נעהמען בעהויפּטען, אַז איהר האָט „אָבגעשפּאָרט" די זון, די לבנה און די שטערען. אַז איהר האָט זיי „אָנגעקליבען" קענט איהר

וויעדער, ניט בעהויפּטען צוליעב אַנאַנדער טעם; וואָרים צום „אָנ־קלייבען" פּאָדערט זיך אַ פּאָזיטיווע האַנדלונג. די דעפיניציע פון די בורזשוא־עקאָנאָמען איז, אַלזאָ, — אויב ניט אין תוך, איז, וועניגסטענס, דאָך וועדליג די אויסדריקע — פריי אויך פון דער דריטער שטות׳עריי דורך וועלכער די דעפיניציע אין אייער איבערשרייבונג איז פערדאָרבען, פערפעלשט און פערקריפּעלט געוואָרען.

קיינער פערלאַנגט פון אייך ניט, און איך אודאי ניט, אַז איהר זאָלט עפּעס אויפטהון, אַז איהר זאָלט אויף דאָס מינדסטע עפּעס מחדש זיין, ווי אומבעדייטענד עס זאָל ניט זיין. עס איז שוין פון קדמוניות אָן די בכבוד׳ע ראָלע פון אייער מין מענשען, אַז איהר זאָלט זיך אַרומטראָגען איבער׳ן לאַנד מיט דעם, וואָס די וויסענשאַפט האָט זיך שוין די פאָדעשוועס צוריסען אַרומלויפענדיג דערמיט פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר. אָבער דאָס, לכל הפחות, קען מען דאָך יאָ פון אייך פערלאַנגען: אַז איהר זאָלט כאָטש ניט צרה׳דיג צוקאַליעטשען דאָס, וואָס איז שוין אַריין אין אַלע טעקסט־ביכער פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר — עס איז שוין הונדערט יאָהר, זינט אַדאַם סמיטה האָט ערקלערט דאָס קאַפּיטאַל אַלס „אָנגעקליבענע אַרבייט"*.

אָט דוקא דערפאַר מוז איך אייך גאַנץ בעזונדערס פער׳מסר׳ן פאַר אייער פּרינציפּאַל, די בורזשואַזיע, אַז איהר זייט, ווי איך האָב אומעטום אויסגעוויעזען, אַ קאָמי וואַיאַזשאַר אַ לא יוצלח, און לחלוטין אונפעהיג צו פערטרעטען באמת די אינטערעסען פון אייער פּרינציפּאַל! יענע לאָזען זיך, כ׳לע־

---

* אַז לאַסאַל האָט דאָ אַביסעל נושא פנים געוועזן די ענגלישע עקאָנאָמען און לאָזט אוים כל חמתו צו שולצע׳ן, קען מען זעהן פון דעם זאַץ, וועלכען בערנשטיין ברייגגט דאָ פון אַדאַם סמיטה׳ס „רייכטום פון נאַציאָנען", וואו עס שטעהט בפירוש, אַז נאָר דורך דעם קען איינעמס קאַפּיטאַל וואַקסען, וואָס „ער שפּאָרט אָב פון זיין יעהרליכער הכנסה אָדער זיינע יעהרליכע פערדיענסטען". דאָס מיינט נאָך אָבער ניט, אַז עס איז שוין גאָר ניטאָ קיין חלוק צווישען די ענגלישע, אָדער בעסער געזאָגט, די בריטישע עקאָנאָמען און די פראַנצויזישע. זעה איבערזעצער׳ס איינלייטונג. א. א. ר.

בען, נאָך אַלץ פערטהיידיגען אויף אַנאַנדער אופן, און אויב אפילו קיינמאָל ניט מיט ריכטיגע און שלאָגענדע אַרגומענטען, איז אָבער, לכל הפחות, כאָטש אַלץ מיט לייטישערע, שכל'דיגערע. אָבער, איהר, דוקא, הויבט דאָך גאָר ניט אָן צו האָבען קיין בעגריף פון דעם, וואָס די בורזשואַ־עקאָנאָמיע האָט ביז אהער אין דער אמת'ן געשאַפען. איהר הויבט ניט אָן צו וויסען אפילו וואו עס עפענט זיך אַ דורכגאַנג אין דעם אַרסענאַל, פון וואַנען איהר האָט דאָס געזאָלט זיך בריינגען די וואַפען, איהר „קעניג אין דער סאָציאַלער מלוכה", ווי די הערערן געאָרג יונג, היינריך בירגערס און העלוויטץ האָבען אייך בעטיטעלט אין קעלן אין אַן עפענטליכער רעדע!

ווייטער, מיט וואָס איהר מאַכט צום ערגסטען קאַליע די אינטערעסען פון אייער פרינציפאַל און ניט ארויס זיינע געשעפטס־סודות — זיינען עס גראַד די נאַריש־כיטרע ווענדונגען, דורך וועלכע איהר ווילט איהם דאָס צוניץ קומען, אָבער וועלכע זיינען אַזוי אונגעלומפערט, אַז איהר גיט דערמיט נאָר אַ געלעגענהייט פאַר'ן קלאָהרסטען איינבליק אין אייערע מאָטיווען, און פון דאַנען, אין דעם גאַנצען כאַראַקטער פון אייער זאַך; און זיי קענען נאָר דערוועקען אין יעדען, וואָס האָט געכאַפט אַזא בליק, די גרעסטע דערביטערונג קעגען די דאָזיגע מאָטיווען.

נו, דעם מאָטיוו, וואָס בעוועגט אייך צו פערוואַנדלען אָ־ן אַ טראָפען זין דאָס קאַפּיטאַל פון „אַנגעקליבענע ארבייט" אין דעם „געשפּאָרטען טהייל פון דער הכנסה", האָב איך אייך שוין אויפגעוויזען אויבען (אונטער I). אָבער איהר האָט נאָך געמוזט דערביי האָבען נאָך צוויי אַנדערע טעמים. ווען איהר האָט דעפינירט פאַר די ארבייטער דאָס קאַפּיטאַל אַלס „אַנגעקליבענע אַרבייט", האָט איהר מורא געהאַט, אַז עס וועט זיי אפשר אַארען אַ קשיא, הלמאי זיי, וואָס מעגען זיי ארבייטען מי יודע ווי, „קלייבען" פונדעסטוועגען קיינמאָל ניט אָן. ווי־באַלד אָבער איהר ערקלערט עס זיי אַלס דעם געשפּאָרטען, אָוועקגעלעגטען טהייל פון דער הכנסה, נו, ווייסען שוין אָט די לייט גאַנץ געוויס, אַז זיי קענען טאַקי קיינמאָל ניט — און דערפאַר זיינען פאַרהאַן גוטע טעמים — ניט שפּאָרען און אָבלעגען; און בכן איז

זיי שוין מעהר ניחא די זאַך — האָט איהר געמיינט — וואָס זיי האָבען קיין קאַפּיטאַל ניט!

ועל כולם, קומט נאָך דאָ צו אַ דריטע סיבה, וואָס האָט אייך בעוואויגען צו יענע אונזיניגע שקרים.

אין דייטשלאַנד מוז אַלץ זיין „מאָראַליש"! פאַר'ן דייטשען בורזשוא איז ניט גענוג, וואָס ער האָט דאָס קאַפּיטאַל געזעצליך. עס איז אויך ניט גענוג, וואָס ער בעהויפּטעט, אַז זיין האָבען דאָס איז, אָביעקטיוו גענומען, עקאָנאָמיש אונאָנגרייפבאַר; ניין, עס מוז נאָך דערצו זיין אַ מאָראַלישער פערדיענסט פון זיין זייט, וואָס ער האָט עס!

אָט דער מאָראַלישער פערדיענסט מוז בכן אויפגעמייסטרעוועט ווערען. דער מאָנטהיאָנישער * טוגענד-פּרייז מוז איהם אָהן שום טענה צוגעפּסק'נט ווערן; און דערצו פּאַסט זיך, כ'לעבען, יעמאָלט צום רומעל די טהעאָריע פון „שפּאָרען". „קאַפּיטאַל איז אין יעדען פאַל דער דירעקטער רעזולטאַט פון שפּאָרען"; „אַנדערש קענען קאַפּיטאַלען בכלל ניט צו שטאַנד קומען", זאָגט איהר אויף ז. 25, און מיט אַ ציטעריגער שטימע ווייזט איהר אָן, ווי דער קאַפּיטאַליסט איז דאָס דער גרויסער סבלן, וועלכער האָט זיך דאָס „פאַרגענומען די מיה און זעלבסט-פערלייקענונג — וואָס עס קאָסט, ווי קיינער קען עס ניט לייקענען, אָנצוזאַמלען אַ קאַפּיטאַל"! ווי זיי שטעהען דאָס פאַר אונז, די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַליסטען אונזערע, מיט בלייכע נעבעך-פּנים'לעך, שטיל און פעראומערט, די אויגען אַרונטערגעלאָזען, אין טיעפע געדאַנקען וועגען זייער קרבן-בריינגענדען מאַרטירער-וועג, און דאָך כמעט עניוות'דיג פערשעהמט, וואָס זייערע גרויסע פערדיענסטען וועלכע זיי וואָלטען ליבערשט געהאַלטען פערבאָרגען פון אַלעמען, ווערען מיט אַזאַ גרויסען גערודער אָבגעדעקט פאַר דער וועלט! **

הערר שולצע — — דאָך ניין! לאָמיר דאָ צושטעלען דעם

---

* מאָנטהיאָן — אַ פראַנצויזישער גראַף, וועלכער האָט געלעבט אַרום דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. ער האָט איבערגעלאָזען אין זיין צוואה אַ סומע געלד אויף אַ טוגענד-פּרייז. א. א. ר.

** אָט די שטעלע ווערט ציטירט כמעט פון אַלע וואָס שרייבען איבער לאַסאַל אַלס אַ מוסטער פון זיין עקסטרעמער רהעטאָריק. פּראָפעסאָר

דיטהיראמב*, וואס איהר הויבט אן אויף ז. 25, תיכף נאך די שוין פון אונז קריטיקירטע ווערטער, אז „ד,גס קאפיטאל“ איז „דער אבגעלעגטער טהייל פאר אונזער שפעטערדיגער עקזיסטענץ“:

„דער פראדוקט פון דער ארבייט** קומט זיך פשוט צוזאמען מיט'ן קאפיטאל, ווי מיר האבען געזעהן, כדי ווייטער צו דיענען די צוועקען פון דער ארבייט. בעפרוכטענדיג, שטראמט עס אין שוים פון דער ארבייט גופא צוריק, כדי, אין א שטענדיגען קרייז־לויף, ווידער געבוירען צו ווערען אין דער פארם פון נייע אר־בייטס־פראדוקטען. א וואונדערבארע געגענזייטיגע בעציהונג איז דאס וועלכע, ווי קיין אנדער זאך אין דער וועלט, פערקניפט די אינטערעסען פון ביידען, פון קאפיטאל און פון ארבייט, איינס מיט'ן אנדערען, אויף ניט אבצוקניפען.

און עס איז גענוג א קורצער בליק איינצוזעהן, ווי שטארק עס ארבייטען דערביי די העכערע אייגענשאפטען פון דער מענשליכער נאטור, ווי די בעסטע קרעפטען פון מענשען ווערען דערביי דער־וועקט און געהאלטען אין איבונג. צי ווארצלען ניט פלייס, ארבייטס־טיכטיגקייט, און שפארען אין די גייסטיגע און מאראלישע אייגענשאפטען פון אונזער נאטור? וואס פאר אן איינדרינגענדע פערשטענדניס, וואסיירע קענטניסע און ערפאה־רונגען עס פאדערן זיך דאס אויף צו איבייטען ווי עס בעדארף צו

* א שיר פול מיט דביקות און לויב־געזאנג. א. א. ר.

** אמת, דאס קאפיטאל איז אויך א פראדוקט פון דער ארבייט, העדר שולצע, ווי פיעלע אנדערע זאכען, וואס זיינען ניט קאפיטאל; אבער טא־קי דערפאר איז דאס ניט קיין כאראקטעריסטישע בעצייכנונג: פראדוקט פון דער ארבייט. דאס כאראקטעריסטישע פון קאפיטאל בעשטעהט גיכער גראד אין דעם, וואס עס איז א פארם פון דער ארבייט — מילא, אז איהר פערשטעהט עס איצט ניט, וועט איהר עס שפעטער פערשטעהן.

---

בעהם־באווערק, אפשר דער שארפסטער פאליטישער עקאנאם פון אונזער צייט, ציטירענדיג דיזעלבע שטעלע אין זיין בעריהמטען ווערק „קאפי־טאל און קאפיטאל־צינז“, קוועטשט מיט די פלייצעס אויף דעם אבסור־דען באמבאסט פון סטיל, אבער ער גיט דאך צו אז לאסאל האט דא גע־געבען א שטארקען קלאפ דער „אבסטינענץ“ טהעאריע פון סיניאר און אנדערע, ווי באסטיא, וועלכע האבען געהאט עהנליכע שיטות. א. א. ר.

זיין און מיט ערפאָלג אין אַ וועלכען ניט איז פאַך, אויף אויפצו־טהון עפּעס טיכטיגעס! און ווייטער, אַז אימיצער וויל פיהרען אַ ריכטיגע באַלעבאַטישקייט מיט'ן געלד פאַר זיין אַרבייט, מוז ער האָבען אין זינען די צוקונפט, מוז ער בערעכנען און נעהמען אין אַנבעטראַכט, ווי אַזוי די פערווענדונג פון קאַפּיטאַל, וואָס דאַרף גע־שפּאָרט ווערען, וועט זיך אָברופען אויף דער בעפריעדיגונג פון שפּעטערדיגע בעדערפנישען אין זיין געשעפט און באַלעבאַטישקייט. כדי אָבצומאַכען ביי זיך, אַז מען זאָל מקריב זיין דעם איצט פאַר'ן שפּעטער. אָט דאָ איז חל אויף איינעם צו בעהערשען זיך אליין און די אייגענע נייגונגען, זיך אָבצוזאָגען פונ'ם מאָמענטאַנעם צוציה פון תענוג, צו גונסטען גרויסע, אָנהאַלטענדע בענעפיטען אין דער צוקונפט, בייצוקומען כל המינים תאוות, און זיך איינצוגעוואוינען אין מעסיגקייט און איינגעהאַלטענקייט. איבערהויפּט, נעהמען דאָ אָנטהייל אינ'ם שפּיעל די הייליגסטע פאַמיליען־פערבינדונגען און פליכטען, וואָרום מען מוז זיין דורכגעדרונגען מיט אויפאָפּפערנ־דער ליעבע צו אייגענע, כדי זיך ניט אָבצושרעקען פאַר סטראַדאַ־יעניש און ליידעניש, וואָס די פרוכט פון דעם־אָ, געניסען ניט זעלטען ערשט די קינדער און אייניקלעך. — בקיצור, פון וואָס פאַר אַ זייט מיר זאָלען די זאַך ניט בעטראַכטען, שטאַמען די ווירטה־שאַפטליכע שטרעבונגען ביי דער פאָרמירונג פון קאַפּיטאַל פון דעם עדעלערען טהייל פון דער מענשליכער נאַטור".

דויד האָט נאָך קיינמאָל ניט אַזוי שעהן געזונגען אויף דער האַרף!

„ליוב דעם האַרר, דעם מעכטיגען מלך הכבוד"!*

ווי, זאָל עס טאַקי באמת נאָך ערשט נויטהיג זיין אייך ערנסט צו ערקלערען ווי, אפילו שוין בנוגע זייער פּריוואַט־רעכט־ליכער פערטהיילונג, זיינען די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַלען, אפילו אויף אַ האָאָר ניט, קיין פרוכט פון „שפּאָרען", די

---

* ציטירען דעם פסוק אין אָריגינאַל קען מען ניט, ווייל עס איז, דוכט זיך, גאָרניטאָ אַזאַ פסוק אין גאַנץ תהלים. לאַסאַל'ען האָט זיך גע־מוזט באָמבלען אין קאָפּ „מי זה מלך הכבוד, יהוה עזוז וגבור" „תהלים כד' ח.) דאָס איז קענטיג, ניט דאָס איינציגע מאָל, וואָס לאַסאַל פערלאָזט זיך אויפ'ן זכרון, און איז זיך ניט מטריח נאָכצוזוכען אַ ציטאַטע. א. א. ר.

מאָראַלישע פערדיענסטען פון וועלכען איהר שמירט פונאַנדער אין אַט אַזאַ לאַנגען קוואַטש?

צי האָט איהר שוין, אין דער אמת'ן, גאָר קיין בעגריף ניט, ווי אַזוי די קאַפּיטאַלען זיינען ענטשטאַנען און ענטשטע־הען נאָך ווייטער ביז אויף היינטיגען טאָג?

הכלל, אין קורצען, ווי עס איז נאָך מעגליך, הערר שולצע: אין אָנהויב פון דער ציוויליזאַציאָן און ביז דעם קריסטענטהום האָט געהערשט שקלאַפען־אַרבייט. די אַרבייטער גופא, צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס זיי האָבען געשאַפען, האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס אייגענטהום פון דעם בעל הבית. ביי שקלאַפען־אַרבייט קען נאָך אפשר זיין די רעדע מכח „אָנקלייבען", אָבער ניט מכח „שפּאָרען". וואָרים, שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס איי־נער, וועלכער האָט, למשל, 100 שקלאַפען וואָלט געקענט די אַר־בייטס־פּראָדוקציע פון 60 מענשען פער'תכל'עווען — וואָס הייסט דאָך בודאי ניט „שפּאָרען", און דאַן די אַרבייטס־פּראָדוקציע פון די איבריגע 40 אָנקלייבען; איז דאָך אָבער, דאָס דאָזיגע אָנקלייבען ניט קיין „שפּאָרען", ניט קיין שפּאָרען, אין אייער זין, וואָרים עס איז ניט קיין שפּאָרען פון אייגענעם אַרבייטס־שכר. שפּאָרען פון אַ פרעמדען אַרבייטס־שכר רופט מען, אָבער, ביי דער איצטיגער צייט, גיכער אָן רויבען, אָדער לכל הפּחות שוין, עקספּלואַטירען. און טאָמער ניט, טאָ דערמאָהן איך אייך ווייטער אָן דעם, אַז כל זמן מיר לעבען, האָב איך שטענדיג אָבגעשפּאָרט אייער אַרבייטס־שכר, איהר אונדאַנקבאַרער, מיט אַן איינגעהאַלטענקייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט, און אַקוראַט דאָסזעלבע האָב איך געטהאָן מיט אייער פריינד'ס, רייכענהיימ'ס, אַרבייטס־שכר, און אַז איך וועל בכן, זיך באַלד נעהמען דאָס אַלץ אויפמאָהנען — בעזונדערס דעם לעצטענס!

אָבער אויך מיט'ן קריסטענטהום האָט זיך דאָס, ווי אַלע ווייס־סען, ניט געביטען. וואָרים אויפ'ן אָרט פון שקלאַפעריי איז איצ־טער געקומען לייב־אייגענשאַפט און דיענסט־פליכטיג־

קייט (צוגעהעריגקייט)*, אַלץ, הייסט עס, די בעזאָרגונג פון ארבייט דורך מענשען, וואָס זיינען אויף פערשיעדענע מדרגות געווען דאָס געזעצליכע אייגענטהום פון זייערע באַלעבאַטים; אַלץ־זשע דאָס אָנקלייבען פון פרעמדע ארבייטס־שכר׳ען. און אַזוי איז ניט נאָר געווען בנוגע צו דאָרפישע ארבייט, נאָר איהר מוזט דאָך וויסען, הערר שולצע, וואָרים אויף אַזוי פיעל וויים דאָך שוין כמעט יעדעם קינד, אַז פּאָר יאָהרהונדערטע כסדר דורכ׳ן מיטעלאַלטער איז אַפילו די אינדוסטריעלע ארבייט אין די שטעדט אָנגעפיהרט געוואָרען פריהער מיט לייב־אייגענע, דערנאָך מיט דיענסט־פליכטיגע, וואָס האָבען געדיענט די שטאָדט׳ישע פּריצים און יחסנים־קלאַסען**. ווען דאָס האָט אין די שטעדט אויפגעהערט — בעת אין דאָרף האָט נאָך די לייב־איינגענשאַפט צי די צוגעהעריגקייט אָנגעהאַלטען ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן — האָבען זיך אויף זייער אָרט בעוויזען די גילדען*** וועמעס גרויסער געגנער און דם שונא איהר זייט. אייער „פּאָרטשריט“ בעשטעהט דארין גופא, וואָס איהר בעקעמפּפט נאָכאַמאָל טהעאָרעטיש דאָס, וואָס איז שוין מיט 75 יאהר צוריק פערניכטעט געוואָרען! — און פון וואָס איהר מוזט אַלזאָ אודאי וויסען, אַז זיי זיינען בעשטאַנען פון פּאָזיטיווע [פאַקטישע] שטאַטס־איינריכטונגען, וואָס

---

* אין דויטש: „האָעריגקייט“ — אַ מין קנעכטשאַפט, לויט וועלכער די „מענשען“ זיינען געווען „צוגעשריבען“ אָדער האָבען „געהערט“ צום הויף פון דעם באַראָן. צווישען „לייב־אייגענשאַפט“ און „געהעריגקייט“ איז דאָ אַ קנאַפּער חלוק, און דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו ערקלערען די נפקא מינה צווישען ביידע. אין יעדען היסטאָרישען האַנדבוך קען מען בעקומען אַ ידיעה וועגען דער געוואַלט־הערשאַפט אונטער דעם פעאָדאַליזם. אין אידיש זעה, קראַפּאָטקינ׳ס „געגענזייטיגע הילף“, איבערזעצט פון דר. מעריסאָן, ז. 215 א. וו. א. א. ר.

** זעה מכח דעם איבערגאַנג, אַ חוץ די עלטערע ווערק, (באַרטהאָלד, געשיכטע דער דויטשען שטעדטע“, 1850 א. אַנד.) היבשע נייערע אונטערזוכונגען אין אַרנאָלדס׳ס, „געשיכטע דעם אייגענטהומס אין דען דויטשען שטעדטען, באַזעל 1861.

*** פּאָר אַ קורצען איבערבליק איבער די גילדען אין אידיש, זעה, קראַפּאָטקינס „געגענזייטיגע הילף“, (איבערזעצט פון דר. מעריסאָן) קאַפּ. 4 „אין דער מיטעראַלטערליבער שטאָדט“. א. א. ר.

פלעגען אויף הונדערט אופנים נויטהען, דורכ'ן צוואַנג פון געזעץ, דאָס אָרימע פאָלק צו אַרבייטען פאַר די מייסטער־קלאַסען און צו לאָזען דעם בעטרעף פון זייער אַרבייט, אַריינפאַלען צו יענע אין די קעשענעס.

איז לסוף געקומען דער דונער פון דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציאָן פון 1789!

ווי פון אַ בליץ אָבגעראַמט געוואָרען, אַזוי זיינען פערשוואונ־דען געוואָרען, אַי לייב־אייגענשאַפט, אַי צוגעהעריגקייט און אַי די גילדען! די פרייע קאָנקורענץ איז דערגרייכט געוואָרען!

**די אַרבייט** איז ערקלערט געוואָרען **רעכטליך פריי**, און צו דער שמחה איז גאָר קיין ברעג ניט געווען!

צי איז, אָבער, באמת פאַרגעקומען אַ שטיקעל שנוי אין דער אַלטער לאַגע, בעת די אַרבייטער האָבען אויך איצט געמוזט לאָזען אַריינפאַלען **זייער** אַרבייטס־שכר אין די קעשענעס פון די פּריווילעגירטע פערמעגענדע קלאַסען? צי איז באמת אָבגעשאַפט געוואָרען דער אַלטער אויסנוצונגס־צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט, לויט וועלכען די דאָזיגע פּריווילעגירטע פערמעגענדע קלאַסען קליי־בען אָן אַ פרעמדען אַרבייטס־שכר — דעם אַרבייטס־פּראָדוקט פון די אַרבייטער — אַלס **זייער איינען געזעצליכעס איינענטהום**?

בנוגע די רעכטע, איז, ווי געזאָגט, די אַרבייט ערקלערט גע־וואָרען פאַר **פריי**, און עס וואָלט אַלזאָ גאָרניט געשטאַנען אין וועג אַז **יעדער** זאָל זיך ציהען זיין **אייגענעם שכר** פאַר דער אַרבייט, און אָנקלייבען צי „שפּאָרען“, ווען עס וואָלט דאָ ניט געווען איין איינציגע קליינע מניעה!

„**איידער** מען **קען אָנהויבען** אַ וואָסער בעשעפטי־גונג אָדער אָן אַרבייט מיט דעם צוועק צום פערדיענען, זאָגט איהר אויף זייט 10 פון אייער קאַטעכיזם — מוז מען האָבען געזאָרגט דערפאַר, עס זאָלען קודם כל זיין די **רויה־שטאָפען** אויף צום בעאַרבייטען, דערנאָך די נויטהיגע אַרבייטס־געצייג, און, ועל כולם, אַז מען זאָל, צוזאַמען מיט די אַרבייטער, האָבען אויף חיונה, כל זמן די אַרבייט האַלט אָן“.

אָט די נויטווענדיגע פאָרבעדינגונגען פון יעדער אַרבייט וואָס איז געציעלט אויף צו שאַפען אַרטיקלען — זאָגט איהר גלייך

ווייטער — קענען אַלזאָ, ערפילט ווערען, אָהן *אויסנאַהם*, נאָר דורך כל המינים *אַרבייטען*, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען *פריהער* פאַר דעם איצט־געפּלאַנעוועטען עסק; און די־אָ פער־שטעהען מיר אונטערן נאָמען *קאַפּיטאַל*".

הכלל, ווייסט איהר עס אַליין, הערר שולצע, אַז איידער מען *קען אַ וואָסער אַרבייט נאָר אָנהויבען* אַפילו, דאַרף מען האָבען *אַפריהער געטהאָנענע אַרבייט*, דאַרף מען האָבען *קאַפּיטאַל*.

די לייב־אייגענע, די דיענסט־פּליכטיגע, די גילדע־פּועלים און לערן־יונגען, וואָס זיינען איצט פּלוצלונג ערקלערט געוואָרען פאַר *רעכטליך* „*פריי*" האָבען, צוזאַמען מיט זייערע אָבות אבותיהם, פאַר טויזענדער יאָהרען אַלץ אויסגעפיהרט אָט די אַפריהער געטהאָ־נענע אַרבייט פאַר די פּריווילעגירטע פון יעדען סאָרט — שטעהען זיי איצט טאַקי רעכטליך פריי און *פּאַקטיש מיטעללאָז* אַנטקעגען די אָנגעקליבענע קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען אין די הענד פון די פערמעגענדע.

אַזוי ווי זיי האָבען ניט געהאַט וואָס מען דאַרף האָבען „*איידער מען קען אַ וואָסער אַרבייט אָנהויבען*" — טאָ וואָס איז זיי געבליבען און בלייבט זיי איבער צו טהון אַנדערש ווי, ניט קוקענדיג אויף דער „רעכטליכער פרייהייט", ניט קוקענדיג אויף דער פּראָקלאַמירונג פון פרייער קאָנקורענץ, צו פערקויפען *דאָס לעבען פאַר דער נויטה־בעדערפטיגקייט פון לע־בען*?

מיט אַנדערע ווערטער: וואָס איז זיי געבליבען און בלייבט זיי איבער צו טהון, אויב זיי ווילען ניט הונגערן און זיך אויסציהען פאַר הונגער, סיידען צו זוכען אַרבייט ביי אונטערנעהמער, וועלכע זיינען אויסגעריכט מיט יענע קאַפּיטאַלען, וואָס זיי די אַרבייטער, האָבען דורך זייער אייגענער טויזענדיעהריגער אַרבייט, דורך די עזולטאַטען פון זייער אַפריהער געטהאָנענער אַרבייט, אַרויסגעבראַכט — און דערצו נאָך פאַר אַ *לוין*, וואָס איז העכער ווי דער *פּראָסט געוועהנליכער נויטהיגער לעבענס־דערהאַלט* נאָר אין אַ סאַמע אויסנאַהמס־פאַל, און דאָס, זעל־טען, און *קיינמאָל* ניט אויף אַ לענגערע צייט? *פאַר אַ לוין*, *הייסט עס*, וואָס בעת, לכתחילה שוין, איז דאָס רעדוצירט אויף

דעם פּראָסט געוועהנליכען נויטהיגען לעבענס־דערהאַלט, שטעלט עם די אַרבייטער פון זייער זייט, אין דער לאַגע, וואָס מאַכט אוּנמעגליך דאָס „שפּאָרען", און פון דער אַנדערער זייט, לאָזט עס אַריינפאַלען יעדען איבערפלוס פונ׳ם אַרבייטס־איינטראָג פון אָט די אַרבייטער, וואָס שטייגט אַריבער די נויטהיגע הוצאות אויף דער חיונה, מעג עס זיין ווי גרויס, און ווי איינטרעגליך די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט בכלל אָדער אין אַ בעשטימטען פּראָדוקציאָנס־צווייג בפרט זאָל ניט זיין — לאָזט עס אַלץ אַריינפאַלען מיט אַן אונפערמיידליכען מוז אין דעם אונטערנעהמערס קעשענע, וועלכער, פון זיין זייט ווידער, טיילט איין דערפון די קאַפּיטאַליסטען אַלס אַזעלכע.

איך האָב דאָס דאָזיגע לוין־געזעץ, מיט זיינע קוים מערקליכע צוקונגען אַרויף־צו און אַראָב־צו, צו וועלכע עס איז אויסגעזעצט, ענטוויקעלט אין מיין „אַנטוואָרט שרייבען".*

און טאָמער וואָלט איהר אין די „צייטונגס־געשוויסטער" מיר אָבגעווענדעט אויף דעם דאָזיגען, וואָלט איך זיך געקענט האַלטען פאַר געננוג געטרייסט אויף דעם אונגליק דורך די ווערטער פון ראָדבערטוס** צו די אַרבייטער***: „לאַסאַל האָט אייך דאָס דאָזיגע געזעץ, ווי אויך די לייכטע אָבווייכונגען, אונטער וועלכע עס אַרבייט, אַזוי רעכט מסביר געווען, אַז מען דאַרף אויף דעם מעהר קיין וואָרט ניט פערלירען".

איך האָב דאָס אַפילו אויך נאָך אויספיהרליכער בעוויזען אין מיין „אַרבייטערלעזעבוך" אי דורך [איינענע] ראיות און אי דורך

---

* זעה מיין „אָפענעם אַנטוואָרטשרייבען אַן דאָס ליפּציגער צענטראַל־קאָמיטעט", ציריך, מעיער און צעלער 1863, ז. 15—21.

** ראָדבערטוס, וועלכער איז געווען לאַסאַל׳ס אַ פריינד, ווערט בעטראַכט פאַר׳ן בעגרינדער פון דעם „וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם". א חוץ זיין גרויסען אויפטהו אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָט ער זיך אויך אָבגעגעבען מיט פּאָליטישע טהעטיגקייט, און איז קאַרגע צוויי וואָכען געווען מיניסטער פון פאָלקס־אַרבייט אין דייטשלאַנד. א. א. ר.

*** ראָדבערטוס, „אָפפענער בריעף אַן דאָס קאָמיטעט דעס דויטשען אַרבייטער־פעראיינס 1863) ז. 4.

מיין סומך זיין זיך אויף דער אנערקענונג פון אַלע *בורזשו־אזנע עקאָנאָמען*.*

לסוף (אין 4טען קאַפּיטעל) וועל איך אייך אין קורצען בריינ־גען א נאָך צווינגענדערען סיסטעמאַטישען בעווייז אין א סיסטע־מאַטישען צוזאַמענהאַנג, און טאָמער איז אייך דאָס נאָך אַלץ קנאַפּ, וועל איך נאָך *שפּעטער* בפירוש בעווייזען** אַז אפילו *איהר גופא* ווייסט אויך די ריכטיגקייט פון דעם דאָזיגען געזעץ.

די „פרייע קאָנקורענץ" האָט אַלזאָ אַקוראַט אויף אַזוי ווינציג עפּעס געביטען אין דעם אַלטען צושטאַנד, אַז דער אַרבייטער מוז אָב־געבען, פּונקט ווי פריהער דעם „*בעל הבית*", אַזוי איצטער צום „*קאַפּיטאַל*", אָט יענעם בעטרעף פון זיין אַרבייט וואָס איז מעהר ווי זיין אייגענע חיונה בּאַרדערט — און דאָס האָבען דאָך אפילו די שקלאַפען, די לייב־אייגענע, די דיענסט־פליכטיגע, גילדע־פּועלים און לערן־יונגען געמוזט קריגען.

אָ, ווען די אַרבייט וואָלט נאָך היינט אָנגעפיהרט געוואָרען אין דער פרימיטיווער נאַטור־פאָרם, אָט אַזוי ווי ביי די אינדיאַנער אין די אַמעריקאַנער וועלדער, וואו די *אַרבייט פון טאָג*—דאָס גאַנצע — שאַפט די *מזונות פאַר'ן טאָג*! יעמאָלט וואָלט קיין ספק ניט געווען, אַז די אין 1789 פּראָקלאַמירטע *רעכטס־פרייהייט* פון די אַרבייטער וואָלט זיי געווען פערוואַנדעלט אין *פּראַקטיש פרייע* לייט, און יעדער וואָלט איצט, ביים נעיעג אויף אייגענעם חשבון, דערלאַנגט נאָר זיין אייגענעם אַר־בייטס־פּראָדוקט, זיין אייגענעם אינדיווידועלען געיעג־שכר ניט מעהר און ניט ווינציגער.

אָבער די פאָרטשריטע פון דער *אַרבייטס־צוטהיילונג* — וואָס איז דער שורש פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַ־ציאָן — האָבען שוין דער אַרבייט געגעבען א גאַנץ אַנדער פּנים! איטליכער אַרבייט אוים נאָר אַן אַבסטראַקטען טהייל פון א פּראָ־דוקט, ניט פאַרטיגע גענוס־מיטלען, פון וועלכע ער וואָלט געקענט

---

* „אַרבייטער לעזעבוך", (פראַנקפורט א. מ. ביי ריינהאָלד בייסט 1863), ז. 5—18 — פגל. אויך מיין שריפט „דיע אינדירעקטע שטויער אונד דיע לאַגע דעס אַרבייטער־שטאַנדעס", ציריך, מעיער און צעלער, 1863) ז. 4—49.

** זעה אין קאַפּיטעל „שלום".

לעבען. ביז וואַנען מען מאַכט דעם דאָזיגען פּראָדוקט צו געלד, געהען זיך אוועק וואָכען, מאָנאַטען און יאָהרען — און אין משך פון אַט דער צייט פאָדערט זיך, מען זאָל אויסלעגען פאַר זיי אויף חיונה. די טהייל־אַרבייט איז ווייטער אין פאָראויס מתחייב אַ שוין געשעהענע טהייל־אַרבייט פון אַנדערע; אויסגעלעגט, הייסט עס דאַרף אויך ווערן אויף צום שאַפען די רעזולטאַטען פון דער טהייל־אַרבייט פון די אַנדערע, אויף צום שאַפען די רויה־שטאָפען, די אַרבייטס־אינסטרומענטען, אינדוסטריע־פּראָדוקטען. די טהייל־אַרבייט ווערט אויסגעפיהרט, לסוף, נאָר דורך אַ פעראייניגונג פון פיעלע פאַר דעמזעלבען אַרבייטס־רעזולטאַט, און איז, דערפאַר, ווידער לכתחילה מתחייב אַן אויסלעג אויף חיונה פאַר אַט די מענשען א. אַ. וו., א. אַ. וו. און אַזוי־זשע וואָיעט יעדע נאָטע אין דעם פּראָדוקציאָנס־קאָנצערט, אום׳ברחמנותדיג: הב! הב!*

ווען, אַלזאָ, די אַרבייטער זיינען שוין אפילו ערקלערט געוואָרען פאַר „פריי“ אין 1789, האָבען זיי דאָך אָבער ניט געקענט געהען יאָגען אויף זייערע אייגענע געיעג־פּלעצער, ווי דער שטאָלצער זוהן פון די וועלדער. וואָרים זיי האָבען ניט געהאַט מעהר קיין געיעג־פּלעצער, און דער פּראָצעס פון דער געזעלשאַפטליכער ערנעהרונג איז איצט אויסגעפיהרט געוואָרען אין אַנאַנדער, אַ קינסטליכער פאָרמע.

אַט דעם אויסלאָג, אַט די אַפריהער געטהאָנענע אַרבייט, וואָס איז איצטער געוואָרען אַ מוז פאַר יעדער ערנעהרונג, האָבען זיי געהאַט אָנגעקליבען אין די הענד פון די באַלעבאַטים, וואָס זיינען ביז אַהער געווען פּריווילעגירט אפילו על פּי געזעץ.** ביי דער דאָזיגער אייגענער און אַפריהער געטהאָנענער

* „פאַרשום, פאַרשום, פאַרשום“ (מזומן־אויסלאָג).

** דער בעגריף פון „רעכט“ איז אַזוי ענג פערבונדען מיט׳ן בעגריף פון „געזעץ“ אין דייטש, אַז עס איז שווער איבערצוגעבען אַקוראַט דעם זין פון „רעכטליך“, ווי עס ווערט דאָ בענוצט. אין אייניגע פּלעצער איז עס דערפאַר איבערזעצט אַלס „רעכטליך“ און אַנדערע מאָל ווידער אַלס „געזעצליך“, לויט דער זין פון זאַץ האָט געפאָדערט. דאָס וואָרט בעציהט זיך אי אויף די רעכטע פון די באַלעבאַטים אונ אי אויף דער סאַנקציע פון געזעץ, וואָס גיט זיי די פּריווילעגיעס. א. אַ. ר.

אַרבייט זייערע,* האָבען זיי זיך אַפּילו איצט געמוזט פּאַקטיש מאַכען אונטערטהעניג, ניט קוקענדיג אויף דער פרייער קאָנקורענץ, אָדער דוקא צוליעב דער פרייער קאָנקורענץ; און פּונקט ווי פריהער האָבען זיי געמוזט דעם איבערפלוס פון דעם אַרבייטס־בעטרעף, וואָס כאַפּט אַריבער זייער נויטהיגע חיונה צוטראגען צו די יעניגע, וועלכע זיינען געוועזן "באַלעבאַטים" על פּי געזעץ, מוזען זיי דאָסזעלבע איצט צוטראָגען די פּאַקטישע „באַלעבאַטים".

אין אַ געזעלשאַפט, וואָס פּראָדוצירט אויף אַ באַזיס פון טהייל־אַרבייט און אונטער'ן געזעץ פון פרייער קאָנקורענץ" און „זעלבסט־הילף", דערשטיקט די אַפריהער געטהאָנענע אַרבייט, [ד. ה.] דאָס קאַפּיטאַל, די לעבעדיגע אַרבייט. זיינע אייגענע אַרבייטס־פּראָדוקטען דערוועוגען דעם אַרבייטער. זיין נעכטיגע אַרבייט כאַפּט זיך אָנטקעגען איהם, וואַרפט איהם אַניעדער און בעראַבעוועט איהם פון זיין היינטיגען אַרבייטס־שכר!!

און וואָס מעהר אַלזאָ דער אַרבייטער פּראָדוצירט, שוין רעכענענדיג פון 1789 אָן, און וואָס מעהר ער זאַמעלט אָן, אַרבייטענדיג פאַר דער בורזשואַזיע, אַפריהער געטהאָנענע אַרבייט, און קלייבט אָן קאַפּיטאַלען אין זייער רשות, וואָס מעהר ער מאַכט דורך דעם מעגליך ווייטערע פּאָרטשריטע אין דער טהיילונג פון דער אַרבייט, אַלץ שווערער מאַכט ער דאָס געוויכט פון דער קייט, וואָס האַלט איהם פעסט צו דער ערד, אַלץ טרויעריגער מאַכט ער זיך זיין קלאַסען־לאַגע.**

---

* ווי בערנשטיין בעמערקט, דאַרף שטעהן „איהרע" אַנשטאָט „איהם" אין טעקסט; און אַזוי איז דאָ איבערזעצט, דהיינו, „זייערע". א. א. ר.

** דאָס ווייסען אויך די בורזשואַ־עקאָנאָמען זעהר גוט, און ווען־ניט־ווען זיינען זיי דאָס אַפּילו אַליין מודה, זעה צ. ב. פּראָפעסאָר ראָשער, „אַנזיכטען דער פאָלקסווירטהשאַפט, א. אַ. וו. 1861, ז. 217: „במעט מיט יעדער העכערער ענטוויקלונג פון

און מ ה א י ט ע מ א איז אין ענגלאנד די דאזיגע לאגע טרויע־ריגער ווי אין פראנקרייך און בעלגיען, און אין פראנקרייך און אין בעלגיען טרויעריגער ווי אין דייטשלאנד!

נו, אויף אזוי פיעל, אלזא, האב איך דאך אייך על כל פנים גע־וויזען, הערר שולצע, אז די „ע נ ט ש ט ע ה ו נ ג פ ו ן ק א פ י ט א ־ ל ע ן", און דערצו אויך בנוגע זייער פ ר י ו ו א ט ־ ר ע כ ט ל י ־ כ ע ר פערטהיילונג, האט אויף א האאר ניט צו טהון מיט'ן „שפא־רען"; און דאס איז אמת אי אין דער צייט פ א ר 1789, אי ז י נ ט יענער צייט, אונטער דער ממשלה פון פרייער קאנקורענץ, און ביז אויף היינטיגען טאג! אויף אזוי פיעל האב איך אייך מסתמא בעוויזען, אז נ א ך 1789 פונקט ווי פ ר י ה ע ר, האבען די א ר ־ ב י י ט ע ר ניט ג ע ק ע נ ט אנזאמלען, און ד י, וואס זאמלען יא אן, זאמלען זיי ניט דעם א י י ג ע נ ע ם ארבייטס־שכר, נאר א פ ר ע מ ד ע ן: „ש פ א ר ע ן" זיי, אלזא, ניט!

אבער, זאל שוין זיין אז איהר זייט אפילו געווען ניט פעהיג נענוג צו מאכען זיך א בעגריף וועגען דעם געשיכטליכען סך־הכל פון די אייראפעאישע ארבייטס־פערהעלטניסע — צי האט איהר אבער, ניט איינגעזעהען מיט'ן פראסטען שכל, אז אזא קאפיטאל־ענטשטעהונג, דורך דעם וואס יעדער בעזונדער שפארט זיך זיין אייגענעם ארבייטס־שכר, ווי איהר שטעלט זיך דאס פאר, איז שוין לכתחילה* א פאלשטענדיגע אונמעגליכקייט?

ווי מאלט איהר זיך די ענטשטעהונג פון די ערשטע קאפי־טאלען?

דערמאהנט זיך אקארשט ווידער אן דער אור־אור־ערשטער פארם פון דער ארבייט, אן דעםווילדען אינדיאנער, וואס יאגט זיך פריי אויף זיינע געיעג־פלעצער, וואלט דער האזיגער אפשר געקענט עפעם אבלעגען פון זיין איינקונפט? צי בלייבט עפעם איבער פון זיין ארבייט א רעשטע איבער זיין חיונה? די געשיכטע וועט אייך אויף דעם געבען די תשובה דערמיט, וואס זי בעווייזט אייך, אז

* "a priori"

פ א ב ר י ק ־ ס י ס ט ע ם, ו ו ע ר ט ד ע ם א ר ב י י ט ע ר ' ס א ב ה ע נ ג י ג ק י י ט פ ו ן ז י י ן ב ע ל ה ב י ת א ל ץ ג ר ע ס ע ר".

מחנות אינדיאנער שבטים זיינען אויסגעשטארבען פון הונגער. מיט אנדערע ווערטער: נאר אונטער דער צוטהיילונג פון ארבייט, ווארפט די ארבייט אב א רעשטע איבער דער חיונה.

ווער איהר דאך אפשר פרעגען: הלמאי האט אט דער טיפש, דער אינדיאנער, זיך ניט געמאכט פאר א קאפיטאליסט? הלמאי האט ער ניט גענומען א צאהל אינדיאנער אויף זיין שכירות און געלאזען זיי אלע אינאיינעם געהען אויפ'ן געיעג אויף זיין חשבון?

איהר זעהט דאך, הערר שולצע, אז אט די פרייע וואלטען קיינמאל ניט איינגעגאנגען אויף דעם, בעזונדערס דערפאר, וואס זיי וואלטען דאן אלץ מיט'ן יאגען דערגרייכט, פונקט ווי פריהער אין פולער פרייהייט, בלויז אויף חיונה.

און צווייטענס: פון וואנען־זשע האט דאס דער דאזיגער אינדיאנער געזאלט נעהמען אפריהער די מזונות, וואס ער דארף האבען פאר די אנדערע, בעת יענע זאלען ארויס פאר איהם אויפ'ן געיעג? האט ער זיך דאס אפשר געזאלט אבשפארען אפריהער פון זיין אייגענעם געיעג־בעטרעף? פון זיין אייגענעם ביסען? ער וואלט דאך געקענט לאזען די נשמה פון הונגער, איידער ער וואלט צוזאמענגעקליבען אזוי פיעל, אז ער זאל קענען אויסהאלטען א וואסערע צאהל לוין־יעגער אויף זיין חשבון.

אבער, ווער איהר אפשר זאגען, דאס האט זיך דאך איינגעזעצען געוועגדט אן דעם שוטה שבשוטה גופא. ווארים, הלמאי האט ער אנדערע פון אט די לוין־יעגער זיך ניט געלאזען פערנעהמען מיט אקערבוי און אינדוסטריע, וואס ברייגגען שוין א גביר'ישע חיונה?

צי זעהט איהר אבער, ניט, הערר שולצע, אז דא חזר'ט זיך איבער די נאר־וואס ארומגערעדטע מניעה, איצט, נאך אין א הונדערט מאל שטארקערען גראד?

ווי אזוי, פארט, האט ער דאס גאר געזאלט אפריהער צונויפשפארען פון זיין פערזענליכען געיעג־בעטרעף די לעבענס־מיטלען פאר די אקער־בויער און אינדוסטריע־ארבייטער, כדי זיי צו דערהאלטען ביים לעבען אין משך פון א יאהר אדער מעהרערע מאנאטען, וואס פאדערט זיך צו אקערבוי און אינדוסטריע, איידער זיי גיבען ארויס זייערע פראדוקטען?

פון דאנען, הערר שולצע, זעהט איהר ארוים צוויי ערליי זאכען:

1. די פראָדוקציע אונטער דער ארבייטס־צוטיילונג, וואָס דאָס אליין נאָר גיט ארוים אַן איבערפלוס איבער דער בעדערפ־ניש פון טאָג, איז נאָר מעגליך, ווען אַ פון פריהער אָנגעזאמעל־טעם קאפּיטאַל, און צוגלייך דערמיט אַ פריהערדיגע ארבייטס־צוטיילונג איז אין פּאראוים אָנגעווענדעט געוואָרען. נאָר דאָס אליין קען שאפען דעם איבערפלוס איבער דער בעדערפניש פון טאָג וואָס איז אונדערגרייכבאר פאר דער אינדיווידועלער ארבייט.

2. פעלקער וואָס הויבען לכתחילה אָן מיט פולע אינ־דיווידועלע פרייהייט ווי די אינדיאַנישע יעגער־שבטים, קענען צוליעב דעם קיינמאָל ניט דערלאַנגען צו אַ וועלכער ניט איז קאפּיטאַל־זאמלונג, און דערפאר אויך קיינמאָל ניט צו אַ וואסערען קולטור־פּראָגרעס.

און דערפאר, ווען די ווייסע זיינען תחילת אריבער דעם גרויסען ים, האָבען זיך אייגענטליך די איראָקעזען, דעלאַווערען, טשעראָקים, טשיקאַזאַס א. א. וו. געפונען נאָך פּונקט אויף דערזעלבער מדרגה פון קולטור, ווי מיט פיעלע טויזענדע יאָהר צוריק; און נאָך היינט געפינען זיך די איבערגעבליעבענע פון יענע שבטים אין עצם אויף דערזעלבער מדרגה, אויף אזוי ווייט ווי זיי גיבען ניט אויף זייער פריהערדיגע לעבענס־פיהרונג און אייראָפּעאיזירען זיך ניט.

הכלל: די אינדיווידועלע ארבייט קען ניט שפּאָרען.

איצט, אָבער, גיט נאָר אַ קוק אויף דער שקלאַפּעריי, וואָס איהר געפינט ביים וויגעלע פון דער ציוויליזאַציאָן.

און גלייך ווערט דאָס גאַנצע בילד איבערגעביטען!

אַ בעל הבית האָט, צ. ב. 100 שקלאַפען. 30 פון זיי קען ער בענוצען דערצו, אז זיי זאָלען פּראָדוצירען אַלערליי פערזענליכע גע־נוס־מיטלען, וואָס ער וויל פערברויכען פאר זיך. און איהר וועט מיר צוגעבען, אז אויפצועסען דעם ארבייטס־בעטרעף פון 30 מענשען הייסט בשום אופן ניט „שפּאָרען“. 60 אַנדערע שקלאַפען בע־נוצט ער אויף אַקערבוי, כדי זיי, ווידער, זאָלען שאפען די נויטהיגע לעבענס־מיטלען אי פאר זיך גופא, אי פאר די ערשטע

דרייסיג און פאַר די איבריגע 10 שקלאַפען, וואָס בלייבען איהם נאָך. און די איבריגע 10 שקלאַפען בענוצט ער אויף צו לאָזען צוגרייטען די נויטהיגע ארבייטס-געצייג אין וועלכע עס נויטהיגען זיך אי די ערשטע 30 מענשען, וועלכע זיינען בעשטימט אויף צו שאַפען די מיטלען פאַר זיין פּערזענליכען געברויך, ווי אויך די 60 שקלאַפען, וואָס פּראָדוצירען די לעבענס-מיטלען פאַר אַלע הונדערט.

און אין עצם גענומען, האָבען די געזעלשאַפטען פון אַמאָל אָט אַזוי אַן ערך אויסגעזעהען.

לכל הפּחות, וועט איהר זאָגען, „שפּאָרט" דאָך אָט דער דאָזיגער מאַן דעם ארבייטס-פּראָדוקט פון 10 שקלאַפען, וואָס פּראָדוצירען די ארבייטס-געצייג. און זאָל שוין זיין אמת, אז אָנקלייבען אַ פּרעמדען ארבייטס-שכר הייסט ניט קיין „שפּאָרען", האָט ער דאָך אָבער אַלץ געקענט, לויט דעם עקזיסטירענדען שקלאַפען-רעכט פון יענער צייט, אויסברייזגען דעם ארבייטס-בעטרעף פון אָט די 10 שקלאַפען אויך; און דערפאַר איז עס אַלץ אַ „קרבן" פון זיין זייט, וואָס ער זאָגט זיך אָב דערפון, און לאָזט זיך עס אָנקלייבען אין כל המינים ארבייטס-געצייג.

איהר האָט ווייטער אַ גרויסען טעות, הערר שולצע!

דערמיט, וואָס אָט דער מאַן לאָזט די 10 שקלאַפען פּראָדוצירען די ארבייטס-געצייג פאַר די 60 שקלאַפען און פאַר די 30 שקלאַפען, וואָס ווערען פערווענדעט אויף זיינע פּערזענליכע גענוס-מיטלען, געווינט ער דורך דער דאָזיגער צוטהיילונג פון ארבייט אַ סך גביר'ישערע באַלעבאַטישקייט, אַ סך גביר'ישערע הנאה-אַרטיקלען פאַר זיך, ווי ווען ער וואָלט נאָך אָט די 10 שקלאַפען אויך, אָדער אַלע הונדערט, געלאָזען דירעקט ארבייטען מיט די פינגער און נעגעל אויף צו שאַפען לעבענס-מיטלען. יאָ, דורך דער נאָכאַנאַנדיגער ארבייט פון אָט די צעהן, וועלכע שטעלען צו די ארבייטס-געצייג פאַר די 30 און די 60, דערגרייכט באַלד דער דאָזיגער אייגענטהימער אזוי ווייט, אז צוליעב די פערבעסערטע אגריקולטורעלע געצייג קענען זיך שוין 50 שקלאַפען פעלד-ארבייטער ספּראָווען מיט דער פּראָדוקציע פון לעבענס-מיטלען פאַר אַלע הונדערט. האָט ער, הייסט עס, איצט 10 פון אָט די 60 שקלאַפען, וואָס שטע-

העןֹ איהם גרייט, און זיי איז ער מצרף צו דער גרופע שקלאַ־פען, וועלכע גרייטען צו די ארבייטס־געצייג — וואס גרייכט שוין איצט אזויערנאַך ביז 20. דורך די פיעל קונציגערע און ווירקזאַ־מערע ארבייטס־געצייג פון יעדען סאָרט, וואס אַט די 20 פּראָדו־צירען, ווערט איצט אויך א סך איינבֿרענגליכער אי די פּראָדוקציע פון די 30 שקלאַפען, וועלכע שאפען די לוקסוס־זאכען פאר זיין פערזענליכען געברויך, אי די לעבענס־מיטלען־פּראָדוקציע פון די 50 אקערבוי־שקלאַפען. אין קורצען און אין קאסטען, אין קעלער און אין שייער נעהט איהם די שפע אזש אריבער; זיינע לוקסוס־גענוסען פערפיינערן זיך וואס אמאָל מעהר. פּורפּור, זייד און שמעקעדיגע לייוואַנט ליעגען פאר איהם אָנגעגרייט, און עס ווייזט זיך ארויס, אז דורך די פערבעסערטע אגריקולטורעלע אינ־סטרומענטען און מעטהאָדען קענען שוין 40 שקלאַפען סטייען אויף צו שאפען די מזונות פאר די הונדערט.

אַט די 10 שקלאַפען, וואס זיינען איהם פונדאַסניי פריי גע־וואָרען, טהיילט ער אפשר פונאַנדער: פינף פון זיי לאָזט ער זיך אָנשליסען אַן דער גרופע פון 30 שקלאַפען וואס ארבייטען אויף זיינע לוקסוס־בעדערפנישען, פאַרמירענדיג אַן אבטהיילונג פון לוט־שפיעלערינס און טענצערינס צווישען זיי; און מיט די אַנדערע פינף פערשטאַרקט ער ווידער די גרופע שקלאַפען, וואס פּראָדוצירען די ארבייטס־געצייג און ארבייטס־אינסטרומענטען, און וועלכע איז פון 10 איצט ארויפגעוואַקסען אויף 25. אָבער דורך די אַלץ קאָמפּ־ליצירטערע און פּראָדוקטיווערע ארבייטס־געצייג, וואס אַט די שאַ־פען, שוויבעלט עס איצט מיט די לוקסוס־מיטלען וואס די שקלאַ־פען, וועלכע ארבייטען אויף זיין פערזענליכען גענוס, גרייטען צו; און דער מאַן זעהט איין, אז ער קען נאָך אפילו א סך פערמעהרען און פערפיינערן אַט די לוקסוס־גענוסען, ווען ער טהיילט אַב 10 פון די 35 לוקסוס־שקלאַפען און שטעלט זיי אין דער גרופע פון די גע־צייג־ארבייטער, כדי זיי זאָלען אויף אַט דעם אינדירעקטען אופן שאפען וואס מעהר צאָהלרייכע גענוס־מיטלען פאר איהם. די דאָזיגע גרופע, לכתחילה פון צעהן, כאפט שוין איצט ארויף אויף 25 שקלאַפען. דער מאַן לאָזט בויערן, האמערן, וועלגערן, כסדר נייע מאשינען בויען; און ער געווינט דורך דער אַלץ שטייגענדער פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער ארבייט, אַלס רעזולטאַט דערפון, א וואס

אמאָל גרעסערע מאסע פון די דעליקאַטעסטע תענוגים, ווי אויך פון נויטהיגע לעבענס־מיטלען — שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס דורך דער פערמעהרונג פון די לעצטע, קריגט ער צו די מיטלען, ווי אַזוי צו לאָזען די צאָהל שקלאַפען גופא זיך בעדייטענד פערגרעסערען דורך פּריה ורביה, און צו פערטהיילען אַט די פערגרעסערטע שקלאַפען־צאָהל אין די פריהערדיגע דריי כתות.

צווישען יענע 100 שקלאַפען אָבער האָט זיך די צאָהל־פערהעלטנים פון די 30 שקלאַפען, וואָס האָבען לכתחילה פּראָדוּצירט לוקסוס־אַרטיקלען, די 60, וואָס האָבען געשאַפען לעבענס־מיטלען, און די 10 — ארבייטס־געצייג — איצט געביטען אַט אויף דעם אופן: 25 שקלאַפען, וואָס פּראָדוּצירען דירעקט לוקסוס־ארטיקלען; 40 דירעקט — לעבענס־מיטלען; און 35 — אר־בייטס־געצייג.

איהר זעהט שוין, הערר שולצע, אַז וואָס דער מאַן האָט אין דער אמת'ן געטהאָן, איז ניט געווען קיין „שפּאָרען", נאָר אַן ענדערן, אָהן אַן אָבשטעל, די ריכטונג פון דער פּראָדוּקציע, אַן איינפיהרען אַלץ אַ נייערע ארבייטס־צוטהיילונג, אַלץ מעהר ארבייטס־ענערגיע אָבצואווענדען פון דער דירעקטער פּראָדוקציע פון לוקסוס ארטיקלען און לעבענס־מיטלען צו זייער אינדירעקטער פּראָדוּקציע. ד. ה. צו דער פּראָדוקציע פון ארבייטס־געצייג, מאַשינען, מיט איין וואָרט: קאַפּיטאַל פּיקס (שטעהענדיגעס קאַפּיטאַל) מכל המינים. און וואָס מעהר ער האָט דאָס־אַ געטהאָן — וואָס אייך דוכט זיך הייסט „שפּאָרען" — אַלץ מעהר גענוס־מיטלען האָבען צו איהם צוגעשטראָמט.

עס איז דעם דאָזיגען מענשען געגאַנגען, ווי יוליע זאָגט וועגען איהר ליעבע צו ראָמעאָ: „וואָס מעהר איך גיב, אַלץ מעהר האָב איך". וואָס מעהר שקלאַפען ער האָט צוגעשטעלט צו דער דריטער גרופּע, וואָס איז בעשטימט אויף צו פּראָדוּצירען דאָס שטעהענדיגע קאַפּיטאַל, אַלץ מעהר גענוס־מיטלען האָט ער געהאַט, האָט ער פערברויכט און געקענט פער־ברויכען!

אָט דער מאַן, הערר שולצע, איז דאָס ממש'ע בילד פון דעם, ווי

אזוי די אייראָפּעאישע געזעלשאַפט און איהרע קאַפּיטאַלען האָבען זיך ענטוויקעלט.

איהר זעהט דאָך שוין מסתמא איצט, אז פון „וואוילטאָג־אָבזאָגען זיך“ און פון „שפּאָרען“ אפילו א פ ר ע מ ד ע ן ארבייטס־שכר איז דאָ גאָר קיין רעדע ניט געווען:

איהר זעהט צו דערזעלבער צייט איין, הערר שולצע, אז ווער עס זאָגט „צומהיילונג פון דער ארבייט“, זאָגט שוין פאר איין וועג — וואָס ווערט צו אָפט פערזעהען — „ג ע מ י י נ ש א פ ט ־ ל י כ ע, פ ע ר א י י נ י ג ט ע א ר ב י י ט“. און אז אָט די גע־מיינשאפטליכע, פעראייניגטע ארבייט און די קולטור און קאפּיטאַל־פאָרמירונג, וואָס האָבען זייער שורש אין איהר, האָבען לכתחילה א שטיק צייט בסדר געקענט געמאָלט זיין דוקא נאָר אין דער פאָרם פון ש ק ל א פ ע ר י י, אין דער פאָרם פון אונטערוואַרפונג און געצוואונגענער פעראייניגונג, דורכ'ן אָנזאמלען א פ ר ע מ ד ע ן ארבייטס־שכר.

כ'לעבען, ס'איז, הייסט עס, געווען א ג ל י ק וואָס די ש ק ל א פ ע ר י י איז געשטאַנען ביים וויעגעלע פון די ציוויליזירטע נאציאָנען.

אָבער צי געפינט איהר ניט איין, הערר שולצע, אז עס וואָלט שוין צייט געווען אמאָל צו מאכען א סוף מיט דער שקלאַ־פעריי אין די פערשיעדענע פאָרמען און גראַדען, וואָס עקזיסטירט נאָך אָבער אין איהר סאמע עיקר פּונקט ווי פריהער? אז עס וואָלט שוין אמאָל צייט געווען צו מאכען א סוף מיט'ן אָוועקנעה־מען פאר זיך א פרעמדען ארבייטס־שכר?

וואָס רייד איך, מאכען א סוף? נאָך ווייט! דער וועג וועט נאָך לאַנג זיין און די ענטוויקלונג נאָר בהדרגה'דיג. אָבער צי וואָלט שוין דערפאַר גופא ניט געווען די העכסטע צייט ווע־ניגסטענס צו מאכען די התחלה פון סוף?

ווי די מעשה איז, האָט איהר אָקאָרשט געזעהען ווי ווינציג די קאַפּיטאַלען זיינען לכתחילה ענטשטאַנען און האָבען זיך פערגרע־סערט דורך „שפּאָרען.“

ווילט איהר אָבער גאָר וויסען, ווי אזוי נייע קאַפּיטאַלען פאָרמירען זיך אין אזא ענטוויקעלטער געזעלשאַפט ווי די ה י י נ ־ ט י ג ע?

טאַ לאָמיר נעהמען קאָנקרעטעביישפּיעלען, הערר שולצע!
איך קויף אַ שטיק ערד פאַר 100,000 טאַלער. איך כאַפּ אָן דעם פאַל, וואו מיין קאַפּיטאַל ברייגגט מיר אריין 5 פּראָצענט, און איך גיב דאָס פּראָסט אוים אַלע יאָהר. „שפּאָר“ איך שוין גאַרניט. שפּעהנערס נאָך, איך גיב אוים אַלע יאָהר 2,000 טאַלער איבער מיין הכנסה; ברייגג איך שוין אוים, אַלזאָ, קריך אריין אין חובות. אָבער נאָך אַ משך פון צעהן יאָהר פערקויף איך דעם מאַיאָנטעק, און צוליעב דער וואקסענדער מאַסע און גערדיכטקייט פון דער בעפעלקערונג, און צוליעב דעם, וואָס די פּרייזען אויף תבואה אָדער בוי־פּלאַץ זיינען אזוי געשטיעגען דורך דעם, נעהם איך איצטער ארויס, לאָמיר זאָגען, 200,000 טאַלער פאַר דער שטיק ערד. בעצאָהל איך די 20,000 טאַלער חובות, וואָס האָבען זיך מיר אָנגעקליבען דורך די צעהן יאָהר אויסברייגגערישער הוצאה, און האָב נאָך אין האַנד אַ פּרישען קאַפּיטאַל פון 80,000 טאַלער. פון וואנען האָט זיך גענומען דאָס פּרישע קאַפּיטאַל פון 80,000 טאַלער? נו, עס איז זיך אזוי געוואָרען דורך די — געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען. עס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס אַ גרעסערע און גערדיכטערע בעפעלקערונג איז אויסגעוואַקסען אויף יענעם שטח. עס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס איצט מוז מען זיך אפשר נעהמען צו די וועניגער פרוכטבאַרע שטיקער לאַנד, וואו די פּראָדוקציע טראָגט אוים טהייער, כדי צו בעזאָרגען דאָס פאָלק מיט דעם נויטהיגען קוואַנטום לעבענס־מיטלען, און וואָס דער מאַרק־פּרייז פון תבואה מוז אויך פערגיטיגען די הוצאה פון דער תבואה פּראָדוקציע אויף אָט דעם אונפרוכטבאַרען לאַנד — מאַכט עס מיך בכח צו פערקויפען מיין תבואה אויך אויף די דאָזיגע געשטיעגענע פּרייזען.

עס האָט זיך אפשר גענומען פון דעם, וואָס דער געשטיעגענער פערמעגען פון אַ בעפעלקערונג דערביי פערשאַפט די מיטלען אָט דער בעפעלקערונג צו קענען ווירקזאַמער מיטקאָנקורירען ביים איינקויפען די דאָזיגע תבואה פּראָדוקטען, און אויף אַזאַ אופן העכערן זייער פּרייז; אָדער אפשר נעהמט זיך עס פון דעם, וואָס אין אַנאַנדער לאַנד איז אָבגעשאַפט געוואָרען דער גרענעץ אָבצאָהל אויף אריינגעפיהרטען קאָרן, און דאָס ברייגגט צו דעמזעלבען רעזולטאַט.

מיט איין וואָרט, עס האָט זיך גענומען פון אַלץ אין דער וועלט — נאָר ניט פון מיין אַרבייט און פון מיין „ש פּ אָ ר ע ן."

אַניט כאַפּ איך אָן דעם פאַל, וואו איך האָב ביים בויען די קעלן־מינדענער אייזענבאַהן אַריינגעטהאָן 100,000 טאַלער אין אַקציעס צום נאָמינעלען פּרייז 100 אויף 100. איך האָב אַזוי זיך ניט אָנגעהויבען צו קימערן וועגען דער דאָזיגער אייזענבאַהן, אָבער יאָהרען, יאָהרען לאַנג האָב איך מיר געצויגען פון מיין קרן, פריהער 5 פּראָצענט, דערנאָך 8, דערנאָך 10, נאָכהער 12, און דערנאָך 13 פּראָצענט, אַלזאָ, אמת'דיג ריעזיגע דיווידענדען; און איך האָב ניט געשאָנעוועט און דאָס אַלץ אויסגעגעבען ביז דער לעצטער פּרוטה. איצט פערקויף איך אָט די קעלן־מינדענער אַקציען. נאָכ'ן קורס־צעטעל נאָך, שטעהען זיי 175 — האָב איך איצט אַריינגע־כאַפּט אין האַנד אַ פרישען קאַפּיטאַל פון 75,000 טאַלער, און איך זאָל דאָס נאָך האָבען ווען „אָנגעזאַמעלט און געשפּאָרט" כאָטש אַ פּרוטה „פון מיין הכנסה".

ווי אַזוי האָט זיך ג ע נ ו מ ע ן אָ ט ד אָ ס פ ר י ש ע ק אַ פּ י ט אַ ל? פון די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע צ ו ז אַ מ ע נ ־ ה אַ נ ג ע ן, הערר שולצע!

דער פּערזאָנען־פערקעהר איז געשטיגען, פראַכט־פערקעהר איז געשטיגען; דורך דער ערפינדונג פון אַן ענגלישען אינזשע־ניר זיינען די הוצאות פון אָפּערירען די אייזענבאַהן אפשר קלע־נער געוואָרען — בקיצור, אַ דאַנק אַלע געזעלשאַפטליכע צוזאַ־מענהאַנגען, נאָר ניט, דורך מ י י ן אַרבייט און דורך מיין „ש פּ אָ ־ ר ע ן", שטעלט מיט זיך באמת איצט פאָר דער גרויסער קאַפּיטאַל־אַריינלאָג, וואָס הייסט קעלן־מינדענער אייזענבאַהן, און ממילא אויך יעדע טייל פון איהר (אַקציע) — אַ לפי ערך גרעסערען ווערטה, ווי פיעל זי ענטהאַלט נאָמינעל.

און איהר בעמערקט שוין מסתמא, הערר שולצע, אַז אויף אָט אַזאַ'ן אופן, שלאָגט מען זיך צו דורך קעלן־מינדענער אייזענבאַהן־אַקציעס צו פ ר י ש ע ק אַ פּ י ט אַ ל ע ן, — דאָס האָט איהר געמוזט וויסען! אייער גאַנצער קרייז בעקאַנטע איז פון דעם רייך געוואָרען: פון דער קעלן־מינדענער, און פון דער אויבער־שלע־

זישער 'Littera A און פון דער איבער־שלעזישער 'Littera B און פון דער מאַגדעבורג־האַלבער שטעדטער,* און ווי זיי הייסען דאַר־טען אַלע; אין וועו, אָדער, [בעסער געזאָגט,] כאָטש, איהר מעגט נאָך ווינציגער וויסען פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע ווי אַן ערשט געבוי־רען עופה'לע — אָבער דאָס האָט איהר [נאָך] געמוזט וויסען, וואָרים איהר האָט אַכציג מאָל געהערט שמועסען פון דעם אין די קרייזען פון אייער בעקאַנטע!

ווען איהר זאָגט, אַלזאָ, פונדעסטוועגען (ז. 25): „קאַפּי־טאַל איז אין יעדען פאַל דער דירעקטער רעזולטאַט פון שפּאָרען. עס ענטשטעהט נאָר, ווען איינער פערוועגדעט ניט זיין גאַנצע איינקונפט אויף צו בעפריעדיגען זיינע מאָמענטאַנע בעדערפנישען, נאָר לעגט אַ טהייל דערפון אָב, און ווען איהר זעצט פאָרט ווייטער און בעטאָנט: „אַנדערש קענען בכלל קיין קאַפּיטאַלען ניט צושטאַנד קומען" שליסט איהר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אוים די מעגליכקייט, מען זאָל דענקען וועגען אייך, אַז איהר גלויבט בנאמנות אין דעם וואָס איהר זאָגט!

עס איז ניט קיין מוז פאַר יעדען איינעם זיך קלאָר פאַרצושטע־לען די נפקא מינה צווישען דער פאַלקס־ווירטהשאַפטליכער בע־דייטונג און דער פּריוואַט־ווירטהשאַפטליכער בעדייטונג פון קאַפּיטאַל, און נאָך ווענינער — זיך שטרענג צו האַלטען ביי דער דאָזיגער נפקא מינה אין אַלע ווייטערע אונטערזוכונגען אין בע־זונדערע פעלע.

עס איז ניט דווקא קיין מוז פאַר יעדען איינעם זיך קלאָהר צו מאַכען די נאָך מעהר פערוויקעלטע פראַגע, פאַרוואָס אַ בשמים־קרעמער אפילו פון דעליטש, וואָס לעגט אוועק 500 טאַלער פון זיי־נע טויזענד טאַלער פערדיענסט, קלייבט דערמיט אָן אַ פרעמ־דען ארבייטס־שכר; וואָרים יעדע פּראָדוקטיוויטעט פון קאַ־פּיטאַל שטיצט זיך היינט צו טאָג דאַרויף, וואָס ביי דער ריינער פּראָדוקציאָנס־אונטערנעהמונג ווערט דעם ארבייטערס ארבייטס־שכר געזאַמעלט פונם אונטערנעהמער. און דעריבער, מוז קאַ־

* הפּנים נעמען פון אייזענבאַהנען. א. א. ר.

פיטאל, אום בכלל צו זיין פראדוקטיוו, אנהאלטען דיזעלבע פראָ־דוקטיוויטעט, אבווארפען פונקט אזא רווח ביי אלע אנדערע גע־זעלשאפטליך נויטיגע אונטערנעהמונגען, וואו קאפיטאל ווערט אריינגעטהאָן, ווי ביי דער רייגער פּראָדוקציאָנס אונטערנעהמונג, ווארים אניט וואלטען זיך דאך ניט געפונען קיין קאפּיטאלען פאר זיי.

מילא פאר דעם אלץ, און נאך א סך אנדערע זאכען, איז מען אייך מוחל צוליעב אייער עם הארצות.

אָבער וואָס איז נוגע דעם קעלן־מינדענער ענין, אז דאס האָט איהר יאָ געוואוסט, קען קיין שום ספק ניט זיין!

פון די מיליארדען, מיט וועלכע מען האָט זיך אויף אָט דעם שטייגער אנגעשאָטען אין אייראָפּא פאר די לעצטע צעהן, צוואנציג יאָהר, האָט איהר יאָ געוואוסט.

אויב אפילו, איהר מיט אייער אונקלאָהרען קאפּ האָט זיך גע־קענט פאָרשטעלען, אז די קאפּיטאלען קומען צושטאנד אויך דורך „שפּאָרען", האָט איהר אָבער, על כל פּנים, געוואוסט אז זיי פאר־מירען זיך אויף אנאנדער אופן אויך. נו, און אז איהר זאָגט פונדעסטוועגען, כדי איינצופּלאנצען אין דעם ארבייטער די נויט־היגע פערעהרונג פאר דעם שטילען מארטירערטהום פונ'ם קאפּי־טאליסט, און איהם דורכצונעהמען מיט דעם רעליגיעזען גלויבען אין דער כשר'קייט פון די היינטיגע ווירטהשאפט־צושטענדע, און כדי דעם ארבייטער ניט צו לאָזען זיך ארויסכאפּען מיט דער געפעהר־ליכער פראגע, אויף ווי ווייט קאפּיטאל איז עפּעס ענטשטאנען אויף דעם אופן, און אויף ווי ווייט עס איז ענטשטאנען אויף יענעם אופן — ווען איהר זאָגט דערפאר, אז קאפּיטאל ענטשטעהט „אין יעדען פאל" נאר דורך דעם וואָס איינער „פערוועגדעט ניט זיין גאנצע איינקונפט אויף צו בעפריעדיגען זיינע בעדערפ־נישען", אלזא, „א טהייל דערפון לעגט ער אָב", און איהר זייט נאך ווייטער מוסיף: „אנדערש, קענען בכלל קיין קאפּיטאלען ניט ענטשטעהען" — אויב אזוי, האָט איהר — עס העלפט קיין שום זאך ניט, הערר שולצע, איך מוז עס אייך זאגען; דער אמת איז ליעבער ווי אלץ! — טאָ האָט איהר גאנץ גוט גע־וואוסט, אז איהר זאָגט ליגען!

און דערמיט, וואָס איהר האָט פּאַר אַרבייטער געזאָגט ליגען, פּאַר אַן עולם וועמעס אַלע לעבענס־אינטערע־סען, צוזאַמענגענומען, הענגען אָב פון אָט דער פראַגע, און וואָס בעזיצט, צו דערזועלבער צייט, ניט די נויטהיגע „בילדונג" אויף צו קענען זיך קלאָהר מאַכען און אָבשלאָגען אייערע פערפיהרערישע שליסע — איז קוואַליפיצירט איהר זיך שוין דערמיט אַליין פּאַר א גאַנץ בעוואוסטזיניגען ב — — — ; איך וויל דאָס וואָרט ניט אויסשרייבען, אָבער נאָר דערפאַר ניט אויסשרייבען, מחמת איך וויל האָבען דעם נחת רוח אז דער פאָלקס־געווי־סען אַליין זאָל אונטערזאָגען דעם נאָמען, וואָס איז אויף אייך ווי אָנגעמאָסטען!

און בעמערקט כאָטש, הער שולצע, אַז איןביידע פעלע, וואָס איך האָב אָנגעכאַפּט און וואָס זיינען אייך גאַנץ גוט בעקאַנט, און עהנליכע צו זיי קומען פאַר טאָג־טעגליך, אי אין דעם פאַל פון דער שטיק לאַנד, אי מיט די קעלן־מינדענער אַקציעס, איז גאָר קיין שום „איבערטראָגונג פון קאַפּיטאַל" ניט פאָרגע־קומען, אי דעם זין, ווי איהר זייט דאָס מסביר אין דער סעקציע „ג., איבערטראָגבאַרקייט פון קאַפּיטאַל" (ז. 26 און 27).

איהר זאָגט, דהיינו, דאָרטען גופא, כדי בעסער צו פערשטומ־פיגען די אַרבייטער: אודאי זעהט מען אָפּט מענשען, וואָס פער־מאָגען אַ גרויסען קאַפּיטאַל און האָבען קיינמאָל ניט געאַרבייט, קיינמאָל ניט געשפּאָרט, אָבער דאָס ווידערשפּרעכט ניט אייער קאַ־פּיטאַל־ערקלערונג. וואָרים צו די־אַ לייט איז דער קאַפּיטאַל גראָד „איבערגעטראָגען" געוואָרען פון אַנדערע. פון אַזעלכע מינים איבערטראָגונגען רעכענט איהר אויס אַזאַ צעטעל: ירושה, שענקונג, שפּיעל, שווינדעל, רויב, גנבה, און קניפּט דאַ צו דעם דאַ־זיגען זאַץ; (ז. 27): „אַז אָבער דורך די אַלע ערלויבטע און ניט ערלויבטע סאָרטען, געהט נאָר איבער אַ שוין גע־שאַפענעם קאַפּיטאַל פון איין האַנד אין דער אַנדערער, און באין אופן אָבער, ווערט דאַ ניט פּראָדוצירט אָדער געשאַפען קיין קאַפּיטאַל אָדער פערמעגען בכלל, אַז דאָס דאָזיגע קען גיכער, איין מאָל פּאַר אַלע מאָל, געמאָלט זיין נאָר דורך אַרבייטען

און שפּאַרען — דאָס וועט מסתמא יעדען איינעם קלאָהר זיין שוין פון דעם פריהערדיגען".

און נאָך אָט דעם טריאומפירענדען זאַץ זייט איהר זיכער, אַז איהר האָט אין דעם מארך פון אייערע ארבייטער שוין פערשטאָפּט גאָר די לעצטע לופט-עפענונג, דורך וועלכער עס האָט נאָך געקענט אריינבלאָזען אַ פרישער לופט-צוג פון פערשטאַנד! אָבער, הערר שולצע, אין דעם פריהערדיגען ביישפּיעל מיט דעם פרישען קאַפּיטאַל פון די 75,000 טאַלער, וואָס איך האָב געקראָגען ביי די קעלן-מינדענער אקציעס, האָב איך ניט געארבייט און ניט געשפּאָרט. איך האָב אויך ניט בעשווינדעלט, אָדער בעראַבעוועט אָדער גע-גנב'עט. דער שטאַטס-אַנקלעגער קען מיך דאָ איבערהויפּט בשום אופן ניט אָנגרייפען. עס האָט מיר אויך קיינער דאָס ניט אוועק-געשענקט אָדער געלאָזען בירושה. איך האָב אויך ניט געשפּיעלט, און אויף אַזאַ'ן אופן זיך געמאַכט פאַר אייגענס אַ ווערטה, וואָס אַנאַנדערער האָט שוין געזעצליך פערמאָגט פאַר מיר. וואָרים איהר וועט דאָך אודאי בעמערקען, הערר שולצע, אַז איך האָב אין יענעם פאַל ניט גערעדט וועגען ספּעקולאַציעס און בערזען-שפּיעל. נאָר עס איז דאָרטען באמת און ממשות'דיג ענטשטאַנען אַ נייער קאַפּיטאַל-ווערטה. צוליעב דעם פערגרעסערטען פערקעהר, דער פערקלענערטער געשעפט-הוצאה, א. אַז. וו., איז איצט די גאַנצע קעלן-מינדענער אייזענבאַהן, ארום און ארום גענומען, און במילא יעדער חלק דערפון — אין דער אמת'ען ווערטה מעהר. אָט דעם נייעם קאַפּיטאַל-ווערטה האָט קיינער פאַר מיר ניט געהאַט אַלס געזעצליכער בעזיצער; האָט עס מיר ממילא שוין קיינער ניט „איבערגעטראָגען"; צו דערזעלבער צייט, ווידער, האָב איך ניט געשפּאָרט און ניט געארבייט. טאָ פון וואַנען-זשע קומט אָט דער נייער קאַפּיטאַל-ווערטה? די זאַך איז דאָך באמת וואונדערליך! מען וואָלט געקענט מיינען אַז עס איז פון הימעל אַראָבגעפאַלען!

אָבער אפשר וועט איהר דאָ ווערען אש להבה, הערר שולצע, און אויסשרייען: „דומקאָפּ איינער! צי זעהט איהר דען ניט אַז דער דאָזיגער קאַפּיטאַל-ווערטה איז געשאַפען געוואָרען דורך די קעלן-מינדענער אייזענבאַהן-ארבייטער און

די אַלע איבעריגע גרופּען אַרבייטער, וואָס האָבען צוזאַמען מיט יענער געציעלט אויף דעמזעלבען רעזולטאַט; און איז איבערגעטראָגען געוואָרען צו אייך אַלס בעזיצער פון די אייזענבאַהן־אַקציעס?" איי, זעה איך דאָס, הערר שולצע, נאָך וואָס פאַר אַ זעהען! און איך לעג דאָך דאָס לעבען די גאַנצע צייט צו מאַכען אייך זעהענדיג! אַז איהר אָבער ווייסט אויך דערפון, נו, איז שוין דעם דריטען מאָל אַראָבגעריסען די מאַסקע פון אייך!

וואָרים יעמאָלט, ווייסט איהר דאָך אַלצדינג, וואָס איך האַלט אייך אין בעווייזען! דאַן, הייסט עס, ווייסט איהר דאָך, אַז די דאָזיגע איבערטראָגונג איז ניט קיין פרייע — וואָרים יענע אַרבייטער האָבען מיר אָסור געוואָלט איבערטראָגען עפּעס — אַז עס איז בכלל ניט קיין געזעצליכע „איבערטראָגונג", וואָרים יענער קאַפּיטאַל־ווערטה האָט פאַר מיר קיין אַנדער געזעצליכען בעל הבית ניט געהאַט, ווי עס איז דער פאַל ביי גזילה, גנבה אָדער ביים שפּיעלען — אלא וואָדען, דאָס איז פּשוט די עקאָנאָמישע „איבערטראָגונג" דורך דעם היינטיגען פּראָדוקציאָנס־אָנגאַנג, און זי בעשטעהט דאַרין, וואָס זי ברייננגט־צו דעם קאַפּיטאַליסט דעם אַרבייטס־שכר פון'ם אַרבייטער.

אויב אַזוי, ווייסט איהר אַלץ, אַלץ איבער וואָס מיר קריגען זיך! דאַן ווייסט איהר, אַז אַלץ מיטאַנאַנדער וואָס איהר דערצעהלט דאָ די אַרבייטער איז פּונקט פאַרקעהרט.

איך האָב אייך איצט בעוויזען, הערר שולצע, און דריי און פיער מאָל בעוויזען, פון וואָסער אַ „שפּאָרען" און פון וואָסערע „קרבנות" מצד אונזערע קאַפּיטאַליסטען די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַלען זיינען דאָס דער פּראָדוקט.

אָבער איך קען ניט פערענדיגען אָט די אָבטהיילונג, אַוואַו איך זאָל ניט דערמאָהנען דעם קלאַסישען סך הכל, אין וועלכען אייערער אַ געראָטענער תלמיד האָט מייסטערהאַפט צונויפגענומען אייער גאַנצע קאַפּיטאַל־טעאָריע! אויב פריהער האָבען מיר אייך בעוואונדערט אַלס פּסאַלמיסט און דאָס מיינט אַלס סאַלאָזינגער, וועלען מיר זיך ניט אָבזאָגען פון דעם תענוג נאָך צו־

הערען א שטיקעל ד ו ע ט אויף, וואס איהר האט געזונגען מיט יע־
נעם גערעטענעם תלמיד, און צו פערוואנדלען עס אין א קרעפטי־
גען ט ע ר צ ע ט, דערמיט וואס מיר וועלען עס בעגלייטען מיט
אונזער שטימע.

עס איז אלזא געווען ביי דער זיצונג פון אייער בערלינער אר־
בייט־פעראיין פון 4טען דעצעמבער 1863, וואו דער דאזיגער דועט
איז אויפגעפיהרט געווארען.

איינינע ארבייטער האבען אויסגעדריקט די מיינונג, אז דער
ארבייטער־פעראיין וואלט שוין געמעגט פון דער „בילדונג", וואס
איז זיי שוין דורך שולצע'ס קאטעכיזם גאנץ גענוג צוגעקומען,
איבערגעהן צו זוכען עפעס א מיטעל, וואס זאל פערבעסערן די
מ א ט ע ר י ע ל ע לאגע פון די ארבייטער, און, ממילא שוין, פון
דעם א ר ב יי ט ס ־ ל ו י ן.

דא שפרינגט ארויף אויף דער פלאטפארם אייער תלמיד און
אדיוטאנט, דער ליבעראל־אבגעארדנעטער, הערר פאוכער, (אלץ וואס
קומט ווייטער איז ווארט פאר ווארט ארויסגענומען פון דער „בער־
לינגער רעפארם"—א בלאט וואס איז גאר אינטים בעפריינדעט מיט
הערר שולצע — פון 6טען דעצעמבער 1863) און לאזט זיך פונאנדער
בזה הלשון: „... נעבען דעם בערעכטיגטען ארבייטס־לוין שטעהט
א פונקט אזוי גוט בערעכטיגטער פאקטאר; דאס איז דער קא־
פיטאל־צינז.* אט דער צינז איז ניט מעהר ווי דער שכר פאר איינ־
געהאלטענקייט. א־יעדער וואס זאמעלט אן קאפיטאל האט זיך
פארגענומען אבצוקומען.** ער האט די מיטלען, וועלכע ער האט
זיך ערווארבען, ניט פערברויכט, נאר אריינגעלעגט זיי אין פערבע־
סערטע ארבייטס־געצייג, צוגעגרייטע סחורות וכדומה, און אזוי האט
זיך איהם איינגעגעבען צו ווערען א בעל הבית איבער קאפיטא־
לען, וואס זיינען פאר דער טובה פון כלל. דערפאר וואס ער גיט
צוועק די פרוכט פון זיין איינגעהאלטענקייט זיינע אבשפארונגען,

* „צינז" — אויך אין אריגינאל צינז — ווערט דא בענוצט אין זין
פון „פראצענט". דאס אלטע אידישע ווארט „צינז" ווערט געוועהנליך בע־
נוצט פאר שטייערן וואס א רעגירונג לעגט ארויף אויף'ן פאלק אדער
אויף אנאנדער אונטעריאכטער רעגירונג. א. א. ר.

** „האט זיך ע נ ט ב ע ה ר ו נ ג ע ן אויפערלעגט".

מוז ער בעלוינט ווערען, און דאָס געשעהט דורך דער צאָהלונג פון פּראָצענטען, וואָרים אָט דאָס אָבקומען איז ווערטה אזוי פיעל, און אָפּט נאָך מעהר, ווי די ארבייט גופא. עס שיקט זיך דעריבער ניט, אז דער ארבייטס־לוין זאָל געהערט ווערען אויפ׳ן חשבון פון דעם אָבקומעניש־לוין“.

נו, ווי געפעלט איך!! הייסט עס, אז דער קאַפּיטאַל־פּראָפיט, (וואָרים אגב, העד פּאוכער, ווען דער ארבייטער פאָדערט א הוספה אויפ׳ן ארבייטס־לוין, שטעלט ער זיך ניט דירעקט אנטקעגען דעם קאַפּיטאַל־צינז אלס אזעלכען, נאָר אנטקעגען דעם קאַפּיטאַל־פּראָפיט — אונטערנעהמער־פּראָפיט — פון וועלכען דער קאַפּיטאַל־צינז איז נאָר א בעשיידענער טהייל,) דער קאַפּיטאַל־פּראָפיט, הייסט עס איז דער „שכר פאר אָבקומען“!!

און דאָ געהט תיכף ארויף אויף דער פּלאַטפאָרם, העד שולצע־דעליטש בכבודו ובעצמו [און זאָגט]: „פון דעם נאַר־וואָס געהערטען רעפעראַט, וואָס העדר פאוכער האָט געהאַלטען, קען מען קלאָהר ארויסזעהען די נויטהיגקייט פון מאַכען א לאַד אין די רעפעראַטען, לויט א געוויסען פּלאַן. וואָס מען האָט איך נאַר־וואָס געזאָגט, איז דער אלף בית פון אלץ, וואָס איך האָב אייך, דאַכט זיך מיר, אויספיהרליך קלאָהר געמאַכט אין מיינע רעפעראַטען“.

איך מיין עפעס, העד שולצע, אז עס איז ווי איהר זאָגט! דער „אָבקומעניש־לוין“ איז, ווי מיר האָבען דורך דער אויספיהרליכער בעטראַכטונג פון אייערע לעהרען געזעהען, בלויז דער פערשפּיצטער, שטרענגער סך הכל פון אייער תורה אין איין איינציגען וואָרט. אָבער טאַקי דערפאַר — איז שוין אזוינס געהערט געוואָרען. צי האָט מען אזוינס געהערט!!!

דער קאַפּיטאַל־פּראָפיט איז דער „אָבקומעניש־לוין“! ס׳אַראַ גליקליך וואָרט, א וואָרט וואָס איז גאָר ניט אָבצושאַצען! די אייראָפּעאישע מיליאָנערען — אסקעטען, אינדישע בעלי תשובה, זיילען־הייליגע,* וואָס שטעהען אָב אויף איין פוס אויף א זייל, און

---

* א סעקטע מאָנאַכען וואָס האָט עקזיסטירט פון 5טען ביז׳ן 12טען יאָהרהונדערט און וועמעס עובדא עס פלעגט זיין זיך אָנצוטהאָן סגופים ווי

מיט אַן אויסגעבויגענעם אָרעם און אויבער־קערפּער און אַ בלאַ־ סען פּנים'על, שטרעקען זיי אויס אַ טעלער כדי צו זאַמלען דעם שכר פאַר זייער אָבקומעניש! אין מיטען און הויך איבער אַלע זיינע חברים בעלי תשובה, שטעהט אַרויס אַלס הויפּט בעל תשובה און נזיר, דער שעף פון דער ראָטהשילד־פירמאַ! אָט דאָס איז דער צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט! ווי אַזוי האָב איך דאָס נע־ קענט זיין אַזוי בלינד און עס ניט זעהן!

מילא, וואָלט דאָס נאָך כאָטש אַנאַנדערער געזאָגט, אָט אַ שטייגער אַ באַנקיר! אָבער איהר, וואָס פאַר אַ זולל וסובא, וואָס פאַר אַ גע'שמד'טע האַ.., איהר האָט דאָס געמוזט זיין, הערר פּאָבער! וואָרים מיינע פריינד דערצעהלען מיר, אַז איהר האָט גאָר קיין קאַפּיטאַל ניט, און אַ מיטעלמעסיג רייכער באַנקיר וואָלט גאָר ניט אַוועקגעגעבען דאָס געלד, וואָס ער איז געוואוינט צו בע־ צאָהלען פאַר אַן אַנשטענדיגען מאָהל־צייט, כדי איינצוהאַנדלען דער־ פאַר דעם יעהרליכען „אָבקומעניש־לוין“ (הכנסה פון קאַפּיטאַל) וואָס איהר ציהט!

און וואָסערע עולם הזה'ניקעס און אויסבריינגער אָט די אַר־ בייטער מוזען דאָס פּאָרט זיין, וואָסערע דאַטשעס, זומער־וואוינונגען און מעטרעסען זיי מוזען דאָס האָבען, און ס'אַרא הוליאַנקעס זיי מוזען דאָס פּראַווען, אַז זיי זאָלען גאָר קיין ברעקעל אָבקומעניש־ לוין ניט קענען ציהען!

נאָר שפּאַס אָן אַ זייט, וואָרים עס איז אונמעגליך אָט דאָ צו שפּאַסען; און אַפילו דער ביטערסטער שפּאַס סטאַיעט דאָ ניט, און מוז זיך פערוואַנדלען פון זיך אַליין אין אַן אויסברוך פון אָפּע־ נער ענטריסטונג! ס'איז שוין צייט, ס'איז שוין צייט איבערצו־ האַקען די שטימען פון אָט די קאַסטראַטען* מיט דעם דונערנדען

* מענער וואָס מען האָט געמאַכט פאַר סריסים, בעת זיי זיינען גע־ ווען קינדער, כדי זיי זאָלען ניט פערלירען זייער סאָפּראַן־שטימען. לאַסאַל'ס אָנשפּיעל איז אַלזאָ אַ טאָפּעלער. א. א. ר.

---

לעבען אויף די שפּיצען פון הויכע זוילען, שטעהען אויף איין פוס, וכדומה. א. א. ר.

גראָבען באָם! צי האָט מען שוין אזוינס געהערט — בעת מיט'ן קאַפּיטאַל־פּראָפיט האַלט עס ווי מיר האָבען שוין גאַנץ גענוג ג ע־ צ י י ג ט און וועלען נאָך גרינדליכער צייגען; בעת קאַפּיטאַל איז דער שוואַם, וואָס זויגט אויף אין זיך דעם גאַנצען ארבייטס־שכר און אַרבייטס־שווייס, און לאָזט איבער פאַר די ארבייטער נאָר די הוילע שטיקעל עקזיסטענץ, האָט מען דעם מוטה די ארבייטער אָנצוגעבען דעם קאַפּיטאַל־פּראָפיט פאַר'ן „אָ ב ק ו מ ע נ י ש ־ ל ו י ן“ פון קאַפּיטאַליסטען, בעלי תשובות, וועלכע טהוען זיך אָן סגופים?! אַרבייטער, אָרימע ארבייטער, שמאַכטענדע ארבייטער האָט מען דעם מוטה צו ווארפען בקול רם אין פּנים אריין אָט אזא שפּאַס, וואָס האָט קיין שיעור ניט, אָט אזא שטעכיגע לצנות!? צי איז שוין גאָר אויף דער וועלט קיין געוויסען ניטאָ; און וואוהין איז די חרפּה אוועק? — צו חיות?

און אויף אַזוי וויט האָט זיך שוין איינגעגעבען צו פ ע ר־ ש ט ו מ פּ י ג ע ן און צו ע נ ט ק ר ע פ ט י ג ע ן* דאָס פאָלק, אז די ארבייטער אַליין, אָנשטאָט אויסצוברעכען אין אַ שטורם פון פּראָטעסט, הערען זיך גערולדיג צו צו דער־אָ אָפענער לצנות. פאַר־ וואָס האָט דאָס געזעץ קיין שטראָף ניט פאַר אזא מין זאַך? צי איז די סיסטעמאַטישע פערטעמפּונג פון דעם פאָלקס־גייסט שוין גאָר קיין פערברעכען ניט?

די ו ו ע ל ט־געשיכטע ווייס ניט פון אזא צרה'דיגע, אזא גלחישע צבוע'יאַצטוואָ ווי די־אָ! די גלחים פון מיטעלאַלטער האָבען כאָטש, בעת זיי האָבען ארומגערעדט די אונגלייכהייט צווישען די רייכע און די אָרימע, לכל הפּחות געגעבען די פריינדליך טרייס־ טענדע האָפנונג, אז אָט די אונגלייכהייט וועט זיך דאָרטען אויבען אויף יענער וועלט אויסגלייכען און פערגיטיגט ווערען. זיי האָבען כאָטש וועניגסטענס אנערקענט, אז אָט די דריקענדע אונגלייכ־ הייט איז פאַרהאַן, און איינגעזעהען די גערעכטיגקייט פון אַ ש פּ ע־ ט ע ר ד י ג ע ר פערגיטיגונג!

א י ה ר, אונפערגלייכליכער צבוע'יאַק, איבערטרעפסט אַלץ וואָס די גלחישע צבוע'יאַצטוואָ פון מיטעלאַלטער האָט בעוויזען!

---

* „ענטמאַננונג“.

איהר, גראד קאפויר, מאכט די עולם .זזה און בענעפיטען וואס די רייכע געניסען, פאר גערעכטע פערגיטי־גונג פאר דער אבקומעניש און די קרבנות, וואס זיי האבען זיך פארגענומען אויף דער וועלט!!

אבער, הערר שולצע, אויף אלץ קומט א צייט. אלץ ווערט אבגעגעבען שוין דא אויף דער וועלט, און עס וועט קומען דער טאג, ווען דאס עפענטליכע געוויסען וועט בראנדמארקען אייך מיט אייער צבוע'יאצטווא און אייערע יוצר משרתים, מיט אייך, אט ווי איהר פערדיענט –

מען וועט אייך אויסברענען דאס ווארט „אבקומעניש־לוין" אויפ'ן שטערן!

## ד. קרעדיט און קאפיטאל־רענטע.

איך קען, און מוז, עס איצט מאכען גיכער מיט אייך, הערר שולצע. איך קען — ווייל מיר האבען איצט אייער פאליטיש־עקאנאמישע בקיאות קענען געלערנט, און אלץ וואס קומט ביי אייך נאכהער איז בלויז אן איבער'חזרונג און א ווייטערעס צושמירען פון דערזעלבער פלוידעריי. איך מוז — ווייל א־ניט געה איך ווייט אריבער דעם גרענעץ, וואס איז בעשטימט פאר אט דער שריפט. איך קען עס אבעד, אויך טהאן צוליעב דעם, וואס יעדער, וועלכער האט ביז אהער געלייענט מיט ערנסט און פערשטענדיגקייט, ווערט שוין דורך דעם ממילא ארויפגעפיהרט אויף א וועג, וואס פון דאנען, אויב ער זאל ווייטער לייענען אין אייער בוך פאר זיין אייגענער אמוזמענט, וועט ער שוין זיין ביכולת אליין אבשטעלען אייער ווער־טער קוואטש, אין וועלכען איהר פארבאהאלט אייער פאלשטענדיגע גערדאנקענלאזינקייט און עם הארצות, און ארויסבעקומען דעם קערן פון דער דאזיגער גערדאנקענלאזיגקייט און עם־הארצות — דעם אונזין.

איך בעטראכט נאך, אלזא, נאר אזוי קורץ ווי מעגליך, די הויפט־פונקטען.

אין אט דער אבטהיילונג ווילט איהר עקאנאמיש ערקלערען די „קאפיטאל־רענטע", דאס הייסט, אלזא, די פראדוקטיווי־

טעט פון קאַפּיטאַל. און דאָס טהוט איהר אויף באַס־טיאַ'ס שטייגער דערמיט, וואָס איהר (ז. 29) ערקלערט דעם קאַ־פּיטאַל צינז אַט ווי: „וואָרים קאַפּיטאַלי־צינז איז ניט מעהר, ווי דער קויף־פּרייז פאַר דעם נוץ אָדער געברויך פון אַ זאַך אין משך פון אַ בעשטימטער צייט".

בקיצור הדבר: איהר בעהאַנדעלט די דאָזיגע פראַגע ווידער אויף יענעם קרומען אופן, גלייך ווי עס וואָלט זיך דאַ געהאַנדעלט וועגען עפּעס, וואָס קומט פאַר צווישען אונטערנעהמער און אונטער־נעהמער, צווישען קאַפּיטאַליסט און קאַפּיטאַליסט, וואָס הויבט זיך גאָר ניט אָן, וואָרים די פראַגע שטעהט גיכער צווישען קאַפּיטאַליסט און אַרבייטער.

עס איז שוין גענוג אַז מען האַלט דאָס אין זינען, און עס איז גאָר ניט כדאי דאָס ווייטער אַרומצורייד׳ען. וואָרים דאָס האָט שוין ראָדבערטוס אויספיהרליך און מייסטערהאַפט געטהאָן אין זיין דריטען סאָציאַלען בריעף געגען די הערען באַסטיאַ־שולץ, * וואָס איז שוין ערשיענען מיט דרייצעהן יאָהר צוריק (1851) — אַ פונאַנדערלעגונג פון דער פראַגע, וואָס איטליכער קען דאָך נאָכזעהען.** אָבער איהר האָט דאָס ענטוועדער ניט געלייענט אָדער ניט פערשטאַנען — הגם איך קען אַרביטער, וואָס האָ־בען דאָס פאָלקאָם פערשטאַנען — און אַזוי־זשע שענקט איהר דעם אינהאַלט פון דער דאָזיגער בריליאַנטענער און עפּאָכע־מאַכענדער קריטיק די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט ניט, און האַלט עס פאַר איינפאַכער און הפנים אויך פיעל זיכערער דאָס ניט אָבצושלאָגען אַפילו מיט קיין איין וואָרט!

דער קאַפּיטאַל־צינז, הערר שולצע, צי גערעכט, צי ניט, קען גאָר בכלל ניט ערקלערט ווערען אויף דעם אופן ווי איהר האָט עס פּרובירט טהון, אַלס אַ לכתחילה זעלבסטשטענדיגע ערשיינונג. עס איז אַן אָבגעצווייגטע ערשיינונג, [אַ תולדה,] ווי איהר שיינט עס ווען־ניט־ווען איינצוזעהען, און באַלד אָבער אין

---

* אַ בעריהמטער פראַנצויזישער היסטאָריקער און שטאַאַטסמאַן, וואָס איז געבאָרען געוואָרען ביי דער ענדע פון 18טען יאָהר־הונדערט. א. א. ר.

** דריטער סאָציאַלער בריעף פון ראָדבערטוס. בערלין 1851, ז. 101—111.

אייער געוועהנליכער געדאנקענלאָזיגקייט, לאָזט איהר דאָס ווידער אָב פון אויג — אָבגעצווייגט, נעמליך, פון דעם פּראָפיט, וואָס דער קאַפּיטאַל וואַרפט אָב אין די הענד פון דעם דירעקטען פּראָדוקציאָנס־אונטערנעהמער. היות ווי קאַפּי־טאַל אין די הענד פון דעם אונטערנעהמער איז פּראָדוקטיוו, מחמת מיט יעדען טויזענדער מעהר ביי איהם אין די הענד ווערט אַ פריי־שער קאַפּיטאַל־פּראָפיט אָבגעוואָרפען, קען ער און וועט מיר אויך אָבלאָזען אַ וואַסערען טהייל פון דער דאָזיגער פּראָדוקטי־וויטעט, וואָס אָט דאָס קאַפּיטאַל האָט אין זיינע הענד, אויב איך קלייב אוים בעסער, כדי אויסצומיידען די טרחה פון דער גע־שעפטס־פערוואַלטונג, צו פּראָדוציִרען ניט דירעקט, נאָר דורך דער פערמיטלונג פון אַן אונטערנעהמער, און לאָז איהם איבער אויף דעם צוועק מיינע 1000 טאַלער.

אָט דער טהייל איז דער צינז; און קוים איז נאָר דאָס קאַ־פּיטאַל בכלל פּראָדוקטיוו און צינזענפעהיג, וועט עס אויך מוזען אָבוואַרפען צינז ביי יעדער אַנדער פערוועגדונג, אַוואו מען דאַרף נאָר האָבען קאַפּיטאַל און עס איז ניט בנמצא.

אָט דאָס ווייסען אפילו די בורזשוּאַ־עקאָנאָמען שוין פון לאַנג, און זיי האָבען טאַקי ניט נאָר ערקלערט דעם צינז אַלס דעם אָב־געצווייגטען טהייל פון דעם אונטערנעהמער־פּראָפיט, נאָר אַפילו בעשטימט די ענגערע געזעצע, וואָס קאָנטראָלירען אין אונזער געזעלשאַפט דאָס וואַקסען און פאַלען פון צינז לפי ערך צום וואַק־סען און פאַלען פון דעם אונטערנעהמער־פּראָפיט.

בכדי אַלזאָ איהר זאָלט ערקלערען דעם צינז, האָט איהר קודם כל געדאַרפט קריטיש בעטראַכטען און אַנאַליזירען די פּראָ־דוקטיוויטעט פון׳ם קאַפּיטאַל אין די הענד פון די אונ־טערנעהמער — וואָס איהר האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, ניט אָנגע־הויבען צו טהאָן.

אָנשטאָט דעם ווילט איהר דערווייזען די יושר׳דיגקייט פון קאַפּיטאַל־צינז מיט „שלאָגענדע ביישפּיעלען“. „כדי דאָס קלאָהר אויפצואווייזען מיט שלאָגענדע ביישפּיעלען — זאָגט איהר דאָרטען גופא, ז. 29 — מוז אַלץ פון דאָסניי אָנגעוויזען ווערען אויף דעם, אַז מען זאָל קאַפּיטאַל תמיד אויפּפּאַסען אין דעם ריכ־

טיגען זין און ניט בלויז אַלס אַ *סומע געלד*. אַלזאָ, דער בעל הבית פון אַ שטיק פעלד לייהט עס אַוועק אָדער גיט עס אַנאַנדערן אין אַרענדע שוין צוזאַמען מיט דער שטעהעדיגער תבואה (זיין קאַ־פּיטאַל) אויף אַ יאָהר צייט בתנאי, אַז איבער אַ יאָהר זאָל יענער איהם דאָס צוריק אָבגעבען אויך מיט דער שטעהעדיגער תבואה. יעדער איינער זעהט דאָ, אַז אָט דאָס אָבגעבען צוריק פונ'ם פעלד מיט דער תבואה דאָס אַנדערע יאָהר איז ניט קיין בעגיטיגונג פאַר'ן בעל הבית פון פעלד; אַז ער וועט נאָך פערלאַנגען דערפאַר אַרענ־דע־געלד אויך, און מיט אַ שכל, וואָרים ער פערלירט דאָך די תבואה פון דעם פערדונגענעם יאָהר. אָט די תבואה, וואָס איז איבערגעלאָזען געוואָרען צום אַרענדאַר, ברייננט איהם דאָך איין ניט נאָר די זריעה פון וועלכען עס וועט אַרויסוואַקסען די תבואה אויף אָבצוגעבען — און אַ וואַסערע בעלוינונג פאַר זיין טרחה — נאָר אַ־חוץ דעם אַלעמען, אַ ניש'קשה'דיגען רעשטעל מיט תבואה וואָס דער אַרענדאַר קען אָדער פערניצען פאַר זיך אָדער מאַכען צו געלד דורך פערקויף".

איך געפין דוקא אויך דעם דאָזיגען ביישפּיעל פאַר זעהר „*שלאָגענד*"! עס שלאָגט אייך, דהיינו, גלייך אין פּנים אַריין, און בעווייזט אַז איהר קענט ניט דענקען!

אַז אַ שטיק פעלד ברייננט תבואה, אודאי, דאָס זעהט מען בע־שיינפערליך. אַז אָבער אַ הויפען געלד — אָדער, לאָמיר זאָגען, אַ באַרג סחורה פון וואָס ניט־איז פאַר אַ מין — ברייננט *אויך* עפּעס אַרויס, און דאַרף דערפאַר איינטראָגען אַ *צינז*, איז ניט אַזוי לייכט צו זעהען, און געזאָלט האָט עס דוקא פון *אייך* ער־קלערט ווערען. טאָ ווי טהוט איהר דאָס? — גאַנץ פּשוט! איהר *נעהמט אָן אַפריהער*, אַז דער הויפען געלד אָדער דער באַרג סחורה איז *פונקט אַזוי פּראָדוקטיוו*, ווי דאָס פעלד, און פרעגט דערנאָך מיט אַ נצחון: צי דאַרף ניט אָט דער הויפען אָדער דער באַרג, אַלזאָ, אויך ברייננען פּרוכט, אַפילו ווען עס טראָגט גאָר קיין זריעה ניט?

אָבער שוין ניט צו ריידען וועגען דעם אַקער־ביישפּיעל — און די אַנדערע נודנע ביישפּיעלען, וואָס איהר ברייננט, אַלע מיט איין שטריך צו אילוסטרירען; איהר נעהמט אָן אַפריהער, אַז דאָס

קאפיטאל, וועמעס פראדוקטיוויטעט איהר זאלט עס ערשט ערקלערען, איז פראדוקטיוו אין ראובן'ס הענד, און פרעגט דערנאך מיט א נצחון: צי שוין־זשע וועט עס ניט זיין פראדוקטיוו ביי שמעון'ען אויך, און צי איז עס ניט, אלזא, א יושר, אז שמעון זאל אבגעבען ראובן'ען א טהייל פון דער דאזיגער פראדוקטיוויטעט, וואס דער לעצטער האט איהם איבערגעלאזען? עס איז טאקי אזוי, הערר שולצע: וואס איז כשר פאר איינעם, איז כשר פאר'ן אנדערען. קוים איז א קרן פראדוקטיוו אין ראובן'ס הענד, איז דאס אויך אזוי אין שמעונ'ס הענד, און דאס איבריגע געהט אלץ כשורה.

מעהר ניט וואס די זאך איז צו ערקלערען, פון וואנען עס נעהמט זיך עפעס גאר אינגאנצען די פראדוקטיוויטעט פונ'ם קאפיטאל; ווי אזוי עס קומט גאר אינגאנצען צו ראובנ'ען אין די הענד; און צו אנאליזירען דעם כאראקטער פון דער דאזיגער פרוכטבארקייט פון א טויטער זאך, וואס איז אפילו ניט בעשאנקען מיט קיין „נאטור־כחות". אנשטאט דאס צו טהאן, נעהמט איהר, אונבעמערקטערהייד, פשוט אן אפריהער אלס פאקט דאס, וואס איהר האט צו ערקלערען, און אזוי ארום, האט איהר עס דאן בעוויזען דורך דעם, וואס איהר האט עס אפריהער אנגענומען!

אט די ברילליאנטענע דענק־מעטהאדע ציהט זיך אהן הפסקה דורך אייער גאנצען בוך, און יעדעס זייטעל דארטען איז פול מיט ביישפיעלען פון דעם סארט. אבער דעם קלימאקס דערגרייכט אייער געוואלטיגע דענקונגס־קראפט באלד נאך דער לעצט־בעטראכטער שטעלע.

איהר ווענדעט זיך ביי אייער בעטראכטונג פון צינז געגען די סאציאליסטען, געגען די „אונפערשטענדיגע", וואס ווילען אבשאפען פראצענט און רופט אויס: „יא, צינז איז א לאסט! שאפט אב צינז, און עס איז א סוף צום קרעדיט; און ווען איהר דארפט עס צום נויטהיגסטען האבען, וועט עס אייך פעהלען!

שוין אבגערעדט דערפון, הערר שולצע, וואס לעת עתה האט נאך קיינער ביי אונז ניט געמאכט דעם פארשלאג, אז מען זאל שוין אבשאפען צינז — צי זעהט איהר טאקי באמת ניט איין די

אונפערגלייכליכע לאַגישע שטות'עריי, וואָס איהר האָט אזוי מייסטערהאַפט צוזאַמענגעפּאַקט אין דעם דאָזיגען קורצען זאַץ.

אַלע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען געוואָלט „אָבשאַפען" צינז אויף פּרודאָנ'ס* שטייגער א. א. וו., האָבען דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט אויספיהרען באופן, אז איינער זאָל דעם אנדערן גאָר ניט באָרגען אָדער ער זאָל איהם באָרגען אָהן פּראָצענט, פון אַלגעמיינער מענשען־ליעבע וועגען, ווי דאָס קירכען־געזעץ האָט עס פערלאַנגט, און ווי תורת משה האָט דאָס געפאָרדערט, ווענינגסטענס, פון די אידען צווישען זיך אויפ'ן סמך פון נאַציאָנאַליטעטס־געפיהל. וואָדען, זיי האָבען דאָס שטענדיג געוואָלט אויספיהרען אויף אזא'ן אופן, אז זיי זאָלען דורך פאָלקס־באַנקען אָדער שטאַאטס־באַנקען א. אַ. וו., א. אַ. וו., הקיצור, דורך גאַנץ פּאָזיטיווע, שטאַאטליכע און געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען האָבען זיי געוואָלט אָרגאַניזירען די אונגעצאָהלטליכקייט פון קרעדיט, ד. ה. ארויסרופען א צושטאַנד, וואו יעדער זאָל קענען קריגען** אומזיסט דאָס קאַפּיטאַל וואָס ער דאַרף נויטהיג. פּרודאָן האָט דאָס שוין אויסגעדריקט אין נאָמען פון זיין צינז־אָבשאַפונג, דערמיט וואָס ער האָט עס אָנגערופען "la gratuité du crédit" די „אונגעצאָהלטליכקייט פון קרעדיט". דאָס מוזט איהר דאָך אויך וויסען, וואָרים ווענינגסטענס דאָס אָנפאַנג־ביכעל פון העררבאַסטיאַ האָט איהר דאָך יאַ געלייענט, און באַסטיאַ'ס דיסקוסיאָן מיט פּרודאָנ'ען דרעהט זיך דאָך לגמרי ארום אַט דעם ענין און טראָגט דאָס דאָזיגע קעפּעל. מילא, מען קען וועלען בעשטרייטען — און דערצו מיט רעכט אויך — אז דורך די פאָרשלעגע פון דעם

* װערט בעטראַכט פאַר'ן בעגרינדער פון אַנאַרכיזם, הגם אין זיין צייט האָט ער געגאָלטען אַלס אַ פערטרעטער פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. א. א. ר.

** די פערשיעדענע גירסות פון לאַסאַל'ס ווערק גלייכען זיך דאָ ניט אויס. לאַסאַל האָט הפּנים געשריבען „אַוועקלייהען" („דאַרלייהען") אַנשטאָט „ענטלייהען" ווי דער זין פאָדערט. אויף דעם סמך, שטיצט זיך אויך די הגהה אין דער 1893 אויסגאַבע. די 1878 אויסגאַבע, וויעדער, שרייבט ניט „דאַרלייהען" און ניט „ענטלייהען" נאָר פּשוט „לייהען".
א. א. ר.

קליינבירגער * פרודאָן זאָל ווען עס איז קענען אויסגעפיהרט ווערען אזא רעזולטאט.

אָדער אימיצער וואָלט נאָך אפשר געקענט ווייטער געהן און וועלען בעהויפּטען אשטייגער, אז עס איז גאָר בכלל אונמעגליך דאָס ווען עס איז אויסצופיהרען.

אָט דאָס אלץ טהוט איהר ניט, הערר שולצע: וואָרען, איהר זאָגט: „אנו, שאפט אָב צינז" — און אין דעם דאָזיגען זאץ נעהמט איהר אלזאָ אָן מינדסטענס אויף א רגע די מעגליכקייט פון אַז אָבשאַפונג. איהר ווילט עס בכיון אָננעהמען כדי צו צייגען דוקא וואָס פאַר א רואינירענדע רעזולטאטען די אָבשאַפונג וואָלט געהאַט. און ווענדענדיג זיך געגען יענע סאָציאַליסטען און געגען דעם זין, וואָס די „אָבשאַפונג פון צינז" קען בכלל האָבען אין דער דיסקוסיאָן פון דעם איצטיגען יאָהרהונדערט, ברעכט איהר אויפ'ן שטעל אוים מיט אָט דעם גראַנדיעזען זאץ: „יא צינז איז א לאַסט! פרובט אָבשאַפען צינז, ד. ה. פיהרט אוים, אז דער קרעדיט זאָל זיין אונגעצאָהלטליך און איטליכער זאָל צו יעדער צייט קריגען אומזיסט דאָס קאַפּיטאַל, וואָס ער דארף נויטהיג, און — עס איז א סוף צום קרעדיט; און ווען איהר דארפט עס גראָד צום נויטהיגסטען וועט עס אייך פעהלען"!!

בעגרייפט איהר איצט דעם אונזין, פון וואָס עס שטעלט זיך די האָאָר קאַפּויר, און דעם ווידערשפּרוך אין דעם דאָזיגען זאץ? צי מעג מען, הער שולצע, שרייבען א זאץ פון צוויי שורות, וואו דער פאָרדערזאץ מאַכט בטל דעם הינטערזאץ, און דער הינטערזאץ מאַכט בטל דעם פאָרדערזאץ?

נחת'דיגער דענקער וואָס איהר זייט! דאָס, אלזאָ, וואָס איהר פערשווייגט פאַר אייערע ארבייטער דעם אמת'דיגען זין, וואָס די פאָרמולע פון צינז־אָבשאַפונג האָט ביי יענע סאָציאַליסטען און אין דער גאַנצער דיסקוסיאָן פון אונזער יאָהר־הונדערט — דאָס איז די אונגעלומפּערטע צרה'דיגע בלענדעניש דורך

---

* לאַסאַל האָלט פּרודאָנ'ען פאַר אַ בורזשואַ, און קוקט אויף איהם בכלל קרום. א. א. ר.

וועלכער איהר א י ב ע ר צ י י ג ט עס די ארבייטער מיט אָט דעם נצחונ׳דיגען דרעה בנוגע די רואינירענדע רעזולטאטען פון צינז־אָבשאפונג !

צי איהר זייט טאקי אזוי אידיאָטיש אָנצושרייבען אזא זאַך, ניט מערקענדיג די סתירה דאָרטען, אָדער צי איז עס געטהאָן בכיון כדי צו מאכען א בלענד — מכח דעם קען זיך איטליכער ענטשיידען ווי אזוי עס געפעלט איהם !

אויף דער אנדערער ברירה איז נאָך מרמז די שטעלע, וואָס געהט תיכף פאר דעם ציטירטען זאַץ. עס לעזט זיך, אלזאָ, (ז. 32) :

„און אָט דער אויספיהר ווערט נאָך פערשטארקט, ווען מען טראכט זיך אריין אין דער לאגע פון דעם ק נ א פ ע ר ב ע מ י ט ע ל ט ע ן  א ר ב י י ט ע ר, סיי ער נעהרט זיך פון דעם וואָס ער פיהרט אָן א קליינעם געשעפט, זיין אייגענס, אָדער ער קריגט שכירות פאר זיינע לייסטונגען פון אנדערע. וואָס וואָלט פון איהם געוואָרען, ווען ער ציהט זיך צוריק אויף דער עלטער, כדי צו לעבען פון זיין ביסעל אָבשפאָרעניש, ווען אָט דאָס זאָל איהם ניט איינברייננען, ווי ס׳ניט איז, עפּעס אָן הכנסה ? וואָס פאר א געוואלטיגע סורמען וואָלטען דאָס אָט די מענשען געמוזט זאמלען, כדי זיך צו פערזאָרגען אויף דער עלטער, ווען דאָס דאָזיגע אָנגעזאמעלטע פערמעגען וואָלט ניט אָבגעוואָרפען קיין הכנסה, ווען עס וואָלט ניט אָנגעוואקסען דורך פּראָצענט אויף פּראָצענט אין משך פון יאָהרען, נאָר וואָלט פערשלונגען געוואָרען ! ווי ווייט וואָלט דאָס געקענט דערלאנגען דער ארבייטער, דער אזוי־גערופענער פשוט מענשעל מיט דעם פערהאָרעוועטען אָבגעשפּאָרטען געלד ? צי ער זאָל דאָס איצט האָבען אריינגעטהאָן אין א גאנגבארען געשעפט, וואָס ער גיט איבער אנאנדער ארבייטער, אבי צו קענען זיך ערנעהרען נעבען איהם פאר דער רעשטע פון זיין לעבען, צי ער זאָל דאָס האָבען ביסלעכווייז איינגעצאָהלט אין איינע פון יענע פערזאָרגונגס־קאסען פאר אָבגעשוואכטע אָדער זקנים — אָהן דער נוצבארקייט, אָהן דעם רווח, דורך וועלכען די אריינגעלעגטע אָבצאָהלונגען, יאָהר פאר יאָהר, ווי פיעל אָדער ווי קנאפּ זיי זאָלען ניט זיין, ווערען אין משך פון צייט פון זיך אליין צוויי מאָל אזוי פיעל ; אָהן דעם, וואָלט זיי גאָר קיינמאָל ניט אָנגעהויבען צו סטאיען אויף די בעשיידענסטע הוצאות.

טויזענדער וואָלטען זיך געפאָדערט, אויב מען זאָל זיי פערטהייד־לען אויף א משך פון לעבענס־יאָהרען, אויף צו דעקען שוין אפילו א געמאטערטע עקזיסטענץ, און ערשט דערמיט וואָלט מען קוים אזוי פיעל דערגרייכט, ווי איצט מיט הונדערטער. דוקא אין דער קאפּיטאל־הכנסה, אין דעם צינז, וואָס איז פערשריען געוואָרען פון אזוי פיעל אונפערשטענדיגע, אין דעם צינז, וואָס עס טראָגט, ליעגט א קיינמאָל ניט אויפהערענדע מזל ברכה, וואָס קומט אין לעצטען סך הכל אלעמען צוניץ; און גראָד פאר'ן קליינעם קאַ־פּיטאל פון ארבייטער איז דאָס צום נויטהיגסטען, מעג עס אפילו קלעקען נאָר אויף די בעשיידענסטע הוצאות."

ווי חנ'עווריג, הערר שולצע, איהר ווייסט דאָס, ווי אזוי צו שילדערן דאָ דעם ארבייטער זיין לאַגע אלס א גאנץ אנדערע און להיפּוכ'דיגע ווי עס איז אין דער אמת'ען, אבי איהם צו בעווייזען אז די רווחים פון קאפּיטאל זיינען פון זיין טובה וועגען! וועדליג איהר שטעלט עס פאָר, איז דער ארבייטער אויף דער עלטער — א קליינער קאפּיטאליסט. ער איז א שטי־לער שותף, א קאָמאנדיטעור,* אויב אפילו ניט גראָד ביי ברעעסט און געלפּקע און דער דיסקאָנטאָ־קאָמאנדיט־געזעלשאפט, איז ביי אנ־אנדער „גאנגבארען געשעפט". אָט דאָ, הערר שולצע, גילט שוין קיין תירוץ ניט מיט דומקייט און אידיאָטסמוואָ! אז דאָס איז ניט דער פאל, אז אָט דאָס מחיה'דיגע בילד, וואָס איהר צוקט אויס פון דער לאַגע פון דעם אלטען ארבייטער, וואָס לעבט זיך פון רענטע, איז דער שקר אליין — אָט דאָס ווייסט איהר! און עס וועט נאָר זיין אייביג צו בעוואונדערן, וואָס ארבייטער וועלכע דאַרפען דאָך וויסען זייער אייגענע לאַגע, און האָבען פאר זיך געזעהען די לאַגע פון אלטע ארבייטער צווישען קרובים און בעקאַנטע, זאָלען זיך לאָזען זאָגען אזעלכע זאכען גלייך אין פּנים אריין און זיך מאַ־כען ניט ווייסענדיג! אָבער די לייטע פערגעסען, הפּנים צוליעב

* אויפ'ן קאָמערץ לשון הייסט א „קאָמאנדיטעור" א מיטגליעד פון א פירמאַ, וואָס האָט אריינגעלעגט געלד דאָרטען אָבער מישט זיך ניט אין דער פערוואלטונג, הגם ער נעהמט, פערשטעהט זיך אָב זיין הכנסה, וואָס קומט איהם; מיט איין וואָרט ער איז א „שלאָפעדיגער" אָדער שטילער שותף". א. א. ר.

דער רייצענדער בעשרייבונג פון אייער מחיה'דיגען גן־עדן,* אי אַן הונגער אי אַן דאָרשט, אַן זכרון און אַן זכרונות.

והשנית, וויבאַלד, ווי איהר נעהמט אויף אַ רגע אַן אין דעם אָנגעכאַפּטען פּאַל אייערען, די פּראָדוקטיוויטעט פונ'ם קאַפּיטאַל, דער קאַפּיטאַל־רווח, פּאַלט אראָב, טאָ פרעגט זיך וואוהינזשע וואָלט דאַ געפאַלען יענער איינטראָג פון דער אייראָפּעאישער פּראָדוקציע, וואָס איז ביז אהער צוגעפאַלען אויפ'ן חשבון פון קאַפּיטאַל, און שטעלט צונויף דעם קאַפּיטאַל־פּראָפיט? אין וואסער אריין דאָך ניט! נו, און אויף דער לבנה אויך ניט! הכלל, עס וואָלט אריינגעפאַלען אין די קעשענעס פון די, וואָס ארבייטען.

דאָס, אַלזאָ, האָט איהר דאָך אויך געמוזט וויסען, אָבער איהר האָט באין אופן ניט געקענט פון דער איצטיגער לאַגע פון די ארבייטער אויספיהרען אַ וועלכען ניט איז פּועל יוצא אויף אַזאַ צושטאַנד, וואו די גאַנצע פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, וואו דער גאַנצער פערדינסט, וואָס פאַלט היינט צו אויפ'ן חשבון פון קאַפּיטאַל, וואָלט אריינגעפאַלען אין די קעשענעס פון די ארבייטער!

און אָט פון אַזעלכע קלאָגעדיגע בלענדענישען איז צוזאַמענגעשטעלט, ווי מיר האָבען שוין אָנגעוויזען ביז צום נמאס ווערען, אייער גאַנצע מאַכערייקע, טריט אין טריט. אַז מען איז שוין גובר דעם עקעל און מען מישט אויס אָט די קאַשע, בלייבט קלעפּען אויף יעדען איינעם פון די פינגער — אידיאָטסטוואָ און שקר!

אויף אַזעלכע אונגעלומפערטע פּאַקוסען, דורך וועלכע איהר זייט סיסטעמאַטיש עוקר מן השורש דעם פערשטאַנד פון דעם ארבייטער, פערנעבעלט זיין אורטהיילס־קראַפט און פערפינסטערט איהם יעדען קלאָהרען בליק, טאָמער האָט ער זיך שוין צו אַזוינס

---

* אין טעקסט „עלדאָראַדאָ“, ד. ה. „אַ גאָלדען לאַנד“, בעציהענדיג זיך אויף אַ לעגענדע אין דער שפּאַנישער מיטהאָלאָגיע. א. א. ר.

אַליין פון זיך ארויפגעאַרבייט — אויף אזא אויסגע'חשבונ'טען שווינדעל, אויף אזא בכיון'דיגער פערשטומפּיגונג פון די מאַסען, שטיצט איהר — ס'אַרא לעסטערונג! — צווישען די אַרבייטער, אייער פּרעטענזיע אויפ'ן טיטול „לעהרער" זייערער!

הערר שולצע! סיידען ס'איז שוין ניטאָ קיין דין ומשפט אויף דער וועלט, און קיין כח מעהר אין מיין האנד — אויב אייער נאָמען וועט נאָך אמאָל צווישען די אַרבייטער ניט ווערען א סימבאָל, ווי דער נאָמען פון אייער ליטעראַרישען פאָרגענגער*, פאַר אַלע, וואָס געהען אין אָט אַזוינע דרכים.

און ניט נאָר צווישען די אַרבייטער! וואָרים עס זיינען נאָך פאַרהאַן אין אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט מענער, וואָס האַלטען די סיסטעמאַטישע פערשטומפּיגונג פון פאָלקס-גייסט, די בכיון'דיגע פערבלענדונג פון די מאַסען, כדי זיי צו מאַכען בויגי־גער פאַר די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען — פאַר א פערברעכען!

* לאַסאַל מיינט דאָ יוליאַן שמידט, דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער. זעה דאָס שער בלאַט פונ'ם בוך, און אויך דעם אָנהויב פון לאַסאַל'ס פאָר־וואָרט. א. א. ר.

דריטעס קאַפּיטעל.

# טויש, ווערטה און פרייע קאָנקורענץ.

מיר געהען פאַרביי די צוויי סעקציעס פון אייער „קאַפּיטאַל״־אונזין,* וואָס פאָלגען נאָך אָט דאָ ביי אייך, און וואָס וואַריאירען אַלץ ווידער און אָבער די זעלבינע גרונד־טהעמאַ אין אַלע מעגליכע פּערדרעהעניזען, וועלכע דאַרפען זיך אויספּלאָנטערן פון זיך אַליין דורך דעם אַלעמען, וואָס איז שוין ביז אהער געזאָגט געוואָרען; טהיילווייז זאָלען זיי נאָך אויך פון אונז שפּעטער פאַרבייגעהענדיג בעטראַכט ווערען.

אָט דאָ וועלען מיר נאָר כאַפּען אַ לויפעדיגען קוק אויף דער לומדות פון אייער דריטען קאַפּיטעל „טויש, ווערטה און פרייע קאָנ־קורענץ.״

שוין דער סדר גופא פון אייערע קאַפּיטלען איז קלאַסיש און בעווייזט די טיעפקייט פון אייער בקיאות אין עקאָנאָמיע! ת ח ל ת, בעהאַנדעלט איהר „דאַס ק אַ פּ י ט אַ ל״** און דערנאָך בעהאַנדעלט איהר „ט ו י ש, ו ו ע ר ט ה, און פ ר י י ע ק אָ נ ק ו ר ע נ ץ״. בעת די קאַטעגאָריע „קאַפּיטאַל״, סיי אין דער עקאָנאָמישער ווירק־ליכקייט און סיי אין דער טהעאָרעטישער ענטוויקלונג פון בעגריף, איז דאָך גראָד די פאָלגע פון די קאַטעגאָריעס „טויש און „ווערטה״, און די־אַ ביידע מוזען אַלזאָ, על כל פּנים, ג ע ה ע ן אַ פ ר י ה ע ר, בכדי דאָס „קאַפּיטאַל״ זאָל קענען אַ נ אַ ל י ז י ר ט און ב ע ג ר י־פ ע ן ווערען.

אייך מאַכט עס דערוויילע גאָרניט אויס, און כ׳לעבען, אין דער דאָזיגער גלייכגילטיגקייט ליעגט אַ מין גערעכטיגקייט צו זיך, וואָס ווייזט אַז איהר קריוודעט זיך ניט.

---

* (וואָרט־שפּיעל הפּנים צווישען „קאַפּיטאַל״ אַלס עקאָנאָמישע קאַטע־גאָריע און „קאַפּיטאַל״ מיינענדיג „גלענצענד״, „מייסטערדיג״. דער אויסדרוק קען אַלזאָ זיין אַי „שטות׳עריי איבער קאַפּיטאַל״ און אַי „בריליאַנטענע שטות׳עריי״. — א. א. ר.)

** (דאָ פעהלען עטליכע ווערטער אין דער 1878 אויסגאַבע. א. א. ר.)

ווארים גאנץ געוויס, ווערליג א י י ע ר פערשטעהן וואס ענט־וויקלען א בעגריף הייסט, איז קיין ברעקעל חלוק ניט פארהאן אין דעם, צי עפּעס ווערט בעהאנדעלט אויפ׳ן אָנהויב צי ביים סוף.

זאָל דאָס נאָך זיין עפּעס אָ ב ג ע ל ע ר נ ט א י י נ ס פ ו ן צ ו ו י י ט ע ן; זאָל דאָס נאָך זיין עפּעס ע נ ט ו ו י ק ע ל ט פונ׳ם פריהערדיגען; זאָל דאָס נאָך זיין א שטיקעל ס ד ר א י ן ג א נ ג. אַלץ איז רק אָבער אמאָל און ווידער אמאָל, די איבער־חזר׳רונג אין ווערטער, וואָס מיינען איינס און דאָסזעלבע, פון סתם־געזאָגטע און געדאַנקענלאָזע פערזיכערונגען. איז. קענט איהר־זשע טאקי ארומשמועסען טויש און ווערטה נאָכדעם, ווי איהר האָט שוין פריהער ארומגערעדט דאָס „קאפּיטאל“: און מיר, פערשאַלטען פון גאָט ארומצולויפען הינטער אייך מיט׳ן קריטישען קאנטשיק, מוזען שוין אָבמאכען ביי זיך, א ברירה האָבען מיר דען, נאָכצופּאָל־גען אייער משוגע׳נעם גאנג.

נאָכדעם, ווי איהר האָט אונז אַלזאָ שוין ביז אהער אין אייער גאַנצען בוך, נאָכ׳ן אמת׳דיגען תוכן נאָך, מעהר גאָרניט געזאָגט, ווי דאָס איינע וואָרט: טויש, טויש, טויש, נעהמט איהר זיך ערשט איצט ווידער בעהאנדלען דעם „טויש“. דאָס הייסט: אונטער׳ן קעפּעל „אייגען־אינטערעס“ און „טויש“ צושמירט איהר אין די אי־בעלדיגסטע פלאכקייטען אויף 11 זייטען, נאָכאמאָל, אָט דאָס וואָס איהר האָט שוין פריהער מכח דעם געזאָגט; און געהט איבער (ז. 59) צו דער בעהאנדלונג — אָדער גיכער צו דער מיטהאנדלונג — פון דער אינטערעסאנטער עקאָנאָמישער קאטעגאָריע פון ווערטה.

דאָ וועלען מיר אייך ווייטער שענקען ספּעציעלע אויפמערק־זאמקייט, מחמת דאָס וועט אונז ווידער געבען די געלעגענהייט, פונקט ווי פריהער, צוצוקומען צו פּאָזיטיווע אויספיהרונגען.

איהר פערנעהמט זיך ביי דער לעהרע פון ו ו ע ר ט ה ווײ־טער אויפ׳ן שטייגער פון באסטיא, וועלכער איז בכלל דער איינצי־גער מקור פון אייער לומדות — און זיין בעקאנטער טהעאָריע פון „ד י ע נ ס ט“, וואָס אויפצולייזען זי אין איהר ל ג מ ר י ׳ ד י ג ע ר א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע ר נ י ש ט י ג ק י י ט וועט זיין די אויפ־גאבע פון דעם ווייטערדיגען. נאָר ניש׳קשה, א היבש ביסעל פון די אַמוזאנטסטע שטות׳עריי׳ען, אין די פערשיעדענסטע ריכטונגען, קור־

מען נאך אויף אייער אייגענעם חשבון — ווארים איהר שטייגט ארי־
בער באסטיא׳ן, וועלכער איז אמת טאקי ניט געווען ניט
קיין עקאנאם און ניט קיין דענקער, איז ער אבער כאטש לכל הפחות
געווען דאס, וואס די פראנצויזען רופען אן א „גייסטרייכער פלאפ־
לער“ — נאר, פונדעסטוועגען, וועלען מיר אין דעם ווייטערדיגען
זיך האלטען נאר אן עצם פון אייער פונאנדערלעגונג, אן דעם, וואס
איהר האט בשותפות מיט באסטיא׳ן.

איהר זאגט, אלזא, אז ביי יעדען אויסטויש בערעכענט, שאצט
יעדער פון די טוישענדע צדדים „דאס, וואס ווערט פון איהם גע־
פאדערט; און, דאס, וואס ער בעקומט דערפאר אנטקעגען; אין
אז נאר יעמאלט ענטשליסען זיי זיך צום אויסטויש, ווען יעדער צי־
נעפינט ביי דעם דאזיגען פערגלייך, אז דאס, וואס ער זאל געבען
אדער לייסטען פאר׳ן אנדערן, קאסט איהם ווינציגער מיה און
געלד, ווי צו פראדוצירען די זאך, וואס ער בעקומט דערפאר“ און
דארויף דעפינירט איהר: „דער ווערטה איז יענע פערהעלט־
ניס צווישען די זאכען אדער דיענסט־לייסטונ־
גען, אויף אויסגעביטען צו ווערען, וואס מען האט איינגעפונען דורך
דער פערגלייכונג, וועלכע איז אראנזשירט געווארען פאר אט דעם
צוועק.“*

דער אלטער זאץ פון אדאם סמיטה, אז די ארבייט איז

* באסטיא (ארמ. עקאנ. ז. 143) דעפינירט:

“Je dis donc: la valeur c’est le rapport de deux services échangés.”

„איך זאג, אלזא: „דער ווערטה איז די פערהעלטניס צווישען צוויי
אויסגעטוישטע דיענסטלייסטונגען“. דערמיט וואס איהר,
פארקעהרט, זאגט: „די פערהעלטניס צווישען די זאכען אדער
דיענסט־לייסטונגען, אויף אויסגעביטען צו ווערען, ווארפט
איהר ניט־ווילענדיג אום, צוליעב אייער אונגעשיקטקייט, באסטיא׳ס גאנ־
צע דעפיניציע! זיין דעפיניציע איז, לכל הפחות, נאך דער פארם נאך,
א דעפיניציע, און דאס טאקי צוליעב דעם וואס זי לאזט אויס די „זא־
כען“. און אלס מאסשטאב פון זייער ווערטה גיט זי אן די
לייסטונגען, — ווי אזוי, וועלען מיר שפעטער זעהען — וואס פא־
דערן זיך אויף זיי צו שאפען. אזוי געפינט מען כאטש א מאסשטאב פאר
דעם, וואס מען זוכט (דעם זאך־ווערטה). איהר אבער דערמיט, וואס איהר
רוקט נאך אריין אין באסטיא׳ס דעפיניציע דאס ווארט „זאכען“ אויך,

דער מקור און דער פאקטאר פון אלע ווערטהען,* וועלכער טרעט נאך ביי איהם אויף, אפט פערבונדען מיט ספקות און ווידער־שפרוך, וואס ביי ריקארדא'ן אבער ווערט עס דערנאך ענטוויקעלט ביז צו א קאנ־סעקווענטען און שטרענג דורכגעפיהרטען סיסטעם — אט דער דא־זיגער זאץ בלייבט נאך שטעהען, וואס אנבעלאנגט די *ווערטער*, ביי *באסטיא'ן* אויך; אין תוך אריין, ווערט עס דוקא, ווי מיר וועלען שפעטער אויפווייזען, פערוואנדעלט ביי איהם אין דעם שארפסטען *היפוך*. ווערליג די *אויסדריקע*, בלייבט עס, אלזא, שטעהען ביי אייך אויך, און אזוי־זשע נעהמט איהר זיך טאקי תכף נאך דעם בעווייזען בפירוש, אז עס איז ניט די *שטאפליכקייט* פונ'ם ארטיקעל, וואס שטעלט מיט זיך פאר דעם ווערטה, אלא וואדען, די סעריע „*דיענסט־לייסטונגען*", וואס שטייערן־ביי צו דער פראדוקציע פון דעם. און דערביי פאסירט מיט אייך א מאדנער אומגליק! איהר ווילט דאס דאזיגע קלאהר מאכען אויף א טוץ העמדער, זאגט איהר אויף ז. 60: „לאמיר נעהמען אן ארטיקעל פון אלגעמיינסטען געברויך, א טוץ העמדער. כדי איך

* אדאם סמיטה טה. 1, ז. 60, גארניעה אויסגאבע: „דער פאקטישער פרייז פון יעדער זאך, דאס וואס עס קאסט, אין דער אמת'ען, יעדערען וואס האט א בעדערפניש פאר דעם, איז די מיה און אנשטרענגונג וואס פאדערט זיך אויף צו קריגען דאס. — — — — — וואס מען קויפט פאר געלד אדער מיט סחורה, איז געקויפט מיט ארבייט, פונקט אזוי ווי דאס וואס מיר בעקומען דורך א דירעקטער אנשטרענגונג פון אונזער קערפער. דאס דאזיגע געלד, און די דאזיגע סחורה פערשפארען אונז אין דעם־א פאל אט די אנשטרענגונג פון אונזער קערפער. דאס דאזיגע געלד, און די דאזיגע סחורה פערשפארען אונז אין אט דעם פאל די אנשטרענגונג. עס איז אין זיי פארהאן דער ווערטה פון א *געוויסער קוואנטיטעט ארבייט*, וואס מיר בייטען אויס אויף דעם, וואס, לויט מען איז זיך משער, איז פארהאן אין א *גלייכער מאס ארבייט*. די ארבייט איז געווען דער ערשטער פרייז, די מטבעה וואס איז בעצאהלט געווארען לכתחילה ביים אנקויף פון אלע זאכען, א. א. וו., א. א. וו.."

מאכט ניט־ווילענדיג פון דעם א תל, און פערוואנדעלט עס אין דער גוויסט־רייכער דעפיניצע: *דער ווערטה פון א זאך איז די פערהעלטניס צווישען צוויי זאכען*! אן אנטיק! נאר איך שענק אייך שוין דאס, פונקט ווי נאך א צעהן טויזענד אנדערע זאכען!

זאָל זיי מיר איינשאַפּען, קען איך עס מאַכען אויף א טאָפּעלען וועג. איינמאָל, קויף איך זיך איין די פלאַקס פון פויער, און גיב דאָס אַוועק אין דער שפּינעריי, וואָס שטעלט מיר צו דעם גאַרן. דאָס דאָזיגע טראָג איך ווידער אַוועק צום לייוואַנט־וועבער, און די פאַרטיגע לייוואַנט גיב איך אַוועק צום בלייכען, דערנאָך בעשטעל איך די נעהטאָרין, און איצטער ערשט בעקום איך די העמדער פאַרטיגע. די אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבען מיר פערשאַפט די דאָזיגע לייסטונגען, מוז איך בעצאָהלען; טאָ וואו ליעגט דאָ דער ווערטה פון די העמדער, פון דעם פאַרטיגען פּראָדוקט פון אַלע זייערע לייסטונגען? בעשיינפּערליך אין אַלע לייסטונגען, אינאיינעם גענומען, וואָס עס האָבען זיך געפאָדערט זיי צו פּראָדוצירען און מיר צוצושטעלען. אָט זיי בעשטימען די מאָס פון מיין געגען־לייסטונג, [ד. ה.] דעם לוין וואָס איך דאַרף אָבצאָהלען פאַר יעדער לייסטונג בעזונדער; און אין תוך גענומען, האָב איך מעהר גאָר ניט בעצאָהלט, ווי שכירות, און בשום אופן ניט פאַר קיין העמדער".

דער אומגליק, וואָס פּאַסירט דאָ מיט אייך, בעשטעהט אין דעם וואָס, אויב דאָס זאָלען זיין באַוועלנע העמדער איז, באָם אין דעם פּרייז פאַר די פּראָדוקטען, לאָזט איהר די וועלט אויסצאָהלען אייער פריינד רייכענהיים „ניט מעהר ווי אַרבייטס־שכירות", נעהמט איהר ביי איהם אַוועק יעדען קאַפּיטאַל־פּראָצענט און קאַפּיטאַל־פּראָפיט, וואָס ער האָט דערווייל געמאַכט אָן זיינע באַוועל־גאַרן, און וואָס ער האָט שוין — ווי קלערט איהר — מסתמא אייך אויף להכעיס געבראַכט אין א זיכערען אָרט!

אָהן המצאות, העדר שולצע, אויב אין פּרייז פון די פּראָדוקטען ווערט „גאָר ניט בעצאָהלט א־חוץ אַרבייטס־שכירות", טאָ פון וואַנען וואָלטען דאָס געקומען די פּראָפיטען פון די קאַפּיטאַליסטען און די פּראָצענטען פון די קאַפּיטאַלען?

דונקעל, דונקעל, ווער וויים אויף וואָסערע באַסטיאַ'ס אומוועגען איהר האָט אפשר יאָ עפּעס געהערט פון יענעם טיעפען און גרויסען זאַץ, ריקאַרדאָ'ס, וועמעס שרש עס געפינט זיך אין די ציטירטע ווערטער פון אַדאַם סמיטה, וואָס איך האָב געבראַכט אין דער לעצטער אָנמערקונג, און פון וועלכען די גאַנצע מאָדערנע וויסענשאַפטליכע עקאָנאָמיע מוז זיך אָנהויבען: פון דעם זאַץ אַז אין

פרייז פון די פּראָדוקטען ווערט מעהר ניט בעצאָהלט, ווי אַר־בייטס־כמות׳ן* (ארבייטס קוואַנטיטעטען). און איהר, טהייערער תכשיט, האַלט גאַנץ פּראָסט ארבייטס־כמות׳ן און ארבייטס־שכירות פאַר איינס און דאָסזעלבע, און אַ־נו — זיך שוין צופיהרט די הענד — לאָזט איהר ניט צו, אַז אין די פּרייזען פאַר פּראָדוקטען זאָל עפּעס בעצאָהלט ווערען אויסער אַרבייטס־שכירות**! — ווי בערוהיגענד עס מוז דאָס פּאָרט קלינגען פאַר אַרבייטער־אויערען! אונפערגלייכליכער שולצע! אין דער נפקא מינה צווישען אַרבייטס־כמות׳ן און ארבייטס־שכירות, אין אָט דעם קליינעם קנייטש, אַרום וועלכען איהר טאַפּט אַזוי מעשה בער, שטעקט כמעט די גאַנצע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, און גאַנץ בעזונדערס שטעקען דאָ דער גאַנצער פּראָצענט און פּראָפיט פון די קאַפּיטאַליסטען!

איז אייך אַלץ ענגאַל, לעהרער פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע, מייַנער!

זעהט איהר, פון אַזעלכע שטות׳ען איז שוין באַסטיאַ גופא פּטור.

אויך באַסטיאַ, פּונקט ווי סיי און די גאַנצע פראַנצויזישע שולע, בעטראַכט קאַפּיטאַל־צינז און פּראָפיט אַלס קאָנסטיטואירענדע (צוזאַמענשטעלענדע) פאַקטאָרען אין די פּרייזען פון אַרטיקלען, און אין דעם, זאָלען זיי, נאָך איהם נאָך, בעצאָהלט ווערען פון די פערברויכער*** — און פון ער־

* „ארבייטס קוואַנטאַ“.

** דאָס־אָ איז נאָך דערצו בשום אופן ניט קיין שרייב־פערזעהען חלילה ביי אייך, נאָר אַ גאַנץ דאָגמאַטישע פאָרשטעלונג וואָס חזר׳ט זיך איבער אומעטום. זעה צ. ב. ז. 64 פון אייער קאַטעכיזם: „און אַלע געלד־אויסלאָגען לייזען זיך, סוף כל סוף, ווידער אויף אין ארבייטס־שכירות“; דאָסזעלבע אויף ז. 36, 60 און אַנדערשוואו.

*** באַסטיאַ בעטראַכט דעם פּראָפיט, מיט וועלכען דאָס קאַפּיטאַל ווערט פערגיטיגט פאַר דער לייסטונג, וואָס דאָס דאָזיגע טהוט אויף פאַר דער פּראָדוקציע, בפירוש אַלס אַ בעזונדערען עלעמענט, וואָס ווערט אויס־געצאָהלט פון דעם פערניצער אין פּרייז פון די פּראָדוקטען, צ. ב. האַרמ. עקאָ. ז. 230: „פון אַלע עלעמענטען, וואָס שטעלען צוזאַמען דעם

נעץ וואו מוז עס דאָך קומען, וואָרים פאַרהאַן איז עס דאָך, און נאָך ווי פאַרהאַן, דער דאָזיגער קאַפּיטאַל־פּראָפיט! —

פאַרקעהרט, וויעדער, די גאַנצע ענגלישע שולע, זינט ריקאַר־דאָ'ן, האַלט זיך ביי דעם, אַז קאַפּיטאַל־צינז און פּראָפיט זיינען גאָר ניט ק י י ן קאָנסטיטואירענדע פאַקטאָרען פון די פּרייזען אויף אַרטיקלען, אַז אין פּרייז אויף זאַכען ווערט גיכער בעצאָהלט בלויז

סך־הכל ווערטה* פון אַ וועלכען פּראָדוקט, (de tons les élements qui composent la valeur totale d'un prodiut quelconque) איז דער יעניגער, פאַר וועלכען מיר וואָלטען בעדאַרפט בעצאָהלען מיט בעזונדערן פערגעניגען, דער קאַפּיטאַל־צינז", אָדער דאָרטען אויף ז. 223: „זעהר צרה'דיגע עקאָנאָמען זיינען די, וואָס מיינען אַז מיר בעצאָהלען פּראָצענט פאַר קאַפּיטאַל, נאָר ווען מיר באָרגען דאָס דאָזיגע". גלייך דער־נאָך איז ער מסביר אַז דער קאַפּיטאַל־פּראָצענט ווערט בעצאָהלט אין די פּרייזען פון די אַלע פּראָדוקטען. באַסטיאַ זאָגט בפירוש, צ. ב. אויף ז. 157, וואו ער איז דאָס מסביר דורכ'ן משל מיט די קוילען:
(c'est la totalité de ces travaux qui constitue la valeur) „וואָס שטעלט צוזאַמען דעם ווערטה פון די קוילען, איז דער סך־הכל פון די דאָזיגע אַלע אַ ר ב י י ט ע ן". און דאָ איז דאָס וואָרט „אַ ר ב י י־ ט ע ן" גענומען, ווי עס טרעפט לארוב ביי באַסטיאַ, אין ריקאַרדאָ'ס זין פון אַ ר ב י י ט ס ־ כ ח ו ת, וואָס פאָדערן זיך אויף צו שאַפען אַ פּראָ־דוקט. אָבער אפילו באַסטיאַ אַליין, ווי ליגנעריש דער דאָזיגער שריפט־שטעלער זאָל שוין ניט זיין, וואָלט ניט געקענט פועל'ן ביי זיך צו זאָגען: עס איז דער סך־הכל "des salaires" (אַרבייטס־לוינען), וואָס שטעלט צוזאַמען דעם ווערטה פון די קוילען, אַנשטאָט „עס איז דער סך־הכל "des travaux" (אַרבייטען). אָוועקצושטעלען אַזוי קאַלטבלוטיג אויף אַ גלייכער וואָגשאָל אַרבייטס־כ מ ו ת 'ע ן און אַרבייטס־ל ו י נ ע ן — אויב עס ווערט געטהאָן ביודעים, און אומשטיינס געזאָגט, ווי אַזוי וואָלט מען געקענט אָנרופען אַן עקאָנאָם, וואָס נעהמט זיך דאָס אויספיהרען, ניט־וויסענדיג — איז איינס פון יענע פערטומלענישען וואָס בעפלעקען די ליטעראַטור, פאַר וועלכען עס לאָזט זיך גאָר קיין נאָמען ניט געפינען. און ווערט נאָך אַזוינס בעגאַנגען אין רעפעראַטען פאַר אַרבייטער, קען מען גאָר קיין ווערטער ניט געפינען אויף אָנצורופען עס, ווי אַזוי עס פערדיענט. — דער חלוק צווישען אַרבייטען, אַרבייטס־כמות'ען און אַר־בייטס־ש כ י ר ו ת ווערט אויבען, פונקט ווי אין ווייטערדיגען המשך, דייטליך דורכגעפיהרט.

* [טאָטאַל־ווערטה" איז פערגרייזט אויף „טויש־ווערטה" אין דער 1878 אויסגאַבע. א. א. ר.]

פאר ארבייטס־כמות׳ען. אויב דאס איז אמת, נעהמ פון דאנען ארויס דער וויטערדיגער פועל יוצא, וואס איך האב ענטוויקעלט בקיצור אין מיין „אנטוואָרטשרייבען"*, אז דער קאפיטאל־פראפיט נעהמט זיך פון דעם חלוק צווישען דער פערגיטיגונג פאר די ארבייטס־כמות׳ען מצד די פערברויכער און די ארבייטס־שכירות מצד די אונטערנעהמער; מיט אנדערע ווערטער: אז עס שאפט זיך דורך אן אבצוג פונ׳ם ארבייטער׳ס ארבייטס־שכר; און דורך דעם דאזיגען אבצוג ווערט טאקי די פערגיטיגונג פון ארבייטער פאר דער פולער מאס ארבייט, וואס ער ליפערט, — אראבגעזעצט ביז׳ן ארבייטס־לוין.

די גאנצע סאציאלע פראגע, פונקט ווי די גאנצע פאליטישע עקאנאמיע, דער חלוק צווישען דער גאנצער פראנצויזישער און ענגלישער שולע — אלץ שטעקט, אלזא, אין ז׳עם קנייטש פון דער דאזיגער נפקא מינה צווישען ארבייטס־כמות און ארבייטס־לוין.

איהר, אין אייער קאמישער אונוויסענהייט, הויבט גאר ניט אן צו וויסען, אז עס איז גאר פאראן אזא חלוק, און אזוי ארום לאזט איהר מיר־ניט־דיר־ניט די קאפיטאל־פראצענטען פערשווינדען פון דער וועלט, דערמיט וואס, נאך אייך נאך, זאל אין דעם פרייז פון די פראדוקטען בעצאהלט ווערען בלויז „שכירות"!

נאר דאס, פארפייגעהענדיג!

היינט ווילט איהר וויטער צייגען, אז דער ווערטה — וואס איהר פערשטעהט שטענדיג, און מיט רעכט, אין דעם זין פון טויש־ווערטה — ליעגט ניט אין דער ניצליכקייט פון די זאכען, און כדי צו בעווייזען דעם דאזיגען, אן און־פאר־זיך ריכטיגען, גאר פשוט׳ען און אזש טואוטאלאגיש קלאהרען זאץ — ווארים אודאי איז דאס אזוי גוט ווי טאוטאלאגיש, [צו זאגען], אז דער טויש־ווערטה ליעגט ניט אין נוץ־ווערטה — קלייבט איהר, ווידער, אויס א שלאגענדען ביישפיעל, ד. ה. א ביישפיעל, וואס שלאגט אייך ווידער רעכטס און לינקס אין פנים אריין.

איהר זאגט, (ז. 63) : „זאל מען נעהמען, למשל, א פראסטע זעמעל, וואס קאסט געוועהנליך א פאר גראשען; בעת א הונגער, אדער אין א בעלאגערטער שטאדט. קעהר עס אמאל זיין מיט גאלד

* אפענעס אנטוואָרטשרייבען, ציריך, מעיער און צעלער, 1863, ז. 17.

אָבצוווענגען. אויפ'ן סמך פון דעם געבעקס־שטאָף, אָדער פון דער ניצליכקייט דערפון, קען מען דאָס קיינמאָל ניט ערקלערען, וואָרים בנוגע דעם האָט זיך דאָך גאָר ניט געביטען. די בעשטאַנד־טהייי־לען פון דער זעמעל, די נאַהרונגס־קראַפט דערפון, דורך וועלכער עס ווערט געשטילט דער הונגער, זיינען דאָך איןביידע פעלע גע־בליבען דיזעלבע; און פונדעסטוועגען איז דער חלוק אינ'ם ווערטה א געוואַלטיגער."

דאָס הייסט וואָרט־געשוווילעכץ אביסעל; ס'ארא עם הארצות אביסעל!

אָנשטאָט צו בעווייזען, וואָס איהר ווילט דורך דעם בעווייזען, בעווייזט יענער ביישפּיעל בלויז, אז איהר האָט לחלוטין קיין ידיעה ניט אין דעם עקאָנאָמישען מאטעריאל, מחמת צוליעב די פאקטישע בעדינגונגען, אין וועלכע איהר האָט די זאך אוועקגעשטעלט, געהער זיך עס אָן מיט זאכען פון א גאנץ אנדער סדר.

אַלע זאכען, נאָך ריקאַרדאָ'ן* נאָך, צופאַלען, בנוגע דעם פרייז, אויף צוויי מינים: אין אזעלכע, וואו זייער צאָהל קען פערמעהרט ווערען אויף וויפיעל מען וויל־נאָר, און אין דער קליינער צאָהל זא־כען, וואָס קענען ניט פערמעהרט ווערען אויף וויפיעל מען וויל.

ביי ארטיקלען פון ערשטען מין ווערט אפילו דער מארק־פרייז אויך לכתחילה בעשטימט דורך דער פערהעלטנים צווישען דעם אָנ־באָט און דער נאָכפראגע, אָבער אזוי ווי דער דאָזיגער אָנבאָט קען אויף וויפיעל־נאָר פערמעהרט ווערען, ווערט שוין דער פרייז פון די דאָזיגע ארטיקלען, אויפ'ן סוף, בעשטימט דורך **זייערע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען**.

די ארטיקלען פון צווייטען מין, פארקעהרט, די וואָס קענען ניט פערמעהרט ווערען לויט'ן וואונש, האָבען א **מאָנאָפּאָל פּרייז**, ד. ה. זיי הענגען לחלוטין אָב פון דער צאָהל וואָס איז בנמצא לפי ערך צו דער נאָכפראגע אויף זיי, וואָס ווענגען איהר לאָזט זיך ערשט אורטהיילען, ווען א בעשטימטער פרייז ווערט געשטעלט: אָט למשל ביי די פּראָדוקטען פון זשעניע. בילדער פון ראפאעל זיינען

* ריקאַרדאָ, פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקל איקאָנאָמי, טה. 1, ז. 4, קאָנ־סטאַנציאָ אויסג.

זאכען, וואס לאזען זיך בשום אופן ניט פערמעהרי׳ן לויט׳ן וואונש, מעג מען מי יודע וויפיעל קאפיטאל און ארבייט פערוועגדען דארויף.

זייער פרייז קען דערפאר זיין 30,000, 50,000 אדער 100,000 טאלער. עס שטעהט מחוץ א־יעדער שייכות צו זייערע פראדוקציאנס־קאסטען. דאסזעלבע איז מיט׳ן פרייז פון זעהר זעלטענע וויינען, אזעלכע וואס קענען נאר געדייהען אונטער גאנץ בעזונדערע אומשטענדען, א שטייגער דער קלאו דע וואוזשאו. דער פרייז איז דא לויטער מאנאפאל־פרייז, וואס ווערט אלעמאל בעשטימט, ווי דאס איז דער פאל דוקא ביי אלע* מאנאפאלען, דורך דער פערהעלטנים צווישען די פארהאנענע ראפאעלס א. א. וו. צו דער צאהל קויפער, וואס יאווען זיך נאך אלס גרייטע בעלנים אויף יענע פרייזען.

מיט פערשיעדענע ענדערונגען, וואס זיינען אונז דא ווייטער ניט נוגע, איז דער געדאנק פון דער דאזיגער איינטהיילונג אדער אונטערשיידונג, וואס ריקארדא האט געמאכט, אנגענומען געווארען פון דער גאנצער וויסענשאפטליכער עקאנאמיע, און איז ווייטער אויסגעארבייט געווארען.

נו, זעהט איהר שוין, הערר שולצע, אז צוליעב דעם, וואס אין באסטיא׳ס אנפאנג־ביכעל שטעהט גראד גארניט דערמאהנט דערפון, האט איהר ניט די מינדסטע ידיעה פון דער דאזיגער איינטהיילונג. א־ניט, וואלט איהר ניט געקענט האבען אויסגעקליבען אייער ביישפיעל.

ווארים אין א בעלאגערטער שטאדט, וואו עס הערשט הונגער, מחמת דער צופריט צו איהר איז אבגעשניטען, איז דער פרייז פון דער זעמעל, אין העכסטען גראד, א מאנאפאל־פרייז. עס איז לגמרי געווענדט אן דעם, וויפיעל זעמלען מען קען נאך שאפען אינווענינ אין שטאדט, און וויפיעל מיילער מען דארף קארמענען.

אט דער ביישפיעל איז, אלזא, באין אופן ניט ביכולת צו בעווייזען דעם זאץ, וואס איהר האט דערמיט געוואלט בעווייזען, ווארים עס איז ארויסגעכאפט פון א גאנץ אנדער סדר זאכען; און גראד דא ווערט די ארבייט, וואס פארדערט זיך אויף צום שאפען

* (דאס ווארט „אלע" איז אויסגעלאזען אין דער 1878 אויסג. א. א. ר.)

די זעמעל, לחלוטין בטל אלס ווערטה־פאַקטאָר ! יאָ, דער ביישפּיעל איז אַ ז ו י קונציג אַרויסגעכאַפּט, אַז דוקא אין אַט דעם פאַל קען זיך טרעפען, בדרך יוצא מן הכלל, אַז פאַר׳ן אַרטיקעל ווערט בע־צאָהלט נאָר אויפ׳ן סמך פון דער נ י צ ל י כ ק י י ט, וואָס איהר ווילט דאָך גאָר דורכ׳ן ביישפּיעל אָ ב ש ל אָ ג ע ן.

וואָרים ווען, למשל, בערלין איז בעלאַגערט, און עס הערשט אַ הונגער אין שטאָדט, ווי איהר מאָלט זיך דאָס אויס, איז, אויב עס זאָל זיך נאָר געפינען נאָך איין זעמעל אין בערלין אָדער אַשטייגער נאָך טויזענד זעמלען נאָר, וועט הערר ריייכענהיים אָנבאָטען אפשר 100,000 טאָלער — פאַר איין זעמעל, און אַנדערע, וואָס קענען אַזוי הויך ניט באָטען מיט געלד, וועלען אַנטקעגענבאָטען מיט די הענד, שטעקענס, מעסערס. מען וועט זיך הרג׳ען, ממית׳ען אבי צוצונעה־מען צו זיך אין רשות די זעמעל. מיט אַנדערע ווערטער : מען וועט בעצאָהלען פאַר דער זעמעל נאָך דער נ י צ ל י כ ק י י ט נאָך, כדי זיך צו ראַטעווען פון אַ הונגער־טויט. דער טויש־ווערטה וועט אין אַט אַזוינע אויסנאַהמס־אומשטענדען ווערען גלייך מיט׳ן נוץ־ווערטה ; און אַזוי ווי די זעמעל האָט די נ י צ ל י כ ק י י ט אין זיך צו ראַטעווען דאָס לעבען, וועט מען דערפאַר איינשטעלען און אַוועקגעבען ד י ד אָ ז י ג ע נ י צ ל י כ ק י י ט ג ו פ אָ — ד אָ ס ל ע ב ע ן !

מיט אַזאַ געניטקייט און געשיקטקייט קלייבט איהר צו אייערע ביישפּיעלען, אַז גראָד אין דעם פאַל, וואָס איהר האָט אָנגעכאַפּט, קומט פאָר, אַלס אויסנאַהם, אָט דאָס וואָס איהר ווילט אָבשלאָגען, דהיינו, אַז מען בעצאָהלט פאַר אַרטיקלען לויט דער נ י צ ל י כ־ ק י י ט.

איהר זאָגט ווייטער (ז. 64) : „אין דער אַ ר ב ־ י י ט, אַלזאָ, אין דער אָנשטרענגונג פונ׳ם מענשען, וואָס פאָרדערט זיך אויף צוצושטעלען אין אונזער רשות אַ נוצבאַרען אַרטיקעל אָדער אונז צו שאַפען אַ ניצליכע לייסטונג — אין דעם, גאָר און אַליין, שטעקט דער ווערטה“.

עד כאן זאָל נאָך דער פּרינציפּ פון ווערטה — וואָס אַנבע־לאַנגט די ווערטער — אַלץ בעשטעהען אין דער אַ ר ב י י ט, לויט איהר פּ אָ ז י ט י ו ו ע ר אויפפאַסונג פון סמיטה און ריקאַרדאָ. נו, מוז מען דאָך אָבער פאָרט אַמאָל איבערגעהען ביסלעכווייז, צו דער

סאמע, ווי מיר ווע‏לען ווייזען, להיפוכ׳דיגער אויפאסונג פון באסטיא, צו דער טהעאָריע פון „דיענסט“.

איהר כאפט דעריבער ווידער אָב דעם אָטהעם און הויבט אָן: „דערמיט איז נאָך פונדעסטוועגען ניט געלייזט די פראגע. וואָרים כידוע, פעראייניגט דער טויש צוויי ארבייטס־אקטען: לייסטונג און געגענלייסטונג, אין וועלכע די ביידע בעלי דבר, די צדדים אין געשעפט, האָבען א געגענזייטיגען אינטערעס בנוגע דער אָבשאצונג. נ. וועט תמיד וועלען קריגען פאר זיין זאַך אָדער זיין לייסטונג אזוי פיעל, ווי עס איז נאָר מעגליך; און ס. ווידער וועט וועלען געבען דערפאר אזוי ווייניג, ווי עס איז נאָר מעגליך. מיט אנדערע ווערטער: יעדערער וועט דעם אנדערנס מלאכה אין דער געגענזייטיגער לייסטונג אָבשאצען אזוי ניעדריג ווי מעגליך, און די ארבייט אין דער אייגענער לייסטונג אזוי הויך ווי מעגליך. הייגט, וואָס איז מכריע צווישען זיי? וואו ליעגט דאָ סוף־כל־סוף דער אייניגונגס־פונקט? — זיינען דאָס אפשר די אָנשטרענגונגען, די אריינגעלעגטע מיה, וואָס יעדע פון די דאָזיגע לייסטונגען האָט געקאָסט דעמיעניגען, וואָס שטעלט זיי צו? טאָ קען, צ. ב. נ. זאָגען: אָט דאָס, וואָס איך שטעל דיר צו, קאָסט מיר מיינע דריי טאָג ארבייט, מוזט דו מיר אָקאָרשט אויך געבען די פרוכט פון דיינע דריי טאָג ארבייט? — אנטקעגען דעם רעדט דער אויבען שוין ארומגערעדטער תכלית פון דער ארבייט און פון טויש — די בעפריעדיגונג פון בעדערפנישען. נאַטירליך, קען עס זיך ניט ווענדען אָן דעם, צי אימיצער איז מעהרער אָדער ווייניגער בעשעפטיגט, אלא, עס איז געווענדט אָן דעם, וואָס ער שאפט; ניט אָן דעם ארבייטס־אקט גופא, נאָר אָן דער פעולה, וואָס די ארבייט האָט, מחמת ניט דעם אנדערנס טרחה, נאָר זיין פראָדוקט, קען ווערען אריבערגעטראָגען אויף אנאנדערן, און איז מסוגל צו בעפריעדיגען בעדערפנישען.

„מעג זיך דער בעקער למשל, ווען עס פאסירט וואָס מיט זיין טייג, האָבען צרות, ווי נאָר, איידער ער מאכט פארטיג דאָס ברויט דערפון, ווערט נאָך קיינער ניט זאט פון זיין ארבייט און קיינער וועט איהם ניט בעצאָהלען פאר דער מיה וואָס ער האָט געהאט. ווייטער. קעהר א ניט־געשיקטער ארבייטער בעדארפען 8 טעג אויף אָבצופארטיגען א שטיקעל ארבייט, וואָס א געשיקטער פיהרט אויס

אין צוויי טעג. נו, איז בכן, וועט אימיצער זיין נוטה איהם צוצושטעלען דערפאר אויך די פּרוכט פון זיינע אייגענע 8 טאָג ארבייטס־צייט?“

נאָך די־אַ קינדערשע ביישפּיעלען * געהט איהר דערנאָך, מיט מזל איבער צו *באסטיאַ*'ס בעריהמטען ביישפּיעל מיט'ן *דימענט*, אויף וואָס ער האָט געבויט זיין טהעאָריע פון „*דיענסט*“:

„אימיצער געפינט גראָד אַ דימענט און האָט פאָלגליך צו זאָגען איבער אַ גרויסען ווערטה. ער פערלאַנגט פון אַ בעלן אויף דעם, פאַר אָבלאָזען איהם דעם שטיין, אַ סומע וואָס טראָגט אויס דאָסזעלבע ווי דעם לעצטענס ארבייטס־איינטראָג דורכ'ן יאָהר. נו, קען עפּעס דער קונה טענה'ן אויף דעם, אז דער געפינער האָט אַ מינוט צייט אויך ניט געדאַרפט אויף אויפצוהויבען דעם שטיין, און אז כדי דאָס ארייצוקריגען, האָט ער אַזוי גוט ווי גאָר קיין טרחה ניט אַוועקגעלעגט אויף דעם. און אז זיי דאַרפען דאָך ביידע אויסטוישען דעם בעטרעף פון דערזעלבער מאָס ארבייט, איז שוין ווּיבאַלד אַזוי, דער טויזענד־חלק פון זיין פאָרדערונג צו הויך. געוויס, וואָלט דער געפינער אָבענטפערן, אז אויב דער אנדערער האָלט

---

* איהר געהט דאָ אַזוי וויט אַזש, אַז איהר זאָגט (ז. 65)2: ווען מען צ. ב. אָנמוטען דעם מעדיקער, דעם שטאַאַטסמאַן, דעם קינסטלער, אַז זיי זאָלען אַוועקגעבען דעם שכר פון זייער ארבייט פון אַ געוויסער צייטדויער פאַר דער מלאָכה פון אַ פּראָסטען טאָג־אַרבייטער פון דערזעלבער צייט־דויער? און *דאָס וואָלט מען דאָך דוקא געדאַרפט טהאָן*, אויב אין דער *אַרבייט* פון דעם, וואָס פיהרט אויס די לייסטונג, וואָלט געלעגען דער מאַסשטאַב פון ווערטה (III)“ געוועהנטליך, האָט איהר דערביי וויעדער באַסטיאַ'ן, ז. 177, אַלס פאָרגעגנער. איהר און אייער אָריגינאַל הויבען ניט אָן צו וויסען פון דער גאַנץ אַלגעמיין־אָנגענומענער אונטערשיידונג אין דער עקאָנאָמיע צווישען *קוואַליפיצירטע* ארבייט און *אונקוואַליפיצירטע פּראָסטע* אַרבייט, צוו־שען skilled labor און unskilled labor — נאָך וועלכער נאָך, יעדע העכערע קוואַליפיצירטע אַרבייט לייזט זיך אויף אין אַ גרעסערער מאָס פּראָסטע אַרבייט. די לעצטע בלייבט אַלזאָ, דער מעסט־איינס פון אַלע קאָמפּליצירטע מינים אַרבייט. *וויפיעל* אַרבייטס־טאָג פּראָסטע אַרבייט עס נעהמט אין זיך אריין אַ טאָג קוואַליפיצירטע אַרבייט אין אַ וואָסערער ניט־איז בעשעפטיגונג, ווערט טאַקי היינט פעסטגעשטעלט אויפ'ן סמך פון קאָנקורענץ. פגל. מיין „אַרבייטערלעזעבוך“!

די פארדערונג פאר צו הויך, טא קען ער זיך געהן געזונטינקערהייד און זיך אליין אויפזוכען אזא שטיין. פערשטעהט זיך, אז יעמאלט קען זיך טרעפען מיט׳ן בעלן, אז ער זאל ביי דער דאזיגער זוכעניש אויסברייגגען עטליכע יאהר אויף סכנות׳דיגע און טהייערע נסיעות, און מיט דעם אלעמען, זאל ער גאר צומאל ניט זיכער זיין מיט אן ערפאלג. און דא טאקע האבען מיר זיך טאקי אנגעשטויסען אן דעם עצם פונקט, פון וואנען דאס העגגט אלץ אב. ניט אין געפינען דעם דימענט, נאר אין אבלאזען דאס דעם בעלן, ליעגט די דיענסט־לייסטונג. און דעם קונה קעהר עס זיין לחלוטין אלץ איינס, און אויפ׳ן ווערטה פון דער דיענסט־לייסטונג מוז עס זיין אהן א ברעקעל איינפלוס, ווי אזוי יענער, פון זיין זייט, איז געקומען דערצו, אז ער זאל ארייגקריגען דעם שטיין. דער ווערטה, וואס דאס אבלאזען דעם שטיין האט פאר׳ן בעלן, ווענדט זיך גיכער אן יענער ארבייט, וואס דער קונה פערשפארט זיך דורך דעם, ד. ה. מיט׳ן פערברויך פון כחות און געלד, וואס עס וואלט איהם געקאסט אליין אויפצוזוכען דעם שטיין".

הייסט עס, אז מיר האבען שוין דערגרייכט מיט מזל אין כאמע מיטעל פונקט פון באסטיא׳ס בעריהמטער „דיענסט" קאטעגאריע, וואס איהר האט, אגב, שוין אוועקגעלעגט אלס פונדאמענט באלד ווי איהר האט אנגעהויבען (ז. אויבען ז. 121.) אייער דעפיניציע פון ווערטה (אלס פערהעלטניס צווישען צוויי דיענסט־לייסטונגען).

אבער דזשאן פאלסטאף׳ס* בויך איז שוין ניט אזוי אנגעפגעט, פערשוואומען, און אומגעזונט ווי די דאזיגע באסטיא׳ס קאטעגאריע „דיענסט". שוין צייט, שוין צייט, הערר שולצע, אמאל אויפצושטעכען אט דעם אנגעפוזעטען בויך און פטור צו ווערען פון די פאסקודנע שליאמען, מיט וועלכע ער האט פערגיפטעט די פאליטישע עקאנאמיע זינט פון באסטיא׳ן אן. „דיענסט" איז בכלל קיין עקאנאמישע קאטעגאריע ניט, הערר שולצע, און מיר וועלען דערפאר מיט אייער און הערר באסטיא׳ס ערלויבניש

---

* דער בעקאנטער בעל עבירה׳ניק אין שעקספיר׳ס „היינריך דער 4־טער" און „די לוסטיגע ווייבלעך פון ווינדזאר"; און דער בולט׳סטער טיפ פון א לץ אין דער גאנצער דראמאטישער ליטעראטור. א. א. ר.).

„ד י ע נ ע ן" דעם דאָזיגען „ד י ע נ ס ט" מיט דעם, וואָס מיר וועלען דאָס ווידער ארויסוואָרפען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואו עס געהער זיך ניט אָן. איהר וועט דערביי געפינען פאַר נאַטירליך, אַז מיר זאָלען זיך דאָ ווענדען, דער עיקר, געגען אייער גרויסען מייסטער באַסטיאַ, אַנשטאָט געגען אייך, וואָס טהיילוויז חזר'ט איהר רק איבער דאָס, וואָס יענער אונעקאָנאָמישער מח זאָגט איבער דעם, און טהיילוויז פערדאַרבט איהר און צו קאַליעטשעט עס נאָך. נאַר, נישקשה, אייער פולען מעסטעל זאָלט איהר נאָך אויך בעקומען דערביי!

איך האָב אַלזאָ געזאָגט: אין דער דאָזיגער קאַטעגאָריע, וואָס איז מעהר אָנגעפּוזעט, פערשוואומענער און מעהר אומגעזונט ווי דזשאָן פאָלסטאַף'ס בויך — איז געוואָרען אַ תל פון יעדען ברעקעל ע ק אָ נ אָ מ י ש ע בעשטימטקייט, אויף אַזאַ'ן אופן, אַז איצט איז עס שוין טאַקי דערפאַר ג אָ ר ק י י ן עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע ניט!

וואָס אַזוינס איז דען ניט קיין „דיענסט־לייסטונג", הערר שולצע!

ווען דער האַמבורגער מאַטראָז קומט צוריק אין די האַמבורגער ביליגע שענקען נאָך אַ ים־נסיעה פון פיעלע חדשים, טהיילען איהם צו די דאָרטיגע גאַסען־מיידלעך, וואָס איז ניט צום לייקענען, אַ [דיענסט] ל י י ס ט ו נ ג*! אַן אָבגעאָרדענטער, וואָס פערקויפט

* (אין דער גאַנצער סוגיא איבער „דיענסט", וואָלט מען אפשר יאָ געקענט אַמאָל איבערזעצען דאָס וואָרט אַלס טובה, לאַסקע, נוץ אָדער עהנליכעס, אָבער מען מוז דאָ אין זינען האָבען אַז דאָס וואָרט „דיענסט" ווערט דאָ אומעטום בענוצט אין אַ שטרענג טעכנישען זין. באַסטיאַ'ס טהעאָריע בעציהט זיך אויף די גלייכע בעציהונגען צווישען פּראָדוציר־ער און פערניצער, אָדער צווישען מוכר און קונה. אַ וואָרט ווי טובה אָדער לאַסקע וואָלט בעטאָנען דאָס גוטס, וואָס דער פערניצער אָדער בעלן קריגט. דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען וואָרט „נוץ", און, אגב, וואָלט מען דאַן געמאַכט אַ טעות צווישען באַסטיאַ'ס „דיענסט"־טהעאָריע און דער „נ ו ץ ־ ט ה ע אָ ר י ע, וואָס זיין לאַנדסמאַן זש. ב. ס י י האָט געשאַפען און וואָס איז שפּעטער ענטוויקעלט געוואָרען פון ה ע ר מ אַ ן און מ ע נ ג ע ר.

פונקט ווי אַזעלכע ווערטער ווי טובה, לאַסקע און נוץ ברענגען אַרויס די איינזייטיגע בעציהונג צווישען דעם „נעהמער" און דער זאַך, אַזוי דריקען, פון דער אַנדערער זייט, אויס אַזעלכע ווערטער ווי אַרבייט אָדער

זיך צום מיניסטעריום, אָדער וואָס דעזערטירט אָהן געצאָהלט צור־
ליעב פיינהייט, דערמיט וואָס ער „איז מקריב זיין פּאַרטיי־פּאָליטיק
אויפ׳ן מזבח פון זיין פאָטערלאַנד“, ווי לעווע־קאַלבע * האָט אליין
ערקלערט אין דער 12 מיליאָן־דעבאַטע, אז דאָס איז געוועזן זיין
כונה — ל י י ס ט ע ט אויך וואָס פאַר דעם דאָזיגען מיניסטעריום.
קיין מ ל אָ כ ו ת זיינען דאָס, נאַטירליך, ניט; ל י י ס ט ו נ ג ע ן,
אָבער, יאָ; און ל י י ס ט ו נ ג ע ן נאָך דערצו, וואָס וואָלטען, אין
אַלדע רוחות, משונה׳דיג אָבגעצאָהלט געוואָרען, אויב מען וואָלט
זיי געדאַרפט אָבצאָהלען, ווי איהר פערלאַנגט עס, מיט „יענער אר־
בייט, וואָס דער בעלן פערשפּאָרט זיך דערמיט“
אַ פּאַיאַץ וואָס מאַכט מיך לאַכען אין צירק, „לייסטעט“ מיר
אויך וואָס, און אז איך זאָל וועלען טאַקי די דאָזיגע „לייסטונג“ לאָ־
זען גילטען אלס „ארבייט“, וואָלט איך איהם דאָך באין אופן ניט
געקענט בעצאָהלען מיט „יענער ארבייט וואָס איך, דער בעלן, פער־
שפּאָר זיך דערמיט!“ ד. ה. דאָ, אַלזאָ, מיט יענע אָנשטרענגונגען.
וואָס איך מוז אויף זיך נעהמען, כדי איך זאָל אויף מיר ארויפצווינ־
גען אַט אזאַ געלעכטער.
איך גופאָ דערמיט, וואָס איך שרייב דאָס איצטיגע בוך, טהייל
אייך צו אַ ג ר ו י ס ע „דיענסט־לייסטונג“, הערר שולצע! וואָרים
אפילו, אַז איהר זאָלט דאָס ניט מודה זיין אַ דריטען מענשען, וועט
איהר אָבער פאָרט לערנען אַ רעכט ביסעל עקאָנאָמיע פון דעם.

* (אַ פּאָליטיקער פון לאָקאַלער וויכטיגקייט, וואָס האָט פריהער גע־
הערט צו די לינקע דעמאָקראַטען אין דייטשלאַנד, און האָט זיך דערנאָך
אָנגעשלאָסען אָן דער פאָרטשריטס־פּאַרטיי. בעקאַנט האָט ער זיך געמאַכט
אַלס פּרעזידענט פון שטוטגאַרטער פּאַרלאַמענט, אין לאַסאַל׳ס צייט. א. א. ר.

מלאָכה, ו ו י ע ד ע ר, אַן אייגזייטיגע שייכות, דהיינו, די בעציהונג
צווישען דעם „געבער“ אָדער דעם שאַפער און דער זאַך. דאָס וואָרט
„לייסטונג“ אָבער, אָדער „דיענסט־לייסטונג“ איז אין זיך כולל בײדע
בעגריפען — אי דעם „ג ע ב ע ר ׳ ס“ מ י ה און אי דעם „נ ע ה־
מ ע ר ׳ ס“ ט ו ב ה.
ווייטער איז אויך כדאי צו בעמערקען, אַז דאָס ריין־טעכנישע וואָרט
„דיענסט“ ווערט נאָר בענוצט אַלס נ אָ מ ע ן פון דער טהעאָריע, בעת דאָס
וואָרט „לייסטונג“ אָדער „דיענסט־לייסטונג“ בעציהט זיך — אין די בע־
זונדערע פעלע — אויף דער ה אַ נ ד ל ו נ ג גופאָ. א. א. ר.)

היינט שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָסערע ביבליאָטהעקען איהר וואָלט דאָס געמוזט דורכלייענען און וואָס פאר אַן אַנשטרענגענדען און זעלבסטשטענדיגען דענקען, צו וואָס איהר זייט לגמרי ניט מסוגל, איהר וואָלט דאָס אַלץ געמוזט דורכמאַכען, איידער איהר וואָלט זיך איינגעשאַפט אַליין די ידיעות, וואָס איהר בעקומט שפּיעלענדיג און וועט נאָך ווייטער בעקומען אין דעם המשך פון אָט דעם בוך. און פונדעסטוועגען, ווען איך שיק אייך אריין א רעכנונג פאַר דער דאָזיגער „לייסטונג", וואָלט איהר געוועז שטארק פערוואונדערט און פּלוצלונג גענומען טענה'ן, גאַנץ להיפוך צו אייער עקאָנאָמישער טהעאָריע, אז עס זיינען דאָ „לייסטונגען", וואָס לאָזען זיך נ י ט בעגיטיגען.

שעהנערס נאָך, אמעהר איך האָב אייך אזא לייסטונג צוגע־טהיילט, וואָס ווערליג דעם קנאַפּען בעטרעף וואָס איהר לעגט, ווי מען זעהט עס קלאָהר ארויס, אויף וויסען, מוזט איהר דאָס נאָך טהייערער אָבשאַצען ווי די פריהער־דערמאָהנטע לייסטונג.

דורך מיין אגיטאַציע האָב איך דערצו געבראַכט, אז די סוחרים און פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען אייך פריהער גאָר ניט געקענט ליידען — דערמאָהנט זיך נאָר וואָס די „זיד־דייטשע צייטונג" האָט צוגעגעבען — זאָלען אייך צוטראָגען א נאַציאָנאַלע מתנה פון 45,000 טאָלער. די דאָזיגע „לייסטונג" האָב איך אייך צוגע־טהיילט; און אָהן מיר וואָלט איהר קיינמאָל ניט געקראָגען קיין פּרוטה פון דער דאָזיגער סומע! און פונדעסטוועגען, וואָלט איהר דאָס א ביסעל געלאַכט ,ווען איך וואָלט דערפאַר נעהמען בעטען ביי אייך דעם בעטרעף פון דער ארבייט וואָס איז אייך דורך דעם פער־שפּאָרט געוואָרען — אַלזאָ די גאַנצע 45,000 טאָלער טאַקי.

איהר זעהט שוין אז עס זיינען פאַרהאַן „לייסטונגען", פאַר וועלכע מען קען ניט בעצאָהלען; וואָס ביי דער א ר ב י י ט א י ז ד אָ ס נ י ט א ז ו י. און איהר דאַרפט שוין אַליין קענען דרינגען דערפון, אז „דיענסט" איז ניט קיין עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע!

אָבער שפּאַס אָן א זייט, הערר באַסטיאַ־שולצע, איך וועל אייך איצט ברייננען א דרייענדיגע ראיה, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו פעריאָגען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אָט די נעפּעלדיגע ערפינדונג פון הערר באַסטיאַ.

איך וועל צייגען ע ר ש ט ע נ ס, צוליעב וואָס פאַר א בעדערפ־

ניש און וואסערע לפנים׳דיגע שוועריגקייטען עס האט געקענט ענטשטעהען באסטיא׳ס טהעאריע פון „דיענסט“; צווייטענס, ווי דורך דעם ווערט פערוואנדעלט אין זיין אבסאלוטען לאגישען היפוך — דער כלל פון אדאם סמיטה און ריקארדא, אז די ארבייט איז דער יסוד און מאסשטאב פון די ווערטהען; דריטענס, אז אט דער באסטיא׳שער ווערטה־מאסשטאב איז אן עקאנאמישע אונמעגליכקייט און ווילדקייט אהן גלייכען.

דער בשותפות׳דיגער כלל פון אדאם סמיטה און ריקארדא, אז די ארבייט שטעלט מיט זיך פאר דעם פרינציפ און מאסשטאב פונ׳ם ווערטה פון זאכען — וואס איז אין דער עקאנאמישער וויסענשאפט אנגענומען געווארען מיט א זעלטענער איינשטימיגקייט, שיינט, אין דער אמת׳ען, נאך צו לאזען עטליכע ערנסטערע שוועריגקייטען אונפערענטפערט. ניט פון אייערע קינדערשע ביישפיעלען, הערר שולצע, אז ביי א בעקער קען עפעס פאסירען מיט׳ן טייג, אדער אז פאר א ניט־אויסטויגליכען ארבייטער קען זיך פארדערן 8 טעג, אום צו שאפען אן ארבייטס־פראדוקט, וואס דארף נעהמען צוויי טעג — ניט פון דעם וויל איך שמועסען. ווארים אז די אינדיווידועלע ניט־אויסטויגליכקייט שטעלט מיט זיך ניט פאר קיין עקאנאמישען אבשלאג און אז איטליכער קען, נאך יענם כלל נאך, פערלאנגען, אז אין פרייז זאל מען איהם בעצאהלען נאר פאר דער נארמאלער מאס ארבייט, דאס וואס עס פארדערט זיך אויף צוצוגרייטען א פראדוקט — דאס, זעהט איהר, איז פון תמיד אן געווען אלעמען קלאהר א חוץ אייך און באסטיא׳ן * ! אבער עס קוקט אויס, ווי איינינגע ערנסטערע שוועריגקייטען וואלטען זיך דא אנטקעגענשטעלען.

* ווארים געוועהנטליך האט איהר אין דעם אויך וויטער באסטיא׳ן פאר׳ן ערב, וועלכער ברייננגט אייך דאס, כלעבען, צוזראגען פארטיגערהייד, מיט די ווערטער (דארטען ז. 177) : „עס טרעפט זיך נאך אפטער אז אן איינגעגעסענע, מארודנע ארבייט זאל ניט מעהר ווי דערלאנגען צום שיין, צום אונווערטה. אויב די מעשה איז יא אזוי, טא ווי אזוי קען מען אוועקשטעלען א קארעלאציע, א שטרענגע פראפארציע צווישען ווערטה און ארבייט? א. א. ר.)

ווען ביי היינטיגען טאג, צ. ב. קומט פאר צוליעב א וואסער ניט־איז ערפינדונג אדער א פערבעסערטער מעטהאדע, ווי אומבעדייטענד עס זאל ניט זיין, א פערקלענערונג אין דער הוצאה, און ממילא אין דער כמות ארבייט, וואס עס פאדערט זיך אויף צו פראדוצירען אן ארטיקעל, מוזען אלע צוגעגרייטע פראדוקטען צוזאמענגענומען, וויזען דיזעלבע פערקלענערונג אין פרייז. אומזיסט שרייען די פראדוצירער, אז דער נייער פרייז שטעהט אונטער׳ן פרייז, וואס זיי האט געקאסט, אז עס איז, הייסט עס, אונטער דער מאס ארבייט, וואס האט ביז אהער, און נאך [אפילו] נעכטען, גענוזט נארמאל און נויטהווענדיג איינגעשטעלט* ווערען אין דעם דאזיגען ארבייטס־פראדוקט. אהן שום טענה ומענה מוזען די־א פראדוקטען אוועקגעגעבען ווערען אויפ׳ן איצטיגען פרייז, מעג עס אפילו אנטרעפען א העלפט פון דער מאס ארבייט, וואס איז דארטען איינגעשטעלט געווארען.

נו, וויבאלד אזוי, טא קען מען נאך [איצטער] זאגען, אז די נארמאלע מאס ארבייט (קאסט־פרייז), וואס האט זיך געפאדערט אויף צו פראדוצירען אן ארטיקעל, שטעלט מיט זיך פאר דעם מאסשטאב פון זיין ווערטה?

אדער זאל מען אנכאפען דעם פאל, וואו עס קומט פאר, ווי דאס פאסירט רעגעלמעסיג פון צייט צו צייט, אן ענדערונג אין געשמאק און בעדערפניש פון א פעריאדע. אויפ׳ן שטעל, ווערט פון די ארטיקלען, וואס האבען ביז איצט געענטפערט אויפ׳ן געשמאק און בעדערפניש — שמאכטעס, ניט קוקענדיג אויף דער גאנצער קוואנטיטעט ארבייט, וואס איז אין זיי אריינגעלעגט געווארען, און דוקא נויטהווענדיג אין זיי אריינגעלעגט גע־

* „פיקסירען". לאסאל רעדט דא, ריכטיג ווי יעדע מזכבת חאט זיך איהר בעשטימטע מאס. ער פאסט אויף די ארבייט פונקט ווי עס וואלט געווען א ממשות׳דיגע הארטע זאך, וואס דארף בעטראכט ווערען אלס גאנצעס, ווי עס וועט נאך, אגב, אנגעוויזען ווערען אונטער דער אנמערקונג אויפ׳ן ווארט „גערענגענזיין". א. א. ר.

ווארען; און אלס טראנטעס קענען זיי זיך אויסזוכען עפּעס א צרה'דיגען אויסגאנג פאר זייער פסול'ער עקזיסטענץ.

אָדער שוין זאָגענדיג, אז אזא ענדערונג אין געשמאַק און בע־דערפניש איז ניט פאָרגעקומען, איז [אָבער] געוואָרען אן אי־בער־פּראָדוקציע אין אן ארטיקעל, וואס איז דער שטענדי־גער גורל פון אונזער מאָדערנער פּראָדוקציע — און מען דאַרף ניט מיינען, אז עס קומט דאָ צו טאַדלען א וועלכען פּראָדוצירער, ווען זיינע קאָנקורענטען אין איירָאפּא און די דערבייאיגע וועלט־טהיי־לען האָבען פּראָדוצירט מעהר, ווי עס האָט איהם געקענט איינפאַ־לען — און כאָטש ניט די בעדערפניש פאַר דעם דאָזיגען ארטיקעל און ניט די ארבייט. וואָס פאָרדערט זיך אויף דאָס צו שאפען, איז אָבגעפאַלען, פאַלען די־אָ אַלע פּראָדוקטען אויף א העלפט פון זייער קאָסט־פּרייז אפשר, און מוזען אויסגעבראכט ווערען אויף א העלפט פון דער מאָס ארבייט, וואָס עס איז געווען ניצליך און א מוז אין זיי אריינצולעגען.

צי קען מען אנטקעגען די דאָזיגע ערשיינונגען זיך נאָך אַלע האַלטען ביים כלל, אז די מאָס ארבייט וואָס איז אריינגעלעגט גע־וואָרען אין אן ארטיקעל איז דער מאסשטאב פון זיין ווערטה?

אַזעלכע בעטראַכטונגען וואָלטען עס, לכל הפחות, געקענט זיין די, וואָס האָבען ביי באסטיא'ן ארויסגערופען דעם געדאנק, אוועקצושטעלען אלס מאסשטאב פון ווערטה ניט די „ארבייט" גופא. נאָר די „דיענסט־לייסטונג", וואָס ווערט צוגע־טהיילט דעם פערניצער דורכ'ן אָבלאָזען איהם אן ארבייטס־רעזול־טאַט, מחמת דאָס, ווי מיר וועלען באלד זעהען, וואָלט משמעות בע־זייטיגען די דאָזיגע לפנים'דיגע שוועריגקייטען.

און ווי נאָר אָט דער געדאנק איז איהם ארויפגעקומען אויפ'ן רעיון, אזוי האָט ער באלד, און נאָך איהם אַלע נשמות פון זיין שניט, ענטדעקט מיט א שמחה די „דיענסט־[לייסטונג]", וואָס אָט די נייע קאַטעגאָריע „דיענסט" מוז צוטהיילען אַלע עקס־פּלואַטאַציאָנס־אינטערעסען און אַלע שוואַכע מוחות. אָט דאָס נייע ליננערישע וואָרט „דיענסט" כאָפּט נאָך א גנבי'שען קוק אין דער זייט פון דער „ארבייט". פאַר ניט קיין שטרענ־גען מוח זעהט עס אויס. ווי דאָס וואָלט כולל געווען די ארבייט, די

אנשטרענגונג, וואָס פאָרדערט זיך אויף צו שאַפען דעם ארבייטס־רעזולטאט, פונקט ווי עס וואָלט נאָך אקוראט געשטימט מיט אַדאַם סמיטה. צו דערזעלבער צייט איז אָבער אין דער פאלשקייט פון אָט דעם אָבגעבלאַסטען וואָרט, וואָס חנ'דעלט זיך אויף אַלע זייטען־צו, אָבגעווישט געוואָרען יעדע ספּעציפישע בעשטימטקייט, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם עהרליכען וואָרט „אַרבייט“. וואָס אַזוינס איז ניט קיין „דיענסט־לייסטונג“! עס איז שווערליך צו בעהויפּטען, אז דער פאבריקאַנט רייכענהיים ארבייט פאַר זיינע פאַבריק־ארבייטער, וועלכע ארבייטען גיכער פאַר איהם און וועלכע קריגען בעצאָהלט פון איהם — צוויי גאַנץ פערשיעדענע ספּעציפישע בעשטימטקייטען פונ'ם געזעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס!

נו, קוים איז אָבער דער „דיענסט“ אויסגעקלערט געוואָרען, איז שוין ניט געווען קיין פּשוט'ערע זאַך און אזא, וואָס זאָל זיך גיכער לעגען אויפ'ן שכל, ווי די פאָרשטעלונג אז רייכענהיים און זיינע ארבייטער "טהיילען זיך צו געגענזייטיגע לייסטונגען“, און אויף אזא'ן אופן לייזט זיך אויף — פאַרוואָס ניט —

„מיט ווערטער לאָזט זיך אויסגעצייכענט שטרייטען,
מיט ווערטער — א סדר עולם אויף צוגרייטען“! *

וואָס־נאָר פאַר א צוויסטיגקייט פון געזעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אין דער איינער בנעימות'דיגקייט און גוטמוטהיגקייט פון דער געגענזייטיגער „דיענסט־לייסטונג“, אין דער אונבעריהרטער ראָזע־רויטקייט פון דער פאָלקאָמסטער גלייכהייט!

דער „דיענסט“ איז דערפאַר געווען דער איינציגער און כאַראַקטעריסטישער „פּאָרטשריט“, וואָס די בורזשואזנע עקאָנאָמיע נאָך ריקאַרדאָ'ן איז געווען ביכולת צו מאַכען אין דעם תחום פון איהר אייגענעם קרייז. דאָס איז געווען דער פאָרטשריט פון שקר!

עס איז פאַרהאַן א טיעפע האַרמאָניע צווישען דער ענט־

---

* דער קופּלעט וואָס מעפיסטאָפעל זאָגט צו פאַוסט'ען געפינט זיך ערגעץ אין געטהע'ס „פאַוסט“. א. א. ר.

ווירקונג פון דער פאָליטישער לעהרע און דער עקאָנאָמי־שער לעהרע פון דער בורזשואזיע!

פונקט ווי דאָס אַלטע עהרליכע בעשטימטע וואָרט „דעמאָ־קראַטיע" איז פערבלאַסט געוואָרען אין דעם קרומען פאַלשען נאָמען „פאָרטשריט־פּאַרטיי"* — דאָס וואָרט אין אָט אָט דעם זין איז אפילו, ניט רעכענענדיג שפּאַניען, ספּעציפיש דייטש; אין תוך גענומען, אָבער, איז דאָס גאַנץ היבשליך איי־ראָפּעאיש — אַקוראַט אַזוי איז דאָס עהרליכע און בעשטימטע וואָרט „אַרבייט" אָבגעבליאַקעוועט געוואָרען אויף „דיענסט"!

וויבאַלד די בורזשואזיע האָט זיך נאָר איבערצייגט, סיי אויפ'ן פּאָליטישען געביעט, סיי אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט, אַז זי איז ניט ביכולת גובר צו זיין זיך אינוועניג אין איינע־נעם עקזיסטענץ־און אינטערעסען־קרייז די נעגענזאַצען, וואָס די ווירקליכקייט שטעלט איהר אַנטקעגען, נעהמט זי זיך סטאַרען, סיי אויף דעם געביעט, סיי אויף יענעם געביעט, זיי בטל צו מאַכען אין אַ בלענדעניש, דורך שקרים און דורך פערהוילען זאַכען!

אויף דעם קוקענדיג, קען שוין עפּעס אַ חדוש זיין, וואָס באַס־טיאַ'ס ענטדעקונג פון „דיענסט" איז מיט אַזאַ התפּעלות אויפגענ־נומען געוואָרען פון אַלע פּראָגרעסיווע נשמות אין אייראָפּא?

וואָס אָבער פּאָרט אַזוינס אייגענטליך, אַז מען זאָל עס אַקו־ראַט און קלאָהר תופס זיין, איז דער בעשטימטער געדאַנק פון באַסטיאַ'ס קאַטעגאָריע פון „דיענסט"? וואָס אַזוינס איז דער חלוק צווישען דעם און סמיטה־ריקאַרדאָ'ס כלל פון „אַר־בייט?"

עס איז אַלץ געווענדט אָן דעם, אַז מען זאָל שאַרף אַרויס־ברייננען אָט די נפקא מינה, און וואָס איז אין דעם פאַרהאַנען. דערמיט אַליין ווערט שוין ביי דער דאָזיגער אָנגעפּוזטע קאַטע־גאָריע אויפגעשפּאָלטען דער בויך!

וואָס אָנבעלאַנגט די ווערטער, ערקלערט באַסטיאַ נע־וועהנליך דעם ווערטה אַלס דעם „עפּאָר", אַלס „די אָנשטרענגונג

---

* די „פאָרטשריטס־פּאַרטיי" אין דייטשלאַנד גליובט זיך מיט די ליי־בעראַלען פון אַנדערע לענדער. אָמאָל ווערט זי אויך בעצייכענט אַלס „פּראָגרעסיווע" אָדער „פּראָגרעסיסטישע" פּאַרטיי. א. א. ר.

וואָס די מענשען מאַכען, כדי צו בעפריעדיגען זייערע אינטערעסען".*

מענשען אָהן מוח קען זיך עס דערפאַר אויסדוכטען, אַז אונטער דער דאָזיגער „אָנשטרענגונג" דאַרף מען נאָך אַלץ פערשטעהען יענע אָנשטרענגונג, וואָס פאָדערט זיך אויף צו פּראָדוצירען אַן ארטיקעל. דאַן וואָלט דאָך באַסטיאַ ניט מעהר ווי אַוועקגעשטעלט אַנאַנדער וואָרט, אַן ערגערס, דאָס וואָרט „אָנשטרענגונג", אויפ'ן אָרט פון וואָרט „ארבייט", און וואָס איז נוגע דער זאַך גופא, וואָלט אַלץ פערבליעבען ווי געוועזן אין סמיטה ריקאַרדאָ'ס גרונדזאַץ אַז די ארבייט איז די מאָס פונ'ם ווערטה.

און איהר, העדר שולצע, זייט שוין כלעבען אַזוי אָהן מוח, אַז איהר זעהט גאָר ניט דעם חלוק צווישען באַסטיאַ'ס גרונדזאַץ און יענעם כלל מכח דער ארבייט אַלס מאַסשטאַב, וואָס בעשטימט דעם ווערטה, אָדער, ווענינסטענס, זייט איהר אין ערגעץ ניט קלאָהר אין דעם דאָזיגען חלוק. דערפאַר קענט איהר שרייבען אויף ז. 64: „אין דער ארבייט, אַלזאָ, אין דער אָנשטרענגונג פון מענשען, וואָס פאָדערט זיך אויף צוצושטעלען אונז אַ ניצליכען חפץ אָדער צוצוטהיילען אונז אַ ניצליכע דיענסט־לייסטונג, שטעקט דער ווערטה, גאָר און אַליין. אויף אַזוי וויט, דאַרפען מיר בעטראַכטען, איז שוין דורך די דערביי געבראַכטע ראיות די זאַך אַ גע'פּטר'טע; און ווען מיר זאָלען אַ טראַכט געבען מכח די הוצאות דערביי, געהערען די דאָזיגע, אין אַלע פעלע, טאַקי צו דער ארבייט גופא. וואָרים, ווי מיר האָבען שוין פריהער בפירוש בעוויזען, איז דאָס קאַפּיטאַל, וואָס ווערט פערווענדעט ביי אַן ארבייט, תמיד די פרוכט פון פריהערדיגע ארבייט, און יעדער אויסלאַג לייזט זיך סוף כל סוף איבעראַנייעס אויף אין ארבייטס־שכירות, אויף אַזאַ'ן אופן, אַז דער אויפגעשטעלטער זאַץ ווייזט זיך אַלס גילטיג אין זיין פולען אומפאַנג".

---

* עס איז אמת, אַז באַסטיאַ האָט אַרויסגעבראַכט דעם שכל פון דער „דיענסט"־טהעאָריע צום בולט'סטען, אָבער ער איז נאָך ניט געוועזן, ווי לאַסאַל מיינט, דער ערפינדער פון דער דאָזיגער שיטה. עס איז איגענליך אַן עיקר וואָס שטעקט כמעט אין דער גאַנצער פראַנצויזישער שולע, און מהיילוויז אויך אין דער שפּעטערדיגער עסטרייכישער שולע.

א. א. ר.

שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס איהר בעגעהט דאָ ווידער די שטות'עריי, וואָס איהר מישט צונויף ארבייטס־כמות'ען און ארבייטס־לוינען, ווי מיר האָבען שוין פריהער אויפגעוויזען ביי אייערן אַנאַנדער זאַץ (ז. 123 א. וו.*) מאכען טהייל פון אייערע ווערטער חנ'דלעך צו באסטיאַ'ס „דיענסט", און טהייל ווידער צו דער „ארבייט", וואָס פאָדערט זיך אויף צו שטאנד צו בריינגען אַ זאַך, און צו די ריקאַרדאָ'שע „פּראָדוקציאָנס־קאָסטען". ביידע ווערטה־טהעאָריען בעהאנדעלט איהר און צומישט, איינס מיט'ן אנדערען, גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיין חלוק ניט געווען צווישען זיי.

ניט דאָס איז געווען באסטיאַ'ס שיטה, און ווי גערעדאנקענלאָז ער זאָל שוין ניט געווען זיין, איז ער אָבער אַלץ אַזוי גערעדאנקענלאָז ניט געווען.

ער ערקלעהרט דאָך אמעהר בפירוש** „וואָרים איך וויל בעווייזען, אז ווערטה ליעגט פּונקט אַזוי ווענינ אין דער ארבייט ווי אין דער ניצליכקייט (פון אַ זאַך)".

און וויימער מיט עטליכע זייטען, איז ער מסביר*** דעם ענטשיידענדען חלוק צווישען זיין פּרינציפּ און דעם ארבייטס־כלל אַט אַזוי ווי:

„ווייט פון צו זיין אמת, אַז דער ווערטה האָט דאָ אַ נויטהווענדיגע פערהעלטנים צו דער ארבייט, וואָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען פון יענעם, וועלכער פערשאַפט די ליייסטונג, קען מען זאָגען, אַז עס איז ניכער בערך צו דער ארבייט וואָס ווערט פערשפּאָרט יענעם, וועלכער איז מקבל די לייסטונג. דאָס, הכלל, איז דאָס געזעץ פון ווערטה, זיין אַלגעמיין געזעץ, וואָס אַזוי ווייט ווי איך ווייס איז גאָר ניט בעמערקט געוואָרען פון די טהעאָ־

---

* צ. ב. ארמ. עהק. ז. 142 :

......que la valeur doit avoir trait aux efforts que font les hommes pour donner satisfaction à leur besins.

(די איבערזעצונג איז אין טעקסט. א. א. ר.)

** אָרמ. עהק. ז. 148. בריסעל אויסגאַבע.

*** דאָרטען, ז. 151.

רעטיקער, הגם עס איז שולט אין דער אַלגעמיינער פּראַקטיק. מיר וועלען שפּעטער איבערגעבען, דורך וואָס פאַר אַ וואונדערליכען מע־כאַניזם דער ווערטה זוכט זיך צוזופּאַסען לפי הערך צו דער אַרבייט, ווען די לעצטע איז פריי; אָבער ניט וועניגער אמת איז עס, אַז דער פּרינציפּ פון ווערטה ליעגט ניט אַזוי אין דער אָנשטרענגונג, וואָס ווערט אויסגעפיהרט פון דעם, וואָס שאַפט די ליסטונג, ווי אין דער אָנ־שטרענגונג, וואָס יענער, וועלכער איז מקבל די ליסטונג, פערשפּאַרט זיך".

הכלל, ניט אין דער אויסגעפיהרטער אַרבייט, וואָס איז נויטהיג אויף צום פּראָדוצירען אַ זאַך, ליעגט דער פּרינציפּ און מאַסשטאַב פון ווערטה, אַלאַ וואָדען, אין דער אַרבייט וואָס איז פערשפּאַרט געוואָרען אַט יענעם, וועלכער איז מקבל די ליסטונג, דעם פערברויכער — און דאָס איז דער פּשט פונ'ם „דיענסט"!

נאַר ווען מען האָט צו טהאָן מיט לייטע, וואָס קענען בכלל אָנ־גערופען ווערען ניט מעהר ווי די „קאָמישע פּערזאָנען" אין דער דראַמאַ פון דער היינטיגער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מיט פּאַיאַצען ווי איהר. הערר פּאָוכער*, הערר ווירטה**, הערר מיקאַעלים*** אין די אַנדערע, מיט לייטע, וואָס אין זייער גאַנצען לעבען, גיבען זיי קיינמאָל ניט קיין טראַכט, ניט אויף קיין אייגענעם געדאַנק און ניט אויף קיין פרעמדען, נאַר גיבען אַלץ אַרויס, פּונקט ווי זיי נעה־מען אין זיך אויף, לויטער ווערטער־געוויש — איז, אַך, גאַנץ מעגליך, אַז זיי זאָלען אויסרופען: אויסגעפיהר־

* אַן איינפלוסרייכער בעקעמפער פון דעם האַנדעלס־פּראָטעקציאָניזם אין דייטשלאַנד. א. א. ר.

** אַ פּובליציסטישער עקאָנאָם (1822—1900), וואָס איז געווען איי־נער פון די הויפּט פערטרעטער פון דער „לייסעה פייר" עקאָנאָמיע אין דייטשלאַנד, און וועמען לאַסאַל איז געווען אַ פערביסענער געגנער. א. א. ר.

*** אַ רעגיערונגס־בעאַמטער און פּובליציסט. צוזאַמען מיט פּאַו־כער'ן, האָט מיקאַעלים געגרינדעט דעם „פאָלקס־ווירטהשאַפטליכען קאָנ־גרעס", און ביידע זיינען אַרום מיטען פון 19טען יאָהרהונדערט בעטראַכט געוואָרען אַלס די פערטרעטער פון דער „פריי האַנדעל" שולע אין דייטש־לאַנד. א. א. ר.

טע ארבייט צי פערשפארטע ארבייט, ארבייט בלייבט ארבייט; און איןביידע פעלע איז עס דאך אלזא ארבייט, אויב אפילו אביסעל אנדערש פארמולירט, וואס בלייבט דער מאסשטאב פון ווערטה!

ווי געזאגט, פאר מענשען, אין וועמעס אויערען עס דרינגט אריין נאר דער קלאנג פון ווארט, און אין וועמעס מארך עס קומט קיינמאל ניט אריין אפילו דער בלויזער שאטען פון א געדאנק, קען דאס גאנץ מעגליך זיין. און אזוי־זשע לאזט איהר טאקי אין דער אמת'ן, תיכף נאך אייער לעצט־ציטירטער שטעלע, וואו די „ארבייט“ איז ערשיענען אלס יסוד פון ווערטה — לאזט איהר טאקי, מיט דעם איבערגאנג „פונדעסטוועגען איז דערמיט נאך די פראגע ניט גע־לייזט“, באסטיא'ס טהעאריע קומען צום אויסדרוק נאר אלס אן ענ־גערע מאדיפיקאציע און בעשטימונג פון יענעם אר־בייטס־פרינציפ.* דערנאך פערענדיגט איהר מיט די שוין פריהער ציטירטע זעצע (ז. 131),** אז דער ווערטה ביים אבלאזען א פראדוקט צו אנאנדערן ליעגט נאר אין „יענער ארבייט, וואס יווערט דורך דעם פערשפארט דעם קונה“.

נאר אויב פאר אייך אפילו איז יא אזוי די מעשה — וועט עס פאר יעדען דענקענדען מענשען זיין די והותר צוצופיהרען בלויז צו איהר לאגישען אויסדרוק די איבערדרעהונג פון ריקארדא'ס ווערטה־פרינציפ, וואס קומט פאר ביי אייך, אז ער זאל האבען אוועקגעשטעלט קלאר דעם גאנצען בולט'ען קאנ־טראסט פוןביידען, ווי אויך די גאנצע ווילדע אידיאטסטווא פון באסטיא'ס ענטדעקונג.

ניט, אלזא, אין דער אויסגעפיהרטער ארבייט, וואס איז נויטהיג אויף צו פראדוצירען דעם ארטיקעל, נאר אין דער ארבייט וואס ווערט פערשפארט דעם פערניצער דורכ'ן אבלאזען איהם דעם ארטיקעל — זאל, נאך באסטיא'ן נאך, ליעגען דער יסוד און מאסשטאב פון ווערטה; און אין דעם דא־

* זעה ז. 64—66 פונ'ם „ארבייטער קאטעכיזמוס“.

** דא פעהלען עטליכע שורות אין דער 1878 אויסגאבע. א. א. ר.

זיגען פערשפארען בעשטעהט טאקי די „ד י ע נ ס ט - ל י י ס ט ו נ ג".

די פ ע ר ש פ א ר ט ע ארבייט פון דעם פערניצער איז די נ י ט פ א ר ג ע ק ו מ ע נ ע, נ י ט - נ ע ט ה א נ ע נ ע א ר ב י י ט. אנ־שטאט זיך צו געפינען אין דער פ א ז י ט י ו ו ע ר א ר ב י י ט פון פ ר א ד ו צ י ר ע ר, ווי ביי אדאם סמיטה און ריקארדא, ליעגט איצט דער מאסשטאב פונ'ם ווערטה פון זאכען אין דער נ י ט פ א ר ג ע ק ו מ ע נ ע ר, נ י ט - נ ע ט ה א נ ע נ ע ר א ר ב י י ט, ד. ה. אין א ריין נ ע ג א ט י ו ו ע ר זאך! דאס, וואס איז ד א, ווערט געמאסטען מיט אזוינס וואס איז נ י ט א!!!

און ענטפערט נאר ניט, הערר שולצע, אז די „פ ע ר ש פ א ר ־ ט ע א ר ב י י ט" איז דאך פארט א ל ץ א י י נ ס ו ו י ד י א ר ב י י ט, וואס איינער מוז אריינטהאן, כדי דעם פראדוקט צו ש א פ ע ן. ווארים, יעמאלט, נו, וואלט מען שוין צוגעגעבען, אז באסטיא'ס טהעאריע איז א ט א ־ פ ע ל ע אידיאטסטווא, ווארים 1) וואלט עס דאך געהייסען אן אידיאטסטווא ביז גאר: אוועקצושטעלען אלס מ א ס אזוינס, וואס אנשטאט א ל י י ן צו קענען דיענעם א ל ס מ א ס, מוז עס גיכער ערשט נ ע מ א ס ט ע ן ווערען מ י ט ע פ ע ס א נ ד ע ר ש; און 2) וואלט דאך יעמאלט אלץ פשוט געבליבען ביים אלטען, ביים ר י ק א ר ד א' ש ע ן כלל פון ארבייט, וואס נאך באסטיא'ן נאך, זאל עס גראד אזוי נ י ט בלייבען. עס וואלט דאך ניט געוועזן קיין „ד י ע נ ס ט - ל י י ס ט ו נ ג", און באסטיא וואלט ניט געהאט ער־פונדען גארניט, בעת ער ו ו י ל דאך האבען, אז ער האט דוקא עפעס ערפונדען, און ז א ל האבען עפעס ערפונדען.

אזא — ווי שטעהט דארטען אין פסוק — אזא „תועבת ה' — [אזא אונווירדיגקייט פאר גאט] — איז אט די ענטדעקונג פון באס־טיא, און פונדעסטוועגען שטיצט זיך דוקא אויף דעם זיין גאנצע בע־ריהמטקייט! ווארים דאס איז לפחות דאס איינציגע נייע, וואס דער־א גייסטרייכער פלוידערזאק האט ארויסגעזאגט אין זיין אנ־פאנג־ביכעל!

פאר אזעלכע, וואס זיינען כאטש אויף א קליינעם גראד לאגיקער און דיאלעקטיקער, איז שוין איבער און איבער גענוג ווען זיי ציהען נאר ארונטער באסטיא'ס ווערטה־פרינציפ צום לאגישען

סך הכל, אז זיי זאָלען ארויספּלאצען אין א הילכיגען געלעכטער, וואָס עס האָט פערדיענט און וואָס עס האָט בעדאַרפט ארויסרופען זינט תּון ערשטען טאָג אָן!

אָבער, ליידער, זיינען דאָס רוב הי טיגע עקאָנאָמען אונזערע ניט נאָר אויף א קליינעם גראַד, נאָר אפילו אויף א ז ע ה ר קליי־נעם גראַד אויך ניט, קיין לאָגיקער און דענקער; און עס וועט בכן אודאי נויטהיג זיין, אחוץ דער ל אָ י ש ע ר ווילדקייט, נאָך אויפצואווייזען אויך די פּ א ק ט י ש ע* ע ק אָ נ אָ מ י ש ע אונ־מעגליכקייט און ווילדקייט פון באַסטיאַ׳ס ענטדעקונג.

דער װ ו ע ר ט ה זאָל אַלזאָ ליעגען אָנשטאָט אין דער אויסגע־פיהרטער ארבייט פון פּראָדוצירער, נאָר אין דער ארבייט אָדער טרחה, וואָס איז פ ע ר ש פּ אָ ר ט געוואָרען דעם פערניצער, אָדער, ווי איהר זאָגט, דעם „ב ע ל ן".

איך וועל שוין פון נייע ערפינדונגען ניט שמועסען. די איי־זענבאהנען זיינען שוין ערפונדען א צייט מיט יאָהרען. אָבער איך כאַפּ אייך אָן דעם פאַל, וואו די קעלן־מינדענער אייזענבאהן איז נאָך ניט געבויט, און איך שאַף א געזעלשאַפט פון קאַפּיטאַליסטען צו בויען די קעלן־מינדענער אייזענבאהן אָדער צו פערבינדען א וואָכערע צוויי אַנדערע שטעדט, איינס מיט׳ן אַנדערען, דורך אַן אייזענבאהן, וואו עס איז נאָך אַזוינס ניטאָ. היינט, וועט די דאָ־זיגע אייזענבאהן געזעלשאַפט קענען פאָרדערן פאַר א פאָהר־בילעט פון דעם „פערניצער", אָדער רעדענדיג אויף אייער נוסח, הערר שולצע, פון דעם „בעלן", פאַר דער „לייסטונג", וואָס זי טהיילט איהם צו, פאַר „אָט יענער ארבייט, פאַר יענעם פערברויך פון מיה און געלד", ווי איהר און באַסטיאַ זאָגען, וואָס זיי האָבען איהם פ ע ר ש פּ אָ ר ט דורך דער לייסטונג? וואָלט זי אַלזאָ באמת גע־קענט פאָרדערן דעמזעלבען געלד־בעטרעף, אין וועלכען עס לייזט זיך אויף דער סך הכל פון מיה, געלד און צייט, וואָס דער בעלן וואָלט געמוזט פערוועגדען, ווען ער וואָלט, ווי פריהער, אָנגעקומען פון קעלן קיין מינדען צו פוס אָדער אין א בויד? איי וואָלט דאָס די קעלן־מינדענער אייזענבאהן געמאַכט שלעכטע געשעפטען, און ווי ווינציג מענשען, אַזש נשתומם צו ווערען, וואָלטען דאָס פאָהרען און

---

* „רעעלע".

געווען געפֿאָהרען מיט דער אייזענבאהן, ווען זי וואָלט באַזירט איה־רע פּרייזען אויף אַזאַ פּרינציפּ! און צי זעהט איהר גאָר ניט, הערר באַסטיאַ־שולצע, אַז, פון דער אַנדערער זייט, וואָלט דער גאַנצער קולטור־פּאָרטשריט פון די אייזענבאַהנען רעדוצירט גע־וואָרען ביז נול, אויב דאָס פּובליקום וואָלט באמת געמוזט בעצאָהלען פאַר אייזענבאַהן־טראַנספּאָרט אָט יענע הוצאה, וואָס איז זיי פערשפּאָרט געוואָרען דורך דער לייסטונג פון דער איי־זענבאַהן?

און דערביי איז נאָך דער ביישפּיעל אָנגעכאַפּט פון אַ קרייז, וואָס ליעגט מחוץ דער פרייער קאָנקורענץ, ווייל אַלס כּלל ווערען צוויי שטעדט פערבונדען נאָר דורך איין אייזענבאַהן. וואָלט שוין בכן אַזאַ זולל וסובא׳דיגע השגה סיי ווי זיין ווייט פון די דאָזיגע אייזענבאַהן־געזעלשאַפטען, וואָס האָבען פאַקטיש אַ מאָנאָפּאָל אין די הענד, אויב אַזאַ השגה איז שוין בכלל ניט אויסגעשלאָסען צוליעב דער אונזיניגקייט גופא וואָס שטעקט דאַרין, און צוליעב דעם גאַנ־צען כאַראַקטער פון אונזער פּראָדוקציע.

איצט זאָל מען אָקאָרשט אַ קוק געבען אויף אַזעלכע פּראָדוק־ציעס, וואָס ליעגען אין דעם תחום, פון דער פרייער קאָנקו־רענץ!

צי איז נאָך נויטהיג אַ ווייטערער בעוויין, אַז אונזער גאַנצע פּראָדוקציע, אַז יעדער קולטור־פּאָרטשריט, ווי גרויס אָדער ווי קליין עס זאָל ניט זיין, אַז די אַלע שטייגענדע וואָלוועלקייט, אַז יעדער ווייטערדיגער שריט און טריט אין דער צוטהיילונג פון דער אַרבייט שטיצט זיך אויף דעם, אַז קיינמאָל ווערט ניט בעצאָהלט פאַר דער אַרבייט וואָס איז פערשפּאָרט געוואָרען דורך דער „דיענסט־לייסטונג“, נאָר אַלעמאָל פאַר דער אָהן אַ שיעור גרינגערער און אַלץ גרינגער־ווערענדער פּאָזיטיווע אַרבייט, וואָס פאָרדערט זיך אויף דער פּראָדוקציע פון דעם אַרטיקעל? וואָלט ניט אַזוי געווען די מעשה, און וואָלט עס תּמיד ניט געווען אַזוי — וואָלט נאָך די וועלט היינט געשטאַנען אויף דעם פונקט, וואו זי איז געשטאַנען מיט 4000 יאָהר צוריק און נאָך פריהער, אין דער נאַכט פון דער צייט!

יעדע ענטוויקלונג שטיצט זיך לחלוטין און לגמרי אויף דעם דירעקטען היפּוך פון באַסטיאַ׳ס כּלל, איז זיך לחלוטין סומך

אויף דעם, וואָס די ארבייט, וועלכע ווערט דעם פערניצער פערשפּאַרט דורך דער „לייסטונג“ ווערט אלץ גרעסער, [בעת די ארבייט, וואָס דער פּראָדוציריצר טהוט אָב אויף צו שאַפען די זאַך, און פאר וועלכער ער ווערט בעגיטיגט אין דעם געצאָהלט, ווערט כסדר קלענער, [ד. ה.] אז דער חלוק צווישען דער ארבייט, וואָס דער פּראָדוצירער טהוט אָב, און צווישען דער ארבייט, וואָס ווערט פערשפּאַרט דעם פערניצער ווערט אלץ גע־וואַלטיגער!

ווען דער בירגערליכער פּאָרטשריטס־פערשטאַנד* פון די העררן באַסטיא־שולצע וואָלט געשאַפען די וועלט — אָ, אין זיין וויעגעל וואָלט שוין דער ערשטער „פּאָרטשריט“ דערשטיקט געוואָרען דורך יענעם פּרינציפּ, ווי דורך א האַלז־באַנד פון פּאַקלע.**

דאָס אמוזאַנטסטע אָבער איז, וואָס אַט די חריפות'דיגע טהעאָריע שטאַמט דוקא פון באַסטיא'ן, וועלכער האָט זיין גאַנצען אָנפאַנג־ביכעל געשריבען מיט דער כונה אויפצו־ווייזען, אז די „גראַטיטעה“, די „אומגעצאָהלטליכקייט“ פון די פּראָדוקטען האַלט אין איין שטייגען, און אז די דאָזיגע אונאויפהערליכע פער־בעסערונג פון דעם פערברויכערס לאַגע איז דער קולטור־היסטאָרי־שער גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, דער „אמת'ער“ קאָמוניזם“, ווי ער האָט ליעב אָנצורופען דעם אלטען זאַץ, וואָס איז געוועזען בעקאַנט לאַנג פאר איהם, מכח דער אלץ וואַקסענדער וואָל־וועלקייט פון פּראָדוקטען! אַזוי גרויס איז די געדאַנקענלאָזיגקייט פון דעם דאָזיגען הערר און זיין גלייכען, אז זיי מערקען אַפילו ניט דעם טיעפען ווידערשפּרוך אין תוך פון די צוויי זעצע, וואָס זיי האַל־טען כסדר אין איין דרש'ענען אין צופּויקען ביידע מיט איין מאָל און מיט איין אָטהעם! ***

---

* „פּאָרטשריטספערשטאַנד“ צוליעב דעם, וואָס די פּאַרטיי האָט גע־הייסען „פּאָרטשריטס־פּאַרטיי“. א. א. ר.

** ד. ה. א תליון'ס שטריק. א. א. ר.

*** באַסטיאַ'ס פּרינציפּ איז אַזאַ שטות, אַז אפילו ער ג:פּאָ קען זיך ביי דעם ניט האַלטען אומעטום, און מוז אַלץ וויעדער צופאַלען צו ריקאַרדאָ'ס כלל, וועלכען ער בעקעמפּפט. אַט, למשל, אין אַרמ. עהקאָנ. ז. 250: „אַז איך בעצאָהל אַן אַקערמאַן, אַ מילנער א. אַ. וו. — בעצאָהל

איך פאַר דער מענשליכער אַרבייט וואָס מען האָט געמוזט אַנ־ווענדען אויף צוצוגרייטען די אינסטרומענטען דורך וועלכע א. ז. וו.“

(je paye le travail humain, qu’il a ofllu consacrer à faire les instruments, etc.)

זאָל מען ניט מיינען אַז אין אַט דעם צוריקפאַלען אויף ריקאַרדאָ’ן איז נאָר שולדיג אַ ניט־פּינקטליכער ווערטער־אויסדרוק. נאָך אַ סך קאָ־מישער ווייזט עס זיך פּאַקטיש ביי באַסטיאַ’ן אויף ז. 348 א. וו. „אַ דאַנק מיין זון — לאָזט ער דאָ דעם טראָפּישען איינוואוינער זאָגען צום אייראָפּעער — קען איך דערלאַנגען אַ בעשטימטע קוואַנטיטעט צוקער, קאַווע, קאַקאַאָ, באַוועל, מיט אַן אָנשטרענגונג וואָס איז גלייך צו צעהן“, (avec une peime égale à dix) בעת דער אייראָפּעער, אום צו שאַפען אַט די זאַכען אין זיין קאַלטען קלימאַט, וואָלט, צוליעב די טהייערע הילפס־מיט־לען, זיי ערשט געקענט האָבען מיט אַן אָנשטרענגונג, וואָס איז גלייך צו הונדערט “qu’ avec une peine égale à cent” און דערפאַר וועט דער טראָפּישער איינוואוינער זיך נעהמען פאָדערען 100, און אַט צום סוף, נאָכדעם ווי ער צולעגט זיך מיט דעם פריהערדיגען אויף 8 זייטלעך, קומט דער נודנער פּלאַפּלער אַרויס, אויף ז. 850, דערמיט, אַז דער טראָ־פּישער איינוואוינער מוז, צוליעב דער קאָנקורענץ, סוף־כל־סוף פאַרט ביימען זיין אַרבייטס־פּראָדוקט „אויף אייראָפּעאישע אַרבייט, וואָס איז גלייך צו צעהן“, (“et enfin à dix”) אַזוי אמת איז עס אַלזאָ, לויט באַסטיאַ’ן גופא שוין, אַז דער פּרינציפּ פון ווערטה איז ניט די אַרבייט, וואָס פאָדערט זיך אויף דעם פּראָדוצירען, נאָר וואָס ווערט פערשפּאָרט דעם פערברויכער!!! און דאָס האַלט ניט אָב באַסטיאַ’ן פון צו זאָגען ווידער, אויף ז. 177, מיט גרויס תקיפות: „אין דעם דאָזיגען בעזונדערס זינדיגט די דעפיניציע פון די ענגלישע עקאָנאָמען. צו זאָגען, אַז דער ווערטה ליעגט אין דער אַרבייט, הייסט אַז מען איז גורם דעם מענשליכען גייסט צו גלויבען אַז זיי (די אַרבייטס־רעזולטאַטען) דיענען זיך אלס געגענזייטיגע מאָס, אַז זיי פּראָפּאָרציאָנעל צווישען זיך. (à penser qu’ils se servent de mésure réciproque, qu’ils sont proportionnels entre eux.) דערמיט, איז יענע דעפיניציע אויף אַזוי ווייט סותר, contraire aux faits סותר די פאַקטען, דהיינו, אַז דער טראָפּישער איינוואוינער מוז, נאָך באַסטיאַ’ן גופא נאָך, פערקויפען! זיין אַרבייט פון 10 דוקא פאַר אַן אייראָפּעאישער אַרבייט פון 10*!! און אַ מאַן, וואָס פערמאָגט צומאָל ניט אַזוי פיעל מוח און זכרון, אַז ער זאָל בעמערקען די אונזיניגע סתירות מיט זיך

* אין דער אָריגינאַל־אויסגאַבע מוז בלי ספק זיין אַ דרוק־פעהלער ווען עס שטעהט 100 אנשטאָט 10, ווי עס פאָדערט דאָ דער זין. א. א. ר.)

איך האָב איך שוין מיין דרייענדיגען צוזאָג ערפילט, הערר שולצע. איך האָב אייך, ראשית, געוויזען פון וואָסערע לפנים'דיגע שוועריגקייטען, וואָס שטעהען נאָך אין וועג ריקאַרדאָ'ס לעהרע מכח דער ארבייט אַלס אויסשליסליכען מאַסשטאַב פון ווערטה — באַסטיאַ'ס ווערטה־טהעאָריע פון „דיענסט" האָט געקענט געבוירען ווערען. באַסטיאַ גופא בויט טאַקי, אמת, ניט זיין טהעאָריע אויפ'ן סמך פון די־אָ שוועריגקייטען, נאָר לויטער אויפ'ן קינדערשען ביישפּיעל מיט'ן דימענט* און דערפאַר טאַקע האָב איך אַליין בדעה

* נאָך ריקאַרדאָ'ן נאָך, ווערט דער דאָזיגער ביישפּיעל ערקלערט פּשוט.* דורך דעם וואָס דימענטען געהערען צו די פּראָדוקטען, פון וועלכע די צאָהל קען ניט פערמעהרט ווערען לויט'ן וואונש, און זייער פּרייז ווערט רעגולירט בלויז דורך נאָכפראַגע און אָנבאָט; אָבער זייער פערמעהרונג, קען מען זאָגען, איז פערבונדען מיט אַזעלכע גרויסע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, אַז זיי האָבען גענומען שטעהן אויף פּונקט אַזאַ הויכען, אָדער נאָך העכערען פּרייז, ווי זיי וואָלטען גאָר ניט געקענט פערמעהרט ווערען לויט'ן וואונש. דערפאַר, אַז אימיצער, אין אַן אויסנאַהמס־פאַל, קריעגט אַריין אַ דימענט אָהן פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, וואָס פאָדערען זיך, קען ער געוועהנטליך פאָדערן דעם נאָרמאַלען פּרייז פון דעם, פּונקט אַזוי גוט ווי אַן אינדוסטריעלער פאַבריקאַנט וועלכער פערמאָגט, איינער אַליין, אַ סעקרעט וואָס פערקלענערט די הוצאה פון דער פּראָדוקציע, קען אויספערקויפען זיין סחורה אויפ'ן נאָרמאַלען קאָסט־פּרייז. — ווען עס זאָל אַמאָל נעהמען האָגלען מיט דימענטען, וואָלטען זיי גאָר וואָלוועל געוואָרען, און אַ פאַקט איז, אַז דער ווערטה פון דימענטען איז בעדייטענד געפאַלען זינט דעם אַלטערטהום.

באַסטיאַ זאָגט אַליין (ז. 153): „זאָל מען נעהמען אַ זאַמלונג פון אַלע עקאָנאָמען, זאָל מען לייענען און פערגלייכען אַלע דעפיניציעס (פון

* (אָנשטאָט „איינפאַך" שטעהט אין דער 1878 אויסגאַבע דאָס וואָרט „עטוואָס". א. א. ר.)

אַ ל י י ן, אין וועלכע ער פערוויקעלט זיך אויף יעדען זייטעל — אַ ז אַ איז דאָס דער העלד, וועלכען אונזער בורזשואַזיע איז דאָס זינט 1848 מפרסם און האָט פּראָקלאַמירט פאַר'ן פערטרעטער פון דער „וויסענשאַפט" I און אונזערע „וויסענשאַפטליכע פּאָליטישע עקאָנאָמען", ווי זיי האָבען זיך אַזוי ליעב אָנצורופען, האָבען זיך אַזוי כסדר אַוועקגעלייענט איבער אַלע ווידערשפּריכע און אַלע שטות'ען, אַז זאָל זיי גאָר אָנהויבען צו אַרען. מעהר פון אַלץ בעווייזט די ג י י ס ט י ג ע י ר י ד ה פון אונזער בורזשואַזיע אַז איהר ממשלה האָלט שוין ביים סוף.

ווערטה). אויב עס איז פאַרהאַן איינע וואָס פּאַסט זיך אי אויף דער לופּט און אי אויפ'ן דימענט, אויף צוויי פּע״ע וואָס זיינען אָפּען אַזעלבע הפכים, זאָל מען דאָס דאָזיגע בוך אַריינוואַרפען אין פייער jetez ce livre au fett אַזוי ווי ריקאַרדאָ'ס ווערטה־דעפיניציע, אַלזאָ, פּאַסט זיך אויפ'ן דימענט פּונקט אַזוי גרינג ווי אויף דער לופּט — וואָס קען, לויט ריקאַרדאָ'ן, ניט האָבען קיין* פּרייז, פּשוט מחמת עס איז ניט דער רעזולטאַט פון א מענשליכער אַרבייט, וואָלט מען שוין לאַנג געדאַרפט אויספאָלגען באַסטיאַ'ס עצה, און וועלכער עס דריקט זיך באַטש אויס דאָס איינע ריכטיגע בעוואוסטזיין אַז זיין גאַנץ בוך פון 388 זייטען שטאַרק איז ניט מעהר, ווי אַ בעשטענדיגער פּראָצעס פון אַרומשלייפען דעם דאָזיגען דימענט.

די צרה מיט באַסטיאַ'ן ליעגט אין דעם, וואָס ער לאָזט, אַז מען זאָל דעם דימענט געפינען אין אייראָפּאַ, וואו עס געפינט זיך גראָד ניט. וואָלט ער זיך אַריבערגעקליבען קיין מזרח־אינדיען און בראַזיליען, אויפ'ן אָרט, וואו מען געפינט טאַקי דעם דימענט, וואָלט ער איהם געלאָזט געפינען אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ, וואָלט ער שוין געזעהען, אַז דער געפינער הויבט גאָר ניט אָן צו קריגען בעצאָהלט פאַר דער „לייסטונג וואָס ער טהיילט־צו מיט זיין אָבלאָזען דעם דימענט אַן אַנדערן". אין סומבהולפור, הינדוסטאַן, וואוינען אין 16 דערפער צוויי שבטים דימענטען־זוכער, די סהאַראַ און טאָראַ, וואָס צוזאַמען מיט די ווייבער און די קינדער אַקערען זיי אויס דעם גרונד פון טייך מאַהאַנאַדי, זוכענדיג דימענטען. די בעפעלקערונג איז אַ גאַנץ אָרימע און געהט איינגעוויקעלט אין אָבגעריסענע טראַנטעס, וואָרים די געפונענע דימענטען מוזען זיי אָבגעבען דעם ראַזשאַה און זייער לאַגע וואָלט גאָר ניט געווען אַנדערש, ווען זיי וואָלטען געמוזט זוכען דימענטען, אַלס אַנגעדונגענע ביי אַ געזעלשאַפט פון אייראָפּעאישע קאַפּיטאַליסטען.

אָ, אין בראַזיליען, זעהט איהר, וואו דימענטען ווערען אויסגעגראָבען דורך שוואַרצע, ווערט דעם נעגער, וואָס געפינט אַ דימענט פון 17 קאַראַט, געשענקט פון דעם פערוואַלטער די פרייהייט; און אַ נס, וואָס דאָס איז דעם הערר באַסטיאַ ניט געקומען צו דער האַנד, וואָרים אַ־ניט וואָלט ער שוין דערפון ** ערקלערט די בירגערליכע פרייהייט!

---

*) דאָס וואָרט „קיינען" אין אין דערזעלבער אויסגאַבע פערביטען מיט'ן וואָרט „איינען", דורך דעם וואָס עס איז אויסגעלאָזען דער „ק". דער דאָזיגער גרייז מאַכט נאַטירליך אַ גאַנצע איבערדרעהעניש אין זין — אַקוראַט פערקעהרט, הייסט עס, ווי דער אויטאָר האָט געמיינט. א. א. ר.)

**) דער דריטער גרייז, אַלץ אין דערזעלבער הערה, איז וואָס אויפ'ן אָרט פון „דאַראַוס" שטעהט דאָס וואָרט „דורכאויס", און מערקווירדיג איז, וואָס אָט דער פעהלער געפינט זיך ניט נאָר אין דער 1878

געהאַט צו קומען צו הילף אָט די טעאָריע, אוועקנעהמען יענע שוועריגקייטען, וואָס קוקען אויס צו זיין ערנסט, און דוקא מיט באַסטיאַ'ס טהעאָריע „דיענסט“ ; * און אָט דער אומשטאַנד קען אפשר האָבען געבראַכט דערצו אַז עס זאָל געפינען אַ גרינגערען צוטריט צו אַנדערע מענשען.

אָבער צו דערזעלבער צייט האָבען מיר געזעהען, צווייטענס, אַז אָט די טהעאָריע קען צוליעב דעם, וואָס מען דאַרף עס האָבען צו ערקלערען עטליכע בעזונדערע פעלע, נאָך בשום אופן ניט האָבען קיין קיום ; וואָרים עס לייזט זיך אויף אין דער מיגאוס'טער לאָגישער שטות, אין דעם גראַנדיעזען געדאַנק צו מאַכען די ניט־אַרבייט פאַר דער מאָס פון ווערטה, און, ועל כולם, דריטענס, אין אַן עקאָנאָמישער ווילדקייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט.

צום לעצטען ווילען מיר איצט אייך פערטענס, נאָך בעווייזען, ווי יענע לפנים'דיגע שוועריגקייטען לאָזען זיך אוועקנעהמען אפילו מיט ריקאַרדאָ'ס ווערטה־פּרינציפּ, הגם דער דאָזיגער בעוויז קען ערשט אויסגעפיהרט ווערען אין זיין אייגענטליכער פאָרם ביים ענטוויקלען די טהעאָריע פון דער פרייער קאָנקורענץ אין דאָס געזעץ פון מאַרק־פּרייז וואָס איז אונטער דעם חל.

אַרבייט איז טהעטיגקייט און בכן בעוועגונג. אַלע מאָסען פון בעוועגונג, אָבער זיינען — צייט. דאָס האָט שוין געוואוסט פּלאַטאָן אין טימעוס.** דאָס האָט שוין פריהער

* וואָרים מען וואָלט איצט פּשוט געקענט ענטפערן, אַז נאָך דער נייער ערפינדונג אָדער ווען עס האָט זיך געביטען דער געשמאַק, אָדער ביי דער איבערפּראָדוקציע, וואָלט דעם פערניצער ניט צוגעטהיילט געוואָרען קיין „דיענסט־לייסטונג“ אויב ער דאַרף בעצאָהלען פאַר דער מאָס אַרבייט, וואָס איז נאָך פריהער נויטווענדיג געווען צו פערווענדען אויפ'ן אַרטיקעל.

** פּלאַטאָן, טימעוס ז. 37, ג.

אויסגאַבע, נאָר אויך אין דער נויאָרקער אויסגאַבע (העהנע און וואָלף) פון 1885. עס זיינען נאָך דאָרטען דאָ אַ פּאָאר אַנדערע דרוק־פעהלער אין דער לעצטער אַנמערקונג, ווי 14 אַנשטאָט 17 און עהנליכע, אָבער די זיינען שוין אומבעדייטענד. א. א. ר.)

נאָך געוואוסט די איראָנישע פילאָזאָפיע,* און כאָטש ריקאַרדאָ איז ניט געווען קיין מעטאַפיזיקער און האָט עס ניט געוואוסט פון דער מעטאַפיזיק, האָט ער אָבער די ידיעה דאָך געהאַט אויף זיין איי־גענעם שטייגער.

די אויפלייזונג פון אַלע ווערטהען אין *אַרבייטס־כמות׳ען*, און פון די־אָ, ווידער אין *אַרבייטס־צייט* — דאָס איז די בריליאַנטענע און סאַמע העכסטע לייסטונג, וואָס איז דערוויל דורכגעפיהרט געוואָרען פון דער בירגערליכער עקאָנאָמיע דורך ריקאַרדאָ׳ן.

איהר זעהט, אגב, הערר שולצע, אַז עס זיינען אויך פאַרהאַן *גענגער*, וואָס מען אַנערקענט גערן און מיט פערגניגען און מיט אַן אראָבגעצויגענעם הוט! ריקאַרדאָ איז דער קאָפּ און די לעצטע ענטוויקלונג פון דער בורזשואַזנער עקאָנאָמיע, וואָס האָט פון איהם אָן ניט געמאַכט קיין פאָרטשריט. ער האָט ענטוויקעלט די בירגערליכע עקאָנאָמיע ביז צום סאַמע שפּיץ, ד. ה. דערפיהרט ביז צום *אַבגרונד*, וואו עס בלייבט איהר ניט מעהר איבער צו טהאָן, אַ דאַנק איהר אייגענער טהעאָרעטישער ענטוויקלונג גופא, ווי *זיך איבערצודרעהען* און ווערען *אַ סאָציאַלע עקאָנאָמיע*. די *סאָציאַלע עקאָנאָמיע* איז ניט מעהר ווי *אַ קאַמפף* געגען *ריקאַרדאָ׳ן*, אַ קאַמפף וואָס איז פונקט אַזוי פיעל די אימאַנענטע *וויטער־ענטוויקלונג* פון זיין לעהרע. ווי די וויסענשאַפט פון דער בורזשואַזנער עקאָנאָמיע האָט נאָר דער־גרייכט אָט דעם שפּיץ, האָט זי אָנשטאָט מיט דעם מוטה פון דער וויסענשאַפט זיך אַריינצולאָזען אין דעם דאָזיגען תהום, בעסער אויסגעקליבען צו פערנעהמען זיך *אויף צוריק־צו*.

אַז מען מוז היינט, מצד דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע, אָנפיה־רען דעם קאַמפף געגען *אייך* און *באַסטיאַ׳ן*, אָנשטאָט גע־גען *ריקאַרדאָ׳ן* — בעווייזט שוין אַליין, צו וואָס פאַר אַ חלשות׳דיגער קאַריקאַטור די אייראָפּעאישע בורזשואַזיע האָט זיך פון דאַמאָלס אָן פערקריפּעלט!

---

* זעה מיין „פילאָזאָפיע העראַקליטאָס דעם דונקעלן", טה. 2, ז. 120 א. וו.; ז. 210־216, ז. 111 און ווייטער.

יעדער ווערטהע לייזט זיך, אלזא, אויף אין דער ארבייטס־צייט, וואס פארדערט זיך אויף צו שאפען א פראדוקט.*

היינט אבער ווייטער!

דארף מען אונטער דער דאזיגער ארבייטס־צייט פערשטעהען אינדיווידועלע ארבייטס־צייט?

איך ארבייט, און אויף אזוי פיעל, נאכ׳ן סוביעקט פון זאץ נאך, זעהט יעדע ארבייט אוים צו זיין אינדיווידועלע ארבייט. אזוי וואלט עס אויך געווען, נאכ׳ן אביעקט פון זאץ נאך, נאך דער זאך נאך, וואס ווערט ארויסגעבראכט דורך אט דער בעוועגונג פון ארבייטער; דאס הייסט, נאך דער מאס בעוועגונג (צייט) נאך, וואס ווערט פערגליווערט אין דעם פראדוקט, ווען איך זאל טאקי מאכען נוץ־אביעקטען. אבער דאס איז היינט און א שטיק צייט מיט יאהרען שוין מעהר ניט דער פאל. איך ארבייט גיכער פאר די בעדערפנישען פון ווען איהר ווילט נאר, נאר ניט פאר מיינע אייגענע. איך פראדוציר אזוי פיעל און אזוי פיעל שפילקעס דורכ׳ן יאהר; איך שאף טויש־ווערטהען, און אלע איבריגע איך׳ען טהוען אויך אזוי; פראדוצירען ווידער אין די טויש־ווערטהען, וואס זיי שאפען, דאס וואס אלע איבריגע לייטע דארפען האבען, אבער ניט וואס זיי אליין דארפען.

דער טויש־ווערטהע אבער, וואס איך שאף איז נאר יעמאלט א טויש־ווערטהע, ווען ער פערוואנדעלט זיך אין א געברויכס־ווערטהע, אין א נוץ־אביעקט פאר אנאנדערן.

מיינע בריוולעך שפילקעס האבען א פעולה אלס טויש־ווערטהען נאר יעמאלט ווען זיי האבען, גראד פארקעהרט, די פעולה אלס געברויכס־ווערטהען פאר אלעמען, ווען זיי געהען איבער אין די צארטע הענד פון די פרויען, אויף ווענעם אדרעס די דאזיגע בריוולעך זיינען לכתחילה אנגעוויזען.

---

* וואס נאך דעם נאך, לייזט זיך, אלזא, א טאג קוואליפיצירטע, קאמפליצירטע ארבייט ווידער אויף אין א גרעסערער מאס אונקוואליפיצירטע, גראבע ארבייט, וואס שטעלט דא מיט זיך פאר דעם מאס־איינס [„מאססאיינהייט“].

וואָס איך האָב אַלזאָ אין דער אמת'ען אויפגעטהאָן אין מיין ארבייט, איז די ווירקליכע* (ד. ה. אַזעלכע וואָס שאַפט געברויכס-ווערטהען) אינדיווידועלע אַרבייט פון אַלע אינדיווידואומס; דאָס הייסט; אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע אַרבייט. וואָס איך האָב, אין דער אמת'ען פערפונדעוועט אין דעם פּראָדוקט וואָס איך האָב צוגעגרייט, ביז וואַנען עס איז געוואָרען דערפון איין שטיק, איז ניט מיין אינדיווידועלע אַרבייטס-צייט נאָר אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע אַרבייטס-צייט. און דאָס-אָ שטעלט מיט זיך פאָר דעם מעסט-איינס פון דער כמות אַרבייט וואָס איז פערגליווערט געוואָרען אין דעם פּראָדוקט.

די אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע אַרבייטס-צייט האָט אָבער איהר זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ אַלס — געלד. געלד איז אָביעקטיווירטע געזעלשאַפטליכע אַרבייטס-צייט. געלייטערט פון יעדער אינדיווידועלע בעשטימטקייט, שייך צו דער בעזונדערער אַרבייט (אַלס אַרבייט אין שפּילקעס, האָלץ-וואַרג, לייוואַנט-זאַכען א. א. וו.). נאָר דורך „דעם salto mortale פון סחורה און גאָלד“ * שפּיעלט דערפאַר די סחורה אַ ראָלע אַלס דאָס, וואָס עס בעדאַרף זיין, אַלס קיום פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס-צייט.

איהר זעהט, העררר שולצע, אַז אָט די ידיעות וואָלט איהר זיך געקענט שאַפען, טהיילווייז דערמיט, וואָס איהר וואָלט געלייענט און אריינגעדרונגען אין די ענגלישע עקאָנאָמען, טהיילווייז דורך אַן אָריגינעלען געדאַנקען-גאַנג. מילא קיין אָריגינעלען, בעשעפערישען דענקען קען מען פון קיינעם ניט פערלאַנגען. אָבער דאָס, העררר שולצע, קען מען דאָך יאָ פערלאַנגען, און דוקא מיט רעכט אויך, פון יעדען, וואָס שרייבט איבער אַן ענין און „לערנט“ דער וועלט, אַז ער זאָל כאָטש זיין בעהאַוונט אין די אַלע גרוי-

* רעאַלע״.

* „מאַססאויגהויט״.

סע און בעדייטענדע זאכען, וואס זיינען שוין אויף דעם געביעט אויפגעטהאן געווארען.

און זעהט איהר, הערר שולצע, וואס איך האב אייך דא אויפ'ן סוף ענטוויקעלט איבער'ן געלד, ווי אויך איבער דער גרויסער־שאפטליכער בעדייטונג פון דער ארבייטס־צייט אלס מעסט־איינס פון ווערטהע — דאס איז אלץ, בנוגע דעם גייסטיגען פונ־דאמענט שייך צו דעם, פאלשטענדיג ענטנומען, און נאר קאמפאקטער געדאנק־אויסצוג, פון 4 העכסט בעדייטענדער און מייסטער־האפטער שריפט, פון וועלכער עס שטאמען אויך די ווערטער, וואס איך האב נאר־וואס ציטירט ; פון א שריפט וואס איז שוין ער־שיענען אין 1859, דאס הייסט, 5 יאהר פאר אייער קאטעכיזם און וואס האט אייך אלזא דורכאויס געדארפט זיין בעקאנט! פון א שריפט, וואס האט אייך נאך דוקא געדארפט זיין בעקאנט צוליעב דעם, וואס עס איז ער־שיענען אין פערלאג פון אייער פריינד דונקער — פון דער אויס־געצייכענטער און עפאכע־מאכענדער שריפט פון קארל מארקס, בעטיטעלט : „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע".*

אבער וואס געהט דאס אייך אלץ אן ? איהר האט קארל מארקס פונקט אזוי ווענִיג געלייענט ווי ראדבערטוס,** ראדבערטוס פונקט אזוי ווענִיג ווי מאלטהוס † און ריקארדא, די לעצטע פונקט אזוי ווענִיג ווי אדאם סמיטה, סמיטה אזוי ווענִיג ווי דזשיימס

* ציטירט פון קארל מארקס. זעה דעם 3טען פאראגראף פון דעם אין טעקסט. א. א. ר.

** בערלין, 1859, פערלאג פון גראנץ דונקער. — א שאד וואס פון דעם דאזיגען אויסגעצייכענטען ווערק איז נאך דערוויל ניט מעהר ער־שיענען ווי די ערשטע העפט, וואס בעהאנדעלט „די וואארע" און „דאס געלד".

† (טאמאס ראבערט מאלטהוס האט געלעבט אין ענגלאנד 1834־1766 און איז מעהרסטענס בעוואוסט צוליעב זיין איבער־בעפעלקערונג טהעא־ריע.)

סטיוארט,* סטיוארט אזוי וועניג ווי פעטי,** פעטי אזוי וועניג ווי בואגיהבעהר*** און סיסמאָונדי.§ דאָס אַלץ פאָלגט אויפ'ן האאר פון אייער שריפט פאר א־יעדען וואָס איז נאָר אַ מבין: אָבער דאָס אַלץ מאכט גאָרניט אוים! איהר זייט פאָרט דער גרויסער עקאָנאָם, דער וויסענשאפטסמאַן, דער ארבייטער־לעהרער! וואָרים דאָס יאָ, איהר זייט דאָך דער מאַן נאָכ'ן גוסט פון דער פאָלקס־ציימונג און "נאַציאָנאַל־צייטונג", און ווייטער דאַרף מען ניט מעהר!

איהר זעהט שוין מסתמא אויך, הערר שולצע, ווי איצט ווערען נאָך בעזייטיגט אויך די אויבענגעבראַכטע שוועריגקייטען, וואָס איך האָב אָנגעגעבן אַלס לפנים'דיגע מניעות קעגען ריקאַרדאָ'ס טהעאָריע, אַז די *אַרבייט* איז דער איינציגער מאַסשטאַב פון ווערטה, אַז אַלע ווערטהען זיינען נאָר *מאַסען* פון *אַרבייטס־צייט*.

איך האָב געזאָגט: ווען איינער גיט אוים אַפילו ניט מעהר פּראָדוקציאָנס־הוצאות, וויפיעל עס *פאָרדערען זיך נאָרמאַל* אויף צו פּראָדוצירען אַן ארטיקעל, און וואָס לייזען זיך איינגאַנצען אויף אין אַרבייטס־*צייט*† — נו, און איצט, צוליעב אַ נייער ערפינדונג, וואָס בעווייזט זיך אויף מאָרגען און מאַכט ביליגער די דאָזיגע פּראָדוקציע, זאָל ער זיין געצוואונגען צו פּטר'ען דעם פּראָ־

* דזשיימס סטיואַרט (1712-1780), איינער פון די בעדייטענדסטע שאָטישע עקאָנאָמען און אַן עלטערער צייט־גענאָסע פון זיין גרויסען לאַנדסמאַן אַדאַם סמיטה.)

** (וויליאם פעטי (1623-1687), וועלכער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון כירורגיע, איז נאָך געווען דערצו אַ זעהר פערדיענסטליכער עקאָנאָם און סטאַטיסטיקער.)

*** (פּעהר לע פּעזאַהן דע בואַגיבעהר (1646-1714), איינער פון די ערשטע פראַנצויזישע עקאָנאָמען, איז בעוואוסט אַלס קריטיקער פון דעם עקאָנאָמישען סיסטעם פון זיין צייט, און ווערט בעטראַכט פאַר אַ פאָרלויפער פון די פיזיאָקראַטען, ד. ה. די, וואָס האָבען געוואָלט, אַז די געזעלשאַפטליכע איינפיהרונגען זאָלען זיין לויט די געזעצע פון דער נאַטור.)

א. א. ר.

§ (זשאַן שאַרל דע סיסמונדי (1773-1842) איז מעהרסטענס בעוואוסט פאַר זיין אויפטהו אַלס היסטאָריקער, הגם זיין בעקעמפפען די „לייסעה פייר" עקאָנאָמישע שולע האָט איהם אויך געגעבען אַ פּלאַץ אין דער עקאָנאָמיע.)

† ניט אין אַרבייטס־לוינען, הערר שולצע!

דוקט אויף א העלפט פון דעם פּרייז, וואָס איהם אליין האָט גע־קאָסט — טאָ קען מען נאָך יעמאָלט זאָגען, אז די ארבייט שטעלט מיט זיך פאָר דעם מאסשטאב פון ווערטה?

נו, אודאי, הערר שולצע: ווארים איהר זעהט דאָך מסתמא איין, אז די אינדיווידועלע ארבייט וואס איז אין דעם פּראָדוקט אריינגעלעגט * געוואָרען און האט דוקא געמ:זט דאמאָלס אריינגע־לעגט ווערען, מעג זיך, טאקי אמת, האָבען געבליבען דיזעלבע, אָבער די געזעלשאפטליכע ארבייטס־צייט, וועמעס צוזאמענגעפּרעסט־קייט ** שטעלט מיט זיך פאָר די זאך, האָט זיך צוזאמענגעצויגען, איז נאָך מעהר צוזאמענגעפּרעסט געוואָרען.

אָדער נעהמט דעם פאל, אז צוליעב דעם, וואָס דער געשמאַק האָט זיך געביטען, אָדער צוליעב אַן איבערפּראָדוקציע אין אַן אר־טיקעל, ווערען פּראָדוקטען אויסגעבראכט ווייט אונטער זייער נויטה־ווענדיגען קאָסט־פּרייז, אָדער בלייבען גאָר אינגאנצען פערלעגען.

זעהט איהר אודאי ווי דאָס אלץ הארמאָנירט איצט מיט דער טהעאָריע פון דער ארבייטס־צייט. ווארים די סחורות קענען איצט מעהר ניט מאכען „דעם "salto mortale" אין געלד אריין, מחמת עס איז איצט — ווען עס האָט זיך געביטען דער געשמאַק — בכלל מעהר ניטאָ אין זיי קיין געזעלשאפטליכע ארבייטס־

* („פיקסירט". ** „גראָנגענזיין". — די ווערטער גערינען", „גראָנגענזיין" און פיקסירען אין זייערע פערשיעדענע פאָרמען ווערען בענוצט פון לאַסאַל'ען אין אַ ספּעציעלען זין, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט זיין גאַנצען קוק אויף דער אַרבייט, און וואָס צייגט בכלל סמנים פון דעם העגעליאַנישען איינפלוס אויף איהם.

עס זעהט אויס, ווי ביי איהם וואָלט דער אַרבייטס־פּראָצעס געווען אַ מין פּראָצעס, עהנליך צו דעם זויער ווערען פון מילך (פגל. דעם אידי־שען אויסדרוק „געראָנענע מילך"). מיט יעדער סעקונדע ווערט די פליסיגקייט אַלץ מעהר פערהאַרטעוועט, אַלץ מעהר פערגליווערט, אַלץ מעהר איינגעפּרעסט און צוזאַמענגעפּרעסט. ווען די מילך שטעהט זיך שוין אויס הייסט עס דאַן אַ פאַרטיגער פּראָדוקט אין דער פאָרמע פון קעז — יעדער פּראָדוקט מוז זיך האָבען זיין מאָס (קוואַנטום) „פערגליווערטקייט" (גע־ראָננענזיין) אָדער „איינגעשטעלטקייט", (פיקסירט זיין). אזוי ווי צייט, אָבער, איז דער מאַסשטאַב פון אַרבייט, קאָן, דורך אַ נייער ערפינ־דונג אָדער פערשיעדענע אַנדערע אומשטענדען, פאָרקומען אַ קפיצת הדרך אין דעם דאָזיגען „איינשטעלענדען" אָדער אָביעקטיווירענדען פּראָצעס. א. א. ר.)

צ י י ט. זיי זיינען שוין ניט קיין ט ו י ש־ווערטהען, ווייל זיי זיי־נען ניט מעהר קיין ג ע ב ר ו י כ ס־ווערטהען. און הוא הדין ביי דער איבערפּראָדוקציע, וואָס איז שייך דער איבריגער צ אָ ה ל זאַכען. ווען מען דאַרף, למשל, האָבען אין דער מענשליכער געזעלשאַפט איין מיליאָן איילען זייד און די אונטערנעהמער פּראָדוצירען פינף מיליאָן איילען זייד, איז, האָבען זיי טאַקי אמת אויסגעבראַכט אַ סך א י נ ־ד י ו ו י ד ו ע ל ע ארבייטס־צייט, אָבער די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י ־כ ע א ר ב י י ט ס ־ צ י י ט, וואָס שטעקט אין דעם זיידענס, איז ניט געוואַקסען, ווייל די אַ ק ט ו ע ל ע* ב ע ד ע ר פ נ י ש פ ו ן אַ ל ע א י נ ד י ו ו י ד ו א ו מ ס פ אַ ר ז י י ד ע נ ס ־ אַ ר ־ב י י ט איז געוואַקסען. עס שטעקט איצט, הייסט עס, נאָר דיזעל־בע מאָס געזעלשאַפטליכע א ר ב י י ט ס ־ צ י י ט אין די פינף מיליאָן איילען זייד, ווי פריהער אין דעם איין מיליאָן, מוז שוין אַזויערנאָך דער פּועל יוצא זיין, אַז ווען מען זאָל אָט די פינף מיליאָן איילען בעזונדערע זיידענס־ארבייט אַנטגעגענשטעלען זייער ג ע וו י ס ע ן, ד. ה., דעם ווערטה פ ו ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ר אַ ר ־ב י י ט — דעם געלד — וואָלטען זיי אַנטקעגען דעם נאָר אַזוי פיעל בעטראָפען, ווי פריהער די איין מיליאָן איילען.

ד י ז ע ל ב ע כ מ ו ת ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ארבייטס־צייט, הייסט עס, שפּרייט זיך איצט אויס אויף פינף מיליאָן איילען אָנשטאָט אויף איין מיליאָן. בעוועהנטליך, וואָלטען דאָך נאָך אַלץ אויף אָט אַזאַ'ן אופן, די פינף מיליאָן איילען זייד בעדאַרפט קע־נען קויפען אַזוי פיעל געלד ווי פריהער די איין מיליאָן. און די אייל זיידענס וואָלט בכן געדאַרפט פאַלען נאָר ביז אַ פינפטעל פון דעם פריהערדיגען פּרייז. בעת דאָס רוב טרעפט זיך בשעת אַן אי־בערפּראָדוקציע — און צום בולט'סטען בעווייזט זיך דאָס ביי תבואה (פערגלייך ז. 23 אָנמ. 2), — אַז דער סך הכל פּרייז פון דער גאַנצער קוואַנטיטעט, ארום און ארום, וואָס די איבערפּראָדוקציע האָט אויף דער וועלט געבראַכט, דערגרייכט שוין צומאָל ווייט ניט דעם פריהערדיגען סך הכל פּרייז פון דער קוואַנטיטעט, אויף וועל־כער עס איז געווען אַ פאָרדערונג. הייסט עס אין דעם אַנגעכאַפּ־

---

* „רעאַלעס".

טען פאַל, אַז אַן אייל זייד וואָלט פאַלען נאָר ביז אַן אַכטעל אָדער אַ
צעהנטעל פונ'ם פריהערדיגען פּרייז, אַנשטאָט ביז אַ פינפטעל.

נאָר, אויב די גרינדליכע ערקלערונג פון דער דאָזיגער אָבוויי־
כונג קען נאָך ערשט אַוועקגעשטעלט ווערען ביים ענטוויקלען די
געזעץ פון דער פרייער קאָנקורענץ און פון מאַרק־
פּרייז, וועט נאָך אָבער אַלץ זיין גענוג אָנצוגעבען * אַזוי קורץ
ווי מעגליך, אויף וואָסער גרונד דאָס מוז זיך אייגענטליך שטיצען.
ווען עס איז דאָ אַ געפאַהר, אַז פון פינף מיליאָן איילען זייד זאָלען
פיער מיליאָן איילען פערלעגען ווערען אין קלייט, מוז זיך שוין צו־
ליעב דער קאָנקורענץ, אָנהויבען צווישען די פערקויפער אַן אַרונ־
טערזעצען פון פרייז, אַנשטאָט זיך צו האַלטען ביים פינפטעל
פון פרייז, אויף וועלכען די געזעלשאַפטליכע ארבייט איז
צוזאַמענגעקוועטשט אין דעם זייד, פערקויפט איטליכער בעסער
אויף אַ אַכטעל, אַ צעהנטעל, און נאָך ניעדריגער, כדי ער זאָל ניט
אויסגעזעצט ווערען צו דער געפאַהר, אַז זיין זייד זאָל גראָד אַוועק־
געשמיצט ווערען אויף דער פאָליצע, וואו עס ליעגען שוין די קונט־
רסים פון דעם בירגערליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס ; וואָס יע־
מאָלט וואָלט ער נאָך קנאַפּערע גליקען געמאַכט ! **

בכלל, וועט איהר פון דאַנען גאַנץ קלאָר איינזעהן, הערר שול־
צע, ווען איהר זאָלט מיך נאָר מעהר־וועניגער אויסהערען מיט קאָפּ,
ווי אַזוי עס געהט צו מיט דעם גאַנצען בירגערליכען געשעפט. די גע־
זעלשאַפטליכע ארבייטס־צייט, אָדער דער טויש־ווערטה, שפּיעלט,
אין דער בירגערליכער וועלט, די ראָלע פון קאַלטען שיקזאַל פון אַל־
טערטום. אין דער פראַגע, אויף ווי ווייט ער וועט קענען זיין אינדי־
ווידועלע ארבייט, אָדער די פּראָדוקטען פון אַנדערע, וואָס ער האָט
זיך געשאַפען, פערווערטהען אונטער אָדער איבער דעם מאַס־
שטאַב זייערען, [דהיינו] דער געזעלשאַפטליכער ארבייטס־
צייט, אין אָט דער פראַגע בעשטעהען די ליידען און פריידען פון

---

* „אַנגאַבען" אַנשטאָט „אַנצוגעבען" אין דער 1893 אויסג. א. א. ר.

** („וואָבײ ער נאָך וועניגער זיידע שפּיננען ווירדע!" דער וואָרט־
שפּיעל וואָס ליעגט דאָ אין דעם דייטשען אידיאָם אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן
משל, וואָס לאַסאַל האָט אָנגעכאַפּט, קען דאָ, פערשטעהט זיך, ניט איבער־
געגעבען ווערען. א. א. ר.)

דעם בירגערליכען ווערטהער!* אין אָט דעם וויעגען זיך צווישען דעם צופיעל און צו־וועניג, צווישען קריוודענען דעם קויפער און קריוודענען דעם פערקויפער, בעשטעהט די שפּאַנונג פון דער בירגערליכער דראַמאַ, און דאָס איז אויך, אין קורצען, דאָס געזעץ פון מאַרקפּרייז.** דער ווערטה־מאַסשטאַב, אָט דאָס געוויסען פון דער בירגערליכער וועלט, די אַבסטראַקטע געזעלשאַפטליכע ארבייט ווערט רעאַליזירט נאָר אין אַ בעשטענדיגען קריוודענען, אין דעם צופיעל אָדער צו־וועניג, אין דעם אַקטיווען אָדער פּאַסיווען שווינדעל פון מאַרקפּרייז; און דער ניט־קלאָהרער אינסטינקטיווער בעגריף דערפון, האָט ארויסגעבראַכט, ביי דער הומאַנער ריכטונג פון דער אַמאָליגער וועלט, די פּאַרצייטיגע אַנשויאונג פון mercator***

לסוף, קומט מיר פון דאַנען בעסער אויס אייך קלאָהר צו מאַכען, הערר שולצע, ווי גרויס אייער טעות איז, ווען איהר זאָגט, אַז קאַפּיטאַל „בעשטעהט אייגענטליך קיינמאָל ניט פון קיין סומע געלד“ (ז. 21), נאָר אַלץ אין פּראָדוקטען ממש. איהר זייט אַזוי שטאָלץ אויף דעם דאָזיגען זאַץ, כדי צו ווייזען, אַז איהר שרייבט ניט נאָר איבער באַסטיאַן, נאָר אַז איהר האָט אויך עפּעס אַמאָל אריינגעקוקט אין סיי׳ס האַנדבוך, אַז איהר חזר׳ט עס איבער אויף אַ דריי־פיער ערטער; און דאָס אויך, וואו עס פּאַסט זיך גאָר ניט! ציי איז מעגליך, הערר שולצע, אַז איהר, פאַר וועמען קאַפּיטאַל שטעלט

---

* (דאָ איז, ווי עס זעהט זיך אָן, אַ וואָרט־שפּיעל צווישען „ווערטהער“ אַלס איינער וואָס איז אַ בעל הבית איבער אַ ווערטה, און „ווערטהער“ דעם העלד פון געטהע׳ס בעריהמטע טראַגעדיע. א. א. ר.

** „וואָס זאָל מען קלערען מכח אַ געזעץ, וואָס קען זיך נאָר דורכזעצען דורך פּעריאָדישע רעוואָלוציאָנען? עס איז דוקא אַ נאַטור־געזעץ, וואָס שפּיעלט אויף דער אונבעוואוסטזיניגקייט פון די בעטהייליגטע“. פ. ענגעלס, אומריססע צו איינער קריטיק דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע. — דויטש־פראַנצויזישע יאַהרביכער, ז. 103.

*** (דאָס לאַטיינישע וואָרט „מערקאַטאָר“ — אַ סוחר — שטאַמט פון וואָרט „מערקעס“ וואָס פלעגט אָפט בענוצט ווערען אין דעם זין פון אַ „ניט־כשר׳ען גראָשען“, „לאַפּקע־געלד“, הגם לכתחילה בעטייט דאָס וואָרט „אַ לוין“ אָדער שבירות“ אָדער „שכר“. א. א. ר.)

מיט זיך פאַר — גאָט, זאָלט אַזוי ניט דערקענען אייער גאָט דאָרטען, וואו ער בעווייזט זיך אין זיין סאַמע ממש'דיגער געשטאַלט?

ווי! וועט איהר צושרייען צו מיר: איהר לייקענט, הייסט עס, זש. ב. סיי'ס גרויסען זאַץ, אַז פּראָדוקטען ווערען נאָר גע־ביטען כנגד פּראָדוקטען, אַז געלד איז דערביי נאָר אַ „צווישען־סחורה", און אַז אַלץ, וואָס איז נאָר קאַפּי־טאַל, בעשטעהט דערפאַר בלויז פון די ממש'דיגע פּראָדוקטען פון לאַנד?

מיך האָט דער דאָזיגער „גרויסער" זאַץ פון סיי, ניט קוקענ־דיג אויף זיין רעלאַטיווען אמת, שטענדיג דערמאַהנט אָן אַ רעטעניש, וואָס איז מיר אַמאָל אויפגעגעבען געוואָרען אין פאַנדרען־שפּיעל.

די רעטעניש האָט זיך געפרעגט: „וואָס איז דער הלוק צווישען נאַפּאָלעאָן I און דער העבאַם מילערן?"

איך האָב ניט און ניט געקענט טרעפען די רעטעניש, ניט קוקענדיג אויף אַלע אָנשטרענגונגען, און לסוף האָב איך זיך אונטערגעגעבען. נו, האָט מען מיר תכף איבערגעגעבען אַלס פּתרון: אַז נאַפּאָלעאָן I איז געווען אַ מאַן און די העבאַם מילערן איז געווען אַ פרוי.

דאָ האָב איך שוין, אודאי, פאָלקאָם איינגעזעהען דעם אמת פון דעם דאָזיגען פּתרון! אין דער אמת'ן, קוים האָט מען ניט קיין חוש פאַר קאָנקרעטע בעשטימטקייטען אין דער ביגור פון נאַפּאָלעאָן און פון דער העבאַם מילערן, איז, קומט מען צו דער אַבסטראַקטער גלייכהייט אַז זיי זיינען ביידע מענשען, און ווי מען האָט נאָר אָט די אַבסטראַקטע גלייכהייט אין האַנד, איז יעמאָלט פאָלגט שוין, ממילא, פּונקט אַזוי אמת'דיג, אַז זיי אונטערשיידען זיך אַלס מאַן און פרוי.

אַזוי איז פּונקט די מעשה מיט'ן אמת פון יענע זעצע סיי'ס, אַז פּראָדוקטען ווערען נאָר אויסגעביטען כנגד פּראָדוקטען, אַז דאָס קאַפּיטאַל פון אַ לאַנד בעשטעהט בכן נאָר אין די דאָרטיגע פּראָדוק־טען, און אַז געלד איז ניט קיין קאַפּיטאַל — אָן אמת, וואָס בע־שטעהט נאָר דאַרין, וואָס מען אַבסטראַהירט פון אַלע ממשות'דיגע קאָנקרעטע בעשטימטקייטען פון דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס.

אין אמת'ען, ווערען קיינמאָל ניט אויסגעביטען קיין

פּראָדוקטען כנגד פּראָדוקטען, נאָר אַלץ כנגד געלד. כל זמן די דאָזיגע פּראָדוקטען האָבען ניט געמאַכט דעם salto mortale אין געלד אַריין — איז די קשיא פאַר וועמען־זשע זאָלען זיי דאָס זיין קאַפּיטאַל? פאַר זייערע באַלעבאַטים, אין וועמעס פּעל־קויפס־מאַגאַזינען זיי ליעגען זיך?

זאָל מען אדרבא אַ פרעג טהון אַלע מינים סוחרים, פון דעם גרויסען באַוועל־און זיידענס־פאַבריקאַנט ביז צום קליינעם בוכבינ־דער, וואָס האַנדעלט מיט פּאָרטפּעלען, שרייב־פּאַפּיער און טייס־טערס, צי זיי קענען בעצאָהלען זייערע וועקסלען מיט זייערע פּראָדוקטען, ווען זיי זאָלען שוין אפילו וועלען מי יודע ווי זיך בערופען אויף י. ב. סיי, אַז דאָס איז אַלץ „קאַפּיטאַל“! זאָל מען אדרבא אַ קוק טהון מיט וואָס פאַר אַ קרבנות דער קליינער הענדלער מוז דאָס אָפט שאַפען געלד פון וואָכערניק אָדער אין סיי וועלכער פאָרם, ווען עס רוקט זיך אָן דער טאָג, וואָס זיינע וועקס־לען ווערען חל, הגם די קלייט אָדער דער מאַגאַזין איז איהם אָנגעפּראָפּט מיט די סיי'אישע קאַפּיטאַלען, מיט די ניט־אָבגעזעצטע פּראָדוקטען.

פאַר די פערקויפער זיינען, אַלזאָ, די פּראָדוקטען קיין קאַפּיטאַלען ניט, טאָ פאַר וועמען־זשע אַנדערש זיינען זיי דאָס יאָ? זיי קענען פערוועגדעט ווערען אויף ווייטערדיגע פּראָדוקציע, אין דער האַנד פון אַ דריטען, און אויף אַזאַ'ן אופן אויפטרעטען אַלס קאַפּיטאַל. אָבער וויבאַלד אַזוי, מוזען זיי אַלץ קודם געקויפט ווערען, איידער זיי קענען דעם דאָזיגען דיענען אַלס קאַפּי־טאַל. זיי מוזען אַלץ האָבען קודם דורכגעשפּרונגען דורכ'ן געלד. מען מוז זיי תמיד האָבען אַפריהער געמאַכט צו געלד. זיי האָבען דערמיט, הייסט עס, די מעגליכקייט צו ווערען קאַפּיטאַל. אָבער צי איז אַ מעגליכקייט, אַ ווירקליכקייט? צי איז זיין בכח און בפועל ממש אַלץ איינס? איז אַ קענען ווערען שוין אַ געוואָרענע זאַך?*

---

*) עס איז מערקווירדיג ווי לאַסאַל לאָזט זיך דאָ אַריין אין פּשוט'ען פּלפּול און מערקט ניט דעם פּועל־יוצא פון זיין אייגענעם אויספיהר. אויב מען זאָל טאַקי, אין דער אמת'ען, מאַכען אַזאַ בולט'ען הבדל צווישען „זיין בכח“ און „זיין בפועל“ אין דעם פּרט, וואָלט מען גע־מוזט זיין אין ספק צי אַ טשעק איז קאַפּיטאַל, און צי אַפילו אַן אַסיגנאַציע

די קאָנקרעטע בעשטימטקייט פון די פשוט'ע פראָדוקטען — שטעהענדיגעס קאַפיטאַל, ווי צ. ב. א דאַמפף־מאַשין אין שוין ניט מעהר קיין פשוט'ער פראָדוקט, נאָר געהער זיך אָן מיט א העכערער און ענגערער קאַטעגאָריע, מיט וועלכער מיר האָבען דאָ ניט צו טהון — די קאָנקרעטע בעשטימטקייט פון די פשוט'ע פראָדוקטען, זאָגען מיר, בעשטעהט אַלזאָ דוקא אין דעם, וואָס דער קאַפיטאַל־כאַראַקטער איז ביי זיי אונטערבראָכען, צייטווייליג אָבגעשאַפט.*

דער דופק פונ'ם קאַפיטאַל, וואָס געהט אדורך דעם בירגערליכען פראָדוקציאָנס־פראָצעס, קלאַפּט הפסקות־ווייז, און אין די פויזעס זיינע, הייסט ער — פראָדוקט. הויבט נאָר אָן דער דאָזיגער דופק ווידער קלאַפען, ווערט ווייטער דער פראָדוקט אָבגעשאַפט, פערשלונגען אויף ווייטערדיגער פראָדוקציע!

אָדער מיט אַנדערע ווערטער, וואָס דאָ איז פאַרהאַן צו בעגרייפען, און איז פון די בירגערליכע עקאָנאָמען קיינמאָל ניט בעגריפען געוואָרען, איז דער פשוט'ער דיאַלעקטישער געגענזאַץ צווישען פראָדוקציע און פראָדוקט. די פראָדוקציע איז א שטראָם, וועמעס בעוועגענדע מאַכט שטעלט מיט זיך פאָר דאָס קאַפיטאַל. דער פראָדוקט איז די פער־

* („אינטערמיטירט.)

איז, אונטער אַלע אומשטענדען, קאַפיטאַל. ביידע רעפרעזענטירען בלויז געלד, און דאָסזעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען פראָדוקטען.

אגב, ווען דער הענדלער קען ניט נאָכקומען די צאָהלונגען, בעצאָהלט ער פאָרט מיט פראָדוקטען, ווען מען ליקווידירט זיין געשעפט און מען פערנעהמט איהם די זאַכען. הייסט דאָך עס, אַז ביי אַלעמען אין די אויגען ווערען פראָדוקטען יאָ פעררעכענט אין קאַפיטאַל; איז דאָך ניט שייך צו מאַכען די געוואַלטיגע מחיצה צווישען געלד און פראָדוקטען. ווידער אַז מען זאָל שמועסען פון אונ־נאָרמאַלע צייטען, ווי בעת אַ מלחמה, איז וויסען דאָך אַלע, אַז דער געלד־קורס פאַלט אָדער שטייגט לויט די אומשטענדען פון די אָנבעטראָפענע לענדער. א. א. ר.)

גליווערטקייט פון אַט דעם שטראָם. אין פּראָדוקט איז עס געמאַכט געוואָרען צום שטעהען. זאָל פון דעם פּראָדוקט ווייטער ווערען קאַפּיטאַל, קען עס נאָר געשעהען, דורך דעם, וואָס ער ווערט אַרויסגענומען פון דער דאָזיגער פערגליווערטקייט זיינער און ווערט איבעראַנייעס אַריינגעוואָרפען אין דעם שטראָם פון דער פּראָדוקציע, הייסט עס, אָבער, אַז ער ווערט בטל אַלס פּראָדוקט (סיי אַלס לעבענסמיטעל, סיי אַלס רויה־שטאָף, דער פונדאַמענט פון אַ ווייטערדיגער אַרבייט). אין דעם פּראָדוקט איז אַלזאָ דאָס קאַפּיטאַל גראָד געשמידט אין דער בעשטימטקייט: צו זיין ניט־קאַפּיטאַל, בטל־געוואָרענעם קאַפּיטאַל! זינט 1848 בעזונדערס האָט די בירגערליכע וועלט געמאַכט אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג און געוואָלט דורכברעכען אַט דעם ווידערשפּרוך, כאָטש איינוועניג אין איהר אייגענעם קרייז, וואָרים די סיי'אישע אילוזיע האָט איהר נאַטירליך פּראַקטיש ניט געטויגט.

ווי אַזוי מאַכט מען, אַז דער פּראָדוקט זאָל באמת זיין דאָס, וואָס ער איז אין זיך און פאַר זיך, דהיינו, קאַפּיטאַל? אַזוי וואָלט געלויטעט די פילאָזאָפישע פאָרמולע פון דער דאָזיגער פּראָבלעמע.

ווי בעליייהט* מען סחורה? אַזוי האָט געלויטעט די בירגערליכע איבערזעצונג דערפון. אָבער נאָר ביי גאָר וועניג אַרטיקלען פון גרויס־האַנדעל (פגל. די ענגלישע דאַקס; די געשיכטע פון דעם פראַנצויזישען דאַק איז בעקאַנט) איז דער דאָזיגער הורכבראָך טהיילווייז געלונגען, ווי צ. ב. אויך ביי אונז אין מאַנכע ערטער ווערט אויל, א. אַ. וו. בעליהען פון די באַנקען. אַזוי אָפּט ווי דער דאָזיגער ווידערשפּרוך פון דער בירגערליכער פּראָדוקציע האָט געזאָלט בעזייטיגט ווערען אויף אַן אַלגעמיין־גילטי־

* (דאָס דייטשע וואָרט „בעלעהנען", וואָס ווערט דאָ איבערזעצט אַלס „בעלייהען", שטאַמט נאָך פון די פעאָדאַלע צייטען, ווען דער פּריץ פלעגט זיינע אונטערטהאַנען געבען יעדען בעזונדער אַ שטיקעל נחלה (לעהן) און דערפאַר האָבען זיי ביי איהם געדאַרפט דיענען, מיליטעריש אָדער אַנדערש־ווי. אין דעם מאָדערנעם זין הייסט „בעלעהנען" — געבען אָדער נעהמען געלד אויף עפּעס. א.א.ר.)

גען אופן, זיינען אָט די אָנשטרענגונגען דורכגעפאַלען* און די „וואַרען־קרעדיט־געזעלשאַפטען"** האָבען אויף דעם צו זינגען און צו זאָגען. און גראַד דאָס טהיילווייזע געלינגען ביי יענע גרויס־האַנדעל אַרטיקלען האָט, נאַטירליך, נאָר געקענט נוצען אויף צופערמעהרען נאָך די בענעפיטען און מאַכט פון דעם גרויס־קאַפּיטאַל — אויסצואיבען אַ וואָס גרעסערען דרוק אויפ'ן מיטעלשטאַנד.

דער דופּק פונ'ם קאַפּיטאַל, האָבען מיר אַלזאָ געזאָגט, וואָס צוקט דורך דעם בירגערליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, שלאָגט הפסקות־ווייז און אין די דאָזיגע פּויזעס זיינע גראַד הייסט ער פּראָדוקט. — איין איינציגער פּראָדוקט איז־דאָ אין וועלכען דער דאָזיגער דופּק ווערט קיינמאָל ניט איבערגעשלאָגען, נאָר שלאָגט שטענדיג אין אַ לעבעדיגער בלוט־וואַרימקייט, אַ פּראָדוקט וואָס איז תמיד איינס, תמיד קאַפּיטאַל. דער דאָזיגער קאַפּיטאַל־פּראָדוקט איז — געלד! געלד איז לכן ניט נאָר אויך קאַפּיטאַל, ווי אַבי־וועלכער פּראָדוקט, נאָר עס איז דאָס קאַפּיטאַל פאַר עקסעלאַנס, גאָט פאָטער בגוף ממש!

די קאַפּיטאַל־אייגענשאַפט איז ביי דעם תמיד פליסיג; קען תמיד בעפרוכטענדיג אויסגעגאָסען ווערען אויף וואָס פאַר אַ שטאָף, וואָס פאַר אַן אָרט מען וויל נאָר. דאָס געלד, אַלס „קאַ־

---

* אַזאַ פּראָדוקט איז אויך געווען פּרודאָנ'ס „באַהנק דזי פּעיפּל" (פאָלקס־באַנק) — דערפאַר דאַרף פאַר קיינעם ניט זיין קיין ברעקעל חדוש, וואָס זיין אַדיוטאַנט הערר דאַרימאָן האָט זיך דאָ ניט לאַנג ביי דער זיצונג פון דער געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט אָפען אַרויסגעזאָגט פאַר שולצע־באַסטיאַ'ס טהעאָריע, ניט קוקענדיג אויפ'ן פריהערדיגען קאַמפף צווישען פּרודאָנ'ען און באַסטיאַ'ן. זיי געהערען צוזאַמען פון תמיד אָן, און עס איז דאָ נאָר געווען אַ מיס־פערשטענדניס. וואָס זיי האָבען זיך בעקעמפּפט. עס איז, פונדעסטוועגען, אַן אינטערעסאַנטער סימפּטאָם, וואָס די פּאַרטשריטס־קראַנקהייט האָט אָנגענומען אַן אייראָפּעאישע בעדייטונג.

** דער גורל פון דער בערלינער וואַרען־קרעדיט־געזעלשאַפט איז בעקאַנט.

פיטאל פאר עקסעלאַנס", איז לכן אין נאָך א העכערען זין קאַפּיטאַל, ווי דאָס שטעהענדיגע קאַפּיטאַל גופא.

אַ באַוועל־שפּינמאַשין איז דאָך געווים קאַפּיטאַל, און דוקא אין אַ פיעל העכערען און קוואַליפיצירטערען* זין, ווי דער פשוט׳ער פּראָדוקט. בעת אָבער עם האָט אויסגעבראָכען דער באַוועל־קריזיס אין לאַנקאַשיר, האָבען די דאָזיגע מאַשינען געמוזט שטעהן לעדיג** זיי זיינען, אַלזאָ, צייטווייליג געוועזן דעגראַדירטעס קאַ־פּיטאַל, וואָס מיט׳ן געלד קען אזוינס ניט פּאַסירען. שעהנערס נאָך, אפילו אזעלכע פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען נאָך געהאַט באַוועל אין זאַפּאַס האָבען געלאָזען די מאַשינען שטעהן לעדיג, האָבען זיך בעעסר, מיט זייער באַוועל און געלד אריינגעטהאָן אין האַנדעל, ניט קוקענדיג אויף זש. ב. סיי און אויף אַלע גרימצאָרנדיגע פאָרווירפע, וואָס די „טיימס" האָט זיי דערפאַר געמאַכט. זיי זיינען געוואָרען סוחרים, האָבען ספּעקולירט אויף נאָך העכערע פּרייזען אויף די רויהע באַוועל; און אויף אזא׳ן אופן, האָבען זיי געוויעזען, אז ניט עס הויבען זיי אָן אַארען די אַלע טהעאָרעטישע פּערדרעהעניִשען, און אז זיי פערשטעהען גאַנץ געזונט זייערע פּראַקטישע נוצען.

און מעג זיך דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע אויסדוכטען, אז איהר אונטערשמייכלען אויף דער קאָמערץ־סיסטעמע איז מי יודע ווי קלוג, איז דוקא נאָר דאָס געלד, אַלזאָ, דאָס אַל־פּאַרהאַנענע, אַלמעכטיגע און אַל־וויסענדע — בקיצור, כדי ניט אויסצורעכענען אַלע אַטריבוטען פון גאָט בעזונדער, דאָס אַב־סאָלוטע קאַפּיטאַל!

נו, און איהר זייט גאָר ניט דערשלאָגען, הערר שולצע, איהר קאַפּיטאַל־דיענער, וואָס איהר האָט אזוי געקענט, ניט דערקאָנען אייער גאָט, ריכטיג ווי משה ביים סנה, גראָד דאָרטען, וואו ער האָט זיך בעוויעזען אין זיין ממש׳דיגער געשטאַלט, אין זיין גאָלדענעם פייערדיגען גלאַנץ?

---

* (אין דער 1893 אויסגאַבע איז אַרויסגעפאַלען דער סמן פון דער קאָמפּאַראַטיווער פאָרמע „ער". א. א. ר.)

** (דאַ פעהלען עטליכע שורות אין דער 1878 אויסגאַבע. א. א. ר.)

## ד) די קאָנקורענץ."

„חוץ דער מעגליכקייט זיך אליין צוצוגרייטען א זאך — הויבט איהר אָן אַט די סעקציע אויף ז. 67 — צו לייסטען־וואָס פאר זיך אליין, בשעת אימיצער פערלאַנגט דערפאַר פון אונז מעהר, ווי אונז דוכט זיך איז רעכט, האָבען מיר אין דעם פריהערדיגען אָנגע־דייטעט נאָך אויפ'ן אויסוועג: צו בעקומען דעם חפץ פון א דריטען, אלס א הויפט שוץ־מיטעל קעגען איבערנעהמען". באמת? מיר האָבען היינט, חוץ דער „מעג־ליכקייט" „זיך אליין צוצוגרייטען די זאך נאָך אויך דעם אויסוועג דאָס צו בעקומען פון א דריטען? אָהן קישקעס איז צו בלייבען, אז מען העלט זיך איין אייער בעשרייבונג פון דעם פראָדוקציאָנס־צושטאַנד! דאָס שטייגט נאָך אריבער דעם אויס־טויש פון די איבערפליסיגע פראָדוקטען, וואָס דער פראָדוצירער ניצט ניט אליין (ז. אויבען ז. 57 א. וו.).

נאָכדעם ווי איהר רעדט, גלייך דארויף, פון דעם האָלץ־העקער'ס זעג און דעם שלאָסער'ס מכשירים און דער וואשפרוי'ס קעסעל אין אזא געדאַנקענרייכען סטיל אז קיין וואשפרוי קען צו אייך ניט צוקומען — פונאַנדערצונעהמען דאָס גענויער לאָזט אונז שוין ניט די צייט, וואָס שטעהט ווי איבער'ן קארק — פערענדיגט איהר אַט מיט דער דאָזיגער ערקלערונג מכח דער פרייער קאָנקורענץ: „אַזוי קריגען מיר אין דער קאָנקורענץ א הויפט־רעגולאַטאָר פון ווערטה. נאָך פריהער האָבען מיר דערקאָנט די פרייהייט פאר'ן עלעמענט פון דער ארבייט ווי אויך פון טויש, דאָס רעכט פון אלע־מען פאַרצונעהמען וואָס־נאָר, זיך צו פערנעהמען מיט אלץ, וואָס דאכט זיך זיי וועט זיי צו גוטען קומען, און דאָס ווייטערע רעכט פון אלעמען זיך צו טוישען מיט אלעמען — דאָס, הכל, איז די פרייע קאָנקורענץ".

און נאָכהער, ווי איהר האָט אויף אזא אופן ווייטער ערקלערט די פרייע קאָנקורענץ אלס „טויש", און דאָס נאָך צושמירט אויף א זייטעל, לאָזט איהר גלאַט פאלען אויף צוויי זייטלעך עטליכע אלגעמיינע פראַזען געגען מאַנאָפּאָל, און פערענדיגט ווידער מעשה פּאַסטאָר מיט פערפומטער פערהערליכונג פון אייער „בילדונג" און „וויסענשאַפט".

דאָס איז אַלץ, וואָס איהר ווייסט צו זאָגען מכח דער פרייער קאָנקורענץ. אַנשטאָט אָט פון דאַנען, וואו עס ליעגט דער שליסעל צום גאַנצען איצטיגען צושטאַנד, ארויסצונעהמען די געזעצע פון מארק־פרייז, פון קאָסט־פרייז, פון אר־בייטס־לוין, פון אונטערנעהמער־געווינס, פון לאַנד־רענט; אַנשטאָט אָבצולערנען פון דעם די גאַנצע מאטעריעלע און גייסטיגע פיזיאָנאָמיע פון אונזער צושטאַנד, וואָס מיר ווע‌לען אויף א פּאָזיטיווען שטייגער טהון אין אנדערען קאַפּיטעל, ווי ווייט עס וועט זיך דאָרט לאָזען, ערקלערט איהר די „פרייע קאָנקורענץ" אלס „טויש" — אלס טויש, וואָס איז דאָך שוין אָנגעפיהרט געוואָרען אין דער צייט פון די פעניציער! דאָס איז אַלץ, וואָס איהר ווייסט צו זאָגען מכח דעם.

איהר זעהט, איך האָב איצט אויסגעפיהרט דעם בעוויז, אז ווייטער, ווי דאָס איין־זילביגע וואָרט דערלאַנגט ניט אייער גאַנץ בוך! אַרבייט איז געוועזן טויש, קאַפּיטאַל איז געוועזן טויש, קרעדיט איז געוועזן טויש, ווערטה איז געוועזן טויש, און די פרייע קאָנקורענץ איז אויך טויש.

באַכטיא זאָגט, בעת ער הויבט אָן דאָס קאַפּיטאַל „טויש", (harm. écon. p. 93): "L'échange c'est l'économie politique". „טויש — דאָס איז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע". און דאָס דאָזיגע פערשפּיצטע און כלומר'שט גייסטרייכע וואָרט, נאָכ'ן פראַנצויזישען שניט נאָך, האָט איהר איבערגענומען בוכשטעב־ליך, און איהר מיינט, אז ווער עס חזר'ט זיך נאָר גוט איין דאָס וואָרט „טויש", איז א פּאָלנער פּאָליטישער עקאָנאָם.

ווען איך קויף אָן אָקס און לערן איהם אויס צו שרייען דאָס איינזילביגע וואָרט: „טויש, טויש, טויש", איז האָב איך יעמאָלט אקוראט דעם גאַנצען תוכן פון אייער בוך.

אין דעם איינזילביגען וואָרט שטעקט אייער גאַנצע אָרים־בחור'שע לומדות.

פערטעס קאפיטעל

# דער אביעקטיווער אנאליז פון קאפיטאל. — די פראדוקטיווע קאאפעראציעס.

עס בלייבט נאך איבער צו ענטוויקלען, אזוי קורץ ווי מעגליך, דעם **אביעקטיווען בעגריף** פון קאפיטאל.

דאס וועלען מיר דערפאר א סך קירצער קענען מאכען — פערהעלטניסמעסיג, נאטירליך — ווייל מיר האבען ביז אהער, אין אונזערע פאזיטיווע אויספיהרונגען שוין פאראויס פעסט געשטעלט די יסודות פון דעם דאזיגען בעגריף, און איהם געלאזען זיך דורכלייכטען דורך די קאנקרעטע ביישפיעלע, וואס מיר האבען געבראכט. (זעה צ. ב. ז. 99 א. וו.)

אז מיר וואלטען זאגען: דאס קאפיטאל איז א היסטארישע קאטעגאריע, וואלט, טאקי אמת אלץ אויסגעדריקט געווארען מיט דער מעגליכסטער קורצקייט, אבער גאר ווינציג מענשען וואלטען אונז פערשטאנען.

מיר מוזען זיך אלזא נעהמען א מעהר בהדרגה'דיגען וועג.

בעטראכט נאר, הערר שולצע, די דעפיניציעס פון קאפיטאל, וואס מיר האבען ביז אהער איבערגעקליבען; דוקא ניט יענע ליעבלינגס-דעפיניציע אייערע, דהיינו, אז קאפיטאל איז „דער אבגעשפארטער טהייל פון הכנסה", וואס איהר דערלאנגט אונז אונטער דער השפעה פון באסטיא'ן, ווארים די־א איז שוין **גאר** צו אונזיניג און איז שוין געהעריג צונומען געווארען.

בעטראכט נאר אבער יענע אנדערע דעפיניציע, וואס איהר גיט נאך, און וואס דער תמצית פון דעם קען אויסגעדריקט ווערען אט ווי: קאפיטאל הייסט אן **ארבייטס־אינסטרומענט**. אדער נעהמט יענע, וואס די עקאנאמען גיבען געווענליך: קאפיטאל איז אנגעקליבענע ארבייט, אדער יענע וואס איך האב אייך פריהער (ז. 68) געגעבען צו דער האנד: קאפיטאל הייסט: פראדוקטען, וואס ווערען אלץ בסדר פערוועגדעט אויף ווייטערער פראדוקציע.

גיט אָקאָרשט ווייטער א קוק אויפ'ן אינדיאַנער אין די פּרי־מיטיווע וועלדער פון אַמעריקאַ, וואָס שלאָגט זיך אויס זיין חיונה דורך געיעג, מיט'ן בויגען אין האַנד.

איז אָט דער מאַן אַ קאַפּיטאַליסט? איז אָט דער בויגען — קאַפּיטאַל? איהר זעהט הערר שולצע, אַלע דריי דעפיניציעס טרעפען דאָ צו. דער בויגען איז דאָך באמת אַן אַרבייטס־אינסטרומענט; פּונקט אַזוי אמת איז, אַז דאָס איז אַנגעקליבענע אַרבייט. עס איז אויך אַ פּראָדוקט, וואָס ווערט אַלץ כסדר פערווענדעט אויף ווייטערער פּראָדוקציע.

און פונדעסטוועגען, הערר שולצע, וועט עס זיין דערווידער אייער אייגענעם געפיהל אַנצורופען דעם דאָזיגען אינדיאַנער אַ קאַפּיטאַליסט!

איהר זעהט, אַלזאָ, אַז די־אָ דעפיניציעס מוזען נאָך אַלע זיין פאַלש, ווייל עס איז אין זיי אַלע ניט פאַרהאַן דאָס ריכטיגע, וואָס זאָל זיי אונטערשיידען.

אָדער אפשר וואָלט איהר גאָר — צי איז דען עפּעס פאַרהאַן אַזוינס, וואָס איז ביי אייך ניט מעגליך — פערגוואַלטיגט אייער אייגענעם געפיהל און געזאָגט: יאָ, דער בויגען איז אַ קאַפּיטאַל, און דערמיט איז דער אינדיאַנער אַ „קליינער קאַפּיטאַליסט“.

יעמאָלט וואָלט אָבער געווען זעהר גרינג אייך צו ווייזען, אַז יענער בויגען איז קיין קאַפּיטאַל ניט, און אַז יענער אינדיאַנער איז קיין קאַפּיטאַליסט ניט.

כדי זיך דאָס קלאָר צו מאַכען, מאָלט אייך אויס אויף אַ רגע, אַז איהר זייט אין יענע וועלדער מיט אָט אַזאַ בויגען. דער בויגען וואָלט אייך געבען די מעגליכקייט צו שיסען חיות, וועט עס אייך, הייסט עס, אויסהעלפען — דערפאַר הייסט עס דאָך אַן אַרבייטס־אינסטרומענט — אין אייער אייגענער אַרבייט וואָס איז געציעלט דירעקט אויף צו קריגען חיונה. אָבער אַז עס זאָל אייך, ווי עס איז גראַד צו ערוואַרטען, נמאס ווערען, אויף

אייערע גרינגע־מאקאסינען,* צו לויפען אין איבעריאגעניש מיט די חיות דורך די וועלדער, וואלט איהר ניט געפונען *קיין מיטעל* צו פערוועגדען דעם בויגען אזוי, אז ער זאל פערדיענען פאר אייך; און חיות, אזוי ווי דער סימן פון קאפיטאל איז דוקא, ווי איהר ווייסט, די פעהיגקייט צו שפיעלען א ראליע אלס פערדיענסט־מיטעל, וועט איהר שוין איינזעהען מסתמא אז דער דאזיגער בויגען איז אן *ארביימס־אינסטרומענט*, אבער *ניט קיין קאפיטאל*!

איך כאפ אייך איצט אן א פאל וואו איהר וועט זיך איינרייי־דען אז עס איז גראד צוליעב דער פארמע, אין וועלכער דער בויגען ערשיינט, וואס די אנגעקליבענע ארבייט אין איהם קאן אייך ניט צוניץ קומען אלס קאפיטאל, און איהר וועט וועלען דעם בויגען *אויסבייטען* פאר אנאנדער ווערטה, און מיט אזא כונה, וועט איהר אנבאטען אט יענעם נאר־וואס דערמאהנטען אינדיאנער.

גאנץ מעגליך, אז דער דאזיגער אינדיאנער זאל איינגעהען אויף אייער פארשלאג, אויב דער דאזיגער בויגען טויג זיך פאר איהם. ער וועט אייך אפשר דאן געבען דערפאר א געטויטעטע חיה, אדער א פעל, אדער, אין מקומות וואו עס געפינט זיך א סך גאלד א גרוי־סע שטיק גאלד.

אבער די־א אלע זאכען — איהר האט קיין שום מעגליכקייט ניט זיי צו פערוועגדען פאר פערדיענסט־צוועקען. בכדי איהר זאלט די דאזיגע ווערטהען מאכען *פראדוקטיוו*, אז זיי זאלען *אריינברענגען הכנסה*, הייסט עס, וואלט איהר זיך גע־מוזט פערנעהמען אין גאנץ אנדערע לענדער, אין אזעלכע, וואו עס ווערט געפיהרט אן אייראפעאישער ארט לעבען. אבער אין יענע *בעשטימטע היסטארישע צושטענדע*, וואו איך האב אייך אריינגעזעצט, וואלט איהר דאס ניט געקאנט אויספיהרען.

אמעהר. עס וואלט אייך נאך איצט ערגער געווען מיט דעם ווערטה, וואס איהר האט איינגעביטען פאר'ן בויגען — די חיה, די פעל, צי די שטיק גאלד — איידער פריהער, ווען איהר האט גע־

---

* א מין שוך, געוועהנליך פון הירשען־פעל, וואס די אינדיאנער פון צפון־אמעריקא טראגען. א. א. ר.

האָט דעם בויגען, וועלכער האָט אייך וועניגסטענס געקאָנט אַרויס־העלפען אין אייערע געיענגען.

טאָ, געדענקט־זשע נאָר קלאָר, הערר שולצע, וואָס אַזוינס, ווי מיר זיינען געוואָהר געוואָרען פון דער איצטיגער בעטראַכטונג, איז דאָ דער הבדל און די נפקא מינה: עס זיינען דאָ היסטאָרישע צושטענדע, וואו עס זיינען פאַרהאַן אַרבייטס־אינסטרו־מענטען, וואו מען קאָן אפילו אויספיהרען זיך צו בייטען, און וואו עס איז נאָך פונדעסטוועגען ניטאָ קיין קאַפּיטאַל.

און נאָך אונזער פריהערדיגער פונאַנדערלעגונג (זעה צ. ב. ז. 98—102) וועט איהר גופא זיך שוין אפשר קלערען: עס איז נאָך דאָ ניט פאַרהאַן קיין קאַפּיטאַל, הגם אַרבייטס־אינ־סטרומענטען זיינען יאָ פאַרהאַן, מחמת דעם וואָס דאָ איז ניטאָ קיין צוטהיילונג פון דער אַרבייט. דערפאַר איז טאַקי נאָר דער אַרבייטס־אינסטרומענט אין האַנד פון אַרבייטער, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, טאַקי נאָר די אַרבייט אַליין איז פּראָדוקטיוו.

פון דאַנען איז שוין געדרונגען דער זאַץ אַז די זעלבסט־שטענדיגע פּראָדוקטיוויטעט פון קאַפּיטאַל. ד. ה. די פּראָדוקטיוויטעט דערפון, אַלס עפּעס וואָס איז מחוץ דער אַרביט, איז נאָר מעגליך אונטער אַ סיסטעמע פון אַרבייטס־צוטהיילונג, און איז דער פּועל יוצא פון דעם.

טהוט אָבער אָקאָרשט אַ קוק אויף די ציוויליזירטע צושטענדע פון אַלטערטהום. ווי נישטיג אפילו עס זאָל ניט זיין לגבי היינט, הערשט שוין דאָרטען פאָרט אָבער אַ געוויסע צוטהיילונג אין דער אַרבייט און גרויס רייכטהום. אָבער דאָ זעהט איהר ווי דער פאַרצייטיגער אייגענטהימער פעראייניגט אונטער זיין באַלעבאַטישקייט: די ערד, וואָס ער פערמאָגט, די שקלאַפען מיט אַלע זייערע אַרבייטס פּראָדוקטען און אַרבייטס־אינסטרומענ־טען.

איז דער דאָזיגער מאַן אַ קאַפּיטאַליסט? ניין, הערר שולצע! אַז איהר זאָלט בעטראַכטען אַן אַלטען שאָף פון פערזיען, צו וועמען עס געהערט, אויף וויפיעל ער וויל נאָר, דאָס גאַנצע לאַנד,

איבער וועלכען ער הערשט מיט אלע רייכטהימער און אלע מענשען, וואס זיינען דארטען פארהאן — צי וועט איהר זאגען, אז דער דא־זיגער מאן איז געוועזען א „גרויסער קאפיטאליסט"?

אודאי ניט! איהר וועט עס ניט זאגען, ווייל איהר וועט פיהלען, אז ער איז געוועזען מעהר ווי דאס.

גאנץ עהנליך איז מיט דעם פארצייטיגען אייגענטהימער. אזא, וועמען עס געהערט ניט נאר דער ארבייטס־אינס־טרומענט, נאר אפילו דער ארבייטער גופא אלס גע־זעצליכעס אייגענטום, קאן ניט זיין קיין „קאפיטא־ליסט". ווארים זיין חלק אין דעם איינטראג פון דער געזעל־שאפטליכער פראדוקציע שטיצט זיך ניט אויף דעם, וואס דער אר־בייטס־אינסטרומענט איז זיינער, נאר אויף דעם, וואס דער אר־בייטער גופא געהערט צו איהם. דער שקלאף, דורך וועלכען ער לאזט די ארבייט אויסגעפיהרט ווערען, איז פאר איהם נאר אנאנ־דער, א הויב־שטאנג; דער הויב־שטאנג נאר אנאנדער שקלאף.

אט דאס, וואס עס פעהלט דא דער הבדל איז די נפקא מינה [צווישען ארבייטער און אינסטרומענט], פיהרט דער־צו, אז דא זיינען פארהאן בעלעבאטים, אבער ניט קיין קא־פיטאליסטען; ווערטהען און רייכטהימער, אבער ניט קיין קאפיטאלען.

איהר קאנט דאס אלץ ווייטער נאכפאלגען, ווען איהר זאלט נאר אין זינען אריינעהמען די אמת'דיגע כאראקטער־שטריכען פון דער פארצייטיגער באלעבאטישקייט.

דער פארצייטיגער לאנד־בעזיצער און שקלאפען בעל־הבית לאזט לכתחילה, איז א איבערוויעגענדער מאס, פראדוצירען גע־ברויכס־ווערטהען, וואס ער דארף האבען אין זיינען אייגענער באלעבאטישקייט. דאס, וואס בלייבט איבער, אדער אין פאל ער לאזט פאבריצירען ארטיקלען דורך זיינע שקלאפען, וואס דאס אליין שטעלט שוין מיט זיך פאר א יוצא מן הכלל און טרעפט זיך נאר ביי בירגער פון א נידריגערען שטאנד* — אט די אינדוסטריע־פראדוקטען,

* אט, למשל, פלוטארך דערצעהלט אונז, אז אפילו דער רעדנער אי־סאקראט איז פערשפאט געווארען פון די קאמיקער אריסטאפאן און סטרא־

וואָס קומען איהם צו אויף אַזאַ אופן, פערקויפט ער. פאַר'ן געלד, וואָס ער לייזט, בייט ער זיך איין, פאַר'ן אייגענעם געברויך, די לוקסוס־פּראָדוקטען פון אַלע עקען וועלט, וואָס זיינען פאַר איהם צוגענגליך — [אַ שטייגער] פורפור און בורשטין. אויסטויש און האַנדעל זיינען שוין ענטוויקעלט און פערשפּרייט. אָבער דאָס געלד, וואָס בלייבט איהם איבער נאָכדעם, ווי ער האָט שוין בעפריעדיגט זיינע לוקסוס־בעדערפנישען, בעהאַלט ער, דאָס רוב, אויף אַ שפּע־טערדיגע לוקסוס־בעדערפנישען, אויף וויפיעל, הייסט עס, ער פער־ווענדעט עס ניט אויף אַנצוקויפען פרישע נכסים און שקלאַפען, אַלזאָ ווייטער אויף צו פערגרעסערען זיין נאַטוראַל־ווירטה־שאַפט, אין די ראַהמען, פון וועלכער ער איז אַ „בעל־הבית", אָבער ניט קיין „קאַפּיטאַליסט". ער איז אַ קינסט־לער אין שאַפען רייכטהימער, הגם די מכשירים זיינע — זיינען פון גאָלד און זילבער. דאָס דאָזיגע גאָלד אויינצולעגען אין פרעמדע פּראָדוקציע פאַר פערדיענסט צוועקען, פעהלט איהם לכתחילה און בכלל די געלעגענהייט.

וואָרים די דאָזיגע פרעמדע פּראָדוקציע איז אַליין וויע־דער געבוירען געוואָרען, פון דעם נאַטירליכען איבערפלוס, וואָס דער אַנדערער פּראָדוצירער האָט אין זיין אייגענער נאַטוראַל־ווירטה־שאַפט. און דארום אויך האָט יענער אַנדערער פּראָדוצירער זיך ניט גענויטיגט אין מאָדערנעם קרעדיט־סיסטעם, וואָס קאָן נאָר ענט־שטעהען אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע פּראָדוצירט הויפּט אויס־טויש־ווערטהען.

ווען עס האָט זיך שוין אפילו גענומען ווייזען די געלעגענהייט פאַר אַזעלכע קאַפּיטאַל־אינוועסטמענטס, איז איהר איצט געשטאַנען אין וועג די מאָראַלע אַנשויאונג פון פאָלק, וואָס איז וויעדער נאָר געוועזען דער רעזולטאַט פון דעם עקאָ־נאָמישען צושטאַנד, וועלכער, ווי מיר האָבען נאָר וואָס בעשריעבען,

---

טים, מחמת זיין פאָטער טהעאָדאָרוס האָט געלאָזט פאַבריצירען, דורך זיי־נע קנעכט, פליוטען. (פלוטאַרך, די ביאָגראַפיעס פון די צעהן אָראַטאָ־רען, טה. 4, ז. 357, וויטענבאַך אויסג.) אָדער, ווי לעסינג דריקט זיך אויס, די קאָמיקער האָבען געגעבען איהם אַ גאָב צוליעב זיין פאָטערס פליוטען.

האט אזוי לאנג געהערשט, און אין דער צייט פון וועלכער מיר שמועסען, נאך גאנץ שטארק געהערשט.

איהר וועט אגב פון דאנען בעגרייפען, פארוואס עס איז דעם קאפיטאל־פראצענט אויסגעקומען אזוי שווער זיך דורכצושלאגען א וועג אין דער אנשויאונג פון די אלטע פעלקער, פארוואס מען האט עס איינגעפונען פאר שענדליך און, פאר א פרייען מאן, ניט־ווירדיג, ניט־אנשטענדיג (איני־האנעסטום) אין דעם אמאליגען זין.

ווען אריסטאטעל, ציצערא,* סענעקא,** די קירכען פאטערס און דאס קירכען־געזעץ האבען געהאלטען פראצענטען פאר שענדליך, און אויף איין שטאפעל מיט וואכער, ווען אין דער רוימישער רעפובליק איז נאך געווען פערבאטען צונעהמען פראצענט, ווען קאטא*** לויבט דעם חק פון די אורעלטערן [לויט וועלכען] דער גנב ווערט בעשטראפט צו בעצאהלען כפל, דער פראצענט־ניק, אבער, כפל כפלים, § און די קאטוילשע קירכע האט פון די פראצענטניקעס צוגענומען דאס רעכט זיך צו בעטהייליגען אין דער הייליגע־וועטשערע צערעמאניע, דאס רעכט אויף א צואה, און קבורה על פי קירכען־געזעץ; און ווען, פון דער אנדערער זייט, דזשערעמי בענטהאם,§§ און מיט איהם די גאנצע שולע פון ליבעראלע עקאנא־

* עלעגאנטסטער שריפטשטעלער און רעדנער, וואס רוים האט ארויס־געגעבען; בעריהמט אויך אלס סאלדאט, שטאאטסמאן, דענקער און קעמפ־פער. געב. 107 פאר קריסטוס.)

** שפאניש־רוימישער אראטאר און פילאזאפישער שריפטשטעלער. געב. 58 פ. ק.)

*** (א בעריהמטער רוימישער שטאאטסמאן (געב. 232 פאר קריסטוס). וועלכער האט מיט זיין שטרענגקייט און קאנסערוואטיזים טיפיפיצירט זיין נאציאן אפשר מעהר, ווי וועלכער אנדער רוימער.)

§ Cato, de re rustica, praefatio: majores ita in legibus posuerunt, furem dupli, condemnari, feneratorem quadrupli.
[די איבערזעצונג איז אין טעקסט גופא. א. א. ר.]

§§ דער פאטער פון אוטיליטאריאניזם אין מאראל און געזעצגעבונג; בעריהמט אלס טהעארעטיקער פון געזעץ. (געב. ארום מיטען פון 18טען יאהרהונדערט.) א. א. ר.)

מען, זעהען, גראד קאפויר, אין וואכער דאס הייליגסטע נאטור־רעכט פון מענשען, וואס קאן בשום אופן ניט צוגענומען ווערען פון איהם, ווערען די דאזיגע גאר שארפע געגענזאצען שוין ערקלערט פון דעם אליין, און פון דאנען ווערען זיי אויך אויפגעלייזט אויפ'ן פשוט'סטען אופן.

דער יוריסט, זאגען די רומישע יוריסטען, קוקט נאר אויף „איד קוואד פלערומקוע פיט", „אויף דעם וואס געהט מייסטענס אן". נאך מעהר איז דאס אבער א כלל בנוגע יענע מא־ראלע אנשויאונגען פון די פעלקער, וואס שטאמען פון זייערע עקא־נאמישע צושטענדע: אז מען דארף קוקען נאר „אויף דעם וואס געהט מייסטענס אן".*

בארגען פלעגט מען בארגען אין אלטערטום פונקט ווי ביי אונז. אבער אזוי ווי און כל זמן עס האט אין אלטערטום, אדער איננאנצען אדער דאס רוב, געפעהלט דער מאטיוו און די געלעגענ־הייט דאס געליהענע געלד אריינצוטהאן אין פרעמדע פרא־דוקציע, ; אזוי ווי די דאזיגע פרעמדע פראדוקציע, ווידער איז געבויט געווען נאר אויף דער אייגענער נאטוראל־ווירטהשאפט און אויף דער שפע וואס איז דער נאטירליכער רעזולטאט פון דעם — איז, כל זמן דאס איז אויסשליסליך אדער אפילו נאר דאס רוב גע־ווען דער פאל, פלעגט מען זוכען הלוואות, מייסטענס אלזא, נאר אויף פערברויכס־צוועקען. מען פלעגט זיך קוואפען אויף אן הלואה נאר אום ארויסצוהעלפען זיך אין א פערזענליכער נויט אדער פערלעגענהייט, ווען עס זאל שוין אפילו נאר זיין די פערלעגענהייט פון א רוימישען איידיל,** וועלכער וויל דעם צירק פאר די עפענטליכע ספעקטאקלען לאזען אויסשלאגען

* אין דער 1893 אויסג. איז דער דאזיגער זאץ ניט פארהאן אין טעקסט, נאר אין א אונטערשטער בעמערקונג. א. א. ר.

** (א רוימישער בעאמטער, וואס איז געווען דער ממונה איבער אלע קהל'שע געביידעס און האט אויך געהאט די אויפגאבע צו לאזען אויפ־פיהרען ספעקטאקלען פאר'ן פאלק, אפטמאל אויסגעבענדיג זיין אייגען געלד, אבי צו ווערען בעליעבט ביי דער מאסע, און אזוי נאך שטייגען אלץ העכער אין עפענטליכען לעבען. א. א. ר.)

פאר'ן פאָלק מיט פורפור אויף זיינע איינענע הוצאות און האָט ניט די גאַנצע סומע אין מזומן.

צו וועלען, אָבער, שלאָגען קאַפּיטאַל פון אַן הלואה, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף הוילע פ ע ר ב ר ו י כ ס - צ ו ו ע ק ע ן, דורך וועלכער דער באָרגער ווערט לחלוטין ניט רייכער ווי ער איז געווען, ד. ה. זיך צו וועלען בענוצען אויף אַן עקספּלואַטאַטאָרישען אופן מיט איינעמס פערזענליכען ד ו ח ק, איז אָבער לכל הדעות שענדליך; און דאָס האָט מיט רעכט געפּיהלט דאָס אַלטערטום און די קירכע.

פון דער אַנדערער זייט וויעדער איז אפילו אמת אַז אין דער מאָדערנער צייט ווערען נאָך אויך געגוגג הלואות געמאַכט אויף פערברויכס־צוועקען. אָבער אין אַ ווייט איבערוועגענדער מאָס זיינען איצט די פ ר אָ ד ו ק ט י וו ע ה ל ו א ו ת, די הלואות, וואָס ווערען גענומען פון באָרגער אויף אריינצוטהון אין פ ר אָ ד ו ק ט י וו ע א ו נ ט ע ר נ ע ה מ ו נ ג ע ן. די דאָזיגע הלואות נעהמען זיך נאָך אפילו אויך פון אַ פ ע ר ל ע ג ע נ ה י י ט, אָבער נאָר פון דער איינער פערלעגענהייט, וואָס אימיצען ווילט זיך רייך ווערען; און גאָר מיט אַ שכל, מאַכט ביי זיך דעריבער אָב דער מלוה, אַז ער זאָל ליעבהאַרציג טיילען די דאָזיגע פערלעגענהייט מיט'ן אַנטלייהער! מיט אַנדערע ווערטער: עקאָנאָמיש, איז די פּראָדוקטיווע הלואה אַ ח ל ק אין ג ע ש ע פ ט ס - פ ע ר ד י ע נ ס ט.* און דער היפוך צווישען דעם פּאַרצייטיגען און דעם בירגערליכען בעגריף בנוגע נעהמען פּראָצענטען ווערט, אויף אַזאַ'ן אופן, ווען מען זאָל נאָר בעטראַכטען די זאַך אין אמת'ען היסטאָרישען ליכט, נאַ־

* אַ מנהג פון די רוסישע אָרטאָדאָקסישע אידען, וועגען וועלכען באַנאַוועטורא מאַיער (די אידען פון אונזער צייט 1842. ז. 13 א. וו.) דערצעהלט אונז, און וואָס האָט זיך גענומען פון דעם לא תשיך פערבאָט אין תורת משה, ווייזט אונז, אויף אַ זעהר אָריגינעלען אופן, דעם איגוועניגסטען כאַראַקטער פונ'ם לייהען. דער מלוה, דהיינו, נעהמט אוים בעת'ן לייהען, אַז אַ העלפט פון פערדיענסט זאָל זיין זיינס, און דאָס־אַ ווערט פון ביידע צדדים אויסגערעכענט אויף אַ וואהרשיינליכער סומע. ווען דער בעל חוב ערקלערט דערנאָך לסוף, אַז דער מסחר האָט ניט אַריינגעבראַכט קיין פערדיענסט, איז ער ניט מחויב צו בעצאָהלען די אויסגענומענע סומע. ער פערליערט אָבער אויף להבא דעם גאַנצען קרעדיט.

טירליך ערקלערט :ביידע בעזונדערע בעגריפען, הייסט עס, ווערען בעשטימט דורך דעם עקאָנאָמישען כאַראַקטער פון׳ם לייהען, וואָס איז שולט אין די צוויי בעזונדערע תקופות.

ווען עס האָט זיך שוין אַלזאָ אפילו אָנגעהויבען ווייזען אַלץ מעהר און מעהר די געלעגענהייט פאַר פּראָדוקטיווע פערווענדונג פון׳ם געליהענעם געלד, איז אָבער נאָך אַלץ, פון איין זייט, איהר געשטאַנען אַנטקעגען דער פערבאָט ; פון דער אַנדערער זייט, דער מאָראַלער בעגריף פון פאָלק — אין קאַמפף געגען איהר פערשפּרייטען זיך אין דער פּראַקטיקע. דאָס אַריינלעגען אַ פּערמעגען אין פרעמדע פּראָדוקציע — און ביים אַריינלעגען דאָס אין זיין אייגענער נאַטוראַל־ווירטהשאַפט בלייבט דער פאַרצייטיגער אייגענטימער, ווי איך מוז אויך דערמאָהנען, אַלץ „בעל־הבית“ און ניט קיין „קאַפּיטאַליסט“ — שטעלט נאָך אַלץ מיט זיך פאָר, אַלזאָ, אַ לפי ערך גאָר אומבעדייטענדען טהייל פון דער פאַרצייטיגער פערמעגען־פערווענדונג. „כמעט אינגאַנצען אין לאַנד, עפּעס נאָך אויך אויף פּראָצענט“, דאָס איז געווען די פערמעגען־פערווענדונג פון אַ רוימישען סענאַטאָר נאָך אין אַזאַ שפּעטען דור, ווי ווען פּליניוס* האָט געלעבט.** אַפילו שוין ביי אַזאַ ביישפּיעלהאַפטרייכען מאַן ווי קראַסוס*** — זיין פערמעגען ווערט געשאַצט פון די פאַרצייטיגע מענשען אין 7,000 טאַלענטען, און אַזוי ווי דער דאַמאַלסדיגער טאַלענט ווערט פערעכענט פאַר כמעט 1400 טאַלער,§ טרעפט עס אָן אַ סומע פון 9,940,000 טאַלער — דערצעהלט אונז פּלוטאַרך, וואו ער רעכענט אונז אוים זיין פערמעגען אויפ׳ן שטיק, היינו, זילבער־מינען, נכסים און די גרויסע צאָהל שקלאַפען וואָס האָבען זיי בעאַרבייט, הייזער, א. א. וו.: אַז „דאָס אַלץ איז נאָך געווען ווי גאָרניט

---

* פליניוס, עפּיסטאָלאַ. 3 19. סום קואידעם פּראָפּע טאָוטוס אין פּראַאידיאָים ; אַליקואיד טאַמען פאַינערע. [די איבערזעצונג איז אין טעקסט] א. א. ר.

** רוימישער שריפטשטעלער און אָראַטאָר, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אַ צעהן יאָהר פאַר חורבן בית־שני. א. א. ר.

*** דאָס איז ניט דער נאָך־מעהר ביישפּיעלהאַפטער קרעזוס, נאָר אַ רוימישער שטאַאַטסמאַן און אָראַטאָר. א. א. ר.

§ (אַ דייטשער טאַלער איז 3 מאַרק אָדער אַרום 72 סענט. א. א. ר.)

לגבי דעם פּרייז פון זיינע הויז־שקלאַפן; אַזוי פיעל און אַזעלכע מאַדים'ס האָט ער פערמאָגט ; פּאָרלעזער, שרייבער, זילבער־אויספּרובירער, אויפזעהער, און טיש־בעדיענער".*

כמעט אַלע די־אָ שקלאַפן זיינען גענוס־מיטלען. אין אַזעלכע גענוס־מיטלען און ניט קיין „קאַפּיטאַלען" דריקט זיך אויס די אַמאָליגע באַלעבאַטישקייט וואָס איז, לויט איהר פּערדיענסט־פאָרם, א הערשאַפט און ניט קיין קאַפּיטאַל־ווירטשאַפט. אין דער פּאַרצייטיגער וועלט זיינען פאַרהאַן אַרבייטס־געצייג, גענוס־מיטלען, ווערטהען און רייכטהימער, אָבער אַלץ ניט קיין „קאַפּיטאַלען". צוליעב דער דאָזיגער הערשענדער פאָרם פון דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד, איז נאָך אפילו ניט פאַרהאַן קיין „פּראָדוקטיווויטעט פון קאַפּיטאַל", ווען, למשל, דער פאָטער פון סאָפאָקלעס** לאָזט דורך זיינע שקלאַפן פאַבריצירען קלינגלעך פון שווערדען. מיט דער דאָזיגער פאַבריקאַציע, וואָס דריקט זיך אין האַנדעל, פאַלט ערשט בלויז אַוועק דער כאַראַקטער פון דער נאַטוראַל־ווירטשאַפט. אָבער, פון איין זייט, בלייבט אין דער דאָזיגער פּראָדוקציע [פאָרם] דער כאַראַקטער פון א הערשאַפט, בעת פון דער אַנדערער זייט, דריקט זיך ערשט איצט־אָ אויס אָט די פאַבריקאַציע אין האַנדע'ל וואָס, ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען איז שוין צו יענער צייט געווען גענוג ענטוויקעלט. די דאָזיגע שקלאַפן פּראָדוצירען דאָ אַלע געברויכס־אַרטיקלען, וואָס זייער אייגענטהימער בעדאַרף, אין דער פאָרם פון שווערדען, וועלכע ווערען „אויסגעביטען" פאַר יענע אַרטיקלען. אָבער די־אָ שווערדען ווערען דאָך נאָך אַלע רעאַליזירט אין גענוס־מיטלען, אָדער לאָמיר שוין זאָגען, אין געלד אַלס א מיטעל מיט וועלכען מען קאָן קויפען אַלע אַנדערע גענוס,מיטלען, וואָס דערמיט גופא רעפּרעזענטירען זיי

---

* פּלוטאַרך, וויטאַ קראַסי ט. 3 קאַפּ. 2, ז. 250, לאַנדאַוער אויסג., (די איבערזעצונג איז אין טעקסט.)

** איינער פון די דריי גרעסטע טראַגיקער פון אַלטען גריכענלאַנד. (א. א. ר.)

שוין נאָר די גענוס מיטלען. אָבער אָט די שווערדען ברע־כען זיך נאָך ניט דורך אין דער פערדיענסט־פאָרם פון קאַפּיטאַל, אין זיין פרייער און זעלבסטשטענדיגער פּראָדוקטיוויטעט, אין דעם כח, וואָס עס האָט, צוזאַמלען פּראָצענט אויף פּראָצענט. אמת טאַקי, דער ערשטער טריט איז שוין געמאַכט געוואָרען דורך אָט דער פּראָדוקציע, וואָס איז, אויף'ן שטייגער פון פאַבריקאַציע, געציעלט אויף אויסטויש־ווערטהען. אָבער דער דאָזיגער ערש־טער טריט ווערט נאָך [דערווייל] געשטערט, דורכ'ן צוזאַמענהאַנג פון דער פּאַרצייטיגער וועלט, דורכצווזעצען זיינע ווייטערע רעזול־טאַטען. די רייכטהימער און דאָס גאָלד פון דער פּאַרצייטיגער וועלט זיינען דאָס קערנדעל פון קאַפּיטאַל, פון וועלכען דאָס קאַפּיטאַל דאַרף זיך שפּעטער אַנטוויקלען. אָבער דערווייל איז נאָך די ענטוויקלונג פון יענע רייכטהימער ביז צו דער ספּעציפי־שער און אייגענאַרטיגער פאָרם פון קאַפּיטאַל ניט פאָרגעקומען.

טהוט אַ קוק אויף אַנאַנדער קולטור־עפּאָכע. בעטראַכט נאָר דעם מיטעלאַלטערליכען לאַנדאייגענטימער, דעם אדעליגען סיי־ניער* צווישען זיינע שלעסער און הויפען, זיינע לייב־אייגענע, צוגעהעריגע און קלאַנאָען,** זיינע דערפער און שטעדט, וואָס זיי־נען איהם אויף די פערשיעדענסטע אופנים פעאָדאַל פערפליכטעט. איז אָט דער מאַן געווען אַ קאַפּיטאַליסט?

איהר דאַרפט ניט האָבען, הערך שולצע, דעם שטאַרק־פער־שפּרייטען רויהען בעגריעף אַז מען האָט דאַמאָלס געלעבט נאָר פון פעלד־פּראָדוקטען! די פּראָדוקציע איז געוועזען גענוג ענטוויקעלט. דער לוקסוס — גרויס, די גענוס־מיטלען — זעהר פיעל, פערשיע־

---

* דער פעאָדאַלער פּריץ. א. א. ר.

** האַלב־פערשקלאַפּטע ערד־אַרבייטער אין דער רוימישער לאַנד־שאַפט. אַנדערע קאָלאָנען זיינען געווען קנאַפּ־וואָס פערפליכטעט דעם בעל־הבית, אָבער פיעלע פון זיי האָבען געהערט דעם לאַנד און זיינען איבערגעגאַנגען פון בעל־הבית צום צווייטען צוזאַמען מיט די מאַיאָנט־קעס. די ערשטע הייסען פּרייע קאָלאָנען; די אַנדערע — ניט־פרייע קאָלאָנען. א. א. ר.

דענארטיג און פערפיינערט. בעטראכט נאר צ. ב. ווי אזוי דער מינעזינגער ריטער אולריך פאן ליכטענשטיין (אין דרייצעהנטען יאהרהונדערט) בעשרייבט זיין פרוי'ס אויפנעהמען איהם אין קא־מינאט* „די ריינע — אזוי לייענט זיך יענע פאעמא** — איז גע־זעסען אויף א בעט און האט מיך אויפגענומען בעשיידען. זי האט מיר אבגעגעבען שלום. די גוטע האט געהאט אויף זיך א פייד נעם לייבעל, און אויף דעם א סוקעניע§ פון שארלאך,§§ וואס איז געוועזן בעשלאגען מיט ערמעלין פוטער (היירמין געפוררעט). איהר מאנטעל איז געוועזן גרין. אונטער דעם איז געוועזן א שעהנע קירסען.‡ די קירסען האט געהאט א ברייטליכען קאלנער. אכט פרויען זיינען גע־שטאנען ארום איהר; און זיי זיינען אויך געוועזן פיין אנגע־טהאן. אויפ'ן בעט איז געלעגען א סאמעטענער מאטראץ; אויף דעם, צוויי זיידענע לייל עכער, און אויף זיי, א קאלדרע — א פראכט. אויך איז דא געוועזן א טייערע אנלעהן־קישען.

---

* א ספעציעלר קאמער פאר דער בעל־הבית'טע אין פריצישע הייזער.
א. א. ר.

** אולריך פאן ליכטענשטיין, פראועגדיענסט, ז. 160. (לאסאל פער־לאזט זיך אויף א פראזא בעארובטונג פון יענער פאעמא, אדער, ווע־ניגסטענס, האט ער אליין געמוזט צוזאמענשטעלען די פערשיעדענע זעצע, כדי דער עיקר, וואס ער וויל אויסבריינגען, זאל זיך אנזעהען בולט'ער.)
א. א. ר.

§ סוקעניע, סאסקאניא. א זעהר רייכע אויבערקלייד פאר פרויען. וואס איז געווענליך געשטיקט פון גאלד און זייד. פערגל. דזי קאנזש, גלאסאריום, סוב ווערבאו „סאסקאניא". (לאסאל.)

§§ אזא טייער וואלענס. א. א. ר.

‡ קירסען אין מיטעלהויך־דייטש הייסט א פוטער, אבער דא איז עס, לויט ריינהאלד בעכשטיינס בעמערקונגען אין זיין אויסגאבע פון „פראועגדיענסט" — דער פוטערנער אונטערשלאג פון מאנטעל, וואס צוליעב די לוקסוסדיגע פעלען, פלעגט עס בעטראכט ווערען פאר א בעזונדערן בגד.

פאר די די פערטייטשונגען פון די מיטעלהויך־דייטשע טערמינען אין די ציטאטען פון ליכטענשטיינס פאעמען, האב איך זיך געשטיצט אויף פערשיעדענע קוועלען, בעזונדערס אבער אויף די הערות אין דער אויבענדערמאהנטער אויסגאבע פון „פראועגדיענסט", רעד. פון ריינהאלד בעכשטיין, לייפציג 1888. א. א. ר.

און צוויי קישענס, אַז עס איז געווען אַ מחיה אַ קוק צו טהאָן אויף זיי. דאָס בעט־געשטעל האָט זיך אין ערגעץ ניט אַרויס־געזעהען, און מעהרערע פיינע טעפּיכער האָבען צוזאַ־מענגעשטעלט דעם דאַך פון בעט. נעבען בעט צופוסען האָבען גע־ברענט צוויי גרויסע ליכט און צוויי לייכטערס, און ביי די ווענט זיינען געהאַנגען אודאי הונדערט ליכט".

אָדער ניט אַ קוק אויף זיין בעשרייבונג ווי ער אַליין פאָהרט איבער דער וועלט אַלס פרוי וועגוסין: „דאָ בין איך אַבגעווען דעם ווינטער און זיך געהייסען צושניידען פרויען־קליידער. צוועלף קליידער האָט מען מיר צוגעגרייט און דרייסיג פרויען־אַרבעל מיט פיינע לייבלעך. דערצו האָב איך צוגעקראָגען צוויי צעפּ, וואָס איך האָב פיין בעפּוצט מיט פערל, וועלכע מען האָט דאָ געקראָגען צו קויפען אָהן שיעור. מען האָט מיר אויך צוגעשניטען דריי ווייסע סאַמעטענע מאַנטלען. די זאָטלען זיינען געווען זילבער־ווייס, אויף וועלכע דער בעל מלאָכה האָט אָוועקגעלעגט אַ סך מיה און אַר־בייט. אויף זיי זיינען געווען דעקעס פון ווייסען טוך, לאַנגע און מייסטערהאַפטע. אויך די צוימען זיינען געווען גרויס־אַרטיגע. פאַר צוועלף פּאַזשען האָט מען צוגעשניטען גוטע מלבושים פון ווייסען געוואַנט. מען האָט מיר אויך געמאַכט הינדערט זילבער־ווייסע שפּיע־זען. אַלץ וואָס מיינע מענשען האָבען געפיהרט איז געווען ווייס ווי שנעע. מיין קאַסקע איז געווען ווייס, און ווייס איז געווען מיין שילד. פון פינף שטיקער ווייסע סאַמעט האָב איך מיר געלאָזען שניידען דריי דעקעס פאַר הערב־קליידער אויף מיין רייט־פערד, און מיין הערב־ראָק האָט געמוזט זיין אַ פיין־געפאַלבט קאַפּט'על פון עלעגאַנטען ווייסען גע־וואַנט".*

איהר זעהט, הערר שולצע, אַז מען האָט דאַמאָלס גאָר ניט געקאַרגט. הכלל, איז דער אייגענטימער פון די אַלע פיינע זאַכען, איז דער מיטעלאַלטערליכער הויף־בעזיצער געווען אַ קאַפּיטאַ־ליסט?

* פראַוענדיענסט, ז. 84.

פאַר קיין אופן ניט! און איך האָף, אַז איך וועל דאָס אייך ביסלעכווייז קאָנען פּונקט אַזוי קלאָר מאַכען בנוגע דעם מיטעל־אַלטער, ווי בנוגע דעם אַלטערטום, ווען איהר וועט נאָר לייענען מיט געדולד.

די שקלאַפעריי איז אָבגעשאַפט, און אויך די לייב־אייגענשאַפט, וואָס האָט זיך בעוויעזען אויף איהר אָרט, ווערט לינדער אין משך פון מיטעלאַלטער און פערוואַנדעלט זיך אין אַ סיסטעמע פון פערזענליכער אונטערוואָרפענקייט אויף די פערשיעדענאַרטיגסטע מדרגות, אין אַ מאָזאַאיק פון לייסטונגען. אָט דאָס גראָד גיט דעם מיטעלאַלטער זיין ספּעציפישען כאַראַקטער.

איך האָב שוין אַנדערשוואו אויסגעפיהרט, אַז עס איז די בעזונדערקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס מיטעלאַלטער אין פּרט פון דער געשיכטס־פילאָזאָפיע. דאָ ווערט שוין ניט דער מענש אין גאַנצען גענומען אַלס פּריוואַט־אייגענטהום, נאָר זיין ווילען און די בעזונדערע האַנדלונגען פון ווילען.* דאָס שאַפט, אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט, די סיסטעמע פון בעזונדערע לייסטונגען, אַ סיסטעם פון רעכטס־בעציהונגען צווישען צוויי בעזונדערע מענשען. רעכטס־בעציהונגען, וואָס דריקען זיך אויס אין לויטער בעזונדערע האַנדלונגען און בעזונדערע פּראָדוקטען (געברויכס־ווערטהען אין אונטערשיעד צו דעם אַלגעמיינעם אויסטויש־ווערטה: געלד). דאָס הייסט, עס שאַפט זיך דאָס סיסטעם פון מיטעלאַלטערליכע נאַטוראַל־לייסטונגען און נאַטוראַל־צושטעלונגען.

אָט דאָס גיט עס דער ווירטשאַפט און דער פּראָדוקציע פון מיטעלאַלטער איהר הויפּט־כאַראַקטער.

קוקט זיך צו נעהנטער, זאָל שוין זיין אויף אַ רגע נאָר, צו דער באַלעבאַטישקייט פון דעם מיטעלאַלטערליכען פעאָדאַלען לאַנד־בעזיצער.

שוין ניט רעדענדיג פון די לייב אייגענע, ווערען זיינע פעלדער

---

* זעה מיין „סיסטעם דער ערוואָרבענען רעכטע", ליפּציג, בראָקהאַוז, 1861, ט. 1, ז. 260-264.

בעאַרבייט פון לייטע, וואָס זיינען מחויב צו טהאָן פוהר־אַרבייט און האַנד־אַרבייט, דורך אויסגענומענע צוואַנג־אַרבייט און צוואַנג־אַרבייט אָהן שום תנאי, פון ניט־פּרייע און פּרייע קאָלאָנען אין אַל־ערליי פערשיעדענאַרטיגע גראַדען; וואָרים אפילו די פּרייע מאַנסען (פּויערן־הויפען) * מוזען איהם דיענען אזוי גוט ווי די ניט־פּרייע, נאָר די, אַ וואָסערע 3 טעג אין דער וואָך, בעת יענע האָבען דאָס צו טהאָן אַ וואָסערע פינף—זעקס וואָכען אין יאָהר.**

* דאָס „מאַנסוס" איז געוועזן אַ מין אָרענדע, אָדער בעסער נאָך, אַ מין ישוב פאַר אַ גאַנצער פאַמיליע, אונטער דער ממשלה פון דעם פעאָדאַלען באַראָן. דער „מאַנסוס" אָדער ישוב'ניק האָט געהאַט פערשיעדענע פליכטען צום פּריץ, און הגם וועניגער פערשקלאַפּט פון דעם קאָלאָן, שוין ניט רעדענדיג פון דעם לייב־אייגענעם, האָט ער אַלץ געהייסען אַן אונטערטאַן ביים פּריץ. די מדרגות אין דער פאַנשטשינאַ זיינען אַזוי פיעל, ווי לאַסאַל האָט שוין אָנגעמערקט, און אַזוי ניט שאַרף אָבגעטהיילט איינער פון אַנדערן, אַז אפילו אַזעלכע כאַנומענטאַלע ווערק, ווי דוּי קאַנזש'עס ענציקלאָפּעדישער גלאָסאַר פונ'ם מיטעלאַלטער־ליכען לאַטיין, און דעם אַבע אירמינאָן'ס פאָליפּטיק (פעאָדאַלע רשימה) רעד. פון געראַר קאָנען ניט בעשטימען, אויף קלאָר און אָהן ספיקות, דעם גענויען שטאַנד פון יעדען בעזונדערן פעאָדאַלען קלאַס. א. א. ר.

** זעה צ. ב. פּערטץ, מאָנומענטאַ גערמאַניאַ. היסטאָריקאַ ט. 8, (לעגום טאָמות 1). פּ. 177.

Respiciunt ad eandem curtem mansi ingenuiles vestiti §) 23 ex his sunt 6 quorum unusquisque....operatur annis singulis eldomades 5, arat iurnales 3 etc. etc.

(די איבערזעצונג פון דעם איז: 23 פּרייע און בעקליידעטע ‡ מאַנסען זיינען אונטערטעניג צו דעמזעלבען הויף. פון די זיינען פאַרהאַן 6, פון וועלכע יעדער איינער גיט אָב 5 אַרבייטס־וואָכען אַלע יאָהר. און 3 אַקער־טעג, א. ז. וו. א. א. ר.)

‡ דאָס לאַטיינישע וואָרט „וועסטיטי" איז דאָ איבערזעצט ווערטערליך. איבער דעם אַקוראַטען זין פון וואָרט זיינען דאָ חלוקי דעות, נאָר עס לעגט זיך גיכער אויפ'ן שכל די השערה, אַז דער חלוק צווישען דעם „ה ו י ל ע ן מאַנס" און דעם „ב ע ק ל י י ד ט ע ן מאַנס" איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס דעם ערשטען „מאַנס'ס" איז געוועזן אַ ניט־קולטיווירטע און אפשר וויסטע שטיק לאַנד, בעת דער לעצטער האָט געהאָט בעקומען פון פּריץ אַ געאַקערטע און פרוכטבאַרע אָרענדע (בעקליידט חייסט עס) מעשה בעל־הבית.

נאָר לאָמיר שוין ניט רעדען פון ערד־אַרבייט. — עס איז בכלל גאָר ניט פאַרהאַן קיין סאָרט לייסטונג, וואָס די ניט־פרייע, ווי אויך די פרייע מאַנסען, און אפילו די קליינשטעדטישע ישוב'ען און בירגער, וועלכע זיינען איהם אונטער דעם פעאָדאַלען סיסטעם אונ־טערטעניג אין די פערשיעדענסטע גראַדען — וואָס די אַלע זאָלען איהם ניט מוזען אָבצאָהלען אין נאַטוראַ * !

מאַלט זיך נאָר אויס, עס קומט פאָר אַ צינז־טאָג פאַר אייערע אויגען, וואו אַזאַ מין אדעליגער פעאָדאַל־באַראָן נעהמט צו די צינ־זען, וואָס קומען איהם. עס שוויבעלט מיט קאָרן, מיט גערשטען, מיט היהנער, מיט שינקען, מיט אָקסען, מיט חזירים, מיט אייער, מיט פוטער, מיט אויל, מיט אויבס, מיט וואקס, מיט חלב, מיט האָ־ניג, וואָס זיינע אונטערטאַנען מוזען איהם ברייננען, אפילו מיט טאָרטען, מיט בוקעטען בלומען און שאַפּאָו דע ראָוז.** די שניידער, די שוסטער פונ'ם שטעדטעל, וואָס שטעהט אונטער זיין פעאָדאַלער ממשלה — דערמאָהנט זיך נאָר אָן דעם גרונדזאַץ: ניל טער סאַהן סייניעור ‡ — ברייננען איהם די בגדים און די שיך, וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט פאַר איהם און זיינע לייטע אין דער וואָך, וואָס זיי זיינען איהם געווען אַרבייטס־שולדיג. § פונקט אַזוי גוט מוזען די „הענטשוהערן“ (הענדשקע־מאַכער), די „בעכערערע“ (ביכער־מאַכער), די באַנדאַרעס ‖ און „צימבערליוטע“ (סטאָליאַרעס) אַרבייטען אויף זיינע בעדערפנישען אָהן שכירות (סינע מערקעדעה).

---

* ד. ה. מיט פּראָדוקטען אָדער אַרבייט, נאָר ניט מיט געלד. א. א. ר.

** רויזען־קראַנצען. א. א. ר.

‡ „קיין לאַנד אָהן אַ פּריץ.“ א. א. ר.

§ זעה, ל'ה קאָונט ראַנדזי פאַר ל'הבאַיאי ד'אָוואַל אָהן 1347, אין מאָונטאַי'ס ווערק, דאָרטען פ. 85.

‖ דאָס וואָרט „קיעפער“ איז וואַהרשיינליך אַ פאָרם פון וואָרט „קועפער“ — אַ פעסעל־מאַכער אָדער באָנדער. עס איז דאָ נאָך אַ צוויי־טע מעגליכקייט: אַז לאַסאַל זאָל דאָ בענוצען דאָס וואָרט „קיעפער“, וואָס בעטייט אייגענטליך אַ פיכטענבוים, אין דעם זין פון איינעם, וואָס אַרבייט ביי בוימער בכלל, למשל אַרויסציהען די פעך, צוצוגרייטען טערפּענטין א. ז. וו. יעדענפאַלס, די ערשטע השערה פּאַסט זיך דאָ גיכער. א. א. ר.

און די שמיעדען און שליאָסאַרעס מוזען איהם צושטעלען קייטען און פיילען, און אחוץ דעם, א צאָהל פּאָדקאָוועס און טשוועקעס.*
און בעת עס האָבען זיך אין די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער געפונען אין די פעאָדאַלע הויפען גופא כל המינים בעלי מלאָכות און קינסטלער (מעקאַניקי עט ארטיפיקעהס), קצבים (קאַרניפיקעהס), גאַרבער (קערדאָנעהס), באָנדאַרעס (דאָליאַטאָרעהס) פוטער־אַרבייטער (פעלליפיקעהס און פעלליפאַריאי) וואָגען־מאַכער (קורריפיקעהס און קאַרפּענטאַריאי)** קרעמער (אינסטיטאָרעהס), ארכיטעקטען (אידיטואַי), שטיין־האַקער און מויערער (קאַימענטאַריאַי און לאַפּיקידאַי), מאָלער (פיקטאָרעהס) א. א. וו., אפילו סוחרים (נעגאָוטיאַטאָרעהס), גאָלד־שמיעדען, (אוריפיקעהס), און האָלץ־שניצער (לינגאַרום קאַי סאָרעהס),‡ און בכלל האָט דער פעאָדאַלער הויף געמוזט האָבען איין בעל מלאָכה פון אלע מינים בעלי מלאָכות, וואָס האָבען זיך איינגעאָרדענט אין דעם תחום פונ׳ם פעאָדאַלען בעצירק — „פאָן איינעם יעקליכען אנטווערגקע איין אנטווערגמאַן“.§—און ווען אפילו אין די שפּעטערע צייטען פון מיטעלאַלטער האָבען שוין די בעלי מלאָכות און קינסטלער אויפגעהערט צו וואוינען אין די שלעסער גופא, האָבען זיי, אָבער, פאָרט געמוזט אלס זכר פון אָט דער לכתחילה׳דיגער פערהעלטנים, אָדער אלס ירושה נאָך פון זייערע מאַנסען און פעאָדאַלע נחלות — האָבען זיי געמוזט אָבגעבען דעם בעל הבית פון הויף פּראָדוקטען פון זייער האַנדווערק־טהעטיגקייט, אָלערליי מעסער, שערען, און צוואַנגען (קולטעללי, ראַסאָריאַ, פאָרקיפעהס און פאָרפיקעהס) גראָב־אייזענס און העק, (פיקאַריאַי) שיסלען (סקוטעללאַי), בעכער (פיקאַריא), כל המינים געפעס (קראַטעריאַי) זאָטלען און אַנדערע מכשירים (סעלאַי עט קעטעראַ אוסטענסיליאַ.)‖

---

* פאָן מאָורער, געשיכטע דער פראָהנהעפע, 1862, בד. 2, ז. 323; טריער, וויזטהום, 10, 8־10 און 3.

** זעה דז. גאָנזש אונטער׳ן וואָרט „קורריפיקעהס“.

‡ זעה פאָן מאָורער, דאָרטען טאָם 2, ז. 316 א. וו.

§ גרימס, וויזטהימער 1, 763 פאַר. 33.

‖ זעה די פעאָדאַלע האָב־און־גוטס רשימה ביי קינדלינגערן, מינסטער. בייטרעגע 2. 116, 133, 228, 126, 223, 143. — דז. קאָנזש אונטער׳ן וואָרט „פיקא“.

ווען דער קצב פערקויפט אן אקס, געהערען איהם די פיס מיט'ן צונג, און אזעלכע אבגאבען געהמט ער זיך אראב פון דעם וויין, פון ביער און אנדערע משקאות.* אבער וואס זאל ער אזוינס מאכען מיטן וויין און ביער, בשעת עם פעהלען איהם פ ע ס ע ר? נו, מוזען אהין טאקי אויך צוגעשטעלט ווערען די פעסער, די רייפען (קירקולי), דעקען (פאטעללאי), קעסלען (קאלדאריא), איז דאס אי אייזערנע, אי קופערנע,** צוזאמען מיט שינדלען און אנדערע מא־טעריאלען אויף צום פערריכטען די דעכער.† און די פאס־אנפילער „זיינט שולדיג מיינס גנעדיגסטען הערען וויין אונד ביער א ו מ ־ ב ז ו נ ס ט צו שראדען“, און אויך די מעסטער זיינען מחויב „מיי־נעם גנעדיגסטען הערן אללע וויי אונד ביערפאסס א ו מ ב ז ו נ ס ט צו אהמען“. [מעסטען] §

און די שמיעדען מוזען איהם צושטעלען שפארען, און די לייי־

---

* זעה צ. ב. מאנטאי, א. א. ארט ז. 87.

** ווענגסטענס ווערעןביידע דערמאהנט אין דער רשימה פון חויף. זעה פערטץ, א. א. ארט

† זעה דעם „פאליפטיק אירמינאון, רעדאגירט פון גערהארד (פא־ריז 1844), דאקומענט 9, 299, ז. 113:

— — — — — — „ער ארבייט 2 טעג אין דער וואך, נאר אנשטאט צו ארבייטען, בעצאהלט ער א פוחר מיט צוויי טו־נען... זיי בעצאהלען — — 9 עופות, 30 אייער, 10 קליינע חעקלעך, און אקוראט אזוי פיעל שינדלען, 12 קליעפקעס, 6 רייפען א. א. וו... און וואס איז שייך אלע, וואס האלטען א מאנסוס (פולווארעק אדער געדונגענער חויף) צאהלען זיי 100 חעקלעך, פונקט אזוי פיעל שינדלען, 12 קליעפקעס, 6 רייפען א. א. וו... עס זיינען דארטען דא מאסען, וואס זיינען מחויב צו בעזארגען דעם טראנספארט פון וויין.....זיי צאהלען א קעסעל, מיט א סעקסטאר (אא „סעקסטאריום“ איז עפעס מעהר ווי א האלבע קווארט. א. א. ר.) האניג.

§ מיכעלסען, מאינצער אובערהאף צו ערפורט, ז. 26.

וואַנט־וועבער — אַ טישטוך 6 איילען די לענג, און אַ „האַנד־קוועל".*

איהר קאָנט זיך אויסמאָלען, הערר שולצע, אַז די פרויען זיינען ניט געבליעבען הינטערשטעליג אין אָט דער אַלגעמיינער התמדה אויסצוריכטען דעם דאָזיגען מאַן מיט אַ באַלעבאַטישקייט כדבעי.

אַ־יעדען קאַלאַנ׳ס ווייב איז לכן מחויב צוצושטעלען 13-15 שטיק לייוואַנט און צו שטיק וואָלענס (1 קאַמיזילעם עט 1 סאַרקילעם), צוצוגרייטען מאַלץ און צו באַקען ברויט.** מעהרערע פרויען האָבען געמוזט צושטעלען דאָס פאַרטיגע געוואַנט, און טאַקי פון אייגענעם פלאַקס (פאַננאָס עקס פּראָפּריאָ לינאָ.‡) אַנדערע, אָבער, זיינען נאָר מחויב דאָס צו פעראַרבייטען (סי דאַטור עאים ליניפיקיום פאַקיונט קאַמיזילאָס עט קאָיטערא),§ און דערפאַר זיינען שוין וויעדער אַנדערע מאַנסען געווען מחויב איהם צוצושטעלען אין אַרבייטס־הויז אַ־חוץ חזרים׳לעך, ליינזוימען, לינדזען, א. אַ. וו., אויך אַ זייגעǁ פלאַקס. די פישער זיינען איהם מחויב אַריינצוברייננגען די לאַקסען און אַנדערע פיש („דיענסטפישע"), וואָס זיי האָבען געכאַפּט ∘

---

* אַ „האַנדטוך". א. אַ. ר.

** זעה ביי פּערטץ׳ען, דאָרטען ז. 177.

‡ ד. ה. (געוועב פון אייגענעם פלאַקס." א. אַ. ר.

§ אויב מען גיט זיי לייוואַנט, מאַכען זיי קאַמזעלקעס א. א. וו.

(זעה דאָס דערמאָהנטע צענזוס־בוך פון דעם אַבע אירמינאָן 12, 109, ז. 150 און דאָרטען 110: אָמנעהס איסטע פאַקיונט קאַמיזילאָס דעה אָקטאָ אַלנים, עטק. (ד. ה. „אַלע מאַכען זיי שטיקער לייוואַנט פון 8 איילען די לענג." דאָס וואָרט „קאַמזילים" בעטייט אַמאָל דאָס געוואַנט, און אַמאָל ווידער אַ מין בגד, ווי אַ קאַמזעלקע. א. אַ. ר.)

ǁ לויט דזי קאַנזש׳עס גלאָסאַר פון מיטעלאַלטערליכען לאַטיין איז „סיגאַ" אַ מין מטבע, נאָר אין דעם פּאָליפּטיק פון אירמינאָן ווערט די סיגאַ ערקלערט אַלס מאָס, דהיינו, אַ בינטעל אָדער אַ הויפען. א. אַ. ר.

∘ זעה ביי מאַורער׳ן, דאָרטען טאָם 2, ז. 223-225.

אין בעשטימטע צייט־פּעריאָדעס. זיי דאַרפען איהם אויך מיט די מילנער פיהרען איבער די וואַסערן אין אַ שיפעל, וואוהין ער וויל־נאַר, אָבער די בחירה צו זיין זיינע שלוחים, ווען ער האָט בריעף צום שרייבען, אָדער איהם צו דיענען אַלס פּאָסט־אָדער שטאַפּעטען־רייטער — אָט די בחירה האָבען די קצבים.*

איך וואָלט נאָך געקאָנט לאַנג לאַנג אַזוי אָנגעהען מיט דער אויסרעכנונג פון דעם דאָזיגען באַלעבאַטישקייט־אינווענטאַר. ווען איך זאָל ניט דאַרפען מורא האָבען, אַז עס וועט אייך נמאס ווערען.

טאָ וויל איך אייך מעהר ניט געבען ווי נאָך אַ פּאָאַר ביישפּיעלען, כדי אייך צו ווייזען, אַז איהר קאָנט זיך, אין דער אמת'ען, קוים אויסמאָלען אַ בעדערפניש, וואָס זאָל ניט בעפריעדיגט ווערען אין דעם דאָזיגען סיסטעם פון נאַטוראַל־לייסטונגען דורך אַ בעזונדערער פערפליכטונג. יעדע בעזונדערע בעדערפניש האָט זיך איהרע בעזונדערע פערפליכטעטע, וואָס דאַרפען די דאָזיגע דיענסט־לייסטונג צוטיילען „אין נאַטורא“.

ביי אונז אַז אימיצער דאַרף אַן עצה בנוגע זיינע געשעפטען לאָזט ער זיך קאָסטען שווערע געלד און נעהמט זיך אַן אַדוואָקאַט. אָבער דער מיטעלאַלטערליכער סיניעור האָט דאָס ניט בעדאַרפט. איהם זיינען מחויב אַלע בירגער פון די קאָמונעס, וואָס שטעהען אונטער זיין פעאָדאַלער ממשלה, בעהילפיג צו זיין מיט ראַטה אין זיינע אַנגעלעגענהייטען, לויט זייער בעסטער פערשטענדנים“.**

אונז קאָסט עפּעס גוטע געלד צו געהען צו אַ באַלעט אָדער אין אַ וואָדעוויל,*** אָדער אין נאָך אַזעלכע פּלעצער. אָבער דער פעאָדאַלער פּריץ האָט עס ניט בעדאַרפט. עס האָבען זיך געפונען דיענסט־שולדיגע, פון וועלכע אַנדערע זיינען געוון מחויב, על פּי

---

* זעה ביי מאָורער'ן, דאָרטען טאָם 2, ז. 324 און ט. 1, 399.

** פּריוווילעזש דזי שאַטאָו ד'ה פּימפּאָדיום פון 1396 אין מאָונטאָוי'ס איסטואָר דזי קאַטאָרזיעם סיעקל, שאַפּיטר מייטר דאַלמאַז, טאָם 1, פּ. 39.

*** „צו וואָלנער“, ווייל דער עסטרייכישער אַקטיאָר פּראַנץ וואַללנער האָט אין לאַסאַל'ס צייט קאָנטראָלירט אַלס דירעקטאָר אַ גאַנצע קייט טעאַטערע פון לייכטערען סאָרט. א. א. ר.

געזעץ, צו שפיעלען די ראָלע פון א שכור,* אנדערע, וויע־
דער, האָבען געדארפט ארומשפרינגען מעשה פאיאץ,**
און נאָך א דריטער קלאס האָט געמוזט זינגען פאר זיין דאמע א
צוויי דייטיגען ליעדעל.***

הכלל, מיר געפינען זיך אין רייך פון בעזונדערקייטען. און
אזוי ווי דערפאר איז עס דאָך גאנץ לאָגיש־אויסגעהאַלטען, אז
מען מוז דאָ אויפפאסען אויף יעדען בעזונדערען געשמאק
— דער געשמאק איז דאָך טאקי דאָס גאנץ בעזונדערע, איבער וועל־
כען, שוין לויט'ן פאָלקס־ווערטעל גופא, עס איז זיך ניטאָ וואָס צו
שפּארען — נו, קאָן זיך עס טאקי אמאָל אויך טרעפען, הגם איך
האָף אז עס האָט זיך אזוינס אָפט ניט געטראָפען, אז אימיצער האָט
דעם בעזונדערען געשמאק צו — ווי אזוי זאָל איך דאָס זאָגען? —
הכלל צו הערען א נפיחה! און באלד אויפן שטעל, איז צווישען
די צינז־לייט דאָ צו דער האנד א יונגע מיידעל, וואָס האָט די פעאָ־
דאַלע־פליכט, ביים צינז־טאָג, איהם צו לאָזען הערען א נפיחה בפני
כל עם ועדה! ****

נו, און דאָ האָט אייך שוין אודאי געמוזט קלאָר ווערען, אָהן
א ברעקעל ספק, בנוגע דעם, ווי אזוי עס האַלט מיט דעם דאָזיגען
מאָן!

ער איז א נאַר רייכער מאַן. ער קאָן, אָבער, — און דעריין
שטעקט דוקא זיין אונגליק, ווען איהר זאָלט איהם צוגלייכען צו
אייער פריינד רייכענהיים; דערין ליעגט דער חלוק צווי־

* זעה סאָוואַל, אַהנטיקיטעה ד'ה פּארי, פּאַליאָ 1724, טאָם 2, ליוור
8, שאַפּיטר רעדעוואַנס רידיקיל:
(ד. ה. „איז געווען מחויב נאָכצומאַכען א שכור, און עס האָט ניט
געהאָלפען קיין שום טענה וואָס אַנבעלאַנגט די רעליגיאָן און די פעאָ־
דאַלע התחייבות". א. א. ר.)

** „צו לויפען אַנקעגען סלופּ אויפ'ן דאָרפישען שטייגער". א. א. ר.

***„זינגען א ציגישען ליעדעל פאַר דער פּריצה פון לאַוואַריי. א.א.ר.

****מאָונטאַי, איסטואַר דזי קאַטאָרזיעם סיעקל, שאַפּיטר לאַ טאַבל
דע סט. פּיער, ט. 1, פּ. 84, וועלכער ציטירט „אַן אַדוועי ראַהנדזי פאַר
מאַרגריט ד'ה מאָונטאַי" פונ'ם „קאָונט דע לאַ פּרעוואָוטה" פון פּאַריז.

שען זיי ביידען — ער קאן די נפיחה ניט קאפּי־טאליזירען! ניט דאס און ניט די קאזיאלקעס, און ניט די נבול פּה, און ניט די שליחות׳ען, און אויך ניט די וואקס, די אייער, די היהנער, די האניג, די אקסען, די שיסלען, די טעלער, די פלאקס, די לייוואנד די בעבער, די רייפען, די טונען, די פוטערוואַרג, די קעסלען, די לאקס־פיש, די וואלענס, די וויין, די ביער, די זאטלען א. אַ. וו. א. אַ. וו. ; אפילו ניט די דיענסט־לייסטונגען פון די מעסטער, די משקה־גיסער, די וואגען־מאכער, די גארבער, די מויער־ער, די שמיעדען, די נאלד־ארבייטער, די שניצער און מאלער א. אַ. ז. וו., וואס זיי זיינען איהם מחויב צו געבען.

ער קאן מיט די דאזיגע אלע זאכען לעבען ווי אַ שררה, און ער לעבט טאקי דערמיט ווי א שררה און בתענוג! וואַרים עס איז גאנץ ריכטיג וואס פאן מאורער* בעטאנט**: „אין אַ צייט, ווען די פּאָעזיע איז נאך ניט געווען אזוי אינגאנצען פערשוואונדען פון לעבען ווי היינט־צו־טאג, ווען אן אויסגערעכענטער אייז־קאלטער שכל האט פערנומען איהר אָרט — אין אזא צייט איז געווען פאר יעדען איינעם אַ בעדערפניש, נאכדעם ווי ער האט דעם גאנצען טאג פערבראכט מיט רייטען, געיעג און וואפען־איבונגען, אָדער אפילו מיט ערנסטערע עסקים, זיך צו אמוזירען אין אבענד מיט מוזיק און טענץ, אָדער וועניגסטענס צו זיין אין פרעה־ליכער געזעלשאפט“, און דערצו ציטירט ער די שעהנע פערזען פון טריסטאן*** (פערזען 3725—3730).

---

* דייטשער שטאאטסמאן און היסטאריקער, מעהרסטענס פון מי־טעלאלטערליכע אינסטיטוציעס און געזעצע (געב. 1790). א. א. ר.

** געשיכטע דער פּראהנהעפטע, טאם 2, ז. 190.

*** דאס מייסטערווערק פון דעם מינעזינגער גאטפריד פון שטראס־בורג, וועלכער האט דעם דאזיגען עפּאס (טריסטאן אונד איזאלדע) פערפאסט אין די אנפאנג־יאהרען פון 13טען יאהרהונדערט. א. א. ר.

בייטאג וועלען מיר רייטען, געהן אויף געיעג;
ביינאכט וועלען מיר, אויף אנאנדער וועג,
אין דער היים אויף אַ הויפישען שטייגער פערברייגגען:
שפּילען אויפ׳ן הארף און פידעל, זינגען —
דאס קאנסט דאך גוט, טא טהו דאס מיר;
קאן איך אַ שפּיעל, דאס טהו איך דיר!

ער קאָן יענע אַלע גענוס־מיטלען, וואָס רינגלען איהם אַרום בשפע גדול, פערצעהרען; און ער פּאַסט שוין גאַנץ ניש׳קשה׳דיג אויף אַז ער זאָל זיי האָבען איבער׳ן האַלז. ער פערצעהרט זיי אָהן שום דאגה און אין אַן אויפגעלעגטער לוינע, און דערפאַר מיט אַ סך הומאַנערען פערגניגען, ווי היינט ווען—און דאָס מוזט איהר דאָך וויסען אודאי — ווען אייער פריינד רייכענהיים׳ען, בעת ער זיצט אין אָפּעראַ און הערט מאָצאַרט און בעטהאָווען, טהוט איהם פּלוצלונג אַ כאַפּ אָן יענע בעוואוסטע קאָפּ־דרעהעניש וועגען קאַפּיטאַליזאַציע, און פערסם׳ט איהם זיין תענוג.

אָבער די דאָזיגע גענוס־מיטלען קאָן ער טאַקי *נאָר* פערצעהערען, אָדער אפשר נאָך פערבאַהאַלטען אויף אַ שפּעטערדיגען גענוס. *ער קאָן ניט מאַכען, אַז זיי זאָלען זיך פערמעהרען פון זיך אַליין.*

וואָרים זיין עצם פערהעלטנים בעשטעהט דאָך גראָד אין דעם, וואָס ער איז אָנגעוויזען, אויפ׳ן *בעזונדערען געברויכס־ווערטה*, אָדער, וואָס איז דיזעלבע זאַך, *דיענסט־לייסטונג*. ער שטעהט נאָך ניט אַנטקעגען דעם *אַלגעמיינעם טויש־ווערטה — געלד*. ער זעהט נאָך ניט גאָט דעם פאָטער בעצמו,, פּנים אל פּנים. „*די דיענסט־לייסטונג* איז געווען דער געמיינשאַפּטליכער באַנד, וואָס האָט פעראייניגט אַלע גליעדער פון דער מדינה צווישען זיך, און זיי אַלע, מיט׳ן אויבערהארר פון דער מדינה“, זאָגט מאורער מיט רעכט (געשיכטע דער פראָהנהעפע I, 376), און, כ׳לעבען, אויב אין באַסטיאַ׳ס זינלאָזען אויסקלער פון „*דיענסט*“ איז נאָך פערהאַן עפּעס אַ שטיקעל אמת, איז, גילט עס — אָבער דוקא מיט אַ גאַנץ אַנדער זין און אינהאַלט ווי באַסטיאַ לעגט אין דעם אַריין — פאַר׳ן מיטעלאַלטער, מחמת גראָד דאַ עקזיסטירט נאָך *ניט* קיין טויש־ווערטה, בעת נאָך יענעם פאַנטאַזיאָר זאָל דאָס גאָר זיין דוקא דער *יסוד פון טויש־ווערטה*.

שעהנערס נאָך, אפילו די *געלד־צינזען* וואָס יענער פעאָדאַל ציהט, און הגם זיי הויבען אָן פאַמעלעך אַלץ מעהר צו פערנעהמען דעם אָרט פון די נאַטוראַל־צינזען, סטאַיען זיי נאָר איינצושאַפען זיך דערמיט די לוקסוס־פּראָדוקטען פון וועלט־האַנדעל,

וואָס קאָנען ניט פּראָדוצירט ווערען אין דעם תחום פון זיין פּעאָ־דאַלער ממשלה. און אפילו ווען ער זאָל שוין האָבען איבריגע געלד־צינזען, קאָן ער אַלץ ניט מאַכען, אַז זיי זאָלען זיך בּערמעהרען און קאַפּיטאַליזירען אין זיין פּראָדוקציע. וואָרים אַ דאַנק דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענהאַנג, איז דאָ אַלץ אַזוי איינגע־ניטעוועט און איינגעמאַצעוועט, אַזוי סטאַביל און אונבעוועגליך דורכ'ן סיסטעם פון בעשטימטע געגענזייטיגע דיענסט־לייסטונגען און נאַטוראַל־ליפערונגען, דורך דער בעשטימטקייט פון אַלע אַר־בייטס־כחות, בענוצונגס־אופנים און התחייבות'ען, רעכטע אויף פּראָדוקטען, און עול'ען — אַז אין ערגעץ געפינט זיך דאָ ניט קיין פּלאַץ און מעגליכקייט פאַר אַז קאַפּיטאַל־פערווענדונג און פער־מעהרונג.

עס צייגט זיך, למשל, אַז עס טראָגט איין מעהר צו פערזייען אַ פעלד מיט ווייץ, איידער מיט קאָרן אָדער פּאַשע;* מיט קליע־ווער־גראָז און לוצערן איידער מיט ווייץ. אָבער אויפ'ן פעלד ליעגט אַ נאַטוראַל־רענט פון 10 מאַלטער קאָרן,** הייסט עס שוין אַז דאָס פעלד מוז בעאַרבייט ווערען אויף שטענדיג אַלס קאָרן־פעלד. אָדער, אַ שטייגער, עס איז בעסער צוצואַקערן אַ וואַלד אויף ווייץ־פעלדער. אָבער דאָ אויף דער פערהעלטניס פון געגענזייטיגע נאַטוראַלע דיענסט־לייסטונגען, וואָס פערבינדט דעם לאַנד־פּריץ מיט'ן קלאָן, מיט די קאָמונעס, מיט דער קירכע א. א. וו., הענגען אויף דעם דאָזיגען וואַלד אַ צאָהל נאַטוראַל־רעכטע און פּריווילעגיעס פון אַלער־ליי פּאַרטען; און פון איבערבייטען אַ געוויסע בעאַרבייטונגס־פאָרם קאָן גאָר קיין רעדע ניט זיין. די בעזונדערקייט אונ־טער'ן סיסטעם פון בעזונדערע דיענסט־לייסטונגען און נאַטוראַל־צושטעלונגען, שטעלט נויטיגערווייז*** מיט זיך פאַר דאָס גערמאַנישע אייגענטום אָדער דאָס צווייענדיגע אייגענטום (אין יורידישען זין פון אויבער־אייגענטום און אונטער־אייגענטום, אויבערהאַרשאַפט און

* „נאַטוראַל־אַנשפּריכע".
** אַ מאַלטער איז אַ מאָס פון עטליכע בושעל א. א. ר.
*** פאַר מעהר פּרטים איבער אָט דעם צוזאַמענהאַנג, זעה מיין „סיס־טעם דער ערוואָרבענען רעכטע" בד. 1, ז. 260 א. וו.

ניץ־אייגענטום *). און דאָרום איז שוין פאַר יעדער איבערבייט פון אַ געוויסען בעארבייטונגס־פאָרם און פאַר יעדער פערמעהרונג, אפילו ווען עס זאָל זיך שוין געפינען דאָס געלד דערצו, דער וועג פערצאַמט מיט 7 צאַמען.

און מיינט איהר אפשר אַז אין די **שטעדט** איז געווען אַנדערש די מעשה ?

אַודאי וועט מען זאָגען, אורטיילענדיג לויט'ן ערשטען איינדרוק, אַז דער מיטעלאַלטערליכער בירגער און שטאָדטישער מייסטער געפינט זיך אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע, ווי דער פּאָמיעשטשיק, דער פּריץ.

אין דער אמת'ען אָבער, זיינען עס דורכאויס די זעלבע טענדענץ־בעשטימונגען, וואָס ברייגגען אַרויס אַקוראַט דעמזעלבען רעזולטאַט, הגם פערהוילען און אין אַנדערע פאָרמען.

איך וועל שוין ניט שמועסען פון דער פריהערער צייט פון מיטעל־אַלטער, וואו די פּאַטריציער האָבען אין די שטעדט גופא אַנגעפיהרט ** פּראָדוקציע מיט דיענסט־פּליכטיגע בעלי מלאכות (פּגל. אויבען ז. 93), וואָס דאָס מיינט, אַז אויך דער יסוד פון דער פּראָדוקציע אין די־אַ פּעריאָדען איז געווען פּראָסט—הערשאַפט. איך וויל זיך נאָר אָבשטעלען אויף די שפּעטערע צייטען, וואו עס האָט זיך ענטוויקעלט די **אָרגאַניזאַציע** פון **גילדעס**. איך וועל זיך דאָ דערביי אויך ניט אַריינלאָזען ווידער אַמאָל אין פּרטים, כדי אייך ניט צו פערמאַטערן.

אָבער אויף אַזוי וויט וועט אייך קלאָר ווערען פון סאַמע אויבענאויפיגסטען קוק :

דער גילדע־מייסטער, וואָס האָט זיין **מייסטערשע חזקה**

---

* „נוטצונגסאייגענטהום", ד. ה. וואָס גיט דאָס רעכט זיך צו בענוצען מיט די פּראָדוקטען. א. א. ר.

** ווי בערנשטיין מערקט דאָ אָן אין זיין אויסגאַבע איז דאָ פאַרהאַן אַ גרייז. לויט איהם איז מעגליך אַז עס פעהלט דאָ אַ צווישענזאַץ. ניכער, אָבער, איז זיין צווייטע השערה ריכטיג, דהיינו, אַז עס דאַרף שטעהן „פּראָדוצירטען", אַנשטאָט „פּראָדוצירט וואורדע", און אַזוי איז דאָ איבערזעצט. א. א. ר.

מחמת זיין פאַטער איז שוין געווען אַ קירזשנער,* אָדער ווייל ער איז אַ בירגער פון דער דאָזיגער שטאָדט, אָדער צוליעב דעם וואָס ער קומט־נאָך איינער פון יענע אַנדערע בעזונדערע בע־דינגונגען, וואָס אָן זייער מאָזאַאיקיאַרטיגער פיעלזייטיגקייט זיינען אָנגעבונדען די מיטעל־אַלטערליכע גילדע־סטאַטוטען — הכלל, אַט דער דאָזיגער מייסטער פיהרט אָן אַט די פּראָדוקציע אויפן סמך פון אַ בעזונדערער בערעכטיגונג. ער שטעהט שוין, הייסט עס לכתחילה מיט יענעם פּאַמיעשטשיק אויף איין און דעמזעלבען פּרינציפּיעלען יסוד און באָדען, שוין דערמיט וואָס זיין פּראָדוקציאָנס איינקונפט שטראָמט צו צו איהם אויפ׳ן סמך פון אַ בעזונדערער בערעכטיגונג אָדער פּריווילעגיע, און ניט ווי דער היינטיגער פאַבריקאַנט אויפ׳ן גרונד פון בלויז פאַקטישע פערהעלטניסע.

נאָר אויב ער איז אַ פּריוויליגירטער, ד. ה. אַ בערעכטיגטער אַלס אַ בעזונדערער יחיד, שטעהען נויטיגערווייז אַרום איהם — וואָרים דאָס ווערט פערשטאַנען אין בעגריף פון בעזונדערן — אַנדערע בעזונדערע, וואָס מוזען אויך זיין בערעכטיגט אַלס בעזונדערע פונקט ווי ער; און וועמעס בעזונדערעס רעכט, פערשמעלערט דעריבער זיין בעזונ־דערען רעכט, שטעלט זיך אַנטקעגען דעם, בעשרענקט עס און לאָזט עס אין ערגעץ און קיינמאָל ניט אויפהויבען דעם קאָפּ און זיך ענטוויקלען.

שוין פון דער־אַ בעגריפס־בעשטימונג וואַקסען אַרויס די אַלע אונצעהליגע פאַרשריפטען פון מיטעלאַלטער בנוגע די רויה־שטאָפען, וואָס דער פּראָדוצירער טאָר אָדער טאָר ניט בעציהען, די אַרבייטס־מעטאָדען, וואָס ער מוז אָנווענדען, די אופנים אויף וועלכע ער מוז אָנפיהרען זיין אונטערנעהמונג, די אַרבייטס־שטונדען, אויף וועלכע

---

* אַט, למשל, האָבען די בעקער־גילדען פון 8 שטעדט, צווישען זיי פראַנקפורט־אַם־מאַין, אין 1352 בעשטימט, אין אַ געשלאָסענעם אָב־מאַך צווישען זיך, אַ שטראָף פאַר׳ן מייסטער, וואָס לערנט אויס אַ איינ־געל די בעקער־מלאכה, כאָטש ער איז גאָר ניט געבאָרען אין בעקער־פאַך. זעה אין קריעגק׳ס פראַנקפורטער בירגערצווייסטע און צושטענדע אים מיטעלאַלטער (פראַנקפורט 1862), ז. 388.

ער מוז זיך בעשרענקען, די שכירות, וואָס ער מוז צאָהלען, די קוואַליטעט, וואָס ער מוז צושטעלען, די פּרייזען און מאַקסימום פערדיענסטען, מיט וועלכע ער מוז זיך בענוגענען א. אַ. וו. לייענט נאָר דורך די סטאַטוטען און תקנות פון מיטעלאַלטער, וועט איהר דאָס אַלץ געפינען, און נאָך אַ סך מעהר אָט אַזעלכע בעשרענקונגען.* אין אַ נויט שטעה איך גרייט אייך צו דיענען מיט אַ רייכער קאָלעקציע פון ביישפּיעלען. דאָ אָבער וויל איך נאָר נעהמען אין אַנבעטראַכט צוויי בעשרענקונגען, וואָס זיינען אַלגעמיין בעקאַנט און וואָס וועגען שוין אַליין אַריבער אַלע איבריגע.

דער מייסטער האָט דאָס מייסטער־רעכט אַלס אַ בעזונדערער פּריווילעגירטער. דערפאַר שטעהען איהם, אָבער, נויטווענדיג אַנטקעגען צוויי מינים גרופּעס, וואָס זייענען פּונקט אויף דעמזעלבען אופן פּריווילעגירט, ווי ער. איין מאָל, די גרופּע פון אַלע אַנדערע אומנות׳ען, וואָס זייערע מייסטערס זיינען אויך אַ סאָרט אַזוי פּריווילעגירט, ווי ער — און דערפאַר טאָר קיין מייסטער ניט צונויפשטעפּען קיין צוויי מלאכות, מעגען זיי זיך אפילו האָבען מי יודע וואָס פאַר אַ שייכות צווישען זיך, און אפילו ווען עס פּאָדערט זיך, צוליעב דער פּראָדוקציע, זיי צוזאַמענצובינדען. והשנית, שטעהען איהם אַנטקעגען אַלע מייסטערס פון זיין אייגענער מלאכה אַלס פּונקט אַזעלכע פּריווילעגירטע, ווי ער — און דערפאַר טאָר ער ניט בענוצען מעהר אַרבייטס־כּחות ווי אַ וועלכער אַנדער מייסטער פון דערזעלבער מלאכה אין יענער שטאָדט. דאָס הייסט, די צאָהל פּועלים, וואָס אַ מייסטער מעג האַלטען אין אַ פּאַך, איז אין יעדער שטאָדט און פאַר יעדען פּאַך בעשטימט על פּי דין.

---

* די קאָמישסטע שטריכען וואַרפען זיך דורך; איין ביישפּיעל נאָר: אין וויעהן [פראַנק.] איז נאָך אַן אוקאַז פון קאַרל דעם 2טען, פון מאַי 1931, אַרטיקעל 52, געוואָרען אַ סטאַטואַרישעס געזעץ, אַז פּאַר דער הגאָ וואָס הייסט מאַרטיני, מוזען די וויינהענדלער פערקויפען זייער וויין ניט אַנדערש, ווי אויף אַ העלפט פון פּרייז פון אַלטען וויין. נאָך מאַרטיני, אָבער, טאָרען זיי דאָס אינגאַנצען ניט פערקויפען אַ־חוץ צו שענקער.

ממילא ווערט שוין קלאָר, אַז צוליעב אַט די צוויי בעשטימונ־גען אליין קאָן שוין פון קאַפּיטאַליזירען די פּראָדוקציאָנס־פּערדיענסטען קיין רייד ניט זיין.

די זשעניאַלסטע ערפינדונגען מוזען ווערען צו נישט שוין צו־ליעב דער דאָזיגער געזעצליכער אָבגרענעצונג פון די פערשיעדענע פאַכען, וואָס פערטראַגט ניט קיין פערבינדונג צווישען זיי אונטער איין און דעמזעלבען פאַבריקאַנט. דערמיט ווערט אָבגעהאַלטען די ביליגקייט פון דער פּראָדוקציע, און מיט דער ביליגקייט — די מאַסען־פּראָדוקציע, און מיט דעם ווידער די נאָך גרעסערע ביליגקייט, וואָס מוז קומען מיט יעדער ווייטערער ענטוויקלונג. * און אויב אפילו עס זאָל זיך איהם שוין איינגעבען צו פערדיענען מעהר, ווי זיין שכני'שער מייסטער, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, ניט קוקענדיג, הייסט עס, אויף אַלע בעשרענקונגען פון געזעץ, וואָס שטעהען דעם אינדוסטריעלען פּראָ־דוצירער אין וועג בנוגע דער אָנזאַמלונג פון רויה־שטאָפען, אויס־וואהל פון זיינע ארבייטער, פּרייזען און זאָ ווייטער. — נוּ, שטעלט זיך די פראַגע, וואָס זאָל ער אַזוינס מאַכען מיט דעם־אָ גרעסערען פערדיענסט פון זיין פּראָדוקציע? ער קאָן דאָס אין זיין פּראָדוקציע ניט אַריינלעגען אויף ווייטערע פּערדיענסטען, וואָרים ער קאָן זיינע ארבייטס־קרעפטען, ד. ה. די צאָהל פּועלים וואָס איז, לויט'ן כתאַ־טוט, בעשטימט פאַר אַלע מייסטערס, ניט פערמעהרען; איז, ממילא קאָן ער זיין אונטערנעהמונג ניט פערגרעסערען. מהאי טעמא אָבער, קאָן ער דעם שכנ'ישען מייסטער און די אַנדערע מייסטער אין די פערשיעדענע פאַכען דאָס ניט פערלייהען, וואָרים צוליעב דעמזעלבען טעם קאָנען זיי אויך ניט פערגרעסערן זייערע אונטער־נעהמונגען.

דורך דעם איז שוין, אַלזאָ, אויך אין דעם תחום פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין מיטעלאַלטער געבראַכען די קאַפּיטאַליזירענדע קראַפט פונ'ם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג. דער טאַלער, וואָס

* פגל. דאָרויף מיין „ארבייטער־פּראָגראַם”. ציריך, מעיער אונד צעללער, 1863, ז. 16־18.

דער מייסטער פּערדיענט, איז אַ טויטער טאַלער, אַ טאַלער וואָס ברייגגט ניט קיין פּרוכט. אויף צו קויפען גענוס־מיטלען אָדער אויף אוועקצולעגען עס אַלס אוצר פאַר שפּעטערדיגע הנאות, איז דער טאַלער אַן אויסגעצייכענטע זאַך, אָבער קיין *לעבעדיגע* פרוכפּערנדע קראַפט האָט עס נאָך ניט בעקומען. הכלל, אין דער *אינדוסטריע* גופא שוין, אַקוראַט ווי ביים פּאַמיעשטשיק, הייסט עס, אַז סוף כל סוף האָט מען פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּערדיענסט ניט מעהר ווי *גענוס־מיטלען*.

איין איינציגער פּונקט איז פאַרהאַן, וואו דאָס מיטעלאַלטערליכע *קאַפּיטאַל* פאַנגט זיך אָן צו ענטוויקלען אַלס אַזעלכעם. דאָס איז געשעהן אין *וועלט־האַנדעל*, ספּעציעל דורך ווענעדיג און מיט די מזרח־לענדער. טיילוויז, זיינען ביי דעם־אָ, אין די שפּעטערע צייטען פון מיטעלאַלטער, בטל געוואָרען די סטאַטוארישע בעשטימונגען איבערהויפּט און, טיילוויז, זיינען זיי קיין מאָל ניט געוועזן ביכולת — אפילו כל־זמן, און אויף ווי וויט, זיי האָבען שוין יאָ געהאַט אַ קיום — זיך אונטערצוגראָבען אונטער דעם לעבעדיגען כח פון קאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר געפרוכפּערט מיט נייע אונטערנעהמונגען.

ווען די פּאָרטוגעזער האָבען ענטדעקט דעם ים־וועג קיין אינדיען דורך קייפּ אָוו גוד האָופּ, האָבען די פוגערס * פון אַוגסבורג, פון איין איינציגער עקספּעדיציע, וואָס זיי האָבען אַהין געשיקט, אַחוץ וואָס זיי האָבען געדעקט די 100,000 דוקאַטען הוצאות,** געמאַכט אַ ריינעם ריוח פון 175,000 דוקאַטען (175 פּראָצענט!) די פּערדיענסטען פון דעם דאָזיגען וועלט־האַנדעל זיינען געווען געוואַלטיג גרויס ; צו זיי זיינען נאָך אָבער צוגעקומען און פון זיי האָבען זיך אויך ענטוויקעלט די פּראָפיטען פון *פינאַנץ־וואַכער*, וואָס איז אַ צייט מיט יאָהרען אָנגעפיהרט געוואָרען אין מי־

* זעה פאַן שטראָמבערג ; אַרטיקעל „פוגגער“ אין ערש און גרויבער'ס ענציקלאָפּעדיע. א. א. ר.

** אַ פאַמיליע פון רייכע סוחרים, וואָס האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין וועלט־האַנדעל פון יענער צייט, און נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג איז דיזעלבע משפּחה אַ גרויסער פאַקטאָר אין דויטשען מסחר. א. א. ר.

טעלאלטער, הויפטזעכליך אין דער פארם פון וואכער אויף משכנות און היפאטעקען.*

און אזוי־זשע איז פון פארצייטיגען קאפיטאל־בלוטס־טראפען ביסלעכווייז אין מיטעלאלטער אויסגעוואקסען א קינד, א בחור׳על, וואס לויפט שוין אנטקעגען דעם מאמענט, ווען ער וועט קומען צו די כחות אויף אויפצורייסען די קייטען און ארויסצוטרעטען אלס מאן, אלס דאס ענטוויקעלטע קאפיטאל!

אלץ, וואס איז נאר פארגעקומען: די גאנצע בירגערליכע ענטוויקלונג, יעדע ערפינדונג און ענטדעקונג, יעדער פארטשריט אין דער צוטיילונג פון דער ארבייט, יעדע איינשפארעניש אין די פראדוקציאנס־הוצאות, יעדע פערברייטערונג פון אבזאץ, און לסוף, [די ענטוויקלונג פון די ארבייטס־אינסטרומענטען,] וואס, אונטער די אלטע בעדינגונגען אין דער פראדוקציע, האבען לחלוטין ניט געטוינט אויף עפעס צו פראדוצי׳רען — אלץ האט זיך געצויגען אין יענער ריכטונג־צו.**

נו, הייסט עס, האט דער ביסלעכווייז שטארק געווארענער בחור׳על מיט מזל אויפגעריסען די קייטען; די פראנצויזישע רע־וואלוציאן האט אויסגעבראכען. בעשרענקונגען און בעשטימונגען מצד דעם געזעצ זיינען פערשוואונדען; די פרייע קאנ־קורענץ איז איינגענומען און דער אבגעפענטעטער ריעז „קא־פיטאל" שטעהט איצט ערשט פאר אונז אין זיין פול־ענטוויקעלטער לעבעדיגער ווירקליכקייט. די בירגערליכע

* אין שייכות מיט דעם, ווערט שוין אונז במילא קלאר, ווי אזוי עס איז אויפגעקומען, נאטירליך און היסטאריש, דאס אמאליגע מער־קאנטיל־סיסטעם, ד. ה. יענע עקאנאמישע שולע, וואס זעהט דאס קאפיטאל פון א לאנד דוקא נאר אינ׳ם געלד, וואס עס פערמאגט. אט דער שטאנדפונקט איז פשוט געקומען פון דער אקארשט געשילדערטער היסטארישער ווירקליכקייט, וואס איז איהם פאראויסגעגאנגען. פונקט דאס זעלבע איז שפעטער דער פאל מיט דעם אינדוסטריע־סיסטעם גופא. (אדאם סמיטה א. א.)

** איבער דעם־א, זעה א קורצען איבערבליק אין מיין „ארבייטער פראגראם". ציריך 1863, מעיער און צעללער, ז. (10־18).

פּרייהייט" איז איינגענומען, און אָט די „פּרייהייט" בעשטעהט אין דעם, וואָס יעדערען, אָהן אונטערשיעד, איז ערלויבט צו זיין אַ מיליאָנער!

לאָמיר נאָר בעטראַכטען, אַזוי קורץ ווי מעגליך, וואָס עס זיינען אַזוינס די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דער דאָזיגער נייער פּעריאָדע אויף וועלכער עס שטיצט זיך די קאַפּיטאַליזירענדע קראַפט פון דער פּראָדוקציע, און וואָס אַלע צוזאַמען, שטעלען זיי מיט זיך פאָר די אַלגעמיינע פיזיאָנאָמיע פון דער פּרייער קאָנקורענץ, פּונקט ווי זיי שטאַמען אַרויס פון דער פרייער קאָנקורענץ.

דער בירגערליכער פּראָדוצירער שטעהט שוין ניט מעהר, ניט אין דער אינדוסטריע און ניט אין לאַנד־פּראָדוקציע אויפ'ן באָדען פון בעזונדערע פּריווילעגיעס. אַלע אונטערשיעדען און בעדינגונגען מצד דעם געזעץ זיינען פערשוואונדען, און צונויפגעשמאָלצען אין דעם איינעם ריין פּראַקטישען תנאי: אַז מען זאָל האָבען אין האַנד דעם נויטיגען אויסלאָג אויף פּראָדוקציע — קאַפּיטאַל. ווידער אַזוי ווי אַלע בעשרענקונגען אין דער פּראָדוקציע זיינען בטל געוואָרען, שטעהען איצט בראש אַלע פאָרטשריטע אין דער אַרבייטס־צוטיילונג; און די פּראָדוקציע צופאַלט אין אַן אונענדליכער קייט פון טייל־אָפּעראַציעס און מאַסען־פּראָדוקציעס פאַר'ן וועלט־מאַרק, וואָס דריקען זיך אַלע אויס אין טויש־ווערטה. קומט שוין אָקאָרשט אויס, ווי מיר האָבען פריהער מסביר געווען (ז. 57 א. וו.), אַז „איטליכער פּראָדוצירט איצט וואָס ער דאַרף ניט און קאָן ניט פערניצען". הייסט עס אַז, להיפּוך צו די דיענסט־לייסטונגען און צו דער פּראָדוקציע פון דירעקטע געברויכס־ווערטהען (נאַטוראַל־פּראָדוקציע) פון מיטעלאַלטער, דרעהען זיך [איצט] די אַרטיקלען אַלץ אָבער און ווידער אַרום ווי אין אַ צירקעל אויף שריט און טריט, דורך זייער געלד־פאָרם; און דער טויש־ווערטה איז איצט געוואָרען דער ממש'דיגער קיום פון די זאַכען, לגבי וועלכען זייער באמת־ממש'דיגער קיום — זייער נעברויכס־ווערטה — איז איינגעשרומפּפען געוואָרען ביז אַ בלאַ־

סען שאַטען, וואָס געפינט שוין מעהר קיין פּלאַץ ניט פאַר זיך אינ'ם סיסטעם פון עקאָנמישע בעדינגונגען.

עס איז אויך קלאָר, אַז דאָס איז דער פאַל אַזוי, הן אין דער לאַנד־פּראָדוקציע, הן אין דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע; און די לעצטע דריקט עס איצט אָב איהר הערשענדע חתימה אויף דער גאַנצער תקופה, וואָרים ווער עס פּראָדוצירט איצט תבואה פאַר'ן וועלט־מאַרק אַנשטאַט פאַר'ן אייגענעם געברויך און דעם נאָהענט־סטען אַבזאַץ־קרייז און קאָן מעהר ניט ערפילען זיינע אייגענע התחייבות'ען אין דער פאָרם פון נאַטוראַל־ליפערונגען [ווי אַמאָל], איז אָבהענגיג פון קורס אויף דער קאָרן־בערזע אין לאָנדאָן, אַזוי גוט ווי אין אַמסטערדאַם, אין בערלין אַזוי גוט ווי אין קעלן און פּאַריז. און דאָס איז פּונקט אַזוי אמת בנוגע דעם גרויסען פּראָדוצירער, וואָס טהוט געשעפטען מיט אַ גרויסען קאַפּיטאַל, בכדי ער זאָל קענען ווייטער אַמאָל אויס־שלאָגען זיינע הוצאות און אויסלאָגען, און ערפילען זיינע גרויסע אייגענע התחייבות'ען, ווי בנוגע דעם קליינעם פּראָדוצירער ביי זיינע קליינע פערהעלטניסע און זייערע נאָך דריקענדערע התחייבות'ען. קומט אויס אויף אַזאַ'ן אופן, אַז אי דער אי יענער, פּראָדוצירען נאָר טויש־ווערטהען אפילו ווען זיי פּראָדוצירען לעבענס־מיטלען; און אויך דאָ ווערט די פּראָדוקציע פאַר'ן אייגענעם גע־ברויך אָדער פון געברויכס־ווערטהען פערוואַנדעלט אין אַ שאָטען.

ווייטער ווערט עס קלאָר אַז ריקאַרדאָ'ס געזעץ, נאָך וועלכען דער פּרייז פון פּראָדוקטען איז גלייך צו די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען,* איז אמת טאַקי איצט, דורך און

* דאָס דאָזיגע געזעץ פון קאָסט־פּרייז, וואָס זש. ב. סיי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פערשטעהן און אַנטקעגען וועלכען ער האָט אָנגעפיהרט אַזעלכע נודנע אַטאַקעס, הן אין זיינע הערות אויף ריקאַרדאָ'ן, הן אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט איהם, איז שוין אויספיהרליך ענטוויקעלט געוואָרען, נאָך פאַר אַדאַם סמיטה, פון דעם אַלטען שאָטישען עקאָנאָם סער דזשיימס סטיואַרט (ען אינקוויירי אינטו דהי פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקל איקאָנאָמי, טאָם 1, בוך 2, קאַפּ. 4. האַו דהי פּרייסעס אָוו גודס אַר דיטאָירמינד באַי טרייד, א. א.). דער גרויסער אונטע־שיעד איז אָבער דער, וואָס סטיואַרט בעטראַכט נאָך דעם

דורך אמת; אָבער אין דער מיטעלאַלטערליכער פּראָדוקציע איז דאָס ניט געווען אַזוי. אין דער צייט, ווען עס האָט עקזיסטירט די אָרגאַניזאַציע פון גילדעס אין מיטעלאַלטער, האָבען די פּרייזען דאָס רוב אָבגעהאַנגען פון דעם, ווי אַזוי די פּראָדוצירער האָבען ביי זיך אָבגעמאַכט; און זיי האָבען דוקא געקאָנט בעשטעהען אויפ'ן פערדיענסט, וואָס האָט געפּאַסט זייער שטאַנד, מחמת ביי דעם בעשרענקטען אָבזאַץ וואָס איינער האָט געקענט דערגרייכען ביי אַזוינע בעשרענקטע אַרבייטס־קרעפטען, האָט קיינער קיין מאָטיוו ניט געהאַט אַראָבצולאָזען עפּעס פון פּרייז. די אָפּטע מאַקסימום פּרייזען, וואָס פלעגען אַנאָנסירט ווערען, בעוויזען זאָגאַר, אַז זיי האָבען זיך שוין דוקא ניש־קשה'דיג געהאַלטען אָן אָט דעם אינטערעס. אונטער דער אויסגלייכענדער ממשלה פון דער פרייער קאָנקורענץ איז דאָס געוואָרען אַנדערש. יעדער האָט אוים ניעדריגער ווי דער צווייטער, כדי צוצושלעפּען צו זיך יענעמס אָבזאַץ, אָדער ווערט געצוואונגען יענעם צו אונטערבאָטען, כדי מיט איהם מיטצוהאַלטען. דאָ מוז, אַלזאָ, דער פערקויפס־פּרייז פון פּראָדוקט, סוף כל סוף, באמת זינקען ביז די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. דאָס־אָ שאַפט אָן אקטורעלען בענעפיט פאַר'ן פערניצער — די ביליגקייט. אָבער די דאָזיגע ביליגקייט, די פערקלענערונג פון פּראָפיט אויפ'ן איינצעלנעם שטיק, אָדער דאָס שניידען פון פּרייז מצד די פערקויפער, ווערט צוריק גוטגעמאַכט נאָר דורך דער פערגרעסערונג פון אָבזאַץ, אָדער פון דער צאָהל שטיקער, אָן וועלכע ער פּראָפיטירט. דער נאַטירליכער פּועל־יוצא אָבער פון דעם איז, וואָס כדי צו פערגרעסערען דעם אָבזאַץ, מוז מען פּראָדוצירען אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב; איז נויטיג אַ גרעסערע פעראייניגונג פון אַרבייטס־כחות אונטער דערזעלבער האַנד, אָן אָנהויפונג פון גרעסערע מאַסען רויה־שטאָפען; בקיצור, אָן איינענם

קאַפּיטאַל־פּראָפיט און די לאַנד־רענט פאַר בעזונדערע עלעמענטען פון די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, בעת ביי ריקאַרדאָ'ן ווערען אפילו די דאָזיגע אויך אויפגעלייזט אין מאַסען אַרבייטס־צייט.

מיט מזומן, אָדער — דאָס גרויסע קאַפּיטאַל. מיט אַנדערע ווערטער, יעדעס קאַפּיטאַל ווערט אונטער דער פרייער קאָנקורענץ בטבע צוגעצווינגען צום גרויסען קאַפּיטאַל, וואָס מוז במילא ענטקאַפּיטאַליזירען דאָס קליינע קאַפּיטאַל, און דאָס צוציהען צו זיך און אויפשלינגען.

אין דערזעלבער צייט, האָט מען דורך דער דאָזיגער שטענדיגער פּערגרעסערונג פון דער פּראָדוקציאָנס-אונטערנעהמונג און די פּראָפּיטען, וואָס קומען ארויס דערפון, געפונען דעם וועג פאַר'ן קאַפּיטאַליזירענדען כח פון דער פּראָדוקציע. דער טאַלער, וואָס איז היינט פערדינט געוואָרען אין דער פּראָדוקציע, פּראָדוצירט מאָרגען פון זיך אַליין א צווייטען טאַלער. דער טאַלער איז געוואָרען א לעבעדיגע זאַך. ער פרוכפערט זיך! ער פערמעהרט זיך פון זיך אַליין דורך א פערוואַנדלונגס-געזעץ.

נו, און אזוי ווי עס איז גאָר ניטאָ קיין פּראָדוקציאָנס-צווייג און קיין פּראָדוצירער, וואָס זאָל זיך ניט געפינען אין אָט דער דאָזיגער לאַגע, ד. ה. אז ער זאָל זיך ניט פיהלען גענעטהיגט, אָדער ער זאָל ניט זיין פעהיג אָהן שיעור צו פערגרעסערען דאָס געשעפטס-קאַפּיטאַל — איז ארויסגעקומען א גוואַלטיג-קאָמפּליצירטער קרעדיט-סיסטעם, וואָס לאָזט-צו אז יעדער איינער זאָל קאָנען דאָס איבריג קאַפּיטאַל פון זיין אייגענער פּראָדוקציע אריינלעגען, אויף שטענדיג אָדער אויף דערווייל, לשם פערדיענסט, אין פרעמדע פּראָדוקציעס, אין די פערשיעדענע פאָרמען, למשל: הלוואות, וועקסלען, שותפות'שאַפטען, אַקציעס, א. אַ. וו.

דאָס איז דערווייל אין די סאַמע קאָרנסטע שטריכען, און מעהר ווי אויף דעם אופן קאָן זי דאָ ניט אָרויסגעבראַכט ווערען — דער גרונד־כאַראַקטער פון דער פּראָדוקציע אלס אזעלכער, אונטער דער ממשלה פון דער פרייער קאָנקורענץ.

נאָר לעת עתה האָבען מיר אַלץ בעטראַכט דעם פּראָדוצירער בלויז אין זיין אבסטראַקטער געשטאַלט, פּשוט אַלס פּראָדוצירער. איצט לאָמיר אריינקוקען אין דער פיזיאָגנאָמיע וואָס די „פרייע קאָנקורענץ" פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָ-

דוקציע האָט אויף איהם אַרויפגעשטעמפּעלט, אָדער צו מאַ־כען דעם חילוק בולט'ער, לאָמיר איהם בעטראַכטען, אין זיין אמת־ער צווייענדיגער געשטאַלט, אַלס אונטער־נעהמער און אַלס אַרבּייטער.

דער גורל פוןביידען ווערט נאַטירליך בעשטימט דורכ'ן פּרייז, וואָס מען בעקומט ביים אָבזעצען דעם פּראָדוקט, און דורכ'ן חלק אין דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס־פּערדיענסט, וואָס די פרייע קאָנקורענץ טיילט צו ביידען בעזונדער.

דאָס דאָזיגע געזעץ פון פּרייז האָבען מיר שוין עטליכע מאָל בעריהרט און ענטוויקעלט (פגל. אויבען ז. 146.)

דער ווערטה פון פּראָדוקטען בעווייזט זיך תחילת אין דער פאָרם פון מארק־פּרייז, דאָס הייסט, אין יעדען געגעבענעם בעזונדערען מאָמענט איז עס אָבהענגיג פון דער פערהעלטנים צווי־שען דעם אָנבאָט פון פּראָדוקטען אין דער נאָכפראַגע אויף זיי.

אָט דאָס איז דאָס אַלגעמיינע געזעץ, וואָס טרעט אויף אונטער דער פרייער קאָנקורענץ אַלס דער בעשטימונגס־פאַקטאָר פון אַלע פּרייזען.

נאָר ווי מיר האָבען שוין געזעהען, לייזט זיך דאָס דאָזיגע געזעץ איבעראַנייעס אויף אין אַנאַנדער געזעץ, וואָס איז דעח שורש פון דעם ערשטען, און וואָס בעשטימט די פערהעלטנים צווישען אנבאט און נאָכפראַגע — אין דעם געזעץ, אַז דער פּרייז פון די פּראָדוקטען איז, סוף כל סוף, גלייך צו די הוצאות וואָס זיינען געווען נויטיג אויף זיי צו פּראָדוצירען. וואָרים ווען דער אָנבאָט פון וועלכע־ניט איז פּראָדוקטען זאָל זיין אַזוי גרויס לגבי דער נאָכפראַגע, אַז דער פּרייז פאַלט אונטער זייערע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, איז יעמאָלט, וואָלט די פּראָדוקציע פון דעם אָדער אויפגעהערט, אָדער נאָכגעלאָזען ביז וואַנען די נאָרמאַלע פערהעלטנים וואָלט ווייטער געווען אין קראַפט.

פאַרקעהרט וויעדער, ווען, אַלס רעזולטאַט פון דער גרויסער נאָכפראַגע, זאָל דער מארק־פּרייז פון אַ פּראָדוקט שטעהען אַזוי הויך, אַז עס וואַרפט אָב מעהרער ווי דעם געוועהנליכען פּראָדוק־ציאָנס־פּערדיענסט, וועלען זיך די קאַפּיטאַלען, אַ דאַנק דער פרייער

קאנקורענץ, א לאז טהאן אויף אט דער פראדוקציע, פערגרעסערנ־דיג דערמיט דעם אנבאט פון דעם דאזיגען פראדוקט, און וועלען שטראמען אזוי לאנג, ביז וואנען דער פרייז פון דעם וועט ווידער ארונטערגעבראכט ווערען אויף די נויטיגע פראדוקציאנס־קאסטען.

אלס דער פאקטאר וואס רעגולירט דעם מארק און וואס בע־שטימט, אין דער אונטערשטער שורה, די פערהעלטניס צווי־שען אנבאט און נאכפראגע, זיינען די נויטיגע פראדוק־ציאנס־קאסטען דעריבער דאס סאמע אינוועניגס־טע געזעץ, וואס בעשטימט, אונטער דער פרייער קאנקורענץ, דעם פרייז פון די פראדוקטען.

די פראדוקציאנס־קאסטען אבער זיינען, ווי מיר האבען שוין אויך מעהרערע מאל אויסגעפיהרט, נאר דער פראק־טישער אויסדרוק פאר דער מאס ארבייטס־צייט, וואס פאדערט זיך אויף צושטאנד צו ברייננגען א פראדוקט — און וואס אויפצולייזען אין איהר אלע פראדוקציאנס־קאסטען איז גע־ווען ריקארדא'ס ברילי־אנטענער אויפטהו אין דער וויסענ־שאפט.

די נויטיגע מאס ארבייטס־צייט איז, הייסט עס, דער אמת'ער ווערטה־מעסטער און מאסשטאב, דאס געוויסען פון דער בירגערליכער פראדוקציע, הגם דאס דאזיגע געוויסען, ווי מיר האבען שוין געזאגט (ז. 152) קומט ניט צום עפענטליכען אויס־דרוק, אוואו ער זאל ניט פערלעצט ווערען, אוואו ער זאל ניט וויעגען דעם מארק־פרייז פונקט ווי א פערפענדיקעל הין־און־הער, אוואו ער זאל ניט ארויפשטייגען כסדר צו הויך אדער זיך פערנעהמען צו ניעדריג.

אט דער אייבינער שווינדעל בנוגע דעם מארק־פרייז — דער־מאהנט זיך נאר איצט, וואס איך האב אייך געזאגט אין אריינפיהר (ז. 22, א. וו.) מכח דעם אזארט־שפיעל, אין וועלכען די היינטיגע פראדוקציע איז מגולגל געווארען — קעהר האבען זעהר אונאנגענעהמע און רואינירענדע פאלגען פאר'ן איינצעלנעם אונ־טערנעהמער אדער קאפיטאליסט. דער איינצעלנער אונטערנעהמער אדער קאפיטאליסט קעהר זיך געפינען מיט זיין סחורה אויפ'ן מארק,

און איז אפשר געגויט דאָס אויסצופּערקויפן, בעת דער פּערפּענדיקעל געהט אויף אַראָב־צו; און בעת דער פּערפּענדיקעל געהט וויעדער אויף אַרויף־צו, קאָן ער [גראָד] ניט זיין אויפ׳ מארק. אָבער דאָס איז נאָר נוגע דעם איינצעלנעם אונטערנעהמער אָדער קאַפּיטאַליסט; קיינמאָל ניט דעם אונטערנעהמער־שטאַנד אָדער דעם קאַפּיטאַל. אַדרבא, גראָד דערמיט, וואָס דאָס קאַפּיטאַל דערשטיקט די קלענערע אונטערנעהמער און קאַפּיטאַליסטען, און ראַהמט אָב פון וועג זייער קאָנקורענץ, בעת דער פּרייז־פּערפּענדיקעל וויעגט זיך אַרויף־צו און אַראָב־צו, גראָד דערמיט איבט עס ערשט אויס דאָס פרייע שפּיעל פון זיינע כחות, די צוציהונגס־קראַפט פון גרויס־קאַפּיטאַל, דורך וועלכען עס ציהט אַריין אין זיך דאָס קליין־קאַפּיטאַל.

וואָס איז שייך „דעם קאַפּיטאַל“ אַלזאָ, גלייכען זיך יענע אומרוה־וויבראַציעס דורכשניטליך אויס אין דעם געזעץ וואָס בעשטימט זיי — אין דער ארבייטס־צייט.

עס איז, אַלזאָ, ניט פאַרהאַן קיין שטונדע ארבייטס־צייט, קיין טראָפּען שוויס פון אַן אַרבייטער, וואָס זאָל פאַר׳ן אונטערנעהמער־שטאַנד, אָדער פאַר׳ן קאַפּיטאַל בכלל, געהען לאיבוד אין פּרייז פון די פּראָדוקטען. אַלץ — עס פעהלט ניט קיין טראָפּען — ווערט איהם אויסגעצאָהלט מצד דעם פערניצער.

אויב דאָס איז יאָ די שטעלונג פון דעם אונטערנעהמער בנוגע דעם געברויכער, טאָ פרעגט זיך אָקאָרשט, אויף וואָסער אופן ווערט, אין דער חלוקה פונ׳ם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג וועלכען דער אונטערנעהמער לאָזט פאָרקומען צווישען זיך און דעם אַרבייטער, בעשטימט דער חלק וואָס יעדער פון זיי דאַרף אַקוראַט נעהמען, בעת מיר ווייסען נאָך, אַז לויט דער היינטיגער אינדיווידועלער פּראָדוקציאָנס־פאָרם ליעגט דער פּראָדוקט און די ליזונג דערפון, ביים אונטערנעהמער אין האַנד?

איך האָב דאָס שוין ערקלערט אין מיין „אַנטוואָרטשרייבען“: דער דורכשניטליכער אַרבייטס־לוין איז, אונטער די היינטיגע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען, בעגרענעצט דורך אַן אייזערנעם מוז, אויף די לעבענס־מיטלען וואָס דאָס פּראָסטע פאָלק מוז געוועהנליך האָבען.

דאָס האָט איהר דענסטמאָל געלייקענט; אַזוי איהר און אַזוי אייערע אַנהענגער. איהר האָט מיר אַנטקעגענגעשטעלט די טענה, אַז נאָר די שייכות צווישען אָנבאָט און נאָכפראַגע איז דאָ דער פּוסק איבער דער סומע פון שכירות. — דאָס איז אמת ביז גאָר! אָבער דאָס איז דאָך טאַקי די אמת'ע היפּאָקריטסטוואָ פון אייער זייט, הערר ווירטה, הערר פאַוכער, הערר מיקאַעלים און אייער גאַנצער כנופיה — אַ היפּאָקריטסטוואָ וואָס שלאָגט צום האַרצען: וואָס איהר מאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי איהר וואָלט זאָגען עפּעס אַנדערש ווי איך, בעת איהר זאָגט אַקוראַט דאָסזעלבע, נאָר מיט אַנדערע ווערטער.

דערמיט, וואָס איהר ווילט האָבען, אַז דער אַרבייטס־לוין ווערט לויטער בעשטימט דורך דער נאָכפראַגע און אָנבאָט, בעהאַנדעלט איהר דאָס — און מען מוז זאָגען, ביי היינטיגען טאָג, מיט'ן פולסטען היסטאָרישען רעכט — אַלס אַ סחורה.

פּונקט ווי דער פּרייז פון אַלע איבריגע סחורות, אַזוי ווערט אויך דער פּרייז פון דער אַרבייט (אַרבייטס־לוין) בעשטימט דורך דער שייכות פון דעם אָנבאָט צו דער נאָכפראַגע. ריכטיג ווי גאָלד. אָבער דאָ פרעגט זיך: וואָס אַזוינס בעשטימט וויעדער צו יעדער צייט דעם מאַרק־פּרייז פון יעדער סחורה אָדער די דורכשניטליכע פערהעלטנים פון דעם אָנבאָט צו דער נאָכפראַגע, זאָל זיין ביי וואָס ניט־איז פאַר אַן אַרטיקעל? איז דער תירוץ, ווי מיר האָבען שוין נאָר־וואָס געזעהען און ווי איהר אַליין, אגב, האָט שוין אויך מעהר ווי איין מאָל איבערגעזאָגט: די הוצאה וואָס איז נויטיג אויף צו פּראָדוצירען דעם אַרטיקעל.

דער מאַרק איז אַ זעהר מאָדנע, ניט־צוגעלאָזטע, אונעס־מעטישע מאַכערייקע, הערר שולצע! „אַ פונט גאַרן, וואָס די גנעדיגע הערצאָגין האָט געשפּונען מיט איהרע אייגענע הענד — זאָגט דער אַלטער שאָטישער עקאָנאָם, סיר דזשיימס סטיואַרט* — גילט אויפן מאַרק אויף אַזוי פיעל און ניט מעהרער, ווי אַ פונט

* פּרינסיפּלס אָוו פּאָליטיקאַל איקאָנאָמי, טאָם 1, בוך 2, קאַפּ. 20, ז. 183, באַז. אויסג.

גארן פון דעמזעלבען מין, וואָס איז געשפּונען געוואָרען פון אַן אָרימער מיידעל, וועלכע פערלעבט ניט קיין זעקס פּענים* אַ טאָג".

פאַר'ן מארק איז גאָר דאָסזעלבע אַלץ וואָס מען זאָל אויף איהם ניט פערקויפען: כינעזישע פּאָרצעלייַ צי אַמעריקאַנער באַ־וועל, שטינקענדיגע ים־הינט פעלען, אַסאַפעטידאַ,** שעהנע טשער־קעסישע שקלאַפינס, אָדער ארבייט, דאָס הייסט אייראָפּעאישע ארבייטער־הענד. דער מארק האָט נאָר איין מאסשטאב און איין געוויסען: די נאָכפראַגע און די צאָהל וואָס איז בנמצא [ד. ה.], זייער פערהעלטנים צווישען זיך, וואָס ווערט, אין דער אונטערשטער שורה, בעשטימט דורך דער נויטיגער פּראָ־דוקציאָנס־הוצאָה.

אויב עס איז יאָ אַזוי, טאָ וויפיעל אַן ערך, הערר שולצע, קאָן דורכשניטליך קאָסטען דעם מארק צו שאַפען אַן אר־בייטער?

נו, בעשיינפערליך, פּונקט אַזוי פיעל, וויפיעל עס פאָדערט זיך פאַר אַן אַנדער ארבייטער צו בעזאָרגען דאָס, וואָס איהם איז געוועהנליך אבסאָלוט נויטיג אויף חיונה פאַר זיך און זיין פאַמיליע! גיט איהם דאָס גאָר נויטיגסטע און — האָט קיין דאגה ניט — דעם אינגעל וועט ער שוין אַליין שאַפען, הגם ניט גראָד צוליעב דעם, ווייל דער אונטערנעהמער וויל עס אַזוי! עס איז ניט נויטיג אַפילו ער זאָל אויפגעמונטערט ווערען צו פּראָדוצי־רען דעם דאָזיגען אַרטיקעל, אויסקוקענדיג אויף „פּראָפיט", ווי עס איז דער פאַל מיט אַנדערע, וואָס בעזאָרגען דעם מארק מיט סחורות! ער שטעלט איהם שוין צו צוליעב דער זאַך גופא. אויב מען האָלט שוין דערביי.

דער ארבייטס־לוין וואָס די „פרייע קאָנקורענץ" האָט געלאָזט איינרעגולירען, אָדער די פּראָדוקציאָנס־הוצאָה פון דער אר־

---

* אַ „סיקספּענס" איז דאָס זעלבע אין ענגלאַנד, ווי דאָ 12 סענט. א. א. ר.

** אַ שטאַרק שטינקענדיגער זאַפט, וואָס ווערט געברויכט אין דער מעדיצין. א. א. ר.

בייט, בעטרעפט, אלזא, פונקט אזוי פיעל וויפיעל עס קאסט צו שאפען אן ארבייטער!)*

וואו עס פיהרט זיך נאך, אז מען בעשעפטיגט אויך קינדער אין די פאבריקען, הויבט זיך ערשט אן א פרישער חשבון פאר'ן מארק. דער מארק געפינט אויס, אז דער פאטער־אר־בייטער אין אט די פאבריקאציאנס־צווייגען דארף ניט מעהר בע־קומען די פולע מאס לעבענס־מיטלען פאר א דורכשניטליכער פא־מיליע, נאר ער קאן זיך בענוגענען מיט ווינציגער, מחמת די קינדער גיבען דאך צושטייער אויף זייער אייגענעם אויסהאלט.**

* די בורזשוא־עקאנאמיע וויים דאס אויסגעבונדען, און האט די דאזיגע שייכות ענטוויקעלט גענוג קלאר. „זאל מען פערקלענערען — זאגט ריקארדא (פרינסיפלס או פאליטיקל איקאנאמי, ט. 2, קאפ. 30, ז. 253, קאנסטאנסיא אויסג.) — די פאבריקאציאנס־קאס־טען פון היטלען; און זייער פרייז וועט, לסוף פאלען ביז אויף זייער נאטירליכען פרייז (קאסט־פרייז), הגם די נאכפראגע אויף היטלען קעהר זיך פערטאפלען אדער ווערען דריי מאל און פיער מאל אזוי גרוים. זאל מען פערקלע־נערען די לעבענס־הוצאה פון די מענשען דערמיט, וואס מען וועט נידריגער מאכען דעם נאטירליכען פרייז פון שפייז און קליידער, וואס זיינען נויטיג אויף צום לעבען — וועלען מיר זעהן, אז די שכירות וועט זינקען, הגם די נאכ־פראגע אויף הענד קעהר האבען בעדייטענד גע־שטיגען". — פגל. זש. ב. סיי און דעם לאנגען רייסטער מיט צי־טאטען, וואס זיינען פארהאן אין די ציטירטע שטעלען אויף ז. 94, אנמ. 3. נאכמעהר, שוין סער דזשיימס סטיוארט האט דאס קלאר גענוג גע־זעהען אין זיינע בעטראכטונגען מכח דעם יסוד פון בעפעלקערונג. פגל. ז. ק. פריסינפלס או פאליטיקל איקאנאמי, טאם 1, בוך 1, קאפ 4־5־12־20, א. א. וו.

** פון דער קינדער־בעשעפטיגונג אין די פאבריקען האט נאך סער דזשיימס סטיוארט ניט געוואוסט, אבער פערגלייך זיין געדאנקען־גאנג: ווי אזוי קאן א פערהייראטער מאן, וואס האט קינדער מפרנס צו זיין, קאנקורירען בנוגע דעם דאזיגען יתרון (פון דער גרעסערער ביליגקייט) מיט דעמיעניגען וואס האט נאר צו פערזארגען זיך אליין? די ניט־פערהייראטע צווינגען, אלזא, די אנדערע צו שטארבען פון הונגער. (דהי אנמאריד, דהערפאר, פארס דהי אדהערס טו סטארוו), און דער פונדאמענט פון דעם פיראמיד ווערט אלץ ענגער. (פרינסיפלס או פאליטיקל איקאנא־מי, טאם 1, ז. 93, באזעל אויסג.)

אַזוי רעדט און האַנדעלט דער מ א ר ק. און אַנדערש ק אָ ן ער גאָר ניט רעדען אונטער׳ן שפּראַך־געזעץ פון דער פרייער קאָנקורענץ, וואָס איהר ווילט אַזש אַנווענדען אויף אַלע פערהעלטניכע בנוגע מאָראַל און מענשליכקייט — אויף אַזוי ווייט איז דאָס געוואָרען דער מלחמה־רוף און דער תפילה־געשריי פון אייך מיט אייער כנופיה!

צי דאַרף מען נאָך ערשט ברייננגען ראיות אַז פון אַלע, וואָס שטעלען צו סחורה פאַר׳ן מאַרק, איז דער אַרבייטער, וועלכער שטעלט־צו די סחורה אַ ר ב י י ט, דער יעניגער וואָס ווערט געשטעלט אין דער אונגינסטיגסטער לאַגע אונטער דער קאָנקורענץ? וואו וואָלטען שוין די סחורה־פערקויפער אַנגעשפּאַרט, ווען זיי וואָלטען ניט געווען ביכולת אויסצואוואַרטען מיט זייער וואַרע אַ וואָך צי צוויי אָדער דריי, אַלס וועהר־מיטעל געגען אַ צ ו נ י ע ד ר י ־ ג ע ר נאָכפראַגע?

דער פערקויפער פון דער סחורה, וואָס הייסט אַרבייט, קאָן דאָס דאָזיגע דוקא נ י ט טהאָן. ער מ ו ז אויספערקויפען, וואָרים דער הונגער זעצט זיך אָן אויף איהם! —

ביי ד ע ר ־ אַ סחורה, געהט, אַלזאָ, צו זעהר שווער מיט דעם שטייגען פון פרייז־אומרוה און אויב ער שטייגט שוין יאָ, דערגרייכט ער קיינמאָל ניט אַזאַ הויך, ווי ביי אַנדערע סחורות,* און אויך דאָן, העלפט עס נאָך אָפטמאָל צו מאַכען די לאַגע פון די אַרבייטער — אַ סך צרה׳דיגער ווי עס איז פריהער געווען, דערמיט וואָס די אַרבייטער בעפעלקערונג ווערט דורך דעם שטאַרק אויפגעמונטערט צו אַ ווייטערער פערמעהרונג.

---

* פגל. טוק׳ס געשיכטע פון פּרייזען אַשער אויסג. טאָם 1, ז. 219: „לויט אַלע ערפאַהרונגען, עס מאַכט ניט אויס צי זיי נעהמען זיך פון ניערע בעאָבאַכטונגען אָדער היסטאָרישע בעווייזע, קאָן מען עס, אַזוי צי אַזוי, אָננעהמען פאַר אַ בעגרינדעטען פאַקט, אַז צווישען אַלע אויסטויש־אַרטיקלען איז דער אַרבייטס־לוין דאָס ל ע צ ט ע צום שטייגען אין דער צייט פון אַ יקרות אָדער אַן אָבפאַל אין פּרייז פון געלד; פּונקט ווי, פון דער אַנדערער זייט ווידער, איז דער אַרבייטס־לוין דאָס לעצטע צום פאַלען בעת אַ גרויסער שפע אין סחורה, אָדער אַ געשטיגענעם ווערטה פון געלד“. פגל. מיין „אינדירעקטע שטייער אונד די לאַגע דעם אַרבייטערשטאַנדעס“. (ציריך, מעיער אונד צעללער, ז. 46.) א. אַ. וו.

פונקט אזוי ווייניג, העדר שולצע, איז נויטיג ווייטער צו דער־מאָהנען, אז קיינע אונטערנעהמער, ווי „גרויסמוטיג“ זיי זאָלען ניט זיין, זיינען ניט ביכולת צו ענדערן די דאָזיגע פערהעלטנים. זאָל נאָר אימיצער דאָס פרובירען טהאָן, אזוי לויפט איהם אונטער זיין חבר, שלאָגט איהם אונטער די האנד, און שטעכט איהם אריין אין הארצען, ביז'ן רוקען, דאָס מעסער פון דער פרייער קאָנקורענץ, וועל־כער ער קאָן שוין [איצט] ניט נאָכהאלטען.

דער אונטערנעהמער בעציהט זיך, הייסט עס, אונטער דער פרייער קאָנקורענץ, צו דעם ארבייטער ווי צו א סחורה! דער ארבייטער איז די ארבייט און די ארבייט איז א פּראָדוקט [וואו עס האנדעלט זיך]מכח די נויטווענדיגע פּראָדוק־ציאָנס־קאָסטען.

דאָס דאָזיגע, אָן ערך, בעשטימט עס ספּעציפיש די מענשליכע פיזיאָנאָמיע פון אונזער צייט, אונטער דער ממשלה פון דער פרייער קאָנקורענץ.

אַלע פריהערדיגע בעציהונגען ווי צווישען בעל הבית און שקלאַף אין אַלטערטום, צווישען פעאָדאל און לייבאייגענעם אָדער צוגעהעריגען און שוץ־פליכטיגען זיינען דאָך נאָך עפּעס פּאָרט געווען מענשליכע בעציהונגען און פער־העלטניסע!

מענשליך, העדר שולצע, ניט אין פילאנטראָפּישען זין — ד. ה. וואָס איז שייך דער מעהר־ווייניגער גוטער בעהאנדלונג, וואָס זיי האָבען געקראָגען. פון דעם שמועס איך איצט ניט, הגם די ארבייטער פון אונזער צייט זיינען הימעל־ווייט פון צו האָבען אזא מערכה, ווי די גריכען און די רוימער, מיט זייער הומאַנעם געפיהל, האָבען בדרך כלל צוגעטיילט זייערע שקלאַפען. אַלאָ וואָדען מענשליך, מיין איך, פריהער פון אַלץ, בנוגע דעם גאַנ־צען אידעען־יסוד פון דער פערהעלטנים גופא, פון וואָס דאָס איב־ריגע און אַלץ מיט אַנאַנדער איז ניט מעהר ווי א פועל יוצא.

יענע פערהעלטניסע זיינען געווען מענשליכע פערהעלט־ניסע, זאָג איך, וואָרים עס איז געווען א פערהעלטנים צווישען הערשער און בעהערשטע, וואָס איז תמיד־צו א דורכאויס מענשליכע פערהעלטנים. דאָס זיינען געווען מענשליכע

פערהעלטניסע, ווארים דאס זיינען געווען בעציהונגען פון א־דעם בעשטימטען יחיד צו אט יענעם בעשטימטען יחיד. מענשליכע בעציהונגען זיינען דאס געווען; און אפילו די שלעכטע בעהאנדלונג, צו וועלכער די שקלאפען און לייבאייגענע זיינען געווען אויסגעזעצט, בעשטעטיגט דאס. ווארים כעס, פונקט ווי ליעבע, איז א מענשליכע בעציהונג, און אפילו ווען איך בעגעה זיך שלעכט אנטקעגען אימעצען, בעת איך בין אן אויפגעבראכטער, בעטראכט איך דאך איהם און בעהאנדעל איהם אלץ אלס מענש שוין דערמיט אליין, ווארים א־ניט וואלט ער ניט געקאנט דערוועקען מיין כעס.

די קאלטע ניט־פערזענליכע בעציהונג פון אונטערנעהמער צום ארבייטער, ווי צו א זאך, צו א זאך, וואס ווערט פראדוצירט אויפ'ן מארק, נאכ'ן געזעץ נאך פון די פראדוקציאנס־קאסטען, אקוראט, ווי א וואסער אנדער סחורה — אט דאס איז עס, וואס שטעלט מיט זיך פאר די דורכאויס ספעציעלע, דורכאויס אוים־מענשישע צורה פון דער בירגערליכער פעריאדע!

פון דאנען נעהמט זיך דאס די שנאה פון אונזער ליבעראלער בורזשואזיע צום שטאאט, ניט צו א בעשטימטען שטאאט, נאר צום בעגריף פון שטאאט בכלל, וואס זי וואלט, גיכער ווי אלץ געוואלט איינגאנצען בטל מאכען און לאזען אונטערגעהן אין דעם בעגריף פון דער בירגערליכער געזעלשאפט, ד. ה. אויספיהרען, אז דער שטאאט זאל אין אלע פרטים זיך צוזאמענטרעפען מיט דער פרייע קאנקורענץ. ווארים אין שטאאט ווערען פארט נאך אפילו די ארבייטער אלץ בעטראכט ווי מענשען, בעת אין דער בירגערליכער געזעלשאפט, וואו דאס געזעץ פון דער פרייער קאנקורענץ האט די שליטה, ווערען זיי, פונקט ווי אלץ דארטען, בעטראכט נאר אלס זאכען, נאר לויט'ן פרייז, וויפיעל עס קאסט צו פראדוצירען.

דערפון, מעהר ווי אלץ, נעהמט זיך די דם שנאה פון דער בירזשואזיע צו יעדען שטארקען שטאאט, פון וואס פאר א מין ארגאניזאציע און כאראקטער דאס זאל ניט זיין. אזוי ווי אינ־

גאנצען בטל מאכען דעם שטאאט קאן זי ניט, ווייל זי דאס לכל הפחות אויפליזען, בנוגע אזוי פיעל פונקטען, ווי עס איז נאר מעגליך, — אין דעם אינדיווידואליזם פון דער פרייער קאנקורענץ; ווייל זי דאס וועניגסטענס, ווי וויט און אויף וועלכען אופן עס איז נאר מעגליך, אסימילירען אין דער בירגערליכער געזעלשאפט און שטעלען עס אונטער דער אויס־מענש מאכענדער הערשאפט פון יענעם בעפעהלערישען געזעץ איהרען!

ווילט איהר זיך וויעדער, דורך קורצע און שארפע ביישפיעלען, שאפען א קלארען בעגריף פון דעם גאנצען גענענזאץ צווישען די צוויי קולטור־פעריאדען?

ווייסט איהר, ווי אזוי יענער מארקוס קראסוס האט געקוקט אויף זיינע שקלאפען, יענער מארקוס קראסוס, פון וועלכען איך האב אייך שוין פריהער דערצעהלט, אז ער האט פערמאגט 9,900,000 מאלער, און פאר וועלכען איהר וואלט דעריבער אודאי געצויגען אייער היטעל ביז צו דער ערד?

פלוטארך גיט אונז אב א בעריכט דערפון. נאכדעם ווי ער דערצעהלט אונז פון דער מחנה שקלאפען, וואס קראסוס האט געהאלטען, זאגט ער וויטער: *

„ער אליין איז געוועזן דערביי, ווען זיינע שקלאפען פלעגען בעקומען זייער אונטעררינכט, סיי אלס צוהערער און [סיי אמאל] אלס לעהרער; ווארים בכלל האט ער געהאלטען, אז דעם בעל הבית געהערט, דער עיקר, די אויפגאבע צו פערזארגען די שקלאפען, אלס די בעלעבטע ארגאנען פון דער ווירטשאפט. און מיט רעכט האט קראסוס, ווי ער האט זיך אליין אויסגעדריקט, געהאלטען, אז וואס שייך אלע אנדערע זאכען, זאלען טאקי די שקלאפען שאפען איבער זיי; איבער

---

*) פלוטארך, דאס לעבען פון קראסוס, באנד 8, 250 לאנדאן אויסג. און ריכטיג איז, וואס פלוטארך איז מוסיף אלס ערקלערונג: „די עקאנאמיע, נעמליך (טעין גאר איקאנאמיקען, די ווירטשאפטס־לעהרע), וואס ביי ניט־בעלעבטע זאכען היוסט עס ערווערבס־לעהרע, זעהען מיר, ווי בנוגע צו מענשען, ווערט דערפון א פאליטיק (רעגיערונגס־לעהרע)“.

*די שקלאַפּען גופא*, *אָבער, האָט ער אַליין די עובדא צו זיין דער מושל*".

זעהט נאָר, אַגב, וואָס פאַר אַ געזונטען עקאָנאָמישען חוש, וואָס פאַר אַ רייכען עקאָנאָמישען וויסען אָט דער אַלטער רוימער מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק האָט עס געהאַט, ווען מען פערגלייכט איהם מיט באַסטיאַן און מיט אייך!

די שקלאַפּען, האָט ער געפּיהלט, זיינען עס די וואָס בעזאָרגען און שאַפען זיין *האָב און גוטס*. אויף זיך אַליין אָבער האָט ער געפיהלט אַז ער איז זייער פּאָליטישער *הערשער* און *מושל*.

און איצט לאָמיר אַ קוק טהאָן, אויף גיך, אויפ'ן קירצסטען, שאַרפסטען היפוך צו דעם דאָזיגען מאַרקוס קראַסוס, וועלכער האָט עס געהאַלטען פאַר זיין חוב, אַלס רעגענט, צו זיין אַליין דערביי, בעת זיינע שקלאַפּען האָבען געלערנט, און זיי נאָך אַליין צו־ווייזען אין לימוד.

„שוויצער פאַבריקאַנטען האָבען זיך *בעריהמט* פאַר דייטשע פאַבריקאַנטען, *אַז זיי קאָנען מאַכען אַרבייט פאַר ניעדריגערע פּרייזען* צוליעב דעם, וואָס די שווייץ האָט ניט קיין *צוואַנג־בילדונג* — די ווערטער פון *ליבעראַלען* פּראָפעסאָר ראָשער.*

ווי טייער דאַרף מען בעצאָהלען כדי צו שאַפען אַן אַרבייטער אויפ'ן מאַרק? *דאָס* איז די סאַמע הויפּט אינטערעסען־פראַגע אין דער בירגערליכער פעריאָדע.** און כאָטש *פּאָליטיש* איז

* אַנזיכטען דער פאָלקסווירטהשאַפט, לייפּציג, 1863, ז. 234.
(פּראָפעסאָר ראָשער, וועלכער איז געוועזן דער הויפּט־פערטרעטער פון דער היסטאָרישער שולע אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָט זיך קיינמאָל ניט מתחתן געווען מיט דער שיטה פון דער אַלגעמיינער ליבעראַלער עקאָנאָמיע, און אַנדערע האָבען זאָגאַר געקוקט אויף איהם ווי אויף אַ סאָציאַליסט, הגם ער האָט די סאָציאַליסטישע מעטאָדע קריטיקירט פּונקט אַזוי פיעל, אויב ניט נאָך מעהר, ווי דעם גאַנג פון איהרע געגנער, די „לייסעה פייר" טעאָרעטיקער. א. א. ר.)

** און אויף דעמזעלבען אופן ענטוויקעלט זיך פון דעם אַרוים לאָגיש די אַנדערע פראַגע: צי איז אויפ'ן מאַרק איינטרעגליכער אַנצוהאַלטען *מענשען*, אָדער צי שטעהט אפשר פאַר אַ גרעסערער ריוח,

ווען מען זאָל אָבשאַפען די מענשען און זיך נעהמען שאַפען אַנדערע אַרטיקלען? ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין די ערשטע יאָהרצעהנטע פון דעם איצטיגען יאָהרהונדערט, אַז אונטער יענע וויסע אומשטענדען וואָלט איינגעטראָגען מעהר געלד צו מאַכען פון אַקער־פעלדער — פאַשע־לאַנד און לאַנקעס, זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען, בעזונדערס פון די גרויסע שאָטישע לאַנד־בעזיצער, גאַנצע דערפער מיט פויערן, וועלכע זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דחקות און אויסגעזעצט געוואָרען צום הונגער־טויט. פון די העיפען פון דער גראַפיניע פון סאָדהערלאַנד אַליין „זיינען צווישען 1811 און 1820, אַרויסגעטריבען געוואָרען ניט ווענינער ווי 15000 איינוואוינער. זייערע דערפער האָט מען פערברענט און פון זייערע פעלדער האָט מען געמאַכט פאַשע (זעה סיסמאָנדי, עהציד סיר ל'עהקאָנאָמיע פּאָליטיק, פּאַריז, באַנד 1, ז. 210־225), אָבער 131 טויזענד שאָף האָבען שוין, אין יאָהר 1820, בעגיטיגט די דאָזיגע גליקליכע פּראָדוקטיווע אָפּעראַציע!

אָט אַזוי האָט זיך דאָס איבערגעביטען אונטער דער פעריאָדע פון דער פרייער קאָנקורענץ און פּראָדוקטיוויטעט פון קאַפּיטאַל — אָט אַזוי האָט זיך דאָס נויטיגערווייז, אונטער דער „בירגערליכער פעריאָדע, איבערגעביטען די אַלטע פערהעלטניס צווישען דעם שאָטישען קלאַן און זייערע סאָדהערלאַנדס, אַרגאַילס, האַמילטאָנס א. אַ. וו. — דער אַלטער שאָטישער עקאָנאָם סער דזשיימס סטיואַרט האָט שוין די דאָזיגע געשעהענישען פאָראויסגעזעהען נאָך אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט. ער לאָזט (פּרינסיפּלס, באַנד 1, ז. 178) זיין „מאַקיאַוועליסט“ אויספיהרליך אַנטוויקלען אַזעלכע פּלענער. אמת, ער האָט נאָך דאַמאָלס מוסיף געווען דערצו, אַז ער האַלט קיינעם ניט פאַר קאַפּאַבעל אויף אַזאַ אונמענשליכקייט און אַז ער בעטראַכט דעם פּלוצלונגען דורכפיהר פון אַזאַ איבערקעהרעניש פאַר אונמעגליך.

ווען עס איז אָבער אַמאָל, אין אַ בערלינער פאָלקס־ווירטשאַפטליכער געזעלשאַפט, געקומען צו רייד מכח די דאָזיגע גירושים, האָט זיך אָנגערופען, וועדליג ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַ געוויסער פּראָגרעסיסטישער דעפּוטאַט און פּאָליטישער עקאָנאָם: „וואָס איז דאָ דער מאַליור, מיינע הערען? האָט די נאַציאָן מיט אַזוי פיעל מענשען ווענינער, טאָ האָט זי דאָך דערפאַר מיט אַזוי פיעל שאָף מעהר“. איך וועל דעם מאַן ניט אָנרופען ביים נאָמען, מחמת דער פאַקט איז געשטיצט נאָר אויף אַ מינדליכען בעריכט. אין דער ליטעראַטור, אָבער, איז מעגליך אָנצו־וויזען אויף זעהר פיעל עהנליכע זאַכען. אפילו ראָשער גופא איז שוין איינמאָל אַזוי ענטמוטיגט געוואָרען איבער די לעהרען פון זיין אייגענער שולע, אַז ער האָט אויסגערופען: „מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז די מענשען זיינען דאָ צוליעב די פּראָדוקטען, און ניט די פּראָדוקטען צוליעב די מענשען“.

נאָך דער אַרבייטער אַלץ אַ בעהערשטער, פּונקט אַזוי ווי פריהער, דאָך וואָס אַנבעלאַנגט זיין געזעלשאַפטליכע לאַגע, איז דער אַרבייטער געוואָרען — אַ זאַך.**

לאָמיר זיך צואיילען און קומען צו די שליסע!

אַלזאָ שוין ניט רעדענדיג פון אונזערע פריהערדיגע בעווייזע, האָבען מיר געזעהן פון דאָס־ניי און סיסטעמאַטיש ענטוויקעלט: אַז דער דורכשניטליכער אַרבייטס־לוין בלייבט רעדוצירט אויף די הוילע נויטיגקייטען וואָס פאָדערן זיך אויף צו דערהאַלטען דאָס לעבען, ווארים דער פּרייז פון אַרבייט, פּונקט ווי דער פּרייז פון זאַכען, ווערט אין לויף פון דער צייט בעשטימט דורך דער נויטיגער פּראָדוקציאָנס־הוצאָה. אָט דאָס איז דאָס געזעץ פון דער פרייער קאָנקורענץ — און פאַר דעם דאָזיגען געזעץ סטאַרעט איהר זיך דאָס צו בעגייסטערן אייערע אַרבייטער און עם אַניעדערשטעלען פאַר זיי, מיט דער העכסטער מאָראַלער בעטאָנונג, אַלס דאָס, „סאַמע מענשענטום“!

היינט, אָבער, אַז דער אַרבייטס־לוין איז אין דורכשניט אַלץ בעשרענקט אויף די הוילע לעבענס־נויטיגקייטען, ווערט שוין ממילא אָבגעלערנט דערפון, אַז דער גאַנצער איינטראָג פון דעם פּראָדוקציאָנס־בעטרעף, וואָס טרעפט אָן, ביים פערקויף פון די פּראָדוקטען, מעהר ווי די הוילע לעבענס־נויטיגקייטען בעת דער פּראָדוקציע, בלייבט ביים אונטערנעהמער אין האַנד; און ער וויעדער צוטיילט דאָס דאָזיגע איבריגע געלד, לויט ווייטערע געזעצע, וואָס מיר קאָנען דאָ ניט אונטערזוכען, צווישען זיך און דעם

** פון אָט דער געזעלשאַפטליכער לאַגע איז דערפאַר ניטאָ קיין אויסגאַנג, אויף אַ געזעלשאַפטליכען וועג. די אומזיסטיגע אָנשטרענגונגען פון דער זאַך, וואָס האָט זיך געוואָלט שטעלען אַלס מענש, זייען די ענגלישע סטרייקס; ווי טרויעריג זיי ענדיגען זיך, איז גענוג בעקאַנט. דער איינציגער אויסגאַנג פאַר די אַרבייטער קאָן דערפאַר נאָר זיין דורך יענער ספּערע וואו זיי גילטען נאָך אַלס מענשען, ד. ה. דורכ'ן שטאַאַט, נעמליך דורך אַזעלכען, וואָס וועט זיך מאַכען פאַר זיין אויפגאַבע דאָס, וואָס די צייט מוז סוף כל סוף אונפערמיידליך ברייגגען. דערפון נעהמט זיך די אינסטינקטיווע אָבער גרענצלאָזע שנאה פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע צום שטאַאַטס־בעגריף גופא, אין יעדער פאָרם זיינער.

ר י י נ ע ם קאפיטאליסט (פּראָצענטען), אָדער, לאָמיר זאָגען, דעם לאַנד־בעזיצער, אלס ר ע נ ט פ א ר'ן לאנד. (אין די ב ע ז ו נ ־ ד ע ר ע געזעצע, וואָס, גילטען ביי די דאָזיגע, קאָנען מיר זיך נאָך וועניגער דאָ אריינלאָזען).

אַ ל ץ פ ו ן ד ע ם א ר ב י י ט ס ־ ג ע ו ו י ן, ו ו אָ ס ט ר ע פ ט אָ ן מ ע ה ר ו ו י ע ס א י ז ג ע ו ו ע ה נ ל י ך נ ו י ט י ג צ ו ד ע ר ה א ל ט ע ן ד אָ ס ל ע ב ע ן ב י י ם א ר ב י י ט ע ר ־ פ אָ ל ק, פ א ל ט ל כ ן א ר י י ן צ ו ם ק א פ י ט א ל א י ן ד י פ ע ר ש י ע ד ע נ ע פ א ר מ ע ן ז י י נ ע — ק א פ י ט א ל ־ פ ר ע מ י ע ה י י ס ט ע ם.

אַייך איז בעקאַנט — האָט נאָר קיין פאַראיבעל ניט, העדר שולצע, וואָס איך מוז אייך צייטענווייז, פון פאָרמע וועגען, בע־ האנדלען ווי אזעלכען, א שטייגער, וואָס האָט עפּעס א שטיקעל ידיעה אין עקאָנאָמישע ענינים — די אינטערעסאַנטע עקאָנאָמישע קאטעגאָריע פון די פיזיאָקראַטען, ל'עקסעהדאָהן דזי פּראָדואי, דער א י ב ע ר פ ל ו ס פ ו ן פ ר אָ ד ו ק צ י ע. די פיזיאָקראַטען פלעגען אָנרופען נאָר אזא ארבייט פ ר אָ ד ו ק ט י ו ו, וואָס ווארפט אָב א ג ר ע ס ע ר ע ן פ ע ר ד י ע נ ס ט, ווי דער, וואָס טהוט די ארבייט, דארף אליין האָבען צום לעבען, בעת די ארבייט ווערט געמאַכט. יעדע ארבייט, וואָס שטעלט צו אקוראט יענע סומע און מעהר ניט, פלעגען זיי אָנרופען אונפּרוכטבאר (סטעהריל). די פיזיאָקראַטען האָבען פון דעם דאָזיגען גרונדזאַץ געצויגען דעם פאַלשען פועל יוצא, אז נאָר ערד־ארבייט איז פּראָדוקטיוו און אז יעדע אינדוסט־ ריעלע ארבייט איז עקרה'דיג, אונפרוכטבאר. אָבער דער גרונדזאַץ אן־און־פאר זיך האָט אונטער די היינטיגע פערהעלטניסע געגוג אמת אין זיך. ווער עס מ'ז דעם שכר פון זיין אייגענער ארבייט, וואָס כאַפּט אריבער דער סומע וואָס איז נויטיג צום לעבען — און דערביי דארף מען ניט פערגעסען, אז דער דאָזיגער שכר, האלט אין איין וואַקסען און וואַקסען — כסדר אָבגעבען אין פרעמדע הענד, וואָס פערוואַנדלען עס מיט אליץ מעהר און מעהר פערדיענסט, בעת ער אליין ווערט קיינמאָל ניט צוגעלאָזען אלס בעל זוכה אין דעם דאָזיגען פּראָדוקציאָנס־איינטראַג זיינעם, וואָס האלט כסדר אין איין אויפלוי־ פען, אזוי אז ביי איהם שטעלט זיך אָב נאָר אויף די לעבענס־נויטיג־

קייטען—אַזאַ מענש מוז בעטראַכטען זיין אַרבייט אַלס אונפּראָדוקטיוו. די דאָזיגע לעבענס-נויטיגקייטען האָט דאָך אויך דער שקלאַף געמוזט האָבען, און דער פּאַרצייטיגער האָט זיי געהאַט אין אַ גרעסערער שפע, ווי אונזער שלכעט גענעהרטער אַרבייטער. אָבער דאָ איז נאָך דער ווידערשפּרוך דוקאַ גרעסער און נאָך ווענינער צו דערליידען דערמיט, וואָס דער דאָזיגער מאָדערנער פאַקטישער שקלאַף איז, על פּי געזעץ, ערקלערט געוואָרען פאַר אַ פרייען מאַן.

הייסט עס, אַז אין דער אונפּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט ליעגט דער סוד פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון קאַפּיטאַל און אומגעקעהרט. אין דעם חלוק צווישען די אַרבייטס-לוינען און די מאָסען אַרבייט, פאַר וועלכע עס ווערט בעצאָהלט אין די פּרייזען פון די פּראָדוקטען — אַ חלוק וואָס איהר האָט אויבען (זעה ז. 123 א. וו.) אַזוי נאַאיוו פערזעהען — ליעגען ביידע זאַכען, אי דער פּראָפיט וואָס פאַלט-צו אויפן' קאַפּיטאַל, ד. ה. די קאַפּיטאַל-פּרעמיע און אי דער פון-זיך-אַליין זיך מעהרענדער, דער אונאויפהערליך פּרוכפּערנדער, געווינענדער כח פון קאַפּיטאַל, אָדער זיין פּראָדוקטיוויטעט, וואָס האָט ערשט דורך דער פרייער קאָנקורענץ זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג.

קיין איין טראָפּען שוויים פון קיין אַרבייטער איז ניטאָ — האָבען מיר געזאָגט — וואָס דאָס קאַפּיטאַל זאָל ניט קריגען בעצאָהלט פאַר איהם אין פּרייז פון פּראָדוקט, בעת ביים אַרבייטער גופא, שטעלט זיך אָב בלויז אויף די דורכשניטליכע לעבענסנויטיגקייטען. קיין איין טאָלער איז ניט פאַרהאַן אין האַנד פון אונטערנעהמער, האָבען מיר שוין פריהער געוויזען, וואָס זאָל אויפ'ן אַנדערען טאָג דורך אַ נייעם אַריינלאָג אין דער פּראָדוקציע, ניט שאַפען קיין פרישען טאָלער. ביידע זעצע, אין לעצטען סך-הכל. ציהען זיך צונויף אין דעם זאַץ: עס איז ניט פאַרהאַן קיין איין טאָלער, ד. ה. קיין איין טראָפּען שוויים פון קיין אַרבייטער, וואָס זאָל אויפ'ן אַנדערן טאָג ניט געבוירען דעם אַרבייטער אַ פּרישען אונפרוכטבאַרען טראָפּען שוויים, און דעם קאַפּיטאַל, [וויעדער]

א פרישען טאָלער! און וואָס מעהר עס גיט זיך איין וועלוועלער צו מאכען די פרייזען פון די פּראָדוקטען, דאָס הייסט שוין אויך, דעם ארבייטער׳ס לעבענס-נויטינקייטען, איז אַנשטאָט וואָס דעם ארבייטערס הכנסה זאָל שטייגען מיט דער דאָזיגער וואקסענדער אַרויסגעביגקייט פון דער ארבייט, שטייגט גאָר אַלץ מעהר די קאפיטאליזירענדע קראַפט פון אונזער פּראָדוקציע. רייכענהיים קאָן איצט טהאָן, וואָס קיין פעאָדאַלער סיניעור האָט ניט געקאָנט. ער קאָן יעדען טראָפּען שוויים פון אַן ארבייטער קאפיטאליזירען, ד. ה. ער קאָן עס פערוואַנדלען אין א קוואל פאר א פרישען טראָפּען שוויים, וואָס איז שייך דעם ארבייטער, און פאר א פרישען טאָלער, וואָס איהם אליין אַנבעלאַנגט!

דער חלוק צווישען די שכירות׳ען אָדער דעם פרייז פאר דער ארבייט, און די מאַסען ארבייט, פאר וועלכע דאָס קאַפּיטאַל קריגט בעצאָהלט, אין פרייז פון די ארטיקלען, פּיהרט נויטינערוויז דערצו, אַז אַלע ארבייטער צוזאַמען, וואָס האָבען בייגעטראָגען אויף צושטאַנד צו ברייגען א פּראָדוקט, סיי מיט גייסטיגע, סיי מיט פּיזישע ארבייט, קאָנען איצט, פאר זייערע אַלע צוזאמענגענומענע שכירות׳ען, ניט אָבקויפען דעם פּראָדוקט פון זייער אייגענער ארבייט — און אויף אַזוי ווייט, איז דאָס נאָך לכתחילה ניט מעהר ווי אַנאַנדער אויסדרוקס-פאָרם פאר׳ן געדאַנק, וואָס איז שוין פריהער ענטוויקעלט געוואָרען. און דערצעהלט מיר נאָר ניט, הערר שולצע, אַז די מאַשינען זיינען עס וואָס האָבען א שטיינער דורך זייער גרעסערער אַרויסגעביגקייט א. א. וו. אויסגעפּיהרט דעם דאָזינען רעזולטאַט. אָט די מענה וואָלט געווען א שטות׳ערײ. מאַשינען זיינען אַרבייטס-פּראָדוקטען פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע זאַכען; און אונטער יענע פעראייניגטע ארבייטער פערשטעה איך טאַקע אַלע, וואָס האָבען בייגעטראָגען אויף צושטאַנד צו ברייגען דעם פּראָדוקט, די מאַשינען-בויער בתוכם, און אויך די רויה-שטאָף ארבייטער, א. א. וו. נאָכמעהר — און דער דאָזיגער פּועל יוצא זעהט זיך אָן אין אָט דער אויסדרוקס-פאָרם נאָך בולט׳ער — וואָס פּראָדוקטיווער די ארבייט פון די ארבייטער איז, אין דער צייט וואָס זייערע

לעבענס־מיטלען בלייבען שטעהען אויף דערזעלבער הויך, אלץ ווענינער קאָנען זיי דעם דאָזיגען פּראָדוקט פון זייער אייגענער ארבייט אָבקויפען; אלץ מעהר וואַקסט דער חלוק צווישען דעם ארבייטס־געווין און דעם ארבייטס־לוין; אלץ אָרימער, היימטעס, ווערען זיי! — וואָרים דער בעגריף פון רייך און אָרים איז ניט מעהר ווי רעלאַטיוו, און דריקט נאָר אויס א פערהעלטניס צום פּראָדוקציאָנס־בעטרעף פון א בעשטימטער פּעריאָדע.*

און פּרואווט נאָר ניט, הער שולצע, איינשמועסען די ארבייטער, ווי איהר האָט עס טאַקי שוין געפּרואווט אויך, אז דער ריוח וואָס פאַלט אויפ׳ן קאַפּיטאל איז א בעגיטיגונג פאַר דער גייסטיגער ארבייט פון די אונטערנעהמער, דער שכר פאַר זייער קאָפּ־ארבייט בעת׳ן פיהרען די געשעפטען. מעהר ניט ווי א לפי־ערך זעהר, זעהר קנאַפּער טייל ביז גאָר פון דער אונטערנעהמער־הכנסה, וואָס ווערט איינגענומען אין [גאַנצען] לאַנד, דאַרף בעטראַכט ווערען אלס אזא מין ארבייטס־לוין וואָס די אונטערנעהמער קריגען פאַר זייער גייסטיגער [געשעפטס]פיהרונג; און דעם דאָזיגען טייל האָב איך קיינמאָל ניט כולל געווען אונטער דעם, וואָס איך רוף אָן קאַפּיטאַל־פּראָפיט.** אַז אָט דער גייסטיגער ארבייטס־לוין פון די אונטערנעהמער שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַן אומבעדייטענדען חלק פון דער אונטערנעהמערשער הכנסה,

---

* („אונזערע בעדערפנישען און גענוסען ענטשטעהען פון דער געזעלשאַפט; לכן מעסטען מיר זיי מיט דער געזעלשאַפט, און ניט מיט די אָביעקטען פון זייער בעפריעדיגונג מעסטען מיר זיי. דערפאַר, וואָס זיי האָבען א געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער, האָבען זיי אַ רעלאַטיווען כאַראַקטער". ק. מאַרקס, „לאָהנאַרבייט אונד קאַפּיטאַל", פאָרווערטס אויסג. ז. 25.

דורך דער דאָזיגער ציטאַט פון מאַרקס׳עס ווערק, ווייזט בערנשטיין אָן אין זיין אויסגאַבע דעם אָרט פון וואַנען לאַסאַל זאָל האָבען גענומען דעם גאַנצען געדאַנק.) א. א. ר.

** פגל. די שטעלע וואָס איז ציטירט אין פאָרוואָרט.

וויים שוין די וויסענשאפט פון לאנג,* און אפילו די ליבעראלע עקאנאמען האבען דאס געווג מאל מודה געווען. ** די ע נ ג ל י ש ע עקאנאמען האבען אבער דערפאר פון תמיד אן מיט אן אפענהערציגקייט, וואס איז ווערטה אנערקענונג, בעהאנדעלט דעם אונטערנעהמערשען געווינס אלץ אלס ק א פ י ט ל ־ פ ר ע מ י ע ; און יענעם טייל פון אונטערנעהמערשען געווינס, וואס קאן פרעטענדירען צו זיין דער „שכר פאר גייסטיגע ארבייט“, האבען זיי לגמרי פערקוקט צוליעב זיין אומבעדייטענדקייט. ערשט פון דער כלומר'שטדיגער הומאנער ריכטונג פון די פראנצויזישע עקאנאמען שטאמט דער ליגען: צו וועלען פארשטעלען דעם אונטערנעהמערשען געווינס אלס „שכר פאר גייסטיגע ארבייט“.***

א־חוץ אלעמען, ווילט איהר אז עס זאל זיך בעווייזען פאר אייך אויף א ריין פ ר א ק ט י ש ע ן אופן, וואס פאר אן ערשטוינענד קליינער חלק פון דער אונטערנעהמערשער הכנסה, דער דאזיגער שכר פאר זייער גייסטיגער פיהרונג שטעלט מיט זיך פאר, טא דארפט איהר ניט מעהר ווי זיך

---

* זעה פאן ט ה י נ ע ן, „דער נאטורגעמעססע ארבייטסלאהן“, ראסטאק, 1850, ערשטע אבטיילונג ז. 80 א. וו.; מ א ר ל א ו (פראפעסאר ווינקעלבלעך), „סיסטעם דער וועלט־עקאנאמיע“, טייל 1, קאפ. 4; טייל 2, קאפ. 11, 12, 13. ס י ס מ א נ ד י, „נואוואו פראנסיהפ“, טאם 1, ז. 359 און פון אנדערע.

** פון ליבעראלע עקאנאמען זעה בעזונדערס נ ע ב ע נ י ו ס: „דער עפענטליכע קרעדיט“ 2טעס קאפיטעל; פאן ה ע ר מ א נ ן, „שטאאטסוויסענשאפטליכע אונטערזוכונגען“, ז. 204 ביז 214; ש ט א ר ך, „קור ד'עהקאנאמיע פאליטיק, טאם 2, ז. 87, א. וו. פעטראגראד אויסג.; ש ע ן, „נייע אונטערזוכונג דער נאציאנאל־עקאנאמיע, ז. 87 און 112־116; ר י ע ד ע ל, „נאציאנאל־עקאנאמיע“, פאר. 466־477 און 685, א. וו.; ר א ו, „גרונדגעזעטצע דער פאלקסווירטהשאפטסלעהרע“, ז. 311־323, און נאך א סך אנדערע.

*** סיי איז, אין דעם פרט, אלעמען אפריהער געגאנגען. מיט אט דער כ ל ו מ ר ש ט ' ד י ג ע ר הומאנער פראנצויזישער ריכטונג דארף מען ניט פערבייטען די ליניע פון א מ ת הומאנע עקאנאמען ציוישען די פראנצויזען ווי באובאהן, בואגיהבער, פארבאנע, נעקער, סיסמאונדי, וועלכע שטעלען מיט זיך פאר א כ ב ו ד פאר פראנקרייך וואס זי האט געהאט אפריהער פאר ענגלאנד.

אַרומקוקען. וויפיעל גוטסבעזיצער זיינען פאַרהאַן, וואָס לאָזען זייערע צאָהלרייכע הויפען פערוואַלטעט ווערן פון קאַסירער; ווי פיעל גרויסע פאַבריקאַנטען און סוחרים זיינען דאָ וואָס לאָזען זייערע געשעפטען אויף די הענד פון געשעפטס־פיהרער, מענעדזשערס א. אַ. וו., בעת זיי אַליין פאָהרען זיך קיין איטאַליען, אין די מזרח־לענדער און אַנדערשוואו, אָדער, על כל פנים, מיט'ן פיהרען זייערע געשעפטען פערנעהמען זיי זיך ניט. דאָס געהאַלט פון די דאָזיגע געשעפטספיהרער, וואָס איז אַזוי קליין לגבי דעם געשעפטס־פערדיענסט פון אָט די אונטערנעהמער, איז נאַטירליך אַלץ וואָס יענע הערערען קאָנען זיך פערערכענען פאַר זייער אייגענער גייסטיגער טעטיגקייט, אויב זיי אַליין פיהרען דאָס געשעפט.

ביי די גרויסע אַקציעס־אונטערנעהמונגען פון דער מאָדערנער צייט, ביי די אייזענבאַהנען, באַנקען א. אַ. וו., איז שוין גראַד אפילו אַ מוז, אַז די אייגענטימער זאָלען זיין אָבגעטיילט פון די פערוואַלטער. דער קאַפּיטאַליסט אָדער אונטערנעהמער וואָס בעשטעהט פון אַ צאָהל מענשען קאָן, טאַקי מחמת דעם וואָס עס איז אַ צאָהל, אַליין ניט פיהרען דאָס געשעפט; ווערט פאַר דעם צוועק בעשטימט אַ דירעקטאָר אויף שכירות. אויב דער פערדיענסט פון די אונטערנעהמער וואָלט טאַקי בעשטאַנען אין דער בעגיטיגונג פאַר דער גייסטיגער טעטיגקייט בשייכות צו דער געשעפטס־פיהרונג, טאָ פון וואַנען האָבען זיך גענומען די 13 פּראָצענט דיווידענדען, וואָס די קעלן־מינדענער אייזענבאַהן־אַקציעס וואַרפען אָב פאַר די אונטערנעהמער (אַקציעס־בעזיצער), וועלכע האָבען זיך ניט אָנגעהויבען צו קימערן וועגען דער געשעפטס־פיהרונג? פון וואַנען נעהמען זיך די 17 פּראָצענט דיווידענדען פון די מאַגדעבורג־לייפּציגער אַקציעס? פון וואַנען די 25½ פּראָצענט דיווידענדען פון די מאַגדעבורג־האַלבערשטעדטער?

ביי אונטערנעהמונגען פון דעם מין, קומט אפילו פאָר, צוליעב פערשיעדענערליי טעמים, אַז די דירעקטאָרען קריגען, בדרך יוצא מן הכלל, אָפטמאָל אויסבריינגעריש הויכע שכירות. נאָר צו דערזעלבער צייט כדי איהר זאָלט בעקומען אַ בעגריף ווי ערשטוינענד

קנאפ עס איז, פערהעלטניסמעסיג, דער שכר פאר דער געשעפטס־פיהרונג, וועלכען די אונטערנעהמערשע הכנסה איבער'ן לאנד איז כולל, טא פערגלייכט נאר דאס געהאלט פון די דירעקטארען פון די דאזיגע אייזענבאהנען, און לאמיר שוין זאגען אויך פון די פערוואלטונגס־ראטהען דערצו, מיט דעם סך־הכל קאפיטאל־פראפיט, וואס אט די אייזענבאהנען ווארפען אב.*

* כדי איך ארויסצוהעלפען ביי אייער ניט־בעהאוועוטקייט אין ענין — אט איז א פראקטישער ביישפיעל מיט ציפער. פאר מיר ליעגט דער געדרוקטער בעריכט פון דער דירעקציאן פון דער קעלן־מינדענער אייזענבאהן־געזעלשאפט פאר 1862. נאך דעם נאך — זייט 243 — האט די קעלן־מינדענער אייזענבאהן אבגעווארפען אין יאהר 1862 א דיווידענד פון — — — — — — — — — — — — — — 1,641,250 טאלער
און אחוץ דעם, אין פראצענט אויף די פרעפערענץ־אקציעס — — — — — — — — — — — — — — — 1,726,271 טאלער

ס"ח 3,367,521 טאלער

איך רעד שוין דא ניט פון 521,290 טאלער וואס זיינען צוגענומען געווארען פאר'ן רעזערוו־פאנד, פון 73000 טאלער אמארטיזאציע, פון 628,952 טאלער עקסטרא־־דיווידענדען צום שטאאט. אט די אלע אויסגערעכענטע געלטען שטעלען וויעדער צוזאמען בסך־הכל א סומע פון 1,223,242 טאלער, וואס וואלט בעדארפט אייגענטליך צוגערעכענט ווערען צו יענע 3,367,521 טאלער.

לכל הפחות, שטעלען צונויף אט די 3,367,521 טאלער, אלזא, די קאפיטאל־פרעמיע וואס איז צוגעפאלען אויפ'ן קאפיטאל, פון דעם איינקונפט פאר'ן יאהר, פון דער דאזיגער איין אונטערנעהמונג. — היינט, ווי גרויס רעכענט איהר א־שטייגער, העדר שולצע, זאל האבען געוועזן, פון דער דאזיגער אונטערנעהמונג, דער אויסגעצאהלטער לוין פאר דער אויבערשטער געשעפטס־פיהרונג? איהר וועט עס דערזעהן פון די זייטען 262־265 גופא:

געהאלט פון די באהן־דירעקטארען — — — — — — 3,475 טאלער
" " די מענעדזשערם — — — — — — — — — 3,200 "
" " דעם מענעדזשער־קאנטראליאר — — — 1,900 "
" " דעם ספעציעל־דירעקטאר — — — — — — 2,200 "
" " זיין שטעלפערטרעטער — — — — — — — 1,500 "

ס"ח 12,275 טאלער

די אלע איבעריגע דארטען אויסגערעכענטע שכירות־אויסצאהלונגען

לסוף, וויעדער, דאַרף מען נאָך דערמאָהנען, וואָס איז שוין סיי־ווי געדרונגען פון אונזער פריהערדיגער פונאַנדערלעגונג, אַז די אַלע, וואָס מאַטערען זיך * נאָכצושפּילען דעם אונטערנעהמערשען פּראָפּיט אין דער פּערזענליכקייט פון דעם אונטערנעהמער, מאַכען דאָ, לכתחילה שוין, אַ זעהר לעכערליכען פּערזעהען.

דעם אונטערנעהמערס פּערזענליכקייט, זיין פליסיגקייט, זיין פוילקייט, זיין אונטערנעהמונגס־גייסט און זיין טעמפּקייט א. אַ. וו. — דאָס אַלץ זיינען מעלות און חסרונות, וואָס וועלען אודאי האָבען גאָר אַ סך צו זאָגען בנוגע וויפיעל** פון דעם קאַפּיטאַל־פּראָפּיט, וואָס פאַלט אויס יעהרליך אויף'ן אונטערנעהמערשען שטאַנד, דער בעשטימטער אונטערנעהמער ראובן וועט צושלעפּען צו זיך, אין פערגלייך מיט די אונטערנעהמער

---

* צ. ב.: זש. ב. סיי: קור קאָמפּלע ד'עהקאָנאָמיע פּאָליטיק, וואָלים 8; דזינואַעה: דע לאַ ליבערטעה דזי טראַוואַי, ליבער 11; שטיינלגין: האַנדבוך דער פאָלקסווירטהשאַפטסלעהרע, בד. 1, ז. 444 א. וו.; אויך מאַנגאָלדט: לעהרע פאָם אונטערנעהמערגעווינן, לייפּציג 1853, איז ניט אינגאַנצען פריי דערפון.

** „וויע וואָהל" אין דעם אָריגינאַל, וואָס איז, ווי עס זעהט זיך אָן, אַ דרוק־פעהלער. א. א. ר.

---

פאַר אַרכיטעקטען, צייכענער, אינספּעקטאָרען, רעגיסטראַטאָרס, וואָגען־מייסטער און אַלערליי אַרבייטער, וואָלט דאָך אויך יעדער איינצעל־אונטערנעהמער געמוזט מאַכען; און אויף אַזאַ'ן אופן וואָלטען זיי אויך ביי איהם, פונקט ווי דאָ איצטער, געוועזן נאָר דורכלויפענדיגע הוצאות, און וואָלטען, באין אופן, ניט געהערט צו זיין אונטערנעהמערשער הכנסה. אָט די הכנסה שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריינעם רוח פון 3⅓ ביז 4½ מיליאָן טאַלער, וואָס בלייבט איבער שוין נאָכדעם ווי מען נעהמט אַראָב פון דער ברוטאָ־הכנסה אַלע געהאַלטען, שכירות'ן און הוצאות פון יעדען סאָרט.

אויף אַ קאַפּיטאַל־פּרעמיע פון 3⅓—4½ מיליאָן טאַלער, אַלזאָ, וואָס אָן אונטערנעהמונג וואַרפט אָב יעהרליך געהט, ביי דער פונאַנדערטיילונג צווישען די קאַפּיטאַל־אונטערנעהמער און די געשעפטס־פיהרער, פאַר דער געשעפטס־פיהרונג, אַ גייסטיגער אַרבייטס־לוין פון 12,000 טאַלער. אויף אַזוי פיעל, הערר שולצע, איז די אונטערנעהמערשע הכנסה, וואָס ווערט זיך אַראָבגענומען איבער'ן לאַנד, קיין אַנדער זאַך ניט ווי ריינער לוין פאַר גייסטיגע אַרבייט!!!

ש מ ע ו ן, ל ו י, א. א. וו. מיט אנדערע ווערטער: דאָס איז אַ פראַגע, וואָס איז נוגע די קאָנקורענץ פון די אונטערנעהמער צווישען זיך, און וואָס העלפט צו בעשטימען דעם ח ל ק פון די בעזונדערע אונטערנעהמער אין דער ס ו מ ע, וואָס פאַלט אויס, פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראַג פאַר'ן יאָהר, אויפ'ן גאַנצען אונטערנעהמערשען שטאַנד. אָבער בנוגע דער דאָזיגער סומע ג ו פ א, וואָס פאַלט אויס אויפ'ן גאַנצען אונטערנעהמערשען שטאַנד אין לאַנד, שפּיעלט יענע פראַגע, ווי עס איז שטרענג געדרונגען, פון אונזער פריהערדיגען אויספיהר, גאָר קיין ראָליע ניט.

דער געגעבענער סך־הכל פון דעם א ר ב י י ט ס־א י י נ ט ר א ג פאַרן יאָהר איז, לאָמיר זאָגען, גלייך צו A די סומע וואָס דער ארבייטער־קלאַס דאַרף האָבען אויף די דורכשניטליכע לעבענס־מיטלען, ד. ה. די סומע פון אַלע ארבייטס־לוינען, לאָמיר זאָגען, איז גלייך צו Z. נו, וועט אַלעמאָל צ ו פ א ל ע ן די סומע A מינוס Z אויפן א ו נ ט ע ר נ ע ה מ ע ר־ש ט א נ ד אַלס כלל, מעגען זיך די אונטערנעהמער זיין אַלע פויל אָדער אַלע פלייסיג, אַלע קלוג אָדער אַלע שוטים; און די איינע פראַגע וואָס קאָן בעשטימט ווערען אויפן סמך פון זייערע פערזענליכע מעלות און חסרונות איז נאָר: אין וואָסערע חלקים די סומע A–Z ווערט פערטיילט אויף די בעזונדערע אונטערנעהמער.

ווייטער קאָן זיך מאַכען אַז דער ס ך־ה כ ל פון דעם יעהרליכען פּראָדוקציאָנס־געווין פערגרעסערט זיך אַ דאַנק דער טעטיגקייט פון די אונטערנעהמער. עס ווערט, הייסט עס, פון A פערוואַנדעלט אין A×B און דאָס — אויב די נייע אונטערנעהמונגען, פון וועלכע מיר שמועסען, ווערען נאָר ניט געמאַכט אין אויסלאַנד — קומט פאַר נאָר דורך דעם וואָס די מאָס ארבייט וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין לאַנד, איז פערמעהרט געוואָרען. נאָר אויב אפילו די דאָזיגע פערמעהרטע מאָס ארבייט האָט מיט זיך געבראַכט די פערמעהרונג פון דעם ס ך־ה כ ל פ ו ן א ר ב י י ט ס־ל ו י נ ע ן — און קיין מוז איז דאָ לחלוטין ניט פאַרהאַן — איז, נעהמט זיך עס דערפון, וואָס די א ר ב י י ט ע ר־מ א ס ע האָט זיך גענומען פ ע ר מ ע ה ר ע ן אויף אַ פּראָפּאָרציאָנעלער מאָס, אָדער אַ־ניט ברייננגט עס דערצו אַז עס זאָל אַזוינס

פאַרקומען. (און דאָס איז טאַקי די אינוועניגסטע סבה פונ'ם שטייגען פון דער אייראָפּעאישער בעפעלקערונג.) דער סך־הכל פון ארבייטס־לוינען אין לאַנד איז אַזאַ געשטיגען, אָבער דער דאָזיגער געשטיגענער סך־הכל פערטיילט זיך איצט ווידער, ווי עס איז געדרונגען פון דעם פריהערדיגען, אין פערלויף פון דער צייט, אויף פונקט אזא שטאַרק, און דאָפּטמאָל נאָך אין אַ העכערען גראַד, געשטיגענער צאָהל אַרבייטער. דער לוין וואָס פאַלט צו אויפ'ן בעזונדערן אַרבייטער, די מאָס פּראָדוקטען, וואָס יעדער ארבייטער בעקומט, האָט זיך יעמאָלט, אַלזאָ אין פערלויף פון דער צייט ניט פערמעהרט. נאָכמעהר, וואָס איז אַפילו שייך דעם אַרבייטערס שטאַנד אַלס אַ כלל, קאָן זיך טרעפען, אַז דער חלק, וואָס ער בעקומט אין לוין פאַר זיין איינענעם אַרבייטס־פּראָדוקט, זאָל נאָך האָבען געפאַלען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די קוואַנטיטעט פּראָדוקטען גופא, וועלכע קומט אויס אויף אַלע אַרבייטער צוזאַמענגענומען, האָט זיך פערמעהרט. אָבי־נאָר די אַרויסגעביגקייט פון דער אַרבייט ביים אַרבייטער־שטאַנד איז, ווי עס איז געוועהנליך דער פאַל, געשטיעגען אין נאָך אַ העכערן גראַד, וועט שוין אויסקומען אויף אונזערע רייד. ענגלאַנד איז גראָד דאָס לאַנד וואָס האָט דורכ'ן אונטערנעהמונגס־גייסט פון איהרע אונטערנעהמער — און מען קאָן ניט אָוועקנעהמען אַז זיי האָבען דאָס — געשאַפען די קבצנות פון איהרע אַרבייטער.

פאַר דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט קאָן דער ציעל פון דער אונטערזוכונג נאָר זיין פעסטצושטעלען: וואָס פאַר אַ חלק פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג דער אונטערנעהמער־שטאַנד נעהמט זיך אין פערגלייך מיט'ן אַרבייטער; און, בנוגע דעם לעצטען: וואָס פאַר אַ קוואַנטיטעט פּראָדוקטען דער איינציגער אַרבייטער, און וואָס פאַר אַ פּראָפּאָרציע פון זיין אַרבייטס־איינטראָג דער גאַנצער אַרבייטער־שטאַנד אַלס אַ כלל, בעקומט. די אונטערזוכונג אָבער צוליעב וואָסערע פערזענליכע מעלות איין אונטערנעהמער קען אַריינקריגען פאַר זיך דעם סאַמע גרעסטען חלק פון דעם דאָזיגען פערדיענסט, וואָס פאַלט אויס אויפ'ן אונטערנעהמער־שטאַנד, אין פערגלייך מיט אַ צווייטען אונטערנעהמער — דאָס

געהערט טיילווייז אין די פּראַקטישע האַנדעלס־שולען. טיילווייז צו די סודות פון קאָנטאָר; און די געהוי־בענע שבחים צו די דאָזיגע פּערזענליכע מעלות פּאַסען זיך אויף די באַנקעטען פון רייכע קאָמערץ־ראַטהען, באין אופן, אָבער, ניט אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע!

אַט דאָס פערבייטען די יוצרות, וואָס שטאַמט פון צונויפמישען פּריוואַטע עקאָנאָמיע מיט פּאָליטישע עקאָנאָמיע — אַ צונויפמי־שונג וואָס ציהט זיך דורך דער גאַנצער ליבעראַלער עקאָנאָמיע בכלל, איז די סיבה, וואָס האָט געשאַפען די דאָזיגע, ווי אויך נאָך אַ סך אַנדערע, פּלאָנטערס, און שטופּט מיט געוואַלט אַזעלכע אונ־טערזוכונגען צו קרומע רעזולטאַטען, מחמת די פראַגע איז שוין לכתחילה אַוועקגעשטעלט געוואָרן קרום. —

איהר וועט האָבען געלערנט אין משך פון דער דאָזיגער לאַנגער פונאַנדערלעגונג, הערר שולצע, ווי גרויס עס איז דער אַלגעמיינער טעות פון אַלע בורזשואַזנע עקאָנאָמען, וועלכע האַלטען תמיד דאָס קאַפּיטאַל, פּונקט ווי אַלע איבריגע עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס, פאַר לאָגישע אייביגע קאַטעגאָריעס. די עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס זיינען ניט קיין לאָגישע, נאָר היסטאָרישע קאַטעגאָריעס. די פּראָדוקטיוויטעט פון קאַפּיטאַל איז ניט קיין „נאַטור־געזעץ“, נאָר אַ ווירקונג פון גאַנץ בעשטימטע היס־טאָרישע צושטענדע, וואָס קאָן און מוז פערשווינדען אונטער אַנ־דערע היסטאָרישע צושטענדע.*

צו דערזעלבער צייט, וועט איהר אפשר אויך האָבען דאָ איינ־געזעהן דעם אמת, וואָס שטעקט אין יענע ווערטער, מיט וועלכע געטהע ווענדעט זיך צו אייך אין מערב־מזרח'שען דיוואַן:

---

* וואָס איז אַלזאָ אויפגעטהאָן געוואָרען אויבען און אין פאָלגענדען אויספיהר נאָך, איז דאָס וואָס עס איז בעוויזען געוואָרען אַז די עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע „קאַפּיטאַל“ און די יורידישע קאַטע־גאָריע „אייגענטום“ זיינען אַקוראַט אויף אַזוי פיעל בלויז קאַטעגאָריעס פון היסטאָרישען גייסט, ווי איך האָב דאָס ענטוויקעלט, בנוגע אַלע יורידישע קאַטעגאָריעס, אין מיין „סיסטעם דער ערוואָרבענען רעכטע“ פּגל. 1, מיט ז. 269, נאָטע 1), און וואָס איך האָב אויספיהרליך בעוויזען אין גאַנצען צווייטען באַנד פון יענעם ווערק ביי ירושה־רעכט אָדער אפילו ביים פאַמיליען־רעכט).

"Wer nicht von dreitausend Jahren
Sich weiss Rechenschaft zu geben,
Bleib' im Dunkeln unerfahren,
Mag von Tag zu Tage leben";*

— און דערמיט וועט איהר איינזעהן, ווי ניט זיכער עס איז צו מאַכען דעם אָנשטעל פון א „געבילדעטען", איידער מען קען נאָכקומען דעם דאָזיגען פאָרבעדינג!

אָבער כדי איהר זאָלט פון דער דאָזיגער לאַנגער פונאנדערלעגונג האָבען געלערנט אַלץ וואָס איז באמת געווען צו לערנען דערפון, איז נאָך איצט נאָר נויטיג קורץ און שאַרף צו בעטאָנען, די פונקטען וואָס זיינען דאָרטען פאַרהאַן.

פערגלייכט, אָקאָרשט, דעם אָנהויב און דעם סוף־פונקט פון דעם לאַנגען היסטאָרישען פּראָצעס, וואָס איך האָב פאַרבייגעפיהרט פאַר אייערע אויגען:

אין דעם פּרימיטיווען צושטאַנד פון דער אינדיווידועלע, איזאָלירטער ארבייט, פון וואַנען מיר האָבען אָנגעהויבען, איז דער ארבייטס־אינסטרומענט — דעם אינדיאַנערס בויגען — געווען פּראָדוקטיוו נאָר אין האַנד פון ארבייטער גופא. הייסט עס, אַז נאָר די ארבייט איז געווען פּראָדוקטיוו.

קומט איצט די צוטיילונג פון דער ארבייט — און פערגעסט ניט אויף א רגע, אַז צוטיילטע ארבייט הייסט שוין, אַנדערש ווי יענע ארבייט פון דעם אינדיאַנער, בשותפות־דיגע ארבייט, א בשותפות'דיגער אנפיהר פון פּראָדוקציע, ווען אפילו דער נויטיגער אויסלאָג אויף דער פּראָדוקציע ווערט געשאַפען אינדיווידועל, פון יחידים, און די פערטיילונג פון

* אויף אידיש:
„ווער עס קאָן ניט פון אזא שטיק צייט מיט יאָהרען
ווי דריי טויזענד — אַלץ קיין חשבון זיך אָבגעבען,
טאָ זאָל ער בלייבען אין דער פינצטער, ניט דערפאָהרען;
וועט ער מיט'ן היינט, און אָהן א מאָרגען, מוזען לעבען!"

דאָס גאַנצע ליעד „דעם וואַנדערערס רוהיגקייט", ווי כמעט אַלע ליעדער און פּאָעמען פון דעם „וועסטעסטליכען דיוואַן", איז געבויט אויף א פּערזישען מאָטיוו. א. א. ר.

אַרבייטס־איינטראָג איז, צוליעב דעם שוין, אויך אַן אינדיווידועלע, צווישען די יחידים, וואָס האָבען דעם נויטיגען אויסלאַג געשאַפען.— אַט דורך דער צוטיילונג פון דער אַרבייט, דורך דעם ווידער, וואָס דערפון ענטוויקעלט זיך און אַרבייט זיך אויס די צורה פון דער פּראָדוקציע פּאַמעלעך און נויטיגערווייז אין אַ סיסטעם פון טויש־ווערטהען, און לסוף דורך דער פרייער קאָנקורענץ וואָס מוז אַרויסברייננגען אַט די פּראָדוקציע פון טויש־ווערטהען, אַ דאַנק דעם אינדיווידועלען כאַראַקטער וואָס דער פּראָדוקציאָנס־אויסלאַג טראָגט, מוז שוין סוף כל סוף דערגרייכט ווערען אַ רעזולטאַט וואָס איז דער היפוך פון יענעם אויסגאַנגס־פּונקט — דער רעזולטאַט וואָס דער אַרבייטס־אינסטרומענט טיילט זיך אָב פון דעם אַרבייטער און ווערט עפּעס בעזונדער פאַר זיך. מיט זיין זויג־שנוק האָט דער אינסטרומענט די גאַנצע פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט אַוועקגעריסען צו זיך; און די אַרבייט, האָט ער בעשרענקט אויף דער פערגיטיגונג פון דעם וואָס עס האָט געמוזט פּערצעהרט ווערען אויף לעבענס־קראַפט דער אַרבייט. ער האָט זי אַלזאָ געמאַכט אונפּראָדוקטיוו.

אויב פריהער איז נאָר די אַרבייט געווען פּראָדוקטיוו, איז איצט נאָר דער אַרבייטס־אינסטרומענט, אַן אָבגעזונדערטער פונ׳ם אַרבייטער, פּראָדוקטיוו.*

דער אַרבייטס־אינסטרומענט, וואָס איז געוואָרען עפּעס בעזונדער פאַר זיך, און האָט זיך מיט׳ן אַרבייטער געביטען די ראָליעס, האָט דעם לעבעדנען אַרבייטער אָראָבגעזעצט ביז אַ טויטען אַר־

*) אין דער 1893 אויסגאַבע, מאַכט בערנשטיין קלאָר, אַז דער אַרבייטס־אינסטרומענט איז איצט ניט אויף אַ חאָר מעהר פּראָדוקטיוו ווי פריהער; מעהר ניט, וואָס איצט, איז דער בעל הבית איבער׳ן אינסטרומענט, דער גאַנצער פּער, און אַזוי ווי דער אַרבייטער איז ניט קיין בעל הבית איבער׳ן אינסטרומענט, האָט ער גאָר קיין דעה ניט. קומט שוין ממילא אויס, אַז דער אינסטרומענט איז ניט קיין כלי ביים אַרבייטער אין די הענד, נאָר פאַרקעהרט, דער אַרבייטער האָט אַ קנאַפּערען בעטרעף ווי די מכשירים מיט וועלכע ער אַרבייט.) א. א. ר.

ביטס־אינסטרומענט, אין זיך אַליין, דאָס הייסט דעם טויטען אַרביטס־אינסטרומענט, ענטוויקעלט אין אַ לעבעדיגען פּראָדוקטיווען אָרגאַן — דאָס איז דאָס קאַפּיטאַל!*

די צוטיילונג פון דער אַרבייט איז דער מקור פון אַלע רייכטימער. אַז נאָר דורך דער צוטיילונג פון דער אַרבייט ווערט די פּראָדוקציע אַלס אַרויסגעביגער און וועלוועלער — דאָס דאָזיגע געזעץ, וואָס ליעגט אין וועזען פון דער אַרבייט, איז דאָס איינציגע עקאָנאָמישע געזעץ וואָס קאָן

---

* טאָמער איז די־אָ דעפיניציע אימעצען פּוגע, טאָ וואָלט ער, כדי צו געבען אַ ריכטיגע דעפיניציע, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ לעהרבוך, זיך געמוזט ווענדען צו דער דאָזיגער:

ביי אַ פּראָדוקציע אונטער אַ סיסטעם פון טויש־ווערטהען, אַרבייטס־צוטיילונג און פרייער קאָנקורענץ, איז קאַפּיטאַל דער אויסלאָג פון אַ פריהער געטהאָנענער אַרבייט, וואָס פּאָדערט זיך אויף דער היונה פון די פּראָדוצירער, ביז וואַנען דער פּראָדוקט ווערט געמאַכט צו געלד ביים אָנקומען צו די בעשטימטע געברויכער; און וואָס ברייגנט, וויעדער, דערצו, אַז דער חלק פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג וואָס באַפּט אַריבער דער סומע, וועלכע איז נויטיג אויף היונה, זאָל אויס־פאַלען אויף די, אָדער זאָל פערטיילט ווערען צווישען די יעניגע, וועלכע האָבען צוגעשטעלט דעם אויסלאָג. — אויפ׳ן ערשטען קוק, וועט זיך אפילו אויסדוכטען, אַז עס פעהלט אין דער דעפיניציע דער פונקט מכח „בעזאָרגען רויה־שטאָפּען“, וואָס פאָדערן זיך דאָך אויך צו דער פּראָדוקציע. אָבער עס איז ניטאָ קיין גרונד דערפאַר. וואָרים אַט די רויה־שטאָפּען א. א. וו. זיינען אויך פּראָדוצירט געוואָרען פון אַרבייטער, און אויף דיזעלבע בעדינגונגען, ד. ה. דורכ׳ן אויסלאָג פון אַ רויה־שטאָף פּראָדוצירער, וועמעס שטעלע עס האָט דערנאָך פער־נומען דער אינדוסטריעלער פּראָדוצירער, וועלכער האָט יענעמס פּראָדוקט ווייטער פעראַרבייט. דער אויפּטהו פון דער גאַנצער מחנה קאַפּי־טאַליסטען, וועלכע טרעטען אויף, איינער נאָכ׳ן אַנדערן, אויף דער סצענע מיט׳ן מזומן אויף צוצוגרייטען אַ פּראָדוקט, בעשטעהט אין מעהר גאָרניט ווי אין דעם וואָס זיי בעזאָרגען מיט חיונה די גאַנצע מחנה אַרבייטער (רויה־שטאָף אַרבייטער, מינען־אַרבייטער א. אַ. וו.), וואָס האָבען מיטגעהאָלפען אַז דער פּראָ־דוקט זאָל פאַרטיג ווערען. — יעדע אַנדערע דעפיניציע, וועלכע לאָזט אַוועק איינס פון די סמנים, וואָס די־אָ איז כולל, איז, ווי אונזער אַנאַליז צייגט, ניט־פאָלשטענדיג און פאַלש.

אנגערופען ווערען א „נאטור־געזעץ", מחמת דעם פאראלעל צווישען ביידען.

קיין נאטור־געזעץ איז דאס ניט, מחמת עס געהער זיך גראד ניט אן מיט דער ספערע פון דער נאטור, נאר מיט'ן געביעט פון גייסט, אבער עס איז איינגעפאסט אין דערזעלבער נויטווענדיגקייט, ווי די עלעקטריציטעט, גראוויטאציע, די עלאסטיציטעט פון דאמף א. א. וו. עס איז א סאציאלעס נאטור־געזעץ!

און א הייפעלע יחידים האבען זיך געיאוועט ביי אלע פעלקער און האבען דאס דאזיגע סאציאלע נאטור־געזעץ, וואס איז פארהאן נאר א דאנק דער גייסטיגער נאטור פון אלעמען, פערכאפט פאר זייער אינדיווידועלע נוצען; בעת די בעטויבטע און שמאכטענדע פעלקער, געפענטעטע מיט אונזעהבארע קייטען, ווארפען זיי צו פון זייער אלץ געוואלטיגער אויפלויפענדען ארבייטס־איינטראג, אין עצם געגומען, אייגענטליך דעמזעלבען אבפאל, וואס אפילו דער אינדיאנער פלעגט, אונטער גינסטיגע אומשטענדען, בעקומען פאר זיך נאך איידער עס איז געווען א ברעקעל קולטור, ד. ה. די הוילע לעבענס־נויטיגקייטען. עס קומט אויס ווי עטליכע געצעהלטע מענשען וואלטען ערקלערט גראוויטאציע, די עלאסטיציטעט פון דאמף, און די ווארימקייט פון זונען־ליכט פאר זייער אייגענטום! דאס פאלק קארמענען זיי, פונקט ווי זיי שמירען און הייצען די דאמף־מאשינען, כדי זיי צו האלטען אין אן ארבייטס־פעהיגען צושטאנד. די נאהרונג פון פאלק קומט נאר אין אנבעטראכט אלס א נויטיגע פראדוקציאנס־הוצאה!

פאר זיין סאמע טרומף־קארט, שפיעלט באסטיא אויס אנטקעגען פרודאנען פאלגענדען ארגומענט: *

„די קאפיטאלען זיינען ארבייטס־אינסטרומענטען. די שליחות פון די ארבייטס־אינסטרומענטען איז צו לאזען מיטווירקען די אונגעצאהלטליכע כחות פון דער נאטור. דורך די דאמף־מאשינען ווערט מען בעל הבית איבער דער עלאסטיציטעט פון די גאזען; דורך דער ספרודזשינע פון זייגער — איבער דער עלאסטי־

* ארמאניע עהקאנאמיק, ז. 229.

פּאַלען* ; דורך געוויכטען אָדער דורך וואַסער־פאַלען ציטעט פון שטאָהל ; דורך דער וואָלטאַאישער זייל — איבער גראַוויטאַציע ; דורך דער ערד — איבער דער שנעלקייט פון עלעקטרישען פונק ; בעמישע און פיזיקאַלישע קאָמבינאַציעס וואָס מען רופט אָן וועגעטאַציע, א. אַ. וו. א. אַ. וו., איז, דערמיט וואָס מען מישט צונויף ניצליכקייט מיט ווערטה, איז מען זיך משער, אַז אָט די כחות פון דער נאַטור האָבען אַ ווערטה, וואָס ליעגט אין זייער עצם, און אַז דערפאַר הייסען זיך יענע, וואָס זיינען די באַלעבאַטים איבער דעם בעצאָהלען פאַרן׳ געברויך [וואָס אנדערע מאַכען] דערפון מחמת ווערטה איז דאָך כולל געצאָהלטס. מען שמועסט זיך איין, אַז די פּראָדוקטען זיינען בעלאָדען מיט אַזאַ און אַזאַ חשבון פאַר די לייסטונגען פון מענשען וואָס, מען גיט צו, איז גערעכט, און מיט אַזאַ און אַזאַ חשבון פאַר די לייסטונגען פון דער נאַטור, וואָס מען שטויסט אָב אַלס אַן עולה. פאַר וואָס, טענה׳ט מען, זאָל מען זיך הייסען בעצאָהלען פאַר גראַוויטאַציע, עלעקטריציטעט, פאַר׳ן פלאַנץ־לעבען, עלאַסטיציטעט, א. אַ. וו. ?

די תשובה אויף דעם געפינט זיך אין דער טעאָריע פון ווערטה. יענער קלאַס סאָציאַליסטען, וועלכע רופען זיך עגאַליטאַריער** מישט צונויף דעם כשר׳ען ווערטה פון דעם אינסטרומענט, די פרוכט פון מענשליכער אַרבייט, מיט זיין ניצליכען רעזולטאַט, וואָס איז אַלעמאָל אַן אונגעצאָהלטליכער, נאָכדעם ווי מען רעכענט אַראָב יענעם כשר׳ען ווערטה אָדער דעם פּראָצענט וואָס קומט אויף איהם. ווען איך בעצאָהל אַן אַקערער, אַ בעקער, אַן אייזענבאַהן געזעלשאַפט, גיב איך גאַר ניט, לחלוטין גאָרניט פאַר דעם פענאָמען [וואָס הייסט] וואַקסען, פאַר דער גראַוויטאַציע, פאַר דער עלאַסטיציטעט פון דאַמף. איך בעצאָהל פאַר דער מענשליכער אַרבייט, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט אויף צו מאַכען די אינסטרומענטען, דורך וועלכע די דאָזיגע כחות זיינען געצוואונגען צו ווירקען ; אָדער וואָס לוינט

* (אַזוי ווי דאָ איז איבערזעצט פון דעם פראַנצויזישען אָריגינאַל, און ניט פון לאַסאַל׳ס איבערזעצונג, וועלען זיך דאָ געפינען אַ פּאָאָר אָבווייכונגען פון טעקסט. „פאַר דעה שיט ד׳אָו״ איבערזעצט לאַסאַל „דורכ׳ן פאלען פון וואַסער״.) א. אַ. ר.

** (איינער, וואָס גלויבט אין דעם גלייכען שטאַנד פון אַלע מענשען, ווי די קאָמוניסטען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן.) א. אַ. ר.

זיך מיר גיכער צו זאָגען, איך צאָהל די פּראָצענטען אויף דער דאָזיגער ארבייט".

געגען פּרודאָנ'ען, וועלכער איז נאָך אמאָל א גייסטרייכער מאַן יאָ געווען, אָבער קיין עקאָנאָם קיינמאָל ניט, האָט אָט די לעכערליכע המצאה געקאָנט זיין גוט גענוג. אָבער זעהט איהר, הערר שולצע, ווי אייער מייסטער באסטיא'ס פעכט־שווערד פערפאָהרט אָן א זייט און לאָזט זיינע הארץ קאמערן אויסגעזעצט צום טויטליכען שטאָך?

יאָ, מיר האָבען טאקי געלערנט פון די גרויסע ענגלישע עקאָנאָמען, אז אין פּרייז פון די פּראָדוקטען בעצאָהלט דער געברויכער נאָר פאר דער מענשליכער ארבייט, ניט פאר די כחות פון דער נאטור;* מיר האָבען דאָס געלערנט א סך בעסער ווי באסטיא, וועלכער, ווי מיר האָבען געזעהען, הויבט ניט אָן צו וויסען דערפון.

אָבער צו דערזעלבער צייט האָבען מיר געזעהען, אז אָט די בעצאָהלונג פאר דער מענשליכער ארבייט מוז צוליעב דעם אונטערשיעד צווישען די ארבייטס־לוינען און די ארבייטס־כמות'ען, וואָס בעשטימען דעם פּרייז, כסדר אָנקומען דוקא אין די הענד פון די ניט־ריכטיגע נעהמער. מיר האָבען געזעהן, אז בעצאָהלען, בעצאָהלט מען טאקי נאָר פאר דער מענשליכער ארבייט, אָבער ניט די ארבייטער קריגען דאָס געצאָהלטס, נאָר עס ווערט איינגעזויגען פון דעם שוואָם פון קאפּיטאל, וואָס לאָזט פון דעם שלאָקס־רעגען פון אונזער פּראָדוקציע צוקומען צום פאָלק נאָר אזוי פיעל פייכטקייט, וויפיעל עס איז אבסאָלוט נויטיג צו דער הוילער עקזיסטענץ. אויב דער קאפּיטאליסט האָט פערכאַפּט פאר זיך די „ניצליכקייט פון דאמף, פון גראַוויטאציע און פון עלעקטריציטעט, האָט ער אָבער, וואָס איז לכתחילה פּונקט אזוי שלעכט, פערכאַפּט פאר זיך פאר זיין אלייניגער עקספּלואטאציע, די „ניצליכקייט“ פון דער צוטיילונג פון דער ארבייט און איהר אלץ וואקסענדער פּראָדוקטיווי־

---

* ווי אזוי דאָס ארבייט זיך אויס על פּי אַנאַלאָגיע און פון דעסטוועגען מיט אָבוויכונגען, ביי רענט אויף לאַנד, קאָן דאָ ניט ערקלערט ווערען.

טעט — דאָס דאָזיגע גרויסע געזעץ פון דער סאָציאַלער נאַטור! וואָס אַנבעלאַנגט דעם פּרינציפּ, קאָן מען זאָגען אַז עס איז נאָך כמעט ערגער ווי יענעס. וואָרים ווען אימיצער, למשל, וואָלט אַריינגעקראָגען אין זיין רשות די זון און וואָלט עס אַריינגעבראַכט אין זיין פּריוואַטען אייגענטום, וואָסט ער דאָך אַלץ כאָטש געוואָרען בעל הבית נאָר איבער אַ זאַך, וואָס לויט די רוימישע יוריסטען איז עס „רעים נוליוס", דאָס אייגענטום פון קיינעם ניט, קיינעמס פּראָדוקט ניט. דערמיט אָבער וואָס די קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך געמאַכט פאַר די באַלעבאַטים פון די בענעפיטען פון יענעם געזעץ אין דער סאָציאַלער נאַטור, מאַכען זיי זיך פאַר די דירעקטע באַלעבאַטים פון די אַרבייטס־פּראָדוקטען, וואָס געהערען צו אַנדערע, האָבען זיי אַריינגעבראַכט די מענשליכע אַרבייטס־קראַפט און איהר אַלץ שטייגענדע פּראָדוקטיוויטעט אין זייער פּריוואַטען אייגענטום אַריין.*

צוליעב דער ענטוויקעלטער פונדאַמענטאַלער שפּאַלטונג וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דער אַרבייט און דער פּראָדוקטיוויטעט, וואָס איז אַריבערגעפאַלען אויף דער זייט פון דעם זעלבסטשטענדיג געוואָרענעם אַרבייטס־אינסטרומענט — איז איצט געשאַפען געוואָרען אַ געזעלשאַפטליכער צושטאַנד, וואָס איז אין סאַמע תוך אַן אייגענטומס צושטאַנד, וואו יעדערער רופט אָן זיינס, דאָס וואָס איז ניט קיין פּראָדוקט פון זיין אַרבייט.

לכתחילה קען זיך אויסדוכטען, אַז דער דאָזיגער צושטאַנד גילט נאָר צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, אַז עס איז אמת נאָר בנוגע די קאַפּיטאַליסטען אַנטקעגען די אַרבייטער.

* (אויף דעם, וואָלט מען געקאָנט ענטפערן, אַז די רעאַקציע פון דער אַרבייטס־צוטיילונג אויף דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט איז אויך „רעים נוליוס", קיינעמס אַרבייט ניט, נאָר פּשוט אַן עקאָנאָמישעס געזעץ, וואָס איז פריי פאַר יעדערען זיך צו בענוצען דערמיט, פּונקט ווי מיט די שטראַהלען פון דער זון, מיט גראַוויטאַציע, א. אַ. וו., אונטער געוויסע אומשטענדען, נאָך אַפילו אין אַ העכערען גראַד. און אין דער מצבֿות'ען, קאָן מען דעם קאַפּיטאַל־פּראָפיט פון אַ יוריסטישען שטאַנדפּונקט ניט בייקומען.) — הערה פון עד. בערנשטיין אין דער 1893 אויסגאַבע.

א. א. ר.

דאָס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות, און גאַנץ אונמעגליך. דער פּרינציפּ וועלכער איז דער יסוד פון אַ געזעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־צושטאַנד, מוז דורכדרינגען דורך אַלע זיינע אָבטיילונגען. עס מוז, הייסט עס, טאַקי דורכנעהמען דעם קאַפּיטאַליסטישען און אונטערנעהמערשען שטאַנד גופא.

און איצט דערמאָהנט זיך נאָר, וואָס איך האָב פאַר אייך ענטוויקעלט אין דעם אריינפיהר צו דעם איצטיגען ווערק בנוגע די „געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען“, וואָס אַ דאַנק זיי מוז יעדערער טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם אין וואָס ער האָט גאָר קיין האַנד ניט, אַקוראַט ווי עס האָט זיך איצט אַרויסגעשטעלט, אַז דער אָרגאַנישער שרש פון דעם דאָזיגען כלל איז, אַז יעדערער רופט אָן זיינס דאָס וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון ז"ין ארבייט.

ערשט איצט שטעלען זיך ממילא פאַר אונז אין זייער אמת'ן ליכט, יענע אויספיהרונגען אונזערע (ז. 22 ביז ז. 32 ) איבער דער ווירקונג פון די „געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען“. פון דאַנען ערשט, ווען מען קוקט אין זיי אריין איבער אַ נייעס; בעקומען זיי זייער סאַמע דורכזיכטיגקייט, און ערשט אהער וואָלטען זיי זיך געפּאַסט. נאָר איהר בעגרייפט דאָך, אַז מיין שולד איז דאָס ניט, ווען איהר האָט מיך געצוואונגען נאָכצופאָלגען אייער גאַנג, דערמיט וואָס איהר האָט אָנגעהויבען מיט'ן סוף. אגב, אויב איהר האָט נאָר נאָכגעפאָלגט מיט קאָפּ אונזערע פערשיעדענע בעטראַכטונגען, וועט אייך במילא קלאָר ווערען, דורך וועלכע אָדערן — נעמליך, דורכ'ן טויש־ווערטה און דורכ'ן מאַרק־פּרייז — דער דאָזיגער וואָרצעל פון אונזער געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, וואו יעדערער רופט אָן זיינס דאָס, וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון זיין ארבייט, ברייננט דערצו אַז אויך אין קרייז פון די קאַפּיטאַליסטען גופא, זאָל יעדערער טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם, וואָס ער האָט ניט געטהאָן. איהר וועט ממילא איינזעהן, אַז אַ פּראָדוקציאָנס־צושטאַנד, וואָס איז געוואָרען אַ הוילער אַזאַרט־שפּיעל, שפּיעלט אין פּילקע מיט מענשען ווי אויך מיט קאַפּיטאַלען, און אַז דורכן וויכער פון אָט דעם צופאַל־שפּיעל געהט אַדורך נאָר דער גרויסער געזעצמעסיגער שטראָם: אַז

דאָס גרויס־קאַפּיטאַל האַלט כסדר אין דעקאַפּיטאַליזירען און צו־ציהען צו זיך דאָס קליין־קאַפּיטאַל.

די דאגות פון די אונטערנעהמער, זייער שטענדיגע מאַכטלאָזע מלחמה מיט'ן גרויס־קאַפּיטאַל, די אונאויפהערליכע איבעראַנדער־שונג — און דאָס ריהרט אפילו אָן דעם קלענסטער ראַנטיער,* וועלכער לעבט אין סאַמע צוריגעצויגענקייט פון אַלע געשעפטען — פון די פערהעלטניסע בנוגע זייער אייגענטום דורך די געזעלשאַפט־ליכע פערהעלטניסע, וואָס ליעגען מחוץ דעם גבול פון זייער האַנדלען און קאָנטראָל, דער ה י ז ק, וואָס עס קומט אַרויס ביי די אונטערנעה־מערשע ספּעקולאַציעס אַלס שטראָף פאַר די ר י כ ט י ג ע אויסרעכ־נונגען, דער פ ע ר ד י ע נ ס ט, וואָס קומט אַלס רעזולטאַט פון די פאַלשע אויסרעכנונגען (זעה ז. 28), אָט די שטענדיגע פערשפּאַ־טונג פון אונטערנעהמערשען גייסט — אָט דאָס איז די קאָנסעק־ווענטע נקמה אָן די קאַפּיטאַליסטען גופא, דער פּועל יוצא פון אַ צושטאַנד, וואו עס גילט פאַר'ן ערשטען כלל, אז יעדערער רופט אָן ז י י נ ס דאָס, וואָס איז ניט דער רעזולטאַט פון זיין אַרבייט.

איז עס ניט פאַר אַ גאַנצער כתה לצים אויסצוברעכען אין זייער לצני'שען געלעכטער, ווען דאָס קאַפּיטאַל זוכט דורכ'ן קאַפּי־טאַליסט צו שפּיעלען די ראָלע פון אַן אינדיווידואַליטעט, אין אַזאַ צושטאַנד פון דער וועלט, וואָס איז לכתחילה געבויט אויפ'ן יסוד, וואָס דאָס אייגענטום איז אויסגעטהאָן פון יעדער אינדיווידוא־ליטעט!

איז עס ניט ק אָ מ י ש, הערר שולצע, אז די הערערען באַס־טיא, טהיער, טראָולאָן** א. א. וו., בקיצור, אַלע עקאָנאָמען און יוריסטען וואָס לאָזען זיך אַרויס אין פעלד אַנטקעגען די סאָציאַ־ליסטען, רעכטפאַרטיגען אַלץ דאָס היינטיגע אייגענטום דערמיט, וואָס עס איז „ל'ה פ ר ו א י ד'ה ס אָ ו ן ט ר א ו ו א י", די פ ר ו כ ט פ ו ן א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע א ר ב י י ט, בעת, אדרבא, ווי מיר האָבען אָקאָרשט גרינדליך אויפגעוויזען, אַזוי

---

* (אַ מאַן, וואָס לעבט פון זיינע דיווידענדען אָדער פּראָצענטען.)
א. א. ר.

** (פראַנצויזישער ריכטער און שריפטשטעלער איבער יוריספּרודענץ. געב. 1795). איינס פון זיינע ביכער איז איבער אייגענטום. טהיער איז דערמאָהנט אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל.) א. א. ר.

גרינדליך, אַז עס איז ניט מעגלי, דאָס צו לייקענען, איז, וואָס אַנ־
בעלאַנגט אייגענטום, רופט יעדערער זיינס נאָר דאָס, וואָס איז
ניט קיין פּראָדוקט פון זיין ארבייט? איז עס ניט קאָמיש,
אַלזאָ, אַז די־אָ אַלע הערעזן מוזען זיך ווענדען גראָד צום להיפּוך'דיי־
גען געדאַנק, כדי רעכטצופאַרטיגען דאָס דאָזיגע אייגענטום?

דאָס אייגענטום איז געוואָרען פרעמדטום — אַט דאָס איז דער זאַץ, אין וועלכען אונזער קריטישער בעוויייז לאָזט זיך קאָנדענסירען!

יעדער געזעלשאַפטליכער צושטאַנד האָט דעם נויטווענדיגען טריעב צו ענטוויקלען ערשיינונגען, אין וועלכע ער ברייננגט צום אויסדרוק, אויפ'ן קלאָרסטען און אונפערבאָר־גענסטען אופן, דאָס, וואָס זיין אַלגעמיינער באַזיס שטעלט מיט זיך פאָר. די דאָזיגע קלאָרסטע ערשיינונג פון דעם היינטיגען צו־שטאַנד איז אַגיאָטאַזש* און די בערזע, אינוועסטמענטס אין אַקציעס, שטאַאַטס־און קרעדיט־פּאַפּיערען בכלל.

דורך יעדער געשעהעניש אין טערקיי און אין מעקסיקאָ, דורך קריעג און פריעדען, ניט בלויז דורך קריעג און פריעדען, אַך ניין! דורך יעדער „עפענטליכער מיינונג", וואָס פערשפּרייט זיך, דורך יעדער זשורנאַליסטישער פּלוידעריי און יעדער פאַלשער דע־פּעש, דורך יעדער הלואה אין פאַריז אָדער לאָנדאָן, דורך תבואה־גערעטעניש ביים מיסיסיפּי, און דורך די גאָלדמינען אין אויס־טראַליען — בקיצור, דורך יעדער אָביעקטיווער געשעהענים, דורך לויטער ריין־אָביעקטיווע בעוועגונגען פון דער געזעלשאַפט אַלס אַזעלכער, סיי אויפ'ן פּאָליטישען, פינאַנציעלען אָדער האַנדעלס־געביעט א. א. וו., ווערט טאָג־טעגליך אויף דער בערזע בעשטימט און פעסטגעשטעלט דער שלי און שלך פון די אינדיווידואומען.

אָבער דאָס וואָס וואַרפט זיך דאָ קלאָר אין די אויגען איז ניט עפּעס בעזונדערעס, אַזוינס וואָס איז מאָדנע. אדרבא, דאָ זעהען מיר ערשט איין, אויף אַ קלערערען, אָפענערען אופן, אַז אין די ווערטהען פון לאַנד און מסחר, אין דעם

---

* מעקלעריי אויף דער בערזע. א. א. ר.

שטייגען און פאַלען פון די פּרייזען אויף תבואה־פּראָדוקטען און אינדוסטריעלע פּראָדוקטען, א. א. וו., א. אַ. וו., בייט זיך אַלע רגע, ווי מיר האָבען שוין אין אָנהויב געזעהן, יעדער שלי און שלך אין דער געזעלשאַפט, אַ דאַנק כל המינים *געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען* און אַ דאַנק דעם *טוישווערטה*, וואָס ווערט פון זיי בעשטימט. בלויז דורך די דאָזיגע אָביעקטיווע בעוועגונגען אין דער געזעלשאַפט גופא, ווערט יעדעס אינדיווידועלע אייגענטום פון דאָסניי פערטיילט אויף אַ לחלוטין איך־לאָזען, אונפערזענליכען אופן.

ווי אַזוי וואָלט איהר דעפינירט דעם *סאָציאַליזם*, הערר שולצע? בלי ספק דאָך אָט ווי: *די פערטיילונג פון אייגענטום פון דער געזעלשאַפטס וועגען.*

נו, זעהט איהר, *דער דאָזיגער צושטאַנד* עקזיסטירט, ווי איך האָב אייך בעוויעזען, *גראָד הײַנט!*

גראָד היינט, קומט פאָר, אונטערן בלויזען שיין פון אינדיווידועלע פּראָדוקציע אַ פערטיילונג פון אייגענטום פון דער געזעלשאַפטסוועגען, אַ פערטיילונג, וואָס ווערט כסדר און אַלץ פונדאָסניי בעשטימט דורכ'ן צופאַל, דורך *ריין אָביעקטיווע בעוועגונגען אין דער געזעלשאַפט* — גראָד *היינט* הערשט *אַן אַנאַרכישער סאָציאַליזם!* אָט דער *אַנאַרכישער סאָציאַליזם* איז דאָס — *בורזשואַזנע אייגענטום!*

וואָס, אַלזאָ, דער סאָציאַליזם וויל, איז ניט *דאָס איי־גענטום בטל צו מאַכען*, נאָר אדרבא, *ערשט איינצופיהרען אַן אינדיווידועלע אייגענטום*, וואָס איז געבויט אויף דער *אַרבייט*.*

---

* בערנשטיין מאַכט דאָ אויפמערקזאַם (אין דער 1893 אויסגאַבע), אַז מען מוז אָבער פאָרט אַנערקענען און האָבען אין אויג דעם געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע. ווייטער זאָגט ער: „דאָס, וואָס לאַסאַל פערלאָזט אָט דאָ, און שפּעטער ביי דער ענטוויקלונג פון זיינע מיטלען, דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט, וואָס ער האָט אַזוי שאַרף בעטאָנט אַ ביסעלע פריהער, ביי דער קריטיק פון'ם קאַפּיטאַליסטישען אייגענטום, טוילט אָפּ זיין אויפפאַסונג פון דעם סאָציאַליזם פון דער, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פערטרעט היינט־צו־טאָג. צווישען זיין

און אויב מיר זאָלען שוין אפילו ניט שמועסען פון דעם קאַ־פּיטאַל־אייגענטום וואָס איז שוין פאַרהאַן, און וואָס איז רעכטליך געווען אין איינקלאַנג מיט די עקזיסטירענדע בעדינגונגען — ווי ווייניג רעכטליך אָט די בעדינגונגען האָבען שוין געקאָנט זיין — האָבען מיר דאָך אָבער, על כל פּנים, דאָס רעכט, לכל הדעות, דאָס נאָך ניט־געוואָרענע אייגענטום פון דער צוקונפט אויסצואַרבייטען, דורך אַן איבערפאָרמירונג פון דער פּראָדוקציע, אויף אַן ארבייטס־אייגענטום.

עס איז צו האָפען, אונזערע הערן בורזשוי'ען וועלען ניט אוועקשטעלען די פּעדאַלע בעהויפּטונג, אַז די ארבייטער זיינען זייערע גלעבאַי אדסקריפּטי, זייערע לייבאייגענע, און אַז אַפילו נאָכדעם, ווי דער בוזעם־סוד פון דער היינטיגער פּראָדוקציע איז שוין דורכגענומען געוואָרען, מוז דאָס פאָלק נאָך אַלץ אָנגעהען מיט אָט דער ארט פּראָדוקציע, כדי דער ארבייטער זאָל אַלץ מוזען כסדר ווייטער שקלאַפען לטובת דעם קאַפּיטאַל.

אַז אָך און אַז וועה וואָלט שוין געווען צו זיי, ווען זיי זאָלען אוועקשטעלען אַזאַ מין בעהויפּטונג, אָדער ווען זיי זאָלען דאָס פאָלק ברייננגען צו דער איבערצייגונג, אַז זיי מיינען דאָס!

אָבער ווי אַזוי — וועט איהר אפשר פרעגען — זאָל מען אי־בעראַנדערשען דעם צושטאַנד, וואו דער טויטער אינסטרומענט בייט זיך די ראָליע מיט'ן לעבעדיגען ארבייטער און שלעפּט־צו צו זיך דעם לעצטענס ארבייטס־שכר, אַז דאָס איז דאָך, ווי מיר אַליין נאָר האָבען אויסגעפיהרט, דער שטרענגער פּועל־יוצא פון דער ארבייטס־צוטיילונג?

גאַנץ פּשוט! עס האַנדעלט זיך בשום אופן ניט מכח דעם, אַז מען זאָל אָבברעכען מיט דער צוטיילונג פון דער ארבייט, מיט דעם דאָזיגען מקור פון דער גאַנצער קולטור, נאָר מכח דעם, אַז דאָס קאַפּיטאַל זאָל ווידער אַרָאָבגעזעצט ווערן צו זיין אמת'ער ראָלע, אַלס טויטער, דינענדער ארבייטס־אינ־

---

קריטיק און זיינע מיטלען איז פאַרהאַן אַ אינוועניגסטער ווידערשפּרוך, און ראָדבערטוס איז ניט געווען אויסען וועג, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דאָס אייגענטום, וואָס זאָל געשאַפען ווערען פון די פּראָדוקטיווע קאָ־אָפּעראַציעס וואָלט גיכער, אין אַ סאָציאַלען זין, געווירקט נאָך ערגער, ווי דאָס היינ־טיגע קאַפּיטאַליסטישע אייגענטום.״ א. א. ר.

*סטרומענט*. עס האנדעלט זיך, בכן, ניט מכח דעם, ווי אזוי די צוטיילונג פון דער ארבייט זאָל *בטל* ווערן, אלא גיכער גאָר מכח דעם, ווי אזוי *דאָס זאָל ווייטער ענטוויקעלט ווערען*.

צוטיילונג פון דער ארבייט הייסט שוין, אן־און־פאר זיך, *געמיינשאפטליכע* ארבייט, א געזעלשאפטליכע פערבינדונג אויף פראָדוקציאָנס־צוועקען. אָט דאָס־אָ, וואָס איז שוין סיי ווי איהר כאראקטער, דארף בלויז *פערפונדעוועט* ווערען אין איהר. עס איז, אלזאָ, נאָר נויטיג אָבצושאפען אין דער אלגעמיינער פראָדוקציע *די אינדיווידועלע פראָדוקציאָנס־אויסלאָגען*, וואָס פון זיי שטאמט עס, אז דער פראָדוקציאָנס־שכר, ווי מיר האָבען פריהער ענטוויקעלט, זאָל איבערגעהן צום אונטערנעהמער, אז איהם זאָל אָנקומען דער גאנצער איבערפלוס פון פראָדוקציאָנס־איינטראָג, וואָס כאפט אריבער דעם ארבייטערס לעבענס־הוצאָה. דארף מען, הייסט עס, די אזוי שוין אויך *בשותפות'דיגע* ארבייט פון דער געזעלשאפט אָנפיהרען טאקי מיט א *בשותפות'דיגען געזעלשאפטליכען מזומן*, און צו פערטיילען דעם *איינטראָג* פון דער דאָזיגער פראָדוקציע צווישען אלעמען, וואָס האָבען בייגעשטייערט דערצו, *לפי ערך צו יעדען איינעמס לייסטונג*.

דער *איבערגאנגס־מיטעל* דערצו — דער גרינגסטער און מילדסטער איבערגאנגס־מיטעל — דאָס זיינען די *פראָדוקטיווע קאָאָפעראציעס פון די ארבייטער*, פערזיכערט מיט *קרעדיט פון דער רעגיערונג*.

און, דעריבער, *מוזען* די דאָזיגע קאָאָפעראציעס זיין, און, דעריבער, *וועלען זיי זיין*, *אייך* אויף צופוקעניש, הערר שולצע, און ווען די *גאנצע וועלט* זאָל אפילו אונטערגעהען! ווארים אונזער פאָלק *שמאכט פון הונגער* און ווערט *פערטעמפט*! *אזוי שטארק פערטעמפט* איז עס שוין, אז *אייך* האלט עס פאר'ן ראש המדברים, און איהר פערשטעהט דאָך אז — דאָס *טאָר* ניט זיין!

עס איז דער *מילדסטער* איבערגאנגס־מיטעל, זאָג

איך; עס איז נאָך באין אופן ניט, ווי איך האָב שוין בעטאָנט אין מיין „אַרבייטערלעזעבוך“ (ז. 41), „די לייזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע“, וואָס וועט פאָדערן די אַרבייט פון גאַנצע דורות, אָבער עס איז דער אָרגאַנישער בעפרוכטונגס־מיטעל * דער־צו, וואָס טרייבט, אָהן שום אָבהאַלט, צו יעדער ווייטערער ענט־וויקלונג און לאָזט עס ענטשטעהען פון זיך. **

* „זענפקאָרן“.

** גראָד צוליעב דעם וואָס דער דאָזיגער איבערגאַנגס־מיטעל איז אַזוי מילד און אַזוי פּראַקטיש אויספיהרבאַר — און דאָך איז עס אין זיך כולל דאָס אָרגאַנישע קערענדעל פון יעדער ווייטערער ענטוויקלונג — האָט מיין פאָרשלאַג געבראַכט דערצו, אַז די בורזשואַזיע, אין איהר גרימצאָרן, זאָל אַרויסלאָזען, אין אַלע איהרע ציימונגען, אַ ויצעקו אַזש הימעל עפען זיך, און גראָד דערמיט האָט מען מיין אַגיטאַציע ערשט געגעבען די מעגליכקייט זיך אויסצושפּרייטען אין איהרע איצטיגע ברייטע ראַהמען. דאָס וואָלט אַזוי ניט געווען דער פאַל, ווען איך וואָלט געגאַנגען ווייטער און וואָלט אויפגעשטעלט אַבי וואָס פאַר אַן אַבסטראַקטע פאָדערונג; די בורזשואַזיע וואָלט זי יעמאָלט שטום פערשוויגען אַלס אַ קלייזעל־פּאָליטיק וואָס איז אָהן סכנה. — מיט אַ טעאָרעטישען אויפטהו און [דערצו נאָך אויך] מיט אַ פּראַקטישער אַגיטאַציע, ווי איך האָב עס גע־נומען אָנפיהרען דורך מיין „אָנטוואָרטשרייבען“ און די רעדעס וואָס זיינען גלייך נאָכדעם געקומען, איז דער דין, אין אַ געוויסען פּרט, פּונקט פאַרקעהרט. אַ טעאָרעטישער אויפטהו איז אַלץ בעסער, וואָס מעהר בשלמות מען קאָן פון דעם פּרינציפּ, וואָס איז אין דעם ענטוויקעלט, אַבלערנען אַלע קאָנסעקווענצען, אפילו די לעצטע און ווייטעסטע. נאַנץ אַנדערש איז אַ פּראַקטישע אַגיטאַציע, וועלכע איז אַלץ מעכטיגער, וואָס מעהר זי קאָנצענטרירט זיך אויפ'ן ערשטען פּונקט, פון וועלכען אַלץ, וואָס קומט ווייטער, ווערט דערנאָך אָבגעדרונגען. נאָר אַזאַ פּונקט מוז עס גראָד זיין, וואָס איז שוין כולל אין זיך אַלע ווייטערע קאָנסעקווענצען, און פון וועלכען זיי מוזען זיך ענטוויקלען מיט אָרגאַנישער נויטווענדיגקייט. אַ־ניט שטעהט עס, שוין לכתחילה ניט אויף דער טעאָרעטישער הויך, ד. ה. שוין פון אָנהויב אָן, איז דאָס אַ טויטע תרופה, אַ באַבסקע רפואה, וואָס, שוין ניט רעדענדיג, וואָס עס קאָן ניט ברייגען קיין רעזולטאַטען, נאָר אַפילו זיך אַליין צו פערווירקליכען קאָן עס ניט אויספיהרען; אַט אַ שטייגער ווי אַלע פאָדערונגען פון דער פּראָגרעסיסטישער פּאַרטיי, וועלכע

גיט אַן אין יחוס אַט דאָס, וואָס זי שטעהט ניט אויף דער מדרגה פון טעאָריע; און דאָס האַלט זי פאַר „פּראַקטיש“. —

אין דייטשלאַנד פערשטעהט מען די בעדינגונגען פון פּראַקטישער אַגיטאַציע נאָך זעהר שלעכט. דערפאַר פּאַסט זיך עס, וואָס אונטער דעם מבול פון פּראָגרעסיסטישע קריטיקען, האָבען זיך אויך ווען־ניט־ווען בעוויזען גוטמוטיגע קריטיקער, וועלכע האָבען מיר פאָרגעהאַלטען, וואָס, אַנשטאָט צו וועלען אַז דער „פּראָדוקציאָנס־איינטראַג זאָל פערגרעסערט ווערן“, וויל איך גאָר אַז די „פערטיילונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראַג זאָל איבערגעאַנדערש ווערן, און האָב דעם דאָזיגען ציעל אַרויפגעשטעלט אויפ׳ן באַנער פון דער בעוועגונג! אָהן שום ספק זיינען אַזעלכע טענות דער רעזולטאַט פון דער היפּערקריטיק, וואָס הערשט ביי אונז, וואָס אַ דאַנק דעם, איז גענוג פאַר יעדערען צו הערען איטעצענס ווערטער, אַז ער זאָל שוין פיהלען גלייך ווי ער איז מסוגל צו וויסען בעסער ווי אַנאַנדערער, און עס מאַכט איהם ניט אויס וואָס ער האָט זיך ניט גענומען די טרחה איבערצודענקען יענעמס ווערטער ביז זייער שטרענגסטען פּועל־יוצא. גאַנץ געוויס איז די „פערגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע אַ סיגנע קוואַנאָן פון יעדער פערבעסערונג פון אונזער סאָציאַלען צושטאַנד; אָבער דאָס איז אויך אַ גאַנץ זיכערער רעזולטאַט פון די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, וואָס איך פאָדער. עס איז פּונקט דער פּראַקטישער מיטעל וואָס וועט די דאָזיגע ווירקונג אַרויסברייגען אויפ׳ן העכסטען גראַד. אַט דער רעזולטאַט האָט, פערשטעהט זיך, ניט געקאָנט ענטוויקעלט ווערען אין דעם „אַנטוואָרטשרייבען“ (2¼ בויגען), וואָרים קאָמפּאַקטע קורצקייט איז די ערשטע בעדינגונג פון אַגיטאַציאָנס־שריפטען.

אין „אַרבייטערזאַמעלבוך“ (ז. 51), האָב איך שוין בולט אָנגעוויעזען אויף דעם. אָבער אַהער ערשט, ד. ה. אין דער טעאָרעטישער לייסטונג וואָס בעהעפט זיך צו דער פּראַקטישער אַגיטאַציע, פּאַסט זיך די בעגרינדונג פון דער פּראָדוקציאָנס־פערגרעסערונג, וואָס מוז אַרויסקומען פון דער קאָאָפּעראַציע; און אויבען אין טעקסט, וועט עס בקיצור פונאַנדערגעלעגט ווערען אין דעם ווייטערדיגען. דערמיט בלייבען שוין אויסען, ממילא, אַזעלכע אורזאַכען, וואָס ליעגען פון אויבען אויף און זיינען אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, ווי למשל, מעהר פלייסיגקייט, דאָס שאָנעווען פון מאַטעריאַל מצד די אַרבייטער, מחמת זייער אינטערעס א. אַ. וו., א. אַ. וו. אויפ׳ן באַנער פון דער בעוועגונג פּאַסט זיך אָבער נאָר די געענדערטע פערטיילונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־בעטרעף, ניט די פערגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע, ערשטענס, מחמת די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע שטעלט מיט זיך פאַר טאַקי די, פּיזישע, פּראַקטיש־ממשות׳דיגע תקנה, פון וועלכער די פערגרע־

וואָס קאָנט איהר אַ שטייגער טענה'ן אַנטקעגען דעם ראַזיגען מיטעל?

איהר אַליין האָט זיך שוין אונטער דעם דרוק פון מיין אַגי־טאַציע, ניט נאָר ערקלערט פאַר די פּראָדוקטיווע קאָאָפּע־ראַציעס,* נאָר איהר האָט אפילו, ווי איהר האָט איבערגעגע־בען ביי דער אסיפה פון דעם היעגען ארבייטער־פעראיין פון 21טען יוני 1863 (זעה פאָלקס־צייטונג פון 23טען יוני, 1863), צונויפ־גענומען הונדער טויזענד טאַלער ביי געלד־מענשען, אויף צום בעשאַפען אַזעלכע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס. אמת, מיר האָ־בען טאַקי פון יעמאָלט אָן ניט געהערט, וואָס פון דעם איז געוואָ־רען, און וואָס פאַר אַ פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס עס זיינען דער־מיט געגרינדעט געוואָרען. אָבער שוין אָבגערעדט דערפון, צי זעהט איהר דען ניט איין, אַז מיט אָט דער האַנדלונג גופא האָט איהר אויפגעגעבען אייער אייגענעם פּרינציפּ, די „זעלבסט־הילף“, מודה געווען, אַז דאָס איז פאַלש און אונמעגליך, און מיר אַלץ צוגעגעבען, וואָס איך קאָן נאָר פערלאַנגען?

איהר האָט אַלזאָ איצט אַנערקענט, אַז ניט דורך „זעלבסט־הילף“ קאָן דער ארבייטער־קלאַס פערבעסערן זיין

* „אַ ניט־ריכטיגע בעהויפּטונג, אַנטקעגען וועלכער שולצע־דעליטש האָט זיך געקאָנט בעציהען אויף זיין שריפט איבער דעם אַסאָסיאַציאָנס־ווען, וואָס איז ערשיענען אין 1858“. עד. בערנשטיין אין דער 1893 אויסג.

ווייטערעס איבער דעם טעות פון לאַסאַל, זעה איבערז. איינלייטונג. א. א. ר.

סערונג פון דער פּראָדוקציע איז נאָר דער רעזולטאַט, און ניט אומגעקעהרט. צווייטענס, מחמת צוליעב דעמזעלבען טעם איז די געענדערטע פערטיילונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־בעטרעף אַ קאָנקרעטער, ממשות'דיגער אַגיטאַ־ציאָנס־רוף, וואָס איז מסוגל אַ נעהם צו טהאָן און צו שטעלען אין בעוועגונג די פאָלקס־מאַסען. די פערגרעסערונג פון דער פּראָ־דוקציע איז, פאַרקעהרט, לגבי יענער געענדערטער פערטיילונג, אַן אַקאַדע־מישער געדאַנק, און פון אַזעלכען וואָס טראָגט זיך שוין אַרום מיט אַזאַ געדאַנק, וואָלט מען געמעגט ערשט פערלאַנגען אַזוי פיעל דענק־פעהיגקייט, אַז ער זאָל ממילא איינזעהן, אַז דאָס מוז זיין אַ פּועל יוצא פון די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס.

לאַגע, הגם אין אייער „קאַטעכיזמוס“ האָט איהר אַלץ געהאַל־טען אין איין איבער׳חזר׳ען אַ דאָס איז די אַבסאָלוטע בעדינגונג.* קוים גיט איהר איצט צו, אַז מיט דער „זעלבסט־הילף“ איז אויס, אַז דער אַרבייטער־קלאַס מוז זוכען די קאַפּיטאַל־הילף אָדער קרעדיט מחוץ זיין אייגענעם קרייז, טאָ וועט ער דאָך אונטער אַלע אומשטענדען, גיכער זיך דאָס זוכען ביי דער געזעצ־געבונג, וואו ער בלייבט אַ פרייער מאַן, איידער ביי די לייטע פון דער מאַנטשעסטער** שולע, וואו ער ווערט דעם גנעדיגען האַררס געהאָרכזאַמער דיענער, אַ מאַן מיט דער נשמה פון אַ סרים.

און צי זעהט איהר ניט ווייטער, אַז מיט אַזאַ לעכערליכער סומע, ווי איהר קאָנט צונויפנעהמען ביי די ליבעראַלע קאָמערץ־ראַטהען, כדי בעסער אָבצונאַרען די אַרבייטער, וואָלטען אפשר אַ קליין הייפעלע אַרבייטער טאַקי געקאָנט געהאָלפען ווערען און אַריינגעבראַכט ווערען אין קליינבירגערליכע אומשטענדען, דאָס

---

* זעהט צ. ב. קאַטעכיזמוס ז. 81: „שטיצענדיג זיך אויפ׳ן געפיהל פון אייגענעם כח, וועלען זיי קיינמאָל ניט, צוליעב׳ן פּרייז פון אַ נדבה, אין וועלכער זיי נויטיגען זיך ניט, זיך לאָזען אַרונטערוואַרפען אַזוי, אַז זיי זאָלען ווערען אָבהענגיג, וואָס דאָס איז דער גורל פון יעדען איינעם, וועלכער איז זיך סומך אין דער וויכטיגסטער פראַגע פון עקזיסטענץ, אויפ׳ן גוטען ווילען פון אַנדערע, אויף פ״״ט־דע חסדים“. אָדער ז. 123: ווער עס פערלאַנגט שטי־צ פון אַנאַנדערן, מעג אפילו [דער אַנדערער] זיין דער שטאַאַט, דער אַנערקענט יענעמס אויבערמאַכט, יענעמס השגחה איבער זיך, און לאָזט פאַלען זיין אייגענע זעלבסטשטענדיגקייט. דאָס וואָלט גע־הייסען, זיך אַליין מאַכען צו גאָרנישט א. אַ. וו., א. אַ. וו. עס וואָלט געהייסען: זיך אָבקעהרען פון דעם גייסט פון די אורעלטערן און פער־ראַטען די שפּעטערע דורות, א. אַ. וו.“

דאָ זייט איהר אַפילו מודה מיט די ווערטער „...... פון אַנאַנדערן, מעג אַפילו דער אַנדערער זיין דער שטאַאַט“, אַז די שטיצע פון אַנאַנדערן אַ חוץ דעם שטאַאַט איז נאָך ערגער, און אַזוי בעקעמפט איהר צ. ב. ש. אויף ז. 78 די אונטערשטיצונגען וואָס קומען „פון די רייכערע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט“; פגל. ז. 128 און כמעט יעדע זייט פון אייער בוך. נו, בעגעהט איהר איצט אַליין אין מיטען דערינען דעם „פערראַט“, וואָס איהר נעהמט צונויף פון די דאָזיגע קלאַסען הונדערט טויזענד טאַלער!

** וועגען דער מאַנטשעסטער שולע, זעה איבערזעצער׳ס אויגליי־טונג. א. א. ר.

הייסט, זיי וואָלטען געקאָנט מגולגל ווערען אין בורזשוא'ען; דער ארבייטער קלאַס אָבער, אלס כלל, וואָלט דערמיט ניט געהאָלפען געוואָרען; די קיום פון קאפּיטאל — ווי מיר האָבען זי אויבען אנאליזירט — וואָלט אזא סומע קיינמאל ניט אויפגעריסען.

אָבער שוין אפילו דאָס דאָזיגע הייפעלע וואָלט אויך ניט געקאָנט געהאָלפען ווערען, וואָרים בעגרייפט נאָר אָט וואָס! אין יעדער צושטאנד פון דער געזעלשאַפט קירעוועט זיך אַלץ אין דער ריכטונג פון דער הויפּט טענדענץ, און איהר געזעץ איז שולט אויף אַלץ.

„איך קואד פלערומקוע פּימ" — איהר געדענקט עס דאָך מסתמא? — „אָט דאָס, וואָס געשעהט מעהרסטענס", בעשטימט יעדען בעזונדערען פאל. דערפון נעהמט זיך עס וואָס די עקאָנאָמישע פראגען קאָנען געלייזט ווערען אַלץ נאָר אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, קיינמאל ניט אויף אַ קליינעם מאסשטאב. פאר דער „פרייער קאָנקורענץ" וואָלט קיין זאך ניט געוועזען אזוי גרינג ווי צו דערשטיקען אַ הייפעלע פעראייניגטע אר־בייטער. פונקט ווי די גרויסע מחנות אויפ'ן שלאַכטפעלד, אזוי זיינען עס תמיד די גרויסע ארבייטס־מאַסען, די גרויסע קאַ־פּיטאלען וואָס ענטשיידען דעם זיעג אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד. און טאַקי דערפאר ווידער וואָלט באמת געוועזען די גרינגסטע זאך איבערצואנדערשען די „פרייע קאָנקורענץ", וואָס האלט איצט אין דערשטיקען דעם ארבייטער, אויף אַן אינסטרומענט פאַר זיין בעפרייאונג. אָבער צו דעם צוועק, וואָלט אַלזאָ טאַקי נויטיג געוועזען, קודם צו ברייגגען די גרויסע מחנות אויף דער זייט פון די ארבייטער, אויף דער זייט פון די קאָאָפּע־ראציעס; און דאָס צו טהאָן, איז נאָר ביכולת דער שטאַאט וואָס, ריכטיג ווי אויפ'ן שלאַכטפעלד, אזוי אויך אויפ'ן עקאָנאָמי־שען פעלד, איז דאָס דער איינציגער כח נאָך, וועלכער קאָן דורכ'ן שטאַאטס־קרעדיט, שטעלען אין בעוועגונג די גרויסע מחנות ארבייטער, און דערמיט בעשטימען דעם זיעג.

דערמיט ווערט שוין, ממילא אָבגעשלאָגען יענע טענה אייערע, אויף וועלכער, ווי עס זעהט אויס, איהר לעגט דאָס הויפּט גע־וויכט. ווי אזוי זאָל דער שטאַאט איבערנעהמען אזא ריזיקע, רופט איהר אויס!

די ריזיקע איז אַן א י ל ו ז י ע, הערר שולצע!

טאַקי אמת, דער אונטערנעהמער ראובן און דער אונטער־נעהמער שמעון זיינען עלול צו דער געפאַהר, אַז זיי זאָלען ביי דער פּראָדוקציע אָנווערען זייער קאַפּיטאַל; ווארים עס איז מעג־ליך, אַז די אונטערנעהמער חיים, זרח און ברוך, זאָלען דעם אָב־זאַץ פון יענע פערכאַפּען פאַר זיך.

אויב, אָבער, דער א י י נ צ ע ל נ ע ר פּ ר אָ ד ו צ י ר ע ר איז אויסגעזעצט צו דער דאָזיגער געפאַהר, איז נאָך בשום אופן ניט געדרונגען פון דעם אַז די פּראָדוקציע [בכלל] איז עלול צו אַזאַ געפאַהר. האַנד אין האַנד מיט דער פּראָדוקציע מוז געהען אַ שטענ־דיגער פערדיענסט, אַן אַלץ ווייטערער צו־וואוקס. זעהט נאָר נאָך אין ערשטען בעסטען סטאַטיסטישען בוך, ווי אַזוי דאָס קאַפּיטאַל פון פאָלק, וואָס איז אריינגעלעגט אין פּראָדוקציע, האַלט כסדר אין איין וואַקסען פון יאָהר צו יאָהר.

עס וועט אייך באַלד קלאָר ווערען, אַז אויב דער שטאַאַט וואָלט זיך ענטשלאָסען אויף אַזאַ ב ע פ ר י י א ו נ ג פון דער ארבייט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, וואָלטען אין יעדער שטאָדט די ארבייטער זיך געמעלדעט אויף פעראייניגונגס־צוועקען, און ניט קיין איינציג־ווייזע, נאָר טאַקי אַלע ארבייטער פון אַ געוויסען פאַך, ד ע ר ג א נ צ ע ר פ א ך ג ו פ א היינסט עס, אָדער, ווענינגסטענס, די אַלע אר־בייטער פון דעם דאָזיגען פאַך, וואָס ווילען זיך בכלל פעראייניגען אין אַזעלכע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס.

טאָמער זייט איהר אויף אַ האָאר מסופק מכח דעם, טאָ מאַך איך אייך אויפמערקזאַם אויף דעם פאַקט, וואָס, אין פּאַריז שוין אין יאָהר 1848, האָט די רעגיערונג נ א ך דער יוני־רעוואָלוציאָן, כדי הפנים ארויסצווייזען איהר יושר אנטקעגען די ארבייטער וואָס זיי־נען נצחונ'דיג צושאָסען געוואָרען, בעווילינט, דורך אַ דעקרעט פון 5טן יולי 1848, די ל ע כ ע ר ל י כ ע רעגיערונגס־סובווענציע פון 3 מילאָן פראַנק פאַר ארבייטער קאָאָפּעראַציעס — און ביי דער־אַ גע־לעגענהייט איז די דאָזיגע ערשיינונג, וואָס איז ארומגערעדט געוואָ־רען אין פריהערדיגען פּאַראַגראַף, ארויסגעקומען בולט אַלס דער נאַ־טירליכער אימפּולס פון די מאַסען.

אַזוי, למשל, האָבען זיך אין פּאַריז געמעלדעט 30 טויזענד שוסטער אויף צוזאַמענצושטעלען איין איינציגע שוסטער־אַסאָציאַ־

ציע. פערשטעהט זיך, אז דער קאָונסאַי ד'אַהנקוראַזשמאַהן, יעד־נער „ערמוטיגונגס־ראַטה“ וואָס איז געווען בעשטימט אויף צו בעד־ווילינען די דאָזיגע סובווענציעס, און וואָס איז געוון ניט קיין „ער־מוטיגונגס־ראַטה“ נאָר אַן אמת'ער „ענטמוטיגונגס־ראַטה“ האָט זייער בקשה פערוואָרפען.*

די נעפלאָנעוועטע „אַסאָסיאַסיאָן פראַטערנעל דעה טאַיער“ „דער ברידערליכער בונד פון שניידער“ האָט אויך אַרומגענומען אַלע שניידער פון פּאַריז, וואָס הייסט טאָקי אַ קימאַ לן פון העכער 20 טויזענד, און טאָקי דעם 28טען מערץ 1848 האָבען זיי געהאַט אָבגע־מאַכט אַ קאָנטראַקט מיט דער שטאָדט פּאַריז אויף צוצושטעלען 100,000 אוניפאָרמען, און אין די קאַמערן פון דער קלישי געפענקע־

* ווערליג ווי בערנשטיין גיט איבער די פּאַקטען, איז גאָר ניט אַזוי געווען די מעשה. ערשטענס האָט א י י ן קאָאָפּעראַציע אָדער בונד ג ע־ ז אָ ל ט אַרומנעהמען לויט'ן פּראָיעקט, 30 טויזענד שוסטער. וויבאַלד עס איז נאָר בעקאַנט געוואָרען, אַז די רעגיערונג איז גרייט צו שטיצען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, זאָגט ווייטער בערנשטיין, זיך שטיצענדיג אויף אַנדרעה קאָשי'ס ווערק, פון וואַנען לעמערסיעה זאָל האָבען גענומען אַלע זיינע אויסקינפטע, האָבען די שוסטער פון פּאַריז, אמת, טאַקי, אָבגעהאַל־טען גרויסע פערזאַמלונגען, וואו זיי האָבען אַרויסגעוויזען, אַז זיי זייד נען מסכים אויף דעם גאַנצען פּראָיעקט אָבער ערשטענס, איז אַ טעות צו זאָגען אַז אַ ל ע שוסטער האָבען זיך בעטייליגט אין די פערזאַמלונגען. בלויז אַ דריטעל אין בעסטען פאַל, און אפשר ניט מעהר ווי אַ פיערטעל פון די פּאַריזער שוסטער־יונגען האָבען געפאַסט רעזאָלוציעס; און פון אַרויסווייזען סימפּאַטיע פאַר אַ געוויסען געדאַנק ביז צוטרעטען צו דער אַרבייט אויף דער אמת'ען, איז נאָך אַ ווייטער מהלך.

די קאָמיטע, וואָס האָט געהאַט צו זאָגען איבער דעם פאָנד, האָט, לויט בערנשטיין, ניט פערדיענט געטאַדעלט צו ווערען, ווען מען בעד־טראַכט נאָר, ערשטענס, די בעשרענקטע מיטלען, וואָס זי האָט געהאַט אין די הענד — 3 מיליאָן פראַנק האָט זי געדאַרפט פערטיילען אויף אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע און אַגריקולטור אין גאַנץ פראַנקרייך — און צווייטענס, איז ביי די אַרבייטער אַליין ניט געווען אויסגעאַרבייט קיין בעשטימטער פּלאַן, נאָר אַלץ איז געווען אַזוי נעפעלדיג און ניט־קלאָר, אַז מען האָט ניט געוואוסט פון וואַנען אָנצוהויבען.

בערנשטיין וויל האָבען, אַז לאַסאַל איז דאָ ניט גערעכט צו די מענשען, וואָס האָבען געהאַט די עובדא צו פערטיילען דאָס געלד, און אַז ער האָט שלעכט בעגריפען די לאַגע בכלל, ווי עס וועט נאָך קלערער ווערען אין דער נעקסטער אָנמערקונג. א. א. ר.

ניש, וואָס איז לעדיג געוואָרען דורך דער אָבשאַפונג פון זיץ־שטראָף פאַר חובות, האָבען זיי זיך גענומען צו דער ארבייט פון אויספיה־רען דעם קאָנטראַקט. אָבער אונטער דער פּריטשעפּקע, אַז די גרויסע פערזאַמלונג פון ארבייטער אויף איין אָרט איז געפעהרליך פאַר דער עפענטליכער רוה, זיינען זיי עטליכע וואָכען נאָך דער יוני־שלאַכט פערטריעבען געוואָרען פון די קאַמערן פון קלישי, און די שטאָדט, האָט, אויפ׳ן שענדליכסטען אופן, געבראָכען דעם קאָנ־טראַקט* בעצאָהלענדיג 30 טויזענד פראַנק קנס. פון אַ סובווענציע האָט ערשט איצטער ניט געקאָנט זיין קיין רעדע.**

אויף דעמזעלבען שטייגער, האָט די גאַנצע אָרגאַניזאַ־ציע פון פערבלאַנציעה־לאַהמפּיסט", די בלעכער און די כלים־פּאָ־לירער, געהאַט בדעה, שוין זינט דעם 12טען מערץ 1848, צו גרינ־

---

* דאָ מערקט אָן בערנשטיין (אין דער 1893 אויסגאַבע) אַז דער קאָנטראַקט מיט די אַרבייטער איז געבראָכען געוואָרען, מחמת די לעצ־טע זיינען ניט נאָכגעקומען דעם תנאַי בנוגע צושטעלען די אוניפאָרמען אין צייט, און אויך צוליעב דער גרויסער אויסבריינגעריי פון מאַטעריאַל. וועניגסטענס דאָס זיינען געווען די מאָטיווען, וואָס די שטאָדט־אַדמיניס־טראַציע האָט אָנגעגעבען, הגם די אַרבייטער האָט זיך עס איינגעגעבען צו בעווייזען, אַז זיי זיינען געווען קנאַפּוואָס שולדיג דאַרין, און אַז די צרה האָט זיך אָנגעהויבען דערמיט, וואָס מען האָט לכתחילה געהאַט צו טהון מיט ניט קיין געניטע צושניידער. קיין 20,000 שניידער זיינען אויך ניט געווען; וואָרים וואָלטען זיי געווען אַזוי פיעל, וואָלטען זיי זיך געווען אָבגעפאַרטיגט מיט די 100 טויזענד קאָסטיומען אין דער בעשטימטער צייט.

בכלל, האַלט בערנשטיין, איז יענער פּראָיעקט געווען גאָר אַנאַנ־דערער, ווי לאַסאַל׳ס. דאָרטען איז גאָר די כונה געווען צו לינדערן דעם ביטערען צושטאַנד, וואָס האָט דאַנסטמאָל געהערשט אין לאַנד. דער אַרבייטער־בונד איז ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציע מיט אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט. דערפאַר קאָן מען פון יענעם פאַל גאָר ניט אָבלערנען — ניט פאַר און ניט געגען לאַסאַל׳ס איצטיגען פּלאַן. א. א. ר.

** זעה, לעמערסיעה א. אנד. אָרט, ז. 136 — 145. איך וויל דאָ בפירוש בעמערקען, אַז דער גראַף לעמערסיעה, אויף וועלכען איך בעציה זיך פאַר די אויבענדיגע און די ווייטערע עטליכע פאַקטען, איז אַ רע־אַקציאָנער און איז דורכאויס אַ געגנער פון די אַרבייטער־קאָאָפּעראַציעס.

דען א קאָאָפּעראַציע. אָבער אויך די בלעכער האָט מען פערהאַלטען די רעגיערונגס־שטיצע.*

איהר זעהט, אלזאָ, אז ביים ארבייטער קלאס איז שוין ממילא פאַרהאַן דער לעבעדיגער טריעב תמיד צו קאָנצענטרירען א גאַנ־צען פּראָדוקציאָנס־צווייג פון א שטאָדט אין איין צונד. חוץ דעם, וואָלט נאָך די רעגיערונג צוגעהאָלפען דעם דאָ־זיגען טריעב, דערמיט וואס זי וואָלט אין יעדער שטאָדט בעוויליגט דעם שטאאטס־קרעדיט נאָר צו איין בונד פון יעדען בעזונדע־רען פאַך, בעת דער אריינגטריט אין אזא בונד וואָלט נאטירליך גע־האַלטען געוואָרען אָפען פאר אלע ארבייטער פון דעם דאָזיגען פאַך.

פערשטעהט זיך, אז דער רעגיערונג וואָלט ניט איינגעפאַלען איינצופיהרען, אין דעם תחום פון דער ארבייטער־וועלט, דיזעלבע ערשיינונגען וואס כאראקטעריזירען די בורזשואזיע, און צו פערוואַנדלען די ארבייטער, גרופּירט ווי זיי זיינען אין קליינע געזעלשאפטען, אויך אין קאָנקורירענדע בורזשו׳ען. דאָס וואָלט אודאי געווען כדאי! בקיצור, ווי עס איז שוין געהעריג אָנגעוויעזען געוואָרען אין מיין „אנטוואָרטשריי־בען“, דורך דעם קרעדיט־און סעקוריר־פערבאנד פון די קאָאָפּערא־ציעס, איז אָט ווי די לאגע: די פּראָדוקטיווע קאָאָפּערא־ציעס — דאָס איז די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראציע וואס צופאַלט, אין יעדען אָרט, אויף די פערשיעדענע פּראָדוקציאָנס־צווייגען! עס וואָלט אלזאָ גאָר גיך זיך קאָנצענטרירט אין יעדען אָרט אלעמאָל א גאַנצער פּראָדוקציאָנס־צווייג אין איין איינציגער קאָאָפּעראציע; און יעדע קאָנקורענץ צווישען קאָאָפּעראציעס פון איין שטאָדט וואָלט שוין לכתחילה גע־ווען אויסגעשלאָסען. ווי איהר זעהט, איז דורך דעם־אָ, פאר דער קאָאָפּעראציע, בעזייטיגט די ריזיקע צו וועלכער דער איינצעלנער אונטערנעהמער איז אויסגעזעצט מיט זיין קאַ־פּיטאל; און די קאָאָפּעראציע וואָלט אין גיכען איבערגענומען צו זיך אין רשות די זיכערע אַלץ בעסער אויס־וואקסענדע פּרוכט, וואס שטעקט אין דער „פּראָדוק־ציע“.

---

* לעמערסיעה, דאָרטען, ז. 146־149.

ווידער, האָב איך שוין, ווי עס איז פריהער בעמערקט גע־וואָרען, אויפמערקזאַם געמאַכט אין מיין „אנטוואָרט שרייבען" (ז. 28) אויף דעם, אַז חוץ אַ קרעדיט־פּערבאַנד, וואָס וואָלט איינגעשלאָסען אַלע ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס צוזאַמענגענומען, וואָלט נאָך געקענט געגרינדעט ווערען אַ סעקוריר־פּער־באַנד, וואו עס זאָלען אריינגעהן אַלע ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס בכלל, אָדער לכתחילה, און דאָס וואָלט אפשר געווען פּראַקטישער, בלויז אַלע ארבייטער־קאָפּעראַציעס אין לאַנד וואָס בעלאַנגען צו דעמזעלבען פאַך. און טאָמער מאַכט זיך אַ היזק, וואָלט מען זיך שוין געקאָנט אזוי אויסגלייכען, אַז עס זאָל זיך ניט אָנ־זעהען. אויך זעהט איהר דאָ אגב, אַז דערמיט וואָס אַלע קאָאָפּעראַ־ציעס פון איין און דעמזעלבען פאַך איבערן לאַנד וואָלטען זיך איי־נע די אַנדערע איבערגעגעבען און געגנזייטיג זיך אויפגעקלערט, בנוגע דעם ווי עס האַלט מיט זייערע חשבונות אין געשעפטס־ביכער, וואָלט מען געקראָגען אַ גרינגען מיטעל, ווי אַזוי אַזעלכע פּראָ־דוקציאָנס־צווייגען, וואָס קאָנען, צוליעב געוויסע סיבות, ניט בליהען אין אַ בעשטימטער שטאָדט, זאָלען איבערגע־טראָגען ווערען אין אַזעלכע ערטער, וואָס זיינען מעהר צוגעפּאַסט פאַר דעם.

די ריזיקע פון קאַפּיטאַל עקזיסטירט, אַלזאָ, פאַר די אר־בייטער־קאָפּעראַציעס ניט, מחמת עקזיסטירען עקזיסטירט עס נאָר בכלל פאַר יעדען פון די קעמפּפענדע קאָנקורירענדע פּראָדוצירער טאַקע נאָר אַ דאַנק דעם דאַזיגען קאַמפּף גופא, אָבער ניט פאַר דער פּראָדוקציע, [אַלס גאַנצע,] וואָס די קאָאָפּעראַציע ברייננגט ארויס.

איהר זעהט דאָ ווידער אויך ניש'קשה'דיג קלאָר, ווי אייער גאַנצע געוועהר, מיט וועלכען איהר און די ליבעראַלע שולע האָט דאָס געוואָלט בעשיצען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָפיט, צר־פאַלט שטיקערווייז.

די „ריזיקע" זאָל דאָס זיין די בערעכטיגונג און דער הויפּט גרונד פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָפיט! נו, לאָמיר שוין אפילו זאָגען, אַז אַזוי איז דאָס טאַקי, זעהט איהר אָבער איצט, אַז דאָס־אַ גילט דאָך טאַקי העכסטענס נאָר ביי דער איצטיגער וועלט; אַז עס איז אָבער פאַרהאַן אַ מיטעל, ווי אַזוי איבער־צופאָרמירען די פּראָדוקציע, אַז מיט דער גאַנצער ריזיקע, און דערמיט אויך

מיט דעם גאנצען יושר פון דעם קאפיטאליסטישען פראפיט, זאל ווערען אויס. מיט אנדערע ווערטער: די ריזיקע איז נאר א ריין נעגאטיווע ערשיינונג. זי איז נאר, ווי איך האב אויבען אויסגעפיהרט (ז. 208.), די נקמה פאר דעם איבעל, די קאנסעקווענטע נקמה פאר דעם, וואס אויפ'ן ארט פון דער ארבייט, איז גאר דאס קאפיטאל געווארען דער פערדיענער. וויבאלד מען בעזייטיגט נאר דעם איבעל, אזוי פאלט שוין ממילא אוועק די נעגאטיווע נקמה פאר דעם דאזיגען, הגם נאך דער זשעניאלער וועלט־אנשויאונג פון אייך און די ליבעראלע עקאנאמען, ווערט גאר די נעגאטיווע נקמה מגולגל אין א פאזיטיווע בערעכטיגונג פון דעם איבעל!

שטיקערווייז, זאג איך, צופאלט אייער גאנצע געוועהר, און אויף אזא קלאגעדיגען אופן, אז פאר'ן ערגסטען אידיאט מוז דאס שוין איצט קלאר זיין. ווארים פונקט אזוי אויף צרות איז די „פערגיטיגונג פאר דער גייסטיגער ארבייט“ פון די געשעפטס־פיהרער, וואס, נאך אייך נאך, זאל דאס אט די פערגיטיגונג פארשטעלען מיט זיך דעם אונטערנעהמערשען פערדיענסט.

אויב די הערען בורזשו'ען געהט טאקי, באמת, ניט מעהר ווי אין זייער „גייסטיגען ארבייטס־לוין“, וואס איז, אבער אין דער אמת'ען, נאר א זעהר קליינטשיגס טיילכעלע פון דער היינטיגער אונטערנעהמערשער הכנסה — נו, טא זעהט איהר דען ניט, הערר שולצע, אז דאס־א וואלטען זיי דאן געהאט אין יענע גרויסע ארבייטער־קאאפעראציעס פונקט אזוי גוט און אין נאך א גרעסערער שפע; און בכן האבען זיי גאר קיין גרונד ניט צו ווערען אויפגעבראכט אנטקעגען דער דאזיגער איינפיהרונג? ווארים געשעפטספיהרער, פאבריק־דירעקטארען און מענעדזשערס, בוכהאלטערס, קאסירער, מיט איין ווארט: אלערליי גייסטיגע ארבייט וואלטען דאך די דאזיגע גרויסע קאאפעראציעס אויך נעדארפט האבען, און די הערען בורזשו'ען וואלטען זיך, הייסט עס, געקאנט גאנץ ניצליך מאכען און זיך פערדיענען זייער „גייסטיגען ארבייטס־לוין“, פונקט אזוי גוט דא ווי אין זייערע געשעפטען. שעהנערס נאך, דער דאזיגער גייסטיגער ארבייטס־לוין וואלט יעמאלט נאך געוועזן א סך גרעסער, ווי די שכירות וואס ווערט היינט געצאהלט פאר גייסטיגע ארבייט, אדער וויפיעל דער דאזיגער גייסטיגער ארבייטס־לוין בעטרעפט

ווירקליך אין דער היינטיגער אונטערנעהמערשער הכנסה. וואָרים, איך האָב אייך שוין בעוויעזען אין מיין „ארבייטערלעזעבוך" (ז. 53), ווי דאָס העכערען די שכירות פאר אונקוואליפיצירטע, פּראָסטע ארבייט מוז ארויסברייננגען אַ פּראָפּאָרציאָנעלע העכערונג פון געצאָהלט פאר אלע קוואליפיצירטע און גייסטיגע ארבייטען.

זאָל איך איצטער נאָך אַ וואָרט פערליערען איבער אייער טייערען ארגומענט, ווי אזוי אזא מין איינפיהרונג, מצד דער רעגיערונג, וועט שטאַרק פאַלען צו לאַסט דער „שטייער־קאַסע"? די דאָזיגע „שטייער־קאַסע" וועט מען גאָר אויף אזא צוועק ניט דארפען ריהרען אפילו! דאָס גאַנצע קאַפּיטאַל בעשטעהט פון אויסלאָג אויף פּראָדוקציע; און דער דאָזיגער אויסלאַג ווערט צוריק אָבגעמאַכט פון זיך אליין בעת די פּראָדוקטען ווערען פערקויפט. דאָס קאַפּיטאַל, אלזאָ, צופאַלט אויף צוויי חלקים: 1) צירקולירענדעס קאַפּיטאַל; אָט דאָס ווערט אָבגעמאַכט ביי דער פּראָדוקציע אין משך פון אַ יאָהר, און אפשר גאָר אין עטליכע מאָנאַטען נאָך. און אַ רעכט ביסעל פון דעם ווערט אויסגעצאָהלט פון די אונטערנעהמער, וועלכע פון זייער זייט האָבען דאָך קרעדיט ביי זייערע רויהשטאָף־ליוועראַנטען, ערשט נאָכדעם, ווי דאָס קאַפּיטאַל האָט זיך שוין אָבגעמאַכט אויף אזא מין אופן. אָט דעם קרעדיט אָבער וואָלטען די ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס, אבי־נאָר זיי ווערען געזיכערט דורכ'ן קרעדיט פון דער רעגיערונג, געקאָנט האָבען ביי די, וואָס שטעלען זיי־צו די רויה־שטאָפען, פּונקט אזוי גוט ווי די גאָר רייכסטע פּריוואַט אונטערנעהמער. איי, וואָס איז מכח דעם איבריגען געלד וואָס מען דאַרף נאָך האָבען דערצו — נו, דאָס וואָלט שוין נאָך איבערגענוג געדעקט געוואָרען, דורך דער בלויזער אָנווייזונג צו דער קעניגליכער באַנק, אז דאָרטען זאָל מען דיסקאָנטירען די וועקסלען פון די דאָזיגע ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס.

2. שטעהענדיגעס קאַפּיטאַל. אויך דאָס־אָ ווערט געוועהנליך אין משך פון ווניג יאָהרען אַמאָרטיזירט. און דורך אַ שטאַאַטס־באַנק וואָלט מען גרינג געקאָנט אויספיהרען, אז דאָס דאָזיגע קאַפּיטאַל זאָל אויסגעלעזט ווערען, ווי איך האָב אייך שוין בעוויעזען אין מיין „ארבייטערלעזעבוך", ז. 46 א. וו. הייסט עס שוין, אז צו דער שטייער־קאַסע וואָלט מען גאָר

ניט געראַפט אָנקומען, אויף דורכצופיהרען אַט די ווידעראויפלע־בונג פון דער מענשהייט.

איך האָב אייך געוויעזען, ווי די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע וואָלט דער געזעלשאַפט געבראַכט א טובה, וואָס איז גאָר ניט אָב־צושאַצען, דהיינו: וואָס די ר י ז י ק ע מצד דעם קאַפּיטאַל און די א מ ת׳ ע ח ו ר ב ו ת פ ו ן ק אַ פּ י ט אַ ל, וואָס זיינען דערמיט ביז א געוויסען גראַד פערבונדען, וואָלטען אויסגעמיטען געוואָרען. ווילט איהר, פאַר איין וועג, בעטראַכטען נאָך עטליכע קוואַלען, וואָס אַט דער מין פּראָדוקציאָנס־אָנגאַנג וואָלט אויפגעעפענט, און וואָס וואָלטען אונגעהויער בערייכערט די א ל ג ע מ י י נ ע ג ע ז ע ל־ש אַ פ ט?

מיר האָבען געזעהען, ווי די אַלע ארבייטער־קאָאָפּעראַציעס פון לאַנד וואָלטען צוזאַמענגעשטעלט א קרעדיט־פערבאַנד; און, ווע־ניגסטענס, וואָלטען לכתחילה די קאָאָפּעראַציעס פון לאַנד, וואָס געהערען צו א י ן פ אַ ך, צוזאַמענגעשטעלט א ס ע ק ו ר י ר־פער־באַנד.

איהר פערשטעהט שוין ממילא איצט, אז די־אַ אַלע קאָאָ־פּעראַציעס וואָלטען גאָר גיך דערפיהלט דעם נאַטירליכען טריעב צו שאַפען אַן א י י נ ה י י ט ל י כ ע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע צווישען זיך, אפילו ווען עס וואָלט, ווענינסטענס אין אָנהויב, געוועזען נאָר אויף אַזוי ווייט, אז מען זאָל זיך איינע די אנדערע איבערגעבען א י ד י ע ה מכח דעם צושטאַנד און די בעדינגונגען פון דער גאַנצער פּראָדוקציע. (ביי די־אַ ווערטער, הערר שולצע, רייסט איהר און אייער גאַנצע קליינבירגערליכע וועלט, וועלכע איז געוואוינט צו דער סודות־קרעמעריי וואָס געהט אַזוי אָן, צוליעב פער־שטענדליכע טעמים, ביי דער היינטיגער געשעפטס־פיהרונג — רייסט איהר זיך אוים די האָאָר פון קאָפּ פאַר צאָרן און פערצווייפ־לונג!) אַט די נאַטירליכע בעדערפניש פאַר דער ס אָ ל י ד אַ ר י־ז אַ צ י ע פון דער גאַנצער פּראָדוקציע, ביים ארבייטער־קלאַס, האָט זיך אויך ארויסגעצייגט טאַקי באַלד אין יאָהר 1848, אין פּאַריז. ביים סוף פון 1848, האָבען די ארבייטער־אַסאָסיאַציעס פון פּאַריז בעשטיכט הונדערט דעלעגאַטען, וועלכע האָבען אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון א „שאַמבר דזי טראַוואַי", אַן „ארבייטס־קאַמער", מיט׳ן צוועק צו צענטראַליזירען, אין געוויסע גרענעצען, אַלע אַסאָ־

סיאַציעס. אָבער „די מאַכט פון דער רעגיערונג האָט זיך זיי גאָר גיך געשטעלט אין וועג און ניט צוגעלאָזען, אַז זיי זאָלען זיך צוזאַמענ־קומען".*

אָבער די בעדערפניש פאַר סאָלידאַריטעט איז געווען צו לעבע־דיג ביים ארבייטער־קלאַס, אַז זי זאָל זיך אונטערגעבען ביי דער ערשטער פּאָליציי הינדערניש. אין אָקטאָבער 1849, האָט די דאָזיגע בעדערפניש פונדאָסניי געבראַכט צו דער ענטשטעהונג פון דער „איניאָן פראַטערנעל דעהז אַסאָסיאַסיאָן", „ברידערליכע פעראייניגונג פון די אַסאָסיאַציעס". אָבער דעם 29טען מאַי, 1850, בעת אָט די דעלעגאַטען, 49 אין צאָהל, זיינען געווען פערזאַמעלט אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט אויף רו מישעל ל'ה קאָונט, כדי אָבצונעהמען דעם בעריכט איבער די ארבייטען פון דער קאָמיסיע, זיינען זיי ארעסטירט געוואָרען, איינגעשפּאַרט געוואָרען אין מאַזאַ, און נאָכדעם ווי זיי זיינען אָבגעזעסען פינף חדשים, בעת דאָס קרי־מינעלע געריכט האָט אָנגעפיהרט די אונטערזוכונג, זיינען זיי פער'משפט געוואָרען פאַר דעם כלומרשט'דיגען חטא, אַז זיי האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ געהיימע פּאָליטישע געזעל־שאַפט!!

איהר זעהט, הערר שולצע, ווי אייער גאַנצע קליינבירגערליכע באַנדע האָט נאָך אַ קיום, נאָר אַ דאַנק די פּאָליציייסקע חסדים, מיט וועלכע די רעגיערונג איז זיי מזכה!

אַז וועה וועט זיי זיין, ווען דער רעגיערונג וועט אריינקומען אַנאַנדער מחשבה אין קאָפּ!

תחילת, אַלזאָ, זאָג איך, וואָלט אָט די איינהייטליכע אָרגאַ־ניזאַציע פון אַלע קאָאָפּעראַציעס אין לאַנד געגאַנגען וועניגסטענס אַזוי ווייט אין די געמיינשאַפטליכע בעציהונגען, אַז מען זאָל זיך איינע די אַנדערע געבען צו וויסען מכח דעם צושטאַנד און די בעדינגונגען פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע. און צי זעהט איהר, אַלזאָ, ניט, אַז דורך די געשעפטס־ביכער פון די פעראייניגטע קאָאָפּעראַציעס און דורך די צענטראַל־קאָ־מיסיעס, וואָס זיינען בעשטימט אויף צו קריגען די אינפאָר־מאַציעס פון זיי, ווערט שוין געלעגט אַ ריכטיגער יסוד פאַר אַ

* לעמערסיעה, דאָרטען, ז. 194.

וויסענשאפטליכער סטאטיסטיק; און דארין אליין, אלזא, האבען מיר באלד א ניש'קשה'דיגען מיטעל, ווי אזוי צו פערמיידען אן איבערפראדוקציע? און אפילו כל זמן דאס וואלט נאך ניט געווען אינגאנצען מעגליך, וואלט זיך די איבערפראדוקציע פשוט פערוואנדעלט אין פאראויספראדוקציע, מחמת, ביי זייערע געוואלטיגע מיטלען, וואלטען די קאאפעראציעס ניט נעווען געצוואונגען צו קאנקורירען איינע מיט די אנדערע, אבי ארויסצופטר'ען די סחורה. איהר בעגרייפט, אבער, וואס דאס הייסט? וואס פאר א קוואל פון אויסגערעכענטקייט און פון מזל ברכה, עס וואלט געווען פאר דער גאנצער געזעלשאפט, צו פערשפארען איהר די איבערפראדוקציעס און די קריזיסען איהרע?

דערלאנגט נאר א קוק אויף נאך אן אונגעהויערער פאזיטיווער בערייכערונג, וואס וואלט ארויסגעקומען פאר דער געזעלשאפט דורך אט דער קאלעקטיווער פראדוקציע.

האט איהר קיינמאל ניט געהערט פון דער גרויסער איינשפארעניש אין הוצאות, וואס ווערט אויסגעפיהרט א דאנק דער גרויסער פראדוקציע? גראבע ביכער וואלט איך געמוזט אנפילען, ווען איך זאל וועלען ציטירען וואס איז אויפגעוויזען געווארען מכח דעם זינט ארטהור יאנג!* אלזא, נאר כדי צו אילוסטרירען, [וועל איך בריינגען] א וואסערע פאאר ציטאטען, וואס גראד קומען זיי מיר צו דער האנד. גראף ראמפארד** האט דערוויזען ווי אזוי א באק־אויווען, צו וועלכען עס פארדערט זיך ביי דער ערשטער הייצונג 366 פונט האלץ, דארף ניט האבען מעהר ווי 74 פונט יעדען בעזונדערען מאל, פון דעם זעקסטען אן, אויב מען הייצט עס נאר כסדר אהן הפסקה.*** גע־

---

* אן ענגלישער שריפטשטעלער (1741־1820), בעוואוסט אלס אויטאריטעט איבער אגריקולטורעלע פראגען. א. א. ר.

---

** בענדזשאמין טאמסאן — אמעריקאנער וויסענשאפטסמאן און פילאנטראפ, אויך מיליטערישער ארגאניזאטאר פון דער ארמעע אין באיערן, וואו ער האט געקראגען זיין טיטול. (געב. 1753.) א. א. ר.

*** קליינע שריפטען, 1, ביילאגע, נומער 28.

היימראַטה ענגעל האָט אויך געוויעזען, אַז בלויז די מלוכה זאַק־סען אַליין וואָלט איינגעשפּאָרט לפּחות אַ מיליאָן טאָלער יעהרליך ביי ברעןֿ־מאַטעריאַל אַליין, דורך דעם וואָס מען וואָלט קאָנצענטרירט דאָס ברויט־באַקען אין פאַבריקען, און די אַרבייט אָנגעפיהרט אָהן אָבשטעל.* דערזעלבער געהיימראַטה ענגעל בערעכענט צווישען אַנדערע זאַכען (ציימשריפט פאַר 1856**) אַז אַ טאָלער קרן, אריינגעלעגט אין די באַוועל־שפּינערייען פון זאַקסען איז פּראָדוקטיוו אַט ווי: די באַוועל־שפּינערייען: —

אונטער 1000 ביז 1000 שפּולעס יעהרליך — 17 נייגראָשען, 0,9 פעניג‡
אונטער 1000 ביז 2000 שפּולעס יעהרליך — 78 נייגראָשען, 4,8 פעניג
אונטער 5001 ביז 6000 שפּולעס יעהרליך — 31 נייגראָשען. 4,7 פעניג
העכער 12000 שפּולעס יעהרליך — 36 נייגראָשען, 4,6 פעניג.

איהר מאָלט זיך אָלזאָ אויס ווי געוואַלטיג, און אויף וואָס פאַר אַ פּאָזיטיווען אופן, די גאַנצע געזעל־שאַפט וואָלט בערייכערט געוואָרען — שוין ניט רעדענדיג פון דער פּערטיילונג — דורך דעם, וואָס, אַ דאַנק יענע גרויסע קאָאָ־פּעראַציעס און קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע וואָלטען די דאָזיגע הוצאות איינגעשפּאָרט געוואָרען, און דער איינטראָג פון דער פּראָדוקציע פערגרעסערט געוואָרען?

איהר זעהט, דאָס דאָזיגע וואָלט ניט נאָר געמאַכט אַן אי־בערקעהרעניש אין דער דיסטריבוציע, נאָר דורך דער בע־זייטיגונג פון דער היינטיגער צובראָקעלטער פּראָדוקציע, וואָלט עס אויך פערגרעסערן די פּראָדוקציע גופא אויף אַזאַ גראַד, אַז מען קאָן זיך עס קוים פאָרשטעלען.‡

---

* סטאַטיסטישע צייטשריפט, 1857, ז. 54.

** דיזעלבע צייטשריפט, ד. ה. פון דער סטאַטיסטישער ביוראָ פון אינערן־מיניסטעריום פון זאַקסען. א. א. ר.

‡ אַ נייגראָשען איז אַרום 2½ סענט. א. א. ר.

* מכח דער בערייכערונג, וואָס ווערט געבראַכט דורך דער קאָנצענ־טרירטער פּראָדוקציע, דורך אָבשאַפען זייטיגע הוצאות, טראַנספּאָרט־קאָסטען, א. א. וו., קאָן מען אפילו נאָכקוקען ביי סיר

פון דאנען גיט איצט א קוק אויפ'ן וועלט־מארק! צו יענער נאציאן וועט געהערען דער וועלט־מארק, וואס האט די ערשטע אבגעמאכט ביי זיך איינצופיהרען אט די סאציאלע איבערקעהרעניש אויף א גרויסארטיגען מאסשטאב! דאס וועט זיין דער פערדיענטער שכר פאר איהר ענערגיע און ענטשלוס־פע־היגקייט. די נאציאן וואס וועט געהען פאראוים אין דעם, וועט דורך דער ביליגקייט פון דער קאנצענטרירטער פראדוקציע פער־נעהמען, אין פערגלייך מיט די קאפיטאליסטען פון די אנדערע נאציאנען, א סך חשוב'ערען ארט נאך, ווי דער, אויף וועל־כען ענגלאנד האט אזא לאנגע צייט כסדר געהאט א חזקה אנטקעגען די קאנטינענטאלע פעלקער, מחמת דער גרעסער קאנ־צענטרירונג פון איהרע קאפיטאלען.

איך האב איך שוין אנגעוויעזען אויף דריי גרויסע סיבות פון דעם פערגרעסערטען רייכטום פון דער גאנצער געזעלשאפט, וואס די פראדוקטיווע קאאפעראציעס שאפען.

קומען מיר צו א פערטער, פינפטער און זעקסטער.

עס איז אונז ניחא, וואס מיר קאנען דא פערצייכענען, אז אויך דער נייעסטער ענגלישער פאליטיש־עקאנאמישער שריפט־שטעלער, מר. הענרי פאסעט האט זיך גאר בעזונדערס שטארק אויס־געשפראכען פאר די ארבייטער־קאאפעראציעס גראד ביי פעלד־ארבייט, דארטען וואו מען איז דוקא געוועזען מסופק צי זיי זיי־נען מעגליך.*

דערביי איז דא אם פלאץ, אנצו־ווייזען בקיצור אויפ'ן שכל, פארוואס דוקא נאר ביי דער פראדוקטיווער קאאפעראציע, ווען דאס איז אויף א גרויסען מאסשטאב, קאן די אגריקולטור רע־אליזירען איהר גאנצע איינטראגס־פעהיגקייט. דאס רוב, שטעלען די ערד פערבעסערונגען מיט זיך פאר אן איינקונפט פון רענט, און דערצו פארדערט זיך אויסצוגעבען א קאפיטאל, וואס ווערט ערשט אבגעמאכט אין רענט אין משך פון א סך יאהרען. אויף אמאל

* מאנוועל און פאליטיקל איקאנאמי, לאנדאן, 1863, ז. 292.

וויליאם פעטי, וואו ער ענטוויקעלט די מעלות פון די גרויסע שטעדט פאר אינדוסטריע און האנדעל. סעווראל עסיים אין פאליטיקל אריטהמעטיק, 4טע אויסגאבע, לאנדאן, 1754, ז. 29.

דאָס ארויסצוציהען ווייטער אלס קאפּיטאל, קאָן מען ניט. ביי דעם עקזיסטירענדען דוחק אין געלד, אָבער, איז אזוי גוט ווי אונמעגליך פאר דעם אייגענטימער, סיידען ער איז נאָך גראָד דער־צו א גרויסער קאפּיטאליסט — און כידוע איז דאָס נאָר דער פאל אזוי, אין די גאָר זעלטענסטע אויסנאהמען — אָבצוגע־בען דעם מלוה, אין משך פון ווייניג יאָהרען, טאקי אין דער פאָרם פון קאפּיטאל די סומע, וואָס ער האָט ביי איהם גע־נומען אויף א היפּאָטעק, און דאָס פערוואנדעלט אין רענט דורך ערד־פערבעסערונגען.*

די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע וואָלט זיך ערשט געפונען בכח דאָס צו טהאָן, האָבענדיג אזעלכע גרויסאַרטיגע מיטלען.

וואָס איז שייך דעם וואוקס פון דער ערד־פּראָדוקטיוויטעט, וואָס קומט ארויס, פון אנאנדער זייט, אלס רעזולטאט פון דעם גרויסען ארבייטס־פערקעהר, בעזונדערס דעם וואוקס פון איינ־טראָג וואָס די פּראָדוקטען ברייגגען אריין, קאָן מען דאָס דאָ ניט ארומרעדען, נאָר בלויז מרמז זיין אויף דעם, טאקי נאָר מיט אָט די ווערטער. —

לאָמיר זיך אָבער נאָר אויף א רגע, אָבשטעלען אויף דער פראַ־גע פערוואָס מר. פאָסעט זאָל האלטען די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע פאר מעהר צוגעפּאסט נאָך צו דער פעלד־פּראָדוקציע, ווי צו דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע.

זיינע ווערטער מכח דער פראַגע זיינען די־אָ: „דער פאַך, אויף וועלכען עס ווערט אָנגעווענדעט דער קאָאָפּעראַטיווער כלל, טאָר ניט זיין פון א ספּעקולאַטיווען כאראקטער“.

קוקט מען זיך צו אקוראַט, איז אין דעם פארהאַן א זעהר ריכ־טיגע אָנווייזונג, וועלכע שטרייכט ווידער אמאָל אונטער די גרוי־סע מעלות פון דער פּראָדוקטיווער קאָאָפּעראַציע.

וואָס אָן אמת, א טאלאנט בעזיצט די בורזשואזיע, פון א גאַנץ איינענאַרטיגען סאָרט: דעם ספּעציפישען ספּע־קולאציאָנס־טאלאנט. אָט דער ספּעציפישער ספּעקולאַ־ציאָנס־טאלאנט, נאָכ׳ן אמת׳ען תוכן זיינעם, לאָזט זיך צופיה־

---

* פגל. די בראָשורע פון ראָדבערטוס: „דיע האַנדעלסקריזע אונד דיע היפּאָטהעקעננאָטה דער גרונדבעזיטצער“, 1857.

רען צו דער פראַגע : דורך וואָס פאַר אַ הינטערגאַנג, קאָן איך אַמבעסטען פערכאַפּען פאַר זיך דעם אָבזאַץ אָדער די הכנסה פון מיינע מיטפּראָדוצירער ? עס איז דער טאַלאַנט, וואָס שטאַמט פון דער פרייער קאָנקורענץ, און וואָס זיין ציעל איז ניט צו פערגרעסערען און צו פערמעהרען דעם סך הכל פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג, נאָר גאָר [אַנדערש] צו פערטיילען דעם דאָזיגען איינטראָג, איבערצושיטען דאָס פון איינעמס הענד אין דעם אַנדערנס אַריין. עס איז דער טאַלאַנט פון קענען איבער־כיטרעווען. דאַרין, דעם אמת מוז מען זאָגען, שטעקט די אונפערגלייכליכקייט פון דער בורזשואַזנער פעריאָדע ! פון דער יוגענד אָן ערצויגען אין אָט דער לעבענס־פרייד פון דער פרייער קאָנקורענץ, איז זי געוואָרען ביי די הערען קליינבירגער אַן איינגעבאָרענער עלעמענט. פונקט ווי דער אינדיאַנער אין די וועלדער פלעגט דערקענען די שפּורען פון דער חיה אָן סמנים וואָס האָבען פאַר'ן אייראָפּעער לחלוטין גאָרנישט ניט בעטייט, אַזוי האָבען יענע צוגעקראָגען אַן אייגענעם חוש, ווי אַזוי זיי זאָלען קענען אויס־שפּירען יעדע מעגליכקייט ווי אַזוי איבערצוכיטרעווען.

דער ארבייטער איז פּראָדוקטיוו. דעם פּראָדוקטיווען טאַלאַנט האָט ער דורכאויס גלייך מיט דער בורזשואַזיע. אָבער אָט יענעם ספּעקולאַטיווען טאַלאַנט, וואָס איז ביי איהר פאַרהאַן, האָט ער לחלוטין ניט, און עס איז צו האָפען, אַז ער וועט עס קיינמאָל ניט קריגען.

דאָס איז נאָך אַ טעם, פאַר וואָס עס איז גאַנץ מעגליך, אַז קליינע ארבייטער קאָאָפּעראַציעס — ווי הערר פאָסעט שטעלט זיך זיי פאָר — זאָלען דערשטיקט ווערען פון דער בורזשואַזיע.

אָבער פונקט אַזוי וועניג ווי דעם פוקס'עס כיטרע שטיק און הינטערגיינג קאָנען אויסהאַלטען אַנטקעגען די פערצוקענדע צייהן פון לייב, פונקט אַזוי וועניג ווי די שאַרפּע חושים פון דעם אינ־דיאַנער קענען אויסשטעהען אַנטקעגען דעם כסדר'דיגען פייער פון דעם אייראָפּעערס ביקסען, אָט פונקט אַזאַ קנאַפּע ראַליע, זאָל שוין אפילו זיין אַ וואָס ניט־איז פאַר אַ ראָליע, וואָלט געשפּיעלט די דאָזיגע ספּעקולאַטיווע גאונת אויף שמד־שטיק אַנטקעגען די גרויסע מחנות פעראייניגטע פּראָדוקציאָנס־צווייגען און אַנטקעגען דער ביליגקייט פון די

פּראָדוקטען, וואָס זיי וועלען האָבען געבראַכט. און אין דער גליק־ליכער בעזייטיגונג פון אָט דעם ספּעקולאַציאָנס־טאַלאַנט, וואָלט מען נאָך געהאַט אַ ווייטערען גרויסען בענעפיט, הן בנוגע דער מ אָ ר אַ ל, הן בנוגע דער ע ק אָ נ אָ מ י ע. וואָרים עס איז דאָך קיין ספק ניט, אַז דער־אַ ספּעקולאַטיווער טאַלאַנט פאַר מאַשענסטוואַ שלעפּט נאָך נאָך זיך אַ שלל מיט „פּאָו פרע“ (אומזיסטיגע הוצאות), דהיינו: מודעות, רעקלאַמען, זיך אָנהענגענדע קאָמי־וואָיאַזשעורען, פאַלשע פּלעטלעך [אויף די סחורה], געפעלשטע קוואַליטעט, דאָס אונטערשמירען צייטונגס־רעדאַקטערע, כאַבאַר א. אַ. וו., א. אַ. וו., מיט איין וואָרט, כל המינים בלאָף, צו וועלכען יעדערער ווערט מעהר־וועניגער געטריעבען, מחמת זיין קאָנקורענט כאַפּט זיך־אָן אָן דעם. נו, און אויב אַפילו אין בעזונדערע פעלע איז דאָס כדאי, הויבט עס אָבער אין סך הכל און אין דורכשניט פאָרט אויף זעהר בעדייטענד דעם פּרייז פון דער פּראָדוקציע.

נאָך אַ גרויסע בערייכערונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס וואָלט ענטוויקעלט געוואָרען דורך דער פּראָדוקטיווער קאָאָפּעראַציע, ליעגט אין דעם, וואָס די ריכטונג פון דער פּראָדוקציע וואָלט איבערגעביטען געוואָרען, אַלס רעזולטאַט פון יענער קאָאָפּעראַציע. נאָר מיט דעם מוזען מיר אויך מאַכען בקיצור. די אַרטיקלען, וואָס מען פּראָדוצירט, ריכטען זיך, דאָס רוב, נאָך דער צאָהל פערניצער נאָך, וואָס זיי געפינען, און דורך זיי ווערען זיי בעשטימט. פער־ניצער וואָס האָבען ניט פון וואַנען צו בעצאָהלען — און בכן גילט דאָס דאָזיגע היינט־צו־טאָג פאַר'ן אַרבייטער־קלאַס, בנוגע אַלץ, וואָס שטייגט אַריבער די לעבענס־מיטלען, אָהן וועלכע מען קאָן זיך ניט בעגעהן — זיינען ניט קיין פערניצער.

דערמיט, וואָס דורך דער איבערגעאַנדערשטער פערטיילונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־איינטראָג ווערען די אַרבייטער בעצאָהל־פעהי־גע פערניצער וועלען שוין די פּראָדוקציאָנס־אַרטיקלען זיך ריכטען, דאָס רוב, נאָכ'ן בעדערפניש און געשמאַק פון דעם אַרבייטער־קלאַס, ד. ה. אין תוך וועט פאָרקומען אַזאַ מין איבערקעהרעניש: מען וועט פּראָדוצירען דאָס, וואָס איז נ י צ ל י ך און דאָס וואָס איז ש ע ה ן,*

* מיט רעכט בעטאָנט י ו ב ע ה ר (קאָנקאָרדיאַ ז. 20) דעם פאַקט, אַז דער פעראיין פון די אַזוי־גערופענע פיאָנערען אין ראָטשדייל האָט

אין איינקלאַנג מיט'ן גוסט פון דעם דאָזיגען קלאַס, און ניט דאָס וואָס איז *טייער*, *לשם* טייערקייט, ווי עס פיהרט זיך היינט אין איינקלאַנג מיט'ן גוסט פון דער בורזשואַזיע, מחמת מיט דעם טייערען חפץ *קאָן* זיין בעל הבית *ארויסווייזען זיין* עשירות, מעג זיך דער אַרטיקעל *זיין* מי יודע ווי גוצלאַז אָדער מיאוס. די פערמעהרונג פון דעם געזעלשאַפטליכען עשירות, וואָס וואָלט ענטשטאַנען דורך אָט דער אומגעביטענער ריכטונג פון דער פּראָדוקציע, טאָר באין אופן ניט בעטראַכט ווערען פאַר אַן אומבעדייטענדע.

דורך דער נאָהענטער פערבינדונג פון דער *רעגיערונג* מיט דער *פּראָדוקציע*, וואָס די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס וואָלטען דורכגעפיהרט, וואָלט מען שוין, לסוף, געהאַט ביכולת אפילו דורכצופיהרען אַ מאַסע אונטערנעהמונגען וואָס וואָלטען געבראַכט די אונאָבשאַצבאַרסטע רעזולטאַטען פאַר'ן וואוילזיין און רייכטום פון פאָלק, און וואָס היינט־צו־טאָג פונדעסטוועגען האָט קיינער זיי נאָך ניט פאָרגענומען. עס איז אַן־און־פאַר זיך, און חוץ אלע בייזאהעריגע בעטראַכטונגען אונזערע, אַ גאָר צו אַלגעמיינע און דערפאַר לחלוטין פאַלשע בעהויפּטונג, אַז די פרייע קאָנקורענץ איז אַ *מיטעל צו פערגרעסערן דעם רייכטום פון דער געזעלשאַפט* אלס אַזעלכער. *דאָס איז* נאָר אויף *אַזוי פיעל אמת* ווי ווייט דער פרישער רייכטום וואָס ווערט געשאַפען, קאָן, *צו דערזעלבער צייט*, אינגאַנצען אָדער טיילווייז, פערנומען און עקספּלואַטירט ווערען פון די בעזונדערע פריוואַטע אונטערנעהמער. נאָר *אונטער דעם דאָזיגען* תנאי, האָט אַ יחיד אָדער אַ קאַפּיטאַל דעם מאָטיוו אָדער גאָר ערשט די מעגליכקייט, אונטער דער פרייער קאָנקורענץ, צו פערמעהרען דאָס געזעלשאַפטליכע עשירות. גרויסע אונטערנעהמונגען אָבער, אפילו ווען זיי זאָלען פיהרען צו *מי יודע וואָס פאַר* אַ בערייכערונג פון דער *נאַציאָן*, קאָנען לחלוטין ניט פאָרגע־

---

געלאָזט בויען אַן עפענטליכען טרינק־ברונען, וואָס איז אויף מיילען ווייט, אין דעם געגענד פון דער דאַמף־אינדוסטריע, געווען כמעט דאָס איינציגע *קונסט־ווערק*, וואָס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען."

אויך וועט זיך פון דער דאָזיגער וועלט־ווענדונג אַרוים דורכברעכען אַ *נייערוועג פאַר דער קונסט* — הגם אָט דער צוזאַמענהאַנג קאָן דאָ איצטער ניט ענטוויקעלט ווערן.

גומען ווערען, אונטער דער פרייער קאָנקורענץ, קוים קומען זיי צו דערזעלבער צייט ניט נאָך אָט דער בעדינגונג, דאָס הייסט קוים זיינען זיי ניט מסוגל אריינצושיטען זייער גאַנצען איינטראָג אָדער א טייל דערפון, אויף א לענגערער אָדער קירצערער צייט, אין איין מענשען'ס קעשענע.

כדי אונזער שטאַנדפונקט קלאָר צו מאַכען דורך עטליכע ביי־שפּיעלען: יאָהרען לאַנג האָט אונזער בעריהמטער פיזיאָלאָג בור־מייסטער איינגעוויעזען, אַז אַזוי ווי אונצעהליגע סטאַדעס בופעל־אָקסען, וואָס געהען אויף פּאַשע אין טעקסאַס און אַנדערע שטאַאַ־טען פון צענטראַל און דרום־אַמעריקא ביז האַרט צום ברעג ים, ווערען פון די איינגעבאָרענע דערשאָסען פון ספּאָרט וועגען, און דערנאָך לאָזט מען זיי ליעגען ביז זיי ווערען פערפוילט, ווייל קיי־נער דאָרטען דאַרף זיי ניט, וואָלט געווען די גרינגסטע זאַך זיי צו בענוצען אויף שפּייז פאַר דער אייראָפּעאישער בעפעלקערונג, וואָס ווערט גענעהרט אויף בולוועס. און דערמיט וואָס זייער פלייש וואָלט טאַקי אויס'ן אָרט, וואו זיי ווערען דער'הרג'עט, קאָנצענט־רירט געוואָרען אין א געדיכטען עקסטראַקט, וואָס קאָן צונויפגע־דריקט ווערען אַזוי, אַז עס זאָל פערנעהמען גאַר ווינציג פּלאַץ, און דאָך זאָל עס קאָנסערווירען אין זיך די פולע נאַהרונגס־קראַפט, וואָלט די הוצאה, וואָס דאַרף קאָסטען צו טראַנספּאָרטירען די געוואַלטיגס־טע קוואַנטיטעטען, געווען אַזאַ קליינע, אַז עס קאָן גאַר ניט הייסען קיין הוצאה.

אָדער, שוין מעהר ווי 100 יאָהר ווי דער וועלט־ארומפאָהרער קוק האָט ערקלערט, אַז דער, וואָס האָט פערפלאַנצט איין ברויט־בוים, האָט געטהאָן אַזוי פיעל, אויב ניט מעהר, פאַר דער מענש־הייט ווי אַן אייראָפּעאישער ארבייטער, וואָס מאַטערט זיך אָב זיין גאַנצען לעבען. וואָלט מען אויך געקאָנט, פּונקט אויף אַזאַ'ן אופן, אויסאַרבייטען דעם נאַהרונגס־אינהאַלט פון די ברויט־פרוכט, אויף די סאָסיעטעה אינזלען,* אין אַזאַ קאָנצענטרירטער פאָרם, אַז עס זאָל פערנעהמען א מינימום פּלאַץ. בעת דער קרי־מער מלחמה, האָט מען זיך פּאָלקאָם איבערצייגט אין דער מעג־

* קליינע אינזלען, וואָס ליעגען אין דרום זייט פון פּאַסיפישען אָקעאַן און געהערען צו פראַנקרייך. א. א. ר.

ליכקייט פון אזעלכע שפייז־קאנדענסירונגען, וואס מען האט דא־מאלס אויסגעפיהרט פאר די ארמעען.* אונזער פ ע ר ש ר א כ ט און פ ע ר ה ו נ ג ע ר ט פ א ל ק, די שלעזישע וועבער, די זאקסישע מינען־ארבייטער, דער רהיינישער פאבריק־פראלעטאריער, וואס גאנץ אפט קאנען זיי זיך קוים דערקוואפען צו אזא מאכל ווי בולוועס, וואס מאכט א תל פון זייער געזונד, וואלטען שוין געהאט ב ר ו י ט און פ ל י י ש כ מ ע ט ב ח נ ם!

אבער ווי אזוי זאל דאס גאר היינט אפילו נאר מ ע נ ל י ך זיין? וועלכער קאפיטאליסט זאל דאס אויסלעגען די גרויסע הוצאות אויף אזעלכע עקספעדיציעס און עקספערימענטען, ווי שטארק געראטען זיי זאלען זיך ניט איינגעבען, בפרט נאך אז עס שטעהט איהם ניט פאר דאס מינדסטע „געשעפטעל" דערביי, ווארים יעמאלט וואלטען זיך תיכף אנדערע קאפיטאליסטען אדער אנדערע קאפיטאליסטישע געזעלשאפטען אויך א לאז געטהאן אויף דעם דא־זיגען פראדוקציאנס־צווייג, און וואלטען דורך דער פרייער קאנקור־רענץ פון דעם ערשטען אונטערנעהמער, וועלכער האט גובר געווען די מיה, געפאהר, און אלע שוועריגקייטען פון אן ערשטען עקספע־רימענט, צוגענומען יעדען בענעפיט פון דער אונטערנעהמונג; וואלט ער, הייסט עס, געווען געארבייט נאר לטובת זיינע נאכפאל־גער?

קאפיטאלען לאזען זיך ניט ארויסגעבען אויף אזא מין ראליע; און אזעלכעס, אויף וואס א יחיד קאן ניט, לפחות אויף א צייט לאנג, ארויפלעגען זיין מאנאפאל, מוז דערפאר, איבערהויפט אויב עס איז נאך פערבונדען מיט גרעסערע הוצאות, בלייבען ניט־אונ־טערנומען.

די ביישפיעלען, וואס זיינען דא געבראכט געווארען, דארפען, פערשטעהט זיך, בעטראכט ווערען נאר אלס ב י י ש פ י ע ל ע ן. אבער עס זיינען פארהאן טויזענד אנדערע ביישפיעלען פון דעמ־

---

* אויף דער לאנדאנער אינדוסטריע־אויסשטעלונג פון 1862 זיינען געווען אורוגוואיער פראבעס פון אט אזא מין פלייש, וואס איז קאנצענ־טרירט געווארען דורך א פראצעס פון טריקענען; און עס האט נאך געהאט א גאנץ גוטען טעם דערצו. זעה דאקטאר בוכער'ס „בילדער אוס דער פרעמדע" ט. 2, ז. 178 א. וו.

זעלבען סאָרט. דאָס גאַנצע געביעט פון דער וויסענשאַפט און איהרע פאָרטשריטע וועלען ערשט יעמאָלט אויף אַן אמת בעפרוכטען דאָס לעבען פון דער נאַציאָן, ווען דער שטאַאט וועט, דורך די פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציעס, דירעקט אריינגעצויגען ווערען אין דער פּראָדוקציע.

און — נאָר אָפּטמאָל קאָן מען אויך די טעאָרעטישע ראיות טרייבען צו ווייט; אזוי אַז גראָד דורך זייער צוגעטראָפּענער לאָגישקייט, זאָל מען נאָך פערמעהרען די פּראַקטישע שוועריגקייטען וואָס שטעהען אין וועג, און וואָס זיינען דאָ גענוג אָהן דעם אויך!

# ש ל ו ס

וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגען, האָב איך ארויסגעזאָגט מיט'ן פולען מויל און אויף אַן ערנסטען אופן, און איך וואָלט בעדארפט זיין א מאַן מיט א טעמפערען חוש פאר מאָס און פראָפּאָרציע, ווי די נאַטור האָט מיר געגעבען, אז איך זאָל נאָך וועלען פונדאָסניי זיך פערנעהמען מיט בעלייכטען די ווייטערדיגע שטות'עריען, וואָס געפינען זיך נאָך אָהן שיעור אין אייער ביכעל.

און צו־וואָס טאַקי?

מיר האָבען דערקאָנט וואָס איהר זייט אזוינס, און וואָס איהר קאָנט. איהר זייט — האָט קיין פּאַראיבעל ניט אויף מיר פאר דער עדעלער מליצה, נאָר דעם באמת אָנגעמאָסטענעם מעטאַפאָר וויל איך ניט אָנווענדען — איהר זייט ווי א הירש מיט ארויס־גענומענע אונגעווייד, און דאָ נעבען מיר האָלט מיין הונד אין מויל אייערע אינגעווייד, פון וועלכע עס געהט נאָך א פּארע!

זיך ראַיען ווייטער אין אייך, וואָלט, אלזאָ, געקאָנט ניט מעהר ווי ארויסרופען נאָך עקעל און גאַל־קעהרעניש.

הכלל, איך וועל שוין מעהר ניט רעדען פון אייער עולה, נאָר וואָס־דען, איך וויל אייך נאָך בעטען מחילה פאר דער עולה, וואָס איך בין בעגאַנגען קעגען אייך!

אָט די עולה נעהמט זיך דערפון, וואָס איך האָב, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט אין פאָרוואָרט, פאר קיין אופן, אייך ניט גע־קאָנט, ווי עס בעדארף צו זיין; און ערשט אין טאַראַספּ, אז איך האָב דורכגעלייענט אייער קאַטעכיזם, האָב איך אייך דערקאָנט.

ביז יענער צייט, בין איך געוועזען אינגאַנצען גענאַרט אין אייך.

געוואוסט האָב איך אפילו, אז איהר זייט ניט קיין געלעהר־טער, און נאָך א סך ווענינער, א מאַן מיט א וויסענשאַפטליכער בילדונג, הגם איהר גיט זיך גאָר אויס פאר אזעלכען.

אָבער איך האָב אייך פונדעסטוועגען געהאַלטען דאָך פאר א שטיקעל געבילדעטען מענשען.

אמת טאַקי, געוואוסט האָב איך, אז איהר בורטשעט ארום די

ארבייטער מיט קליינבירגערליכע פּאַרשלאַגען, וואָס קאָנען צו גאָר־נישט ניט ברייננען.

אָבער געמיינט האָב איך, אַז דאָס נעהמט זיך נאָר פון אייער בעגרענעצטקייט. איך האָב געמיינט, אַז מיט דער דאָזיגער בע־גרענעצטקייט פּאָאַרט זיך ביי אייך אַ וואַרים סימפּאַטיע־געפיהל פאַר די ארבייטער־קלאַסען. איך האָב נאָך ניט געוואוסט — וואָרים אייער קאַטעכיזם האָב איך דאָך נאָך ניט געלייענט ! — אַז נאָר אַלס אַ געצייג פון דער בורזשואַזיע בעארבייט איהר די דאָזיגע לטובת דער בורזשואַזיע און דעם קאַפּיטאַל !

דאָס ערקלערט די אַנשטענדיגע בעהאַנדלונג, וואָס איך האָב אייך נאָך געהאַט צוגעטיילט אין מיין „אַנטוואָרטשרייבען". דאָס ערקלערט די וואַרימע אַנערקענונג, וואָס איך האָב נאָך דאָרטען אויסגעדריקט פאַר אייער גוטען ווילען, אַפילו ווען איך האָב שוין אַרויסגעשטעלט די קלאָנעדיגע נישטיגקייט פון אייערע פּאַרשלאַגען.

און אַפילו שוין בשעת די גאַנצע כאַפּטע בלעטער אייערע האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אויף מיר, נאָכדעם ווי מיין "אַנטוואָרטשרייבען" איז אַרויס, און הונדערט זומפּיגע רינשטאָקען האָבען אויסגעגאָ־סען אויף מיר יעדען טאָג און מאָנאַטען לאַנג שקרים, וואָס מען האָט נאָך אַזוינס ניט געהערט, פעלשונגען און געמיינקייטען, האָב איך נאָך אַלץ לחלוטין ניט געביטען די דאָזיגע האַלטונג מיינע אַנט־קעגען אייך !

בעאיינפלוסט פון אַ געוויסען איבערטריעבענעם לפנים משורת הדין געפיהל, האָב איך גערעכענט : מען מוז מבחין זיין צווישען דער פּ אַ ר ט י י און דעם פ י ה ר ע ר.

איך האָב אודאי געזעהן, אַז ביי אייך איז געווען כשר וישר צו לאָזען אייער פּאַרטיי טהאָן וואָס זי וויל, און פון איהר יעדען עם הארצ'ישען גאַנג, פון אַלע שקרים איהרע, צו ציהען אַזוי פיעל נוצען, וויפיעל עס איז נאָר געווען מעגליך.

אָבער איך האָב אייך ניט געהאַלטען פאַר אַזוי אונוויסענד און אַזוי ניט־לייטיש, אַז איהר זאָלט אַליין דירעקט זיך בע־טייליגען אין דעם. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט אַז אָט די שעהנע מלאכה פון בעווייזען זאַכען דורך עם הארצות און שקרים האָט איהר איבערגעלאָזען צו אייער פּאַרטיי.

ווי געזאָגט, דעם „קאַטעכיזמוס" האָב איך נאָך ניט געקאָנט.

נו, איז דער ערשטער גרויסער טרומף־קאַרט, מיט וועלכען אייער פּאַרטיי האָט מיך געוואָלט טויט מאַכען, געווען די טענה אַז איך וויל „אויפלעבען לואי בלאַהנ'ס* נאַציאָנאַלע שעפּער פון יאָהר 1848". פון אַלע אייערע פּאַרטיי'ס בלעטער האָט דאַמאָלס טאָג־טעגליך אָבגעקלונגען אָט דער טריאומפירענדער־פאָרוואורף אַנט־קעגען מיר! איך האָב אָנגעכאַפּט די „פאָלקס־צייטונג", וואָס איז געריטען אויף פּראַויס פאַר אַלעמען אויף דעם פּאַראַד־פּערד, און, דורך אַן ארטיקעל פון 24טען אַפּריל 1863, וואָס איך האָב געלאָזען אָבדרוקען אין דער „דויטשען אַלגעמיינען צייטונג", האָב איך זי צוגענאָגעלט צום שאַנד־קלאָץ פון איהר אונוויסענהייט.

אָבער אַזוי ווי אין די בעריכטען פון די צייטונגען איבער אייע־רע רעפעראַטען האָב איך ניט געזעהען, אַז איהר גופא זאָלט זיך האָבען געמאַכט שולדיג אין אַז גראַנדיעזער אונוויסענהייט, האָב איך עס, אויס יענעם איבערטריבענעם געפיהל פון גערעכטיגקייט, געהאַלטען פאַר אַ חוב [פון מיין זייט] דאָס צו **דערגעהן אויף זיכער**.

אין מיין פראַנקפורטער רעדע, בשעת עס איז מיר אויסגעקו־מען צו רעדען מכח דעם דאָזיגען פונקט, האָב איך דערפאַר בפירוש ערקלערט**: „הערר שולצע האָט דאָס **ניט** געזאָגט; **ער האָט**

---

* לואי בלאַהן (1811—1886) איז געווען איינער פון די הויפּט־פיר־גורען אין דער צייט פון די 1848 אונרוהען אין פראַנקרייך. אַלס פּובלי־ציסט מיט אַ בריליאַנטענעם סטיל איז ער באַלד געוואָרען בעליעבט ביי די מאַסען און האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג פון 1848. דער פּלאַן צו אָרגאַניזירען וואַר־שטאַטען אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון דער רעגיע־רונג, וואו אַלע זאָלען קריגען אַרבייט, האָט געזאָלט שטאַמען פון איהם; און דערפאַר ווען עס האָט שפּעטער, צוליעב דער שלעכטער אָרגאַניזאַציע פון די נאַציאָנאַלע שעפּער („אַטעליעה נאַסיאָנאָו"), אויסגעבראָכען די 1848 מרידה, איז ער אויסגעוויזען געוואָרען פון לאַנד, און איז געווען 20 יאָהר נע־ונד, חגם ער האָט געהאַלטען אין איין פּראָטעסטירען, אַז ניט נאָר איז ער ניט געווען דער איניציאַטאָר פון דעם פּלאַן, נאָר אַז גראָד זיינע שונאים האָבען אויסגעפיהרט דעם גאַנצען פּראָיעקט, ניט מיט זיין הסכמה.

אַלס קעמפּפער פאַר דעמאָקראַטיע און פערשפּרייטער פון סאָציאַליזם, האָט בלאַהן אויסגעאיבט אַ געוואַלטיגען איינפלוס אין פראַנקרייך. א. א. ר.

** ארבייטערלעזעבוך ז. 48.

נערעדט וועגען די סובווענציאָנירטע קאָאָפּעראַציעס, וואָס האָבען זיך אָרגאַניזירט אין פּאַריז, ערשט נאָך דעם אונטערגאַנג פון די נאַציאָנאַלע שעפּער א. א. וו.“

אין אייער קאַטעכיזם געפין איך איצט, גראַד פאַרקעהרט, אַז איהר האָט דאָס דוקא געזאָגט. זיך ציעלענדיג געגען מיר, זאָגט איהר דאָרטען ז. 82: „מיר וועלען דאָ בעזונדערס דערמאָהנען די פּאָרשלאָגען פון לואי בלאַהן און די נאַציאָנאַלע שעפּער פון 1848 אין פראַנקרייך. נאָך דעם נאָך, זאָל די רעגיערונג, כדי צו בעזייטיגען די רואינירענדע קאָנקורענץ און די שעדליכע איבערמאַכט פון פּריוואַטען קאַפּיטאַל, ביסלעכוויז אַריינגעהמען צו זיך אין רשות אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען און זיי אָנפיהרען אויפ'ן קהל'שען חשבון, א. אַ. וו., א. אַ.וו.“ *

איהר האָט זיך, אַלזאָ, פערשולדיגט מיט דערזעלבער אונוויסענהייט, ווי דער העדר בערנשטיין,** דער רעדאַקטאָר פון דער

* עס איז אַ טעות פון לאַסאַל צו דענקען, אַז שולצע האָט איהם אין זינען געהאַט אין יענער שטעלע וואָס ווערט דאָ ציטירט, זאָגט עד. בערנשטיין (1893 אויסגאַבע). שולצע האָט גלאַט פּאָלעמיזירט אַנטקעגען אַזעלכע פּלענער, אין אַלגעמיין, אַז די רעגיערונג זאָל איבערנעהמען פּריוואַטע אינדוסטריען אין איהרע הענד. ער געהט אַפילו ניט אַריין אין די פּרטים פון די פּלענער, כדי זיי צו קריטיקירען, נאָר בענוגענט זיך מיט סתם בעמערקונגען. „מיט לאַסאַל'ען פערנעהמט ער זיך ערשט אין זעקסטען רעפעראַט. דער פיערטער רעפעראַט, וואו די אויבענדיגע שטעלע געפינט זיך, איז געהאַלטען געוואָרען דעם 8טען מערץ, נאָך איידער דאָס „אָפפענע אַנטוואָרטשרייבען“ איז ערשיענען אין בוך־האַנדעל“. (ז. 241) א. א. ר.

** אַז לאַסאַל איז שוין יאָ אַזוי לגמרי מבטל, אויף זיין געוועהנליכען גוזמא'דיגען שטייגער, דעם דאַמאָלס בעריהמטען אהרן בערנשטיין, איז מעהר ניט ווי א יושר דאָ מוסיף צו זיין, אַז ניט נאָר איז בערנשטיינ'ס בריליאַנטענער פובליציסטישער סטיל פערעהרט געוואָרען פון מיניסטאָרען אַזוי ווי פון פּראָסטען פאָלק, ניט נאָר זיינע צוויי ראָמאַנען „פּויגעלע דער מגיד“ און „מענדעל גבור“ איבערזעצט געוואָרען אין עטליכע שפּראַכען (ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער צאָהל פּראַזען און אויסדריקע אין פּשוט'ען פאָלקסטימליכען אידיש), נאָר ער האָט אויך אַרויסגעגעבען אַ סעריע פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ווערק אין

„פאָלקס־צייטונג". אָבער מיט א י ך איז נאָך די מעשה א סך ערגער!

מילא, הערר בערנשטיין האָט זיך נאָך פאָרט ווי־עס־איז גע־קאָנט ענטשולדיגען אויפ'ן סמך פון זיין אָרצי־עם הארצות, ווי עס פאסט זיך פאר א צייטונגס־רעדאקטאָר.

אָבער [וואָס איז נוגע אייך], האָט שוין, בעת איהר האָט געגעבען ד ר ו ק ע ן אייער קאטעכיזם, לאַנג געהאט ערשיענען יענער ארטיקעל מיינער, וואָס האָט אויפגעוויעזען, ווי אזוי עס איז אויף אן אמת צוגעגאנגען מיט יענע שעפער. וואָרים די דאטע אויפ'ן ארטיקעל איז פון 24טען אפריל 1860, און אי ע ר פ אָ ר ר ע ד ע טראָגט די דאטע „בערלין, מאי 1863".

איהר האָט שוין געמוזט, אלזא, וויסען פון יענעם ארטיקעל.

זאָל מען אדרבא זאָגען וואָס פאר א קופּערנעם שטערן — אָדער ניכער, וואָרים דער אויסדרוק איז א צו עדעלער — וואָס פאר א קליינבירגערליכע און פאַלשע נשמה, וואָס קוקט אַלץ נאָר ארויס אויפ'ן „געשעפּטס־פערדיענסט", מען דארף האָבען, אויף איבער־צו'חזר'ען נאָך יענע בעהויפּטונג שוין נאָכדעם, ווי יענער ארטיקעל איז ערשיענען, וואָס איך שטעל טאַקי, דערפאַר, צו, ביים סוף, אלס אנהאנג A!

אָט דאָס איז מיין ע ר ש ט ע ענטשולדיגונג! איצט, צו מיין צ ו ו י י ט ע ר!

---

21 טייל (איבערזעצט אין העברעאיש), און האָט געמאַכט א פּאָאר וויכ־טיגע ערפינדונגען.

אלס א בקי אין תלמוד, אָדער ווי לאַסאַל ווארפט איהם אויף אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען „געלעהרטער תלמודיסט" און ביבעל־פאָר־שער, האָט ער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָליע אין דעם דייטשען יודענטום, און איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער רעפאָרם בעוועגונג. זיין קלאָרער סטיל אין העברעאיש איז געריהמט געוואָרען פון ניט איין גרויסען העברעאישען שריפטשטעלער.

ווען מען דערוויסט זיך נאָך, אז בערנשטיין מיט זיין אלזייטיגער גאונות איז געווען אַן אוטאָדידאַקט, איז פשוט נשתומם צו ווערען זע־הענדיג אויף ווי וויט פּאָלעמיק קען פערפיהרען א געגנער אין זיין שטעלונג צו א מאַן פון זיין גלייכען.

בערנשטיינ'ס זוהן, יוליוס בערנשטיין, איז איינער פון די גרעס־טע פיזיאָלאָגען פון אונזער צייט, און זיין אייניקעל פעליקס איז פראָ־פעסאָר פון מאַטעמאַטיק אין געטינגען. א. א. ר.

אין מיין „אנטוואָרט־שרייבען: האָב איך ענטוויקעלט דאָס „א י י ז ע ר נ ע א ר ב י י ט ס ־ ל ו י ן ג ע ז ע ץ“, און דאָר־טען האָב איך געזאָגט (ז. 16): „עס איז ניט פארהאַן, ווי איך האָב אייך שוין געגעבען צו מערקען, טאַקי אין דער ליבעראַלער שולע גופא, קיין איין בעוואוסטער פּאָליטישער עקאָנאָם, וואָס זאָל דאָס לייקענעם. אדאם סמיטה ווי סיי, ריקארדא ווי מאַלטהוס, באסטיא ווי דזשאָן סטיוארט מיל * אנערקענען דאָס אַלע אין איין קול. אין דעם־אַ קומען זיך צונויף אַלע וויסענשאַפטס־מענער.

אָן אומבעשרייבליכער געשריי פון גרימצאָרן האָט זיך ארויס־געשפּארט פון די געדערים פון דער בורזשואזיע: סטייטש, איך האָב ארויסגעגעבען אָט די סודות פון צערעס** צום פ אָ ל ק!

איצט האָט מען זיך געדאַרפט נעהמען חצופ'יש לייקענען!

הערר מאַקס ווירטה איז עס געווען פאַר אַלעמען, וועמען זיינע באַלעבאַטים האָבען איבערגעגעבען די דאָזיגע שליחות. ער איז ארויסגעשפּרונגען, און אין ארטיקלען וואָס האָבען אָבגעקלונגען פון דער „רהיינישער צייטונג““ אין דיסעלדאָרף ביז צו דער „בערלינער רעפאָרם און צו דער „זיד דויטשע צייטונג“ אין פראַנקפורט, און אויך איבער ווירטעמבערג, באַיערן און באַדען, האָט ער ערקלערט מיט די גרויסארטיגסטע דרעהדלעך און צודרעהענישען יענם געזעץ פאַר אַ „פ ו י ל ע ן ר י ק א ר ד אָ ' ש ע ן ג ע ז ע ץ“, מחמת, ווי ער וויל האָ־בען, ווערט דער ארבייטס־לוין בעשטימט דורך דער „בליהונג פון דער אינדוסטריע אין שייכות צום נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל“.

אַזוי ווייט, אגב, איז עס שוין געקומען מיט די בעצאָהלטע שרייבער פון דער בורזשואזנער עקאָנאָמיע אין דער צייט פון די עפּיגאָנען, בזמן באסטיא, אז זיי בעהאַנדלען אזוי פון־אויבען־אראָב דעם גרעסטען מייסטער פון דער בורזשואזנער עקאָנאָמיע, ר י ק א ר ד אָ ' ן, דערפאַר, וואָס ער איז זיי געוואָרען ענג צוליעב

---

* איינער פון די אָנגעזעהענסטע ענגלישע דענקער פון 19טען יאָהר הונדערט, און בעריהמט אי אַלס פּאָליטישער עקאָנאָם אי אַלס דער בע־גרינדער פון דער אוטיליטאַריסטישער לעהרע אין מאָראַל־פראַגען. א. א. ר.

** א רוימישע און גריכישע געטין (דעמעטער), וואָס איז געווען ממונה איבער אַגריקולטור, און מיט וועמעס נאָמען עס זיינען פער־בונדען אַ סך לעגענדעס אין דער פּאַרצייטיגער מיטאָלאָגיע. א. א. ר.

דער אָפענהערציגקייט, מיט וועלכער ער דריקט אויס זיינע וויסענ־שאַפטליכע רעזולטאַטען.

די פערוואונדערונג, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, בעת איך האָב געזעהן ווי יענעס געזעץ, וואָס איז איינשטימיג אַנערקענט געוואָרען פון אַלע אויטאָריטעטען פון דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע, ווערט גאָר איצט מיט אַמאָל פונקט אַזוי איינשטימיג אָבגעלייקענט — האָט גאָר צו זיך קיין גלייכען ניט!

איך האָב דוקא דערפאַר אַוועקגעשטעלט, אין מיין „אַנטוואָרט־שרייבען" די גאַנצע ענטוויקלונג [פון מיין שיטה] אויף אָט דעם פונקט, ווייל עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען גאַנץ אַבסאָלוט אונמעגליך, אַז מען זאָל זיין מסופק גראָד אין דעם־אָ איין פונקט, ביי וועלכען עס הערשט, ווי ביי קיין אַנדערן ניט, די זעלטענס־טע איינשטימיגקייט אין דער וויסענשאַפט פון דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע.

איך האָב נאָך ווייט ניט געהאַט גענוג אָבגעשאַצט די פאַלשקייט און, בעזונדערס, די אונפערגלייכליכע אונפערשעהמטקייט פון דער בורזשואַזיע.

אין מיין פראַנקפורטער רעדע האָב איך אויסגעטיילט גערעכטיגקייט.

קודם כל, האָב איך אויפגעוויעזען (ארבייטער לעזעבוך ז. 5 און 6), אַז יענע בעהויפּטונג, וואָס הערר מאַקס ווירטה און זיינע קאָלעגען האָבען מיר אַנטקעגענגעשטעלט, היינו, אַז דער ארבייטס־לוין ווערט רעגולירט דורך דער „בליהונג פון דער אינדוסטריע אין שייכות צום נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל", אָדער, זאָגען מיר, דורך דער פערהעלטנים צווישען דער נאָכפראַגע און אָנבאָט, מיינען אַקוראַט דאָס זעלבע, ווי דאָס געזעץ, וואָס איך האָב ענטוויקעלט, מעהר ניט וואָס דאָס ערשטע איז בערוויקעלט אין פערשטעלטע און פערפּיהרערישע פראַגען וואָס זיינען דעם ארבייטער ניט פערשטענדליך — און פון דאַנסטמאָל אָן, האָט שוין אַפילו הערר מאַקס ווירטה גופא ניט געקאָנט מעהר אָבענטפערן אויף אָט דעם אויפווייז.

איך האָב ווייטער אויפגעוויעזען אויפ'ן זעלביגען אָרט (ארבייטערלעזעבוך ז. 7—18) דורך אַ רייהע ציטאַטען, אַז אַלע אויטאָריטעטען, נאָכמעהר, ניט נאָר די אויטאָריטעטען, נאָר טאַקי

הערר מאַקס ווירטה גופא האָט אַלעמאָל אָפען אָנערקענט דאָס דאָזיגע געזעץ.

בעת איך האָב דעם הערן ווירטה און זיינע קאָלעגען גע־טהאָן זייער רעכט, האָב איך אַלץ געמיינט, אַז איך מוז דוקא האַנד־לען לפנים משורת הדין!

אין די צייטונגס־בעריכטען פון אייערע רעפעראַטען האָב איך ניט געהאַט געלייענט, אַז איהר אַליין האָט געהאַט די חוצפה דאָס געזעץ צו לייקענען. איך האָב נאָך געהאַט די מיינונג איבער אייך, אַז איהר וועט בעסער וועלען איבערלאָזען אַזאַ שמוציגע אויפגאַבע פאַר אייערע יוצר משרתים אויסצופיהרען.

איך האָב עס דערפאַר געהאַלטען פאַר אַ חוב צו דערגעהן דאָס אויף זיכער.

דאָס דאָזיגע געזעץ צו לייקענען — האָב איך געזאָגט אין מיין פראַנקפורטער רעדע (אַרבייטער לעזעבוך ז. 32) — דערצו האָט הערר שולצע־דעליטש ניט די נויטיגע פאַרציע שקר. דאָס האָט ער ניט געטהאָן. אַזעלכעס קאָן זיך נאָר פערגינען הערר מאַקס ווירטה, א. א. וו., א. א. וו.״

איך האָב וויטער געהאַט אַ גרויסען טעות, הערר שולצע, ווי איך ווער געוואָהר פון אייער קאַטעכיזם. איהר לייקענט דאָרטען אָב לחלוטין דאָס דאָזיגע געזעץ, און איהר טהוט עס נאָך אויף אַ זעהר הארבען אופן!

איידער איך נעהם בעטראַכטען די ווערטער, אין וועלכע איהר פאַסט איין די דאָזיגע הכחשה, לאָזט מיך פריהער מאַכען נאָך איין בעמערקונג.

עס האַנדעלט זיך דאָ ניט מעהר מכח דעם, אַז איך זאָל דעם אמת פון אָט דעם געזעץ בעווייזען, אייך אויף להכעיס. דאָס האָב איך געטהאָן אין מיין „אַרבייטער לעזעבוך״; און אַ־חוץ דעם, אויבען נאָכאַמאָל, אין אַ סיסטעמאַטישען צוזאַמענהאַנג און אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן.

דאָ וויל איך אייך נאָר בריינגען אַנאַנדער ראיה לדבר, דהיינו, אַז אייך אַליין איז בעקאַנט דער אמת פון אָט יענעם גע־זעץ, וואָס איהר לייקענט.

אָט די ראיה ליעגט פערבאָרגען אין אַ זאַץ פון אייער קאַטע־כיזם (ז. 97). „פון דאַנען איז געדרונגען — זאָגט איהר דאָרטען

— אז אָן דעם פערגרעסערטען וואוקס פון די קאפּיטאלען הענגט אָב די פערגרעסערטע בעשעפטיגונג און בעסערע שכירות פאר די אר־בייטער, און סיידען עס טרעפט זיך אז די ארבייטער פער־מעהרען זיך אין א נאָך גרעסערער פּראָ־פּאָרציע ווי דאָס קאפּיטאל, שטייגט, אלס רעזולטאט, דער לוין און די בעשעפטיגונג."

דוקא אזוי? „סיידען"! סיידען די צאָהל ארבייטער פער־גרעסערט זיך ניט אין נאָך א העכערער פּראָפּארציע, שטייגט יעמאָלט דער לוין. ווי איז, אָבער, דער דין, אז די צאָהל ארביי־טער פערגרעסערט זיך יאָ אין א נאָך העכערער פּראָפּאָרציע, שטייגט שוין ניט דער ארבייטס־לוין, אָדער, טאָמער איז ער געשטיעגען אויף א ווײלע, פאלט ער צוריק.

דער גאנצער קוועטש ליעגט דאָ בכן אין דעם, אז מען זאָל וויסען, צי יענער „סיידען" קומט פאָר, צי ניט; ד. ה. צי ביים שטייגען פון קאפּיטאל און פון לוין, וואקסט, ניט די צאָהל אר־בייטער אויף א נאָך העכערען גראד, ד. ה. אויף אזא'ן אופן, אז דער ארבייטס־לוין מוז ווייטער פאלען פונקט אזוי ניעדריג, אויב ניט נאָך ניעדריגער.

באלד ווי עס איז ארויס מיין „אנטוואָרטשרייבען", האָט מען צוגערעדט פּראָפעסאָר ראו* אין היידעלבערג ארויסצוטרעטען גע־גען מיין ארבייטס־לוין געזעץ. מען האָט געפיהלט, אז מיט די העררען שולצע, פאוכער, ווירטה און מיקאעלים וועט מען דאָך ווייט ניט קאָנען איינפאָהרען; האָט מען געוואָלט האָבען עפּעס א פּראָ־פעסאָרישע פאַך־אויטאָריטעט אום אוועקצושטעלען אנטקעגען מיר.

העררר פּראָפעסאָר ראו האָט זיך טאָקי ענטשלאָסען, דורך אַן ערקלערונג אין דער „זידדויטשער" און „פּאָסישער צייטונג", משמעות מיר אָבצו־ווענדען. ער האָט עס געטהאָן אקוראט מיט דעמזעלבען „סיידען". מיין ארבייטס־לוין געזעץ איז ניט אמת, סיידען „עס קומט פאָר א צו שטארקע פערגעסערונג אין דער בעפעלקערונג".

---

* איינער פון די ראדיקאלסטע פערטרעטער פון דער ליבעראלער עקאָנאָמיע. זיין איינפלוס האָט זיך דאַן שטארק געפיהלט אין אָפיציעלע קרייזען. א. א. ר.

קומט דאָס אָבער פאָר אָדער ניט ?

אויף דעם, האָב איך דעם הערר פּראָפּעסאָר ראַו געענטפערט אין דער „פּאָסישער צייטונג" פון 10טען מאַי 1863, מיט אַ תשובה, וואָס איך שטעל דאָ צו, ביים סוף, אַלס אַנהאַנג B.

דאָרטען האָב איך דעם פּראָפּעסאָר געוויעזען פון זיינע אייגענע ווערק, אַז יענע פּערגרעסערונג פון דער צאָהל אַרבייטער קומט דוקא פאָר, און וואָרום עס איז אַזוי; און אַז גראָד יענער „סיידען" בעווייזט ווי געזונט ער וויים אַליין, אַז דאָס געזעץ, וואָס ער בעקעמפּפט כלומרשט מיט פּערפיהרערישע דרעהדלעך, איז אמת. איך האָב איהם אויך געצייגט ווי קנאַפּוואָס „עהרליך עס איז, און ווי ווינציג כבוד עס פערדיענט" אזא מין פאַלקס־פערפיהרונג מיט דער הילף פון דרעהדלעך, און ווי ער דאַרף „רויטווערען" פאַר בושה פון זיין ערקלערונג.

פּראָפּעכאָר ראַו האָט ניט פּראָבירט, אַפילו מיט קיין איין וואָרט ניט, מיר אָבצוענטפערן, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס צוליעב די שאַרפע מוסר־ווערטער וואָלט ער זיך גאַר ניט געקאָנט בעגעהן אָהן אַ תשובה, טאָמער וואָלט פאַר איהם נאָר געווען אַ וועג ווי אַזוי אָבצוענטפערן.

מיט דער לעקציע, וואָס ער האָט בעקומען, האָט ער זיך רוהיג צוריקגעצויגען פון קאַמף.

מילאָ, פּראָפּעסאָר ראַו האָט כאָטש וועניגסטענס אַ געוויסען, וואו מען קאָן אָנקלאַפּען, וואָס מען קאָן טרעפען.

וואו קלאַפּט מען אָן ביי איך ?

אין דעם אַרטיקעל געגען פּראָפּעסאָר ראַו וואָס איך האָב מאַקי דערפאַר דאָ צוגעשטעלט אַלס אַן אַנהאַנג, איז שוין אייך אויף פאַר איין וועג, בעוויעזען, אַז דורך יענעם „סיידען" אין דעם ציטירטען זאַץ האָט איהר אַרויסגעגעבען ווי פאַלקאָם בעקאַנט דאָס דאָזיגע געזעץ איז אייך. יעדערער וואָס בעהויפּטעט, אַז דער אַרבייטס־לוין שטייגט דורך דער פערמעהרונג פון קאַפּיטאַל און האַלט אָן אַזוי, סיידען די פערמעהרונג פון די אַרבייטער איז נאָך אַ גרעסערע, וויים און ווייזט, אַז ער וויים — אַז עס קאָן ניט שטייגען אויף אַ דויערנדער צייט, נאָר, לויט די בעזונדערע פעלע, איז אָדער עס שטייגט אינגאַנצען ניט, אָדער אויב שוין יאָ, פאַלט עס באַלד ווידער וויניגסטענס פּונקט אַזוי ניעדריג, ווי פריהער

(אויב ניט נאָך ניעדריגער, ווי עס טרעפט אָפּטמאָל), מחמת די פערמעהרונג פון קאפּיטאל רופט ארויס א נאָך גרעסערע פערמעהרונג פון ארבייטער.

ער ווייס דאָס, וואָרים דאָרטען וואו די עקאָנאָמען בעהאנדלען איינע פון [illegible]א פראגען, בעהאנדלען זיי אויך די צווייטע; און יענער „ב[illegible]רען" ווייזט דוקא אָן אויפ'ן פאקט, אז ביידע פראגען זיינען איהם בעקאנט.

איצט אז מיר האָבען זיך שוין אפריהער איבערציינגט, אז איהר אליין ווייסט, ווי אמת עס איז דאָס געזעץ וואָס איהר לייקענט אָב פאר די ארבייטער מיט אזא געוויסענלאָזיגקייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט, וועלען מיר נאָך בעטראַכטען די בעשטימטע פאָרמע, אין וועלכער איהר לאָזט אָט די הכחשה ארויסקומען.

זיך אָבשטעלענדיג אויף מיין „אנטוואָרטשרייבען", זאָגט איהר אין אייער „קאטעכיזמוס", ז. 150: „נאָך דעם נאָך, זאָל, אונטער די היינטיגע אומשטענדען, „דער דורכשניטליכער ארבייטס־לוין דוקא בלייבען שטענדיג רעדוצירט אויף די נויטיגע לעבענס־מיטעל וואָס פאָרדערן זיך, לויט דער אָנגענומענער געוואוינהייט ביים פאָלק, אויף אָנצוהאַלטען די עקזיסטענץ און קיום הכין".

„אָז דאָס דאָזיגע געזעץ איז דורכאויס ניט אמת, פיהלט איהר אליין אלס מענשען, וועלכע זיינען ארומגערינגעלט פון די־אָ פערהעלטניסע, אזוי גיך נאָר ווי איהר קוקט זיך ארום אין אייערע אייגענע רייהען; און מען דאַרף טאַקי האָבען גאָר די חוצפּה, און דאָס גאַנצע האלב־ווייסען פון הערר לאַסאַל, אום אייך צו וועלען איינשמועסען אזעלכעס, און דערביי נאָך בעהויפּטען אז אלע אויטאָריטעטען אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע שטעהען אויף זיין זייט."*

---

* וואָס איז שייך די „אויטאָריטעטען", האָב איך, אחוץ ריקאַרדאָ'ן (זעה אויבען ז. 95, אָנמ. 3), נאָך ציטירט אין מיין „ארבייטערלעזעבוך" די שטעלען פון אַדאַם סמיטה, זש. ב. סיי, דזשאָן סטיואַרט מיל, פּראָפעסאָר צאַקאַריע, און אַלע זאָגען זיי בוכשטעבליך דאָס זעלבע. נאָך אַ סעריע, וויעדער (טוק, מאַלטהוס, סיסמאָנדי, א. אַ. וו.), האָב איך ציטירט אין מיין „אינדירעקטע שטייער", און די צאָהל וואָלט נאָך געקאָנט גאַנץ גרינג פערטאָפּעלט און פערדרייפאַכט ווערען. אָבער

אין „פאַלש” האָב איך פּאָרט געמאַכט לויט הערר מאַקס ווירטה ! איך האָב אין דער פריהער־ציטירטער שטעלע פון מיין „אַנטוואָרטשרייבען”, וואו איך רייד פון דער איינשטימיגקייט, מיט וועלכער דאָס דאָזיגע לוין־געזעץ איז אַנערקענט געוואָרען פון די עקאָנאָמען, אויך דערמאָהנט באַסטיאַ’ן אַלס אַזעלכען וואָס אַנערקענט עס. און מוז שוין הערר מאַקס ווירטה מודה זיין, אַז די אַלע איבריגע אויטאָריטעטען האָבען עס געטהאָן, האָט עס דאָך, אָבער, באַסטיאַ, דער גרויסער באַסטיאַ, דער אבן טוב באַסטיאַ, קיינמאָל ניט געטהאָן !

באַסטיאַ איז קיינמאָל ניט געוועזען אַזאַ חצוף און שוטה, אַז ער זאָל אַזעלכע זאַכען אויספּלוידערן ! מיינט הערר ווירטה. אין אַן אַרטיקעל פון זיין „אַרבייטגעבער”, בעשולדיגט מיך, דעריבער, הערר ווירטה אין אַ פאַלש: סטייטש, איך האָב זיך בעצויגען, מיט אַן אונפערשעהמטקייט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייבען ניט, אויף באַסטיאַ’ן, כדי צו שטעלען אויף מיין זייט „אַזעלכע גרויסע נאָמען ווי באַסטיאַ’ס”. — איך האָב דעם „גרויסען באַסטיאַ” אין דעם איצטיגען ווערק שוין אַזוי בדבעי צוגומען אין זיין נישטיגקייט, אַז באַסטיאַ’ס הנחות אָדער הכחשות קאָנען מיך, פערשטעהט זיך, גאָר ניט אָנהויבען אָארען.

נאָר פונדעסטוועגען, הערר שולצע, אָט דאָ האָט איהר די שטעלע פון באַסטיאַ’ן, וואָס איך האָב געהאַט אין זינען, ווען איך האָב בעהויפּטעט, אַז שוין באַסטיאַ גופאַ, אָט דער כזבנ’דיגסטער עקאָנאָמישער שריפטשטעלער פראַנקרייך, האָט יענעם געזעץ ניט געלייקענט. מאַכענדיג אַ סך־הכל פון די טענות, וואָס מען ברייננגט־פאָר אַנטקעגען דער פרייער קאָנקורענץ, דערמאָהנט באַסטיאַ יענעם אַרבייטס־לוין געזעץ און שאַצט עס אָב מיט אָט די ווערטער: (אַרמאָניה עהקאָנאָמיק, פּ. 362.)

„דער פּועל־יוצא פון דעם איז, אַז דער אַרבייטס־לוין האָט די נויגונג זיך אָוועקצושטעלען אויף אַזאַ הויך, וואָס איז אַבסאָלוט נויטיג אויף צום לעבען, און אונטער די דאָזיגע אומשטענדען, איז טאָמער קומט דאָ אַריין דער קלענסטער צו־וואוקס פון קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער, איז דאָס אַן אמת’ער אומגליק, וואָרים עס געהט זיי ניט אין אַ גרעסערען אָדער קנאַפּערען וואוילזיין, נאָר פּשוט אין דעם, אַז דאָס לעבען זאָל פאַר זיי זיין מעגליך. אוודאי, פאַקטיש איז אין אָט דער טענה פאַרהאַן אַ שטיק אמת, שוין גאָר אַ שטיק אמת. צו לייקענען די יסורים און די שפל’קייט פון יענעם קלאַס מענשען, וואָס פיהרט אויס דעם מאַטעריעלען טייל פון דער פּראָדוקציאָנס־אַרבייט, וואָלט געהייסען צומאַכען די אויגען פאַר דער שיין. דעם רעכטען אמת זאָגענדיג, איז עס אָט דער צרה’דיגער מעמד, אין וועלכען עס געפינען זיך אַ גרויסע צאָהל

פון אונזערע ברידער, וואס אויף דעם בעציהט זיך דאס סאציאלע פראבלעם, ווי מען האט עס מיט רעכט א נאמען געגעבען".

אט האט איהר שוין באסטיא! און באלד תיכף זאגט ער ווייטער: „און אזוי ווי דא־אספעציעל האלט זיך אויף דאס סאציאלע פראבלעם, וועט שוין דער לעזער פערשטעהן, אז איך קאן זיך דא ניט פערנעהמען מיט דעם.

„הלואי זאל גאט געבען, אז די לייזונג פונ'ם פראבלעם זאל קלאר ווערען פון דעם גאנצען בוך, אבער אודאי קאן עס ניט קלאר ווערען פון איין קאפיטעל."

דערווייל האט גאט ניט געגעבען, אז די לייזונג פון אט דעם סאציאלען פראבלעם זאל קלאר ווערען פון באסטיא'ס בוך, ווארים עס ווערט פונקט אזוי קלאר פון דעם גאנצען בוך, ווי פון יענעם קאפיטעל; און יענע ווערטער באסטיא'ס זיינען נאר איין אופן, פונקט ווי עס האט געקאנט זיין אנאנדער אופן, ווי אזוי זיך ארויסצודרעהען פון דער לייזונג פון דעם פראבלעם, וואס איז פאר איהם ניט־לייזבאר. — אבער זאל מען איצט פערגלייכען וואס באסטיא זאגט מכח יענעם ארביטס־לוין געזעץ, און וואס הערר שולצע זאגט מכח דעם, וועט מען זעהן ווי וויט דער תלמיד יאגט נאך אריבער דעם רבי'ן. פאקטיש שוין צופיעל אמת, אזוי דריקט זיך אויס הערר באסטיא און האלט, אז עס וואלט געהייסען צומאכען די אויגען פאר דער שיין, ווען מען זאל וועלען פערלייקענען יענע ביטערע לאגע פון די ארבייטער.

„דורכאויס ניט־אמת", נאר געבוים אויף מיין „גאנצען האלב־וויסען" און גאר מיין חוצפה צו פערמולירען דיזע ציהן" — רופט עס אן הערר שולצע — און מיט געטריישאפט, האבען דאס זיינע יוצר משרתים, די הערען בערנשטיין, ווירטה, מיקאעלים, פאוכער און הונדערט אנדערע דאס איבערגע'חזר'ט אין אלערליי וואריאצעס — און כדי צו בעווייזען דעם שקר דערפון, סמאיעט ער אויפצופאדערן די ארבייטער, אז זיי זאלען „זיך ארומקוקען אין די אייגענע רייהען זייערע"!

מען קאן אפילו זעהן, אז עס איז נאך א ווייטער מהלך פון באסטיא'ס פאלשקייט ביז דער געמיינקייט פון הערר שולצע מיט זיינע שמשים, וואס מאכט דייטשלאנד צו שאנד!

[ווען מען בעטראכט די געמיינטע הודאה, וואס לאסאל וויל ארויסציהען פון באסטיא'ן, זעהט מען, ווי עס איז אנגעמערקט אין דער 1893 אויסגאבע, אז עס איז א קנאפע הודאה. ווען באסטיא האט געזאגט, אז א גרויסע שטיק אמת איז פארהאן אין דעם אייזערנעם לוין־געזעץ, האט ער ניט מכוון געוועזן אז דאס געזעץ אליין איז לחלוטין אמת: און לאסאל איז ניט געדולדיג גענוג אייגצוזעהען דעם חלוק צווישען ביידע בעגריפען. א. א. ר.]

אַזוי ווי איהר אַליין האָט אַרויפגעבראַכט אויף די רייד „דאָס גאַנצע האַלב־וויסען“, וואָס כאַראַקטעריזירט מיך לויט אייער מיינונג, הערר שולצע, און אַז איהר צווינגט מיך שוין יאָ זיך אָבצושטעלען אויף דעם, — נו, האָב איך זיך ניט וואָס צו שעהמען מיט מיין התמדה! איך האָב געשאַפּען גרויסע ווערק פון מענשליכער ענערגיע און מענשליכען וויסען, און אַלס עדות אויף דעם קאָן איך אָנווייזען אויף פאָן הומבאָלדט,* בעק, סאַוויני און נאָך אַ סך פון זייער גלייכען!

אָבער, קלערט איהר זיך, דערפון האָט דאָך גאָרנישט ניט געקאָנט אַריינדרינגען אין די אַרבייטער־קרייזען! דערצו נאָך, זייט איהר דאָך געשטאַנען געשטיצט אויף הונדערט צייטונגען, אויף צייטונגען וואָס זיינען גאָר צו גולם'דיג צו וויסען דעם חלוק צווישען מיר און אייך, און אַפּילו ווען זיי זאָלען דאָס יאָ האָבען געוואוסט, זיינען זיי געווען גאָר צו ליגנעריש, אַז דאָס זאָל זיי ווי ס'ניט־איז אַרען.

וואָס איז ספּעציעל נוגע מיין „גאַנצען האַלב־וויסען“ אויפ'ן עקאָנאָמישען געביעט, איז גענוג צו זאָגען, אַז איך האָב דאַמאָלס געהאַט פּערעפּנטליכט מיין „אינדירעקטע שטויער“, אַ שריפט, וואָס איך האָב געשריעבען פּונקט ווי די איצטיגע, צווישען אַגיטאַציע, אַ פערנומענער מיט רעדעס, צייטונגס־ערקלערונגען און קרימינאַל־פּראָצעסען, אָהן אַ ברעקעל פרייע צייט פאַר טעאָרעטישע אַרבייט — און געזאָלט האָט עס ניט מעהר ווי דיענען אַלס אַ פּערטיידיגונג; פונדעסטוועגען האָב איך אין דעם, שפּיעלענדיג זיך, אַלס אַ פּראָבע בלויז פון מיינע עקאָנאָמישע שטיקלעך און ברעקלעך, אַרויסגעוויעזען די נאָהענטסטע בעקאַנטשאַפט מיט רייהען און רייהען פון עקאָנאָמישע ווערק, פון וועלכע איהר האָט אַפּילו קיינמאָל ניט געהערט די ביכער־טיטלען, בעסער נאָך,

---

* אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט (נאַטוראַליסט פון ערשטען ראַנג און שטאַאַטסמאַן), וועלכער האָט געהאַלטען לאַסאַל'ען פאַר אַ וואונדערקינד, בעק (גרויסער פילאָלאָג), און סאַוויני (בעריהמטער יוריסט), זיינען אַלע דריי געבאָרען געוואָרען נאָך אין 18טען יאָהרהונדערט.

דעם גרויז־גרויען בעק איז אויך געווען בעשערט אויפצושרייבען די מצבה־אויפשריפט אויף זיין געוועזענעם תלמיד'ס קבר, נאָך דעם טראַגישען דועל, וואָס איז אַזוי גוט בעקאַנט. א. א. ר.

פון וועלכע איהר האט אפילו קיינמאל ניט געהערט די נ ע מ ע ן פ ו ן ד י א ו י ט א ר ע ן.

נו, וואס האט. דאס אלץ אויסגעמאכט ? איהר האט דאך געהאט הונדערט צייטונגען, וואס זיינען געווען ענטשלאסען אייך צו בעשיצען, ענטשלאסען איבערצוזאגען אלע טאג אלץ וואס איהר האט געזאגט, ענטשלאסען אלץ א־חוץ דעם שטום צו פערשוויגען, ענטשלאסען זיך אויסצוטהון פון יעדען ברעקעל בושה ביז עס איז שוין אזש ניטא קיין צוגלייך צו זיי ! איך האב דאך ניט געהאט ק י י ן „צ י י ט ו נ ג", איך בין ד א ך געשטאנען א ל י ין, נו, איז שוין דאמאלס ניט געווען קיין ספק פאר אייך און אייער באנדע, אז עס וועט זיך אייך איינגעבען מיך צו בעגראבען ! — אזוי ווינציג האט איהר אויסגערעכענט דעם כ ח פ ו ן א מ א ן.

האט איהר־זשע אבגעמאכט ביי זיך, אלזא, אז דער זיכערסטער מיטעל צו דער דאזיגער פערניכטונג איז גאנץ רוהיג פאר די ארבייטער אנצונעהמען קעגען מיר די געהויבענע האלטונג פון א וויסענשאפטסמאן, וואס קוקט אראב אויף אן איגנאראנטען האלב־ווייסער *

זאל גאט אבהיטען אז אזא געגנער ווי איהר, זאל אויסקומען צו צורייצען מיין ש ט א ל ץ!

---

* עס ווילט זיך מיר פארט פערוואיביגען, אויף יענער צייט, ווען די „פאלקסצייטונג" וועט שוין לאנג האבען ערפילט אין אלע איהרע עקזעמפלארען די שליחות, צו וועלכער זי איז בעשטימט — א שטעלע פון אט דעם שאנד־בלעטעל פון וועלכער זיי וועלען קאנען דערזעהן גאפענדיג ו ו י ו ו י י ט אונזערע זשורנאליסטען פון היינט האבען דאס געסמאיעט צו טרייבען זייערע ציניזשע אונפערשעהמטקייטען. א י ן דעם ערשטען נומער פון זייער באנד־וואָרים, בעשטעהענדיג פון דרייצעהן ארטיקלען, מיט וועלכען די „פאלקס־צייטונג" האט מיך ארומגעוויקעלט, זאגט זי (נומער 94 פון 23סטען אפריל 1863) וועגען מיר אט ווי דא ווערט איבערגעגעבען ו ו א ר ט א י ן ו ו א ר ט: „פונקט ווי ביי אלע האלבדערבאקענע אינטעלעקטען, וואס האבען ליעב זלזולים (?), אזוי איז אויך א גליק נאך, וואס הערר לאסאל האט די פאנטאזיע צו וועלען מאכען דעם איינדרוק פון א געלעהרטען פאר אן עולם, וואס איז ווייט פון געלעהרזאמקייט ; און אין זיינע ארבייטען וואס זיינען אויסגערעכענט צו דיענען דאס פאלק, טהוט ער אריין אזעלכע גרויסע פארציעס האלב־וויסען, אז זיי הויבען איהם ניט אן צו פערשטעהן, און זיין געפעהרליכקייט ווערט שוין לגמרי אבגעשוואכט."

איך וויל דערפאר זיין גאנץ מעסיג, הערר שולצע! אבער אפילו ווי מעסיג איך זאל ניט זיין, קאן איך אייך נאך אט דאס איינע זאגען: פרעגט זיך נאך אויף מיר ביי פריינד, פונקט ווי ביי שונאים. און אויב עס זיינען נאר אזעלכע שונאים וואס האבען אליין עפעס געלערנט, וועלען אייך די שונאים, פונקט ווי די פריינד מיינע, אלע אין איין קול בעשטעטיגען וועגען מיר: אז יעדע שורה, וואס איך שרייב, שרייב איך אנגעגורט מיט דער גאנצער קולטור פון מיין יאהרהונדערט!

און א מאן, ווי שעלינג דריקט זיך אויס, מיט דער קולטור פון א פעלדשער האט עס די העזה מיך אויפצו־ווארפען מיט „האלב־וויסען און חוצפה"!

---

# נ א כ װ א ר ט

## אַ מעלאַנכאָלישע בעטראַכטונג.

אַט דאָס, הײסט עס, איז דער „ק ע נ י ג א י ן ד ע ר ס אָ־צ י א ל ע ר מ ל ו כ ה“ װי די הערען געאָרג יונג, הײנריך בירגער און העלװיטץ האָבען איהם אפּאָסטראָפירט אין קעלן אין אַ יום־טוב'דיגע רעדע! דאָס איז עס דער אנערקענטער קאָפּ און פיהרער פון דער פּראָגרעסיסטישער פּארטײ! אַט דאָס איז עס דער „גרױ־סער מאַן“ פון אַלע אונזערע ליבעראַלע צײטונגען פון אַלע שאַטי־רונגען, אָנהױבענדיג מיט דער „פּאָלקסצײטונג“ און קאָנטשענדיג מיט דער „רהײנישער צײטונג“ און „דער בערלינער רעבּאָרם“!

הקיצור, ד אָ ס א י ז ד י פּ ע ר ק ע ר פּ ע ר ט ע א י נ־ט ע ל י ג ע נ ץ פ ו ן א ו נ ז ע ר ק ל ײ נ ב י ר ג ע ר ט ו ם ב צ ו ר ת א ד ם!

װען מײן כונה װאָלט נאָר געװען אַז איהר זאָלט כאַפּען דורך מיר די מפּלה אײערע, הערר שולצע — טאָ װאָלט איך דאָך געדאַרפט זײן אױפגעלעגט װי־נאָר; און װאָס פאַר אַ גרונד װאָלט איך דען געהאַט צו זײן אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג!

װאָרים אין דער רגע װי איך גיב דאָס דאָזיגע װערק צום דרוק, מעגט איהר זיך שוין בעטראַכטען פאַר אַ ב ר מ י נ ן; און אין דער רגע װי דאָס בוך האָט נאָר געפונען עטליכע טױזענד לעזער מעגט איהר זיך שוין האַלטען פאַר אַ בעגראָבענעם אױך!

דערפאַר איז מיר שוין ערב די אײטעלקײט פון מענשען, װי שטאַרק עס זאָל אײער פּארטײ ניט געהען אין לעבען אײך צו בע־שיצען. עס װעט װײטער אַמאָל זײן די אײגענע מעשה װי דאָנסט־מאָל װען מײן „י ו ל י א ן“ איז ערשיענען, װען אפילו דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער „נ א צ י אָ נ א ל־צ ײ ט ו נ ג, דר. צ א ב ע ל האָט צו יעדען אײנעם, װאָס האָט זיך נאָר געלאָזען רעדען, געזאָגט: „דאָס האָב איך דאָך כסדר גע'טענה'ט, דאָס האָב איך דאָך כ ס ד ר גע'טענה'ט“, בעת, אין דער אמת'ען, האָט ער גאָר אין זײן בלאַט

געבראַכט אויף יוליאַן'ען די ברייט־צושמירטסטע שבחים פון הערר טיטוס אולריך'ס פעדער אַרוים!

עס וועט ווייטער אַמאָל זיין די אייגענע מעשה, זאָג איך. ביי דער עם הארצות און געדאַנקען־אונפעהיגקייט אָהן גלייכען וואָס איך האָב אייך דאָ אויפגעוויעזען, וועט קיינער ניט וועלען פאַרקומען אַזוי „אונענטוויקעלט" און אַזוי „אונפעהיג", אַז ער זאָל זיך ניט האַלטען אין דער מעלה קעגען אייך, אַז ער זאָל שטעהן מיט אייך אויף איין גייסטיגער הויך. מען וועט זיך ביסלעכווייז אַבקיהלען צו אייך ביז מען וועט קומען צו יענעם פונקט, וואו מען וועט זאָגען „דאָס האָב איך דאָך כסדר גע'טענה'ט"! האַלטען וועלען זיי זיך נאָך ביי זייער זאַך, אָבער תחילת אונטער פיער אויגען, דערנאָך צווישען איינגענע מענשען, און וואָס ווייטער וועט מען אַלץ אויף אַ העכערען קול מודה זיין אַז איהר זייט אָהן ספק אַ „זעהר אונפעהיגער" פערטרעטער פון זיי, אַ קינד — אַן אמת'ער עכברוש.* לסוף, וועט איהר ווערען די קאָמפּראָמיטירענדע פערזאָן וועמען קיינער וויל ניט האָבען, און דורך וועמעס בעריהרונג, יעדער האָט מורא מאָמער מאַכט ער זיך אַליין לעכערליך!

דאָס אַלץ וועט ווערען אין אַ קורצער צייט, און איהר קאָנט שוין הייסען אַזוי גוט ווי טויט און בעגראָבען!

אָבער וואָס איז דערמיט געוואונען?

אונזערע תמימות'דיגע טיעפענבאַכער מחותנים, די קרעמערלעך און מייסטערלעך וועלען ווידער זאַלבען אַנאַנדערן למך,** פאַר זייער „מלך"!

מען קאָן דאָ מיט אַ קליינעם שנוי איבערזאָגען געטהע'ס פערזען:

„פון נימפּלען זיינען זיי שוין פּטור,
די נימפּלען זיינען, אָבער, אַלץ געבליעבען".

אין דער אמת'ען, איז הערר שולצע ליידער ניט קיין פערזאָן. ער איז אַ טיפּ; ער איז דער אויסדרוק פון אונזער בורזשואַזיע!

ווען הערר פאָן בלאַנקענבורג האָט ניט לאַנג צוריק אין דע־

* "Infant Terrible"

** „גימפּעל".

פּוטאַטען־קאַמער פּערגליכען די „שולצע׳ס און די מילער׳ס“ פון דער איצטיגער צייט מיט די גוויזאָ׳ס * פון דער פּערגאַנגענהייט, האָט טאַקי הערר שולצע געקאָנט, אונטער׳ן שטורמישען אַפּלאָוז פון דער פּראָגרעסיסטישער פּאַרטיי, ערקלערען אז אין זיין נאָמען, „נאַטירליך ניט אַוועקקוקענדיג פון זיין פּערזאָן“, זעהט ער דאָס גאַנצע קליינבירגערטום סימבאָליזירט!

אָט די ווערטער פון הערר שולצע זיינען געווען — וואָס דער הילכענדער פּאַרלאַמענט, האָט דאַנסטמאָל ניט תופס געווען — דער טויטליכסטער פּסק־דין פאַר דער בורזשואַזיע וואָס איז ווען אַרויסגעגעבען געוואָרען! — אָבער אמת זיינען די דאָזיגע ווערטער, וואָס אמת׳ער קאָן שוין ניט זיין!

אומעטום, וואוהין מען קעהרט זיך און וואוהין מען ווענדט זיך, איז אַלץ דערזעלבער קלאַסען־אויסדרוק!

אין דער ליטעראַטור הייסען זיי יוליאַן; אין פּאַרלאַמענט — די פּראָגרעסיסטישע פּאַרטיי, אין דער פּרעסע, הייסען זיי צאַבעל און בערנשטיין; און אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע — שולצע!

אָט דערפון, דערפון נעהמט זיך עס די גרויסע הצלחה זייערע אין די פּראַקטישע און פּאָליטישע קעמפּע!

ווי ער קען זיך דאָס ניט אָבוואונדערן, אָט דער שמאָלקעפּיגער ערב־רב, וואָס די מאָנאַרכיע און די אַלטע אַריסטראָקראַטיע וועלכע איז געוואוינט צו הערשען וויל זיך ניט בויגען פאַר איהם! דאָס מוז אודאי עפּעס ניט זיין גלאַטיג!

און, קעהרענדיג זיך צו דער אַנדערער זייט־צו, קאָן ער גאָר ניט פערשטעהען ווי אַזוי עס עפּענט זיך דאָס גאָר ניט די ערד אויף איינצושלינגען אַלץ וואָס שטעהט איהם אין וועג! ווי ער קוקט דאָס אַזוי פּער׳דאַגה׳ט אויף די פראַנצויזישע פאָלקס־פערזאַמלונגען ביי דער ענדע פון פריהערדיגען יאָהרהונדערט; און

* „קוויטצאָוו“ אין אָריגינאַל — הפּנים אַ פּערדייטשטע פאָרמע פון גוויזאָ, דעם גרויסען פראַנצויזישען פינאַנץ־מיניסטער, וועלכער איז, נאָך נאַפּאָלעאָן דעם ערשטענ׳ס מפּלה, געווען אפשר דער איינפלוסרייכסטער מאַן אין פראַנקרייך. גוויזאָ איז אויך געווען אַ פּראָפעסאָר און אַ בעריהמטער היסטאָריקער. א. א. ר.

עס קאָן זיך איהם גאָר ניט פּאַטויפּען אין קאָפּ אז ער איז ניט בכח אויסצופיהרען דאָס וואָס יענע זיינען געווען בכח!

טאַ בעגרייפט־זשע נאַר, מיינע הערען! די פראַנצויזישע נאַציאָנאַלע פערזאַמלונגען פון פריהערדיגען יאָהרהונדערט האָבען פעראייניגט אין זיך גאָר די גאונות און גאָר דעם אינטעלעקט פון פראַנקרייך. עס איז דאַמאָלס ניט געווען אין פראַנקרייך קיין איינציגער געדאַנק וועלכער זאָל האָבען אַריבערגעטראָטען די ציעלען וואָס די־אָ פערזאַמלונגען האָבען אויסגעשטרעבט! מען קאָן ניט אָנווייזען אויף קיין איין געדאַנק אין דער גאַנצער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע פון יענער פעריאָדע וואָס זאָל ניט בעוועגען דעם דופק פון די־אָ פערזאַמלונגען, וואָס זאָל ניט פאַרשטעלען מיט זיך דעם אָביעקט פון זייער פערווירקליכונגס־ארבייט! זיי זיינען, הייסט עס, געשטאַנען אויף דער העכסטער טעאָרעטישער הויך פון זייער צייט, אויף איהר סאַמע שפּיץ ענטוויקלונג!

אויף אזא'ן אופן, זיינען זיי געווען דער לעבעדיג־געוואָרענער גייסט פון זייער צייט אין זייער לאַנד, און דערפון האָט זיך גענומען די מאַכט מיט וועלכער זיי האָבען געוועלטיגט איבער דעם דאָזיגען. דערפון איז אַרויסגעקומען די פערברענטע התלהבות מיט וועלכער זיי האָבען אָנגעפילט דאָס לאַנד!

איהר אָבער, מיינע הערען, שטעלט, ווי איך האָב אייך שוין פריהער אָנגעמערקט, אייער יחוס גראָד אויף דעם וואָס איהר שטעהט ניט אויף דער טעאָרעטישער מדרגה. איהר שטעלט אַוועק דאָס „פּראַקטישע" אַזוי, אַז עס זאָל הייסען: קיין זאַך ניט צו וועלען אָדער אויסצופיהרען וואָס איז ניט צוגעפּאַסט צו דער גייסטיגער הויך פון דעם סאַמע לעצטען פינצטערלינג אין לאַנד! דער גייסטיגער טאָל — אָט דאָס איז די הויך וואו איהר בלייבט שטעהען, איהר וואָס זייט געבוירען געוואָרען צו וואוינען אין אַ לוזשע, און העכער לאָזט אייך אייער פּרינציפּ זיך ניט דערהויבען, מחמת עס וואָלט געווען דערווידער אייער עלעמענטאַרער לעבענס־פאָדערונג!

אין דער צייט וואָס דער געדאַנקען־פּראָצעס פון אונזער יאָהר־

הונדערט האָט שוין אָנגעפאַנגען זיין ראַשיגען אונאָבהאַלטבאַרען גאַנג און האָט שוין דערגרייכט, הן אין פּאָליטישען פּרט, הן אין נאַציאָנאַלען און הן אין סאָציאַלען פּרט, אַז הויך, וואָס פון דאַנען ווייזען אויס די גאַנצע פּריסישע קאָנסטיטוציע, דאָס געזעצליך־גאַראַנטירטע הערצאָגטום פון דעם אוגוסטענבורגער* און די אָב־געהיטע גאַנצקייט פון דער קאָנסטיטוציע שייך צו דער קאָנפעדע־ראַציע — ווייזען זיי אַלע אויס ווי פּאָסילען פון אַ לאַנג איבער־געקומענער ענטוויקלונגס־פּעריאָדע, קאַפּאַיעט איהר זיך נאָך אַלץ אַרום ביי פראַגען וואָס וואָלטען מיט 40—50 יאָהר צוריק ערשט געקאָנט האָבען אַ זייטיגען אינטערעס, און לייזען לייזט איהר די דאָזיגע פּראַגען מיט תרופות וואָס אַפילו אין דער צייט בעת דאָס לאַנד איז געווען צוטיילט אין מלוכה׳לעך, וואָלטען זיי ניט אַרויפגע־שוואומען אַלס אַן ע ו ב ד א פון די „ליעבע און געטרייע" ! **

אָבער רעקלערט נאָר, איהר אויפגעקלערטע שטאַטס־לייט, אַז איהר מאַכט זיך דערמיט גופא פאַר די „ט ו י ט ע ה י נ ט" פון וועלכע ש ע ל י נ ג רעדט אין מיין איינלייטונג !

בעקלערט־זשע נאָר אַז, כדי צו האָבען דאָס לאַנד ה י נ ט ע ר זיך, מוז מען זיין מיט אַ קאָפּ ה ע כ ע ר פאַר אַלעמען !

אונמעגליך, מען קאָן אָט די זעצע ניט אַריינפּאַקען אין דעם גייסטיגען באַגאַזש פון דער היינטיגער בורזשואַזיע !

אַן אינסטינקטיווע שנאה צו דער „אידעע" האָט זי אָנגע־כאַפּט, און בעת פּ ר אַ ק ט י ש הייסט [אין דער אמת׳ען] בלויז דאָס וואָס קאָן אין איהרע לונגען בעוועגען די לעבענס־לופט פון

---

* קאַרל אָוגוסטוס — דער גרויס־הערצאָג פון זאַקסע־וויימאַר און מעצענאַט פון געטהע, הערדער און נאָך ליטעראַרישע פּרינצען. לאַסאַל רעדט דאָ פון דער צייט ווען די פערשיע׳ע׳גע צוברעקעלטע דייטשע מדינות, עסטרייך איינגעשלאָסען, זיינען זיך צונויפגעקומען אין אַ קאָנפעדעראַ־ציע אונטער דער פיהרערשאַפט פון עסטרייך און פּריסען, גלייך נאָך נאַפּאָלעאָן דעם ערשטענ׳ס מפלה. קאַרל אָוגוסטוס איז דאַן געווען פעררעכענט פאַר דעם ליבעראַלסטען צווישען די בעזונדערע הערשער פון די שטאַאַטען וואָס האָבען בעלאַנגט צום „בונד". א. א. ר.

** אַן אָנשפּיעל אויף די יועצים פון די גרויס־פירשטען, וועלכע האָבען געזוכט אַלערליי תחבולות, אין יענער צייט, ווי אַזוי אויסצוגלייכען די סכסוכים צווישען פאָלק און דער רעגיערונג, און אויסצופיהרען דערביי אַז אי דער וואָלף זאָל זיין זאַט און אי דאָס שאָף זאָל זיין גאַנץ.

טעאָריע, האַלט זי, בשם פּרינציפּ, אַז נאָר דאָס איז פּראַקטיש וואָס איז טעאָרעטיש שוין לאַנג טויט און פֿערפֿוילט.

און אָט די אַבסאָלוטע גייסטיגע פֿערטעמפּונג פֿון דער בורזשואַזיע — אין לאַנד פֿון לעסינג און קאַנט, פֿון שילער און געטהע, פֿיכטע שעלינג און העגעל!

זיינען אָט די גייסטיגע גבורים טאַקי באמת נאָר פֿאַרבייגעפֿלויגען איבער אונזערע קעפּ ווי אַ מחנה פֿויגעל? איז שוין פֿון דער ריעזיגער גייסטיגער אַרבייט, און פֿון דער רוחניות'דיגער* איבערקעהרעניש וואָס זי האָט אָנגעמאַכט אין דער וועלט, גאָרנישט, נאָרנישט, אַ האָאַר אויך שוין ניט צוגעקומען צום פֿאָלק? צי בעשטעהט טאַקי, אויף דער אמת'ען, דער דייטשער גייסט פֿון אַ קייט מיט איינזאַמע יחידים, וואָס יעדער פֿון זיי נעהמט איבער דעם חלק ירושה פֿון זיינע פֿאָרגענגער, און מיט אַ ביטערער פֿעראַכטונג פֿאַר אַלע אַנדערע מענשען, געהט ער זיך אָן ווייטער מיט זיין פּרוכטלאָזער אַרבייט, וואָס די נאַציאָן אַנבעלאַנגט?

וואָס פֿאַר אַ קללה האָט דאָס פֿערטריעבען די בורזשואַזיע פֿון איהר ירושה, אַז פֿון די אַלע ריעזיגע קולטורעלע אַרבייטען וואָס זיינען געשאַפֿען געוואָרען אין איהר פּעריאָדע, אַז פֿון דער גאַנצער אַטמאָספֿערע פֿון בילדונג, זאָל ניט האָבען אַריינגעפֿאַלען קיין איינציגער טראָפּען בעפּרוכטענדער טוי אין איהר אַלץ מעהר און מעהר אויסגעטריקענטען מאָרך?

אָ, עס איז אָן אַלט געזעץ אין דער געשיכטע! קלאַסען געהען אונטער דורך דערזעלבער סיבה וואָס האָט זיי געמאַכט פֿאַר די הערשער. די ענטוויקלונג פֿון דער אַרבייטס־צוטיילונג איז דער פֿאַקטאָר וואָס האָט די בורזשואַזיע אַרויפֿגעזעצט אויפֿ'ן כסא המלוכה, און — הונדערט יאָהר איז שוין ווי' דער שאָטלענדער פֿערגוסאָן האָט, אין צוויי שורות, אָנגעגעבען דעם גרונד וואָס מוז, אַ דאַנק דערזעלבער צוטיילונג פֿון דער אַרבייט, פֿיהרען צום אונטערגאַנג פֿון דער אייראָפּעאישער בורזשואַזיע, צום גייסטיגען אונטערגאַנג, הייסט עס, וואָס איז דער

* „איבערליבען וועלטוועגדע".

שרש פון איהר פאָליטישער מפלה, און דער פאָרלויפער פון איהר סאָציאַלען אונטערגאַנג.*

„און *דענקען* גופא קאָן נאָך, אין דער איצטיגער עפּאָכע פון אַבגעטיילטקייט, ווערען אַ מלאָכה פאַר זיך אַליין!"

און געוואָרען איז פונ׳ם דענקען פון דער בורזשואַזיע אַ מלאָכה פאַר זיך אַליין, און אַריינגעפאַלען איז די־אָ מלאָכה אין די *קלאָגעדיגסטע* הענד — אין די הענד פון אונזערע *„צייטונגען"*!

ניט פון די צייטונגען גופא — איך האָב זיי שוין אויסגעמאָלט ווי עס בעדאַרף צו זיין אויף אַנאַנדער אָרט ** — נאָר פון דעם ווי אַזוי דער *עולם* פערהאַלט זיך צו זיי, וויל איך דאָ שמועסען.

*געטהע* זאָגט:

„דאָס „צייטונגס־געשווויסטער",
ווי זאָל זיך עס פיהרען,
כדי די פיליסטער
פאַר די נעזער צו פיהרען?"

אָבער ניט דעם קאָראַן און ניט די׳ תורה, האָט מען אַזוי הייליג געהאַלטען אין זייער צייט ווי די צייטונגען היינט־צו־טאָג! דאָס *נאַציאָנאַלע דענקען*, אויף אַזוי ווייט ווי עס דריקט זיך אויס אין דעם *קליינבירגערטום*, ווערט היינט־צו־טאָג פאַבריצירט פון די „צייטונגען"!

ווער עס לייענט, ביי היינטיגען טאָג, אַ צייטונג — דער דאַרף ניט מעהר אונטערזוכען. ער איז מיט אַלץ פאַרטיג און שטעהט „איבער" אַלץ. מיט אַ כמעט אימה׳דיגער נביאות, מחמת זי לאָזט זיך אַראָב ביז אין די קלענסטע פּרטים אַריין, האָט *פיכטע*,*** מיט זעכציג יאָהר צוריק, געשילדערט דעם „*ריינעם*† *לעזער*" וואָס

---

* אַדאַם פערגוסאָן, אַן עססיי אָן דהי היסטאָרי אָוו סיוויל סאָסייעטי, פּוידזש 278.

** זעה מיין רעדע: „דיע פּעסטע, דיע פּרעסע און דער פראַנקפורטער אַבגעאָרדענטענטאַג". דיסעלדאָרף, שאַוב׳שע בוכהאַנדלונג, 1863.

*** פיכטע, געזאַמעלטע ווערק, בד. 7. ז. 78-91.

† דער אויסדרוק „ריין" איז אין יענער צייט געווען זעהר פערשפּרייט, בעזונדערס אין דער פילאָזאָפיע, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען מיט קאַנט׳ס (פיכטע׳ס רבי) הויפּט ווערק „קריטיק דער *ריינען* פערנונפט". „ריינער" לעזער איז דאָ אַ מין אָנשפּיעל אויף דעם זעהר קוראַנטען פילאָזאָפישען אויסדרוק. א. א. ר.

לייענט קיינמאָל ניט קיין בוך, נאָר לייענט אַלץ וואָס די זשורנאַ־לען זאָגען וועגען די ביכער, און דורך אזא מין בעטויבענדען לייענען ווערט ער אָן דעם ווילען, דעם שכל, דאָס דענקען און יעדע עלאַסטיציטעט פון פערשטאַנד. אָבער וואָס ער זאָל ניט אָנווע־רען, דאָס געווינט ער יאָ — די העכסטע צופריעדענקייט מיט זיך אַליין, און דעם פולסטען צוטרויען אין זיין „מיי־נונג"!

דאַמאָלס איז דאָס נאָך אַלץ געלעגען אין דער זריעה, און האָט ארומגענומען ניט מעהר ווי ליטעראַרישע פראַגען.

אין דער איצטיגער צייט איז עס ארויסקומען אין סאַמע בליהונג, און ווערט אָנגעווענדעט אויף אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגען וואָס בעשטימען דאָס גליק און אונגליק פון דער נאַציאָן!

ווי ווייט עס האָט זיך צובליהט, האָב איך געהאַט די געלע־גענהייט זיך צו איבערצייגען פאַראַיאָהרען סוף זומער.

איך בין דאַמאָלס ארומגעפאָהרען איבער אַ גרויסען טייל פון דייטשלאַנד.

וואוהין איך בין אַלץ געקומען, אומעטום איז תיכף געקומען צו רייד וועגען דער גרויסער פראַגע פון טאָג, וועגען דעם וואָס מען האָט אָנגערופען דעם קאַמף צווישען מיר און הערר שולצע.

פון אַלע זייטען זיינען געפלויגען די מיינונגען און אורטיילען! אַנדערע זיינען געוועזען פריינדליך געניינט, אַנדערע, פיינדליך; די זיינען געוועזען שטורמיש, אַנדערע ליידענשאַפטליך; דאָ האָט מען געגעבען רעכט, דאָרטען בלאַמירט — אָבער אומעטום האָט מען געהאַט „מיינונגען" אויסצודריקען, איז דאָס נאָך, סאַמע זיכערע מיינונגען!

און דאָן פלעגט זיך תמיד ענטוויקלען אָט דער דאָזיגער סטע־רעאָטיפּנער שטיקעל קרייץ־פערהער צווישען מיר און די מיינערס:

— האָט איהר יענע שריפטען מיינע, איבער וועלכע איהר פּסק'ענט, געלייענט"?

— ניין, דאָס ניט.

— אָבער, הערר שולצע'ס ביכעל האָט איהר דאָך וועניגס־טענס געלייענט?

— דאָס אודאי ניט.

— אויב אזוי, טאַ אויף וואָס זייט איהר זיך סומך מיט אייערע אורטיילען, וואָס איהר גיט ארויס מיט אזא זיכערקייט?

— וואָס הייסט? סטייטש, די צ י י ט ו נ ג ע ן... !"

נו, אודאי די צייטונגען! זיי זיינען געוואָרען דער פונק־ציאָנירענדער מארך פון אונזער בורזשואזיע!

דער „קליינבירגער" דענקט ניט אפילו אונטער אומשטענדען וואו ער קעהר שוין האָבען די נויטיגע פעהיגקייט דערצו, א סך בעסער ווי יענע פון וועלכע ער בעציהט דעם געדאַנקען־פּראָדוקט א פארטיגען. אליין דענקען איז אונבעקוועם. עס פאָרדערט זיך צו דעם אז מען זאָל האָבען אפריהער געלייענט ביכער, אוועק־געלעגט מיה, אז מען זאָל האָבען אפריהער געלערנט און אליין חוקר ודורש געווען. עס איז אזוי זיס, אזוי בעקוועם זיך צו בע־ציהען די געדאַנקען פון דער פאבריק פיקס־און־פארטיגע!

נאָך וועניגער ווענדעט ער זיך צו די הורטאָם־הענדלער פון גע־דאנק מיט וועלכע דייטשלאנד גרויסט זיך — צו איהרע גרויסע דענקער און פילאָזאָפען.

דערצו פעהלט איהם, נאָך אין א גרעסערער מאָס, אי גע־שמאַק, אי צייט און אי די נויטיגע פאָרבילדונג.

וואָס דען טהוט ער? אָט פונקט ווי יענע, וועמען עס פעהלען די מיטלען זיך איינצושאפען אויף פאָראויס וואָס זיי דאַר־פען האָבען צום לעבען, און צו נעהמען דאָס אין גרויסע קוואנטיטע־טען פון אָגולניק, מוזען דאָס אלץ קויפען פראָסטע און פערפעלשטע ביים קליינעם קרעמער, אזוי קריגט זיך דער בורזשואַ טאָג־טעגליך דעם געדאַנקען־פּראָדוקט א פיקס־און־פארטיגען פון די הענד פון די צרה'דיגסטע פאראבאָקעס, פון די הענד פון די ליבעראַלע צייַ־טונגס־שרייבער!

אַזוי־זשע איז געקומען דערצו אז די גרויסע און גוטע פון אונזער נאציאָן, אונזערע דענקער און פאָעטען, זיינען זיך ווי פויגעל פאָרבייגעפלויגען איבער די קעפּ פון דער דאָזיגער בורזשואַ־זיע, און צו דער מאַסע איז גאָרנישט ניט צוגעקומען א־חוץ דער פוסטער קלאַנג פון נאָמען!

דער בורזשואַ פייערט יום טובים לכבוד אונזערע דענקער — ווייל ער האט ק י י נ מ א ל ניט געלייענט זייערע ווערק! ער וואָלט זיי אויפ'ן פ י י ע ר ג ע ל ע ג ט, ווען ער וואָלט זיי געווען

געלייענט ; וואָרים אַט די שריפטען זיינען פול מיט ביטערע פעראַכטונג אַנטקעגען דער דאָזיגער בורזשואַזיע !

ער שפּרינגט קדוש פאַר אונזערע פּאָעטען, ווייל ער קאָן ציטירען עטליכע פערזען פון זיי, אָדער דערפאַר וואָס ער האָט געזעהען און געלייענט אַ וואַסער טעאַטער־שטיק זייערס, אָבער אין זייער וועלט־אַנשויאונג האָט ער זיך קיינמאָל ניט אריינגעטראַכט !

אַט דאָס איז די גייסטיגע פיזאָנאָמיע פון דעם דאָזיגען קליינבירגערטום וועמעס עקאָנאָמישע און מאָראַלע פיזיאָנאָמיע איך האָב אַנטפּלעקט אין פיערטען קאַפּיטעל ; און איך האָב דאָ פּונקט ווי דאָרטען געוויזען ווי אַזוי די ערשטע איז ארויסגעוואַקסען פון דער צווייטער !

מען קאָן דאָך אָבער ניט אָפען אַנערקענען דעם צייטונגס־קולט אַלס אַזעלכען. עס וואָלט געווען צו שענדליך ווען אַ פאָלק זאָל שוין אָפען מודה זיין אַז זיין דענקען און גלויבען איז אָבהענגיג פון אַ הייפּעלע שרייבער — וויסטע קאַליקעס, וועלכע טויגען זיך ניט אויס צו קיין קליינבירגערליכער בעשעפטיגונג, און זיינען ניט ראוי עפּעס אייגענס אויפצוטהאָן אין דער גייסטיגער וועלט, נאָר פונדעסטוועגען, זיינען זיי נאָך גוט גענוג — אַט אַזוי ווייט דרעהען זיך דאָס די הפכים איבער ! — צו בעשטימען בסתר דעם גייסטיגען פּראָצעס פון פאָלק !

דער צייטונגס־קולט מוז דעריבער האָבען, פּונקט ווי יעדער קולט, זיין מיסטישע געטין !

אַט די מיסטישע געטין איז די „עפּענטליכע מיינונג“. —

ווער איז זי דאָס, די דאָזיגע „עפּענטליכע מיינונג“ וואָס פאַר איהר מזבח טאַנצט די בורזשואַזיע פּונקט ווי דויד פאַר'ן אָרון, און פערלאַנגט פון אונז אַלעמען אַז מיר זאָלען מיטטאַנצען ?

פון אַלע אונזערע דענקער האָט זי העגעל אָבגעשאַצט דער גערעכטעסטער און דערצו נאָך דער מילדסטער. „דער דעת הקהל — זאָגט ער* פּערדיענט דערפאַר אַז מען זאָל דאָס אַכטען פּונקט ווי פעראַכטען ; פעראַכטען, וועדליג זיין

* רעכטספילאָזאָפיע ז. 403.

קאָנקרעטען בעוואוסטזיין און אויסדרוק, אכטען, ווערליג זיין מהות׳דיגען יסוד וואָס ערשיינט נאָר אין יענעם קאָנקרעטען אויס־דרוק אלס א מעהר אָדער ווענינער מוטנער אָבגלאַנץ״.

איבערזעצענדיג דעם העגעליאַנישען נוסח אויף א קלערערען לשון, הייסט עס: וואָס עס ליעגט אייגענטליך ביים שרש פון דער עפענטליכער מיינונג, איז תמיד־צו דאָס אמת׳ע; אָבער די קליפּה איז אויף איהר שטענדיגשולט, וואָס זי קאָן זיך אליין ניט פערשטעהן, און דערפאַר מוז זי תמיד זאָגען דוקא דעם היפּוך פון דעם וואָס זי מיינט אייגענטליך.

— אזוי ווי עס איז ביי איהר ניט פאַרהאַן דער מיטעל ווי אזוי צו קאָנען מבחין זיין — איז העגעל ווייטער מסביר זיינע פריהערדיגע ווערטער — אויך איז זי וויעדער ניט בכח צו דער־הויבען די ממשות (מהות׳דיגע) זייט אין זיך צו א בע־שטימטען וויסען, קומט אוים אז כדי צו דערגרייכען א וואָסער גרויסען און שכל׳דיגען ציעל, סיי אין דער ווירקליכקייט און סיי אין דער וויסענשאַפט, מוז מען נאָכקומען דעם ערשטען פאָרמאלען תנאי; און דאָס איז: צו זיין אָבהענגיג פון דער עפענטלי־כער מיינונג״.

אָבער אונזערע דענקער מעגען זיך שווערען מיט טויטע שבועות אויף דעם — אין דער אמת׳ען, איז גאָר כמעט ניטאָ, קיין אנדער פונקט וואו זיי זאָלען זיך אזוי צוזאַמענטרעפען ווי אין דעם דאָזיגען — צאבעל* און בערנשטיין**, האָבען זיך אנאנדער מייי־נונג; און די „אונאָבהענגיגקייט פון דער עפענטליכער מיינונג״, אָדער דער דאָזיגער ערשטער תנאי, נאָך העגלען נאָך, אויף יעדען גרויסען און שכל׳דיגען אויפטהו אין ווירקליכען לעבען און אין דער וויסענשאַפט, בלייבט, ווערליג אונזער בורזשואזיע קוקט אויף דעם, דער ערשטער בורזשואזנער חטא, פון וועלכען אלע איבעריגע חטאים זיינען אייגענטליך ניט מעהר ווי וואַריאַציעס און קלענערע מדרגות.

---

* דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער „נאַציאָנאַל־צייטונג״.
** דער רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס־צייטונג.״

העגעל פערענדיגט : „אָט דאָס־אָ — דאָס גרויסע און שכל־דיגע — מעג זיך זיין זיכער אז סוף־כל־סוף וועט עס געפעלען דער עפענטליכער מיינונג ווע‏לכע וועט עס אנערקענען און מאכען פאר איינס פון איהרע פאָראורטיילע !“

מעהר עפּיגראַמאַטיש ווי דאָס קאָן מען שוין ניט שרייבען ! ווי־נאָר די „עפענטליכע מיינונג“ וועט א נ ע ר ק ע נ ע ן אזעלכעס וואָס איז שכל'דיג, אזוי גיך הויבט עס שוין אָן, טאַקי אין דער א נ ו ו ע נ ד ו נ ג גופא וואָס די עפענטליכע מיינונג מאכט פון דעם, ווערען פ א ל ש ; און פון אן א ו ר ט י י ל דרעהט זיך עס איבער אין א פאָראורטייל !

דערמיט וואָס דער ארבייטער־קלאַס איז א ו נ א ב ה ע נ ג י ג פון דער „עפענטליכער מיינונג“ — און די דאָזיגע אונאָבהענגיג־קייט, וואָס לאָזט זיך, שוין מיט דער בלויזער לאָגיק* אליין, ארויס־דרינגען פון די בעדינגונגען פון זיין קלאַסען־לאגע, האָב איך פּראַק־טיש בעוויזען דערמיט וואָס איך אליין, א יחיד, האָב אָבגעריסען אזעלכע גרויסע גרופּעס מיט ארבייטער פון דער אָנגעבונדענקייט צו דער ליבעראַלער פּרעסע — דערמיט וואָס ער איז אונאָבהענגיג פון דער עפענטליכער מיינונג, ווייזט דער ארבייטער־קלאַס אז ער שטעהט גייסטיג לחלוטין העכער ווי די בורזשואזיע, און אז ער איז ראוי איהר צו געבען אנאנדער מין צורה.

מיט מעהר ענערגיע נאָך ווי ה ע ג ע ל, האָט ג ע ט ה ע בע־קראַנצט די עפענטליכע מיינונג :

אויף דער נ י ע ד ע ר ט ר ע כ ט י ג ק י י ט,
זאָל קיינער זיך ניט קלאָגען.
וואָרים ס'איז די מ ע כ ט י ג ק י י ט;
וואָס מען זאָל ניט זאָגען.

אין דעם שלעכטען, איז דאָס בולט
אויף דאָס העכסטע צו געווינען;
און אויפ'ן רעכטען, איז דאָס שולט
אלץ נאָר נאָכ'ן אייג'נעם זינען.

וואַנד'רער ! קעגען אַזאַ נויט
ווילסט דו געהען זיך וועהרען ?
וויכער־ווינט און טרוק'נער קויט,
לאָז זיי דרעהען, קעהרען !

* „א פּריאָרי“.

און דאָך איז נאָך דאַמאָלס, אין דער צייט פון העגעל און געטהע, דער דאָזיגער אָבגאָט פונ׳ם קליינבירגערטום, די עפענטליכע מיינונג, געלעגען אין איהר אָרגאַנישער ענטוויקלונג. זי איז נאָך געווען ווייט פון אָנצונעהמען די פעסטע, וואָכעדיגע, פערהארטעוועטע פאָרמע פון היינט.

אין דער אמת׳ען, ווער איז זי דאָס די עפענטליכע מיינונג פון היינט ? ווער איז איהר טאַטע ? ווער, איהר מאַמע ? פון וואַנען האָט זי געצויגען איהר יניקה ?

צאבעלס אָבהענגיגקייט פון די אינטערעסען פון דער ערגסטער קליקע פינצטערלינגען — אָט דאָס איז איהר מאַמע ; און דער פאַקט וואָס אַלע פינצטערלינגען זיינען אָבהענגיג פון די אינטערעסען און אינטעליגענץ פון א צאבעל — אָט דאָס איז איהר טאטע!

און וואָלט עס כאָטש מעהר ניט געווען ווי דאָס ! ווי ביטער עס וואָלט געווען, וואָלט מען נאָך אַלץ געקאָנט זעהען ערגעץ־וואו א וועג ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען ! אַקטיווע און פאַסיווע אינטערעסען און אינטעליגענצלאָזיגקייט פון דעם איין צאַבעל וואָלטען דאָך נאָך פאָרט ערגעץ־וואו געמוזט קומען צו א ברעג ! אָבער אלע אין לאַנד זיינען צאַבעלס, וואָס שפּיעלען די דאָזיגע טאַטע־מאַמע ראָליע — טאָ ווי אַזוי זאָל מען זיך שוין מציל זיין פון אָט דעם גייסטיגען מבול !

אַזוי־זשע איז געשעהן וואָס שעלינג האָט פאָראויסגעזאָגט אין יאָהר 1803 * : די דערהויבונג פון פּראָסטען פערשטאַנד פאַר א פּוסק אין שכל׳דיגע ענינים מוז דורכאויס שאַפען אַן אָכלאָקראַטיע ** אין דער ספערע פון די וויסענשאַפטען, און דערמיט, מוז פריהער אָדער שפּעטער קומען די אַלגעמיינע דערהויבונג פון דעם המון. פוסטע אָדער צבוע׳יאַצקע פּלוידערזעק וואָס זיינען אויסען צו פערבייטען די ממשלה פון אידעען אויף א געוויסער גורנע־זיסער געמישעכטס פון כלומר׳שטדיגע מאָראַלע פּרינציפּען זאָגען נאָר אַליין אויס אויף זיך וואָס פאַר א קנאַפּע ידיעה זיי

---

* אין די „פאָרלעזונגען איבער די מעטהאָדע דעס אַקאַדעמישען שטודיומס", ווערקע, בד. 5. ז. 259.

** די הערשאַפט פון דעם המון. א. א. ר.

האָבען אין הלכות מאָראַל. עס איז ניט פּ א ר ה א ן קיין מאָראַל אָהן א י ד ע ע ן, און וואו־נאָר א מאָראַלישע אויפיהרונג — איז דאָס מאָראַליש נאָר, אַלס אויסדרוק פון אידעען".

וואָלט מען ניט געקאָנט מיינען אַז שעלינג האָט געקאָנט הערר בערנשטיין ?

אָט די אַכלאָקראַטיע אין דער וויסענשאַפט און די־אַ אַלגעמיי־נע דערהויבונג פונ׳ם המון ז י י נ ע ן אריינגעקומען אין קראַפט. הערר ב א ס ט י א, ש ו ל צ ע און אַ מחנה אַנדערע, שטעלען מיט זיך פאַר דאָס ערשטע — די גייסטיגע ממשלה פון אונזער צייטונגס־המון; די „עפּענטליכע מיינונג" שטעלט מיט זיך פאַר דאָס אַנ־דערע.

און אַלץ אונמעגליכער זעהט נאָך דאָ אויס צו זיין יעדער ווי־דערשטאַנד, מחמת אין נאָמען פון פ ר י י ה י י ט און מ אָ ר אַ ל, ווערט די דאָזיגע בולוואַנישע טיראַניי אויסגעפיהרט קעגען אַן אומבעשרייבליך אָבגענאַרטען פאָלק ; אין נאָמען פון פ ר י י ה י י ט און מאָראַל, פאַכעט מען מיט׳ן קאַנטשיק פון אָט דעם קליקע־מאָ־נאָפּאָל, און מען פערטיילט די קראַנצען פון אַ פאַלשער פּאָפּולאַ־ריטעט !

אַרויסצוטרעטען אַנטקעגען דער־אַ גרויסער זונת בבל מיט אַ שטאָלצער און בעפעהלערישער מיענע, און חרוב צו מאַכען איהרע מזבחות שקר — אין דעם בעשטעהט די ג אַ נ צ ע מ אַ נ ס ב י ל־ש אַ פ ט און דער ג אַ נ צ ע ר כ ב ו ד פון אונזער פעריאָדע !

„לאָז זיי דרעהען, קעהרען !" — אין דער אמת׳ען גערעדט, ווי גרינג וואָלט עס טאַקי ניט געווען, ווען מען זאָל נאָר קאָנען זיך נאָך היינט איינשליסען ווי אין געטהע׳ס צייט, אין דער ענטווי־קעלטקייט פון דער אייגענער אינדיווידואַליטעט און אוועקקוקען פון דעם צושטאַנד פון דער נאַציאָן !

נויטיגער, אָבער, דרינגענדער, ברענענדער ווי ערגעץ אַנדערש, איז אָט דער קאַמף קעגען דער בורזשואַזיע אין איהר גייסטיגען אויסדרוק דוקא אין ד י י ט ש ל אַ נ ד !

דער פערפוילונגס־פּראָצעס פון דער אייראָפּעאישער בורזשו־אַזיע איז אומעטום אין פולען גאַנג.

אין פראַנקרייך האָט זי אָבגעדאַנקט איהר ממשלה, און האָט

זיך געלאָזען אומוואַרפען דורך אַן אוזורפּאַטאָר, מיט אָפענער גע־וואַלט. אין ענגלאַנד האָט זי, דורך אַ פּאַמעלעכדיגען בהדרגה'דיגען פּראָצעס, ביי וועלכען מען קאָן ניט אָנגעבען קיין טאָג אָדער שטונדע, פערלאָרען איהר הערשאַפט אַ דאַנק אַ קליקע־שאַרלאַ־טאַנסטוואָ וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט.

אָבער נאָך האָבעןביידע נאַציאָנען אַ קיום, שטיצענדיג זיך אויף דער ירושה פון אַ גרויסען נאַציאָנאַלען עבר: פראַנקרייך אויף איהר שווערד; ענגלאַנד אויף איהר גאָלד. זיי האָבען וואָס צוצולעגען און וואָס צו פערצעהרען.

אין דייטשלאַנד האָט די בורזשואַזיע, אַ געלייטזעליגטע מיט קליינשטעדטעלדיגקייט און קליינלענדיש־קייט, אָנגענומען די איבעלדיגסטע צורה, און דער אויסלאָז איז — אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ מוז נאָך [ערשט] געוואונען ווערען; זי ליעגט נאָך ערשט אין דער צוקונפט!

צופאַלען איז שוין, יאָהרהונדערטע לאַנג, דאָס וואָס האָט אונז פעראייניגט און צוזאַמענגעהאַלטען, און נאָר דורך אַ גייס־טיגער איבערקעהרעניש וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט, קאָן מען נאָכאַמאָל דערלאַנגען צו דער דאָזיגער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ! שעלינג האָט אויך דאָס־אַ געזעהן: „אַזוי ווי קיין אויסערליכען באַנד האָט דייטשלאַנד ניט, קאָן דאָרטען נאָר אַן אינערליכער באַנד, אַ הערשענדע רע־ליגיאָן אָדער פילאָזאָפיע, ארויסרופען דעם אַלטען, נאַ־ציאָנאַלען כאַראַקטער, וואָס איז צופאַלען און צופאַלט אַלץ מעהר און מעהר אויף שטיק־שטיקלעך.

אָבער טאַקי מהאי טעמא, איז בשום אופן ניט מעגליך אַז מען זאָל זיך דורכשלאָגען אַ וועג צו אַ נאַציאָנאַלער עק־זיסטענץ דורך דער בורזשואַזיע; וואָרים די דאָזיגע בורזשואַזיע איז דאָך טאַקי דער אינדיווידואַליזם גופאַ, אָדער בעסער נאָך, כדי ריכטיגער צו בעצייכענען וואָס מען פערשטעהט אונטער דעם, דער טריעב צו בעזונדערקייט, וואָס האָט אונז געבראַכט אום לעבען אַלס נאַציאָן; און די קליינשטעדטעלדיגקייט און קליינלענדישקייט איז נאָר איהר קאָנסעקווענטסטער און שמאָל־קעפּיגסטער אויס־

דרוק ! אַ טיעפע אינווענינגסטע שייכות איז פאַרהאַן צווישען ביי־דען. ביידע, זיינען זיי נאָר דער אינווענינגסטער און אויסענווענינגסטער אויסדרוק פון דעמזעלבען געדאַנק; און אַט דאַ ליעגט דער הונד בעגראַבען : דערפאַר איז אונמעג־ליך, אנוטער דעם רעזשים פון אונזער קליינבירגערטום, אויסצו־פיהרען אַ נאַציאָנאַלע אויפלעבונג אלס דייטשען, שוין מיט דער גאַנצער בענקעניש נאָך דעם. נאָר מיט איין קלאַפּ, וועלען זיי ביידע בעזיעגט ווערען — די קליינלענדישקייט מיט׳ן קליינבירגערטום!

אויף אַט אַזאַ׳ן אופן ווערט דער דאָזיגער קלאַסען־זיעג אויך געמאַכט פאַר אַ תנאי פון אונזער נאַציאָנאַלען קיום. נאָר פון דעמזעלבען געדאַנק, קאָנען ביידע זאַכען אַרויסרינגען !

אַלץ נעהענטער און נעהנטער רוקט זיך די צייט. וועקענדיג, קלאַפּט זי מיט אַן אייזערנעם פינגער ! היינט איז דאָס נאָך אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג — באַלד, באַלד, וועט עס שוין זיין נאָר אַ פראַגע פון נאַציאָנאַלער עקזיס־טענץ. דאָס־אָ נובאָ ווערען מיר אָן, באם מיר פיהרען ניט אוים יענעם !

זאָל דאָס זיין דער גורל פון דעם דייטשען גייסט ? זאָלען מיר טאַקי אין דער אמת׳ען זיין אַ פאָלק, וואָס זיין שליחות איז ווי עס האָט זיך געלאָזען הערען בייזע נביאות, צו געבען די פעלקער איינציגע דענקער און דערנאָך בטל צו ווערען אין זיי ? — זאָלען מיר זיין די אידען צווישען די פעלקער פון אייראָפּאַ ? — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר אוועק מיט אָט די מעלאַנכאָלישע געדאַנקען ! שוין הער איך פון דערווייטענס די טומפּע מחנות־ווייז טריט פון די אַרבייטער חילות ! ראַטעוועט — ראַטעוועט — ראַטעוועט — ראַטעוועט זיך פון די קייטען פון אַ פּראָדוקציאָנס־צושטאַנד וואָס מאַכט אייך אוים מענשען און פערוואַנדעלט אייך אין סחורה — ראַטעוועט — ראַטעוועט — ראַטעוועט דעם דייטשען גייסט פון גייסטיגען אונטערגאַנג — ראַטעוועט — ראַטעוועט אין דער־זעלבער צייט די נאַציאָן פון צוברעקלונג !

שוין צוקט אין דער הויך דער בליץ פון דירעקטען און אַלגע־

מיינעם וואהל־רעכט! אזויערנאָך צי אַנדערש־ארומעט, באלד לאָזט ער זיך אראָב מיט א דונער! ווי דאָס דאָזיגע וואָרט איז נאָר א ר ו י ס ג ע ר ע ד ט געוואָרען — אזוי איז דאָס שוין געוואָרען א מ ו ז! איצט, בעוואָפּענטע מיט אָט דעם בליץ, ראַטעוועט זיך און ראַטעוועט דייטשלאַנד!

און איהר בורזשועז וואָס זיינען, פּונקט ווי איך, געבוירען געוואָרען אין דער בורזשואזיע, און האָבען געצויגען פון אונזערע דענקער און פאָעטען די יניקה פון פרייהייט — ווילט איהר זיך דערהויבען איבער די עקזיסטענץ־בעדינגונגען פון א קלאַס וואָס האָט דאָס פאָלק געבראַכט אין נויט, דעם דייטשען גייסט גע־פיהרט צום אונטערגאַנג, און די נאַציאָן צוברעקעלט און אריינגע־בראַכט אין אונמאַכט — מאָ קומט אַהער און האַלט אונטער מיין „יאַקטעא עסט אַלעא" (דאָס ווערפעל איז שוין אויסגעפאַלען).

אַ ט ד אַ — אייער באַנער, און ד אָ ס ־ אַ אייער כבוד!

ע נ ד ע

# די קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט

איז געגרינדעט געווארן מיט דעם צוועק ארייגצובערענגען אין אידיש אלע אלגעמיין־סאציאליסטישע קלאסיקער, ווי אויך אנדערע ווערטהפולע סאציאל פאליטישע ווערק. זי איז געבויט אויף דעם יסוד פון א יעהרליכער מיטגליעדשאפט; ד. ה. יעדער פריידענקענדער מענש, וועלכער צאהלט איין דעם מיטגליעד'ס ביטראג, 1 דאלאר א יאהר, (און עקסטרא 25 סענט, ווען די געזעלשאפט וועט אנהויבען ארויסגעבען צוויי ביכער א יאהר) איז בערעכטיגט צו איין עקזעמפלאר פון אלע ביכער, וואס די געזעלשאפט גיט ארויס דורכ'ן יאהר.

יעדער מיטגליעד האט אויסערדעם א דעה אין דער פערוואלטונג פון דער געזעלשאפט דורך זיין שטים־רעכט אויף דער יעהרליכער גענעראל פערזאמלונג.

די געזעלשאפט האט ביז איצט ארויסגעגעבען די „מעמוארען פון א רעוואלוציאנער", די „געגענזייטיגע הילף", „פעלדער, פאבריקען און ווערקשעפער" — 3 גרויסע ווערק פון פעטער קראפאטקין, דעם גרויסען רעוואלוציאנער און וויסענשאפטסמאן, ועמעס נאמען די געזעלשאפט האט אנגענומען, אין אנערקענונג פון זיין הויכען אידעאליזם און וויסענשאפטליכער בעגרינדונג פון דעם פרייען סאציאליזם; און דאס בעריהמטע ווערק „דער איינציגער און זיין אייגענטום", פון מאקס שטירנער.

דאס נעקסטע בוך, וואס די געזעלשאפט פערפערטיגט ארויסצוגעבען אין דעם לויפענדען יאהר, איז א באנד געקליבענע שריפטען פון פ ע ר ד י נ א נ ד ל א ס ס א ל.

די געזעלשאפט האט ערווארבען די אנערקענונג און דעם צוטרויען פון דער אידישער אינטעליגענץ מיט איהר געטרייער ארבייט, פאלשטענדיגער צופערלעסיגקייט און פינקטליכער ערפילונג פון איהרע פערשפרעכונגען. זי אפעלירט דעריבער צו אלע אידישע ראדיקאלען פון אלע פארטייען און ריכטונגען איהר צו העלפען פערווירקליכען איהר אויפגאבע דורך זייער פינאנציעלער שטיצע און דערהויפט דורך זייער ארייננטרעטען אין דער געזעלשאפט אלס מיטגליעדער.

פאר ווייטערע אויסקינפטע און געלד־זענדונגען אדרעסירט דעם טרעזשורער:

**Dr. J. A. Maryson, 250 East Broadway, New York**

# די סטאטוטען

פון דער

## קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט

געגרינדעט יאנואר 1913.

אינקארפארירט אין יאהר 1915.

ניו יארק.

# די סטאטוטען

פון דער

## קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט

אנגענומען אויף א ספעציעלער פערזאמלונג פון פערוואלטונגסראטה,
אין אפריל, 1915.

---

### ארטיקעל 1.—דער נאמען.

§ 1. די געזעלשאפט זאל הייסען מיט'ן נאמען „די קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט".

### ארטיקעל 2.—דער צוועק.

§ 2. דער צוועק פון דער געזעלשאפט איז צו פערשפרייטען שריפטליך די גרונד-לעהרען פון דעם סאציאליזם אין אלע זיינע שאטירונגען און די סאציאל-פאליטישע וויסענשאפטען, אויף וועלכע דער סאציאליזם איז געבויט, אין דער אידישער שפראך.

§ 2. די געזעלשאפט נעהמט אויף זיך די אויפגאבע צו דרוקען און ארויסגעבען איבערזעצונגען פון די אלגעמיינע סאציאליסטישע קלאסיקער און פון אנדערע ווערטהפולע סאציאל-פאליטישע און סאציאלאגישע ווערק אין אידיש, ווי אויך אריגינעלע אבהאנדלונגען פון א סאציאליסטישען שטאנדפונקט איבער פערשיידענע סאציאל-פאליטישע פראגען.

§ 3. די געזעלשאפט זאל ארויסגעבען יעדען יאהר ווענינגסטענס איין גרויסען ווערק פון דעם פריהער דערמאנטען כאראקטער, און דעם וויסענשאפטליכען פארטראג, וואס וועט געהאלטען ווערען (לויט מעגליכקייט) אויף דער יעהרליכער גענעראל-פערזאמלונג, ווי עס ווערט בעצייכענט אין א וויטערדיגען ארטיקעל.

### ארטיקעל 3.—מיטגליעדשאפט.

§ 1. יעדער פרייגעזאנענער און ראדיקאל-דענקענדער מענש קאן ווערען א מיטגליעד פון דער געזעלשאפט, ווען ער צאהלט איין דעם יעהרליכען בייטראג (ווי בעשטימט אין דעם נעקסטען ארטיקעל) און ווערט גוטגעהייסען פון דעם פערוואלטונגסראטה.

§ 2. יעדער ראדיקאלער פעראיין אדער ראדיקאלע ארגאני־ זאציע קאן ווערען א קאלעקטיוו־מיטגליעד פון דער געזעלשאפט, איינצאהלענדיג דעם יעהרליכען ביטראג ווי פאר איין מיטגליעד, און איז דאן בערעכטיגט צו דיזעלבע בענעפיטען ווי איין (1) גע־ וועהנליכער מיטגליעד.

§ 3. דער אפיציעלער יאהר פון דער געזעלשאפט זאל זיך רעכענען פון דעם ערשטען מאי פון יעדען יאהר ביז דעם ערשטען מאי פון דעם נעקסטען יאהר. מיטגליעד ער קאנען אריינטרעטען אין דער געזעלשאפט צו יעדער צייט, אבער זייער מיטגליעדשאפט זאל זיך רעכענען נימ לענגער ווי ביז דעם ערשטען מאי, וואס קומט נאך דער צייט, ווען זיי האבען איינגעצאהלט זייער בייטראג.

§ 4. יעדער מיטגליעד זאל בעקומען א מיטגליעדס־קארטע פון דער געזעלשאפט פאר דעם לויפענדען אפיציעלען יאהר פון דער געזעלשאפט, אונטערצייכענט פון דעם קאססיער פון דער געזעל־ שאפט, וועלכע בערעכטיגט איהם צו די אונטען־דערמאנטע בענע־ פיטען פון א יעהרליגען מיטגליעד.

## ארטיקעל 4.—בייטרעגע.

§ 1. דער בייטראג פון א מיטגליעד אין דער געזעלשאפט זאל זיין 1 דאלאר א יאהר איינגעצאהלט אין פאראוים. אזא מיט־ גליעד זאל הייסען א יעהרליכער מיטגליעד פאר דער פעריאדע פון דעם אפיציעלען יאהר פון דער געזעלשאפט. (ווי בעצייכענט אויבען אין ארטיקעל 3, § 3.)

§ 2. יעדער איינער וואס צאהלט איין דעם בייטראג פון $25 מיט אמאל, זאל הייסען א לעבענסלענגליכער מיטגליעד פון דער געזעלשאפט. אזא מיטגליעד איז בעפרייט זיין גאנצען לע־ בען פון די יעהרליכע בייטרעגע און איז בערעכטיגט צו אלע בע־ נעפיטען פון א יעהרליכען מיטגליעד.

## ארטיקעל 5.—בענעפיטען.

§ 1. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד פון דער געזעלשאפט זאל קריגען פריי 1 עקזעמפלאר פון די ביכער און אנדערע דרוק־ זאכען, וואס די געזעלשאפט גיט ארויס אין לויף פון איהר אפי־ ציעלען יאהר.

§ 2. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד זאל האבען דאס רעכט צו שטימען וועגען אלע פראגען, וואס ווערען פערהאנדעלט אויף דער יעהרליכער גענעראל פערזאמלונג פון דער געזעלשאפט.

§ 3. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד זאָל קריגען נאָטיץ, וועניגסטענס א מאָנאט בעפאָר, וועגען דעם דאטום און אָרט ווען און וואו די יעהרליכע גענעראל פערזאמלונג וועט אָבגעהאלטען ווע־רען, ווי אויך א קורצען בעריכט וועגען דעם פינאנציעלען צושטאנד פון דער געזעלשאפט.

§ 4. ווען עס ענדיגט זיך דער אָפיציעלער יאָהר פון דער גע־זעלשאפט, און נאָכדעם ווי דער יעהרליכער מיטגליעד האָט בע־קומען די אלע בענעפיטען, צו וועלכע ער איז בערעכטיגט, האָט אזא מיטגליעד מעהר קיינע פערבינדונגען ניט מיט דער געזעל־שאפט, און קאָן קיינע אנשפרוכען ניט מאכען, סיי אויף שטימרעכט ביי איהרע וויטערע פערזאמלונגען, סיי אויף אירגענד וועלכען טייל פון איהר אייגענטום.

## ארטיקעל 6.—פערזאמלונגען.

§ 1. די יעהרליכע גענעראל פערזאמלונג פון דער געזעל־שאפט זאָל אָבגעהאלטען ווערען אין מאָנאט אפריל פון יעדען יאָהר, דער טאָג פון פערזאמלונג זאָל בעשטימט ווערען פון דעם פערוואל־טונגס־ראטה.

§ 2. ספעציעלע פערזאמלונגען קאָנען אָבגעהאלטען ווערען צו יעדער צייט, ווען א מאיאָריטעט פון פערוואלטונגס־ראטה גע־פינט פאר נויטיג איינצורופען א ספעציעלע פערזאמלונג, אָדער אויף א שריפטליכען פערלאנג פון 50 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט.

§ 3. אויף דער יעהרליכער פערזאמלונג זאָל געהאלטען ווע־רען א וויסענשאפטליכער פאָרטראג פון א בעקאנטען אידישען געלעהרטען. דער דאָזיגער פאָרטראג זאָל אָבגעדרוקט ווערען אין פערלויף פון יאָהר און פערטיילט ווערען פריי צו אלע גוטשטע־הענדע מיטגליעדער.

## ארטיקעל 7.—פערוואלטונגסראטה.

§ 1. דער פערוואלטונגסראטה פון דער געזעלשאפט זאָל בע־שטעהן פון 15 מיטגליעדער, וואָס זאָלען הייסען ד י ר ע ק ט א־ ר ע ן, און זאָלען אויך דיענען אלס א „באָרד אָוו טראסטיעס" צו האלטען אויף זייער נאָמען דאס אייגענטום פון דער געזעלשאפט, פערטרעטען איהרע אינטערעסען און פיהרען איהרע נויטיגע גע־שעפטען.

§ 2. די דירעקטאָרען זאָלען געוועהלט ווערען פון די מיט־גליעדער אויף דער יעהרליכער גענעראַל פערזאמלונג, לויט דער פאָלגענדער אַרט און וויזע:

זיעבען (7) זאָלען הייסען עקזעקוטיווע דירעקטאָרען, וועלכע זאָלען ערוועהלט ווערען, און זיינען ערוועהלט געוואָרען, ביים אָננעהמען פון אַט די סטאַטוטען, ווי פאָלגט: איינער אויף 1 יאָהר, איינער אויף 2 יאָהר, איינער אויף 3 יאָהר, איינער אויף 4 יאָהר, איינער אויף 5 יאָהר, איינער אויף 6 יאָהר און איינער אויף 7 יאָהר; אזוי אַז יעדען יאָהר זאָל איין עקזעקוטיווער דירעקטאָר געוועהלט ווערען אויף אַ טערמין פון 7 יאָהר. פון די איבעריגע 8 דירעקטאָרען זאָלען געוועהלט ווערען, און זיינען ביים אָננעהמען פון אַט די סטאַטוטען געוועהלט געוואָרען, 4 אויף 2 יאָהר און 4 אויף 1 יאָהר; אזוי אַז יעדען יאָהר זאָלען געוועהלט ווערען 4 פון אזוינע דירעקטאָרען אויף אַ טערמין פון 2 יאָהר.

פאָלגליך וועלען אויף יעדער יעהרליכער גענעראַל פערזאמלונג געוועהלט ווערען 5 דירעקטאָרען, אָדער אַ דריטעל פון גאַנצען פערוואַלטונגסראַטה.

§ 3. קיינער קאָן ניט נאָמינירט און געוועהלט ווערען אַלס דירעקטאָר אין פערוואַלטונגסראַטה סיידען ער איז אַ גוטשטעהענדער מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט וועניגסטענס 3 יאָהר. דער פערוואַלטונגסראַטה זאָל אָבער האָבען דאָס רעכט מבטל צו זיין אַט די בעגרענצונג בנוגע אַ מיטגליעד, וועלכער קאָן ברענגען פיעל נוצען דער געזעלשאַפט אַלס דירעקטאָר.

§ 4. אין פאַל ווען אַ דירעקטאָר רעזיגנירט, אָדער שטאַרבט, אָדער ווערט ארויסגעוואָרפען פון אַמט פאַר אַ גענינגענדער אורזאַך, זאָלען די איבעריגע דירעקטאָרען אויסוועהלען אַנאַנדערען פון צווישען די מיטגליעדער אויף זיין אָרט, וועלכער זאָל זיין אין אַמט ביז דער נעקסטער יעהרליכער פערזאמלונג.

## ארטיקעל 8.—עמטער.

§ 1. דער פערוואַלטונגסראַטה זאָל אויסוועהלען פון זיך יעדען יאָהר אַ קאַססיער, אַ פּראָטאָקאָל סעקרעטער און אַ פינאַנץ סעקרעטער; איין פערזאָן מעג אָבער האַלטען צוויי עמטער. די דאָזיגע בעאַמטע זאָלען דיענען אָהן געצאָהלט.

§ 2. דער פערוואַלטונגסראַטה זאָל אויך בעשטימען די נויטיגע קאָמיטעס פאַר די בעזונדערע טיילען פון דער ארבייט פון דער

געזעלשאפט. די דאָזיגע קאָמיטעס קענען בעשטעהן אויסער פון די דירעקטאָרען אויך פון אנדערע מיטגליעדער, וועלכע דער פערוואַל־טונגסראטה קען געפינען פאר נויטיג צו קאָאָפּטירען צו זיך פאר די נוצען פון דער געזעלשאפט.

## ארטיקעל 9.—קוואָרום.

§ 1. 40 מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט זאָלען צונויפ־שטעלען און זיין אַ קוואָרום אויף דער יעהרליכער גענעראל פער־זאמלונג.

§ 2. 7 דירעקטאָרען זאָלען צונויפשטעלען און זיין אַ קוואָ־רום אויף די זיצונגען פון פערוואַלטונגסראטה.

## ארטיקעל 10.—קאָנטראַקטען און אָבליגאַציעס.

§ 1. די געזעלשאַפט זאָל ניט זיין פערפליכטעט צו צאָהלען קיינע חובות, וועקסלען און דערגלייכען, סיידען אזעלכע וועקסלען אָדער אנדערע פאפּירען זיינען אונטערגעשריבען פון דעם פינאנץ סעקרעטער און פון דעם קאססיער, מיט דער צושטימונג פון אַ מאיאָריטעט פון פערוואַלטונגסראטה.

## ארטיקעל 11.—אייגענטום.

§ 1. דאָס גאנצע אייגענטום, וואָס קלייבט זיך אָן אין רשות פון דער געזעלשאפט, דהינו בוך־פּלאַטען, ביכער, מזומן געלד און אנדערע פערמעגענס, זאָל פאר דער גאנצער צייט פון דער עק־זיסטענץ פון דער געזעלשאפט בעשטעהן אלס אַ שטענדיגער פאָנד צו פאָרטזעצען די טהעטיגקייט פון דער געזעלשאפט און צו ער־פילען איהרע צוועקען לויט די פאראגראפען 1, 2 און 3 פון דעם אר־טיקעל 2 פון אָט די סטאַטוטען.

§ 2. אין פאל די געזעלשאפט זאָל זיך אויפלייזען, סיי פריי־וויליג, סיי צוליעב אַנדערע אורזאכען, זאָל דער פערוואַלטונגס־ראטה האָבען דאָס רעכט און די מאַכט צו פערברויכען אָדער אוועק־שענקען דאָס אייגענטהום און דעם פערמעגען פון דער געזעלשאפט, גאָבדעם ווי עס וועלען ווערען אָבגעצאָהלט אַלע גערעכטע און גע־זעצליכע חובות, פאר אזעלכע בילדונגס און קולטורעלע צוועקען, און אין פערבינדונג מיט אזעלכע אינסטיטוציעס, וועלכע קענען אמבעסטען דיענען די אידעאלען און צוועקען פון דער געזעלשאפט.

§ 3. עס זאָל זיין קלאָר און דייטליך און פון יעדען מיט־גליעד אויסדריקליך פערשטאַנען און איינגעוויליגט, אז קיינער וואָס

ווערט א מיטגליעד אין דער געזעלשאפט בעקומט ניט קיין רעכט אדער תביעה אויף ויעלכען עס איז טייל פון דעם אייגענטום און פערמעגען פון דער געזעלשאפט, א חוץ אויף 1 עקזאמפלאר פון די יעהרליכע אויסגאבען (פובליקיישאנס) פון דער געזעלשאפט פאר דער צייט, וואס ער האט איינגעצאהלט זיין בייטראג און איז א גוטשטעהענדער מיטגליעד פון דער געזעלשאפט.

## ארטיקעל 12.—אמענדמענטס.

את די סטאטוטען קאנען ווערען אמענדירט דורך א איינשטימיגען בעשלוס פון אלע דירעקטארען, וואס זיינען אנוועזענד ביי א רעגולערע אדער ספעציעלע זיצונג פון פערוואלטונגסראטה, אדער דורך 75 פראצענט שטימען פון אלע אנוועזענדע מיטגליעדער אויף דער יעהרליכער גענעראל פערזאמלונג.

---

## אמענדמענט 1.

אויף דער יעהרליכער גענעראל פערזאמלונג פון דער געזעלשאפט, וואס איז פארגעקומען דעם 16־טען אפריל 1916, איז איינשטימיג בעשלאסען און אנגענומען געווארן צו אמענדירען דעם § 1 פון ארטיקעל 4 פון את די סטאטוטען בנוגע דעם יעהרליכען מיטגליעד־בייטראג, און אנשטאט איהם זאל זיך לעזען ווי פאלגט:

דער בייטראג פון א מיטגליעד אין דער געזעלשאפט זאל זיין $1.25 א יאהר, איינגעצאהלט אין פאראויס.